# ערשטער קאַפּיטל

## דער שטויס

1

מחמת די שטענדיקע דאגות, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן די לעצטע צייט געהאַט פון זייער מיזינקע,ביילקע די קראָסאָוויצע, האָט מען אָפּגעלאָזן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. אין די שטוב־ווינקעלעך איז מער נישט גע־ווען אַזוי ריין ווי אַמאָל. עס האָבן טאַקע געפעלט ביילקעס בריהשע הענט־לעך, וועלכע האָבן געפּוצט און געווישט און געהאָלפן אומעטום, וואו די מאַמע אַליין האָט זיך נישט געקענט ספּראַווען.

די דאָזיקע אָפּגעלאָזנקייט האָט משה־לייב אַפילו נישט באַמערקט. צופיל איז ער אַצינד געווען פאַרנומען מיט זיינע פאַרדאַכטן און שווערע געדאַנקען, עס זאָל אים עפּעס אַרן: אָט, הייסט דאָס, וואָס ער האָט דערלעבט! צו אַן אייגענער טאָכטער נישט האָבן קיין צוטרוי. אָפּגעשיקט זי צו איר עלטערער שוועסטער אין מאָהילעוו און היט פון דער וויטן יעדן טראָט אירן, יעדן בריוו וואָס זי שרייבט. אַלץ ווערט אים מיטגעטיילט. און פונדעסטוועגן איז ער נישט זיכער. עפּעס איז זי צו שטיל געוואָרן, זיין ביילקע! אַ בראַנד אַ מיידל איז זי דאָך אַלע מאָל געווען. און מיט אַמאָל אַזוי פאַרטראַכט, אַזוי שוויגעדיק. שטילע וואַסער גראָבט טיף...

ביילקעס שוויגעדיקייט האָט זיך אים איבערגעגעבן. דרייסיק וויאָרסט וויט פון דאַנען געפינט זי זיך. אָבער איין פאָדים פאַרבינדט זיי. אַן אָנגע־צויגענע סטרונע אויף וועלכער עס גיט זיך איבער דער שוואַכסטער ריר. ער וואַשט זיך צום עסן שוויגנדיקערהייט. ער שעפּטשעט „המוציא“, ווי אַן אָרעמער אורח ביי אַ פרעמדן טיש. ער עסט, ווייל מען מוז. ער זעט אָפּטמאָל נישט, וואָס אין טעלער ליגט. און ווען שיינע־שרה זיין ווייב הערט אויף צו דערלאַנגען — נעמט ער זיך קעמען די גערדיכטע באָרד און וואָנסעס מיט פינף פינגער און הויבט אָן בענטשן. די באַוועגונגען פון האַנט און ליפּן קומען געקייטלט, אַן זיין אייגענעם ווילן. און בענטשן טוט ער פונקט אַזוי צעשטרויט און פאַרטראַכט, ווי ער האָט געגעסן...

דערפאַר איז אין איין ליאַדן טאָג געשען דאָס, וואָס האָט אים דער־נאָך אַזוי באַנג און ווי געטאָן. דהיינו: בשעת ענדיקן איינעם פון זיינע טרויעריקע אָנבייסנס, איז צו אים צוגעגאַנגען די אַלטע, טראָגנדיקע

קאַץ — גריצע האָט מען זי גערופן — מיט אַ פאַרריסענעם עק און מיט אַ צוטרוילעכן קאַניוקען איז זי צו אים צוגעגאַנגען, גענומען רייבן זיך אַרום זיינע פאַרשטויבטע שטיוול און בעטן אַ ביסן. אָבער משה־לייב האָט זי דאָס מאָל נישט אויפגענומען, ווי זיין שטייגער איז, מיט אַ פריינד־לעכן „קציג־קציג״ און מיט אַ ווייך ביינדעלע. פאַרטראַכט און גערייצט, ווי ער איז געווען אין יענעם ביט־גליקלעכן פרימאָרגן, האָט ער אַ שטויס געגעבן מיט זיין אָנגעשטיוולטן פוס אונטערן טיש. סתם אַזוי אַ שטויס געגעבן. אַפּנים, כדי אָנצושרעקן גריצען, כדי אָפּצוטשעפּען זיך פון איר; און, ניט־ווילנדיק, אַריינגעטראָפן, מיט דעם שפּיץ שטיוול, אין עפּעס אַ ווייכקייט, ווי אין אַ קנוילכל וואָל אַריין.

די שווערע קאַץ האָט דערשטיקט אַ קוויטש געגעבן. ווי אַ מין קורצער שלוקערץ האָט זיך דאָס אַרויסגעריסן פון איר טראָגנדיקן בייכל, און זי איז אַנטלאָפן. אמת, ניט אַזוי רירעוודיק אַנטלאָפן ווי אַ קאַץ אַנטלויפט. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי שלעפּט נאָך זיך אַ קאַפּעלע נאָך אירע הינטערשטע פיסלעך. אָבער מען האָט זיך דאָך געריכט, אַז היינט־מאָרגן וועט זי זיך קעצלען. האָט מען דערפאַר געקענט אָננעמען, אַזאַ שלעפּעדיקן אַנטלויפן, אַזוי גוט ווי נאַטירלעך...

אמת, איין מינוט האָט זי זיך נאָך געלאָזן הערן פון דער וויטן. פאַרקליבן זיך הינטערן אויוון און שטילערהייט און רחמנותדיק קאַניוקעט. זי איז אָבער באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. און מען האָט אָן איר פאַרגעסן. משה־לייב איז אַוועקגעפאָרן אין דאָרף און שיינע־שרה האָט גענומען וואַשן דאָס געפעס. היינט אַזוי ווי אַלע מאָל.

2

אָבער דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, ווען משה־לייב איז צוריקגעקומען פון זיינע דאָרפישע געשעפטן, אָפּגעלייגט דעם בייטש־שטעקל און אַרויס־געצויגן די פּאָלעס פון גאַרטל, האָט ער אין שטוב דערפילט אַ מאָדנע שטילקייט. עס איז געווען יענע אויסערגעוויינלעכע שטילקייט, ווי דעמאָלט, ווען ביילקע איז צום ערשטן מאָל אַוועק פון שטוב קיין מאָהילעוו, צו איר אויסגעגעבענער שוועסטער. די לופט אין שטוב איז, דאַכט זיך, געווען אָנ־געצויגן ווי אַ פּויק. יעדע לעפעלע וואָס פאַלט אַראָפּ, האָט געמאַכט אויפשוידערן... אַצינד האָט זיך דאָס איבערגעחזרט.

שיינע־שרה, זיין ווייב, איז אַפילו געזעסן און געצירעוועט אַ זאָק, ווי אַלע מאָל, ווען זי האָט אַ פרייע מינוט, נאָר אין אירע איבערגעטריבן־געלאַסענע באַוועגונגען איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס באַרואיקט נישט, נאָר וואָס מאַכט פאַרדעכטיק, שפּיצט אָן.

— האָ? — האָט משה־לייב סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין אַ פרעג־געגעבן. און זיין אייגענער קול האָט זיך אים אָנגעהערט רוי און טויבלעך, ווי פון אַ מואיר־קאָפּ אַרויס.

— זוכסט עפּעס? — האָט זיך שיינע־שרה געמאַכט, אַז זי פאַרשטייט נישט.

— אַ בריוו אפשר? — האָט אויף איר משה־לייב אָנגעשטעלט זיינע שוואַרצע צעשראָקענע אויגן, — פון... מאַהילעוו.

— אַ בריוו? — האָט שיינע־ שרה אַ הויב געטאָן די ברעמען, אָבער די אויגן פון זאָק נישט אָפּגעריסן, — ניין. נאָר די קאַץ אונדזערע... ווייסט —

— גריצע?

— געפּגרט, נעבעך. אָפּגעקעצלט זיך. אַלע טויטע. דערנאָך — אַליין פאַרקליבן זיך אין אַ ווינקעלע און... אַך־אַך! געוואָלט אַרויפשפּרינגען אויף דער וואַרעמער לעזשאַנקע און מער ניט געקענט...

משה־לייבן האָט אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. ער האָט גלייך געפילט, אַז די פוסטקייט וואָס ער האָט אָקערשט דערשמעקט אין שטוב און דאָס, וואָס שיינע־שרה רעדט אַזוי געלאַסן, האָט צו טאָן מיטן בלינדן שטויס אונטערן טיש, היינט אין דער פרי, אין מיטן בענטשן. שיינע־שרה, ווייסט ער, האָט דאָס באַמערקט.

— מיינסט אפשר, אַז... איך?—האָט ער פינצטער אַ בורטשע געגעבן אין זיין באָרד און וואָנסעס.

— איך מיין גאָרנישט... — האָט שיינע־שרה ווייטער געצירעוועט איר זאָק און איר מאַן אָפילו נישט אָנגעקוקט.

נאָר אין אַ מינוט אַרום האָט זי זיך מיישב געווען:

— איך מיין נאָר, אַז מען האָט עגמת־נפש, דאַרף מען דאָס נישט אויסלאָזן צו אַ לעבעדיקער זאַך. ס'איז אַ צער־בעלי־חיים.

אַזאַ נישט־פאַרזיכטיקער איבערגאַנג, פון פאַרשוויגנקייט צו אַ דייט־לעכער באַשולדיקונג, האָט אים געטראָפן ווי אַ קויל. ער איז אַזש אויפגע־שפּרונגען פון פלוצלעכקייט. אַ צווייטער, אַ סך אַ גרעסערער ווייטיק ווי די פּגירה פון דער קאַץ, האָט זיך אין אים אָפּגערופן און צעשריען זיך נישט מיט זיין ברומיקן קול, נאָר מיט אַ גרילצנדיקן קוויטשען, ווי די געשלאָגענע קאַץ, היינט אין דער פרי:

— אַ צער־בעלי־חיים, אַ? אויף מיר איז אויך אַ צער־בעלי־חיים! נאָר קיינער האָט קיין רחמנות נישט. דו, אַזוי ווי דיין טאָכטער...

אַצינד האָט זיך שיינע־שרה געכאַפּט, אַז זי האָט איבערגעזאָלצן, און אַז אַ פאַרוואונדעטן טאָר מען קיין מוסר נישט זאָגן. האַסטיק האָט זי אַ וואָרף געטאָן די נישט־דערצירעוועטע זאָק און אַראָפּגעריסן די שפּאַקולן פון נאָז...

— משה־לייב! גאָט איז מיט דיר!

— גאָט איז מיט מיר?... — האָט ער זיך פון איר ווייבערישער רחמנות אָפגעשלאָגן מיטביידע הענט. — דער שוואַרץ־יאָר איז מיט מיר!

— משה־לייב! — האָט זי זיך דערשראָקן, — רייד נישט אַזוי! מען טאָר נישט!

— מען טאָר נישט, צי מען מעג... — האָט ער זיך געבונטעוועט — עס איז מיר אַלץ איינס! אַז וואו איך גיי און וואו איך שטיי, קוקט מען מיר נאָך. אין דאָרף אַזוי ווי אין שטאָט. פויערים אַזוי ווי יידן. אַלע וויסן, וואָס מיר האָבן דערלעבט... אַלע...

ווי אַלע מאָל, ווען משה־לייב פאַרלירט דעם קאָפּ, האָט אים שיינע־שרה, אויך דאָס מאָל, גלייך צוריקגעפונען. געלאָסן, אַזוי ווי פריער, האָט זי צו אים גענומען ריידן. יעדער וואָרט ווי „אַן אויג" אין זאַק אַריינגע־צירעוועט:

— אָדער גאָר, אָדער גאָר ניט. פריער האָסטו פון מיר חוזק געמאַכט. איך האָב דיך געוואָרנט, דו האָסט געלאַכט. אַצינד קוקן דיר אַלע נאָך... די אויגן זיינען ביי דיר צו גרויס, משה־לייב! אויף אַ גנב ברענט די היטל... נאָר דו האָסט דאָך ביי קיינעם נישט געגנבעט! און ביילקע אונד־זערע — אַ קינד. זי וועט נאָך מירצעשעם בעסער ווערן. וועסט זען. נישקשה...

3

שיינע־שרהס גלייכמאָסיקע רייד, אָן באַטאָנונג און אָן מינעס, האָבן געהאַט אַ גוטע פעולה אויף משה־לייבס געמיט. דער גרויסער ווייטיק איז אַנטשוויגן געוואָרן און דער קלענערער, דער ווייטיק פון דער אומגעקו־מענער קאַץ, האָט זיך ווידער אָפגערופן. ער האָט טיף אַריינגעצויגן דעם אָטעם און שטיל, כמעט שעמעוודיק, אַ פרעג־געגעבן:

— איז וואָס האָסטו מיט איר געטאָן?

— מיט דער קאַץ? באַגראָבן.

— אַזוי גיך?

— צוליב וואָס לאָזן ליגן אַ פגר?

— מיט אַלע קעצעלעך?... וויפל געווען?

— פינף. אפשר איינע געבליבן ביי איר אין לייב, אין מיטן קעצלען זיך האָט זי קראַפּירט.

משה־לייב האָט שווער אָפגעזיפצט:

— קיין עין־הרע ניט. דו האָסט מער כוח פאַר מיר. איך וואָלט ניט געקענט...

שיינע־שרה האָט פֿאַרלעגן גענומען רייבן זיך די הענט, די אויגן אַראָפּגעלאָזן:

— נישט איך. איך האָב אויך נישט געקענט. אַפּאַנאַס איז דאָ געווען...

אַ בלייכקייט האָט באַגאָסן משה־לייבס פּינצטערלעכן פּנים. זיין באָרד און אויגן זיינען פֿון דעם שוואַרצער געוואָרן:

— ער!... וואָס האָט ער דאָ געוואָלט?

— שריי נישט אַזוי! וואָס זאָל אַפּאַנאַס וועלן? ער האָט אַ ביסל פּענקע צו פֿאַרקויפֿן, איז ער געקומען פֿרעגן פֿאַרוואָס מען זעט דיך נישט...

— מוחל! איך דאַרף נישט מער זיין סחורה. וואָס ווייטער, וואָס ווייטער פֿון אים און פֿון זיין כאַטע!...

— זיין האָפּיע, זאָגט ער, איז נישט מיט אַלעמען.

— איז, מילא, אַ שיינע־ריינע כּפּרה!

— משה־לייב! מען טאָר נישט זיין אַזוי. די אַלטע זיינען דאָך נישט שולדיק...

דאָס האָט אים ווידער אויפֿגערעגט. דאָס בלוט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין די איינגעפֿאַלענע באַקן, אין די אויסגעקוילערטע אויגן:

— דו רעדסט נאָך? פֿריער, ווען עס איז נאָך גאָרנישט נישט געווען, האָסטו מיך געיאָדעט: קוק־נאָך, הער־אונטער! איצטער לערנסטו מיך ווייטער. אַ לעקעך און בראָנפֿן, אפשר, מאַכן אַפּאַנאַסן? מען קען נישט וויסן. אפשר— שפּעטער אַ מחותן...

און נישט־וואָרטנדיק ביז שיינע־שרה וועט קומען צו זיך און געבן אים אויסגאָב, איז ער אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב און אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר.

ער איז אַוועק דאַוונען מעריב אינעם נאָענטסטן מנין. געמיינט האָט ער, אַז דער טרויעריק־געצויגענער „והוא־רחום"־ניגון וועט אים צעשטרויען און באַרואיקן זיין צערייצטקייט. „והוא רחום", האָט ער געהערט אין חסידישן קלויז, האָבן פֿרומע יידן געזונגען ווען זיי האָבן זיך געראַטעוועט פֿון שמד... און אויב דער בטחון ווערט שוואַך, זאָל מען די קורצע תּפֿילה זאָגן עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד, טייטשן מיט כּוונה די ווערטער. דאָס העלפֿט אַלע מאָל. דאָס שטאַרקט דאָס האַרץ.

האָט ער אַזוי געטאָן. פֿאַרמאַכנדיק די אויגן, אַנגענומען מיט ביידע הענט דעם שטיי־באַנק אין מנין, געשאָקלט זיך און געצויגן: „והוא ר—חום... און ער, דער באַרעמדיקער, וועט פֿאַרגעבן די זינד. וועט ניט פֿאַרדאַרבן, וועט אַ סך מאָל צוריקציען זיין כּעס און וועט ניט אויסלאָזן זיין גאַנצן

צאָרן. גאָטעניו, העלף! אונדזער מלך וועט אונדז ענטפערן ווען מיר וועלן רופן צו אים..."

משה־לייב האָט דאָס צוויי מאָל איבערגעחזרט פאַר זיך, און עס האָט ניט געהאָלפן. דער בטחון האָט זיך נישט געשטאַרקט. דער אַלטער צער איבער זיין האַלב־פאַרשטויסענער מיזינקע האָט זיך אויסגעמישט מיטן היינטיקן שטויס אונטערן טיש, מיט דעם, וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען, און מיט דעם וואָרפן זיין האַרץ־ווייטיק אויף זיין ווייב.

שפּעטער אַ ווײַלע, בשעת שטיין שמונה־עשרה, האָט אים דער שטיל־געוואָרענער מנין דערמאָנט די פּאַרטאַיעטע שוויַיגנדיקייט, וואָס ער האָט היינט פאַרנאַכט אָנגעטראָפן אין שטוב; די ניט־גוטע נייעס, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט.

געקומען אַהיים, נאָך מעריב, איז ער געוועזן נאָך מער דערשלאָגן ווי פריער. קיין וועטשערע נישט געוואָלט עסן. שיינע־שרה האָט שוין שטאַרק חרטה געהאַט אויף די ווערטער, וואָס זי האָט פריער געלאָזט פאַלן, געוואָלט פאַרגלעטן דעם שווערן איינדרוק, וואָס זיי האָבן געמאַכט אויף איר מאַן. זי האָט אַפילו געפּרוּווט אויסשפּייען, ווי ביי אַן עין־הרע אָפּשפּרעכן: „טפו, טפו! וואָס נעמסטו זיך אַזוי צום האַרצן? אַ כפרה זאָל די אַלטע קאַץ ווערן פאַר אונדז אַלעמען. מסתמא באַשערט אַזוי..." אָבער אַלע אירע קלוגע ווערטער האָבן אויך נישט געהאָלפן. משה־לייב האָט מיט פינצטערער עקשנות אָפּגעלייענט קריאת־שמע און געלייגט זיך שלאָפן. ער אַליין, מיט זיינע געדיכטע באָרד און וואָנסעס, מיט די אַראָפּהענגענדיקע שוואַרצע ברעמען און אומעטיקע אויגן, האָט זיך עפּעס געפילט ווי אַ גרויסער יינגל, וועלכער האָט אומגערן צעבראָכן אַ שיינע צאַצקע און „נעמט זיך דאָס לעבן"... מען גיט אים אַן אַנדערע, אַ בעסערע, און ער נעמט ניט. די אַלטע, די צעבראָכענע צאַצקע איז טייערער. און עס פאַרדריסט אים נאָך וואָס קיינער פאַרשטייט דאָס נישט, וואָס מען טרייסט אים מיט פוסטע רייד...

— אַך, — מאַכט ער כמעט ווייִנענדיק — שיינע־שרה, לאָז מיך שוין, לאָז מיך!

איינגעשלאָפן איז ער אַ סך פריער ווי ער האָט גערעכנט, אָבער דער שלאָף איז געווען אַ שיטערינקער, אַ שלאָף, וועלכער שטילט נישט די מאַטקייט, אַזוי ווי אויפגעשלאָגענער שוים זעטיקט נישט דעם הונגער. און אַפילו דרימלענדיק אַזוי, האָט ער געהאַט אַ געפיל, אַז ער האָט עפּעס אָפּגעטאָן נישט קיין שיינע זאַך. אויסגעלאָזן זיין עגמת־נפש צו עמיצן אַ שוואַכן, אַ באַשיידענעם, און אומגעבראַכט מיט קינד און קייט. אַך־אַך, אַזוי איינפאַך וועט דאָס נישט אָפּלויפן!... אַ שטראָף, וואָס ער האָט ביז איצטער נישט פאַרדינט, וועט זיך אויף אים אויסגיסן...

ער האָט אַ פּאָר־געגעבן אין דער הויך און דערזען, אַז שיינע־שרה שטייט איבער אים אין העמד און טשעפּטשיק און וועקט אים:

— משה־לייב, וואָס טוט זיך מיט דיר היינט? דו שרייסט פון שלאָף ווי עמיצער וואָלט דיך, שונא־ישראל, געקוילעט. טפו־טפו, שפּיי דריי מאָל אויס!...

## צווייטער קאַפּיטל

# אַ גוישקע אָם

### 1

ווי כמעט אַלע איינגעזעסענע יידן אין שקלאָווער פּאָרשטאָט, עק־אָזערע, וואָס הייסט „אונטערבאַרג", איז אויך משה־לייב אַ האַלבער באַ־לעבאָס און אַ האַלבער ישובניק. ער לעבט אויף אַ באַלעבאַטישן שטייגער: מיט סאַמאָווארן און מיט שפּיגלען און מיט קאַרפּעטלעך ביי די בעטן, און שעמט זיך נישט צו זייען מיט זיינע אייגענע הענט און צו יעטן זיין גרויסן קרויט־גאָרטן. ער גייט דאַוונען צוויי מאָל אַ טאָג אין דעם נאָענטן מנין, קויפט אַליין אין קאָרן אויפן זאַק און לאָזט דאָס מאָלן אין דער נאָענטסטער מיל. די זעלבע פּלודערן, וועלכע ער טוט אַריין אין די כאַ־ליאָוועס, ווען ער פאָרט אַרויס אין דאָרף, ציט ער אַרויס און פאַרדעקט די שטיוול, ווען ער קומט אַהיים און ער זעצט זיך צום טיש. קורץ, דער וואַטאָווער לייבל פון אַ ישובניק און דער שבתדיקער סורדוט, מיטן שפּענצער פון אַ שטאָטישן יידן, האָבן ביי אים שלום געמאַכט צווישן זיך און גאַנץ פיין איינגעבירגערט זיך. זיין עלטערע טאָכטער האָט ער אויסגעגעבן פאַר אַ פרומען יונגנמאַן אין מאָהילעוו, און דעם בן־יחיד זיינעם, דעם געראָטענעם יענקעלען, געשיקט שטודירן אויף פעלדשער אין דער זעלבער שטאָט. אויך דאָס האָט זיך ביי אים גוט אַריינגעפּאַסט איינס אין צווייטן. זיין פאָטער עליו־השלום האָט אַזוי געלעבט, און ער אויך. און אויב זיין איינגעפונדעוועטער לעבן האָט זיך מיט אַמאָל אַ שאָקל געגעבן, אויב ער און שיינע־שרה, זיין ווייב, זיינען צו עטלעכע און פופציק יאָר געבליבן אין אַ פוסטער שטוב, איז דאָס נישט זיין שולד און נישט די שולד פון זיינע עלטערן. ווען נישט די שווערע פאַרדאַכטן אויף זיין מיזינקע, ווען ניט די אומזיכערקייט, וואָס ער האָט דערפילט זינט ער האָט זי געכאַפּט אַרומגענומען מיט וואַנקען, איר מילך־ברודער, הינטער אַ סטאָג־העי, וואָלט ער זי נישט אַוועקגעשיקט

פון דער אויסגעוואַרעמטער היים און וואָלט אויף די כמעט־עלטערע יאָרן נישט געבליבן איינער אַליין מיט שיינע־שרהן און מיט דער אַלטער קאַץ, להבדיל, וועלכע איז אַצינד אַזוי אומגליקלעך אומגעקומען...

ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צוגעוואוינען צו דער פוסט־קייט אין די שטובן. און אויסגעלאָזן האָט ער זיין האַרץ צו אַ לעבעדיקער זאַך, ווייל עס האָט אים געפעלט דער קלונג פון ביילקעס קול, די לייכטע טענצלדיקע טריט אירע פון אַ יונגער ציגעלע; דאָס פלאַטערן פון איר קאָלירטן פאַרטיכל בשעת העלפן דער מאַמען אין דער קיך און אין דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט. אַן כאַפּן אַ טענצל, אָדער אויסזינגען אַ לידל האָט זיין ביילקעלע קיין טעלער ניט אויסגעווישט. אַלץ איז ביי איר גע־גאַנגען אין איין געוועב: פרייל־עכקייט און אַרבעט, האַליובען די מאַמען און, להבדיל, מעלקן די בהמה. לערנען זיך רוסיש ביים „אוטשיטעל" און זייען אוגערקעס אין גאָרטן. אָבער אויך דאָס איז איר געוואָרן וויניק, ווען זי איז אונטערגעוואַקסן. זי האָט זיך אומגעקוקט אויף דער כאַטע פון איר אַמאָליקער אַם אין דאָרף. דאָס גוויישע האָט זי גענומען ציען ווי אַ כישוף. זי האָט אויפגעהערט צו שלאָפן און צו עסן אין דער צייט. דערביי — איר ליבלעכן קוק פון די גרויסע סאַמעט־שוואַרצע אויגן נישט פאַרלוירן. די גריבעלעך אין די באַקן זיינען געשוואומען אין חן־שמייכעלעך. דעם טאַטן און דער מאַמען האָט זי זיך געהאַנגען אויפן האַלדז, ווי פריער. נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט זי געמוזט אָוועקשיקן פון דער היים. וואָס ווייטער פון „אונטערבאַרג" און וואָס ווייטער פון באַענטן דערפל „מאַקאַראָווקי". דאָס גויישע מילך, וואָס זי האָט קליינערהייט אַריינגענומען אין זיך, האָט אַנגעהויבן יערן אין איר יונג בלוט און ווי אַן אויסשלאָג אַרויס אויף איר ריינעם געשטאַלט, טרייף געמאַכט איר יידישקייט...

ווען ער, משה־לייב, דערמאָנט זיך, ווערט ער נאָך היינט אויפגע־בראַכט אויף זיין אייגענער ווייב, פאַרוואָס דאָס מילך איז ביי איר גערונען געוואָרן עטלעכע טעג נאָכדעם, ווי ביילקע איז געקומען אויף דער וועלט. עפּעס ווי די קימפּעטאָרין וואָלט דאָ געוועזן שולדיק, נישט די בהלה אין שטאָט... מיט אַ ביטערן שמייכעלע קרימט ער איבער שיינע־שרהן, זיין ווייב, ווי זי האָט דעמאָלט געשריגן צו אים און געצויגן ווערטער: „משה־ליי—ב! האָב רחמנות אויפן פּיצל קינד. שפּאַן־איין און פאָר צו אַפּאַנאַסן, צו האַ־אַפּיען..." עס פאַרשטייט זיך, אַז ער קרימט זי אַזוי איבער פאַר זיך אַליין. אָבער גרינגער ווערט אים נישט דערפון.

מאָדנע געקייטלט איז דאָס דאַמאָלסט געקומען אויף אים. איין אומ־גליק האָט געבראַכט צום צווייטן. אַזאַ טבע האָט דאָך דער ניט־גוטער. יעדע אַנשיקעניש הינטלט זיך מיט קלענער'ע אַנשיקענישן. און ערשט

שפּעטער וואַקסן זיי אויס... ווען ביילקע איז געבוירן געוואָרן, מוז זיך גראָד אַזוי מאַכן און עס ברעכט אויס די אויפרודערונג אין שטאָט. אַ ראָטע סאָלדאַטן, וואָס זיינען זומער־צייט געקומען אויף אַרבעט, מוז זיך צעבונטעווען און כאַפּן ראַבעווען די קרעמלעך אויפן מאַרק. נו, האָבן זיך יידן איינגעשטעלט פאַר יידן, און קצבים און באַלעגאָלעס האָבן גענומען געבן קלעפּ מיט וואָס גאָט האָט געבאָטן. נישט איין שטעקן האָט זיך צע־בראָכן איבער די גויישע ביינער. אָבער אַ קלאָגג האָט זיך באַלד פאַר־שפּרייט, אַז די געשלאָגענע זעלנער לויפן צום „אונטערבאַרג״ מיטן שליאַך, וואָס פאַרנעמט זיך אויף מאַקאַראָווקי. ראַטונעק לויפן זיי זוכן ביי זייערע פּראַוואָסלאַוונע ברידערלעך אין דאָרף. און אָט קומען זיי שוין אָן מיטן ברעג אַזערע. אין אַ פערטל שעה אַרום וועלן זיי זיין דאָ און אויסלאָזן דעם כעס צו די עטלעכע יידישע הייזער. דער גאַנצער „אונטערבאַרג״ וועט, שונא־ישראל, אַוועק מיטן רויך. הכלל, אונטערבאַרגער יידן, ראַ־טעוועט זיך! מיר זיינען ווייט פון שטאָט און קיינער וועט זיך דאָ פאַר אונדז נישט איינשטעלן...

פון אַזאַ בשורה האָט די קימפּעטאָרין גלייך באַקומען ספּאַזמעס; די ניי־געבוירענע האָט זיך געריסן אויף די קישקעלעך, און גוטע שכנים האָבן זיך געטומלט און געשאָטן מיט עצות, ווי מיט אַרבעס אין אַ פּוסטן טאָפּ. אָבער משה־לייב האָט דערפון דעם געזונטן קאָפּ נישט פאַרלאָרן. ער האָט קיינעמס עצות נישט געפאָלגט. נאָר אין צוויי מינוט געשפּאַנט דעם פערד, אויף די אָרעמס אַרויסגעטראָגן זיין קימפּעטאָרין, דאָס עופהלע און די אַנדערע צוויי קינדער; אַריינגעקוועטשט זיי ווי־ניט־איז אין ענגן וואָגן און, העצקענדיק זיין משפחהלע אויף איין הויפן שטרוי, אַוועק־געלאָזן זיך צום בית־עלמין שטעטל — רישקאָקי, וואו עס איז דאָ אַ גרע־סערער יידישער ישוב. דאָרטן האָט ער, מיט גאָטס הילף, געוואָלט אי־בערוואָרטן...

2

כדי צו פאָרן קיין רישקאָקי, האָט מען זיך קודם־כל געמוזט אַרי־בערכאַפּן איבערן הרעבליע־בריקל, לעבן דער גרויסער מיל, דאָס הייסט: אַ גוטע הונדערט קלאָפטער פאָרן די צעיושעטע און געשלאָגענע זעלנער אַקעגן... משה־לייב האָט דערפאַר אומבו־חמנותדיק געשמיסן זיין פערדל; מיט בייטש און לייצעס געהאַקט ווי אין קרויט אַריין. פון ווייטיק האָט דער פערד פאַבריקעוועט און געוואָרפן דעם וואָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, אַרויף און אַראָפּ. אָט־אָט, דאַכט זיך, קערט ער אויס די געווינערין מיט די קינדערלעך אין הרעבליע אַריין. די געשרייען פון די צעשראָקענע קינדער, די אויפגעריסענע אויגן פון שיינע־שרהן זיין ווייב, און זיין איי־

גענע האַרצקלאַפּעניש וועט ער שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן. טאָמער וויי־ניק, האָט נאָך דער פאַנאַנדערגעטראָגענער פערד געזעצט מיט די הינ־טערשטע קאָפּיטעס אין קעלניע אַריין. ס׳הייסט: וואָס בין איך שולדיק, באַלעבאָס, אַז גויים שלאָגן זיך מיט יידן?...

אָבער וועגן רחמנות אויף אַ פערד, ווען מענטשן האָבן קיין רחמנות נישט אויף מענטשן, איז איצטער נישט געווען וואָס צו קלערן. איין ציל האָט אַצינד משה־לייב געהאַט: באַצייטנס פאַרקירעווען און אַרויס מיטן לעבן...

און דאָס האָט אים אָפּגעגאָלטן. ווען די זעלנער זיינען געלאָפן איבערן הרעבליע־בריקל, זיינען שוין פערד־און־וואָגן געווען אַ צוואַנציק קלאַפּ־טער אָן אַ זייט, אויפן וועג קיין רישקאָקי. אַ פּאָר שטיינער זיינען נאָכגע־פלויגן און נישט דערגרייכט. דער פערד האָט זיך פאַסטאַרעט... און משה־לייב האָט דאָס געהאַט אין זינען. פאַר די איבעריקע שמיץ, וואָס דער סוס האָט געקראָגן, האָט ער אויפן יידישן בית־עלמין באַקומען אַ הויפן פרישע ביס־בלעטער און אַ טאָפּלטע פּאַרציע האָבער.

דערנאָך האָט משה־לייב זיין קליינע משפחה געלאָזן ביים קברות־מאַן אונטערן דאַך; און אַליין האָט ער זיך אַרויפגעקליבן אויפן העכסטן פּונקט אין בית־עלמין, פון דאָרטן, ווי פון אַ טורעם, אויסגעקוקט וואָס עס טוט זיך „אונטערבאַרג".די אָזערע מיט דער מיל, מיט די צוויי שורות יידישע הייזקעס, וואָס טוליען זיך דאָרטן, האָט ער אַצינד געזען ווי ביי זיך אויף דער דלאָניע. אַלץ געוואַרט, אַ רויך מיט אַ פלאַם־פייער זאַלן, חס־ושלום, אַרויסשלאָגן פון אַ דאַך.

ער האָט אָבער קיין רויך נישט געזען און קיין באַזונדערע קולות נישט געהערט. אַלץ איז אָפּגעלאָפן אַ סך בעסער, ווי די צעשראָקענע יידן און יידענעס האָבן זיך פריער פאָרגעשטעלט. די צעבלוטיקטע זעלנער האָבן קיין קאָפּ מער נישט געהאַט צו ראַבעווען און אונטערצינדן. אַ פּאָר גע־שלאָסענע טירן האָבן זיי יאָ געפּרואווט איינלייגן און געבליבן אין מיטן. אַ פּאָר פענצטער צעבראָכן און עטלעכע פּאָליווענע טעפּ אַראָפּגעכאַפּט פון געריטנער־צוימען. דעם גאַנצן כעס האָבן זיי אויסגעלאָזט צו אַ בודקע פון זעלצער־וואַסער. דורשטיק ווי זיי זיינען געווען, האָבן זיי דעם קופּערנעם סיפאָן אין גאַנצן אויסגעזויפן און דערנאָך צעבויגט און צעזעצט מיט די שווערע אָפּצאַסן. דערמיט האָט זיך דער „פּאָגראָם" געענדיקט. דעם רעשט אימפּעט האָבן זיי געלאָזן אויף ווייטער צו לויפן צו די פּראַוואָס־לאַוונע ברידערלעך אין מאַקאַראָווקי...

יידן פון שטאָט, קצבים און באַלעגאָלעס פון מאַרק האָבן שפּעטער געהאַט אַ פּראָצעס פאַר שלאָגן זעלנער. צו די אונטערבאַרגער יידן האָט דאָס קיין שייכות נישט געהאַט. די גאַנצע געשיכטע איז זיי גלאַטער אָפּגע־

לאָפן, אויסער איין משה־לייבן: פון שרעק און אויפרעגונג, אויפן דריטן טאָג פון איר קימפּעט, האָט שיינע־שרה זיין ווייב, נישט פאַר קיין געוויינערין געדאַכט, געכאַפּט אַ פיבער און פאַרלאָרן איר מילך. דאָס קאָרמענען בייל־קען מיט אַ ראָזשיק האָט זיך שלעכט באַקומען. דאָס געזונטע מיידעלע, וואָס האָט געוואויגן ניין פונט ביים געבוירן־ווערן, האָט גענומען אָפּמאַ־גערן פון טאָג צו טאָג און איר וואָג איז געפאַלן ביז צו זעקס פונט און אַ פערטל. גרין אין פּנימל איז זי געוואָרן. און דאָקטאָר קראָל, וועלכער איז כמעט אַלע טאָג געקומען צופאָרן מיט אַ גלעקל, האָט סוף־כל־סוף גענומען קייען די ליפּן און פאַרלעגן צעשפּרייט די אויסגעכאַליעטע הענט:

— הם... אַצינד, „טאַק סקאַזאַט״ *) וועט איר מיט אויסגעקאָכטע ראָזשיקעס גאָרנישט מאַכן! אַ „קאָרמיליצע״ **) מוז מען קריגן!...

לייכט איבערצוזעצן: „אַן אַם״ אויף רוסיש אָבער נישט דאַקאַזשען... אָבער מיטן זעלבן אימפּעט, ווי משה־לייב האָט שיינע־שרהן זיין ווייב געראַ־טעוועט אין מיטן קימפּעט פון זעלנערשן אַנגעלאָף, האָט ער אַצינד ווידער־געשפּאַנט זיין פערדל און געלאָפן ראַטעווען זיין קראַנקע טעכטערל. אַצינד איז ער נאָר געלאָפן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג — נישט קיין רישקאַקי באַרג־אַראָפּ, הינטער דער גרויסער מיל, נאָר קיין מאַקאַראָווקי, פאַרביי דער חרובער זעלצער־בודקע, באַרג־אַרויף...

און ווידער האָט ער פאַרגעסן, אַז דער פערד איז אַ לעבעדיקע זאַך און געוזמען יאָגן אים און שמייסן אָן רחמנות. און ווידעראַמאָל האָט דער סוס נישט פאַרשוויגן אַזאַ עוולה, מכבד געווען מיט די הינטערשטע פאָד־קאָוועס אין קעלניע אַריין:

— באַלעבאָס, וואָס בין איך שולדיק, אַז אייער טעכטערל פאַר־טראָגט נישט קיין ראָזשיק?... האָט גאָט אין האַרצן!

דער סוס איז געווען גערעכט, ווי דער טאָג. אָבער דער באַרג־אַרויף צו מאַקאַראָווקי איז געווען אַ סך שווערער, ווי פריער מיט אַ צוויי וואָכן, קיין רישקאַקי. האָט משה־לייב געמוזט פאַרבייסן אַ ליפּ, נישט־דערהערן אַ פערדישע טענה און ווייטער יאָגן. דאָס מאָל האָט ער זיך געאיילט צו אַפאַנאַסן — זיין קונד אין דאָרף; דער זעלבער אַפאַנאַס, ביי וועלכן ער קויפט אָפּ דאָס גאַנצע פענקע, חזיר־האָר, האָניק און קעלבערנע פעלכלעך, און וועמען ער שטעלט־צו סיטץ און טאַבאַק און זאַלץ און טאַראַנקעס.

נישט צוליב מסחר איז אַצינד משה־לייב געלאָפן. מסחר וועט נישט אַנטלויפן. געוואוסט האָט ער, אַז ביים ברייט־פּלייצעדיקן גוי מיט די טאָטערישע באַקן־ביינער און מיט די קרומלעכע און לאַכעדיקע אויגלעך,

---

*) אַזוי צו זאָגן.

**) אַן אַם.

איז געבוירן געוואָרן אַ שייגעצל. האפיא, זיין פלוניתטע, האָט אים געבראַכט אויף דער וועלט איידער שיינע־שרה, להבדיל, איז געלעגן געוואָרן. איז אָט לויפט ער צו אים בעטן רחמים, אַפאַנאַס זאָל אים „אויסבאָרגן“ האפיאַן, ביז גאָט וועט העלפן און די קליינע ביילקעלע וועט קומען צו זיך. נישקשה, ביי אַזאַ געזונטער פולברוסטיקער פויערטע וועט סטאַיען אויף צוויי... וועגן באַצאָלן אַזאַ טובה קען מען אַפילו נישט ריידן. עס איז ווי ראַטעווען אַ נפש. צוויי אַלטע באַקאַנטע — מען וועט זיך אויסרעכענען. אויף יעדן פאַל האָט משה־לייב פאַרשטעקט אַ גאָלדענע פינף־רובלדיקע אין דער טיפער הויזן־קעשענע...

3

אין מאַקאַראָווקי, ביי אַפאַנאַסן אין כאַטע, האָט משה־לייב נישט גע־טראָפן דעם פריערדיקן קבלת־פנים. קרומער ווי אַלעמאָל זיינען געשטאַנען די טאַטערישע אויגן ביי אַפאַנאַסן, און זיין באַלייבטע פלאַקס־בלאָנדע האפיא איז נישט געלאָפן אַריינטראָגן קאַלטינקן קוואַס פון פירהויז. נאָר זי איז געבליבן זיצן, איינגעבויגענערהייט, מיט איר פולער ווייסער ברוסט איבער איר שייגעצל, די גרויע אויגן באַהאַלטן...

ערשט שפעטער אַ ווײַלע האָט זיך משה־לייב דערוואוסט, אַז געמען נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס די געשלאָגענע זעלנער האָבן זיך דאָ באַ־האַלטן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק און אָנדערציילט זאַכן — נישט געשטויגן נישט געפלויגן. ווערליק זייער דערציילעכץ איז אויסגעקומען, אַז זיי זיי־נען גאָט די נשמה שולדיק... שטיל, ווי לעמער, זיינען זיי זיך דורכגעגאַנגען אויפן יידישן מאַרק. נאָר די זשידעס האָבן זיי גענומען טשעפּען, דערנאָך שלאָגן מיט שייטן. ווייל זיי — דעם צאַרס דינער — האָבן נישט גע־וואָלט געבן דעם מקח, וואָס מען האָט ביי זיי פאַרלאַנגט, פאַר לעקעך און פאַר זעלצער־וואַסער...

ס'איז אויך געווען נישט געווען וואָס מען האָט קעגן די קרעמער און באַלעגאָלעס אין מאַרק אויפגעבלאָזן אַ פּראָצעס, וואָס גלייך ביי דער ערשטער אויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַלץ פאַרקערט, אַזוי אַז דער מאָהילעווער פּראָקוראָר און זיינע באַהעלפער האָבן גענומען זוכן נייע גוייִשע עדות פאַר געלט... די פויערים פון מאַקאַראָווקי, אַזוי ווי פון סטאַרי־שקלאָוו און פון אַנדערע דערפער, זיינען געבליבן ביי זייער פויע־רישער מיינונג, אַז יידן האָבן אָנגעהויבן און באַליידיקט דעם צאַרס באַ־שיצער...

משה־לייב האָט מיט זיין פּראַקטישן חוש גלייך דערפילט, ווי שווער און טייער עס וועט אים אָנקומען צו „אויסבאָרגן“ אַפאַנאַסעס מעלקעדיקע פלוניתטע צו זיין קינד. מיט אַ מאָדנער קנאה, וועלכע איז אים ביז

איצט געווען פרעמד און אומבאַקאַנט, האָט ער, פון אונטער די האָריקע ברעמען, געכאַפּט אַלע ווײַלע אַ קוק אויף האַפּיאַס געבענטשטע כלים, גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, און אין האַרצן פעסט באַשלאָסן: איין מאָל פאַר אַלע מאָל, עס מעג אים קאָסטן וואָס עס וויל, נאָר ער מוז די דאָזיקע ברכה אַרײַנבאַקומען אין זײַן פאַראומערטער שטוב, וואו זײַן קראַנקע עופהלע גייט אויס אין אירע וויקעלעך...

דער קלײנער שגצל, וואָס איז געווען נאָך בלאָנדער פאַר זײַן מאַמען, האָט זיך פעסט געהאַלטן בײַ דער ברוסט מיט רויטע לאַפּקעלעך און מיט פאַרקלעמטע ליפּעלעך און געאַרבעט מיט אַלע כוחות, די פּיסלעך געהויבן פאַר גרויס הנאה. מיט אַמאָל אָבער האָט ער זיך אָפּגעריסן פון לעבעדיקן קוואַל, אומרואיק גענומען אַרומקוקן זיך. עפּעס האָט ער אומקלאָר דערפילט, אַז עמעצער וויל דאָ אַוועקגנבענען זײַן וואַרעמען, מילך־טריפנדיקן גליק. אָנגעשטויסן זיך מיט די בלוי־מילכיקע אויגן אויף דעם שוואַרצן ייִדן, איז בײַ אים פון פּיסקל געוואָרן אַ פּיסק ביז די אויערן, און ער האָט געמאַכט קולי־קולות, נישט ערגער ווי איינער פון די זעלנער, וואָס האָבן זיך דאָ באַקלאָגט: הכלל, פּראַוואָסלאַווע, ראַטעוועט אים פון ייִדישע הענט!...

אינעם טומל און גוײשן אומצוטרוי, וואָס האָט אויסגעבראָכן בײַ אַפּאַנאַסן אין כאַטע, איז געווען דאָס בעסטע — אַ ביסל בראַנפן... און מיט דעם האָט זיך משה־לייב באַזאָרגט פאַרן אַרויספאָרן. גאָט אַליין האָט אים אַרײַנגעגעבן אַזאַ גוטע מחשבה. און ער האָט פאַרשטעקט אונטערן שטרוי אין וואָגן אַ האַלבע פלעשל מיט צוויי גראָבע שקאַליקעס פון גרינעם גלאָז. דאָס איז אים אַצינד צוניץ געקומען, ווי קיין מאָל אין דער וועלט.

בײַם ערשטן שקאַליק האָט אַפּאַנאַס גלײַך אין די אויגן נישט געקוקט, געדרייט מיטן קודלאַטן קאָפּ און, אויף אַלע טענות, געהאַט איין קורצן ענטפער: „ניע, לעיבאַ, ניע!" *)

בײַם דריטן — האָט זיך בײַ אים די צונג צעבונדן, די קרומע אויגן — צעפלאַקערט. און ער האָט אויסגעגאָסן כל חמתו אויף שקלאָווער ייִדן, וואָס טוען באַליידיקן די טרײַע דינער פון צאַר־באַטיושקאַ, פאַרלאַנגען טאָפּעלע מקחים פאַר זעלצער־וואַסער און שלאָגן זיך מיט שייטן, ווען מען וויל נישט געבן...

בײַם פערטן שקאַליק, דערזעענדיק, אַגב, אַ גאָלדענע פינף־רובלדיקע אויפן טיש, האָט ער אויפגעהערט צו דרייען מיטן קאָפּ און גענומען

---

*) ניין, לייבע, ניין!

דרייען מיטן צונג: „האַפּיאַ, אַ, האַפּיאַ, וואָס זאָגסטו עפּעס צו אַזאַ זאַך? אפשר טאָן אַ טובה אַ גוטן שכן?...

אַצינד האָט זיך האַפּיאַ איינגעשפּאַרט: געבן זויגן אַ פרעמד קינד וואָלט מען אפשר געקענט... אָבער וואו וועט זי אַהינטאָן איר וואַנקען?

אויף אַזאַ טענה האָט משה־לייב געוואָרט.

— האַפּיאַ־סערדצע, — מאַכט ער, — וואָס רעדסטו? קום אַקאָרשט צו אונדז אויף „כאַרטש"! *) מיר וועלן דיך קיכלען. ווייסע חלה וועסטו עסן גלייך מיט אונדז; און דיין זונדל — נעם מיט! ווי קען דאָס גאָר אַנדערש זיין? מיין שיינע־שרה וועט אויף איך ביידן אַכטונג געבן. זאָל נאָר מיין טעכטערל קומען צו די כוחות, וועסטו זיך אומקערן אַהיים. דער „דאָקטור" **) אונדזערער זאָגט אַ חודש, צוויי חדשים וועט זיין גענוג...

דאָס גאָלד־שטיקל אויפן טיש האָט געבלישטשעט, די שבתדיקע חלה האָט אויך געצויגן. אָבער האַפּיאַן האָט שטאַרק פאַרדראָסן וואָס זי קאָרמעט מיט דער ברוסט און טאָר אַצינד קיין טראָפּן משקה אין מויל ניט נעמען. דאָס ווייסן אַפילו שיכורים אין דאָרף, סיידן מען וויל אָפּסמען דאָס קינד. פאַר האַרצווייטיק האָט זי געזוכט תירוצים. נישט געענטפערט צו דער זאַך. אויסגעזידלט אַפילו איר אַפּאַנאַסן, וועלכער לאָזט זיך וואוילגיין און קערט־איבער, אין טיפן האַלדז אַריין, איין שקאַליק נאָכן צווייטן.

— וואָס נאָך? — האָט זי אויפגעפּנט אַ מויל מיט אויסגעשטשירעטע ציין, — פאַרקויפן מיך אפשר? פאַרטרייבן מיך פון מיין היים? האָסט שוין אויסגעזשליאָקעט אַ האַלבע קווערטל און ווייסט נישט וואָס דו רעדסט...

אָבער דאָ האָט זיך משה־לייב, מיט זיין יידישן שכל, ווייטער אַריינגעמישט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז... ווייסע חלה מיינט נישט איין מאָל אין וואָך, נאָר אַלע טאָג. הכלל, אַלינקע טאָג אין דער פרי, הייסט דאָס, וועט זי קריגן אַ ווייסע בולקע...

קעגן אַזאַ יצר־הרע וואָלט שוין קיין צדוקת אין דער וועלט נישט געקענט ביישטיין. און האַפּיאַ איז אויך נישט באַשטאַנען און נאָכגעגעבן.

געפאָרן איז זי צום יידישן „אונטערבאַרג", ווי די מלכה פון שבא צו שלמה־המלך — אין אַן אויסגעבעטן וואָגן, מיט אַ געבלומטער כוסטע אויפן קאָפּ און באַגלייט פון איר מאַנס ברכות. אָנגעקומען צו משה־לייבן אין שטוב, האָט זי גלייך אויף אַן אָרט באַקומען דעם ערשטן באַוויז, אַז יידן האַלטן וואָרט. אַ ווייסע בולקע מיט אַ פליישיקן קרופּניק האָט זי באַקומען צו עסן, און עס איז איר געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן.

---

*) באַשפּייזונג.

**) דאָקטער.

אָפּגעווישט די פּולע ליפּן מיטן פאַרטוך, האָט זי פאַרקאַטשעט די אַרבל און געווענדט זיך צו שיינע־שרהן, מען זאָל איר געבן די קליינע ייִדישקע־לע. זי האָט, מאַכט זי, „כולא־טע־ע באַזשאַ" *) געגנוג מילך נישט פאַר איין קינד, ניט פאַר צוויי, נאָר פאַר גאַנצע דריי. אָט, געלויבט דער אויבערשטער, וואָס זי האָט!...

## דריטער קאַפּיטל

# געסט פון דאָרף

1

און האַפּיאַ, די געזעצלעכע ווייב פון אַפּאַנאַסן, האָט אין גיכן באַוויזן, אַז איר וואָרט איז אַ וואָרט און איר ברוסט איז אַ ברוסט. וואָרעם ביילקע האָט פון טאָג צו טאָג צוגענומען אין לייב און געוואָקסן ווי אויף הייוון. די ערדיקע פאַרב פון איר פּנימל איז געוואָרן ברוינלעך־פריש, ווי אַ נוס וואָס הויבט אָן צייטיק ווערן. און צום ערשטן מאָל האָבן זיך באַוויזן גריבעלעך אין אירע בעקלעך, גריבעלעך אין די עלנבויגנס און איבער די פינגער־קנעכלעך.

צום אָנהויב האָט נאָך שיינע־שרה געהאַט אַ געפיל פון פריקרעקייט, וואָס איר ביילקעלע טרינקט פון אַ ניט־ייִדישן קוואַל, און נאָך אין שותפות מיט אַ העל־האָריקן שייגעצל. אָבער דערזעען, אַז איר מיזינקעלע וואַקסט אָן עין־הרע און געדייט ווי אַ ריבעלע נאָך אַ רעגן, איז איר אָפּגעגאַנגען דאָס האַרץ און זי האָט אַפילו רחמנות געקראָגן אויף ביילקעס קאָנקורענט, אויף וואַנקען. אַ ניט־געמלטער, נעבעך, און לעבט אויף דער וועלט...

וואַנקע אַליין האָט דאָס, דוכט זיך, פאַרשטאַנען און איז געווען נישט־איבעריק גליקלעך צו טיילן די מאַמע זיינע מיט דער קליינער ייִדישקעלע. און ווען ביילקע האָט זיך צוגעכאַפּט זליאָקען פון דער צווייטער ברוסט, פלעגט ער מאַכן אַ גוואַלד, ווי איינער וועלכן מען באַגזלט אין העלן מיטן טאָג און ער אַליין מוז דאָס צוזען מיט זיינע מילכיק־בלויע אויגן. אָבער ביסלעכווייז האָט ער שלום־געמאַכט מיט אַזאַ גזלעוואַקע. און נישט נאָר שלום־געמאַכט, נאָר ער פלעגט אַלע ווײַלע אָפּרייסן דאָס

*) געלויבט איז גאָט.

שנעבעלע פון ברוסט, אויפהויבן דאָס העל־בלאָנדע קעפּל און אָנקוקן זיין שוואַרצינקע קאָנקורענטקע. געשטילט אַ ביסל זיין נייגעריקייט — כאַפּט ער זיך דערנאָך צו און זויגט מיט אַ טאָפּלטן אַפּעטיט, ווי אַ ביקל ווען דער פּאַסטוך שפּילט אויפן פּיאַל.

און שיינע־שרה האָט זיך געטאָן דאָס איריקע און פּאַרגיטיקט האַפּיאַן פּאַר איר כשרער אַרבעט: געקאָרמעט זי און געשטאָפּט וויפל אין איר איז אַריין. אַלע ווילע פלעגט מען דערהערן שיינע־שרהס בת־קול פון קיך אַרויס „האַפּיאַ, וואָלסט געוואָלט אַ שטיקל מילכיקן טייגעכץ?״; „האַפּיאַ, אַ ביסל קרופּניק מיט סמעטענע!״ „האַפּיאַ, ווילסט אַ ביסעלע מערן־צימעס מיט בולקע?״...

אַ שאלה צי האַפּיאַ ווילו! אַוודאי וויל זי. עס פאַרשטייט זיך, אַז זי טוט דאָס, נישט אַזוי צוליב זיך אַליין, ווי צוליב די קינדערלעך, זיי זאָלן האָבן וואָס מער מילך... בינו־לבינו האָט זי אויך הנאה און ווערט דיקער און ווייסער פון טאָג צו טאָג. פון דער גוטער קיך האָבן זיך די אויגן אירע צעבליט ווי קאָרן־בלומען, און אירע לאַנגע האָר האָבן באַקומען אַ גלאַנץ פון צייטיקע זאַנגען. און דער קוואַל אירער האָט געשלאָגן רעגלמעסיק און זיס פאַר דער יידישער זויגערקע, אַזוי ווי פאַר איר אייגענעם זויגלינג.

מיט דער צייט איז אַפילו שיינע־שרהן געוואָרן אָנגענעם דער אָנ־בליק פון ביידע קינדערלעך, וועלכע זויגן גלייכצייטיק פון אַזאַ טאָפּלטן געזונטן קוואַל. איין קינד מיט שוואַרצינקע הערעלעך און ברוינע אויגעלעך, און דאָס צווייטע קינד — מיט העל־בלאָנדע הערעלעך ווי פלאַקס, און מיט בלויע אויגעלעך, כאָטש — אַ קאַפּעלע קורנאָס... צוויי לעבעדיקע מענטשישע חיהלעך, מענטשלעכע בלומען. איין מוטער קאָרמעט זייביידן און די אַנדערע היט זיי און וואַרפט איבער זיי ביידן איר מוטערלעכן שאָטן. צוויי פאַרשיידענע ראַסן האָבן באַשלאָסן צו האָדעווען בחברותא און געזונט־צו־מאַכן זייערע קינדער. יעדעס קינד האָט צוויי מאַמעס, און יעדע מאַמע — צוויי קינדער. און שלום און שלוה רוט אויף אַלע פיר.

## 2

גערעכנט האָט מען צו האַלטן די גויישע אַם און איר שייגעצל אַ צוויי, דריי חדשים, ביז ביילקע וועט זיך פאַפּראַווען און האָבן כוח אומצוקערן זיך צום גומענעם ראָזשיק. נאָר ביילקעלע איז נישט אַזוי גיך געקומען צו זיך, ווי דער דאָקטאָר האָט געמיינט. אויסערדעם איז האַפּיאַן די אַכילה אין יידישן הויז אַזוי געפעלן געוואָרן, אין ווייכן יידישן פּאָטער־שטול אַזוי איינגעזעסן זיך מיט איר ברייט־געוואָרענעם געזעס, אַז זי האָט מער קיין חשק נישט געהאַט אומצוקערן זיך אין דער חושכדיקער דאָרפישער כאַ־טע און צו דעם שווערן פּויערישן לעבן, וואָס הויבט זיך אָן מיטן קריי

פון האָן און ענדיקט זיך מיטן זון־אונטערגאַנג. און ווען אַפּאַנאַס, איר געזעצלעכער מאַן, קומט צו באַזוכן זי און קלאָגט זיך, אַז ער איז שוין מיד און מאַט געוואָרן צו זיצן איינער אַליין אין כאַטע מיט דער טויבער באַבקע, הויבט זי אים אָן איינרעדן, האַפּיאַ, ער זאָל זיך נישט איילן, ער זאָל האָבן אַ ביסעלע געדולד. די באַבקע איז טאַקע ניט אַזוי זשוואַווע ווי זי, אָבער די באַלעבאַטישקייט פירט זי דאָך ווי־ניט־איז. און דריי רובל אַ חודש מיט „כאַרטש" וואָס זי, האַפּיאַ, נעמט דאָ אין יידישן הויז, איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. עס וועט זיך אָנקלייבן אַ ביסל געלט וועט מען פאַרריכטן דעם דאַך אין פירהויז, אַ נייעם קאָזשוך קויפן „טראַיצע" אויפן יאַריד. אַמאָל וועט זי דאָס קענען אָנטאָן, אַמאָל ער...

אַפּאַנאַס האָט זיך געקראַצט אין פּאַטילניצע און עפּעס געבורטשעט. נישט אַקעגנגערעדט, נישט צוגעשטימט. און, למען האמת, מוז געזאָגט ווערן, אַז ביי יעטווידער וויזיט וואָס אַפּאַנאַס האָט געמאַכט דער אשת־חיל זיינער, האָט ער גופא אויך נישט צוגעלעגט. אַלע מאָל אַ גלאָז טיי מיט מילך געקראָגן, אַ גלעזל משקה, אַ שטיק חלה מיט הערינג. אויסער־דעם האָט משה־לייב אַזוי גוט ווי אויפגעהערט זיך דינגען מיט אים. ער האָט אויפגעהערט צו זוכן חסרונות אויף די טרוקענע פעלכלעך וואָס אַפּאַנאַס ברענגט אים צו פאַרקויפן, אויף די חזיר־האָר, אויף די הינער, אויף די וועגענער היי און בעריאָזעווע האָלץ. משה־לייב נעמט דאָס אַלץ צו גוט־ברודעריש, צאָלט מזומן, און לאָזט אים אָפּ זיינע אייגענע סחורות אונטערן פּרייז: סיטץ און טאַבאַק און זאַלץ — ביליקער ווי אין מאַרק. אויך דערצו דערלייגט ניט אַפּאַנאַס.

די פריערדיקע פריינדשאַפט, צווישן פויער און האַלב־שטאָטישן ישובניק, איז אַזוי אַרום פעסטער געוואָרן, אויסגעצויגן זיך. ביילקע האָט צוגענומען אין וואָג, אַפּאַנאַס האָט פאַרדינט און האַפּיאַ איז גע־בליבן זיצן אין יידישן הויז, אָנשטאָט וואָכן — חדשים לאַנג. אַ האַלב יאָר, ניין חדשים. ביז ביידע קינדער, ביילקעלע און וואַנקאַ האָבן זיך גענומען אָנטוויינען פון ברוסט און עסן מאַנע־קאַשע מיט ציגענע מילך. און אויך דעמאָלט האָט זיך האַפּיאַ אָפּגעשיידט פון דער גוטער אכילה און פון דעם ברייטן אויסגעוואָרעמטן טאַפּטשאַן אָן איבעריקע התפעלות; און אָן אי־בעריקער באַגייסטערונג אומגעקערט זיך צו איר דאָרפישן לעבן. די כאַטע איז איר עפּעס קלענער געוואָרן אין מאַקאַראָווקי, די פענצטערלעך חושכ־דיקער, דער שוואַרצער ברויט זויערער... צום גוטן איז זייער לייכט צוצו־געוויינען זיך און שווער אָפּצוגעוויינען זיך. אַפילו וואַנקע איז די ערשטע צייט געוואָרן אומרואיק. ער האָט געניסט פון רויך, געשריען ביי יעדער קלייניקייט. די גוטע יידישע קאַשקע האָט אים געפעלט. דאָס בייכעלע האָט אים וויי־געטאָן, די אויגעלעך האָבן געטרערט.

די ערשטע צייט איז אויך אַפּאַנאַס נישט געווען צופרידן מיט זיין ווייב, נאָך וועלכער ער האָט זיך געווען אויסגעבענקט. אים האָט זיך גע־דוכט, אַז זיין האַפּיאַ איז געוואָרן פוילער און צוריקגעהאַלטענער ווי פריער, אַז זי לאָזט זיך נישט באַליידיקן. פאַרקערט, זי האָט גאָר געקראָגן חשק אַנצושרייען אויף אים. און ווען די יוכע קאָכט אין איר אויף, וואַרפט זי אים פאָר איר פינצטערן לעבן און „לעיביכעס", דאָס הייסט: שיינע־שרהס לעבן. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך! זאָל ער אַקאָרשט גיין, אַזאַ „מוזשיק" ווי ער איז, און זען ווי אַזוי „לעיבאַ איז פּאַדהורי" *) באַהאַנדלט זיין צווייטע העלפט. ווען די לעיביכאַ פילט זיך עפּעס נישט גוט, טראָגט איר לעיבאַ צו טיי מיט סוכאַריקעס צום בעט און קערט אַליין אויס די שטוב און וויקט אָן די וועש. אָט וואָס!...

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַפּאַנאַס זאָל מיינען אַז די „לעיביכאַ" האָט דאָ עפּעס אַ האַנט אין שפּיל, אַז זי און לעיבאַ האָבן מיט גוטע ריידעלעך און מיט גוטע זאַכן קאַליע געמאַכט זיין ברייט־לייביקע און נאַכגיביקע פּלוניתטע. ער האָט דאָס אָפּן משה־לייבן נישט פאַרגעוואָרפן, נאָר אויס־געלאָזן זיין האַרץ צו די מקחים... דאָס הייסט: ער האָט פאַר זיינע דאָרף־סחורות געגומען רייסן פּרייזן. איין מאָל, צוויי מאָל האָט משה־לייב „איז פּאַדהורי" נאָכגעגעבן, און אַ דריטן מאָל האָט ער פעסט פאַרצויגן זיין לע־דערנע בייטל און אַפּגעזאָגט זיך פון די מציאות. דעמאָלט האָט אַפּאַנאַס נאָך קרומער אָנגעשטעלט זיינע טאָטערישע אויגן און אַרויס מיט לשון:

— אָט וואָס, לעיבאַ! אַז דו האָסט געדאַרפט מיין האַפּיאַס ברוסט פאַר דיין ביילקען ביסטו געווען בעסער. אַ סך בעסער...

אויף דעם האָט אים משה־לייב אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכעלע:

— איז וואָס־זשע ווילסטו, אַפּאַנאַס? צינזן, אפשר, זאָל איך דיר צאָלן אַ גאַנצן לעבן פאַר דיין ווייבס צ... נישקשה! איר האָט ביידע נישט צוגעלעגט.

דאָס האָט געבראַכט צו אַ נאָך קילערן פאַנאַנדערגיין זיך. עפּעס ווי אַ וואַסערל וואָלט זיך צעפּלייצט צווישן „אונטערבאַרג" און מאַקאַ־ראַווקי. אַפּאַנאַס און משה־לייב האָבן גענומען אויסמיידן איינער דעם צווייטן.

אָבער די ווייבער און מילך־קינדער האָט מען פאַרט נישט געקענט צעשיידן. האַפּיאַ האָט אין דער שטיל געבענקט נאָך דער יידישער שטוב און פלעגט זיך פון צייט צו צייט אַראָפּכאַפּן מיט איר שייגעצל צו שיינע־שרהן, אַלע מאָל מיט אַן אַנדער אויסרייד. דאָס ברענגט זי די ערשטע גרינע אוגערקעלעך פון איר גאָרטן; אַן אַנדערש מאָל — די ערשטע וויינ־

*) לייבע פון אונטערבאַרג.

שעל פון סאָד אויף „שהחיינו". פאַר איינע הוצאות כאַפּט זי אַ קוק אויפן ווייכן טאַפּטשאַן, וואו זי איז אַזוי וואַרעם און באַקוועם געשלאָפן, און ווינט אויס דאָס האַרץ פאַר איר געוועזענער באַלעבאָסטע, אַז דאָ, אין דער פרעמד, איז איר געווען אַ סך בעסער ווי אין דער היים. איר אַפּאַנאַס איז עפּעס ניט דער זעלבער, און ער טשעפּעט זיך צו איר. וואָרפט איר פאַר, אַז די יידן „איז פּאַדהורי" האָבן זי צעפּיעשטשעט. און וויפל זי זאָל זיך אַצינד נישט סטאַרען און אַרבעטן, איז אים אַלץ ווייניק. פריער, מאַכט ער, האָסטו בעסער געפירט די באַלעבאַטישקייט...

שיינע־שרה הערט אויס און שאָקלט־צו מיט איר באַטיכלטן קאָפּ. זי טרייסט זי און מאַכט אַן אָנשטעל אַז... אַלע מאַנסבילן זיינען אַזוי. איר מאַנסביל אויך. אַמאָל איז ער צו־גוט, אַ צווייטן מאָל צו־שלעכט... פון שופלאָד נעמט זי, אַגב, אַרויס כיבוד, ווישט אָפּ האַפּיאַס טרערן מיט ווייכן לעקעך, פאַרגיסט איר דעם צעקרימטן מויל מיט זיסינקן טיי. האַפּיאַ לאָזט זיך וואוילגיין ווי אַ מחותנתטע, און פאַרגעסט באַלד פון וואַנען זי קומט אַצינד און וואוהין זי מוז זיך אומקערן. דאָס האַרץ גייט איר אָפּ און איר דוכט זיך, אַז דאָ וואוינט זי, ווי זי האָט פריער גע־וואוינט. שלאָפן וועט זי זיך לעגן אויפן ברייטן טאַפּטשאַן. און מאָרגן אין דער פרי מעג איר זאַיאַדלער גאַלאַגאַנער האָן קרייען וויפל ער וויל. זי וועט נישט אויפשטיין! אַזוי לאַנג ווי די „לעיביכאַ" שלאָפט — וועט זי אויך שלאָפן...

3

און ווען ביידע מאַמעס, די יידישע און די גויישע, אונטערהאַלטן זיך אַזוי, דערציילן איינע דער אַנדערער זייער „מערכה" און טרייסטן זיך — שלאָפן זייערע קינדערלעך אויך ניט, נאָר זיי שפּילן זיך און פלאַפּלען צווישן זיך. ביילקע — מער יידיש ווי גויש, און וואַנקע — מער גויש ווי יידיש און פונדעסטוועגן פאַרשטייען זיי זיך, געלויבט דער אויבער־שטער. אַן איבערזעצער האָבן זיי נישט בויטיק, און נאָך הילף צו זייערע מאַמעס ווענדן זיי זיך נישט. און דאָס וואָס עס פעלט זיי, פילן זיי אויס מיט יענעם שטום־לשון וואָס אין קיין ווערטער־בוך איז פון אים קיין זכר ניטאָ, און וואָס אַלע קינדער פון דער גאָרער וועלט פאַרשטייען אים אויס־געצייכנט, צו וועלכער ראַסע און צו וועלכן פאָלק זיי זאָלן נישט געהערן...

זיי זיינען אַזוי פאַרטיפט אין זייערע וויכטיקע געשעפטן און אין זייער קינדערשן עספּעראַנטאָ, אַז מען קען זיי מער נישט אָפּרייסן איינעם פון צווייטן. און ווען האַפּיאַ הויבט זיך אָן קלייבן אַהיים און נעמט אָן וואַנקען פאַר אַ הענטעלע — מאַכט ער קולי קולות: „ביאַ כאַטשו!" מיט אַ קוועטש אויפן „כאַ"... דאָס הייסט: ער וויל אַהיים נישט גיין. און גיי טו אים עפּעס!

— זע נאַר, לעיבּיכאַ! — מאַכט האַפּיאַ מיט אַ באַזונדער געלעכטערל
— ער וועט נאָך מיט דער צייט ווערן אַ יידליק, מיין וואַנקאַ.

און שיינע־שרה ענטפערט איר אויך מיט אַ געלעכטערל, אָבער אַ סך ערנסטער:

— אַך, אַ גרויסער גליק וועט אים טרעפן, דיין וואַנקאַן. זאָל ער בעסער בלייבן וואָס ער איז...

און ביילקע, ווען איר מילך־ברודערל ווערט מיט געוואַלט אַוועקגעפירט פון זיין מאַמען, ווערט זי עפעס אויך צערייצט און צעיאַכמערט. זי ציט די הענטעלעך און וויינט, מען זאָל איר אומקערן די לעבעדיקע ליאַלקע, מיט די בלוי־בליענדיקע אויגן און מיט די גויישע אונטערגעשאָרענע לאַנגע האָר. האַפּיאַ מוז זיך אָפּטמאָל אומקערן, כדי צו טרייסטן איר שוואַרצינקע האַדולקעלע:

— ביילקאַ, אַ ביילקאַ? אָט וועסטו מאָרגן קומען שפּילן זיך אין מאַקאַראַוועקי. פּרידיעשז? *)

ביילקע נעמט דעם מאָרגן אָן פאַר אַן אמת, ווישט אָפּ די טרערן מיטן פאַרטיכל און זאָגט צו אַז זי וועט קומען. זי וואַרט דער טאַטע צי די מאַמע זאָל זיך דערמאָנען און פירן זי אין דאָרף. אָבער זיי דערמאָנען זיך נישט. גיכער דערוואַרט זי זיך אַז האַפּיאַ זאָל די לעבעדיקע, גוייש־פלאַפּלענדיקע ליאַלקע ברענגען צו איר. אויפן גרונט פון די שוואַרצע, גיך־גיך רעדנדיקע יידן, לויכט וואַנקע ווידער אויף, מיט זיינע העלע פאַרבן און מיט זיינע געצויגענע ווערטער פון אַ דאָרף־מענטשעלע.

פרידלעכע יאָרן פון פעלד־אַרבעט און פון יידישער מעקלעריי זיינען אַזוי געגאַנגען, ווען נישט ווען דורכגעמישט מיט אַ לייכטן צעווערטלען זיך און מיט פאַרוואַרפן, אַז איין צד האָט עפעס נישט יוצא געווען פאַרן צווייטן. משה־לייב פאַטראַפּיעט נישט דערפאַר, וואָס ער לאָזט זיך מער נישט באַרייסן. און ווערט פונדעסטוועגן ברוגזלעך ווען אַפּאַנאַס פירט אָפּ זיין קאָרן און בולבעס צו אַן אַנדער מעקלער. און אַפּאַנאַס קען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַמאָל „אויסגעבאָרגט" זיין פולברוסטיקע ווייב דער קראַנקער יידישקעלע, און וואָס משה־לייב מאַכט זיך אַז ער האָט דאָס פאַרגעסן....

די מילך־קינדער האָבן דערווייל געבליט יעדערער באַזונדער, יעטוועדערער אויף זיין אָרט. וואַנקע אין דאָרף און ביילקע אין יידישן „אונטערבאָרג", אַ צען־צוועלף וויאָרסט אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן. וואַנקע — בלוט־און־מילך, געראָטן אין זיין שיינער מאַמען, מיט בלוי־צעבליטע אויגן און רויט־צעבליטע בעקלעך. און ביילקעלע פונקט ווי דער טאַטע

*) וועסט קומען ?

אירער: אַ שוואַרצע בלום, וואָס האָט אויפגעבליט אויף אַן איינגעדאַרטן טונקעלן צווייג. און דאָס רויט בענדעלע, וואָס די מאַמע האָט איר גענומען איינפלעכטן אין די שוואַרצע קרויזן, האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדער חן. דער גויישער יאַטל אין לייוונטענע פלודערלעך, מיט אַ העמדעלע און גאַרטעלע זומער־צייט, אַ באַרוועסער מיט פאַרשטויבטע פיסלעך און צעליאַפּעטע פּיאַטעס. און ווינטער־צייט אין אַ קאַזשוכל מיט אַ וואָלענער מאַגערקע אויפן קאָפּ, און אָנעטשעס און לאַפּטשעלעך אויף די פיס. די האַלב־שטאָטישע ביילקעלע אין אַ געבלומטן קליידעלע מיט אַ פאַרטיכל מיט שיך און זעקעלעך. די בלויע און רויטע פאָדימענע אָדער וואָלענע פאַסעקלעך כאַפּן אַזוי שיין אַרום אירע סטאַטנע פיסלעך ביז איבער די קני. אַקעגן וואַנקען זעט זי אויס ווי אַ קליינע פרינצעסין. וואַנקע פאַלט ביי זיך אַראָפּ, ווען ער דערזעט זי, און בלאָזט זיך אָן. אָבער ביילקעלע דערנענטערט זיך צו אים אַלע מאָל אַזוי ליבלעך און אַזוי קינדיש־פריי, אַז ער פאַרגעסט דעם אונטערשייד צווישן זייער ביידנס אָנטועכץ און לאָזט זיך אַריין אין שפּיל ווי מיט איר גלייכן.

אָבער וואָס ווייטער זיי וואַקסן און ווערן פון קינדער — קליינע מענטשעלעך, אַלץ ווייניקער באַגעגענען זיי זיך. דער צען־וויאָרסטיקער וועג, פון מאַקאַראָווקי און צוריק, ווערט לענגער. און די „טובה״, וואָס אַפאַנאַס און האַפּיאַ האָבן אַמאָל געטאָן מיט משה־לייבס טעכטערל, הויבט זיך אָן אויסצאָלן. די חשבונות, גאָט צו דאַנקען, גלייכן זיך אויס... אַפאַנאַס איז ווידער געוואָרן דער הויפּט־ליפעראַנט פאַר משה־לייבס שפּייכלער, אַזוי ווי משה־לייב פאַר אַפאַנאַסעס כאַטע און פאַר זיינע באַדערפעניש.

באַגעגענען פלעגן זיך אַצינד די מילך־קינדער נאָר ביים אָוועקפירן פון פעלד אַ וואָגן פרישע היי פאַר משה־לייבס בהמות, אָדער אַ צען־פופצן זעק מיט קאָרן פאַר דער אונטערבאַרגער מיל. דעמאָלט טוט אַפאַנאַס אָן זיין וואַנקען אַ צו גרויסן שאַפּענעם היטל. מאָג עס זיין קאַלט צי וואַרעם — רוקט ער אים דאָס אָן אויפן ווייסן קעפּל ביז איבער די אויערן, זעצט אים גופא אַרויף אויפן פולן וואָגן און פירט אים צו־גאַסט. אַפאַנאַס פירט דעם פערד פאַרן צוימל און קייט דערווייל און רייסט מיט די שטאַרקע ציין פון אַ שוואַרצן אָקראַיטשיק ברויט. און וואַנקע העצקעט זיך אויבן, אויפן וואָגן, און טוט דאָס זעלבע. ביזן אונטערבאַרג רוקט זיך וואַנקען אָן דער שווערער שאַפּענער היטל ביז די פּלייצקעס. און דאָס וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיין שוואַרצער ברויט־לוסטע רוקט ער אַצינד אונטערן היטל, ווי אונטער אַ טיפער מאַסקע. און אין גאַנצן האָט ער אַן אויסזען פון אַ קליינעם באַבוק, מיט אַ געשוואָלענעם עמער־קאָפּ, אָן אַ פּנים, איבער שמאָלע קוים־באַדעקטע פּלייצקעס, און מיט נאָך שמעלערע לייוונטענע הויזלעך.

דערזעט שיינע־שרה פון איר קאָכשטוב־פענצטערל דעם גרויסן וואָגן מיטן קליינעם גאַסט, הויבט זי אָן שרייען און רופן איר קליינעביילקען; ניט אַזוי פון גרויס התפעלות, ווי פון ווען אָנטאָן איר מיזינקע אַ ביסל נחת:

— ביילקע, אַ ביילקע! גיי זע ווער עס איז געקומען...

ווייסט שוין ביילקע אויסווייניק ווער דער געקומענער איז. זי לויפט אַרויס אַ פאַרפלאָמטע און די שמחה שטורעמט איר אַרויס פון האַרצן מיט אַ קוויטש און מיט אַ קורצן אָטעם: „זע, וואַנקע, דו? ביסט געקומען? געקומען?...

אָבער דער איבערגעקערטער עמער, דאָס הייסט: דער צו גרויסער שאָפּענער היטל, וואָס קוקט אויף איר אַראָפּ פון אָנגעלאָדענעם וואָגן, אָנ־שטאָט אַ פּנים מיט אויגן, צעשטרויען זי גלייך אויפן אָרט. און איר באַ־גייסטערונג גייט איבער אין פּונקט אַזאַ ברויזנדיק כאַכאָטשען:

— מאַמע, כאַ־כאַ־כאַ, קום זע! זע!... איך חלש!... מאַ־מע...

4

מיט מאַטערניש שלעפּט וואַנקע אַרויס זיין פלאַקס־בלאָנדן קעפּל פון דער טיפער קאַטערוכע און קוקט אָן די לאַכערקע פון דער סקירדע היי אַראָפּ. ער זעט נאָר ווי אַ רויט בענדעלע פלאַטערט און שוואַרצע צעפּלעך וואַרפן זיך.

— טי, טשאַהאָ? *) — גיט ער ברוגזלעך אַ פרעג.

צווישן וואַנקעס העל־רויטע ליפּן גיבן אַ בליאַסק צוויי שורהלעך ווייסע ציין. „אונטערבאַרג", ביי יידן זעט מען גאָר אַזעלכע ניט. ביי יידישע חדר־יינגלעך אויך נישט... דאָס קילט אָפּ ווי שניי ביילקעס ליידנשאַפט־לעכן לאַכן, אַזוי ווי איר שטורעמדיקע פרייד. אַצינד קוקט זי אָן איר גויישן מילך־ברודערל פון אונטן אַרויף. ווי אַ זעלטענע באַשעפעניש באַ־טראַכט זי אים. זיין פרעמדקייט לויכט אַצינד אויף מיט אַ נייער פרישקייט אויפן גרינעם גרונט פון שמעקעדיקן היי, אָדער אויף די ברוינע זעק מיט זיס־אָטעמדיקן קאָרן. קיינער פון „אונטערבאַרג" האָט אויך ניט אַזעל־כע לעבעדיקע קאָרן־בלומען אָנשטאָט אויגן, אַזעלכע פלאַקס־העלע וויעס; און האָר — ווי פריש געבאָרשטענער לײַן. קיינער האָט נישט אַזאַ צע־שטראַלטע פאַרב אין די באַקן, אַזאַ ברוינקייט פון דער אָפּגעברענטער־און אַזאַ ווייסקייט פון דער ניט־אָפּגעברענטער הויט. וואַנקע דאַרף נאָר אומגערן אַ צי טאָן זיין ברייטן לייוונטענעם אַרבל און דער אונטערשייד צווישןביידע הויטן טרעט שאַרף אַרויס. הענעך, דער יידישער פאַרבער,

*) דו, וואָס איז ?

וואָלט דאָס בעסער נישט געקענט מאַכן. און דאָס, וואָס וואַנקע זיצט נאָך אַזוי הויך און האָט קיין מורא נישט — גיט אים צו אַ באַזונדער כישוף. אַ מין פויערישער שדל איז דאָס, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון אַ סטויג היי...

מיט נישט קיין קלענערער נייגעריקייט קוקט אַצינד אָן וואַנקע זיין מילך־שוועסטערל פון זיין שווינדלדיקער הויך. אַזוי, וויניקסטנס, זעט זיי ביידן אויס דער אַנגעלאָדענער וואָגן... ביילקעס פלוצלעכער אַנטשוויגן ווערן שפּיצט אים אָן. אויך זי אים זעט איצט אויס ווי אַ זעלטענע באַשעפעניש, וואָס אין מאַקאַראָווקי איז גאָר נישט צו געפינען. נישט אין כאַטע און נישט אין שטאַל, נישט אין פעלד, נישט אין קלויסטערל. קיי־נער אין דאָרף האָט נישט אַזעלכע אָפענע שוואַרצע אויגן, אַזעלכע גלאַנ־ציקע ברוינע צעפּלעך, ווי אָט די ביילקע. און דאָס רויט־בענדעלע, וואָס איז אין זיי איינגעפלאָכטן, פלאַקערט העליש ווי אַ מאָן־בלום אויף אַ שוואַרץ אויפגעאַקערטער ערד. אָבער אַ מאָן־בלום, וואָס וועלקט נישט פון דער הייסער זון און בלייבט אַלע מאָל גאַנץ... און אַנשטאָט מיט באָרוועסע, פאַרשוואַרצטע פיסלעך, אַזוי ווי אַלע קינדער אין דאָרף, לויפט גאָר דאָס באַשעפעניש אַרום אין שיכעלעך מיט בלישטשענדיקע פאַרשנורעוועטע העקלעך. און זעקעלעך טראָגט דאָס וואָס רינגלען אַרום בלוי און רויט און ווידער בלוי אירע שטראַמע פיסלעך ביז איבער די קני. פון גרויס התפעלות גיט זיך וואַנקע אַ מאַרדעווע אויף זיין הויכן זיץ און הויבט אָן רופן דעם טאַטן זיינעם, און מיט ביידע ברוין־און־ווייס־קאָלירטע הענטלעך ווייזט ער אָן אויף ביילקען אונטערן וואָגן:

— טיאַטקאָ, אָ, טיאַטקאָ! הליאַדי טיאַטקאָ! *)

אַפאַנאַס בלייבט אָבער אַלע מאָל קאַלט, אַזוי ווי אַלע עלטערע מענטשן, ווען די קינדער זייערע ווערן נתפּעל. ער פאַרשטייט אַפילו נישט פאַרוואָס וואַנקע קאָכט זיך דאָ אַזוי.

— ציץ! **) — מאַכט ער, — שריי ניט אַזוי! אַ מיידעלע, גיב איר גאָט געזונט, ווי אַלע מיידעלעך. דיין מאַמעס ברוסט האָט זי געזויגן — דאָס איז אמת... סליזאַי, וואַנקע!... ***)

אַראָפּגעקראָכן, מיטן טאַטנס הילף, פון וואָגן ווערט עפּעס וואַנקע קלענער אין ביילקעס אויגן, איינפאַכער, מענטשלעכער. דער כישוף פון אַ דאָרפישן טייוועלע אויפן שפּיץ וואָגן איז אַוועק, אָבער זיין פרעמדע שיינקייט געווינט דערפון אויס. די פאַרב אין די באַקן ווערט נעענטער. און אָן דעם גרויסן הוט צעשיטן זיך זיינע פלאַקס־העלע, גוייש־אונטערגע־

*) טאַטקע, אָ, טאַטקע! קוק, טאַטקע!
**) שטיל!
***) קריך אַראָפּ, וואַנקע!

שוירענע האָר און פאַרגיסן איםביידע אויערן, אין איין האַלב־קיילעכדיקן קרייז. דער ווינט שפּילט זיך מיט זיי און קיצלט אים אין האַלדז. אַ לאַכע־ניש באַפאַלט אים און ער בויגט זיך און ער האַלט איין די שטיפערישע קודלעס מיט ביידע הענט.

ביילקע זשמורעט זיך און זוכט צו זאָגן וואַבקען אַ גוט־וואָרט, ווי צו־פרידן זי איז און ווי שיין עס זיינען די האָר זיינע אָן דער פויערישער מאַגערקע. און אַז בעסער וואָלט געווען ער זאָל זיי נישט צוהאַלטן. זאָל דער ווינט שטיפן מיט זיי, אויף די באַקן, אויפן האַלדז... זי געפינט אָבער נישט דעם ריכטיקן אויסדרוק און לאַכט־מיט. סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין.

זייער ביידנס נאַרישן געלעכטער, אָן אַ שום גרונט און אָן אַ סוף, שלאָגט איבער שיינע־שרה. אונטערן וואָגן, אויף דער אונטערבאַרגער ערד, פאַלן אַריין ביידע קינדער אונטער איר השגחה. זי פּירט זיי אין שטוב און איז מכבד דעם קליינעם גאַסט, אַמאָל מיט אַ לעקעכל, אָן אַנדערש מאָל מיט אַ פּלעצל און מילך. דערנאָך לאָזט זי זיי איבער. זאָלן זיי זיך, געזונטינקערהייט, שפּילן, ביז משה־לייב און אַפּאַנאַס וועלן אויסלאָדן דעם פולן וואָגן: די היי אין שפּייכלער, די זעק מיט תבואה אין דער נאָענטער מיל, די ווינטער־עפּל אין קעלער. ווי עס מאַכט זיך. דאָס הענגט אָפּ פון סעזאָן. וויעסנע־צייט, אין הייסן זומער, צי אין האַרבסט.

## פערטער קאַפּיטל

# דער ערשטער פאַרבאָט

### 1

וואַנקע פון מאַקאַראָווקי שפּילט זיך מיט זיין מילך־שוועסטערל אין שיינע־שרהס שטוב, און די אַמאָליקע בילדער, וואָס דרעמלען אין זיין גויישקן קעפּל, סיי פון יענער צייט ווען ער און ביילקע האָבן געזויגן פון איין ברוסט בחברותא, סיי פון די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער און זיין מאַמע האָפּיאַ האָבן דאָ געמאַכט באַזוכן. אַלע פאַרגאַנגענע נעמען, באַוועגונגען און ווערטער לעבן־אָפּ מיט אַ נייער פרישקייט, ווי אַן „אַזבו־קע״ *), מיט צאַצקעס אויסגעמישט; פון יענע „אַזבוקעס״, וואָס וואַלגערן זיך אַרום ביים טאַטן אין כאַטע.

---

*) גוייִשער אַלף־בית.

מיט פאַרחלומטע אויגן קוקט זיך וואַנקע אַרום, און זיינע באַרוועסע פיסלעך הויבן אָן אַרומפּאַדיען אין אַלע קאַמערן. אין משה־לייבס שלאָף־צימער קוקט ער אַריין. דאָרטן איז אַלע מאָל טונקל און פאַרסודעט. די לאָדן — האַלב־פאַרמאַכט, אַפילו בייטאָג. און עס שמעקט דאָרטן מיט דורכגעשוויצטער יידישער יאַרמלקע. פון דאָרטן אין ביילקעס צימער איז איין שפּרונג. דאָרטן איז ליכטיק און גרין. אַ פענצטער גייט אַרויס אין קרויט־גאָרטן. אַ ליאַלקע אָן אַ פּיסל זיצט מיט אויסגעלופּעטע אויגן אויף אַ ביכער־פּאָליצע. „גריצע" די קאַץ דרעמלט אַ צוזאַמענגעדרייטע אויפן ברייטן טאַפּטשאַן. פון דאָרטן איז דאָ אַ שמאָלער דורכגאַנג, צווישן גרויסן אויוון און בערוועגע וואַנט, און מען פאַלט אַריין אין קאַך־שטוב.

די יידישע קאַך־שטוב איז אַן אוצר, אַ קוואַל פון כלערליי טשיקאַווע זאַכן. אין קיין אַנדער קאַמער אין דער וועלט איז ניטאָ אַזוי פיל אַלמער־לעך, פּאָליצעס, טעלערלעך, גאָפּעלעך, שטויסעלעך, טעפּעלעך. פון דאָרטן שטראָמען אַרויס די גוטע ריחות, פון אַלערליי עסנס, און די היימישע וואַרעמקייט, וואָס צעגייען זיך איבערן גאַנצן שטוב און איבער אַלע גלידער. פון דאָרטן קומען אַלע מאָל אַרויס די געשמאַקע זאַכן, מיט וועלכע די יידישע „מומע" איז מכבד אים און די מאַמע זיינע. ער האָט דערפאַר ליב די קאַכשטוב; ער קען זיך דאָ קיינמאָל זאַט נישט אָנקוקן. זיינע העל־בלויע אויגן צעלויפן זיך און שטעלן זיך אָפּ אויף דער גרעס־טער זאַך, וואָס האָט אַ גרויסן פייערדיקן פּיסק, אַן אַרויסגערוקטע ריזיקע אונטערליפּ, אַזוי גרויס ווי אַ „פּריפּעטשאָק", און אויבן צוויי „יושקע"־טירלעך *), ווי פאַרמאַכטע אויגן. פון ביידע זייטן שטייען אויף דער וואַך אויסגעשטרעקט לאַנגע ווילקעס און צוגעבערעגטע לאָפּעטעס. אַזעלכע כלים, פון אַזאַ לענג זיינען ביים טאַטן אין כאַטע אויך ניטאָ. ביי קיינעם נישט אין דאָרף. דאָס באַגייסטערט אים אַזוי, אַז ער שטרעקט אויס איין פינגערל און טייטלט און טייטלט און זוכט ווערטער:

— אַ, אַ! איפּי... איפּי!

— אַן אויוון! העלפט אים ביילקע אַרויס.

— כאַלין... כאַלין! — טייטלט ער ווייטער אויף אַ קליינעם אָפּגע־שאָבענעם אַלמערל אין ווינקל.

וואָס „כאַלין" באַדייט און וואָס דאָס האָט צו טאָן מיט דעם מילכיקן אַלמערל, פאַרשטייט ביילקע נישט. רופט זי די מאַמע צו הילף:

— זע, וואָס זאָגט ער דאָס „כאַלין"?

שיינע־שרה טרעפט גלייך וואַנקעס רעטעניש:

— דאָס מיינט ער חלה. ער ווייסט, אַז עס ליגט אין אַלמערל... ווילסט אַ שטיקעלע חלה, וואַנקעלע?

---

*) אייזערנע טעצלעך צו פאַרמאַכן דעם קוימען.

— ניע, ניע! — טרייסלט וואַנקע מיטן קעפּל און ווערט אַ קאַפּוּ־לע רויט. עס פּאַרדריסט אים וואָס מען פאַרשטייט אים אַזוי גראָב.

און כדי צו דערוויזן, אַז קענטעניש שטייט ביי אים העכער ווי יעדער אַכילה אין דער וועלט, העכער אַפילו פאַר יידישער ווייסער חלה, כאַפּט ער זיך אַרויף, מיט הענטלעך און פיסלעך, אויפן טרפהן בענקל און ווייזט אויף דער פאַליצע מיט דער גאַנצער האַנט פינגער.

— טעלי, טעלי!... — צעהיצט ער זיך — העטאָ... טעלי!...

— כאַ־כאַ־כאַ! — פּלאַצט ביילקעלע אַרויס מיט אַ געלעכטער. — הער, הער וואָס ער באַלעבאַטשעט!...

אָבער שיינע־שרה שטעלט זיך פאַר אים איין. זי שרייט אָן אויף איר לאַכערקע און גלעט דעם קליינעם גאַסט איבערן פלאַקס־ווייסן קעפּל:

— וואָס לאַכסטו, וואָס? דו! ער געדענקט בעסער פאַר דיר! טע־לער. וואַנקעלע, טעלער!... און וואָס איז דאָס?

דאָס טוט זי כדי צוצוגעבן אים מוט און ווייזט אים אָן אויף די שויבן.

וואַנקע שפּרינגט אַראָפּ פון בענקל ווי אַ וועוויריק און קנייטשט אָן טיפזיניק דעם קינדערשן שטערן.

— אַ פּעצ... אַ פּעש... — גראָבט ער זיך שווער אין זכרון — אַ פּעוי...

— נו, נו! — שטופּט אים שיינע־שרה אונטער. — זאָג, זאָג!

— אַ פּעשטע!... — שיסט וואַנקע אויס מיט נצחון. — אַ... אַ פּעשטיר!

— אַ פענצטער, וואַנקעלע, אַ פענצטער! — באַשטעטיקט שיינע־שרה. — גוט, זייער גוט!

און מאַכט גלייך דעם אָנשטעל, אַז זי מוסרט אויס איר שטיפעריקע:

— ביילקע, ווער עסט אפשר איצטער אויך אָפּלאַכן? הערסט ווי ער געדענקט. אַ גויישע קעפּל, דאַכט זיך, און געדענקט אַלץ... ער געדע־בקנו!...

2

איין מאָל אין מיטן זומער, ווען וואַנקע איז געקומען צופאָרן „אונ־טערבאַרג" אויף אַ גרויסן וואָגן מיט היי, האָט אַפּאַנאַס, זיין טאַטקע, אַפּגעלאָדן די היי אין שפּייכלער, אַראָפּגעקייקלט, הורבעוויז, איבער דריי משופּעדיקע ברעטער. דערנאָך אַוועק צו שיינע־שרהן אין קיך טרינקען אַ גלאָז טיי און די ברעטער געלאָזן ליגן, ווי אַ בריקל, פון וואָגן — אין שפּייכלער אַראָפּ. די קינדער אין אַרומגעצאַמטן הויף זיינען געבליבן אַליין.

מאַכט וואַנקע האַלב־יידיש האַלב־גוייש:

— בעלקאַ, ווילסט? לאָמיר זיך קייקלען פון וואָגן אין שפּייכלער. ווי דער טאַטקע — די היי, אַזוי — מיר.

צו אַזאַ קריכן, מיט אַ געזונטן קאָפּ אין שווינדלעניש און סכנה, האָט ביילקע קיין חשק נישט געהאַט און אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט. האָט איר וואַנקע געגומען איינשמועסן. און כדי אין גאַנצן צו ברעכן איר עקשנות, גערעדט צו איר הוילע יידיש:

— דו, בעלקאַ, מיירע? ני, ני מיירע!... הליאַדי, בעלקאַ, ווי איכ׳ל, הלאַדי! *)

האָט ביילקע געקוקט און וואַנקע האָט זיך צעכראַבערט. די משופּע־דיקע ברעטער אויסגעבעט מיט היי. אַליין אַוועקגעלייגט זיך אין דער ברייט די הענט פאַרוואָרפן איבערן קאָפּ, אַראָפּגעקייקלט זיך אין פולן שפּייכלער און פאַרשוואונדן געוואָרן אין אויפגעפּושעטן היי, ווי אין גרי־בעם שוים אַריין.

— אַ־או, אַ־או, בעלקאַ!... — האָט ער זי געגומען רופן מיט אַ פאַר־שטעלטן קול. אויסגעדוכט האָט זיך אַצינד אַז ער ליגט ערגעץ־וואו טיף־טיף, ווייט־ווייט...

ביילקען איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן: די פאַרסודטקייט פון וואַנקעס קול — מער ווי זיין כוואַטעווען זיך.

—קום, קום! — האָט זי אים געגומען רופן — קום צוריק!

און דאָס האַרץ האָט זיך איר פאַרצאַפּלט מיט אַ מאָדנער בענקשאַפט, עפּעס ווי זי וואָלט איר מילך־ברודערל געהאַט פאַרלאָרן. ציגיינער אין וואַלד האָבן אים צוגעגנבעט און אַנטלאָפן... און ווען וואַנקע איז צוריק אַרויס פון גרינעם אָפּגרונט, אַ צעהיצטער מיט צעפּאַטלטע האָר, איז זי אים אַקעגנגעלאָפן און אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט.

אַצינד האָט זי געקראָגן מוט אים נאָכצומאַכן און האָט זיך אַראָפּגע־קייקלט פון וואָגן אין היי אַריין; אמת — אונטער וואַנקעס אויפזיכט. אין קאָפּ האָט איר געשווינדלט. אין די צעפּ האָבן זיך איר פאַרפּלאָנטערט שטי־קער היי. אָבער באַלד האָט זי געכאַפּט דעם שניט און צעקאַכט זיך אויף איר ביילקישן שטייגער. נאָך היציקער און קאָפּ־ברעכערישער געקייקלט זיך אַראָפּ וואָגן אין היי אַריין. אַריבערגעיאָגט איר מילך־ברודערל אין בריהשקייט, אַנטציקט געשריען און גערופן אים פון דער היי־טיפעניש אין שפּייכלער. דאָס מאָל האָט זיך וואַנקע דערשראָקן פאַר אַזאַ שטורמי־שער צעלאָזנקייט, וועלכע ער האָט אַפילו צווישן באָרוועסע דאָרף־שיקסלעך קיין מאָל נישט געזען:

---

*) דו, ביילקע, האָסט מורא? האָב ניט מורא! קוק, ביילקע, ווי איכ׳ל מאַכן, קוק!

— בעלקאַ, אַ בעלקאַ! פּאַמעל... פּאַמעל!... *) אַסטאַראַזשנאַ!

זי האָט געפּאָלגט. און וואַנקע איז אין גאַנצן צעשמאָלצן און צעיאָכמערט געוואָרן פון איר נאָכגיביקייט, אַזוי ווי פון איר היציקן חן מיט אַ מינוט צוריק.

— נו, מאַכט ער — אַצינד צוזאַמען, בעלקאַ! איך דער ערשטער, דו נאָך מיר. ווילסט?

אַוודאי האָט בײלקע געוואָלט. און ער האָט זיך האַסטיק אַראָפּגעקייקלט, שרייענדיק פאַר וואוילטאָג: „עי, עי!” און איז ווידער פאַרשוואונדן אין אויפגעברויזטן היי, ווי אין אַ גרינעם תהום. ער דער ערשטער, בײלקע — נאָך אים. אַפריער איז זי ווייך אַריינגעפאַלן אין היי, דערנאָך — אין וואַנקעס אויסגעשטרעקטע אָרעמס. פון דער שטיפעריי האָבן זיך זיינע ברייטע לייוונטענע אַרבל פאַרקאַטשעט און, ניט־ווילנדיק, אַרומגעכאַפּט איר זומערדיקע האַלב־נאַקעטקייט פון האַלדז און פּלייצקעס.

אַן אומבאַקאַנטע זיסקייט האָט בײלקע דערשפּירט. מיט איין נאַקעטער פּלייצע באַרירט די גלאַטקייט פון זיינע אָרעמס, און מיט דער הייסער באַק — דעם קאַלטן לייוונט פון זיין העמד. די קילקייט פון זיין זומער־העמדל און די הייסקייט פון זיין הויט האָבן זיך אויסגעמישט אין איין הנאה. זי, די הייס־בלוטיקע, איז געווען צייטיקער פאַר וואַנקען, כאָטש ער איז פריער געבוירן געוואָרן. פאַר אים איז דאָס געווען נאָר אַ דאָרפישע שפּיל אַזאַ. פאַר איר — עפּעס מער ווי אַ שפּיל. זי האָט נאָר נישט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס, און פאַרוואָס דאָס זינגט אַזוי אין אַלע אירע יונגע גלידער.

אָבער ווען דאָס שפּיל איז דערגאַנגען צו זיין העכסטן שטאַפּל, איז פון שטוב אַרויס שיינע־שרה, כדי צו זען פאַרוואָס די קינדער קוויטשען אַזוי. דערזען אַזאַ אויסגעלאַזנקייט, אַזאַ קייקלען זיך קאָפּ־אַראָפּ און אַזאַ צעהיצטקייט, האָט זי אויף בײלקען אָנגעשריען:

— טאָכטערקע, ס'איז נישט שיין! ס'איז אַ שפּיל פאַר שקצים, נישט פאַר מיידעלעך. גיי, גיי אין שטוב אַריין!

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די מאַמע האָט געפונען אַ פּגם אין שפּילן זיך מיטן גוישן מילך־ברודערל און האָט זיי אַזוי ברוגזדיק פאַנאַנדערגעטרענט. וואַנקען געלאָזן שטיין אין הויף און בײלקען אַריינגעפירט אין שטוב. דער קליינער איז דאָס אויסגעקומען אומפאַרשטענדלעך. און ווי יעדער אומפאַרשטענדלעכע זאַך האָט דאָס אַרויסגערופן אַ באַהאַלטענע נייגעריקייט, אַ גריבלען זיך: פאַרוואָס? פאַר־ווען? צי באַהאַלט מען דאָ עפּעס נישט פון איר? אַפּנים אַז יאָ. מען באַהאַלט...

---

*) פּאַמעלעך, פּאַמעלעך!

## 3

דער לייכטער פּאַראַוואַן וואָס די מאַמע האָט, אין יענעם זומערדיקן טאָג אַוועקגעשטעלט צווישן איר און מילך־ברודער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן דיקער, טונקעלער, ביז ס'איז פון אים געוואָרן אַ נישט־דורכ־דרינגלעכע וואַנט, ביי וועלכער שיינע־שרה איז אַלע מאָל און אומעטום געזעסן מיט אירע שפּיזלען, געמאַכט אַ זאָק און געהיט.

אָבער דווקא אָט דער דריטער ווילן, וואָס האָט זיך דאָ אַריינגעמישט, האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג ווי שיינע־שרה האָט געוואָלט. פון שפּיל איז געוואָרן אַן ערנסט; פון קינדערישן טרוים — אַ ווירקלעכקייט: ביילקע האָט אין דער שטיל גענומען בענקען נאָך איר מילך־ברודער. אויף יעדן אָנגעלאָדענעם וואָגן, וואָס פאָרט דורך, האָט זי געזוכט וואַנקעס פלאַקס־בלאָנדן קעפּל אונטער אַ צו־גרויסער שאָפּענער מאַגערקע. און יעדער באַזוך פון אַפאַנאַסן אָדער האַפּיאַן, אָן איר מילך־ברודערל, פלעגט ביי איר אַרויסרופן אַ פּיינלעכע אַנטוישונג און אַן אומעט, וואָס האָט אָפט־מאָל געדויערט צוויי־דריי טעג נאָכאַנאַנד. אַזוי אַז טאַטע־מאַמע האָבן גע־מיינט אַז זי איז עפּעס נישט אין גאַנצן; געמאַפּט איר דעם שטערן און אָנגעבאָטן ריצנאייל און ווערים־קרויט...

כדי צו פאַרבויגן דעם אמת, פלעגט ביילקע אַליין מאַכן אַן אָנשטעל, אַז דער קאָפּ טוט איר ווי, אַז זי האָט נישט קיין אַפּעטיט און, נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, נאָכגעגעבן דער מאַמעס צושטייערנישן און אָנגע־נומען אַ היימישע רפואה. מיט דער צייט איז ביי איר אַזוי געוואָרן אַ גע־וואוינהייט צו ליגן, צו פאַרשטעלן זיך. און אַלץ כדי די שטרענגע מאַמע אירע זאָל זיך נישט אָנכמורען און נישט זאָגן, אַז פאַר אַ יידיש מיידעלע פּאַסט נישט צו שפּילן זיך מיט שקצים...

דאָס זעלבע ווענטעלע, וואָס שיינע־שרה האָט שטרענג אַוועקגע־שטעלט אין איר הויז איז געוואָרן אַ שטעקן מיט צוויי עקן. עס האָט גע־נומען ווירקן אויף דער גוישער זייט אַזוי ווי אויף דער יידישער. עס האָט געווירקט אויף וואַנקען עס זאָל אים ציען, אַ סך מער ווי פריער, צום יידישן הויז פון „אונטערבאַרג“. ביז איצט איז דער „מומעס“ הויז געווען נישט מער ווי אַ חידוש, וואָס שטימט נישט מיט דאָרפישע כאַטעס, נישט מיטן פּאָפּ, נישט מיט די חזירימלעך אין שטאָל. סאיז געווען אַ הויז מיט אַ געווייסטן קוימען, מיט אַ פריילעכער מיידעלע און מיט וואונדער־לעכע עסנס אין קיך. איצט איז פון דער נייגעריקייט געוואָרן אַ בענק־שאַפט, אַ פאַרבאָטענע זאַך וואָס ציט ביים האַרצן, אַ הונגער וואָס לאָזט זיך נישט זעטיקן.

וואַנקע איז געווען נישט אַזוי צייטיק ווי זיין שוואַרץ־ברוינע מילך־

שוועסטערל מיטן רויטן בענדל אין די האָר. אַ קילערע בלוט האָט געראונען אין זיינע אָדערן, אויף וויפל די טויאיקע פעלדער אין דאָרף זיינען קילער ווי די זאַמדיקע גאַס „אונטערבאַרג״. די קינדער אין דאָרף אַרבעטן פון קליינערהייט־אָן אויפן פעלד, אין שייער און אַרום כאַטע און האָבן קיין צייט נישט אָפּצוגעבן זיך מיט צופיל חלומות פון געשלעכט. און ווען זיי זעען די אויסערגעוויינלעכע אויפרעגונגען ביי שטוב־חיות און ביי שטוב־עופות, איז דאָס ביי זיי נישט מער ווי אַ שפּיל, אויף וועלכער דערוואַקסע־נע קוקן זיך אַפילו נישט אום... דערפאַר איז אים ביז איצטער געווען גאָר אָנגענעם צו זען זיך מיט דער ציכטיקער, שוואַרצער מיידעלע מיטן רויטן בענדעלע אין די האָר. איר געשטאַלט האָט געברענט אין זיין זכרון נישט שטאַרקער און נישט שוואַכער, ווי די צאַצקעס אין דער רוסישער „אַז־בוקאַ״ ביים טאַטן אין כאַטע, ווי די ריחות פון יידישע געקעכצן ביי דער אונטערבאַרגער „מומען״, ווי דאָס פינטלען פון די קאָפּיקענע ליכט־לעך אין דאַרפישן קלויסטערל... אָבער זינט מען האָט אים פוןביילקען אָפּגעריסן מיט געוואַלט, איז איר ליבלעך פּנימל בולטער געוואָרן פון דער גאַנצער הורבע איינדרוקן, געשמאַקן און ריחות. ווי פון אַ נעפּל איז זי אַרויס, און דאָס רויט בענדעלע, אין אירע שוואַרצע האָר, האָט זיך צע־ברענט ווי אַ פלאַקער אין דער טונקעלער ווייטקייט, וואָס ציט זיך פון מאַקאַראָווקי ביזקל „אונטערבאַרג״.

פאַרבלאָנדזשענדיק זיך אין זיינע אויפגעוואַכטע קינדערשע טרוימען ווי אין וואַלד, האָט אים, פון דערווייטנס, יעטווידער מאָל אויפגעשיינט דאָס רויט בענדעלע און ער האָט זיך ווידער געפונען. „בעלקאַ!״ — גיט ער אַ רוף, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, און הערט זיך צו. אים דאַכט זיך, אַז ער הערט אַ שוואַכן ווידערקול פון דערווייטנס. אַזוי ווייט ווי מאַקאַראָווקי — פון אונטערבאַרג...

אַמאָל פלעגט מען אים מוזן צורײדן ער זאָל קריכן אויפן טאַטנס אָנגעלאָדענעם וואָגן און פאָרן צו גאַסט אין דער פרעמד. שווער געווען אָפּצורייסן אים פון דער קאָך אין כאַטע, פונעם הונט אין הויף. אַצינד וואַרט ער מען זאָל אים נעמען אין שטאָט און דערוואַרט זיך ניט. עפּעס פאַרגעסט מען די לעצטע צייט אָן אים. דעם גרויסן שאָפּענעם משפחה־הוט טוט דער טאַטע אָן נישט אויף זיין מיזיניק, נאָר אויף זיין אייגענעם קודלאַטן קאָפּ. דאָס באַדייט, אַז ער נעמט קיינעם נישט מיט... פאַרבויגט וואַנקע זיין האָנאָר און שטייט־צו:

— טאַטקאָ, אַ, טאַטקאָ?

נאָר אָפּאַנאַס מאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס דאָס מיינט. הויבט אָן וואַנקע צו כניקען, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז אָפּאַנאַס גיט אַ

בליאַסק מיט זיינע קרומלעכע אויגן און מאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער בייזערט זיך:

— טשאַהאָ? צו „בעלקען" ווילט זיך דיר? ראַנאַטשקאַ טעבע! *).

פון וואַנען ווייסט ער דאָס דער „טאַטקע" ווען ער, וואַנקע, מיינט? ווען אים גלוסט זיך צו זען?... אַפילו האַפּיאַ זיין מאַמע ווייסט. אַנדערש וואָלט זי אַזוי צווײדײטיק, אַזוי געזאַלצן נישט געשמייכלט... פאַרשעמט ער זיך וואַנקע און טרעט אָפּ; לאָזט דעם טאַטן אַוועקפאָרן איינעם אַליין.

נאָר אַמאָל אין אַ שמיטה בעט ער זיך איין. כלאַבוטשעט מען אים אָן איבער די אויערן דעם משפחה־הוט, מען גיט אים אַ שטיק קלייען־ברויט אין האַנט, מען זעצט אים אַרויף אויפן אָנגעלאָדענעם וואָגן און... פאָר!

העצקענדיק זיך אויבן, אויף די זעק מיט תבואה, אָדער אויף די בערעמעס שטרוי, פילט מער ניט וואַנקע די אַמאָליקע רואיקייט, און דעם אַמאָליקן אַפּעטיט צום שוואַרצן שטיק ברויט — אויך ניט. ער גריזשעט מיט די פאָדערשטע ציין ווי אַ האָז און קוקט אויס דעם ווייטן שליאַך ווי פון אַן אויסשפּיר־טורעם. ער איז מוראדיק אומגעדולדיק. ער קען זיך קוים דערוואַרטן אויפן ערשטן בלויען רויכל, וואָס וועט זיך באַווייזן איבער די יידישע קוימענס, און דאָס האַרץ גריזשעט אים עמיצער, אַזוי ווי ער — זיין נישט געשמאַקן שטיק שוואַרץ־ברויט.

אָבער אַ מאָדנע זאַך! ווען ער דערלעבט שוין אָנצוקומען צום גאַניק פון דער אונטערבאַרגער „מומע", ווערט ביילקע פאַרשוואונדן. עפּעס אַלע מאָל פאַרשווינדט זי. דאָס איז זי אַוועק צו אַ חברטאָרין אויף יענעם זייט מיל, אַ צווייטן מאָל איז זי אַוועק מיטן טאַטן קיין ריקשאַקי איינקויפן אויף שבת. אַקעגן לויפט קיינער מער ניט אַרויס מיט אַ געלעכטערל. און וואַנקע בלייבט עפּעס אַלע מאָל אויף דעם זייט שוועל. אין קאַך־שטוב לאָזט מען אים מער נישט אַריין, ווי אַמאָל; נאָר מען טראָגט אַרויס די „גוטע זאַך" אין דרויסן. און די אַרויסגעטראָגענע „זאַך" ווי גוט זי זאָל נישט זיין, האָט דאָס פאָרט נישט דעם אַמאָליקן טעם. עס פעלט עפּעס אַ זאַלץ אַזאַ, די נאָענטקייט פון ביילקען פעלט. די קאָלירן פון איר פאַרטיכל. די שטראַלנדיקע שוואַרצע אויגן. דערפאַר כאַפּט ער זיך מער נישט צו, אַזוי זשעדנע ווי אַמאָל, צום יידישן מאכל. ער האַלט דאָס אין האַנט און זיין אָפּגעברענטער האַלדז ציט זיך אויס איבערן שוועל, די קאָרן־בלומען־אויגן שפּיצן זיך אָן און בלאָנדזשען אַרום.

— ווען זוכסטו? — פרעגט די יידישע „מומע" און ציילט די „אויגן" אין איר זאַק, — ביילקע איז אין דער היים נישטאָ. מ... יאָ, ניטאָ...

---

*) צו פרי הייבסטו אָן!

אַלע מאָל און אומעטום איז איצטער דאָ נאָר די זאַיאַדלע יידענע, וואָס אַמאָל איז זי געווען אַזוי גוט, קיינעם ניִשט נאָכגעקוקט און געלאָזן שפּילן זיך מיט איר טעכטערל, וויפל דאָס האַרץ גלוסט. איצטער וואַקסט זי גלייך אויס מיט איר זאַק, און די פיר שפּיזלען גייען כאַדאַראַם: „בליץ־בלאַנק, בליץ־בלאַנק! גיי, גיי! ניטאָ ביילקע, ניטאָ!“

ביי וואַנקען ציט זיך אויס דער פּנים און די אויגן פאַרציען זיך מיט אַ רויכל. ער טרעט אָפּ פון יידישן שוועל אַ פּאַרטראַכטער. ער לויפט זוכן דעם טאַטן זיינעם אין שפּייכלער: אַהיים פאָרן! וואָס גיכער אַהיים! טיאַטקאָ!

און נישט איין מאָל, נאָך אַזאַ קבלת־פּנים, האָט שיינע־שרה געפונען אויפן גאַניק די „גוטע זאַך“ וואָס זי האָט וואַנקען אַרויסגעטראָגן. וואַנקע האָט דאָס איבערגעלאָזן אַזוי ווי ער האָט דאָס באַקומען און איז אַוועקגעפאָרן.

## פינפטער קאַפּיטל

## דער מאַמעס פּעטשל

1

היט מען זיי אַזוי די צוועלף־יאַריקע: דעם גויישן מילך־ברודער, און די יידישע מילך־שוועסטער. אָבער אין גאַנצן איינהיטן זיי קען מען נישט. די וועלט איז נישט אַזוי גרויס ווי מען מיינט און גייט אין קרייז. מען גייט, מען מיידט אויס איינער דעם צווייטן ביז מען באַגעגנט זיך.

אויפן זומערדיקן יאַריד אין שקלאָוו האָבן זיי זיך אַזוי איין מאָל באַגעגנט. פון איין זייט איז אָנגעפאָרן ביילקע אויף משה־לייבס וואָגן. פון דער צווייטער זייט — וואַנקע אויפן וואָגן פון אַפאַנאַס איוואַנאָוויטש...ביידע קינדער זיינען אויפגעשפּרונגען, אויסגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ העכער פון זייערע טאַטעס אויף די קעלניעס, און אַ צי־געטאָן זיך איינער צום צווייטן. ביילקעס רויט בענדל אין די שוואַרצע האָר האָט אים אויפגעבליט ווי אַ מאָן־בלום אויף אַ פריש־אויסגעיעטער בייט. און זי אַליין איז פאַרגאַפט געוואָרן פון זיין ראָזיקן פּנים אונטער דעם צו גרויסן שאַפּענעם משפּחה־הוט. און די גויִיש־אונטערגעשוירענע העלע האָר האָבן, אין אַ דיקן האַלב־קרייז, פאַרגאָסן זיינע אויערן; אַרומגעכאַפּט אין אַ בלאָס־גאָלדענער ראַם זיינע מאַגערלעכע באַקן. אין דעם דאָזיקן פאַרבן־שפּיל האָבן זיך מיט גאָר אַ באַזונדערער פרישקייט אַרויסגעטיילט זיינע אויגן. ווי טויאיקע קאָרן בלומען האָבן זיי געלויכטן מיט זייער טיפער בלויקייט

און אַזוי וואונדערלעך געפּאַסט זיך צום בלויען גאַרטעלע איבער דער לייוונטענער רוסיש־אויסגענייטער רובאַשקע. אַפילו די נייע קליינע לאַפּ־טיעלעך זיינען דערפון געוואָרן פרישער און חנוודיקער.

די ערשטע אומבאַטראַכטע באַוועגונג פון זיי ביידן איז געווען: אַרי־בערשפּרינגען איינער צום צווייטן אין וואָגן... אָבער באַלד האָבן זיי דער־פילט, אַז די באַבערדלטע טאַטעס וועלן ניט צופרידן זיין פון אַזאַ אי־בערגעטריבענער באַגייסטערונג, און ווי אויף אַ שטומען באַפעל — צוריק־געצויגן זיך אויף זייערע אויסגעבעטע ערטער. אַ ווײַלע האָבן זיי נאָר פאַרשעמט געטאַפּט דאָס אונטערגעבעטע שטרוי, ביז זיי האָבן זיך באַ־רואיקט.

שטאַרקער ווי ביים מילך־ברודער, האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט ביי ביילקען. זי האָט זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן ווי שיין דער בלויער גאַרטל פּאַסט זיך צו וואַנקעס אויגן. זי האָט געוואוסט, אַז ס'איז נישט קיין צופאַל, אַז דאָס איז האַפּיאַס האַנט־אַרבעט. וואַנקעס מאַמע, איר אַמאָליקע אַם, האָט דאָס אַוודאי געשטריקט פאַר איר מיזיניק אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, ביי אַ רויכער־לעמפּעלע, און ביי־טאָג — צוגעפּאַסט צו וואַנקעס אויגן... אָבער פון וואַנען ווייסן זיי, די פּראָסטע דאָרפס־גויים, דאָס וואָס איר יונג־ווייבערישער חוש זאָגט איר אונטער ביים שפּיגעלע אין טאַטנס הויז? פון וואַנען ווייסן זיי, ווי לייכט עס איז אונטערצושטרייכן דעם גלאַנץ פון די אויגן מיט אַ קנאַפּ פון דער זעלבער פאַרב, מיט אַ בראָשע, מיט אַ גאַרטעלע און מאַכן אים דריי מאָל בולטער?...

און זי האָט זיך, אין געדאַנק, צוגעכאַפּט צו דעם, איינגעביסן זיך, כמעט ווי געוואָלט איינשמועסן זיך אַליין, אַז נאָר דאָס אינטערעסירט זי ביים לאַנג ניט־געזעענעם מילך־ברודער, אָבער ניט די פרישע באַקן זיינע, נישט די ראָם פון בלאָסן גאָלד, וואָס די אונטערגעשוירענע האָר מאַכן אַרום ווייסן נאַקן; אַפילו נישט די גאַנצע פרעמדקייט, די טשיקאַווע גוישקייט, וואָס נישט דער אונטערבאַרג, נישט רישקאַקי, נישט דער גאַנצער שקלאָווער יאַריד האָט דאָס אין איין געזיכט, אין איין אַרומגע־גאַרטלטן העמדל... אַך, אָט די אַלע יידישע ייִנגלעך פון דאָ און פון דאָרטן — בלאַסינקע, גרויאינקע מיט איבערגעשראָקענע אויגן, וואָס לויפן מיט דינע פּיסלעך אין חדר אַ־יין און אין שקאָלע! צווישן זיי זיינען דאָ אַ סך נישט־מיאוסע אויך; אָבער אַלע טאָג זיינען זיי די זעלבע. אַלע טאָג — די זעלבע.

אויפן רוישנדיקן יאַריד האָבן דערווייל־וואָס די טאַטעס געמאַכט געשעפט. משה־לייב האָט איינגעהאַנדלט שאָפענע פעלעכלעך, און די בע־סטע אָפּגעגעבן אָפּאַנאַסן אָן פאַרדינסט. נישט געלאָזן אָפּנאַרן אים ביים איינקויפן סיטץ אין שניט־קראָם, אויסגעזוכט פאַר אים טיי און צוקער

וואו ביליקער. אַפאַנאַס, פון זיין זייט, האָט אים אָפּגעלאָזן „אונטערן מקח״ זיינע דאָרף־סחורות: קראַנצן געטריקנטע שוואָמען, חזיר־האָר און נישט־געקראַצטע וואָל. צווישן איין געשעפט און צווייטן — געטרונקען „מאָ־סקווער קוואַס״ ביי אַ פּאַניע מיט אַ פאַרטוך, צוגעביסן און געבראַטעוועט זיך. אָבער גראָד די יונגע קינדער זייערע, אָנשטאָט צוצופּאַלן איינער צום צווייטן און באַלעבאַטשען יידיש געמישט מיט גויש, ווי אַמאָל, האָבן זיי זיך עפּעס געהאַלטן פאַרטאַיעט, אַנגעקוקט, איינס דאָס צווייטע, פון אונ־טערן שטערן, געשעמט זיך. אַזוי אַז די פאַרהאַוועטע טאַטעס האָבן דאָס גענומען באַמערקן, געוואונדערט זיך איבער אַזאַ צוריקגעהאַלטנקייט.

— טשאַהאַי־טאַ? *) — האָט אַפאַנאַס אַ וואונק געגעבן צו משה־לייבן מיט איין אויגל.

און משה־לייב האָט דאָס גלייך איבערגעזעצט ביילקען, מיט אַ גע־זאַלצענעם שמייכעלע, ווי איר האָט זיך אויסגעדוכט:

— עפּעס ברוגז?

אָן אַן „ער״ און אָן אַ „זי״. סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין: „עפּעס ברוגז?״ און גיי ווייס וואָס דער טאַטע מיינט? ווער אויף וועמען איז ברוגז?

— קיינער איז נישט ברוגז!... — האָט ביילקע אָפּגעענטפערט אויך אָן אַ „ווער אויף וועמען״, און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— היינט פאַרוואָס בלאָזט מען זיך? — איז משה־לייב נישט אָפּגע־שטאַנען.

— מען בלאָזט זיך נישט.

אַפאַנאַס האָט נאָכגעטאָן משה־לייבן און געטשעפּעט זיך צו וואַנקען:

— ניאַ פּאָטראַפּילי? **) — מאַכט ער און פאַרקוועטשט אַן אויג.

— ניאַ, ניאַ!... ***) — איז וואַנקע בייז געוואָרן.

— היינט וואָס זיצט זו ווי אַ סעדיכע אויף אייער?

— איך זיץ ניט! — האָט זיך וואַנקע אַ ריס געטאָן פון אָרט.

אַך, ס׳איז גאַרנישט געווען קיין ברוגז, ס׳איז נישט געווען קיין זיצן פון אַ סעדיכע!... אַן אַנגעצויגענע בענקשאַפט איז דאָס געווען. אַ פאַר־שטעלטע ליבשאַפט, וואָס מ׳האָט אויף אַ מיטן יאַריד, צווישן אַזוי פיל פערד און מענטשן, נישט געקענט און נישט געטאָרט אַרויסווייזן. איין שיינע־שרה האָט דאָס אַמאָל דערפילט אין היי־שפּיכלער, אָבער נישט משה־לייב. טויב און בלינד איז ער געווען פון זיינע געשעפטן און גע־

---

*) וואָס איז דאָס אַזוינס?

**) ניט פּאָטראַפיעט?

***) ניין, ניין!

חכמעט זיך אויפֿן חשבון פֿון זיין ביילקען מיט אַפּאַנאַסן, אַזוי ווי אַפּאַנאַס מיט אים — אויף וואַנקעס חשבון.

2

דאָס פּעטשל, וואָס די יידישע מאַמע גיט איר טאָכטער, ווי אַ האָס־טיקע ברכה, אין בעקל אַריין, האָט ביילקע באַקומען נאָך פֿריער, איידער זי איז נאָך אויסערלעך צייטיק געוואָרן, איידער זי האָט דערגרייכט איר דרייצנטן יאָר.

צוויי טעג פֿאַר דעם, צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט זי זיך געפֿילט שוואַך און צעררייצט. זי האָט זיך געוואָרפֿן און געשליידערט און מ'האָט נישט געקענט דערגיין וואָס זי וויל. טאַטע־מאַמע האָבן לכתחילה געמיינט, אַז ס'איז דערפֿאַר ווייל זי איז געבליבן איינע אַליין אין שטוב, פֿון אַ מיזינקע געוואָרן אַ שטרויענע בת־יחידקע. וואָרעם דעם לעצטן האַלב־יאָר זיינען געשען זאַכן, וואָס האָבן משה־לייבס שטוב ליידיקער און הילכיקער גע־מאַכט. צילע — ביילקעס עלטערע שוועסטער — האָט מיט מזל חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין מאָהילעוו. און דער ברודער אירער, יענקעלע, האָט געענדיקט די שקאָלע אין שקלאָוו און איז אויך אַריבערגעפֿאָרן קיין מאָהילעוו, כּדי אָנצוקומען דאָרט אין דער פֿעלדשער־שול. דאָס האָט זיך פּונקט ווי געוואונטשן אַריינגעפּאַסט אין צילעס חתונה, וואָרעם פֿריער האָט שיינע־שרה בשום אופֿן נישט געוואָלט שיקן איר בן־יחיד אויף פֿרעמדע קעסט. אייגענע קעסט—איז עפּעס אַנדערש. די אויסגעגעבענע טאָכטער האָט קיין מאָהילעוו אָוועקגעפֿירט די מנהגים פֿון טאַטנס הויז די זעלבע גע־שמאַקן; אַפֿילו אַ טייל כּלים פֿון קאַך־שטוב. אַזוי אַרום איז יענקעלעס אַוועקפֿאָרן „אין דער פֿרעמד" — דאָס הייסט דרייסיק וויאָרסט ווייט פֿון „אונטערבאָרג" — געוואָרן אי ביליקער, אי זיכערער... אָבער ביילקע איז פֿאָרט געבליבן איינע אַליין. די שטוב איז, דאַכט זיך, גרעסער געוואָרן און זי — קלענער. אַפֿילו דאָס שמייכעלע פֿון אַ קליינער מכניס־אורחטע, וואָס ביילקע פֿלעגט, פֿון צייט צו צייט, ווייזן איר ברודערס שקאָלע־חבר — גרשון ווילענסקי — איז אויך אויסגעלאָשן געוואָרן. פּשוט דערפֿאַר, ווייל דער זעלבער גרשון ווילענסקי פֿלעגט אַצינד זעלטן־ווען פֿאַרבלאָנדזשען פֿון שטאָט צום „אונטערבאָרג". סיידן שבת, ווען ער גייט שפּאַצירן מיט חברים צום פּראַנצאָווקער וואַלד, נעמט ער זיך עפּעס דרייען אַרום משה־לייבס גאַניק און קוקט אַריין אין אַ האַלב־אָפֿענעם פֿענצטער.

— קום אַריין, קום אַריין!... — פֿאַרבעט אים שיינע־שרה. שבת מאַכט זי נישט קיין זאַך. שבת לייענט זי טייטש־חומש מיט אַ קאַסינקע אי־

בערן פּאַרוק און מיט שפּאַקולן אויפן נאָז. פון דעסטוועגן זעט זי אַלץ און הערט אַלץ וואָס עס קומט פאַר אַרום שטוב, אַזוי ווי אין שטוב גופא.

גרשון ווילענסקי איז אָבער אַ זעלבשטענדיקער שקאַלניק און האָט נישט ליב „אַלטע ווייבער" זאָלן זיך מישן אין זיינע פּריוואַטע געשעפטן.

— אַ דאַנק! — ענטפערט ער אָפּ גאַנץ קיל שיינע־שרהן. — חברים וואַרטן אויף מיר. אפשר אַן אַנדערש מאָל...

אַזוי האָט ער זיך ביסלעכווייז אָפּגעוואוינט פון „אונטערבאַרג" און פון זיין חברס שוועסטער, וועלכע איז אים ווייזט אויס פריער שטאַרק געפעלן געווען. יענקעלע, אַז ער איז דאָ געווען, האָט זיי צוזאַמענגעבונדן, און שיינע־שרה,—מיט איר טייטש־חומש אָדער מיט אירע זאָקן־שפּיזלען— פאַנאַנדערגעבונדן. און שפּעטער מיט אַ פּאָר חדשים, ווען גרשון פלעגט צופעליק דערזען די שייניקנע ביילקע אויף איר טאַטנס גאַניק, האָט ער שוין מער קיין איבעריקע ווערטער נישט געהאַט.

— איז וואָס מאַכט מען, ביילקע? — פלעגט ער מיט אַ כלומרשטער ערנסטקייט אַ פרעג טאָן, אַזוי ווי אַן עלטערער ביי אַ קינד.

— אַזוי זיך... — פלעגט אים ביילקע טרוקן אָפּענטפערן. עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס אַ ייִנגל פון איינע יאָרן מיט איר רעדט צו איר אַזוי, מיט אַ מין „פון אויבן אַראָפּ". אָט בשעת איר ברודער איז דאָ געווען האָט ער אַנדערש גערעדט. די אויגן פלעגן זיך ביי אים צעפינטלען ווען זי האָט אים אָנגעקוקט און דאָס האַרץ פלעגט אים איינפאַלן. זי ווייסט...

משה־לייבס שטוב איז אַזוי אַרום אין גאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן פון פרעמדע אַזוי ווי פון אייגענע יונגע קולות. און ביילקע אַליין, מיט איר פאַרקלערטקייט די לעצטע צייט, האָט די אָנגעקומענע שטילקייט נישט געקענט צוריקטרייבן. אדרבא, זי אַליין האָט זי באַשיצט. וואָס שטילער, וואָס רואיקער מוז זיין אין שטוב!... אַ לעפל פאַלט אַראָפּ — ציטערט זי אויף. אַ שלאָג־צו מיט דער טיר — שרייט זי מען זאָל אַזוי נישט קלאַפּן. רעדט מען צו הויך — קרימט זי זיך אַז זי איז נישט טויב. דער סאַמאָוואַר גיט אַ רזיכער — קלאָגט זי זיך אויף קאָפּ־ווייטיק. אין זיך אַליין איז זי פאַרטאָן און קוקט זיך אויף קיינעם נישט אום.

נאָר איין זאַך באַלעבט זי נאָך און מאַכט וואַך אַלע אירע חושים: ווען אַ גויישע אָנגעלאָדענע פור צעטרייסלט זיך באַרג־אַראָפּ, פאַרביי די האַלב־אָפענע פענצטער פון טאַטנס הויז, דעמאָלט קוקט זי זיך גיך אַרום צי די מאַמע זעט נישט און לויפט קוקן. מיט בלאַנדזשענדע אויגן זוכט זי עפּעס אויפן שפּיץ אָנגעלאָדענעם וואָגן, דרייט אַרויס דעם האַלדז פון דעם האַלב־אָפענעם פענצטער. און אין אַ מינוט אַרום טרעט זי אָפּ אַן אַנטויש־

טע. עפּעס ווי דער פּאַטשטשער וואָלט דאָ פאַרבייגעגאַנגען, אַלע אונטער־באַרגער איינוואוינער געבראַכט בריוו און איר — נישט...

דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז אין איין זמערדיקן פרימאָרגן איז זי געבליבן ליגן אין איר בעטל אַ סך לענגער ווי איר געוואוינהייט איז. די מאַמע האָט זי אַ רוף־געטאָן און ביילקע האָט נישט געענטפערט.

— זאָל זי זיך שלאָפן געזונטערהייט! — האָט איר שיינע־שרה גע־וואונטשן אין דער שטיל. אָבער אין אַ גוטער ווײַלע אַרום האָט זי ווידער דערזען, אַז דער אָנבייסן שטייט אויפן טיש אַזוי ווי זי האָט דאָס אָנגע־גרייט. דאָס מאָל האָט זי זיך צעשריען:

— וואָס איז מיט דיר היינט, ביילקע? דיין טיי מיט מילך איז שוין קאַלט געוואָרן.

און נישט וואַרטנדיק מער אויף אַן ענטפער, געלאָפן אַ קוק־טאָן, און געפונען די מיזינקע אין איר קעמערל אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטע, אַ דערשראָקענע, דעם פּנים באַהאַלטן אין אָרעם, ווי אַ קינד וואָס האָט עפּעס אָפּגעטאָן אַ נישט־שיינע זאַך און שעמט זיך קוקן דער מאַמען אין די אויגן אַריין.

שיינע־שרה מיט איר מוטערלעכן זשוש, האָט באַלד דערפילט וואָס דאָס מיינט. האָט זי ביילקען פאַרייליקט אַ שלעפּ־געגעבן פאַר איין אָרעם, אַוועק־געזעצט זי אויפן צוקאָפּנס און איבערגעוואָלט אויפגעהויבן איר דאָס ברוין פּנימל; פאַרן קין מיטן גריבעלע אָנגענומען, אויפגעהויבן צו זיך און מיט דער פרייער האַנט אַראָפּגעלאָזן איר אַ פּעטשל איבער דער פּולינקער בעקעלע.

ביילקע האָט אויפגעצציטערט, אויפגעריסן די שוואַרצע אויגן, פאַר־וואונדערט אָנגעקוקט איר מאַמען, דערנאָך צעפינטלט זיך. אָט־אָט צע־וויינט זי זיך... אָבער די מאַמע האָט איר נאָך אַזאַ מאָדנעם „גוט־מאָרגן" אַזוי וואַרעם אַריינגעקוקט אין פּנים, אַזוי ליבלעך גערעדט צו איר נישט־געוויינלעכע רייד:

— נו, טעכטערל, ביסט שוין געוואָרן אַ פרזי. אַ ביסעלע צו־פרי... אָבער געלויבט איז גאָט! מען דאַרף שוין טראַכטן נייען „פּאָוועלע" פאַר דיר . . .

3

אין יעדן וואָרט, וואָס די מאַמע האָט אַצינד אַרויסגעבראַכט פון אירע שמייכלענדיקע ליפּן, האָט ביילקע, ביזקל מאַרך פון די ביינער, דער־פילט אַ באַזונדער ליבשאַפט. אַפילו פון פּעטשל אין באַק האָט זיך צע־שטראָמט אַ ליבע וואַרעמקייט. און די גאַנצע שווערקייט, וואָס זי, ביילקע, האָט די לעצטע צייט געטראָגן אין אַלע גלידער, און די גאַנצע אומבאַ־

קאַנטע בושה — היינטיקן פּרימאָרגן, זיינען ווי אייז צערונען געוואָרן און אַ זעץ געטאָן אין האַלדז מיט אַ זאַלציקער כוואַליע. שלוכצנדיק און כליפּענדיק האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר געלעגער און איינגעגראָבן דעם פּנים אין קישן.

אָבער דער מאַמעס האַנט האָט זי אָפּגעזוכט און געגלעט איבער די האָר; און איר טרייסט איז געפאַלן, ווי אַ וואַרעמער טוי, איבער איר הוילן נאַקן:

— נאַרעלע, וואָס ווײנסטו? אָט האָט מען דאָך צילינקען דיין שוועסטער חתונה געמאַכט... ביז הונדערט־און־צוואַנציק יאָר! און דיר, מיט גאָטס הילף, וועט מען אויך חתונה מאַכן. מען וועט דיר מירצעשעם אויסזוכן אַ חתן אַ... אַ למדן, וואָס קען לערנען אַ בלאַט גמרא. אַ פרומען... אָדער, שאַ! אפשר ווילסטו בעסער אַ געלערנטן? אַזאַ ווי גרשון ווילענסקי — דיין ברודערס חבר... מען זאָגט, אַז ער איז זייער אַ גראַטעגער און ווען ער וועט ענדיקן די שקאָלע וועט ער האַלטן „ליקזאַמען"*) אויף אַכט קלאַסן... איז ווי ווילסטו בעסער, טאַכטערקע?

ביילקע האָט נישט געענטפערט. איר ווײנען האָט נאָר ביסלעכווייז פאַרלאָרן דעם זיסן טעם, די טרערן האָבן זיך אויסגעטריקנט, נאָר די אויערן האָבן זיך אָנגעשפּיצט און געהאָרכט. די רייד, וואָס די מאַמע האָט זיס געצויגן איבער איר, גלעטנדיק איבער די צעפּאַטלטע האָר, האָבן ביילקען גוט־געטאָן, אָבער נישט אין גאַנצן. עפּעס האָט זי געוואָרט, אַ נישט־זיכערע האָפענונג געהאַט, אַז די מאַמע וועט באַלד אויסער דעם „למדן" און אויסער דעם „געלערנטן" אַרויסברענגען אַ דריטן, וואָס האָט אַן ענלעכקייט, כאָטש אַ ווייטע ענלעכקייט מיט וואַנקען אין דאָרף, וואָס טראָגט אַן אונטערגעשוירענעם פּאַק מיט בלאָס־בלאָנדע האָר אויפן נאַקן און האָט אַ פּאָר טונקל־בלויע אויגן, וואָס גיסן זיך אַזוי גוט צוזאַמען מיט דער בלויקייט פון זיין גאָרטל. אָבער די מאַמע האָט אַזאַ איינעם נישט דער־מאָנט. עפּעס ווי אַזאַ איינער וואָלט גאָר אויף דער ווייסער וועלט נישט גע־ווען. אַפּנים זי טוט דאָס אומישנע. זיגט דאָס פרײלעכע שפּילן און קייקלען זיך אין שפּיכלער מיט הײ, וויל זי זיין נאָמען נישט דערמאָנען...

און צוליב וואָס זאָל זי, ביילקע, ליגן זאָגן זיך אַליין? אַלע יענע נפשות, וואָס די מאַמע האָט איר אויסגערעכנט אין יענעם פּרימאָרגן, נאָכן פּעטשל, זיינען איר נישט געווען צום האַרצן. אַפילו נישט גרשון ווילענסקי, וואָס שפּילט דעם דערוואַקסענעם און גרייט זיך צום „ליקזאַ־מען"... אַלע יינגלעך, פון וועלכע זי אַליין טראַכט און מאָלט זיך אויס אין אירע מיידלשע טרוימערייען, מישן זיך שטענדיק אויס מיט אַ ריח

*) עקזאַמען.

פון פרישן קאָרן, מיט פולע זעק ערדיקע בולבעס, מיט שמעקעדיקע הורבעס היי, וואָס אַפּאַנאַס ברענגט צו פירן פון דאָרף. זי קען זיך דערפון בשום אופן נישט באַפרייען. אַ סך ליבער וואָלט איר געווען, ווען אײנער פון דער מאַמעס „חתנים", גרשון ווילענסקי, צום ביישפּיל, זאָל געווען זיצן אויפן שפּיץ וואָגן, מיט אַן אַנגערוקטער שאַפּענער „שאַפּקע" וואָס איז צוויי מאָל גרעסער ווי זיין קאָפּ. און זאָל ער אַראָפּקוקן צו איר פון הויכן אָנגעלאָדענעם וואָגן, ווי אַ שליח פון זומער און פעלד און וואַלד, מיט אַ פריילעכן אָנזאָג פון דער דאָרטיקער הימל־בלויקייט אין די אויגן און אין גאָרטל, און מיט אַ גלאַנץ פון פריש־געקעמטע ליין אין די האָר...

די בענקשאַפט נאָך אַזאַ דערשיינונג איז אין יענעם פרימאָרגן טיי־פער געוואָרן, און וואָס ווייטער אַלץ מערער איינגעגעסן זיך אין איר פאָרשטעלונג. זי האָט קיינעם גאָרנישט נישט געזאָגט, אָבער אין האַרצן האָט זיך איר שטאַרק געגלוסט, אַז וואַנקע זאָל זיך דערוויסן... אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדער אופן זאָל צו אים דערגיין דאָס, וואָס האָט זיך מיט איר געטראָפן און דאָס וואָס די מאַמע האָט איר פאָרטרויט; און אַז עס האַלט שוין דערביי, מען זאָל איר אָנהויבן נייען „פּאָוועלע"...

אָבער ווי אַזוי זאָל ער זיך דערוויסן פון אַזעלכע זאַכן, אַז קומען קומט ער איצטער צוגאַסט אַזוי זעלטן?... און ווען ער קומט, הייסט איר די מאַמע זי זאָל גיין צו זיך אין קאַמערל און אַליין שטעלט זי זיך אויפן שוועל מיט זאָק און שפּיזלען און דערלאָזט נישט וואַנקע זאָל אַריינקומען אין שטוב.

זי הערט נאָר, ביילקע, ווען־ביט־ווען וועגן וואַנקען, ווען אַפּאַנאַס קומט פון מאַקאַראָווקי און טרינקט טיי אין קיך. פון אים האָט זי איין מאָל דערהערט מיט איין אויער, אַז וואַנקע אַרבעט שוין אין פעלד מיטן טאַטן און מאַמען און וואַקסט אַ לייט. ער לערנט אַפילו „הראַמאָטע" *) ביים פּאָפּ. וואָרעם... — אַזוי דערציילט אַפּאַנאַס בלאָזנדיק אין הייסן טיי, — וואָרעם וואַנקע האָט זיך מתקנא געווען אין משה־לייבס קינדער, וואָס אַלע זיי זייַנען „הראַמאָטנע", אַן עין־הרע. די אַלטע „אַזבוקע", וואָס ער האָט געפונען אין כאַטע, האָט ער מער פון האַנט נישט געוואָלט לאָזן. מען האָט אים געשלאָגן — עס האָט נישט געהאָלפן. דער פּאָפּ האָט זיך פאַר אים איינגעשטעלט.

— נו, — פאַרענדיקט אַפּאַנאַס מיט אַ צופרידענעם געלעכטערל, — טאַק אי וו'הראַמאָטו פּאָשאָו **) און גיי טו אים עפּעס!...

מיט אַ ציטערדיקער פרייד האָט דאָס ביילקע אויפגעכאַפּט, ווי אַ פליענדיקן גערוס פון איר פאַרלוירענעם מילך־ברודער. זי איז פריילעכער

*) לייענען און שרייבן.

**) אַזוי איז ער אין לערנען אַוועק.

געוואָרן, צעזונגען און צעצוויטשערט זיך ביים העלפן דער מאַמען אין קאַך־שטוב, ביים גיסן וואַסער אין די וואַזאָנעס און ביים יעטן דעם קרויט־גאָרטן הינטערן שטוב. דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ גאַנצן טאָג, ביז וועטשערע. די מאַמע האָט זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן פון אַזאַ פריילעכער ענדערונג.

— אַ שמחה אויף דיין קעפּעלע, ביילינקע! — האָט איר שיינע־שרה געוואונטשן — אָבער וואָס עפּעס אין מיטן דאָנערשטיק?

— גאָרנישט... אַזוי זיך!... — האָט זיך ביילקע אָוועקגעמאַכט. און ווייטער פלייסיק געאַרבעט און געזונגען.

צו וועטשערע איז געקומען דער איבערברוך. אין מיטן עסן האָט זי דערהערט ווי טאַטע־מאַמע מאַכן חוזק פון וואַנקעס „הראַמאַטע״ און פון אַפּאַנאַסעס באַרימען זיך מיט זיין געראָטענעם פויערל...

ביילקע האָט גלייך פאַרלוירן דעם גוטן אַפּעטיט, גענומען קלאָגן זיך, אַז דער קאָפּ טוט איר וויי, און איז אַוועק צו זיך אין קעמערל פריער פאַר אַלעמען. איר פריילעכער קול איז דערנאָך פאַרשטומט געוואָרן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד.

## זעקסטער קאַפּיטל

## נאַרישקייטן . . .

1

אומגעריכטערהייט, ווען ביילקעס געדריקטקייט איז ווייט פאַרגאַנגען און איר בענקשאַפט איז שאַרף געוואָרן ווי אַ צאָן־ווייטיק — איז ער געקומען; באַוויזן זיך ווי אַ גייסט, ווען דער באַשווערער רופט אים אַרויס.

געשען איז דאָס אין איין הייסן פרימאָרגן, ווען שיינע־שרה איז געווען אַרויסגעגאַנגען עפּעס איינקויפן און די טיר איז געבליבן שטיין האַלב־אָפן, אויפגעגענעצט און פאַרגעסן ענדיקן... מיטאַמאָל האָט אַ שאָטן אַ שווינדל געגעבן אין שפּאַלט, אַ העל־בלאָנדער קאָפּ האָט זיך אַריינגערוקט און וואַנקע איז שטיין געבליבן אויפן שוועל.

קיינער האָט נישט געזען ווי אַזוי ער איז אָנגעקומען פון מאַקאַראָווקי: מיטן טאַטנס פור צי איינער אַליין. און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו ער איז געשטאַנען און געטשאַטעוועט ביז שיינע־שרה איז אַרויס פון שטוב... אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין קיך און דערזען ביילקען ביים אָנבייסן, האָט ער, אָן אַ גוט־מאָרגן און אָן שום הקדמות, גענומען קנאַקן:

— אימעניטעלני: סטאָל. ראָדיטעלני: סטאָלאַ. דאַטעלני: סטאָלו. ווינימעלני סטאָל. טוואָריטעלני: סטאָלאָם. פּרעדלאָזשני: אָ סטאָלע! *).

ביילקע האָט געלאָזן שטיין איר פאַרשפּעטיקטן אָנבייסן און האָט אין גאַנצן אויפגעבליט; ווי דאָס בענדל אין אירע שוואַרצע האָר האָט זי זיך פאַרוויטלט.

— דו לערנסט זיך טאַקע, מאַכט זי, וואַניאַ? ס'איז אַן אמת?

נישט גרינגשאַציק „וואַנקע", ווי טאַטע־מאַמע און אַפאַנאַס רופן אים, נאָר וואַניאַ. ווייך און געצויגן. עפּעס ווי זי וואָלט אין גאַמען אַריינגע־לייגט איר גאַנצע פאַרטראַכטקייט, איר לעכצן נאָך אים.

— אַ יאַק זשע? **) — מאַכט וואַנקע און בלאָזט זיך אַ ביסעלע אָן, — „הראַמאַטיקע" לערנען מיר. די „טאַבליצע" ***) לערנען מיר אויך.

ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט מיושבדיק, ווי אַ דאָרפישער בעל־גופל, וואָס רעדט פון זיך אַליין אין מערצאָל... אָבער אָנשטאָט צעלאַכן זיך, פון אַזאַ לשון, איז ביילקע נאָך מער נתפּעל געוואָרן.

— זע, מאַכט זי, וואַנקעלע, נאָך עפּעס! צו... צום ביישפּיל צוקער. אָט ליגט דאָ צוקער. סאַכאַר...

און וואַנקע האָט, אויף איר באַפעל, גלייך אָפּגעקנאַקט:

— סאַכאַר, סאַכאַראַ, סאַכאַרו, סאַכאַר, סאַכאַראָם, אָ סאַכאַרע.

— נו, און ברויט? האָט זי זיך נישט באַנוגנט, „כליעב", וואַנקעלע!

— כליעב, כליעבאַ, כליעבו...

ווי מוזיק האָט דאָס איר געקלונגען אין די אויערן, ווי אַ ווייטער מאַרש פון זעלנער וואָס גייען דאָ, ווען ניט ווען, דורך. זי וואָלט זיך נישט געשעמט וואָלט זי אויפגעהויבן דעם אָנגעפּאָלדעוועטן קליידעלע און אַוועק־געלאָזן זיך טאַנצן צום טאַקט... גיט זי זיך אָבער אַ כאַפּ און דערזעט צוויי בערדיקע פּנימער מיט אַ שפּאָטישן שמייכעלע און צוויי פּאָר אויגן. אַפאַנאַס, אַזוי ווי איר טאַטע, ביידע שטייען דאָ גאָר נאָענט, שפּיצן די האָריקע אויערן איבער זייערע קינדער און האָרכן.

— געהערט, — מאַכט משה־לייב צו אַפאַנאַסן, — ווי זי פאַרהערט אים דאָס מיין מיזינקע, אַ?

— זשאָר, וואַנקאַ, ניאַ סומליוויסיאַ!... — האָט אים אַפאַנאַס אונ־טערגעגעבן חשק. דאָס הייסט: האַק ווייטער, שעם זיך נישט!

נאָר אין מיטן דרינען דערמאָנט ער זיך, אַז אויסער „הראַמאַטיקע"

*) אַ טיש. דער טיש. צום טיש א.אַ.וו. — רוסישע דעקלינאַציע פון „סטאָל".
**) ווי זשע?
***) כפל-ברעט.

איז זיין האָדולניק אַ מאדים אין אַנדערע זיבן חכמות אויך. גיט ער אים כיטרע אַ פרעג:

— אַ אַריכמעטיקאָ? *) און צוויי־מאָל־צוויי וויפל איז?

— פיר! — האָט וואַנקע אויסגעשריען מיט נצחון און זיינע צעלאָפּענע אויגן האָבן געזוכט די, וועלכע האָט אים אָקאָרשט אַזוי באַוואונדערט.

אָבערביילקע איז שוין דאָ מער נישט געווען. ווי אין וואַסער איז זי אַריין. פאַרשעמט זיך, אַפּנים, פאַר די עלטערע לייט און זיך באַהאַלטן. מען האָט זי געזוכט און נישט געקענט געפינען. אָן אַ „גוטן־טאָג" איז אַזוי וואַנקע אַוועקגעפאָרן.

אין יענעם אָוונט, נאָך וועטשערע, האָט שיינע־שרה פאַרפירט אַ שמועס מיט איר מאַן, שעפּטשענדיק און שיפּענדיק, כדי די מיזינקע זאָל אין איר קאַמערל נישט הערן, וועגן וואָס מען רעדט דאָ. ביילקע האָט געמוזט צולייגן אַן אויער צום קליאַמקע־לאָך, כדי וואָס־ניט־איז צו דער־כאַפּן. דער מאַמעס קול האָט געוואָרנט דורך די ציין:

— וואָס ווייניקער חכמות, משה־לייב! וואָס פאַר אַ פאַרהערן זיי ביידן?... עס פּאַסט נישט!

— דיר שטייט נישט אָן?

— נישט ביילקעס גלייכן.

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל?

— זי איז שוין נישט קיין קינד, געזען אירע בריסטלעך, איר קוק, די האָר אירע?

— איז וואָס האָסטו מורא? אַ שידוך מיט וואַנקען וועט מען איר ריידן?

— היינטיקע צייטן וואַרט מען נישט אויף שדכנים.

— אַזוי גאָר?

— חכמע זיך נישט! גיב בעסער אַכטונג...

— ווייסט וואָס איכל דיר זאָגן, שיינע־שרה?

— יאָ?

— אַ יידענע בלייבט אַ יידענע.

— אַ מאַמע ווייסט בעסער.

— איז וואָס זאָל איך טאָן? איינשפּאַרן זי ?

— צוליב וואָס איינשפּאַרן? דער וועג פון מאַקאַראָווקי אַהער איז צו קורץ.

— אַזוי ווייט האַלט דאָס ביי דיר?

---

*) און חשבון ?

— נישט ביי מיר... בעסער אָפּשיקן זי אויף אַ שטיקל צייט קיין מאָהילעוו.

— אַ... צו אונדזער צילקען אויף קעסט? ווייניק איז איר אונדזער בן־יחיד?

— וועסט מוזן.

— אַ קעכין איז ביי דיר צילע געוואָרן. און וואָס וועט זאָגן איר מאַן?

— זאָל ער זאָגן וואָס ער וויל. די הוצאות וועלן מיר באַצאָלן.

— און בלייבן אויף די עלטערע יאָרן אין אַ פּוסטער שטוב?

— נישקשה. אויף אַ צייט נאָר.

משה־לייב איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט נאָר אַ ווײַלע אַרומגעשפּאַצירט אין זיין שלאָף־קאַמער. דערנאָך אָפּגעבורטשעט דורך באָרד און וואָנסעס:

— נאַרישקייטן.

2

ס'איז אָבער גיך געקומען די צייט ווען משה־לייב האָט אויך דערפילט די געפאַר, דערקענט אַז שיינע־שרה זיין ווייב האָט אַ וויטערן קוק און אַז דאָס וואָס ער ווייסט אַצינד האָט זי שוין לאַנג געוואוסט...

ביילקע איז שוין דאַמאָלסט געווען אַריינגעטראָטן אין איר פופצנטן יאָר און ווי אַלע בלוטפולע מיידלעך, וואָס ווערן פרי צייטיק, האָט זי געגעבן אַ בליי־אויף. ווי אַ פלאַקער האָט זיך איר יוגנט אָנגעצונדן. אירע בריסטלעך, ווי הערנער פון אַ יונגער ציגעלע, האָבן דורכגעשטאָכן איר לייכטן לייבל אויף רעכטס און לינקס. די צעפּ זיינען שווער געוואָרן ווי הענגלעך שוואַרצע וויינטרויבן און באַקומען אַ גלאַנץ. די אויגן זיינען עפּעס גרעסער געוואָרן, אָפענער און געקוקט מיט אַ באַהאַלטענער פאַרוואונדערונג אויף דער וועלט. „אַזוי, אַזוי גאָר?...” דאַכט זיך, האָבן זיי שטומערהייט געפרעגט... אָבער צוזאַמען מיט איר גיכן וואַקסן זיינען אויך שטאַרקער געוואָרן אירע פלוצלעכע אָנפאַלן פון אומעט און פלוצלעכער פרייטלעכקייט. און זאָגט מען איר אַ וואָרט, עפּעס נישט אַזוי ווי זי וויל, טרעפט דאָס איר ווי מיט אַ שטיין אין האַרצן. זי דרייט זיך צוזאַמען, באַקומט אַ פּסטמאַל וויין־ספּאַזמעס.

אייגנטלעך קען מען די זעלבע סימנים באַמערקן ביי אַלע מיידלעך אין זייער איבערגאַנג־צייט פון קינד צו פרוי. אַלע מאַמעס באַמערקן דאָס ביי זייערע קינדער פון ווייבלעכן מין, און נעמען זיך נישט איבעריק צום האַרצן. „עס וועט זיך אויסשטיין”, זאָגן זיי און האָבן רעכט. נאָר אַזוי ווי ביילקע איז אַצינד געבליבן אין שטוב איינע אַליין, כמעט אַ בת־יחידקע

געוואָרן, און יעדע באַוועגונג אירע, יעדער איבעריקער וואָרט, יעדער אויסדרוק פון געלעכטער און געוויין, אַ סך מער אויפגעפאַלן ווי אין קינדערפולע הייזער. די פוסטקייט, וואָס איז איבערגעבליבן אין משה־לייבס שטוב, נאָך דער אויסגעגעבענער טאָכטער און נאָכן אַוועקגעפאָרענעם בן־יחיד, איז געוואָרן אַ בולט־טונקעלער גרונט פאַר אָט די קליינע אָנפאַלן פון איבערגעטריבענער פריילעכקייט און איבערגעטריבענער אומעט. אַזוי, אַז שיינע־שרה האָט דאָס געגומען באַמערקן מער ווי מען דאַרף. איבעריקע מיטלען אָנגענומען. ניט געקוקט וואָס ביילקע בליט אָן עין־הרע און צעוואַקסט זיך פון טאָג צו טאָג, האָט זי גענומען פילנעווען זי ווי אַ קינד. דערלאַנגט איר „סיראָדאָי" *) גאַנץ פרי אין בעט און אָן איבעריק געריכט — צו יעדן מאָלצייט. קאַקאַאָ געקאָכט פאַר איר צום אָנבייסן און די ערשטע אויבסט געבראַכט פאַר איר פון מאַרק. נאָר דאָס אַלץ האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. ביילקע האָט נישט אויפגעהערט צו „ברעכן־זיך". אַזוי לאַנג אַזוי ברייט ביז שיינע־שרה האָט באַשלאָסן אַרויסוואַרפן אַ האַלבן רובל און אַראָפּצוברענגען פון שטאָט קראָלן, דעם בעסטן שקלאָווער דאָקטאָר, און לאָמיר הערן וואָס זאָגט ער דערצו.

קראָל דער דאָקטאָר האָט קיין איבעריקע זאַגעכצן נישט געזאָגט, קיין גרויסע זאַכן אויך נישט אויפגעטאָן. פאַרן האַלבן קערבל, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דער טרחה, האָט ער ביילקען אויסגעקלאַפּט, אויסגע־הערט און גאָרנישט געפונען. „נערוון", מאַכט ער. עס וועט אַוועקגיין. און אָט, שיינע־שרה, מאַכט ער, האָט איר אַ רפואה! אַ ביסעלע געזאַלצן. נאָר אייער טאָכטער איז דאָך נישט קיין קינד. זאָל זי איינגעמען. נישקשה.

אויפגעשריבן דעם רעצעפּט, איז קראָל דער דאָקטאָר געבליבן זיצן אַ ווײַלע, מיישב געווען זיך מיט זיך אַליין, געצופּט זיך זיין קמץ־בערדל. המ!... מאַכט ער צו שיינע־שרהן, איר וואוינט דאָך „אונטערבאַרג?" „אונ־טערבאַרג" איז אַ גוטע לופט. דער דניעפּר פון איין זייט, די אַזערע אונטער די פענצטער. דער וואַלד איז נאָענט... נאָר איבערבייטן דעם אָרט וואָלט אייער מיזינקע נישט געשאַדט. פון צייט צו צייט דורכפאָרן זיך. זען ביי מענטשן. דאָס וואָלט איר גוט געטאָן.

דורכפאָרן זיך... ביי מענטשן! מאָדנע רפואות זיינען אויסגעוואַקסן אויף דער וועלט!... אַמאָל פלעגט מען צעבאַלעוועטע קינדער געבן ווערים־קרויט, ריצנאייל — און אַ סוף אָן עק. היינט גאָר — דורכפאָרן זיך!... נאָר אַז אַ דאָקטאָר הייסט דאַרף מען פאָלגן. אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער וועט עס פאָרט העלפן. מען קען נישט וויסן.

האָבן זיך משה־לייב און שיינע־שרה זיין ווייב גענומען ברעכן דעם

---

*) פריש־אויסגעמעלקטע מילך.

קאָפּ, ווי אַזוי מאַכט מען ביילקע זאָל זיך „דורכפאָרן“. פור און פערד זיינען אַפילו געווען אונטער דער נאָז, אַ טייל פון משה־לייבס פּרנסה געווען, נאָר ווייל זיי זיינען געווען אַזוי נאָענט איז אים נישט איינגעפאַלן צו באַנוצן זיי פאָרן געזונט פון זיין אייגענער טאָכטער.

— דאָס בעסטע — מאַכט שיינע־שרה — וואָלט געווען ביילקע זאָל זיך דורכפאָרן צו דער שוועסטער אין מאַהילעוו...

אָבער משה־לייב איז אַן אויפגעקאָכטער געוואָרן:

— שוין ווייטער מאַהילעוו? פאַר אַלע חולאתן איז ביי דיר פאַראַן איין רפואה — מאַהילעוו. פאַרגעסט, אַז אונדזער צילע, אַן עין־הרע, איז אויף דער צייט און אַז זי האָט שוין אַזוי אויך גענוג צו טאָן אַרום אונדזער בן־יחיד, מיטן קעסט, וואָס ער עסט ביי איר...

און אין מיטן קאָכן זיך אַזוי גיט ער זיך אַ פּאַטש אין שטערן און אַנטדעקט אַ נייע אַמעריקע:

— שאַ, און וואו זיינען עפּעס מיין פערד און וואָגן? אויף וואָס טויגן מיר אַלע מאַהילעווס, אויף וואָס?

און עס איז געבליבן ביילקע זאָל זיך „צו ביסלעך“ דורכפאָרן מיטן טאַטן. איין מאָל — עטלעכע וויאָרסט דורך פעלד, אַ צווייטן מאָל — דורכן וואַלד.

## 3

האָט ער זי שוין אַזוי עטלעכע מאָל גענומען, משה־לייב, אין זיין אויסגעבעטן האַלב־פּויערישן וואָגן. מיטן פאַראָם אַריבערגעפאָרן און אַוועק מיט איר קיין „זאַרעטשיע“.*) אין בית־עלמין שטעטל „רישקאָקי“ דורכפאָרן זיך מיט איר און קיין סטאַרי־שקלאָוו — דאָרטן, וואו די אַזערע שטראָמט אַרויס פון איר סאַמע ערשטן קוואַל. דאָס האָט ביילקעןווירקלעך אָפּגעפרישט אַ ביסל, אויפגעמונטערט זי. אַ בעסערן אַפּעטיט געגעבן און אַ בעסערן שלאָף. אָבער קיין מאַקאַראָווקי, וואו אַפאַנאַס און די געוועזענע אַם וואוינען, וואו איר מילך־ברודער אַרבעט אין פעלד און לערנט אַזוי פלייסיק „הראַמאַטיקע“, אַהין איז עפּעס קיין מאָל נישט אויסגעקומען אַראָפּצופאָרן. אָט מאָרגן, איבערמאָרגן, דאַכט זיך, פאָרט זי מיטן טאַטן צו גאַסט. שוין אָפּגעמאַכט — און אַלע מאָל מאַכט זיך אַזוי, אַז שיינע־שרה מישט זיך אַריין, זוכט עפּעס אויס אַ תּירוץ און ביילקע בלייבט אין דער היים.

טוט זי, ביילקע, וואָס די מאַמע הייסט איר, אָבער די פריילעכקייט גייט פון איר אַוועק. זי טוט איר אַרבעט און שווייגט. זי זינגט נישט. זי קוקט אַפילו דער מאַמען אין די אויגן נישט אַריין. מיידט זי אויס.

---

*) הינטער־טייך.

דערכאַפּט שיינע־שרה איר מיזינקעס אַראָפּגעלאָזטן קוק, פאַרבויגט זי אַ ליפּ אין אַ שמייכעלע און טרייסט זי:

— אַט, טאָכטערקע, עס וועט קומען שניט־צייט וועלן מיר, מירצע־שעם, אַרויספאָרן כאַפּן לופט אין מאַקאַראָווקי. איך וועל אויך פאָרן, וועסטו זיצן צווישן טאַטן און מאַמען. ווילסט?

קוקטביילקע אַריין דער מאַמען אין די אויגן. זיי שמייכלען נישט ווי אירע ליפּן און זינען אָנגעצילט אויף איר...

אונטער דעם דאָזיקן פאַרשנדיקן קוק איז ביילקע רויט געוואָרן. די מאַמע ווייסט אַפּנים, אַז זי איז פון אַזאַ „צווישן" אַ האָר נישט נתפּעל; אַז גליקלעכער וואָלט זי, ביילקע, געווען ווען זי קען פאָרן מיטן טאַטן אַליין...

מען האָט פונדעסטוועגן אָנגעזאָגט דער אָם אין מאַקאַראָווקי: זייט וויסן געסט פון „אונטערבאַרג" קלייבן זיך צו אייך, וועלן צו אייך, מיט גאָטס הילף, אַראָפּפאָרן שניט־צייט אין פעלד. און ביילקע, אייער מילך־טאָכטער, וועט אויך קומען.

האַפּיאַ איז שיר פון זינען ניט אַראָפּ פאַר שמחה: געוואָרט, גע־וואָרט און דערוואָרט זיך. צום פּרישטיק, אין באַשטימטן טאָג, האָט זי אָנ־געגרייט פרישן קוואַס, רויטע אייער און דעם ערשטן האָניק פאַר איר מילך־טעכטערל.

צו שיינע־שרהס גרויסן צער האָט אָבער געטראָפן אַזוי, אַז זי איז אין יענעם טאָג אויפגעשטאַנען מיט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק, און דאָס טרייסלען זיך צען וויאָרסט נאָכאַנאַנד ביז מאַקאַראָווקי אויף אַ פראָסטן וואָגן, אָן ספּרוזשינעס, האָט זי אָפּגעשראָקן. „עס וועט מיר, שונאי־ישראל, דעם מוח אויסטרייסלען..." האָט זי זיך געקלאָגט. אָבער צו געפינען אַ תירוץ — ביילקע זאָל אויך נישט פאָרן — האָט זי דאָס מאָל נישט באַוויזן. טאָמער ווייניק — האָט זיך נאָך משה־לייב איינגעשפּאַרט און גענומען בורטשען דורך די געדיכטע וואָנסעס:

— מיר וועלן זיך די בעל־גופן מאַכן פאַר שונאים... עס פּאַסט נישט.

האָט שיינע־שרה געמוזט נאָכגעבן. אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטוך און געלאָזן פאָרן איר ציטערדיקע מיזינקע מיטן אָנגע־ברוגזטן טאַטן אַליין.

נאָר ווען ביילקע איז שוין געזעסן אינעם טאַטנס וואָגן אַ זיס־אויפּ־געגרעגטע, אַ גליקלעכע — האָט נאָך שיינע־שרה געפונען אַ מינוט צו בלייבן מיטן מאַן אויג אויף אויג אין טונקעלן פירהויז און וואָרענען אים:

— זע נאָר, משה־לייב, גיב אַכטונג!

— אַכטונג? — האָט זיך משה־לייב געמאַכט, אַז ער פאַרשטייט נישט, — אויף וועמען אַכטונג?

— ששש! — האָט זיך שיינע־שרה צעבייזערט, — וואָס האָסטו אויפגעעפנט אַזאַ מויל, טויב בין איך?

איצט האָט זיך משה־לייב כלומרשט געכאַפּט:

— אַך, דאָס?... נאַרישקייטן.

— משה־לייב, איך האָב מורא.

— לייען אָפּ קריאת־שמע און לייג זיך שלאָפן.

מיט איין גליענדיקן אויער האָט ביילקע, אין וואָגן, דערכאַפּט דאָס צעוווערטלען זיך, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זיך צעווערטלט אין פינצטערן פּירהויז, הינטער אירע פּלייצעס. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, און אַ שרעק האָט זי אָנגעכאַפּט, טאָמער קומט אויס צו קריכן צוריק פון וואָגן, בלייבן אַ גאַנצן טאָג אין פאַבריקן קאָד־שטוב... און ווען דער טאַטע איז אַן אַנטשלאָסענער אַרויס פון פּירהויז, מיטן בייטש אין גאַרטל, הויבנדיק קוים־קוים מיט די פּלייצעס, האָט זי צו אים דערפילט אַ זעלטענע וואַרעמקייט, אַ טיפע דאַנקבאַרקייט. זי וואָלט זיך נישט געשעמט וואָלט זי זיך צוגעטוליעט מיטן פּנים צו זיין שוואַרצער, קוים־פאַרגרויטער באָרד און וואָלט אים געדאַנקט... ווי אַזוי צו דאַנקען און פאַרוואָס האָט זי קלאָר נישט געוואוסט. זי האָט נאָר געוואוסט, אַז דער טאַטע שטעלט זיך פאַר איר איין, אַז ער ראַטעוועט זי אַרויס פון אַ מוראדיקער נודאַטע... פונקט אַזאַ שטאַרקע אומצופרידנקייט האָט זי דערפילט צו איר מאַמען. מען וואָלט געקענט זאָגן — אַ שנאה צו דער, וועלכע האָט זי אַזוי און קיכלט זי און נעמט איר אין דער זעלבער צייט אַרויס דעם געזונט מיט איר נאָכקוקן אומעטום, מיט איר שטיין אויפן פריילעכן וועג, וועלכער פירט קיין מאַקאַראָווקי.

דאָס שנאה־געפיל צו דער אייגענער מאַמען האָט ביילקען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און קוים אָפּגעענטפערט אויפן „פאַר געזונטערהייט“ וואָס די מאַמע האָט איר שוואַך נאָכגעשריען.

## זיבעטער קאַפּיטל

# ווי אַזוי מען שניידט קאָרן...

### 1

אָפּגעטרייסלט האָט זיך ביילקע פון איר טרוימערישקייט און פון איר בייזקייט אויף דער מאַמען, ווען דעם טאַטנס וואָגן האָט זיך אַרויסגעקאַראַבקעט פון אַזערע־טאָל און אַרויפגעקליבן זיך אויפן הויכן מאַהילעווער שליאַך, וועלכער פאַרנעמט זיך אַ וועלכענע צען קלאַפטער העכער איבערן „אונטערבאַרג“.

די אַנגעצויגענע לייצעס אינעם טאַטנס הענט און, להבדיל, דעם פערדס אַנגעצויגענע ליטקעס האָבן זיך אָפּגעלאָזן. און לייכט און לעבעדיק, ווי ער וואָלט זיך געשפּילט אין „פערדלעך" מיט משה־לייבן און מיט זיין טאַכטער, האָט דער סוס גענומען פּלאָנטערן מיט אַלע פיר פיס, אַזוי ווי שיינע־שרה מיט אירע שפּיזלען, און נישט פאַרפּלאָנטערט זיי. פאַרקערט, וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער געהעצקעט דעם וואָגן, אַלץ גיכער און גלאַטער געטראָגן אים.

לעבעדיקער איז געוואָרן אַפילו דער זייל שטויב הינטערן וואָגן. שטיפעריש האָט ער זיך אַצינד געדרייט. אַמאָל פאַראויס פאַרלאָפן, אַמאָל — אָן אַ זייט. און אָפּגעגעבן, די צוויי טשודאַקעס אין וואָגן, מיט יענעם זומערדיקן ערד־ריח, וואָס קיצלט אין נאָז און וועקט אומקלאָרע בענקשאַפטן און גיט דעם פאַרגעשמאַק פון נייע געגנטן און פון נייע מענטשן.

דער געדיכטער סאָסנע־וואַלד האָט זיך אָנגערוקט. און איידער אַריינפאָרן אין זיין גרינער טונקלקייט האָט זיך ביילקע אומגעקוקט אויף צוריק און שיר נישט אַ געשריי געטאָן, אַזוי אַנטציקט איז זי געוואָרן. ווי אויף דער דלאָניע האָט זי דערזען גאַנץ שקלאָוו מיט איר גרויסער געמויערטער שול אין מיטן און, להבדיל, מיט איר פּראַוואָסלאַוונעם פינף־קעפּיקן קלויסטער אין דער ווייטן. די הילצערנע הייזער טוליען זיך אַרום זייערע גרינע דעכער און ווייסע קאַרניזן, ווי גרויע בלעטער אַרום צוויי פרישע בוקעטן. און „שרה־בריינקע" די אָזערע נעמט זיי אַרום מיט אַ זילבערנער סטענגע, צעפּעכערט זיך לעבן די אונטערבאַרגער מילן און פאַלט אַריין, ווי אַ שטיק גלאָז, אין דניעפּר־טאָל... ביילקע האָט זיך אַזוי מער נישט געקענט אָפּרייסן פון דעם וואָס זי זעט דאָ, פון אויבן אַראָפּ; ביז די גאַנצע פּאַנאָראַמע האָט געבומען ענגער ווערן, אָפּגיין אָן אַ זייט, ביז זי איז איינגעשלונגען געוואָרן אין אָנגעלאָפענעם וואַלד.

אַצינד איז פונעם פאָראויס און פון דעם צוריק געוואָרן איין בילד: צוויי סאָסנע־ווענט פון ביידע זייטן און אין מיטן לויפט אַ רויט־זאַמדיקער שליאַך. קיין מאָלער אין דער וועלט וואָלט שענער נישט געקענט צופּאַסן די ברוין־קאָרעדיקע שטאַמען צום רויטן זאַמד. איבערן קאָפּ אַ ברייטער פּאַס הימל־בלויקייט און אונטער די רעדער — אַ רויטלעכער פּאַס ערד. און אין מיטן שווימט אַ וואָגן מיט צוויי לעבעדיקע נפשות. דער פערד קלאַפּט ליבלעך מיט זיינע פּאַדקעווקעלעך: „ציק־צאַק־צאַק... אַזוי, קינדערלעך, לעבט מען אויף דער וועלט!"... און עס פאָרט זיך.

אין אַ בלויען הימל, אין סאַמע עק הימל, האָט זיך, נאָך אַ האַלבער שעה פאָרן, באַוויזן אַ באַרג. „ס'איז דאַברייקער באַרג" — מאַכט דער טאַטע. נאָך אַ האַלבע שעה און מען פאָרט צו. נאָר דער טאַטע זאָגט אַז דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי, אַ ס'איז נאָך גוטע אַכט ווייאָרסט צו פאָרן.

און פריער וועט מען זיין אין מאַקאַראָווקי צו גאַסט איידער מען וועט דערפאָרן ביז דאָברייקע... און אויך דאָס האָט ביילקען אויסגעזען ווי אַ כּישוף.

מאַקאַראָווקי מיט אירע הייך־געמויזעכצן אויפן ברעג דניעפּר און מיט אירע קאָרן־פעלדער אויף משופּעדיקע בערגלעך האָבן זיך געלאָזט הערן עטלעכע וויאָרסט פריער, איידער מען איז צו זיי דערפאָרן. מיט אַ זיס־לעכן ריח פון היי און סנאָפּעס, וואָס באַקן זיך אויף דער זון, מיט אַ קלאַנג פון סערפּעס און מיט אַ פּאַרטאַיעטער צירצעריי פון גרילן. דער וואַלד־וועג איז זיך צעפאָרן אויף רעכטס און לינקס און פון זיינע אויסגעברייטע אָרעמס איז אַרויסגעשפּרונגען דער גרינער שפּיץ פון דאָרף־קלויסטערל, וועלכער ליגט אין דניעפּר־טאָל. באַלד האָבן זיך דערהערט מענטשלעכע קולות, אַן אָפּגעריסענער געזאַנג פון פויערטעס, אַ האָווקען פון הינט. אַ גרויסער סטאָג היי איז אַרויסגעלאָפן, און הינטער אים אַ — משופּע־דיקער פעלד, פאַרגאָסן מיט גאָלד פון צייטיקע גערדיכטע זאַנגען. אַ טייל פון פעלד איז געווען אויסגעגאָלט, און אין פּליך זיינען געווען צעשאָטן געלבע סנאָפּעס און קאָלירטע מענטשעלעך.

2

עמעצער אַ הויכער, אַ שוואַרץ־באָרדיקער, אין לייוונטענע העמד־און־הויזן האָט אין שניט־פעלד דערזען די אָנגעקומענע געסט. איז ער מיטן סערפּ אין האַנט אַרויסגעלאָפן פון קאָרן און אַ לאָז געטאָן זיך צום שליאַך, לויפנדיק פאַררוקט דעם סערפּ אין גאַרטל און גענומען פאָכען מיטביידע הענט. דאָס זעלבע האָט נאָכגעטאָן אַ צווייטער, אָבער אַ סך אַ קלע־נערער פויערל. לויפנדיק נאָכן גרויסן האָט ער אויך פאַררוקט דעם סערפּ אין גאַרטל און אויך גענומען פאָכען מיט די הענט.

— דאָס מוז זיין אַפאַנאַס! — האָט משה־לייב געמאַכט אַ דעכעלע איבער די אויגן.

ביי ביילקען האָט זיך דאָס האַרץ צעפּויקט. ווער דער צווייטער איז האָט זי זיך אַליין אָנגעשטויסן. איר האָט זיך אָבער געדוכט, אַז ס'איז אַ חלום און האָט געוואָלט דער טאַטע זאָל זי אויפוועקן:

— זע, טאַטע, און ווער איז דאָס דער צווייטער, דער קלענינקער?

— מסתּמא וואַנקע! — האָט משה־לייב גלייכגילטיק אָפּגעענטפערט.

נאָכקוקנדיק די אַוועקגעלאָפענע, זיינען אַלע סערפּן אַנטשוויגן גע־וואָרן און די זינגענדיקע פויערטעס זיינען געבליבן שטיין פאַרגליווערטע. פאַרחידושט זיך, מסתּמא, אויפן אָנגעפאַרענעם וואָגן און אויף די שטאָ־טישע געסט. דער „גרויסער" און דער „קליינער" זיינען דערווייל אַריינגע־

לאָפּן אין שאָטן פון אַ גרויסן סטאָג היי און זײַנען אַ ווײַלע אין גאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון ביילקעס אויגן. אַצינד האָט זי אַ סך דײַטלעכער דערהערט דאָס גרילצן אין גראָז פון בײדע זײַטן וואָגן. ציס־צאָס, ציס־צאָס... ווי מען וואָלט געשאַרפט מעסער אָן מעסער. דאָס האָבן די גרילן געאַרבעט אויף אַלע כלים. אָבער געדוכט האָט זיך, אַז דאָס זידן די לעצטע, געדיכט־געוואָרענע זאַפּטן אין דער הייסער ערד, די לעצטע זומערדיקע שפּע...

אָבער אַרײַננעמען אין זיך די דאָזיקע טיפע מוזיק האָט מען מער ווי אַ האַלבע מינוט נישט געלאָזן. אַפאַנאַס איז אַרויסגעלאָפן פון הינטער דעם סטאָג היי אַ צעהיצטער, אַ פרײלעכער.

— כליעב־סאָל, לעיבאַ! *) — האָט ער אויסגעשאָסן — און גוט־מאָרגן דיר, בעלקאַ! מײַן אַלטע וואָרט דאָך שוין אויף אײַך. וועט באַלד קומען מיטן אָנבײסן פון דאָרף. קומט, קומט אַראָפּ פון וואָגן! קאַלטינקן קוואַס וועלן מיר אויסטרינקען...

פּאַוואָליע, ווי די ווײַס אירע וואָלטן געווען פון בלײַ, האָט ביילקע אויפגעעפנט בײדע אויגן. און דאָס ערשטע אויף וואָס זי האָבן זיך אָפּגעשטעלט איז געווען וואַנקעס גאָרטל. זײַן העלע בלויקייט איז אַצינד געווען באַלויכטן מיט אַ זילבערנעם בליאַסק פון אַ גרויסער האַלבער לבנה... דאָס איז געווען דער סערפּ — אויסגעפּולירט און אויסגעגלעט פון קאָרן־שניט. אַצינד האָט דער פאַרשעמטער קוק אירער אַ קלעטער־געטאָן און דערזען וואַנקעס אויגן. דאָ, אויפן גרינעם און גאָלדענעם גרונט פון פעלדער, האָבן זיי נאָך מער געפּאַסט צו דער בלויקייט פון גאָרטל, אײדער אַמאָל אויפן יאַריד אין שקלאָוו. דער בליאַסקענדיקער סערפּ האָט זיי נאָך צוגעגעבן אַן אויסדרוק פון אַ כוואַט. די האָר וואַניעס זײַנען געווען צעבלאָזן פון פעלד־ווינט, שטיפעריש צעוואָרפן אַרום די אויערן אין בלאָס־גאָלדיקע קודלעס. און איבער דעם אַלעמען — אַ שאָטן פון אַן אומגעלומפּערט גרויסן שטרויענעם הוט. דער הוט האָט, ווי אין אַ ראָם, אַרומגענומען די האָר, די אויגן, דעם צעהיצטן פּנים. דער זעלבער וואַניע ווי אַמאָל, דאַכט זיך, און פאָרט נישט דער זעלבער. ער איז אַ סך רויאיקער און זיכערער ווי אַמאָל, פון יענער צעטומלעניש און האַסטיקייט, בשעתן פאַרהערן אים אין „הראַמאַטיקע“, איז קיין זכר נישט געבליבן. איצטער ווייסט ער וואָס ער האָט צו טאָן. און זי דאָ איז די קלײניקע, די שעמעוודיקע; האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט צווישן גראָז־פּליינען און שניט־פעלדער און וואַרט מען זאָל זי פאַרהערן...

כדי צו באַהאַלטן איר פאַרלעגנהייט, האָט זי זיך האַסטיק, אַ ביסעלע

---

*) ברויט מיט זאַלץ, לייב!

צו האַסטיק, אַראָפּגעכאַפּט פון וואָגן. מיט איין פינגער אָנגערירט וואַניעס סערפּ אין גאַרטל און געזאָגט, אַז זי וויל אויך שניידן אין פעלד, פּרואוון וויל זי...

אַפאַנאַס און משה־לייב האָבן זיך צעשמייכלט אין די בערד.

— מיינסט, — מאַכט דער טאַטע — אַז ס׳איז אַזוי לייכט? ס׳איז דיר נישט אַ זאַך פאַרצירעוועו...

אָבער ביילקע האָט זיך איינגעשפּאַרט. זי איז אַפילו ביזלעך געוואָרן. איין מאָל פאַר אַלע מאָל: זי וויל און זי וויל. און וואַנקע האָט זיך אונטערגענומען לערנען זי.

מיט אַ בלאַנדזשענדיקן שמייכל האָט זי אים דערפאַר באַדאַנקט און מיט אַ פאַרשוואומענעם קוק אָן ווערטער. באַדאַנקט דערפאַר, וואָס ער האָט זי אַזוי גוט פאַרשטאַנען; אַז מיינען מיינט זי דאָ נישט אַזוי דאָס שניידן קאָרן, ווי דאָס אָפּטראָגן זיך... וואָס ווייטער אָפּטראָגן זיך פון די אַלטע לייט, וואָס פלאָנטערן זיך דאָ צווישן זיי ביידן און לאָזן פריי אַ וואָרט נישט אויסריידן.

איז משה־לייבן מער גאָרנישט געבליבן ווי אונטערבינדן אַ זעקל האָבער דעם פערד אונטער דער מאָרדע און לאָזן די קינדער זיי זאָלן זיך דערווייטערן אין קאָרן־פעלד אַריין, אויפן נאָענטסטן באַרג־אַרויף. ער אַליין איז געבליבן זיצן מיט אַפאַנאַסן אין שאָטן פון גרויסן סטאָג היי, געטרונקען ברויט־קוואַס פון הילצערנע טעפּעלעך און געפירט סוחרישע שמועסן וועגן גערעטעניש, וועגן היי־יאָריקע בולבעס און קרויט. און מיט איין אויג, בשעת־מעשה, אַכטונג געגעבן און נאָכגעקוקט ווי אַזוי וואַנקע גיט לעקציעס זיין ביילקען, מיטן סערפּ אין האַנט און מיט אַ סנאָפּ זאַנגען אין אָרעם. ער האָט דאָס אָבער געטאָן מער פון יוצא וועגן ווי פון אומצוטרוי. שיינע־שרהס אָנזאָג, ער זאָל אַכטונג געבן, האָט אים אַ ביסל געטאָרעט אין מוח. אָבער דער קוואַס איז געווען מחיהדיק קיל און אויפן האַרצן איז געווען גוט. האָט ער אַזוי אַכטונג געגעבן און געקערט דעם קאָפּ ביז דער האַלדז איז אים מיד געוואָרן. האָט ער אויפגעהערט.

### 3

וואַנקע האָט דערוייל, זיין מילך־שוועסטער, געגעבן אַ לעקציע ווי צו שניידן דעם קאָרן. מיטן לינקן אָרעם, אַזוי האָט ער זי געלערנט, מוז מען אַרומכאַפּן אַ פּוק שטייענדיקע זאַנגען. און אונטן, ביי די וואָרצלען, אַרומכאַפּן דעם זעלבן פּוק מיט דעם האַלב־קיילעכדיקן סערפּ און אָפּשניידן אי פלינק אי פאַרזיכטיק, כדי די צייטיקע קערנער זאָלן זיך פון די זאַנגען־קעפּ נישט אַרויסטרייסלען, כדי דער שאַרפער שפּיץ זאָל

אַ פּוס נישט צעשטעכן. פון צוויי־דריי מאָל דורכשניידן מיטן סערפּ מאַכט מען אַ סנאָפּ, וואָס ווערט צוזאַמענגעבונדן מיט אַ לאַנגער שטרוי, ווי מיט אַ שנירל.

דער טאַטע איז געווען גערעכט: קאָרן שניידן איז נישט אַ זאַך פאַרצירעוועט. דער האַלב־קיילעכדיקער שאַרף פון סערפּ האָט זיך, אין ביילקעס האַנט, געגליטשט איבער די אַרומגעכאַפּטע זאַנגען. די קערנער האָבן זיך געשאָטן פון די האָריקע קעפּ. דער אייזערנער שפּיץ האָט פאַרטשעפּעט דעם זוים פון קליידל און איר דורכגעשטאָכן, שיר אין קני נישט אַריין... ביילקע האָט זיך געהיצט, געשוויצט און ס׳איז בײַ איר גאָר נישט אַרויסגעקומען.

כדי בעסער און גרינגלעכער ווייזן איר, ווי אַזוי מען באַדאַרף צו טאָן, האָט דאָס וואַנקע, אָן שום חכמות, געוויזן אויף איר אַליין: מיט דער לינקער האַנט אַרומגענומען זי איבער די היפּטן און מיט דעם סערפּ אין דער רעכטער האַנט פאַרמאָסטן זיך. אָט אַזוי, הייסט דאָס, דאַרף מען שניידן בײַ די וואָרצלען...

אָבער ביילקע האָט זיך פלינק אַרויסגעגליטשט פון זיין אָרעם. „לאָז!“ מאַכט זי און אָנגעברוגזט דעם צעהיצטן שטערן. וואַניעס טונקל בלויע אויגן האָבן זיך אויפגעריסן. ער האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרוואונדערט אויף אַזאַ פלוצלעכער שטרענגקייט. ער האָט דאָך גאָרנישט ניט געמיינט, נאָר באַווייזן...

נאָך אַ מינוט פאַרלעגנהייט זיינען ביידע געקומען צו זיך. אָבער וואַניע האָט שוין פאַרלאָרן דעם חשק פאָרצוזעצן זיין פריערשע לעקציע. „נאָ, מאַכט ער, בעסער איך אַליין זאָל שניידן און דו וועסט בינדן די סנאָפּעס!...“

דאָס האָט זי זיך גיכער אויסגעלערנט און ס׳איז אַוועק ווי אַ מזמור. וואַניע כאַפּט אַרום אַ פּוק קאָרן און שניידט אָפּ, כאַפּט אַרום אַ צווייטן און שניידט אָפּ, לייגט אַוועק מיט די האָריקע קעפּ אויף אַ זייט אין איין גלייכער ווירע און ביילקע גייט אים נאָך און בינדט צונויף. די סנאָפּעס שעפּטשען ווען מען בינדט זיי אַרום. און ביילקען דוכט זיך אַז זיי סודען זיך איבער איר, לאַכן אָפּ וואָס זי איז אַזאַ יענטעטשקע, אַ מאַמעס אַ טאָכטער. האָט מורא מען זאָל זי מיט אַ פינגער אָנרירן, אַן איידעלע זאַך... הויבט איר פלוצלונג אָן צו פאַרדריסן וואָס וואַניע נעמט אַזוי ליבלעך אַרום די פּעק מיט זאַנגען און ניט זי... ער שניידט זיי אונטער און לייגט אַוועק. אויף איר אַליין קוקט ער זיך מער נישט אום...

דאָ האָט אַ וואַרעמער ווינטל אַ צי געטאָן פון אונטן, פון די בידעריקערע פּליינען און סטאָגן אַרויפגעקלעטערט; אַ געדיכטער ריח פון היי האָט זיך צעטראָגן און פאַרשלונגען דעם טרוקענעם קאָרן־ריח. ביילקע

האָט דורשטיק אויסגעצויגן דעם האַלדז און געבליבן שטיין מיט אַ בישט־דערבונדענעם סנאָפּ אין די אָרעמס. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי און וואַניע האָבן זיך קליינערהייט געקייקלט פון וואָגן אין שפּייכלער אַריין. אויך דעמאָלט האָט געשמעקט מיט היי אין דער האַלב־פינצטערניש... מיטאַמאָל דערזעט זי, אַז אויך וואַניע האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַפּגעלאָזן די קאָרן־זאַנגען, שטייט מיטן גלאַנציקן סערפּ אין האַנט און ציט די לופט מיט אויפגעבלאָזענע נאָזלעכער. די אויגן זיינען ביי אים אויסגעקוילערט פון אַנטציקונג.

— טשואיש? טשואיש? *) — מאַכט ער און ווייזט אָן מיטן סערפּ ערגעץ־וואו אין דער בלויער ווייטקייט אַריין.

זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אָן ווערטער. אויך ער האָט זיך דערמאָנט דאָס אַמאָליקע שפּיל אין היי־שפּייכלער. ביידע האָבן זיך אַצינד אָנגעקוקט מיט שיכורע אויגן. און ווי אויף איין קאָמאַנדע, נישט ריידנדיק קיין וואָרט און מיט דריבנע טריטעלעך, גענומען דערנענטערן זיך איינער צום צווייטן. נאָך איין טריטעלע און זיי וואָלטן —

וואָס וואָלטן זיי?... אַז אין מיטן דרינען האָט אַפאַנאַסעס קול אויסגעשריען פון אונטן; פון צווישן די היי־סטאָגעס איז עס אָנגעקומען ווי אַ דונער:

— העי, העי, שניאַדאַניע! **)

און נאָך אים האָט משה־לייבס קול אויך אויפגעברומט, פאַרטייטשט:

— וואַרימעס, קינדער! וואַרימעס!

אויסגעטשוכעטע האָבן ביילקע און וואַניע גענומען לויפן פון דעם משופּעדיקן קאָרן־פעלד אַראָפּ, אויסגעמידן קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן, אַ וואָרט אויסריידן. עפּעס ווי מען וואָלט זיי געכאַפּט ביי אַ נישט שייגער זאַך.

4

אָנבייסן, שניט־צייט אויפן פרייען פעלד, איז די שענסטע שעה פאַר די שניטער, אַזוי ווי פאַר די וואָס קוקן צו. פון אַלע זייטן קומען אָן אַלטע פּויערטעס און קינדער, טראָגן קלומיקעס און אַרומגעבונדענע קריגעלעך פאַר זייערע טאַטעס און ברידער. די שניטער ווישן זיך דעם שווייס מיט די לייוונטענע פאָלעס און קומען זיך צוזאַמען וואו ס'איז קילער און שאָטנדיקער. דאָ, אין מאַקאַראָווקער פעלדער, איז דער קילער אָרט געווען צווישן די היי־סטאָגעס, נאָענטער צום וואַסער. און ווען וואַנקע און זיין מילך־שוועסטער זיינען אָנגעלאָפן, זיינען שוין דאָ קאָלירטע כוסטעס

---

*) דו פילסט? דו פילסט?

**) העי, העי, אָנבייסן!

און שטרויענע היט געזעסן אין האַלב־קרייז, און פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך געקוויקט מיטן ערשטן טרונק קוואַס.

דאָס ווייען פון נאָענטן דניעפּער־שטראָם האָט ביילקען אָפּגעפרישט, באַרואיקט, און זי האָט דערפילט, אַז זי איז שטאַרק דורשטיק. פון אַ ביסן ברויט מיט רעטעך וואָלט זי זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט. אָבער איי־דער דערקלייבן זיך צום קילן טרונק און צום געשמאַקן דאָרפישן ברויט, האָט זי נאָך געמוזט דורכגיין דורך האַפּיאָס ליבשאַפט.

איר געוועזענע אָם איז שוין דאָ געווען אָנגעקומען פון דאָרף אַ קיי־לעכדיקע, אַ ווייסע מיט בלויע אויגן, ענלעך צו איר וואַניען. אירע אָרעמס זיינען געווען באַלאָדן מיט קלומיקעס, אין גראָבן לייוונט איינגעוויקלט. און נאָך איידער זי האָט זיך באַפרייט פון אירע פּעקלעך, האָט זי שוין גע־נומען זינגען מיט אַ וויינענדיקן קול צו איר האָדולקע: „בעלקאַ, האָלו־בושקאַ, האַרציקע, טייערע!...״ דערנאָך, מיט באַפרייטע אָרעמס, אָרויפ־געפאַלן אויף איר, גענומען האַלדזן און קושן: „איז וואָס־זשע מאַכסטו, קראַסאַוויצע געמאָלענע? לאָז, לאָמיך אָנקוקן דיינע ליכטיקע אויגן!...״

די דאָרפישע שניטערקעס, יונגע און עלטערע, האָבן זיי ביידן אַרומגערינגלט, און מיט נייגעריקער קנאה באַטראַכט די „שטאָטישע שיינ־הייט״, איבערגעשעפּטשעט זיך; לאַכנדיק און שמונצערנדיק, צוגעשאָקלט מיט רויט־באַטיכלטע קעפּ. אַ מין אָנגעלאָף אויף אַ וואונדערלעכער חיה איז דאָ געוואָרן; אויף אַ באַשעפעניש, וועלכע האַפּיאָ לויבט אין הימל אַריין. די געפאַנגענע חיה זוכט אַ מיטל, ווי אַזוי אַרויסצורייסן זיך פון קרייז, און קען נישט... און לייכטער איז ביילקען געוואָרן אויפן האַרצן, ווען אַפּאַנאַס האָט זיך צעשריען אויף זיין צעיאַכמערטער פּלוגיתטע:

— לאָז זי שוין צורו, האַפּיאַ! זעסט נישט?... גיב איר בעסער עפּעס אין מויל אַריין!

און די גאַנצע משפחה אַפּאַנאַסעס, אַזוי ווי די אַנדערע שניטער, האָבן זיך צעזעצט אין שאָטן פון גרויסן היי־סטאָג און פריילעך אויפגע־בונדן די קלומיקעס, די לייוונטענע פּאָקרישקעס אַראָפּגענומען פון די פולע קרוגן.

קיין באַזונדערע געריכטן מיט פּאַטראַוועס זיינען דאָ נישט געווען. מען האָט געגעסן שוואַרץ־ברויט, ברוין, אַזוי ווי ציקאָריע, מיט אַ ריזז פון מאַלץ. יעדן שטיקל האָט מען געטונקט אין גראָבן זאַלץ און פאַר־ביסן מיט האַלב־גרינע האַלב־פאַרגעלבטע אוגערקעס. אין דער היים, ביי דער מאַמען, וואָלט מען אַזעלכע אוגערקעס אַריינגעבראַקט דעו־בהמה אין פּאָילע אַריין. דאָ האָבן זיי געהאַט אַ טעם פון קאַווענע, אויף וועלכער מען מאַכט „שהחיינו״. פּונקט אַזוי מחיהדיק איז געווען דעו־פראָסטער ברויט־קוואַס. פון וואַנען האָט זיך אין אים מיטאַמאָל גענומען

אַזאַ קוויקנדיקע זויערקייט? אויפן זומערדיקן יאַריד אין שקלאָוו האָט דאָס איין מאָלביילקע פאַרזוכט, פאַר אַ קאָפּיקע אַ גאַנצע גלאָז. האָט זי זיך גלייך פאַרקרימט און אויסגעגאָסן.

צוליב אַזעלכע אַנגעלייגטע געסט האָט נאָך האַפּיאַ אָפּגעקאָכט עט־לעכע פרישע אייער און רויט אָפּגעפאַרבט זיי, ווי אויף „פּאַסקע" *). אַ שי־סעלע האָניק האָט זי אויך געבראַכט מיט די וועקסענע סאָטעס צוזאַמען. אויך דאָס האָט ביילקע דערזען ווי אַ וואונדער. אַ זשעדנעם ציטער דערפילט אין די שפּיצן־פינגער, ווען זי האָט גענומען שיילן איין איי אַזאַ. ווי לע־בעדיקע פאַרצעליי איז דאָס ווייסל געזעסן אין רויטן שאָלעכץ. און נאָך דעם ערשטן ביס האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס בלוילעכע האַרט־געקאָכטע געלכל. ביילקע האָט זיך געמוזט פאַרזשמורען פון אַזאַ פאַרבן־שפּיל און פאַרזיכטיקער גענומען עסן. יעטוועדער ברעקעלע געזשאַלעוועט, עס זאָל נישט גיין לאיבוד. ווי אַן עכטע דאָרפישע געטאָן דאָס. כאָטש קיינער האָט זי דערצו נישט גענויט, נישט געלערנט אַפילו.

פאַרטרינקען, נאָך עטלעכע אַזעלכע שטאָפּיקע ביסנס, מיטן קילן קוואָס איז געווען אַ באַזונדער פאַרגעניגן. דער דאָרפישער געטראַנק האָט געגלעט אין הייסן האַלדז, קוים־קוים געזאָדן אויף דער צונג און גע־קיצלט אין נאָז מיט זיין שטאַרקייט. די מאַמע שטאָפּט זי דאָך אין דער היים מיט הינדלעך, מיט קאַקאַאָ, מיט געפילטע טויבן, און מיינט אַז דערפון וועט זי, ביילקע, געהאָלפן ווערן... ניין, ניין! אָט וואו עס ליגט דער אמתער טעם און דער אמתער אַפּעטיט. אַנהאַרעווען זיך דאַרף מען, אָנ־שוויצן זיך, דערנאָך צובייסן אין שאָטן אויפן פרייען פעלד. אַזוי איז מען גליקלעך אויף דער וועלט. אָבער וואָס ווייסן זיי די „אונטערבאַרגער" מאַ־מעס פון אַזעלכע זאַכן!...

געשטערט אַ ביסל האָט נאָר האַפּיאַ, די געוועזענע אַם. אַליין ווייַ־ניק געגעסן, האָט זי געהאַלטן אין איין ריידן און אויספרעגן איר האָדול־קע: וואָס די מאַמע מאַכט און וואָס, להבדיל, דאָס קעלבל מאַכט? צי די ציג גיט מילך און ווען וועט דער ברודער יענקעלע קומען צו גאַסט פון מאָהילעוו?...

ביילקע האָט לכתחילה געענטפערט אויף אַלע שאלות. מיט אַ האַלבן מויל, אָבער געענטפערט. דערנאָך איז זי מיד געוואָרן און געמאַכט זיך, אַז זי הערט נישט, אַז דער מויל איז איר פאַרנומען. אַזוי־אַרום פאַרטיפט זיך אַלץ מער אין די פויערשע געריכטן. צו איר אייגענעם געשמאַק צו־געהערט זיך, ווי צו אַ שטילער מוזיק.

האַפּיאַ האָט דערזען, אַז ביילקע הערט זי נישט, האָט זי זיך אַ נעם

---

*) גוייִשער פסח.

געטאָן צו משה־לייבן, פֿאַרהאַקט אים דעם קאָפּ מיט די זעלבע פֿראַגן און פֿראַגעלעך.

משה־לייב איז געווען אויפֿגעלייגטער און גוטמוטיקער, ווי זיין טאַטער; פֿון דעם פֿויערשן עסעכץ איז ער אויך נישט נתפּעל געוואָרן, האָט ער אָפּגעענטפֿערט אויף אַלע פֿראַגן און פֿראַגעלעך אויספֿירלעך, פּאַוואָליע, שמייכלענדיק אין די שוואַרצע באָרד און וואָנסעס, פֿאַרטרינ־קענדיק יעדן ענטפֿער מיט קוואַס, אַזוי ווי פֿויערים טוען, ווען זיי זיינען אויפֿגעלייגט.

אָפּגעדברט אַזוי מיט האַפּיאַן אַ גוטע האַלבע שעה, דערפֿילט ער מיטאַמאָל, אַז עפּעס פֿעלט דאָ אין שאָטן פֿון גרויסן סטאָג היי. ער גיט אַ קוק — ביילקע איז נישטאָ, און וואַנקע, איר מילך־ברודער, איז אויך נישטאָ. ווען האָבן זיי דאָס באַוויזן אָפּצועסן און אַוועקמאַכן זיך אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען? אמת, אַ סך אַנדערע שניטער זיינען אויך אַזוי אַוועק. דאָס אָנשאַרפֿן פֿון זייערע טעמפּ־געוואָרענע סערפּן קלינגט־און־קלאַנגט איבערן פֿעלד. אָבער פּונדעסטוועגן... גאָר גלאַטיק איז דאָס נישט — אַזאַ פּלוצלעכער פֿאַרשווינדן. און דער עיקר — נישט־יידיש־לעך...

## אַכטער קאַפּיטל

# אַוועקגעשיקט ביילקען

1

פֿון דער פּלוצלעכער פּוסטקייט אַרום אים האָט משה־לייבן אָנגע־הויבן קלאַפּן אין האַרצן און אין די אויערן האָט אים אָפּגעקלונגען שיינע־שרהס וואָרנונג: „משה־לייב, גיב אַכטונג!“

ער האָט געוואָלט אַ רוף טאָן הויך אויפֿן קול: „ביילקע, ביילקע!...“ און איינגעהאַלטן זיך. דאָס וואָלט געווען נישט־קלוג. די פֿויערישע ניי־געריקייט פֿון גאַנצן דאָרף שניטער וואָלט ער דערמיט אויפֿגערודערט. און מער ווי בזיונות וואָלט ער דערפֿון נישט געהאַט. קיין אונטערשייד נישט: צי דער שרעק זיינער איז אַ גערעכטער, צי אַן אומזיסטער.

דעריבער האָט ער פֿאַרביסן אַ ליפּ, אָפּגעוואַרט און באַנוצט זיך מיט אַ מאָמענט, ווען האַפּיאַ איז געווען פֿאַרנומען מיט אָפּראַמען די רעשטן פֿון אָנבייסן און אָפּאַנאַס — מיט אָנשאַרפֿן זיין סערפּ. פּאַוואָליע האָט זיך משה־לייב אויפֿגעהויבן און פּאַוואָלינקע אַוועקגעמאַכט זיך זאַן

אַ זייט. דערנאָך איז ער אַוועק אַלץ גיכער און גיכער... וואוהין? די פעלדער זיינען גרויס און די סטאָגעס הויך, אויפן הויכן דניעפּר־ברעג, אַזוי ענלעך איינער צום צווייטן. אָבער דער פּאָטערלעכער חוש האָט משה־לייבן אַוועקגעפירט צום גרעסטן סטאָג היי, אין עק פעלד, וואו מער שאָטן און אָפּגעזונדערטקייט.

וואָס נענטער צו דעם דאָזיקן סטאָג, אַלץ פאַרזיכטיקער זיינען געוואָרן זיינע באַוועגונגען. דערביי האָט ער זיך אין האַרצן געשעמט, וואָס ער גנבעט זיך אַזוי, וואָס ער שפּיצט אַזוי הינטיש די אויערן. ווען נישט שיינע־שרהס וואָרנונג, וואָלט ער דאָס געוויס נישט געטאָן...

דערהערט האָט ער איידער ער האָט נאָך וואָס נישט איז דערזען. און דאָס וואָס ער האָט דערהערט, האָט אים אַראָפּגעקייקלט דאָס האַרץ צו די פּיאַטעס. ער איז שטיין געבליבן ווי אַ לאָמער.

— ניין, כי־כי, וואַניע, ניין!... — האָט ער דערהערט ביילקעס קול. אַ דערשטיקטער און אַ פאַרגעניגטער איז דער קול געווען. און דאָס כי־כיקען האָט אָפּגעקלונגען מיט פּאַרטאַיעטע הפקרות. אַזוי, ווייניקסטנס, האָט זיך משה־לייבן אויסגעדוכט. און באַלד נאָכדעם האָט ער דערהערט וואַנקעס קול — אַן ערנסטער, אַ בעטנדיקער:

— נאָך איין מאָל, בעלקאַ! אַזוי וועל איך דיך רופן: בעלקאַ, בעלקאַ...

נאָך איין טריטעלע און משה־לייב האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן סטאָג היי פון הינטן, אויסגעצויגן דעם האַלדז און אַרויסגעקוקט... „ווי אַ נייגעריקע יידענע!" האָט ער זיך אַליין געמוסרט. אָבער די ביטערע נייגעריקייט איז געווען שטאַרקער און ער האָט ווייטער געצויגן דעם האַלדז פון הינטערן סטאָג, מיט די הענט איינגעקלאַמערט אין היי, כדי נישט אומצופאַלן.

דאָס, וואָס ער האָט דערזען, איז נישט געווען אַזוי שרעקלעך, ווי מען וואָלט געקענט מיינען. פונדעסטוועגן איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן: סטייטש, ביילקע! זיין ביילקע!... זי ליגט, די מיזינקע, אין שאָטן פון סטאָג האַלב־אויסגעצויגן און וואַנקע זיצט לעבן איר און האַלט זי... אַזוי ווי אין שיר־השירים שטייט געשריבן: „זיין לינקע האַנט אונטער מיין קאָפּ און זיין רעכטע טוט מיך אַרומנעמען". זיין אומגעלומפּערטער שטרויענער הוט וואַלגערט זיך לעבן אים. זיינע פויערישע־אונטערגעשוירענע האָר זיינען צעוואָרפן און גלאַנצן, אויף דער זון, ווי פריש־געקראַצטע פענקע. דער דניעפּר־ווינטל שפּילט זיך מיט זיי, אַנטבלויזט און פאַרדעקט אַלע ווילע זיין צעהיצטן פּנים. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער איז שיכורלעך, געכאַפּט אַ כוסע, אַזאַ גויעצל, און האָט זיך צעיאַכמערט. אָבער ביילקע, ווייזט אויס, איז אַנטציקט פון אַזאַ שפּיל. אירע אויגן זיינען האַלב־פאַרזשמורעט, ווי ביי אַ קאַץ אויף אַ קריגל סמעטענע; נאָר זי האָט מורא

פאַרן באַלעבאָס — באַלעקט זי זיך נאָר... דער צאַפּ אירער איז פאַרוואָרפן אָן אַ זייט, כדי וואַנקען זאָל זיין באַקוועמער אונטערצולעהנען איר דענו קאָפּ. און דאָס רויטע בענדל אירס לויכט אַזוי הפקרדיק אין די שוואַרצע האָר און רעדט דאָס, וואָס זי אַליין זאָגט נישט אַרויס. דער גיהנום ברענט איר אין די האָר...

— לאָז מיך!... — אַזוי כלומרשט בעט זי זיך. — לאָז מיך, וואַניע!...

— און האַלט אים, פונדעסטוועגן, ביים בלויען גאַרטל. — לאָז מיך!... — און קוקט אים אַריין אין די אויגן מיט איר קעצישן קוקעלע. עפּעס גאָר נישט ווי אַ ייִדישע פּופּצן־יאַריקע טאָכטער.

— בעלקאַ, בעלקאַ! — שטאַמלט ער, דער פויערישער קאָפּ. מער האָט ער קיין ווערטער נישט.

— הער, הער! — מאַכט זי פּלוצלונג אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג און שטויסט אים לייכט אָפּ פון זיך. — הער ווי עס שמעקט מיט היי... מיינע היי... געדענקסטו? ווי אין שפּייכלער...

— ווי אין שפּייכלער... — זאָגט וואַנקע נאָך אַ באַטויבטער. — ווי אין... ווי דאָרטן...

און אין מיטן זוכן ווערטער גיט ער זיך אַ בויג אַראָפּ און זויגט זיך איין אין אירע האַלב־אָפענע ליפּן. איין מאָל און צוויי מאָל. אירע פאַר־זשמורעטע אויגן פאַרמאַכן זיך אײַנגאַנצן.

— ניאַ באָיסיאַ!... *) — ווערט וואַנקע דרייסטער פון אַזאַ נאָכגי־ביקייט. — ביסט מיין מילך־שוועסטער, בעלקאַ! מיין מילך־שוועסטער. אַ ברודער מעג. אַ מי... אַ מילך־ברודער... — אַזוי האָט ער ווידער גענומען שטאַמלען און זיין האַנט איז נאָך דרייסטער געוואָרן.

— ניין, מען טאָר נישט! — האָט אַ הייזעריקער קול אויפגעברומט. — מען טאָר נישט!...

2

גרויס איז געווען ביידנס שרעק, ביילקעס אַזוי ווי וואַנקעס. אַ דונער וואָלט איינגעשלאָגן הינטערן סטאָג וואָלט דאָס זיי אַזוי נישט דערשיטערט. זיי זיינען אויפגעשפּרונגען און נישט־ווילנדיק אָנגעכאַפּט זיך פאַר די הענט — גרייט צו אַנטלויפן. אָבער דאָ איז אָנגעקומען אַ צווייטער שרעק, האָט זיי שטאַר געמאַכט און צוגעשמידט צום אָרט. אַ באָרדיקער שוואַרצער קאָפּ איז אַרויסגעקראָכן פון הינטערן סטאָג, די באָרד באַהאַנ־גען מיט שטיקלעך היי. נאָכן קאָפּ האָט זיך באַוויזן אַ סטולער גוף. מיט געמאָסטענע טריט איז די סטראַשידלע אָנגעגאַנגען אויפן פּאָרל. דעם שגץ נישט באַערט אַפילו מיט זיין קוק, נאָר איינגעגעסן זיך מיט בייזע

*) האָב קיין מורא ניט!

אויגן איןביילקעס געל־געוואָרענעם פּנים. דערנאָך — אויסגעשטרעקט זיין האַריקע האַנט און אָנגענומען זי פּאַר אַ פּלייצע:

— אַזוי... אַזוי גאָר, טאַכטערקע? קום, קום!

ביילקע האָט דאָס נישט אויסגעהאַלטן, געכאַפּט און צוגעדעקט דעם פּנים מיט בײדע הענט:

— וואוהין, טאַטע?

— וואוהין? — האָט זיך משה־לייב געוואונדערט און גענומען שלעפּן זי. — דו פרעגסט נאָך? אַהיים, אַהיים!...

— אַזוי פרי? — האָט זיך ביילקע געפּרואווט איינשפּאַרן.

ער האָט איר נישט געענטפערט. נאָר מיט אַ פעסטער האַנט, ווי מען פירט אַ קינד וואָס האָט זיך באַנאַרישט, געפירט זי גלייך צום וואָגן. ער האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף די שניטער, וועלכע זיינען נייגעריק געוואָרן; נישט אויף אַפאַנאַסן, וואָס איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער. האָפּיאַ, זיין געטרייע פּלוניתטע, האָט אַפילו גענומען טענהן, אַז אַלץ איז גרייט ביי איר אין כאַטע צו אויפנעמען אַזעלכע טייערע געסט; אַז געמיינט, האָט זי, מען וועט צוזאַמען עסן וועטשערע; אַז אַלץ איז הוילע מילכיקס, קיין פּיצל „טרייפנאַיע" וועט ביי איר „לעיבאַ" נישט געפינען...

אָבער משה־לייב האָט איר קורץ און עקשנותדיק אָפּגעענטפערט, אַז „לעיבּיכאַ" איז נישט אין גאַנצן געזונט. געבליבן איינע אַליין אין שטוב, ער קען נישט!...

אָפּגעזאָגט דאָס זייניקע, האָט ער אַ הויב געטאָן ביילקען, אַזוי לייכט ווי אַ שניטער הויבט אויף אַ סנאָפּ זאַנגען, אַריינגעזעצט זי אין וואָגן און געמאַכט אַ שטרענגן צייכן מיט די אויגן זי זאָל קיין וואָרט נישט זאָגן. אַליין אַרויפגעכאַפּט זיך אויף דער קעלניע און אָנגענומען די לייצעס.

— יאָ, — מאַכט ער, נישט צו די שניטער אַרום וואָגן, נישט צו זיך אַליין, — מיין לעיביכאַ איז טאַקע נישט אין גאַנצן...

און נישט אומגעקוקט זיך מער, אַ שמיץ געטאָן און אַוועקגעפּאָרן מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן ער איז געקומען.

דער וועג אויף צוריק האָט זיך אָבער דריי מאָל אַזוי לאַנג געצויגן, ווי דאָס קומען אַהער, היינט אין דער פרי. די זון איז עפּעס אויסגעלאָשן געוואָרן, פּאַר ביילקען אַזוי ווי פּאַר איר טאַטן. די סאָסנעס פון ביידע זייטן שליאַך זיינען אין די אויגן געקראָכן מיט זייערע האַריקע לאַפּעס, געקיצלט צום ניסן אין נאָז מיט זייער פּעכיקן ריח. און וואו אַן אָפּענער פעלד האָבן די היישעריקלעך געאַרבעט אויף אַלע כלים: „סאַ־סאַ" און „צאַ־צאַ"... ווי נישט געבעטענע כלי־זמר. אַ מיאוסע וועלט!...

אַ פינצטערער איז משה־לייב אָנגעקומען צום „אונטערבאַרג" און, פּונקט אַזוי שווייגנדיק און פינצטער, אַראָפּגענומען ביילקען פון וואָגן. מיט

זיינעביידע אָרעמס האָט ער זי פאַרזיכטיק אַראָפּגענומען. נאָר אים אַליין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז געפּאָרן איז ער קיין מאַקאַראָווקי אָפּצונעמען אַ טײַערע כּלי און געבראַכט אַהיים — אַן אַנגעשפּאָלטענע. נישט געווען געפּאַרזיכטיק געווען. נישט אין פויערישע וועגענער פירט מען אַזעלכע מיזינקעס...

מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ איז שיינע־שרה אַרויסגעלאָפן פון שטוב. אַ קוק אויף משה־לייבן, אַ קוק אויף ביילקען.

— וואָס איז? — איז זי גלייך אומרואיק געוואָרן. — אַזוי פרי האָט איך האָפיאַ אָפּגעלאָזן?...

נישט־קוקנדיק דער ווייב אין די אויגן אַריין, האָט משה־לייב אָנגעוויזן מיט איין פינגער אויף זיין מיזינקע:

— פרעג ביי איר! זי וועט דיר בעסער דערציילן...

— זאָג שוין, זאָג שוין! — האָט שיינע־שרה זיך גענומען קאָכן. — צי נישט די נשמה! וואָס איז געשען?

— קום אין שטוב אַריין! — האָט משה־לייב קורץ אַ שעפּטשע געטאָן. דערביי — אומגעקוקט זיך. אים האָט זיך געדוכט, אַז דער גאַנצער „אונטערבאַרג" הערט אים אונטער. — אין שטוב אַריין קום! דאָרטן...

אין שטוב, וואו די קאַמערן זיינען זומערדיק־פּוסט און ליידיק — נאָך די אַוועקגעפּאָרענע צוויי עלטערע קינדער, — האָבן זיך די שטימען אָפּגעגעבן נאָך הילכיקער ווי אין דרויסן. דער דין־וחשבון, צווישן מאַמע און טאָכטער, איז דערפאַר אָפּגעגעבן געוואָרן מער מיט שעפּטשעניש, ווי אויפן קול. שיינע־שרה האָט געפרעגט, ביילקע האָט געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל. און ביידע האָבן געוויינט.

— אַז ער האָט מיר געהייסן... — האָט זיך ביילקע פאַרענטפערט. — גיי, זאָגט ער, בעלקאַ! דו די ערשטע. איך נאָך דיר. נישט ביידע צוזאַמען...

— וואָס פאַר אַ „הייסער" איז ער דיר, אַזאַ גויעצל ווי ער?

— איך ווייס אַליין נישט. גיי, זאָגט ער, בעלקאַ! בין איך געגאַנגען...

— געגאַנגען ביסטו? אַוועקגעגנבעט האָסטו זיך. פון טאַטן אַוועקגעגנבעט זיך...

— מאַמע, אַז איך... אַז ער...

— באַלעבאַטשע מיר נישט! הינטער אַ סטאָג היי מיט אַ שגץ אַוועקגעגנבעט זיך. אַזוי טוען יידישע טעכטער? שיקצות טוען אַזוי...

— אָבער ער איז דאָך וואַניע. אונדזער וואַניע...

— וואַנקע איז ער. און נישט אונדזער׳ער, נאָר זייערער. און וואָס פאַר אַ נאָמען איז בעלקאַ? עפּעס אַ קעצישער נאָמען. ביילקע הייסטו...

— אַזוי רופט ער מיך. בעלקאַ און בעלקאַ...

פאַרווינט ווי זי איז געווען, האָט זי דאָס, פונדעסטוועגן, איבערגע־חזרט מיט פאַרגעניגן. אַליין צוגעהערט זיך צו איר פאַרגויישטן נאָמען. שיינע־שרה האָט דאָס גלייך דערפילט און ווידער אָנגעשריען:

— איך וויל דאָס נישט הערן מער. דו הערסט? איך וויל נישט. ביסט אַ נאָמען נאָך אַ יידישער באָבען...

ביילקע האָט אַ כליפּ געטאָן. נאָר שיינע־שרהן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז אַ פאַרשטיקטער געלעכטערל אַזאַ; אַז דאָס האָט די מיזינקע אַ לאַך געגעבן פון איר יידישער באָבע...

3

אין יענער נאַכט האָבן משה־לייב און שיינע־שרה שלעכט געשלאָפן. און, צווישן איין אויפכאַפּן זיך און צווייטן, געשעפּטשעט זיך, געקרעכצט, געדרייט זיך אויף די געלעגערס. אָן ביטערע פאַרוואורפן איז קיין איין שעפּטשעניש נישט אַריבער. שיינע־שרה האָט פאַרגעסן אויף איר קאָפּ־ווייטאָק און געזשומזשעט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע בין:

— אַז דו האָסט זיך געריסן פאָרן, אַזאַ לעקיש ווי דו! האָסט מורא געהאַט נישט יוצא צו זיין פאַר אַפּאַנאַסן. „גיב אַכטונג״, האָב איך דיר דאָך אָנגעזאָגט. אַט האָסטו אַכטונג געגעבן! אַ נס — וואָס קיין אומגליק איז נישט געשען. עס האָט נאָך געקענט זיין ערגער. און עס וועט, חס־ושלום, זיין ערגער, אויב דו וועסט מיך נישט פאָלגן...

אין אַ פאַרטאָג, נאָכן לעצטן שיטערן דרימל, איז צווישן מאַן און וויב באַשלאָסן געוואָרן אָוועקצושיקן ביילקען קיין מאָהילעוו צו איר אויסגע־געבענער שוועסטער. אַזוי האָט שיינע־שרה דורכגעפירט איר פּלאַן, וועלכן זי האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ שוין דעמאָלט, ווען זי האָט ביילקען און איר מילך־ברודער געכאַפּט אין היי־שפּייכלער, פאַרחושט און פאַרשפּילט אין אַ ביט־גאַנץ קינדערשע שפּיל...

שיינע־שרהס מיינונג איז געווען, אַז מיטן אַוועקשיקן ביילקען פון שטוב, וועט מען דאָ כאַפּן צוויי האָזן אויף איין מאָל. ערשטנס, וועט זי דאָס דערווייטערן פון האַפּיאַס משפּחהלע און זי וועט פאַרגעסן אָן זואַנקען. צווייטנס, וועדליק זי, שיינע־שרה, האָט געהערט, געפינט זיך זינט אַ געוויסער צייט אין מאָהילעוו גרשון ווילענסקי. ער גרייט זיך דאָרטן אָפּצוגעבן עקזאַמענעס „אויף אַכט קלאַסן״. און דאָס ווייסט זי אויך, אַז ביילקע איז אים שטאַרק געפעלן געווען. איז אָט! אויב ביילקע איז אַזוי לייכט אויף פאַרליבעניש — איז שוין גלייכער זי זאָל זיך פאַרליבן אין אַ יידישן בחור, נישט אין אַ שגץ... דאָס, וואָס מען וועט בלייבן איינע אַליין אין שטוב, איז אויך אָן סכנה. מאָהילעוו איז נישט עק וועלט. אַז מען

ווען דאַרפֿן, וועט מען צופּאָרן; אויף יום־טוב וועט ביילקע קומען אַהיים.

— גוט, גוט, — האָט משה־לייב אונטערגעברומט אין די געדיכטע וואָנסעס, — אָבער וואָס וועט זי דאָרטן טאָן, דיין מיזינקע? פֿליגן כאַפּן? אַ דינסט ווערן ביי צילקען?

—וואָס עפּעס פֿליגן כאַפּן? זי וועט טאָן דאָס וואָס אַנדערע באַלעבאַטישע קינדער טוען. וואָס אונדזער יענקעלע טוט. וואָס גרשון ווילענסקי טוט; יענע לערנען זיך, און ביילקע וועט זיך אויך לערנען. אפשר וועט זי ווערן אַ צאָן־דאָקטאָרקע. צילע האָט דאָך אויך אַמאָל געוואָלט. אין מאַהילעוו וועט מען זען... איין חסרון איז פֿאַראַן: ווען מען פֿאָרט קיין מאַהילעוו, מוז מען דורכשניידן מאַקאַראָווקע, אויך ווען מען פֿאָרט צוריק. קיין אַנדער וועג מיט דער אַקס, צי מיטן שליטן איז נישטאָ. סיידן מען פֿאָרט זומערצייט מיט דעם פֿאַראַכאַד. נו, וועט מען זיך אַן עצה געבן. ביי אַפּאַנאַסן וועט מען זיך קיין מאָל נישט אָפּשטעלן. מען וועט זיך אָפּשטעלן מיט אַ סטאַנציע ווייטער. מען וועט זען אויסמיידן מאַקאַראָווקע ווי אַ קלעפּיקע חולאת...

זי האָט גערעדט קלאָרע ווערטער, שיינע־שרה; נישט ווי אַ יידענע, נאָר ווי אַ מאַנסביל. און משה־לייב האָט ביי זיך אין האַרצן געמוזט מודה זיין, אַז אַזאַ אשת־חיל, ווי זיין ווייב, איז זעלטן וואו צו געפֿינען. יעדער זאַך זעט זי פֿאַראויס ווי אַ קאָרטן־וואָרפֿערקע, און יעדער זאַך איז ביי איר באַוואָרנט. זי האָט אַפֿילו געטומען אויף זיך דעם גאַנצן יאָך פֿון פֿאָרן און איבעררײדן מכח דעם מיטן איידעם און מיט דער אויסגעגעבענער טאָכטער. דערנאָך — אָפּפֿירן ביילקען צו איר שוועסטער אויף קעסט און נישט לאָזן זי זאָל אַראָפּגיין אין מאַקאַראָווקע... אַלץ האָט זי אויף זיך גענומען, שיינע־שרה. איז משה־לייבן געבליבן נאָר אָפּצובורטשען און נאָכצוגעבן.

אָבער נאָך ביילקעס אויסוואַנדערן פֿון „אונטערבאַרג", איז אין משה־לייבס שטוב געוואָרן מאָדנע שטיל, נישט צו דערטראָגן. אַ לעפּעלע פֿאַלט אַראָפּ — פֿאַרקלינגט דאָס אין די אויערן. די טיר גיט צו שטאַרק אַ סקריפּ — איז דאָס ווי מיט אַן עקבויער אין שליף. משה־לייב, וועלכער איז קיין מאָל קיין מיושבדיקער מענטש נישט געווען, איז געוואָרן גערייצטער. ער האָט אָנגעהויבן אונטערבורטשען אויף זיין ווייב, צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט; און פֿון יעדער קלייניקייט אָפּגעגעסן זיך דאָס האַרץ. צו אַפּאַנאַסן אין דאָרף האָט ער אויסגעלאָזן זיין באַהאַלטענעם כעס. נישט געקויפֿט ביי אים און נישט פֿאַרקויפֿט. עפּעס ווי דער גוי, נישט זיין זונדל, וואָלט דאָ געווען שולדיק. אויף וואַנקען, וואו ער זאָל אים נישט באַגעגענען, האָט ער זיך אַפֿילו נישט אומגעקוקט. כאָטש יענער איז אים אימעטום נאָכגעלאָפֿן, פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, הינטיש אַריינ־

געקוקט אין די אויגן און געזונגען זיס און אונטערטעניק: „גוט מאָרגן, פעטערל! וואָס מאַכט מען ביי אייך, פעטער לעיבאַ?...“

און איין מאָל, בשעת אַ גרויסן מאַרק־טאָג אין שקלאָוו, האָט זיך משה־לייב אָנגעשטויסן אויף האַפּיאַן. יענע איז געזעסן אין איר אויס־געבעטעטעם וואָגן, אַ צעשוואומענע, אַ ווייסע, אַ גוטמוטיקע, און געגעסן אַ בייגל. דערזען משה־לייבן, האָט זי פון זיין כבודס־וועגן אָפּגעווישט די ליפּן און ווייבעריש געבומען מאַכן פאַרוואורפן, וואָס זינט יענעם שניט־טאָג אין מאַקאַראָווקע, זעט מען אים נישט מער און מען הערט נישט פון אים. וואָלט זי געוואָלט וויסן מיט וואָס זי האָט זיך דאָ אַזוי שטאַרק פאַרזינדיקט.

משה־לייבן האָט זיך גלייך, אויפן אָרט, אויסגעדוכט, אַז די ווייבע־רישקייט איז אַ געמאַכטע, אַז ווייסן, ווייסט זי יאָ פאַרוואָס. און נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער איר אויסגעשאָטן אין קיילעכדיקן פּנים אַריין דעם גאַנצן אמת.

— נישט דו, — מאַכט ער גראָבלעך, — ביסט דאָ עפּעס שולדיק, נאָר וואַנקע דיינער. האָסט אים געמאָגט זאָגן, ער זאָל וויסן זיין אָרט...

צו משה־לייבס גרויסער פאַרוואונדערונג, איז ביי זיך האַפּיאַ אַ האָר נישט אַראָפּגעפאַלן. זי האָט אים נאָר אַ ווײלע אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע בלויע אויגן, וואָס זיינען אַזוי ענלעך צו וואַנקעס. אים האָט זיך אַפילו אויסגעדוכט, אַז אירע ליפּן־ווינקלען שמייכלען אַ קאַפּעלע... אָנ־שטאָט אויסצופרעגן אים: וואָס ער מיינט דערמיט, און אָנשטאָט אויסצו־שילטן איר הוצפהדיקן וואַנקען אונטער די אויגן, האָט זי זיך גאָר צוריק גענומען צו איר בייגל; און צווישן איין קיי און צווייטן, גלייכגילטיק צו־געגעבן אַז... יאָ, וואַנקע אירער האָט איר עפּעס דערציילט אַזוינס, אַזעל־כעס. אָבער...

האַפּיאַ האָט זיך פאַסמאַקעוועט און אויף אַ פויערשן שטייגער אָפּגע־זיפצט:

— אַך־טיעך־טיע! קינדער!... קינדערשע זאַכן...

— קינדער? קינדערשע זאַכן? — האָט משה־לייב צאָרנדיק אַרויפּ־געצויגן די שווארצע ברעמען.

— פיסקליאַטעס!... — האָט האַפּיאַ מיט ביטערער גוטמוטיקייט צו־געשאָקלט מיט איר גרויסן קאָפּ.

דאָס האָט משה־לייבן אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון זיך:

— פיסקליאַטעס גאָר? אַזוי מיינט זי? אַ האָן און אַ הון זיינען די פיסקליאַטעס געוואָרן. זי, האַפּיאַ, מאַכט זיך גאָר אַזוי אַז זי ווייסט נישט...

און ער איז אוועק פון איר וואָגן נאָך ברוגזער ווי ער איז צוגע־גאַנגען.

## ניינטער קאַפּיטל

# אין מאָהילעוו

### 1

אין מאָהילעוו איז ביילקען די ער׳שטע צייט געגאַנגען כמעט אַזוי גוט, ווי די קלוגע מאַמע שיינע־שרה האָט געזען פאַראויס. דאָס שטאָט לעבן האָט זי צעשטרויט. אַלץ איז דאָ געווען ניי. דער ברוק, אויף וועלכן די פערדישע פּאָדקאָוועס הערן זיך אַזוי אָן, דער טראַמווײ אויף רעדלעך, די שטאָקיקע געביידעס פון הוילע ציגל געבויט, די קלויסטערס — רוסישע און פּוילישע—מיט גרינע און פיאָלעטע ציבעלע־קעפּ און מיט גרדיע פּייל־שפּיצן, דער ברייט צעגאָסענער דניעפּר מיט אַ פּריסטאַן—צען מאָל אַזוי גרויס ווי אין שקלאָוו, פון וואַגנען גרויסע פאַראַכאַדן ג׳ייען אָפּ קיין קיעוו... מיט אַלע אירע יונגע חושים האָט זי אין זיך אַציגד אַריינגענומען דאָס געהערטע און געזעענע. און דאָס האָט זי, די ערשטע צייט, אַזוי צענומען, אַז זי האָט אָן אַלץ פאַרגעסן. יאָ. ערגעץ־וואו איז פאַראַן אַן „אונטערבאַרג" מיט אַ מאַמען, אַ דאָרף וואָס הייסט מאַקאַראָווקי, אַ וואַנקע מיט פּענקענע האָר... אָבער דאָס אַלץ איז אַזוי ווייט. און אין גרונט־גענומען — וואָס האָט דאָס מיט איר צו טאָן? ווי קומט אַ שגץ צו איר? צו איר — וועלכע לעבט אין דער גרויסער שטאָט אין אַן איידעלן הויז, וואו איר שוועסטער קיבלט זי, וואו נתן, איר שוואָגער, ווייזט איר אַרויס אַזוי פיל פריינדשאַפט, היינט די ליכטיקייט וואָס איר אייגענער ברודער, יענקעלע, ברענגט אַריין, ווען ער קומט פון פעלדשער־שול וואָרימעס עסן, מיט דער גאָלדענער קאָקאַרדע אויפן גרינעם אָקאָלישעק. אין אַ רעגנדיקן טאָג קומט נאָך צו דער פאַרביקער שאַרף וואָס איז אים פאַרוואָרפן איבער׳ן גרינעם קאָלנער פון זיין יוניפאָרם. כמעט אַלע מאָל, ווען ער קומט פון גאַס, ברענגט ער איר וואָס נישט איז. אַלעמאָל עפּעס אַ גוטע זאַך, וואָס „אונטערבאַרג" זעט מען דאָס זעלטן. איין מאָל — אַ שטיקל כאַלוואַ, אַ צווייטן מאָל אַן איריס־צוקערקע. אַ שטיק קאָווענע. און איין מאָל, אין אַ העלן נאָכמיטאָג, איז ער צו איר גאָר אומגעריכט אַריין אין קאַמערל און פריילעך אַ רוף געטאָן:

— ביילקע, אַ באַקאַנטער וויל דיך זען...

— אַ באַקאַנטער? וואָס פאַר אַ באַקאַנטער? — עס האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן: אפשר ער? עס קען נישט זיין!...

אָפּגעוואָרט אַ ביסל און באַרואיקט זיך — איז זי אַרויסגעקומען. דאָס איז גאָר געווען גרשון ווילענסקי, דער געוועזענער שקאָלניק, דעם ברודערס חבר, וועלכער פלעגט ווען־ניט־ווען קומען אין דער מאַמעס שטוב, צו גאַסט. ער איז מאָגערער געוואָרן פון ניט־דערשלאָפן און ניט־דערעסן פאַר די „עקזאַמענס", וואָס ער קלייבט זיך אָפּהאַלטן. אָבער אויס־געוואַקסן איז ער אויך. און די קאַרע אויגן זיינען ביי אים רואיקער געוואָרן, ווי ביי איינעם וואָס ווייסט וואָס ער וויל און וואָס ער האָט צו טאָן. און בסך־הכל איז ער מיט איין יאָר עלטער פאַר איר...

— נו, וואָס מאַכט מען עפּעס „אונטערבאַרג"?

ער האָט דאָס אַ פרעגג געגעבן מיט אַ שמייכעלע און מיט אַן איינגע־האַלטנקייט פון אַ פאַרטיקן „קאַוואַליער", וואָס האָט זיך ערשט נעכטן־איירנעכטן געזען מיט איר און וויל אָנבינדן אַן איבערגעריסענעם שמועס.

— אַזוי זיך... — האָט ביילקע קורץ אָפּגעענטפערט, אַזוי ווי זי פלעגט אים די לעצטע צייט ענטפערן אין דער היים, פון דער מאַמעס גאַניק. דער „אַזוי־זיך" האָט באַדייט: ווילסטו שפּילן דעם דערוואַקסענעם — שפּיל איך די דערוואַקסענע. און טו מיר עפּעס!

נאָר אים, גרשון ווילענסקין, האָט דאָס, ווייזט אויס, אַ האָר נישט געאַרט, אָדער ער האָט זיך געמאַכט, אַז אים אַרט נישט. וואָרעם ער איז גלייך, נאָך דער נישט־געלונגענער פּראַגעלע, איבערגעגאַנגען צו תוך־זאַכן: ער, מאַכט ער, האָט געהערט, אַז זי, ביילקע, איז געקומען קיין מאָהי־לעוו נישט „אַזוי־זיך", נאָר כדי אונטערלערנען זיך אַ ביסל. רעכט אַזוי! וואָרעם זיצן „אונטערבאַרג" און קוקן ווי די פויערים פאָרן פון דאָרף — איז קיין תכלית נישט.

ביילקע איז רויט געוואָרן. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די פויערים וואָס „פאָרן פון דאָרף" איז אַ וואונק אויף עפּעס. אפשר איז צו אים דער־גאַנגען די אמתע סיבה, צוליב וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זי אָפּגעשיקט פון דער היים?...

אָבער גרשון ווילענסקי האָט אַפילו נישט באַמערקט איר פאַר־לעגנהייט און האָט פאַרטגעזעצט זיין „וויכטיקן געשפּרעך". צום סוף האָט ער איר צוגעזאָגט צו פאַרשאַפן אומזיסטע לערער. דאָס זיינען אַלץ חברים, וועלכע האָבן שוין געמאַכט זייער עקזאַמען. און אַז ער אַליין וועט פרייער ווערן וועט ער אויך האַלטן פאַר אַ כבוד צו געבן איר לעקציעס — אין רוסיש, אין חשבון... זי וויל?

— אַ דאַנק. אַוודאי וויל זי.

זי האָט אים דערביי אָנגעקוקט אַ ביסעלע שפּאָטיש פון אונטערן שטערן. איר האָט זיך נאָך אַלץ געדוכט, אַז ער מיינט דאָס נישט ערנסט. אַז ער שפּילט דאָס דעם דערוואַקסענעם און וויל זי זאָל באַמערקן וואו

ער האַלט אין דער וועלט און וואו זי. זאָל זי אַצינד וויסן וועמען זי האָט אַזוי קאַלט אויפגענומען די לעצטע צייט אין דער היים. נישקשה, זי מעג זיך דאָס איבערלעגן...

אָבער זי קלערט אַפילו נישט „בעסער צו ווערן" אין עקזאַמענעס „אויף אַכט קלאַסן" פאַרשטייט ער זיך אפשר בעסער. אָבער וועמען גוט אויפצונעמען און וועמען נישט — דאָס איז איר זאַך. זי וויל נישט עמעצער זאָל זיך אין דעם אַריינמישן...

2

פון דעסטוועגן איז זי אַ גאַנצן טאָג, נאָך ווילענסקיס אַוועקגיין, געווען מאָדנע אויפגערעגט. דאָס וואָס אַזעלכע יונגע בחורימלעך, ווי ווי־לענסקי און זיינע חברים, שטופּן זיך צו איר און לויפן וועט־געלאָף צו געבן איר אומזיסטע לעקציעס, באַווייזט איר קלאָר, אַז זי איז שוין מער קיין מיידעלע נישט, ווי מען וויל זי אין דער היים איינשמועסן. דאָס איז אַלץ כדי זי זאָל נאָכגעבן וואָס טאַטע־מאַמע הייסן איר... אַ פּרוי איז זי שוין געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק, דעמאָלט ווען די מאַמע האָט איר אין דער פרי געגעבן אַ פּעטשל און געגלעט... וואָס מען שענקט נעמט מען נישט־צו צוריק. נאָר די מאַמע האָט דערנאָך יאָ חרטה געקראָגן. געוואָלט זי צוריקמאַכן פאַר אַ קליין מיידעלע, וואָס האַלט זיך פאַר דער מאַמעס פאַרטוך. נאָר זי וועט זיך נישט לאָזן. אַזוי, צי אַזוי.

מיטן חוש פון אַ קעצל, וואָס דערשמעקט סמעטענע און זשמורעט זיך און הויבט אויף דעם עק און ברעכט זיך, אַזוי האָט ביילקע דער־שפּירט אַז די וועלט, וואָס איז פאַרשטעלט מיט דער מאַמעס היימישן פאַרטוך, איז גאָר אַן אַנדערע ווי די עלטערע לייט דערציילן איר. יעדערער גייט זיין וועג. מען לעבט, מען האָט הנאה פון זיך און פון לעבן...

כדי צו דערזען דאָס באַשיינפּערלעך איז זי אַריינגעלאָפן אין צילעס שלאָפצימער און זשעדנע אַריינגעקוקט אין געשליפענעם שפּיגל, וואָס נתן, איר מאַן, האָט איר געשענקט נאָך דער חתונה. אַזעלכע שפּיגלען זעט מען נישט אַפילו אין שקלאָוו, „אונטערבאָרג" — אַוודאי נישט. ווי אין אַ קרישטאָלענעם ברונעם האָט זי זיך דערזען און איז אַליין נשתומם געוואָרן, וואָס איר געזיכט האָט אַזאַ זיסע ברוינגלעכע הויט, וואָס די אויגן זיינען אַזוי גרויס און שוואַרץ — דעם טאַטנס אויגן. און די לענגלעכקייט פון געזיכט — דער מאַמעס. די ליפּן זיינען אַפילו אַ ביסעלע צו ברייט. אָבער די ווייסע ציילן ציינער פאַרשיינען זיי. בלישטשען ווי ביי אַ „צי־האַנקע". די פלייצעס זיינען קיילעכדיק געוואָרן. די בריסט זיינען האַרט אָנגעגאָסן, ווי עפּל. און דאָס קינדערשע רויט־בענדעלע אין די האָר האָט זיך שוין לאַנג צעפּלאָקערט און ברענט אין די האָר, ווי אַ פּייערל אין דער

שוואַרצער נאַכט. אויף אָט דעם דאָזיקן פייערל וועלן זיי לויפן, אָט די אַלע גרשון ווילענסקיס, כּי־כּי־כּי. אַי וועלן זיי לויפן! און זי וועט נאָר צוקוקן און לאַכן...

מיט אַ באַזונדער אַפּעטיט האָט זי, אין יענעם פאַרנאַכט, געגעסן וועטשערע. הויך אויפן קול גערעדט און געלאַכט. די שפּיצן באַקן האָבן איר דערביי געפלאַמט, די אויגן האָבן געברענט. ביז וואַנען צילע, איר שוועסטער, האָט זיך געכאַפּט:

— וואָס איז מיט דיר היינט,ביילקע?

יעקב, איר ברודער, האָט דאָס צילען פאַרטייטשט פּראָסט און פּשוט:

— אַן אינטערעסאַנטער קאַוואַליער האָט זי היינט באַזוכט, איז זי צופרידן...

ביילקע האָט זיך שפּאָטיש פאַרקרימט:

— דיין גרשון ווילענסקי, אפשר? אַזוי מיינסטו?

— קענסט בעסערע?

אויף דאָס מאָל איז ביילקע רויט געוואָרן. ווידעראַמאָל האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז מען מיינט עפּעס דערמיט, אַז דער אייגענער ברודער אירער שלעפּט זי פאַר דער צונג. אַז דאָס קושן זיך אין מאַקאַראַוואָקי מיט איר מילך־ברודער איז אַלעמען באַקאַנט... זי איז גלייך אַנטשוויגן געוואָרן און שווייגנדיק פאַרענדיקט דעם מאָלצייט...

אַלע האָבן דאָס באַמערקט. און כּדי צו ברענגען זי צוריק אויף איר גוטער שטימונג, האָט שוואָגער נתן געמאַכט אַ פאָרשלאָג: מען זאָל זיך בקאָמפּאַניע אַוועקלאָזן שפּאַצירן צום ברעג דניעפּר. דאָס איז פרייליך אויפגענומען געוואָרן.

אויפן לאַנגן שפּאַציר האָט ביילקע ווידער אויפגעלעבט און, נאָך אַ האַלבער שעה גאַנג מיטן טייך, האָט מען זיך אַלץ מער און מער דער־ווייטערט פון שטאָט און אַריין אין די פליינען. דאָ האָט פּלוצלונג אַ צי געגעבן מיט פרישע היי. פון נישט־אָפּגעראַמטע סטאָגן האָט דאָס גע־ווייעט...

ביילקע איז אָפּגעשטאַנען, אַ צי געטאָן מיט דער שאַרפער נאָז, און עס האָט איר פאַרקוועטשט אין האַרצן. אַ טרויער האָט זי אַרומגעכאַפּט און אַ טיפע בענקשאַפט. עפּעס ווי עמעצער, ווייט־ווייט, לאָמיר זאָגן אין מאַקאַראַוואָקי אויף די פעלדער, וואָלט איר אָנגעכאַפּט דאָס האַרץ אויף אַ לאַנגער ווענטקע, ווי אַ לעבעדיקע פישל אָנגעכאַפּט און ציט און ציט. דער ווייטיק איז געוואָרן אַזוי שאַרף, אַז זי האָט שיר נישט גענומען שרייען:

„לאָזט מיך! וואָס האַלט איר מיך דאָ? וואָס ווילט איר פון מיר?...“

זי האָט זיך געמוזט אָנטאָן אַ כּוח צו פאַרבייסן אַ ליפּ און שווייגן.

נאָכגיין דער פריילעכער קאָמפּאַניע קרובים און שווייגן. זי האָט אָבער קלאָרער ווי פריער פאַרשטאַנען אַצינד, אַז אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך אַליין געגאַרט. אַז גרשון, ווילענסקי מיט זיינע חברים, וועמען זי האָט זיך געקליבן צו פאַרדרייען דעם קאָפּ, ליגן איר אין שפּיץ פּיאַטע אויך נישט. אַפילו נישט צו דער מאַמעס הויז אויפן „אונטערבאַרג״, נאָר צו מאַקאָראַווקי, צו האַפּיאַס כאַטע ציט זי. אַ געהיימע סטרונע האָט זיך אָנגעצויגן פון הויי־שפּייכלער אין דער היים ביז אַהער. און וואַנקעס פלאַקסענער קאָפּ איז אַרויסגעשוואומען אין היי־געדרוך, ווי אויף שמעקעדיקע כוואַליעס. זיין גאַרטל, וועלכער איז אַזוי בלוי, ווי זיינע אויגן און ווי זיין מאַמעס אויגן, האָט ליבלעך אויפגעלויכטן: צו אונדז, ביילקע! וואָס טוסטו דאָרטן אין דער פרעמד?

צילע האָט באַלד באַמערקט, אַז איר שוועסטער איז עפּעס נישט מיט אַלעמען, אַז איר געזיכט איז גרוי געוואָרן ווי דער שטראָם אין פאַר־נאַכטיקן דניעפּר, און מיט איר טרייען האַרץ האָט זי דערפילט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דעם, וואָס די מאַמע האָט איר דערציילט בסוד, איידער דעם אַרויסבריינגען אַהער דאָס פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלע...

— עפּעס איז מיר קאַלט! — האָט זיך צילע אומישנע געגומען קלאָגן, — לאָמיר זיך אומקערן...

זי האָט דערכאַפּט ביילקעס דאַנקבאַרן קוק.

— יאָ, מיר, אויך... — האָט יענע דריבנע געציטערט.

שוואָגער נתן האָט זיך צעלאָזן. און ווי נאָר ער איז אַריין אין שטאָט האָט ער גענומען אַ דראָזשקע, איינגעדעקט זיין ווייב און שוועגערין מיט זיין אויבערמאַנטל און געהייסן פאָרן. נאָר אויך אַזאַ פריילעכער סוף, נאָכן שפּאַציר, האָט ביילקען נישט צעשטרויט. אַ דערדריקטע איז זי געזעסן און קרענקלעך געטוליעט זיך צו איר שוועסטער, ביז מען איז צוגעפאָרן צום שטוב.

3

זינט יענעם אָוונט איז זי נאָך מער אַריין אין זיך. אַ טאָפּלטע איז ביילקע געוואָרן. אויסערלעך — אַזאַ, און אינערלעך אַן אַנדערע. און איר ווייבערישער נאַטור־געפיל האָט זי געפּירט זי זאָל זיך ניט פאַרלירן אין איר צווייענדיקן וועג און האַלטן שטאָט.

כדי צו פאַרטאַיען איר אינערלעכן לעבן, מען זאָל איר וואָס ווייניקער נאָכקוקן און וואָס ווייניקער שטיין אויפן וועג, האָט זי געמאַכט אָנ־שטעלן. אַן אָנשטעל אַז זי אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט איר לערנען,

אַן אַנשטעל — אַז גרשון ווילענסקי איז איר ליב; אַן אַנשטעל אַז זי האָט הנאה ווען יעקב, איר ברודער, און אירע אומזיסטע לערער לויבן איר גוטן זכרון, אירע דערפּאָלגן אין רוסיש, חשבון, געשיכטע... אין דער אמתן איז זי טאָג־איין טאָג־אויס געשפּאַנט. אירע אומעטיקע שוואַר־צע אויגן לוגן ווען קיינער זעט נישט, און די אויערן שפּיצן זיך. עס איז געגנוג אַז אַ פּויערישער וואָגן זאָל זיך מיט זיין באַזונדערן לשון צע־טראַסקען אויפן שטיין־ברוק אונטער די פענצטער, גויישע קולות זאָלן אויסשרייען ביים אויסלאָדן האָלץ אָדער זעק מיט בולבעס, זי זאָל פאַר־לאָזן איר רוסיש, מיט איר חשבונען, מיט אַלע איבעריקע לערנעכצן, און לויפן קוקן ווי אויף אַ פאַרלוירענעם גליק. ווער רעדט ווען אַ פּויערישער פעלץ קומט אין איר נאָענטקייט, פריש־געדזיעגאַכצטע רעדער פון אַ וואָגן... אירע נאָזלעכער בלאָזן זיך דעמאָלט אָן, און זי ציט אין זיך דעם ריח פון ווייטן דאָרף און גיט אים אָפּ צוריק מיט אַ שטילן זיפץ. די הענט לאָזן זיך איר אָפּ, און די פריינדלעכקייט פון איר עלטערער שוועסטער, פון איר שוואָגער און ברודער און באַקאַנטע ווערט איר ווידערווייליק. עס גלוסט זיך איר אַנטלויפן...

טאַטע־מאַמע אין זייער אונטערבאַרגער היים, באַקומען דערווייל גאָר פיינע גרוסן פון זייער „פאַרשיקטער" טאָכטער. מ'שרייבט זיי גאַנץ אָפט, אַז ביילקע בליט אָן עין־הרע, אַז זי לערנט זיך גוט, און אַז די „אוטשיטעלעס" און גרשון ווילענסקי זיינען פון איר שטאַרק צופרידן... שיינע־שרה טריאומפירט: נו, משה־לייב, וואָס וועסטו איצטער זאָגן? ווער איז געווען גערעכט? משה־לייב איז אָבער נישט אַזוי גליקלעך פון אָט די אַלע געשריבענע שבחים. פון דער מיזינקע אַליין וואָלט ער דאָס געוואָלט הערן. אָבער ביילקע אַליין שרייבט עפּעס זייער קנאַפּ און זייער טרוקן. כמעט אַלע מאָל שרייבט זי נאָר צו אַן איין שורהדיקן גרוס אונטער צילעס בריוו, און מער גאָר נישט.

פון דער דאָזיקער קורצקייט ווערט אָפּטמאָל משה־לייב צעטראָגן. ער הייבט מיט די פּלייצעס, בורטשעט אין דער גערדיכטער באָרד און וואָנסעס, ביז ער גייט אַרויס מיט לשון:

— איבער אָט דעם גויעצל, איבער אָט דעם מאַקאַראָווקער כאַמרוק דאַרף מיין שמוב זיין פּוסט און וויסט, און ביידע מוזן מיר לעבן ווי די בעזדיעטניקעס...

שיינע־שרה באַרואיקט אים ווי זי קען. זי זאָגט צו, אַז זי אַליין וועט זיך אַראָפּכאַפּן קיין מאָהילעוו, זען וואָס די מיזינקע מאַכט.

און זי כאַפּט זיך אַראָפּ, בלייבט אין מאָהילעוו צו גאַסט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און קומט צוריק מיט הוילע גדולות. הכלל, אַלץ וואָס צילע שרייבט פון מאָהילעוו איז נאָך קיין העלפט נישט ווי ס'איז אין דער אמתן. זי

ווערט, אַן עין־הרע, אַ לייט די מיזינקע. ניט צו דערקענען. אַ כּפּרה זיבן וואָנקעס פֿאַר איר מינדסטן נאָגל! אין איר פּיאַטע ליגן „זיי“ איר אויך נישט...

נאָך אַזאַ לעבעדיקן גרוס לאָזן משה־לייבן אָפּ זיינע פּאַרדאַכטן און מען באַשליסט, אַז אויף די נאָענטסטע ימים־טובֿים וועט מען ביילקען, מירצעשעם, אַראָפּנעמען אַהיים.

מען שרייבט איר וועגן דעם קיין מאַהילעוו. און דאָס מאָל ענט־פֿערט זי אָפּ, די מיזינקע, מיט אַ האַרציקן בריוו. זי דאַנקט טאַטע־מאַמע פֿאַר זייער גוטסקייט; זי קושט זיי און האַלדזט זיי פֿון דער ווייטנס.

סוף זומער, ווען עס האָט אַ ווײַ געטאָן מיטן ערשטן ריח פֿון פֿרישע שוועמלעך און הושענאַ־בלעטער, האָט מען ביילקען אַראָפּגעבראַכט צו־גאַסט. עס איז יום־טובֿדיק ביי יידן „אונטערבאַרג“, און עס איז יום־טובֿ־דיק ביי טאַטע־מאַמע אויפֿן האַרצן. מען זיצט און מען קלייבט נחת פֿון ביילקעס רייד, פֿון ביילקעס גוטן אַפּעטיט. מען קלייבט נחת פֿון דעם וואָס די שכנים באַוואונדערן זי אַזוי: ווי זי איז דאָס אויסגעוואַקסן פֿאַר די עטלעכע חדשים! אַ הילוך, אַן אָנטאָן זיך, אַריידן פֿאַניש! אַ גאַנצע כּלה־מויד געוואָרן.

האָבן דאָס טאַטע־מאַמע אונטערגעכאַפּט און ביים טיש גענומען רייצן זיך מיט דער מיזינקע: אויב יאָ אַזוי, איז פֿאַר וועמען אַשטייגער, וואָלט זי געוואָלט חתונה האָבן?

מאַכט זיך ביילקע, אַז זי שעמט זיך נעבעך. זי קערט אָפּ דעם קאָפּ און גיט ברוגזלעך אַ זאָג:

— אָך, וואָס ווייס איך?

ווערט שיינע־שרה דרייסטער און גיט מיט איין אויג אַ וואונק צו משה־לייבן:

— אָבער איך, — מאַכט זי, — ווייס יאָ. איך ווייס ווער עס געפֿעלט איר. דער וואָס גייט נאָך איר אויס. זאָל איך אויסזאָגן?...

— אַך, מאַמע! מאַכט זיך ביילקע אַז זי האָט נישט וואו די אויגן צו באַהאַלטן.

— דער טאַטע מאָג אויך וויסן, — שטייט שיינע־שרה צו, — גרשון ווילענסקי גייט נאָך איר אויס. דערפֿאַר סטאַרעט ער זיך אַזוי, שיקט איר צו די בעסטע חברים זיינע זיי זאָלן איר געבן אוראָקעס, און אַליין איז ער אויך געראָטן און וועט באַלד אויסהאַלטן אויף אַלע קלאַסן „גומי־לאַזיע“. און זיין טאַטע איז שקלאָוו האָט די גרעסטע שניט־קראָם...

דער מאַמעס שדכנות הויבט אָן ווערן ווידערווייליק, און ביילקע זוכט אויס אַ תּירוץ, כּדי וואָס גיכער אַוועקגיין פֿון טיש און פֿאַרקלייבן זיך אין איר קאַמערל.

דאָרטן ציט זי זיך אויס אויף איר בעט, מאַכט צו די אויגן און וואַרט ביז דער פּריקרער געפיל וועט זיך אויסוועפּן. זי פילט זיך אין דער היים איבערגעשטאָפּט און איבערגעזעטיקט. איבערגעשטאָפּט מיט געבראָטנס, מיט איינגעמאַכץ, מיט דער מאַמעס גוטע רייד... און מיטאַמאָל שפּיצן זיך איר אָןביידע אויערן. די אויגן עפענען זיך אויף און זי האָרכט. פון דערווייטנס טראָגט זיך דאָס ווי אַ גרוס פון מאַקאַראָווקי, פון די דאָרטיקע שניט-פעלדער, פון פראַסטן קוואַס וואָס מען טרינקט דאָרטן און פון דעם שוואַרצן ברויט און ערדיקן רעטעך וואָס מען עסט דאָרטן נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. דער גרוס דערנענטערט זיך ביז ער צעטראַסקעט זיך הינטערן וואַנט מיט אַ באַקאַנטער קלאַפּערײַ פון פיר שלעכט-געדזיע-גאַכצטע רעדער...

שפּרינגט ביילקע אויף פון בעט, מאַכט פאַוואָליע אויף דאָס פענצטערל אין איר קאַמער און קוקט אַרויס... אַ גוייש פורל טראָגט זיך איבערן שליאַך צו דער גרויסער מיל צו. אויף די שוואַרצע זעק מיט קאָרן זיצט אַ שייגעצל מיט אַן אָנגערוקטן באַראַשקענעם הוט ביז איבער די אויערן. ער טרייסלט זיך און שטופּט עפּעס מיטן הענטל אין פּיסק אַריין אונטערן צו-גרויסן הוט. אַפּנים — אַן אָקראַיִטשיק גויישן ברויט...

— וואַניאַ! — גיט זי שוואַך אַ געשריי דורכן אָפענעם פענצטערל און פאַרשעמט זיך פאַר איר אייגענער נאַרישקייט.

וואָרעם: וואו וואַניע? וואָס וואַניע? ווי קומט איצטער אַזאַ קליינער וואַניע אויפן וואָגן מיט פולע זעק? וואַניע איז שוין אויסגעוואַקסן. וואַניע איז דאָך אין איינע יאָרן מיט איר. ער איז אַפילו אַ קאַפּעלע עלטער פון איר...

צענטער קאַפּיטל

## פאַרשטערטע הקפות

1

צו מאָרגן, חול-המועד סוכות, איז אין „אונטערבאַרג“ אויסגעפאַלן אַ וואַרעמער טאָג. די זון האָט געלויכטן, די אָזערע, ביי דער גרויסער מיל, האָט זיך איבערגעגאָסן אין בלויען זילבער, און ווייסע שפּינוועבסן זיינען געשוואומען אין דער לופט. מען ווייסט נישט פון וואַנען, מען ווייסט נישט וואוהין.

משה-לייב איז געווען אַוועקגעפאָרן, שיינע-שרה — פאַרנומען מיט

דער קו אין שטאַל, אוןביילקע איז איינע אַליין געזעסן אויפן גאַניק, גע־לייענט אַ ביכל און דאָס האַרץ איז איר דערביי נישט געווען. דורכגענומען פון דער סוף זומערדיקער וואַרעמקייט איז זי אין גאַנצן געווען געשפּאַנט, ווי אַ פידל וואָס איז אָנגעשטעלט צום שפּילן; געוואַרט אויף עפּעס וואָס דאַרף אָנקומען פון באַרג־אַראָפּ, פון אויסגעבויגטן שליאַך, פון וואַנען אַלע פויערישע פורן קומען אָן...

מיטאַמאָל איז דאָס ווירקלעך אָנגעפאָרן און, ווי מיט אַ סמיטשיק אַ פיר געגעבן איבער איר אָנגעצויגענעם וואַרטן. ביילקע איז אויפגע־שפּרונגען, כאַטש אָפּגערעדט האָט זי מיט קיינעם נישט; און דאָס וואַרטן גופא איז געווען נישט מער ווי מיידלשע טרוימערישקייט...

אויפגעשפּרונגען און דערזען, אַז ס'איז טאַקע נישט דער, וועלכער האָט געקענט זיין, נאָר אַן אַנדערער; אָבער פּאַרט אַ באַקאַנטער. וואָסיפּ, האַפּיאַס שכן פון מאַקאַראָווקי, איז דאָס געווען. איינער פון די שניטער אין יענעם הייסן טאָג, ווען זי האָט זיך מיט וואַנקען באַהאַלטן הינטער אַ סטאָג היי.

האָט זי זיך פאַררויטלט ווי פון אַ לעבעדיקן גרוס, אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און אַ פרעג געטאָן ביים פויער: „צי ער דערקענט זי נישט?"... און איילִיק, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, געבעטן אָפּגעבן אַ גרוס האַפּיאַן, איר אָם, און אָפּאַנאַסן. אָנזאָגן זיי: ביילקע איז געקומען צו גאַסט...

האָט זיך וואָסיפּ גענומען קראַצן אין פּאַטילניצע, אַרויסגענומען די לאַנגע פּיפּקע פון מויל און אויסגעשפּייט. אַ, מאַכט ער, איצטער דער־מאָנט ער זיך. ביילקע די „טשערניאַווע" *) איז זי. וואַנקע, האַפּיאַס זונדל, האָט זי אַמאָל געלערנט ווי אומצוגיין מיטן סערפּ. ער געדענקט. אַ יאַק־זשע?**) אַ גרוס האַפּיאַן וועט ער אָפּגעבן. וואַנקען אירן — אויך...

ביילקען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז וואָסיפּ האָט דערביי כיטרע אַ שמייכל געטאָן. נאָר זי האָט זיך געמאַכט אַז זי באַמערקט גאָרנישט און מיישב געווען זיך אויפן קול:

— וואַנקען אויך?... גוט, גוט! אים אויך, אויב דו ווילסט...

וואָסיפּ האָט זיך פאַרצויגן מיטן בלויען רויך פון זיין פּיפּקע, אַ שמיץ געטאָן זיין פערדל און איז אַוועק. אָבער אַ גוטע ווײַלע נאָך זיין אַוועק־פאָרן איז ביילקע געשטאַנען אויפן גאַניק ווי אַ באַצויבערטע, געצויגן אין זיך דעם שאַרפן מאַכאָרקע־רויך, וואָס וואָסיפּ האָט נאָך זיך איבער־געלאָזן. די אויגן זיינען ביי איר געווען האַלב־פאַרזשמורעט, און געדוכט

*) די שוואַרצינקע.
**) ווי זשע אַנדערש ?

האָט זיך איר, אַז זי האָט פאַרוואָרפן אַ ווענטקע אין דער ווייט אַריין. דאָס העקעלע שווימט אין דער מאַקאַראָווקער בלזיער לופט צוזאַמען מיט די סוף־זומערדיקע שפּינוועבס. זי אַליין דרעמלט און איר גרוס שווימט. אפשר וועט זיך עמיצער אָנכאַפּן? אפשר נישט...

עמיצער האָט זיך אָנגעכאַפּט. און אַ סך גיכער ווי זי האָט געמיינט. קיינער ווייסט נישט די וועגן פון פאַרליבעניש און קיינער קען נישט די שפּראַך פון פאַרליבטע, ווען זיי ווילן זיך צוזאַמענטרעפן. דורך ווענט און וועלדער גייט דורך אַזאַ שפּראַך, און דורך טונקעלע וואַסערן שטראַמט זי... שמחת־תורה פאַר זון־אונטערגאַנג, ווען משה־לייב איז אַוועק נעמען אַ ביסל בראָנפן, מיט „אונטערבאַרגער" שכנים, כאַפּט זיך שיינע־שרה מיטאַמאָל, אַז אין שטוב איז עפּעס טויט־שטיל.

— ביילקע! — גיט זי אַ רוף. — טו זיך אָן, מירן גיין צו הקפות... קיינער ענטפערט נישט.

לויפט זי אַרויף, שיינע־שרה, אַ האַלבע טרעפּל און קוקט אַריין אין ביילקעס קאַמערל. דערזעט זי אַז אין קאַמערל איז טונקל. די לאָדן זיינען האַלב־פאַרמאַכט און דאָס פענצטער — האַלב־אָפן. מען וואָלט גע־קענט מיינען, אַז עמיצער איז דאָ אַרויס דורכן פענצטער און פאַרמאַכט די לאָדן הינטער זיך. וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ שטאָט אַזאַ? שפּרינגען דורכן פענצטער און נישט אַרויסגיין דורכן שטוב־און־גאַניק...

איילט זיך שיינע־שרה, כאַפּט אויף זיך אַרויף די גרויסע שטוב־פאַטשיילע און לויפט אַרויס זוכן איר מיזינקע. פון שכן צו שכן געגאַנגען און מיט אַ געמאַכטער בנעימותדיקייט אַ פרעג געגעבן דאָ און דאָרטן:

— נישט געזען אפשר מיין ביילקען?

— ניין, נישט געזען.

מיט יעדן „ניין" איז שיינע־שרהס אומרואיקייט געוואַקסן און איר שמייכעלע איז געוואָרן זיסער. ביז איין שכנה, אין סאַמע עק פון „אונטער־באַרג", האָט זיך אָפּגערופן: איר דאַכט זיך, מאַכט זי, אַז ביילקע איז אָקערשט אַרויף צום מאַקאַראָווקער שליאַך צום וועלדל־צו... טראָגט זי נישט אַ באַרדאַ־טוך אויף די פּלייצעס? אַ וואָלענעם... מיט קווייטעלעך...

— יאָ, יאָ, אַזאַ האָט זי זיך אַליין אויסגעשטריקט.

— געמיינט זי כאַפּט אַ שפּאַציר...

— געזונטשינקערהייט! — פאַרציט שיינע־שרה אַ צופרידענע מינע, וואו האָט זי אין מאַהילעוו אַזאַ וואַלד?

2

אָבער ווי נאָר שיינע־שרה ווערט פּטור פון דער נייגעריקער שכנה, פאַלן איר די באַקן איין און איר בנעימותדיקער שמייכעלע גייט איבער

אין אַ צרהדיקן קנייטש פון בײדע זייטן מויל. זי גייט פּאַוואָלינקע אַוועק מיט דעם זאַמדיקן שטעגעלע, וואָס די שכנה האָט איר אָנגעוויזן. טריט ביי טריט שפּרייזט זי, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט. אָבער אַזוי גיך ווי זי פאַרלירט דאָס לעצטע אונטערבאַרגער הויז פון די אויגן, לאָזט זי זיך גיין גיכער, האַסטיקער. פּונקט אַזוי האַסטיק ווי עס קלאַפּט איר דאָס האַרץ. דאָס וועלדל רוקט זיך אָן און די יום־טובדיקע פייערלעך פון דער אונטערבאַרגער שולעכל זינקען איין. די צעפּוילטע סאָסנע־נאָדלען, איפן וואַלד־שטעגעלע, ווערן אַלץ מאַכיקער און ווייכער. ווי איף וואָטע גייט זי דאָ, און די פאַרנאַכטיקע שטילקייט וואַקסט אָן...

אומגעריכטערהייט דערהערט זי אַ שאָרך און האַלט איין אירע טריט. אַצינד גנבעט זי זיך, אַזוי ווי משה־לייב, איר מאַן, האָט זיך אַמאָל גע־גנבעט צום פאַרדעכטיקן סטאָג־היי. נאָך אַ פּאָר טריטעלעך און זי דערזעט דאָס, וועגן וואָס זי האָט אַפילו מורא געהאַט צו קלערן: ביי אַ גרויסער יאָדלע שטייען זיי, ביילקע און וואַניע — איר מילך־ברודער, פעסט אַרומגענומען. זי כאַפּט אים אַרום מיט די עקן פון איר געשטריקטן טוך, ווי מיט צוויי טונקל־רויטע פליגלען. און ער זי — מיט צוויי שטאַרקע אָרעמס אין לייוונטענע אַרבל, וואָס גייען אַרויס פון אַ פּויערישער וואַרע־מער וועסט. פאַרטיפט איז מען און צוזאַמענגעגאָסן מיט דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט פון וואַלד און מיט דער שטומער יאָדלע אַזוי, אַז מען הערט און מען זעט גאָרנישט וואָס עס טוט זיך אַרום, אַז אַ שאָטן דערנענטערט זיך...

— טאָכטערקע! — האָט שיינע־שרה שטיל אויסגעשריען און אַ פּאַטש געטאָן מיט בײדע הענט — דו? דו?

שוואַך און מיט אַ געבראָכענעם קול האָט זי דאָס געטאָן. אָבער דער פּועל־יוצא איז דערפון קלענער נישט געוואָרן. די טונקל־רויטע פליגלען פון ביילקעס טוך זיינען צוזאַמענגעפאַלן. דער טאָפּלטער גוף האָט זיך צעריסן אויף צווייען. דער יונגער גוי, מיט די ווייסע אַרבל און שוואַרצער וועסט, האָט געכאַפּט לויפן. און ביילקע, פאַרלירנדיק אַזאַ שטיץ, האָט זיך אַ שאָקל־געטאָן און אָנגעשפּאַרט זיך מיטן צעפּאַטלטן קאָפּ אָן בוים. אַזוי איז זי שטיין־געבליבן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן ווי אין אַ היגהער־פּלעט.

— קום! קום! — האָט זי שיינע־שרה גענומען טאַרמאָשען.

אָבער ביילקע האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט זיך נאָר אַרומגעקוקט מיט אויגן פון אַ שיכורער וואָס ניכטערט זיך אויס. און פּלוצלונג — אַ ריס געגעבן זיך אין דער ריכטונג וואוהין וואַניע איז אַנטלאָפן.

— לאָז... לאָז מיך, מאַמע! — האָט זי געשטאַמלט — לאָז מיך!

אָבער שיינע־שרה האָט נישט געלאָזן. דאָס מאָל האָט זי אָנגעכאַפּט זי מיט אַלע צען פינגער און נעגל פּאָר די פּלייצעס און גענומען טרייסלען:

—ביילקע, וואָס טוט זיך מיט דיר! אַ בושה און אַ חרפּה! פאַר הקפות! ביילקע!

ערשט איצטער, דאַכט זיך, האָט די מיזינקע קלאָר דערזען, וואו זי איז אויף דער וועלט און געצומען וויינען און מעקן, ווי אַ שעפּעלע וואָס האָט פאַרלוירן די סטאַדע. מיט דער דאָזיקער שוואַכקייט האָט זיך שיינע־שרה גלייך באַנוצט, אַרומגעכאַפּט איר מיזינקע מיט איין פּאָלע פון דער גרויסער שטוב־פּאַטשיילע, און געצומען זי פירן באַרג־אַראָפּ, מיטן זעלבן זאַמדיקן שטעגעלע, ווי זי איז געקומען אַהער. פאַרזיכטיק און אַן איילעניש געפירט זי. געוואַרט די זון זאָל וואָס טיפער אונטערגיין. עס זאָל טונקעלער ווערן. נייגעריקע שכנים זאָלן וואָס ווייניקער זען. קיין לייטיש געלעכטער זאָל נישט זיין.

דערזען די ערשטע יום־טובדיקע פייערלעך פון „אונטערבאַרג" האָט זיך ביילקע ווידער איינגעשפּאַרט, ווי אַ נאַרישע ציגעלע, מיט די הינטער־שטע פיסלעך איינגעשפּאַרט זיך:

— מאַמע, וואוהין פירסטו מיך?

— משוגע ביסטו? אַהיים.

— אַהיים? — האָט ביילקע איבערגעפרעגט. עפּעס ווי אַזאַ זאַך וואָלט איר געווען אומבאַקאַנט.

זי האָט אפשר געוואָלט זאָגן, אַז איר היים איז מער נישט דאָ וואו די פייערלעך צינדן זיך, וואו יידן און יידענעס גרייטן זיך צו הקפות נאָר דאָרטן... וואוהין וואַניע איז אַנטלאָפן, וואו די קליין־פענצטערדיקע כאַטעס דרימלען שוין. וואו עס שמעקט מיט פריש־אויסגעמעלקטע מילך און שווייס פון אויסגעמאַטערטע פערד... זי האָט אָבער קיין ווערטער נישט געפונען און קיין מוט נישט געהאַט צו ריידן מיט איר אמתער שפּראַך. שפּעטער אפשר... שפּעטער.

3

יענעם אָוונט האָט זיך משה־לייב אומגעקערט, פון „אונטערבאַרגער" מנין, אַן אָנגעשניאַשקעטער, אַ בגילופנדיקער לכבוד שמחת־תורה. אָבער אויף זיין ברייטלעכן „גוט־יום־טוב" האָט זיך אָפּגערופן נאָר איין שיינע־שרה, זיין ווייב. און אויך איר „גוט־יאָר" האָט זיך עפּעס אָנגעהערט נישט איבעריק פריילעך. אַ וואַכעדיקער בת־קול איז דאָס געווען.

— און וואו איז ביילקע? — האָט זיך משה־לייב אַרומגעקוקט.

— ביילקע? — האָט שיינע־שרה איבערגעפרעגט — זי איז אין קאַמערל, איז זי.

— יאָ, — מאַכט משה־לייב — איצט דערמאָן איך זיך. צו הקפות ביסטו אויך נישט געווען, נישט דו, נישט די מיזינקע.

האָט שוין שיינע־שרה קיין אויסוועג נישט געהאַט און, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, צוגעגעבן, אַז יאָ... ביילקע איז עפּעס נישט מיט אַלעמען... דערפאַר.

— נישט מיט אַלעמען גאָר? — האָט משה־לייב נישט געוואָלט גלויבן — וואָס עפּעס אין מיטן דערינען?

און פּלוצלונג, פון דער העלער הויט, שמחת־תורהדיק פריילעך גע־נומען גוואַלדעווען:

— ביילקע, ביילקע, אַ חרפּה! יום־טוב צו וועטשערע נישט מיט־אַלעמען? ביילקע!

— ששששאַ!... — האָט אויף אים שיינע־שרה אָנגעשריען — דער קאָפּ טוט איר וויי. דו הערסט דאָך! לאָז זי צורו!

מילא, איז נישט. האָט מען די גוטע וועטשערע אָפּגעגעסן זאַלבע־צווייט. שוין געוואוינט געווען, ברוך השם. זאָל זיך דוכטן ביילקע איז נאָך אין מאָהילעוו, ביי צילען, איר שוועסטער, און איז אויף יום־טוב, צום טאַטן און מאַמען, נישט אַראָפּגעפאָרן.

אָבער פאַרטאָג, נאָך אַ האַרטן האַלב־שיכורן שלאָף, טשוכעט זיך משה־לייב אויס. אים דוכט זיך די שטוב־קאַץ קאַניוקעט אין צווייטן בעט. ווי קומט אַ קאַץ אין אַ בעט? הויבט ער זיך פּאַוואָליע אויף און הערט זיך איין. ערשט עס איז גאָר שיינע־שרה. זי ליגט איינגענורעט מיטן קאָפּ אין קישן און וויינט.

— שיינע־שרהלע! — דערשרעקט ער זיך — וואָס איז דאָס?

— עס איז גאָרנישט... — שטאַרקט זיך שיינע־שרה — איך האָב נאָר מורא, משה־לייב. איך האָב מורא פאַר... פאַר אַ סך זאַכן האָב איך מורא. מען מוז אונדזער מיזינקע חתונה מאַכן. מיט וועמען עס זאָל נישט זיין. און וואָס גיכער...

דאָס איז פאַר אַלע דריי אין שטוב געווען אַ נישט־יום־טובדיקער אויסטשוכען זיך; נישט ווי נאָך אַן איבעריקן גלעזל בראָנפן, נאָר ווי נאָך אַ טשאַד. די לעצטע רעשטלעך שמחה זיינען זיך צעפלויגן ווי רויך. און דריי זעלן זיינען געווען קראַנק פאַר צער. משה־לייב — אין זיין שלאָף־צימער, שיינע־שרה — אין קיך, און ביילקע — אין איר קאַמערל.

אין זיין ערשטער אויפרעגונג, ווען משה־לייב האָט זיך דערוואוסט וואָס פאַר אַ הקפות זיין ביילקע האָט אים געפּראַוועט אין וואַלד און מיט וועמען, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן שלאָגן. נאָר שיינע־שרה האָט אַזאַ זאַך נישט דערלאָזן. און זי האָט קלוג געטאָן. נאָך דעם ווי דער ערשטער שטורעם איז אַריבער האָט איר ביילקע אַליין געזאָגט, און די שוואַרצע אויגן האָבן ביי איר דערביי נישט־גוט געפינקלט:

— אויב — האָט זי געזאָגט — דער טאַטע וואָלט אויף מיר אויפגע־הויבן אַ האַנט — וואָלט איך אַנטלאָפן! איך וואָלט גלייך אַנטלאָפן...

— צו צילען, טאָכטערקע, דאַרפסטו נישט לויפן, — האָט שיינע־שרה טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ — איך אַליין וועל דיך אָפּפירן.

— ניין, נישט צו צילען...

— צו וועמען דען?

אויף דעם האָט ביילקע מער קיין ענטפער נישט געגעבן. שיינע־שרה האָט געוואַרט, געוואַרט. און פּלוצלונג געכאַפּט זיך וואָס דאָס מיינט. זי האָט אַ פּאַטש געגעבן מיט בײדע הענט, ווי זי האָט דאָס געטאָן נעכטן אין וואַלד, און זיך פאַרגאַנגען אין אַ ביטערן געוויין:

— טאָכטערקע, וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס האָסטו געזאָגט?

אין דער ערשטער מינוט האָט זי נישט געפילט אַפילו, אַז ביילקע האָט נאָך גאָרנישט געענטפערט; אַז דאָס קלאָגט זי, שיינע־שרה אַליין, איבער איר אייגענעם געדאַנק וואָס קלינגט איר, ווי אַ שלעכטער אָנזאָג, אין די אויערן.

אַ טאָג צוויי האָט מען ביילקען געלאָזן „אויסרוען זיך". כאָטש קיין שום אַרבעט האָט די מיזינקע נישט אָנגעהויבן צו טאָן. אַפילו אין קיך נישט צוגעהאָלפן. און דעם דריטן פאַרנאַכט, ווען דער טאַטע איז אַוועק דאַוונען זיין וואָכעדיקן מעריב, איז שיינע־שרה אַרויף צו איר מיזינקע אין קאַמער, געזעצט זיך אויף איר בעט און גענומען גלעטן זי און ריידן גוטע רייד אַז... זי איז אַ מאַמע, איז זי, און פאַרשטייט זייער גוט וואָס מיט איר טאָכטער טוט זיך. זי, שיינע־שרה, איז אַמאָל אויך געווען יונג. צו זעכצן יאָר געוואָרן אַ פרוי... די ערשטע צייט ווייסט מען נישט וואו אַהינצוטאָן זיך. דאָס האַרץ ברענט אויפן וואָר און ברענט אין חלום. מען שטייט אויף און מען ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז. מען גייט אַרום ווי אין אַ נעפּל. און וואו מען זעט דורכגיין אַ יונגנמאַן — מיינט מען דער באַשערטער איז געקומען... דעריבער איז די בעסטע זאַך — חתונה האָבן. וואָס פריער חתונה האָבן. די אַמאָליקע טאַטעס און מאַמעס זיינען גאָרנישט געווען אַזוי נאַריש, וואָס זיי האָבן די טעכטער לאַנג נישט געלאָזן וואַרטן. צו וואָס טויגן איר, ביילקען, אַלע לערנעכצן אין מאָהילעוו, מיט אַלע נאַרישקייטן? די מאַמע וועט פאַר איר זאָרגן. זי האָט שוין געזאָרגט. זי האָט שוין עמיצן. מען מוז נאָר איבעררייידן מיטן שדכן...

ביילקע האָט געהערט, געהערט און די פאַרמאַכטע אויגן האָבן זיך איר ביסלעכווייז צעעפנט, צעגלאַנצט זיך מיט אַן אומהיימלעכן פייערל. די ליפּן האָבן זיך פאַרקרעמפּט און זי איז אַרויס מיט אַ מאָדנעם גע־

לעכטער. פון לאָכן איז זי באַלד איבערגעגאַנגען אין אַ געוויין און פון געוויין צו געלעכטער...

— ספּאַזמעס! — האָט שיינע־שרה אַ געשריי געטאָן און גענומען דרייען זיך אויף איין אָרט, ביז זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ קענדל וואַסער, אָפּגעשפּריצט איר מיזינקע און אָטכאַיעט זי.

דאָס האָט זיך אויסגעלאָזן פון ערשטן און לעצטן פּרזאוו, צו ריידן אַ שידוך איר פאַרבלאָנדזשעט טעכטערל.

## עלפטער קאַפּיטל

## מ י י ז

### 1

נאָך די ספּאַזמעס וואָס ביילקע האָט אָפּגעשפּילט דער מאַמען, בשעת ריידן איר אַ שידוך, האָט שיינע־שרה פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע רפואות, וואָס די באָבעס פלעגן אַמאָל געבן צו פאַרליבעניש, זיינען מער ווי נאַריש; אַז אַ קראַנקן אויף בויך־טיפוס טראָגט מען נישט אונטער קיין געפּילטע פיש ער זאָל זיך דערקוויקן... פאַרזיכטיקער ווי פריער מוז מען אַצינד היילן די מיזינקע. און קיין בעסערע זאַך ווי אָפּצושיקן זי צוריק קיין מאָהילעוו האָט שיינע־שרה דערווייל נישט געקענט צוקלערן. אַוועקנעמען וואָס ווייטער, פון מאַקאַראָווקער שליאַך, מוז מען זי. און וואָס ווייטער פון משה־לייבס אויגן. משה־לייב איז דאָך עפּעס גאָרנישט מיט אַלעמען, ווען ער האָט זיך, מיט די פויסטן, געקענט וואַרפן אויף זיין מיזינקע. אַ זאַך — וואָס זי, שיינע־שרה וואָלט דאָס קיין מאָל נישט געקענט גלויבן.

האָט מען ביילקען, אונטער אַ שטאַרקער שמירה, אָפּגעשיקט צוריק אין דער גרויסער שטאָט; דעם שליאַך דאָס מאָל נישט באַנוצט, כדי ביילקע זאָל אַפילו דעם ריח פון די מאַקאַראָווקער פעלדער נישט הערן. מיטן וואַסער־וועג האָט מען זי אָפּגעפירט. דאָס הייסט: מיטן פאַראַכאָדל וואָס מאַכט זיינע לעצטע רייזעס צווישן שקלאָוו און מאָהילעוו, איידער די קריעה הויבט אָן גיין איבערן דניעפּר. אָפּגעפירט און אָנגעזאָגט צילען אין איר היים און יענקעלען אין פעלדשער־שול, זיי זאָלן רחמנות האָבן, אַכטונג געבן און נאָכאַמאָל אַכטונג געבן אויף זייער פאַרבלאָנדזשעטער שוועסטער.

און ווידער איז אין משה־לייבס שטוב געוואָרן שטיל, אַזוי ווי פאַר די ימים־טובים. אָבער דער פריערדיקער בטחון איז שוין מער נישט געווען, אַז דאָס דערוויטערן ביילקען פון האַפּיאַס כאַטע וועט ווירקלעך העלפן; אַז דאָס אומריינע פאַרליבעניש וועט זיך ביי איר, מיט דער צייט, אויסשטיין; וויבאַלד אַ זעכצניאָריקע מיידל האָט געקענט אַפּטאָן אַזאַ זאַך און, בשעת יידן גייען צו הקפות, צוזאַמענגעשמעקט זיך מיט וואַנקען הינטער אַלעמענס פּלייצעס, הינטער טאַטע־מאַמעס פּלייצעס, אין אַ וואַלד. דעם קאָפּ פאַרלוירן ווי אַ שיכורטע און אַהיים נישט געוואָלט צוריקגיין, ווען די מאַמע האָט זי איבערגעשלאָגן אין מיטן האַלוביען זיך... נישט אַנ־דערש עס ליגט איר שוין אין בלוט, מיט האַפּיאַס טריפהנע מילך איינגעזויגן אין זיך קליינערהייט. און וואָס מער מען וועט זי אַנטווייַנען פון אַזאַ שיכרות, אַלץ מער וועט איר ציען צו דעם.

שיינע־שרה מיט איר קלוגשאַפט און מיט איר ווייבערשער רחמנות, האָט דאָס אויסערלעך מער־ווייניקער אויסגעהאַלטן, אָבער נישט משה־לייב דער קאָכיקער, דער אָפּנהאַרציקער, וואָס האָט פיינט סודות און שושקעניש און שטום־לשון. אַ סך ווייניקער ווי שיינע־שרה האָט ער זיך געריכט אויף אַזאַ זאַך און פּונקט אויף אַזוי פיל איז אים שווערער געווען אַריבערצוטראָגן דעם פאַרטאַיעטן ווייטיק. ווי אַ בויגן איז ער געווען גע־שפּאַנט. איין ריר — און ער שיסט. יעדער מאָלצייט ביים טיש איז פאַר אים געוואָרן אַן אָפּקומעניש. ריידן וועגן דעם, מיט שיינע־שרהן, איז געווען פיינלעך, און נישט ריידן — נאָך פיינלעכער. האָט זיך פאַרשפּע־טיקט צילעס אַ בריוו פון מאָהילעוו מיט אַ באַריכט וועגן זיין מיזינקע, איז ער אומגעגאַנגען אויסער זיך פאַר האַרצקלעמעניש. ביי שכנים „אונ־טערבאַרג", ביי קונדן אויפן מאַרק און אין דאָרף — ביי אַלעמען האָט ער געזען אַן אָפּלאַכעריש פייערל אין די אויגן, אַ באַהאַלטענעם מיין אין שמועסן מיט אים. יאָ, הייסט דאָס, מען ווייסט ברוך השם פאַרוואָס מען מוז ביילקען אָפּשיקן אין דער פרעמד... זי לערנט זיך, זאָגט ער, דאָרטן? מען שלאָגט זיך פאַר איר צו לערנען זי אומזיסט? אַזוי, אַזוי? זייער פיין! היינט וואָס גייט ער אַרום אַזוי פאַרדאגהט? פרייען זיך דאַרף ער...

איז ער מיט מענטשן געוואָרן, נישט ווי זיין שטייגער איז, קורץ און נישט פריינדלעך. אַהיים אומגעקערט זיך אַלע טאָג אַ צערייצטער און אַן אָנגעכמורעטער. ניט־צופרידן מיט דער גאַנצער וועלט און מיט זיך אַליין. סוף־כל־סוף האָט דאָס אים געבראַכט צום גראָבן שטויס מיטן שטיוול, וואָס ער האָט געגעבן דער טראָגעדיקער קאַץ אונטערן טיש; און צו שווערע מחשבות האָט דאָס אים געבראַכט, אַז אַזאַ אַכזריות, וואָס האָט געפירט צום טויט פון אַן אומשולדיקער, געטרייער חיה אין שטוב, וועט אים אַזוי גלאַט נישט אָפּלויפן.

2

אַ קורצע צייט, נאָכן באַגראָבן די אַלטע קאַץ מיט אירע פינף געמפילטע קעצעלעך, האָבן חברה־מיאוסקייטן דערשפירט, אַז משה־לייבס שטוב איז הפקר. לכתחילה האָבן זיי געמאַכט אַ פּרוואו: אַ גריזשע געטאָן און אַנטלאָפן. נאָך אַמאָל אַ גריזשע געטאָן און ווייטער אַנטלאָפן. ביסלעכווייז איבערצייגט זיך, אַז קיינער באַשטראָפט זיי נישט פאַר אַזאַ חוצפה, און אַ לאָז געטאָן זיך, בקאַמפּאַניע, פון אַלע זייטן. די קיך באַפאַלן, די ספּיזאַרנע און דעם שפּייכלער.

האָט שיינע־שרה, איין מאָל ביים עסן, אַ זאָג געטאָן, אַז עס איז קיין תכלית נישט צו לאָזן די מיאוסקייטן באַלעבאַטעווען, אַז מען מוז זען אַריינקריגן אַ נייע קאַץ אין שטוב. אָן אַ שום זייטיקער כוונה האָט זי דאָס געזאָגט. אָבער ביי משה־לייבן האָט דאָס, אומגעריכטערהייט, אַרויסגערופן אַ ווילדע אויפרעגונג, מיט אַ וואַרפן דעם גאָפל אָן דער ערד און מיט אַן אויפפאָרן פון טיש. עפּעס ווי מען וואָלט, אין אַ שטוב פון אַ געהאַנגענעם, דערמאָנט אַ שטריק.

— וואָ־אָס? — האָט ער גענומען שרייען מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן — ווייטער קעץ? איך וויל מער קיין קעץ אין שטוב נישט האָבן! איך וויל נישט!

שיינע־שרה האָט קיין באַזונדערע סיבה נישט געזען פאַר אַזאַ כעסדיקן פאַרבאָט, אַזוי ווי זי האָט פריער קיין יושר נישט געזען אין אויסלאָזן דעם זעלבן כעס צו דער טראַגעדיקער שטוב־חיה. זי האָט זיך נאָר אומקלאָר אָנגעשטויסן, אַז איר אָנבאָט איז ווי שיטן זאַלץ אויף משה־לייבס וואונד, אַ פאַראַכטונג צום אָנדענקען פון דער אַלטער טרייער באַשעפעניש, וואָס ער האָט אומגעבראַכט מער פון אומפאַרזיכטיקייט ווי פון שלעכטן ווילן. און אַ ביטערע עקשנות איז דאָס פון איינעם, וואָס האָט פאַרלוירן אַ טרייע זעל און וויל בשום אופן נישט טרייסטן זיך מיט אַן אַנדערער...

— איז מילא — מאַכט שיינע־שרה, און נעמט זיך צו איר אייביקער זאַך — וועט מען זען אויסקומען אָן אַ קאַץ. וועט מען שטעלן אַ פאַסטקע, אונטערלייגן אַרסעניק...

אָבער דאָס שטעלן פאַסטקעס און לייגן סם אין די ווינקעלעך האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. איין מייזל געפאַנגען און צען זיינען אָנגעלאָפן. ווי אין אַן איינגעבראָכענער פעסטונג אַריינגעריסן זיך אין קיך, אונטערגעגראָבן די פאָדלאָגע אין עס־צימער. עס האָט געראַצט און געגריזשעט אין ספּיזאַרנע און געוועקט פון שלאָף ביינאַכט. עס האָט, אָן אַ פּיצל בושה, אויפגענאַשט די אָנגעגרייטע חלבנע ליכט אויף שבת, דעם קעז וואָס מען האָט פאַרגעסן צודעקן מיט אַ שיסל. געמאַכט לעכער אין ברויט...

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין מאָל ראַנעטשקע, ווען משה־לייב האָט זיך געפּעדערט אַנצופּאָיען דעם פערד און איז מיטן רעכטן פוס אַריינגעפּאָרן אין אַ פּאַנטאָפל, האָט ער זיך מיטן גראָבן פינגער אָנגעשטויסן אויף אַ צאַפּלדיקן קניילכל און צוריק אַרויסגעכאַפּט זיין פוס, ווי אַן אָפּגעבריטער. אַ לעבעדיקע גרויע מייזל איז גלייך אַרויסגעשפּרונגען פון פּאַנטאָפל און מיט אַ קוויטש פון אַ האַלב־דערשטיקטער חיהלע, היינקענדיק אַנטלאָפן אין דער פינצטער אַריין...

די ערשטע מינוט האָט זיך משה־לייב דערשראָקן פון אַזאַ פּלוצלעכקייט. דערנאָך צעלאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס.

שיינע־שרה האָט נייגעריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין טשעפּטשיק:

— דו לאַכסט? אַן עין־הרע...

— וויסט — מאַכט ער — שיינע־שרה, וואָס מיר האָט געטראָפן?

— נו?

— אַ לעבעדיקע מייזל אין פּאַנטאָפל... ווי איך בין אַ ייד!

שיינע־שרה האָט גאַנץ אַנדערש אַ קוק געטאָן אויף אַזאַ זאַך. דערהערט וועגן אַ לעבעדיקן מייזל אין שוך איז זי, אין איין העמד, פון בעט אַרויסגעשפּרונגען:

— דערפון לאַכסטו? אַ שיינער געלעכטער.

און געכאַפּט אָנטאָן זיך ווי בשעת אַ שריפה. פאַרשנורעוועט דעם פאַרטוך — האָט זי הויך אויפן קול באַשלאָסן:

— נאַ, משה־לייב, קענסט לאַכן וויפל דיין האַרץ געלוסט. אַ קאַץ מוז מיר זיין אין שטוב!

ניט מער ווי „קענסט לאַכן"... וועגן דעם וואָס משה־לייב האָט געשריען, אַז „ער וויל נישט קיין קעץ" האָט זי אַפילו נישט דערמאָנט. איר ווייבערישע קלוגשאַפט האָט דאָס איר אונטערגעזאָגט. און דאָס האָט געהאַט אַ גוטע פּעולה. ער האָט אָפּגעשוויגן, נישט געענטפערט. אַזוי אַרום, שטומערהייט, מודה געווען זיך, אַז אויך דאָ איז שיינע־שרה גערעכט. אַלע מאָל איז זי גערעכט ווי דער טאָג.

3

אין יענעם פרימאָרגן, נאָכן אָנבייסן, איז משה־לייב אַרויס פון שטוב — אַ געפּאַלענער ביי זיך אַליין מער ווי נעכטן און אייערנעכטן. ער האָט באַשיינפערלעך דערזען, אַז אַלץ וואָס ער האַלט פאַר גלייך און אַלץ וואָס ער טוט קומט אַרויס פאַרקערט; אַז אַ שטרענגע האַנט געוועלטיקט איבער אים און מאַכט צו גאָרנישט מיט נישט זיין ווילן. צי דאָס קומט אויף אים אַן אין געשטאַלט פון אַ דאָרפישן שגץ, וואָס וויל אים אָוועקנע־

מען זיין טאָכטער, צי, להבדיל, אין געשטאַלט פון זיין אייגענער ווייב, וואָס זעט אַ סך ווייטער ווי ער... ס'איז אַלץ איינס. ער פירט קיין מאָל ניט אויס. ער בלייבט אַלע מאָל אומגערעכט. ער און זיין מאַנסבילשע עקשנות שפּאָרן זיך איין נאָר אַ געוויסע צייט, כּדי דערנאָך אין גאַנצן געבראָכן ווערן און נאָכגעבן ווי אַן אָפּגעשמיסענער...

נאָר דאָס איז נאָך, אין יענעם טאָג, געווען נישט מער ווי אַ שפּילער אָנהויב. אויפן שקלאָווער מאַרק האָט ער זיך, אַ שעה שפּעטער, אָנגעשטויסן אויף אַפאַנאַסן. פאַרטראַכט ווי משה־לייב איז געווען, איז ער, ווי אַ בלינדער, אָנגעגאַנגען אויף אַפאַנאַסעס וואָגן און מער נישט געקענט אים אויסמיידן. דער גוי האָט אים צוגעפּענטעט, גלייך אויף אַן אָרט, מיט אַ ברייטן „גוט־מאָרגן" און מיט אַ פריינדלעכער לאַפּע, וואָס ער האָט אים אויסגעשטרעקט אַקעגן.

און באַלד, אָן אַ שום איבערגאַנג, גענומען קלאָגן זיך אויף דעם היינטיקן צו וואַרעמען אָסיען: אַז די בולבעס אין קעלער האָבן גענומען וואַקסן, דאָס פערדן־מיסט ברענט און רויכערט אין שטאַל, און די בוריקעס יערן אין קלייט. די בעסטע קו האָט עפּעס געקראָגן אַ געשווילעכץ אין די אייטער און לאָזט זיך נישט מעלקן. מען וועט זי מוזן פאַרקויפן אויף פליישׁ... יאָ. און טאַמער וויניק האָט אים נאָך דער סטאַראָסטע פון דאָרף אָנגעזאָגט, אַז וואַנקע זיין מיזיניק און זיין עלטערער זון אַפאַנקע וועלן זיך מוזן שטעלן צום „נאַרוזשנאַי וויד" *), ווייל קיין מעטריקעס האָט מען קיין מאָל נישט געמאַכט. אין די ביכער נישט פאַרשריבן. ווייסט מען נישט ווען אַפאַנקע מוז זיך שטעלן צום פּריזיוו און ווען וואַנקע. פון דעם „נאַרוזשנאַי וויד" וועט דאָס, זאָגט דער סטאַראָסטע, קלאָר ווערן...

— אַזוי? — מאַכט משה־לייב צעטראָגענערהייט און וויל אוועקגיין.

אָבער אַפאַנאַס האָט זיך אין אים איינגעגעסן:

— קודי־זש־טי? — מאַכט ער — לעיבאַ? וואוהין איילסטו זיך אַזוי? און וואָס ביסטו היינט אַזוי צעטראָגן?

— איך, צעטראָגן? — פרעגט איבער משה־לייב און זוכט עפּעס אַ גלאַטיק וואָרט, כּדי אָפּצוטשעפּען זיך וואָס גיכער.

און באַלד פאַלט אים איין, אַז ער האָט דאָך היינט אַן אויסגעצייכנטן תּירוץ.

— צעטראָגן, — מאַכט ער — נישט צעטראָגן, נאָר אַ פּסק האָב איך היינט געכאַפּט. ראַנעטשקע מיט אַ באָרוועסן פוס אַריינגעקראָכן אין

*) רוין רוסיש: „נאַרוזשני וויד". ד. ה. אָפּשאַצונג פון די יאָרן לויט אויסערלעכן אויסזען.

מיין פּאַנטאָפל און אָנגעשטויסן זיך אויף אַ לעבעדיקער מייזל. נישט אויסצוהאַלטן מער פון די מיאוסקייטן אין שטוב...

דאַ ניאָושטאָ*) — וואונדערט זיך אַפאַנאַס, — האָסטו נאָך דיין געפּגרטער קאָץ קיין אַנדערע נישט דאַקאַזשעט?

— נייך. נישט געמאַכט זיך...

— דאָס קען מען מאַכן. כ'וועל זאָגן מיין האַפּיאַן וועט זי זיך פּאָסטאַרען.

— אַ דאַנק! צוליב וואָס זאָל זי זיך מטריח זיין. מיר וועלן שוין אַליין קריגן. נו, אַפאַנאַס, איך מוז לויפן!

— לויף נישט, לעיבאַ!... מיין האַפּיאַ קלייבט זיך סיי־ווי־סיי צו דיין לעיביכאַ...

— צו מיין ווייב? — שפּיצט זיך אָן משה־לייב — וואָס וויל זי פון איר?

— גאָרנישט, גאָרנישט, — קוקט אַוועק אַפאַנאַס און קראַצט זיך אין פּאַטילניצע — פון האַרצן וויל זי זיך נאָר אַראָפּריידן, אַן אייגענער מענטש.

— געשען עפּעס ביי אייך?

— אַזוי גאָרנישט, געלויבט דער אויבערשטער! נאָר וואַנקע אונדזע־רער איז עפּעס נישט אין גאַנצן. די אוראָקעס וואָס דער פּאָפּ גיט אים אין „הראַמאָטע" האָט ער אויפגעהערט צו מאַכן. אין שייער אַרבעטן גייט ער אויך נישט, מיין וואַנקע. ליגט אויפן אויוון און שוויגט. וויל דער־פאַר מיין „באַבאַ" פרעגן אַן עצה ביי דיינער...

אַנשטאָט צו נעמען אַן אָנטייל אין אַפאַנאַסעס צער פון האָדעוועץ קינדער, גיט גאָר משה־לייב אַ טראָט אויף צוריק און די אויגן ווערן ביי אים שאַרף ווי נאָדלען:

— וואָס פאַר אַן עצות קען דיר מיין לעיביכאַ געבן? זאָל בעסער דיין האַפּיאַ פרעגן ביים „כפערשעל" **). אָט דאָ ניט ווייט אין מאַרק וואוינט ער. ניט איך בין אַ „זנאַכער" ***), ניט מיין ווייב...

4

משה־לייב האָט דאָס אָפּגעזאָגט האַסטיק און מיט האַרץ באַטאָנט די לעצטע עטלעכע ווערטער, אַז ניט ער איז אַ „זנאַכער", ניט זיין ווייב. ווי העפלעכע פעטש האָט דאָס אָפּגעקלונגען, קלאָר באַדייט אַז מען איז אַפּאַ־

*) ניט שווין?

**) פעלדשער.

***) אַ דאָרפישער רופא, אַן אָפּשפּרעכער.

נאָסיכען מוחל איר וויזיט און אַז וואָנקעס מחלה ליגט קיינעם ניט אין דער לינקער פּיאַטע אויך ניט. משה־לייב אַליין האָט געפילט, אַז ער איז גראָב מיט זיין אַלטן דאָרפישן פריינד, וואָס האָט אים אַמאָל אויסגע־באָרגט זיין פלוניתטע און געראַטעוועט זיין מיזינקע פון אונטערגאַנג. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט באַהערשן. די אָנגעזאַמלטע ביטערניש אין האַרצן האָט געזוכט אַן אויסגאַנג און עפּעס געשראָקן זיך, פאַר ביילקעס אַמאָליקער אַם, האָט ער אויך.

אָבער אַ מאָדנע זאַך! דער זעלבער אַפאַנאַס, וועלכער האָט אַלע מאָל שטאַרק מקפּיד געווען אויף זיין האָנאָר, איז דאָס מאָל אַ האָר ניט נתפּעל געוואָרן פון אַזאַ קלאָרער אָנצוהערעניש. ער האָט זיך, קענטיק, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַריינגענומען אין פויערשן קאָפּ, אונטערן שאָפּע־נעם היטל, ווידעראַמאָל אָנצובינדן דעם איבערגעריסענעם פאָדעם צווישן מאָקאַראָווקי און „אונטערבאַרג". דאָס איז, ווייזט אויס, געווען דער אמתער גרונט פון זיין צושטייעניש, וועלכן משה־לייב האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען. לויט זיין מיינונג, האָט אַזאַ צושטיין גיכער געפּאַסט פאַר אַ יידישן מעק־לער, ניט פאַר אַ דאָרפישן בעל־גוף.

פאַרוואונדערט האָט ער אַפאַנאַסן אָנגעקוקט און גאָר פלוצלונג איז אים אויפגעפאַלן, אַז דאָס פייערל אינעם גויס קרומלעכע אויגן איז עפּעס פריילעכער ווי זיינע ווערטער און דער אויסדרוק חוצפּהדיקער ווי זיין פריינדלעכער שמייכל. אַן אומקלאָרער פאַרדאַכט האָט אים אויפגעשי־מערט אין פאַרזאָרגטן קאָפּ.

— יאָ, — מאַכט משה־לייב מכלומרשט פאַרטראַכטערהייט — וואָס האָב איך געוואָלט פרעגן? האָסט מיר עפּעס פריער געזאָגט וועגן פריזיוו פון דיינע זין... וואוהין ווילסטו זיי פירן צום „באַרוזשנאָי וויד"?

אַ ווילע האָט אַפאַנאַס געשוויגן, איבערגעלעגט זיך און ערשט דערנאָך געגומען ציען ווערטער. קענטיק, אַן איבעריקן חשק:

— ניעאיזוועסנאָ! — אומבאַקאַנט הייסט דאָס — מאָזשאַ או שקלאָוו — אפשר אין שקלאָוו. אפשר אין אַן אַנדער אָרט.

— אין וועלכן אַנדער אָרט? — איז משה־לייב נייגעריק געוואָרן — ניט אין דער גובערנסקער שטאָט? אין מאָהילעוו מיין איך..

— ניעאיזוועסנאָ!... — איז אומבאַשטימט, ווי פריער, געווען דעם גויס ענטפער.

משה־לייב האָט אומפריינדלעך אַ בורטשע געטאָן „אַ גוטן!", וואָס האָט זיך אָנגעהערט ווי „גיי צו אַלדי קאַדיק", איז גיך אָפּגעטראָטן פון אַפאַנאַסעס וואָגן און אַוועק. נאָר אויפן האַרצן איז אים עפּעס געווען שווער, נאָך שווערער ווי היינט אין דער פרי. אַ געפיל האָט ער גע־האָט, אַז מייז האָבן זיך ביי אים פאַרפירט ניט נאָר אין שטוב, נאָר

אין מאַקאַראַוווקי אויך. אין מאַהילעוו אויך. אומעטום. וואו ער שטייט און גייט ראַצן זיי און גריזשען. און קריכן טוען זיי ניט נאָר אין זיינע פּאַנטאָפל, נאָר אין לעבער אויך. אין לעבער אַריין אויך. און ס'איז פון זיי מער ניט אויסצוהאַלטן.

## צוועלפטער קאַפּיטל

# ר י ק ע ל ע

### 1

אַ טאָג־צוויי שפּעטער, ווען משה־לייב האָט זיך אומגעקערט פון שטאָט וואַרימעס עסן, האָט אים שיינע־שרה געזאָגט, אַז זי האָט שוין אַ נייע קאַץ אין שטוב... זי האָט דאָס אים אָנגעזאָגט מיט אַן איבערגעטריבן־שיינענדיקער מינע. אַפּנים — כדי צו צעשטרייען אים. וואָרעם די לעצטע טעג האָט זי באַשיינפּערלעך געזען, אַז איר מאַן גייט אַרום פינצטערער און פאַרזאָרגטער ווי פריער. זעט ניט וואָס מען דערלאַנגט אים אין טעלער און הער'ט ניט וואָס מען רעדט צו אים.

— אַ, אַ נייע קאַץ?... — האָט ער נאָך אַ רגעלע קלערן איבערגעחזרט נאָך איר. קענטיק — קלאָר ניט באַגריפן צוליב וואָס ער'מוז דאָס וויסן.

— עס וועט שוין איצטער נעמען אַ סוף צו די מייז! — האָט אים שיינע־שרה פאַרטייטשט.

— אַ, אַ סוף!... — האָט ער איר נאָכגעזאָגט ווי אַ שלעכטער תלמיד נאָכן רבין. — מען קען זיך שוין וואַשן?

— אַוודאי קען מען... נאָר דו הערסט ניט וואָס מען רעדט צו דיר. זי האָט שוין אַפילו אַ נאָמען די קאַץ. ריקעלע האָב איך איר אַ נאָמען געגעבן.

— אַ, ריקעלע? וואָס עפּעס ריקעלע? נאָך דער עלטער־באָבען?...

און אין מיטן דעריבער איז ער גאָר אין כעס געוואָרן, דערמאָנט זיך וואָס מיט דער אַלטער קאַץ איז געשען און אויסגעשאָסן:

— הכלל. האָסט שוין אַ נייע קאַץ. איז מזל־טוב דיר!

מיט האָרץ האָט ער אַ נעם געגעבן די פּולע בלעכענע קוואָרט און האַסטיק געוואַשן די הענט אין פירהויז איבער דער פּאָמוניצע. פּליוך, פּליוך! און געלאָפן אין שטוב אַריין צום האַנטוך אין רינג. דאָ האָט ער

זיך אַנגעשטויסן אויף אַ חיהלע, שוואַרץ ווי סאַמעט, שטייט איבער אַ ווייסן טעצל פול מיט מילך און זשליאַקעט, וויגנדיק מיטן לאַנגן עק פון גרויס הנאה.

דערזען אַ נייעם מענטשן, האָט דער פיר־פיסיקער גאַסט אַ פאַרשקעפּ־געגעבן, אַ שיפּע־געטאָן ווי אַ שלאַנג, אַנטלאָפן און באַהאַלטן זיך.

אָפּגעווישט זיך די נאַסע הענט און געמאַכט „המוציא״, זאָגט משה־לייב צו שיינע־שרהן זיין ווייב, האַלב־ברוגזלעך, האַלב־פאַרלעגן:

— זע, וואו האָסטו דאַקאַזשעט?

— אַ גרויסע מציאה! — ענטפערט אָפּ שיינע־שרה מיט אַ האַלבן מויל — מען דאַקאַזשעט.

אַזאַ אָוועקמאַכן זיך ווערט משה־לייבן פאַרדעכטיק. די לעצטע צייט פאַרדעכטיקט ער אַלץ און אַלעמען, אַפילו זיין אייגענע אשת־חיל. גיט ער דערפאַר שטרענג אַ זאָג:

— איך פרעג דאָך: וואו׳סטו דאַקאַזשעט?

— שאַ, שאַ! — צעבייזערט זיך שיינע־שרה, — שריי ניט אַזוי! האַפּיאַ האָט געבראַכט.

משה־לייב איז געבליבן זיצן מיט אַ ניט־צעקייטן ביסן אין מויל און ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען.

— האַפּיאַ גאָר? — האָט ער דערשטיקט אַרויסגערעדט — ווער האָט זי געבעטן?

— קיינער האָט זי ניט געבעטן. זי אַליין האָט זיך דערוואוסט.

— ווי אַזוי האָט זי זיך דאָס דערוואוסט? — האָט משה־לייב, אַן אויפּ־געררעגטער, גענומען קייען און פרעגן אין איין און דער זעלבער צייט — שליחים האָט מען נאָך איר געשיקט? וויפיל מאָל האָב איך אָנגע־זאָגט? איך וויל דאָ אַפּאַנאַסעס משפּחהלע מער ניט האָבן!...

האָט זיך שוין שיינע־שרה מער ניט געקענט איינהאַלטן:

— וואָס בינדסטו זיך, וואָס? איך האָב נאָך איר ניט געשיקט. דער־וואוסט, זאָגט זי, האָט זי זיך דורך דיר.

משה־לייב האָט אויסגעקוילערטביידע אויגן:

— דורך מי־י־ר?

— דו אַליין, זאָגט זי, האָסט זיך געקלאָגט פאַר איר אַפּאַנאַסן, אין מאַרק, אַז מייז קריכן דיר אַרום אין די פאַנטאָפלעס...

אויף דעם האָט שוין משה־לייב ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ווי אַן אָפּגעשמיסענער איז ער געבליבן זיצן ביים פולן טעלער. געטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך גענומען עסן און מאַכן, צווישן איין ביסן און צווייטן, מיט די הענט און פּלייצעס. דאָס האָט ער גערעדט אַזוי, אויף שטום־לשון, מיט זיך אַליין; און אפשר מיט שיינע־שרהן אויך. פאַרענטפערט זיך — אַז

ער איז דאָ ניט־שולדיק... נאָר וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ פאַרענטפערן זיך? ס'איז דאָך פאָרט אַן אמת. ניט באַרעכנענדיק וואָס ער דערציילט דעם כאַמרוליע אויפן מאַרק, האָט ער אַליין געגעבן אַן אויסרייד דער מאַקאַ־ראָווקער משפחהלע זיי זאָלן צו אים ווייטער קריכן אין שטוב אַריין, פענקע, קעץ, דאָס, יענס... ס'איז אַלץ אַן אויסרייד...

שווייגנדיק האָט ער ווייטער געגעסן. מעסער און גאָפּל האָבן גע־שווינדלט פאַר די אויגן. דער גוטער קרופּניק איז אין האַלדז ניט גע־קראָכן. ווען ער, משה־לייב, וואָלט געוווּן גערעכט, וואָלט ער שוין לאַנג אַ וואָרף־געטאָן אין מיטן און וואָלט אָפּגעבענטשט. אַצינד, אַז ער אַליין איז אַזוי אַריינגעפאַלן, האָט ער זיך געשעמט.

אָבער די פאַרדאַכטן האָבן פאָרט ניט געלאָזן צו רו. האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און ווידער גענומען שיינע־שרהן אויפן פאַרהער:

— נאָר צוליב דער קאַץ איז זי געקומען? האַפּיאַ, מיין איך...

— צוליב וואָס נאָך, ווילסטו, זאָל זי קומען?

— איך וויל גאָרניט. איך פרעג נאָר...

— אַך, יאָ... — דערמאָנט זיך מיטאַמאָל שיינע־שרה, — איר וואַנקע, האָט זי זיך מיר געקלאָגט, איז עפּעס ניט מיט אַלעמען; ליגט אויפן אויוון, וויינט, אַרבעט ניט. דער רוח ווייסט אים!

— איז וועמענס עסק איז דאָס?

— יאָ, מיך האָט דאָס טאַקע אויך געוואונדערט... זאָגט זי, אַז זינט איך האָב איבערגעשראָקן איר תכשיט אין וואַלד האָט ער געקראָגן די „כאַראַבע“...

— אַזוי, אַזוי? — האָט זיך משה־לייב צעקאָכט. — אַזאַ חמורטע! לעקעך און בראָנפן געדאַרפט אים אפשר אונטערטראָגן? האָסט איר געמאָגט זאָגן, אַז איר וואַנקע קען גאָט דאַנקען וואָס איך האָב אים מיט אונדזער מיזינקע ניט געטראָפן. קיין גאַנצע ביין וואָלט אים ניט גע־בליבן . . .

— קיין טענות האָט זי דאָך ניט. זי האָט נאָר געוויינט. אַן עצה גע־פרעגט...

— איז וואָס האָסטו געזאָגט?

— האָב איך איר געזאָגט, אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען זי זאָל אים פון שטוב אַוועקשיקן. אין דער פרעמד וועט ער זיך אויסהיילן. אָט, ווען די אַרבעט אין שייער וועט זיך ענדיקן, זאָל זי אים אָפּשיקן וואָס ווייטער פון „אונטערבאַרג“ און וואָס ווייטער פון מאַקאַראָווקע. אַלע דאָר־פישע טוען אַזוי מיט זייערע זינדלעך...

— וואָס דען, קראַנק איז זי? אַז מיר האָבן געמעגט — מעג זי אויך. וואָס ווייטער פון דאַנען... איז וואָס האָט זי געזאָגט?

— זאָגט זי, אַז דערווייל קען זי דאָס ניט טאָן, ווייל עס קען זיין וואַנקע אירער וועט זיך מוזן שטעלן צום „נאַרוזשנאַי וויד" מיט זיין עלטערן ברודער. זי ווייסט נאָך אַליין ניט וואו. אפשר אין שקלאָוו, אפשר אין אַן אַנדער שטאָט...

— אין אַן אַנדער שטאָט? — איז משה־לייב אין גאַנצן אויפגע־בראַכט געוואָרן — אין וועלכער שטאָט? אין וועלכער אַנדער שטאָט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? זי ווייסט אויך ניט.

— צו אַלדי קאַדיק מיט זייער „נאַרוזשנאַי"! וואָס דרייען זיי מיר דעם קאָפּ מיט זייערע פּויערישע געשעפטן? וואָס דרייען זיי דיר דעם קאָפּ! מיר — אויפן מאַרק. דיר — דאָ ביי מיר אין שטוב...

ער האָט פון זיך אַ רוק־אָפּ געגעבן דעם ניט־דערעסענעם קרופּניק, די באַשטיוולטע פיס אַ שטעל געגעבן און אויפגעשטאַנען. און באַלד האָט זיך ווידער איבערגעחזרט אַ פאַרגעסענע איבערלעבונג. אונטערן טיש האָט עפּעס אַ קוויטש געגעבן, דערנאָך צעפּאַרשקעט זיך: „צשש... טפפ!..." ווי עס וואָלט זיך אָפּגעשפּייט מיט האַס און פאַראַכטונג.

— וואָס איז דאָס?... — איז משה־לייב אָפּגעשפּרונגען. דער קוויטש פון דער אַלטער טראָגעדיקער קאַץ, וועלכע ער האָט ניט־ווילנדיק גע־ממיתט, האָט אים אויפגעקלונגען אין די אויערן — שוין ווייטער? ווייטער?...

ס'איז גאָרנישט, גאָרנישט! — האָט אים שיינע־שרה באַרויקט. ס'איז ריקעלע! ריקעלע האָט זיך דערשראָקן. די נייע קאַץ...

2

באַקומען אַזאַ אומגעריכטן שטויס, מיט אַ געדזיעגאַכצטן שטיוול, האָט זיך ריקעלע אָפּגעטראָגן פון אונטערן טיש און, שיפּענדיק און פאַרשקעצ־דיק, פאַרקליבן זיך הינטערן אויוון.

אַ ווײַלע האָט זי געלעקט דעם ווייטיקדיקן זייט. דאָס בערטשל־צינגעלע איז געווען וואַרעם און דער טעמפּער ווייטיק האָט זיך, ביסלעכ־ווייז, צעשמאָלצן אונטערן פעל און איבערגעגאַנגען אין אַ דרעמל. די אויסגעזשליאָקעטע וואַרעמע מילך, מיט וועלכער די נייע באַלעבאָסטע האָט זי אָקערשט מכבד געווען, האָט אויסגעפילט דעם האָריקן בייכל און צוגעהאָלפן דאָס דרעמלען זאָל זיין זיסער און באַטעמטער. פונעם קאָפּ־און־רוקן־דריידל, אין וועלכן ריקעלע האָט זיך צוזאַמענגעקנוילט, האָט זי, פונדעסטוועגן, אַרויסגערוקט איין אויער'ל און געהאָרכט, איין האַלב אויגל — און געטשאַטעוועט. מאַלע וואָס עס קען זיך מאַכן!... איבער־ראַשט צו ווערן האָט ריקעלע פיינט געהאַט. פון גאַר קליינערהייט האָט זי זיך אַריינגענומען אין קליינעם קעפּל, אַז יעדער פּלוצלעכקייט טראָגט אין

זיך דעם אָנהויב פון אַ סכנה... דורך אָט־דעם סטאַרטשענדיקן אויערל, וועלכער איז ווי אַ שומר געשטאַנען איבער איר דרעמלענדיקן גופעלע, האָט זיך צו איר, פון הינטערן דיקן אויוון, געזייט אַ באַלאַבאָטשען פון די צווײ נייע באַלעבאַטים. אַנדערע קולות זיינען דאָס געווען. ניט אַזעלכע רואיקע אָבער אויך ניט אַזעלכע ברומענדיקע ווי איז דער דאָרפישער כאַטע, וואו זי, ריקעלע, איז געבוירן געוואָרן. דאָ האָט אויך געשמעקט מער מיט קיך ווי מיט שטאַל. מער מיט צוויי־פיסיקע ווי מיט פיר־פיסיקע... אָבער אומרואיקער איז דאָ אויך געווען. ניט צו פאַרשטיין וואָס פאַראַ מענטשן דאָ וואוינען. אָקערשט האָט מען זי מכבד געווען מיט אַ טעצל וואַרעמע מילך און באַלד נאָך דעם — מיט אַ שטויס פון אַ שטיוול...

פאַר די זעקס־זיבן חדשים, וואָס זי, ריקעלע, לעבט אויף דער וועלט, צווישן די הויך־געוואַקסענע צוויי־פיסיקע באַשעפענישן, האָט זי שוין עפּעס געלערנט און געוואוינט זיך איינצואָרדענען איר קעצישן לעבן אויף אייגענער אַחריות. דאָרטן, אין דאָרף, וואו זי האָט די בלינדעוואַטע אויגן געעפנט צום ערשטן מאָל, האָבן זיך די צוויי־פיסיקע ווייניק געקימערט איבער איר. טעצלעך מיט וואַרעמע מילך האָט איר קיינער ניט אונטערגעשטעלט. דאָרטן זיינען אַפילו קיין טעצלעך ניט געווען, נאָר עטלעכע פאַרוויכערטע ליימענע טעפּ, פון וועלכע עס שלאָגט צו דער גאַל מיט זויער־קרויט און מיט פאַרשימלטע אוגערקעס. דערפאַר אָבער איז די מאַמע אירע, די דיקע ראַבע קאַץ, געווען אַ לעבעדיקער מילך־קוואַל... שפּעטער איז דער קוואַל געוואָרן אַלץ מאָגערער און קאַרגער. דער ווייכער גאָכגיביקער בויך איז קילער געוואָרן און מער ניט געלאָזט מען זאָל זיך צו אים טוליען. דער מאַמעס הינטערשטע לאַפּקעס זיינען האַרט געוואָרן, נעגל אַרויסגעשטעקט פון די סאַמעטענע פּיאַטעס, געשלאָגן און געטריבן פון זיך...

דערנאָך האָט די מאַמע אין גאַנצן געלאָזן אירע זעקס קינדער אויף הפקר, און אַליין איז זי אַוועק אויף די שטרויענע דעכער אין דאָרף. גאַנצע נעכט אַהיים ניט געקומען. נאָר אירע אַנטציקטע און ווילדע קוויטשערייען האָבן די קינדער אירע פאַרנומען אין דער פינצטער. דורך דעם שטרוי פון דאַך האָבן זיי אָפּגעהילכט אין האַלב־דרעמל, און דורך די אָפּגעקילטע נידעריקע קוימענס דערגאַנגען צו די קינדערשע אויערן. ווי פון מענטשן געשלאָגענע קינדער, אַזוי האָט די מאַמע געגוואַלדעוועט אין איין כאַר, מיט אַלע קאָטערס פון דאָרף, אַזוי מאוימדיק און אויסגעלאָזן. דאָס האָט געמאַכט שוידערן די רוקן־ביינדלעך אונטער די פוכקע פוטערלעך און בייזע חלומות אָנגעיאָגט אויף די לעבעדיקע יתומים. האָט מען זיך נאָך וואַרעמער געטוליעט איינער צום צווייטן, קאַניוקעט, געזוכט, אין דער פינצטער, דער מאַמעס פאַרלוירענע ליבשאַפט, און ניט געפונען...

בייטאָג איז געווען ניט בעסער. די חיונה איז געוואָרן וואָס אַ טאָג קנאַפּער, און דער אַפּעטיט — שאַרפער. האָט מען געזוכט און גענישטערט פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט, און קיין מאָל צוזאַט ניט געגעסן. די דינע רעברעס זיינען אַרויס פון אונטער די סאַמעטענע פעלכלעך און צוויי ברידערלעך זיינען אומגעקומען פון הונגער און עלנט. איז מען געבליבן זאַלבעפערט. איינער, אַ גרוי־געפּאַסקעטער, איינער אַ געלער. זי, ריקעלע, אַ שוואַרצע, און איר שוועסטערל — אַ ווייסע מיט אַ ברוינעם עק. וויפיל קאָטערס אין דאָרף אַזוי פיל פאַרשיידענע פוטערלעך האָבן זיי געשענקט זייערע יורשים. זי, ריקעלע, איז געווען געראָטן אינעם שוואַרצן „מורזע“ — דער קאָטער פון סטאַראָסטע, וואָס אַקעגנאיבער. אין אַ בלאָטקע, נאָך אַ רעגן, האָט זי זיך, איינמאָל, דערזען און געמיינט, אַז ס׳איז „מורזע“. האָט זי זיך מיט אים געוואָלט אַ שפּיל־טאָן און אַריינגעטראָטן מיט דער לאַפּקע אין נאַס. דער „מורזע“ איז דאָרטן גלייך צעבראָכן געוואָרן און פאַרשוואונדן אין אַ ברודיקער מוטנעקייט. שפּעטער האָט זי אים אַ סך מאָל באַגעגנט אויף דער גאַס. ער איז געווען גאַנץ און לעבעדיק. אָבער אַ סך גרעסער ווי דער, וועלכן זי האָט דערזען אין דער גלאַנצעדיקער בלאָטקעלע...

חנעוודיקער ווי אַלע איבערגעבליבענע יתומים איז געווען דער געלינקער ברודערל אירער. ער איז געווען זייער ענלעך צום אַלטן פאַרווילדעוועטן קאָטער אין דאָרף, וועלכער איז אויך געווען געל און, אַ ברודיקער, אַרומגעבלאָנדזשעט אָן אַ באַשטימטער וואוינונג, אָן אַ באַלעבאָס, און איין אויג אין קאָפּ און מיט אַן אָפּגעביסענעם עק. אַ ביסל אונטערגעהינקט אויף איין פיסל האָט ער אויך... דאָס זיינען אַלץ געווען אויסצייכענונגען פון זיינע ליבע־מלחמות, אויף דעכער און צוימען, אין די יונגע יאָרן און אויף דער עלטער. די יונגע קאָטערס האָבן פאַר אים געציטערט און אָפּגעטראָגן זיך אָן אַ זייט אַזוי גיך ווי זיי האָבן נאָר דערהערט זיין בייזן מרוקען. ווי אַן איין־אויגיקער מכשף פלעגט ער נאָר אַ קוק געבן אויף זיין קאָנקורענט און יענעם פלעגן גלייך די דמים איינפאַלן. דער יורש זיינער, וואָס ער האָט געלאָזן אין האַפּיאַס כאַטקע און געמאַכט פאַר ריקעלעס ברודער, איז געווען געראָטן אין טאַטן. אַ מזיק אַ יונג. דער לעבעדיקסטער צווישן די פיר־געבליבענע קעצעלעך; דער שפּילעוודיקסטער און שטיפערישסטער.

מיט אים, מער ווי מיט אַלעמען, האָט ריקעלע פאַרבראַכט איר פאַריתומטע יוגנט, און צוזאַמען געזוכט דאָס, וואָס די מאַמע, די לויפערקע, האָט מער ניט געוואָלט געבן, וואָס די טאַטעס האָבן קיין מאָל ניט געטראַכט צו געבן... מען האָט בקאָמפּאַניע געמאַנטשעט ביי די קינדער פון די פויערישע שכנים, מיט פאַריסענע עקן געבעטלט ביי אַלע הייסע טעפּ;

נאָך מייזלעך געיאָגט זיך, נאָך פויגעלעך אויף בוימער. אַמאָל האָט זיך איינגעגעבן צו לאַטכענען וואָס ניט איז אין שפּייכלער, אַמאָל — אין פּיר־הויז. מען האָט זיך געוואוינט צו עסן ברויט, איינגעטונקט אין פריקרע־זויערע געקעכצן, אַבי עס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ ביסל פעטס. אָבער געהאָלפן פון דעם אַלעמען איז מען ניט געוואָרן. מען איז קיין מאָל ניט געווען זאַט. מען איז שטענדיק געווען גרייט צו כאַפּן אַ קיי. אַ טאָג לעבן פאַר אַ קעפל פון אַ פיש וואָלט מען אָפּגעגעבן, פאַר אַן עקל פון אַן אויסגעווייקטן הערינג. אָבער די באַלעבאַטים פון דער דאָרפישער כאַטע זיינען אַליין געווען גוטע קעץ. די קעפּלעך און עקלעך פון פיש האָבן זיי אַליין אויפגעפרעסן. אַפריער אויסגעשמאַצקעט ביזקל לעצטן טראָפּן, דער־נאָך אויפגעגעסן מיט ברויט...

דער געל־געפלעקטער ברודערל האָט איינמאָל אַנטדעקט, אַז רויע פישלעך געפינט מען, פון צייט־צו־צייט, אויפן דניעפּר, צווישן די שטיינד־לעך. בפרט נאָך אַ שטאַרקן רעגן, ווען די כוואַליע ווערט שטאַרקער, וואַרפט זי אַרויס די שוואַך־געוואָרענע פישעלעך... איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן אַ געיעג נאָך רויע פישלעך. דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכער מאכל, וואָס קעץ גייען נאָך דעם אויס. מען האָט מוחל געווען אויף דאָס נאָס־ווערן פון די סאַמעטענע לאַפּקעס, אויפן נודנעם טשאַטעווען גאַנצע שעהן נאָכאַנאַנד. עס האָט זיך געלוינט. דאָס פאַרבייסן, נאָך אַזאַ שווע־רער פראַצע, מיט אַ האַלב־לעבעדיקן פישל, וואָס קנאַקט אונטער די שאַרפע ציין און צעגייט אויף דער צונג, מיט אַלע רויע טעמים, וואָס די צוויי־פיסיקע באַשעפענישן ווייסן אָפילו ניט פון זיי, האָט אַריינגעבראַכט שמחה און זעט אין דער קליינער קאַמפּאַניע פון פאַרפאָלגטע יתומים. גע־מאַכט העלער די טעג און זיסער די נעכט... אָבער די קליינע שקצים פון דאָרף האָבן באַלד דערשמעקט, אַז די קעצלעך פון דער מומע האַפּיאַ זיינען געוואָרן פישער און כאַפּן פלאָטקעס, צווישן די שטיינדלעך ביים ברעג. איז געוואָרן אַן אַנגעלאָף פון נייגעריקע און דער גאַנצער עסק האָט געפּלאַצט. ווי נאָר אַ קעצל האָט זיך באַוויזן ביים וואַסער, האָט מען אויפגעהויבן אַ גרויס געשריי מיט אַ געלעכטער. האָט מען געמוזט כאַפּן די עקן אויף די פּלייצעס און אַנטלויפן.

און ווידער אַמאָל זיינען די פרנסות געוואָרן קלענער און די אַפּעטיטן זיינען געוואַקסן. האָט מען געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל אַז מען ווייסט ניט וואָס מען מאָג, צווישן די צוויי־פיסיקע, און וואָס מען טאָר ניט. מען האָט זיך טאָג־איין, טאָג־אויס אַרויסגעלאָזן אויף ראַזבאָי. אויב ניט ביי דער מומע האַפּיאַן איז ביים סטאַראָסטע; אויב ניט ביים סטאַראָסטע — איז ביים פּאָפּ פון דאָרף. מען איז געוואָרן כאַפּערס און גנבים און לייד־דאַקעס. און דאָס האָט סוף־כל־סוף געבראַכט צו אַ גרויסן בראָך. אַ גזרה

איז אַרויס פון מומע האַפּיאַס שילטנדיקן מויל און אויסגעגאָסן זיך אי־בער די פאַרשייטע קעפּלעך פון די לעבן־געבליבענע, פיר־פיסיקע יתומים.

## דרייצנטער קאַפּיטל

# די טאַראַנקע

1

און אַזוי, געדענקט ריקעלע, איז דער בראָך געקומען:

דער ייִנגסטער צוויי־פיסיקער אין דער פויערישער כאַטע איז קראַנק געוואָרן. אויף דער וואַרעמער ליעזשאַנקע איז ער געלעגן גאַנצע טעג און ניט געגעסן. די מאַמע זיינע האָט אים אונטערגעטראָגן דעם בעסטן שטיקל חזיר־פלייש, דעם פעטסטן קרופּניק מיט סמעטענע; איר, רי־קעלען, פלעגט די נשמה אויסגיין פון די ריחות אַליין. אָבער דער קראַנ־קער האָט ניט געוואָלט אַפילו פאַרזוכן. און זיין באַזאָרגטע מאַמע פלעגט, וויינענדיק, שלעפּן די געריכטן פון אויוון צו דער ליעזשאַנקע און פון ליעזשאַנקע צוריק צום אויוון. זי, ריקעלע, און אירע געשוועסטער, פלעגן נאָכגיין, מיט פאַרריסענע עקן, נאָך די פולע שיסעלעך און פלעגן קאַניוקען און טענהן, אַז עס איז אַ גרויסע זינד ניט צו עסן אַזעלכע מאכלים. אָט, זאָל נאָר די מומע האַפּיאַ די קעצעלעך מכבד זיין מיט איין פולער שיסעלע, וועט זי זען ווי זיי וועלן פאַלגן, ווי זיי וועלן אויסלעקן ביזקל דנאָ, קיין גרייפּעלע וועט ניט בלייבן... אָבער פאַרצרהט ווי זי איז געווען, פלעגט זיי האַפּיאַ אַפילו ניט וועלן אויסהערן. זי פלעגט דעם געבן אַ שטויס, דעם צווייטן אָנשילטן און דעם דריטן שיקן צו אַלדי־קאַדיק. פּסיק, פּסיק, אייער זוואַניע זאָל דאָ ניט זיין!

דאָס אַלץ איז נאָך געווען צו דערטראָגן. דער אמתער אומגליק האָט זיך אויסגעגאָסן, ווען די זעלבע מומע האַפּיאַ האָט פון שטאָט געבראַכט צוטראָגן אַ פעטע גערויכערטע טאַראַנקע פאַר איר קראַנקן מיזיניק. און כדי מאַכן אים וואָס מער אַפּעטיט, האָט זי נאָך די טאַראַנקע צע־שניטן אויף געשמאַקע שטיקער און די שטיקער געבראָטן אויף אַ סקאָ־ווערדע. דערנאָך געלאָזן קילן דעם גוטן מאכל אויפן פּריפּעטשאָק. דאָס האָט פאַרשמעקט די שטוב מיט אַזאַ מחיהדיקן ריח, אַז ביי אַלע קע־צעלעך איז דאָס וואַסער אָנגעלאָפן אין די פיסקלעך און זיי האָבן, ווי פאַרשיכורטע, אַרומגעפּאַדיעט אין קיך, געפּלאָנטערט זיך צווישן די פיס און געבעטלט. קיין שטויסן און שילטן האָט מער ניט געהאָלפן. דער ריח איז געקראָכן אין די ביינער און פאַרטעמפּט אַלע אַנדערע

געפילן. אַ יצר־הרע איז דאָס געווען, ניט אַן איינפאַכער ריח פון פיש. וואָס די צוויי־פיסיקע באַשעפענישן קענען מאַכן פון אַ פישל איז טאַקע נישט צו דערקלערן! צוגעגעבן אַ ביסל ביטערן רויך, אַ ביסל זאַלץ, צוגעבראָטן און עס ציט אַזוי ביים האַרצן, עס נאָגט אין בייכל. די אויגן קריכן פון קאָפּ פון גלוסטעניש...

אָבער אָט האָט זיך האַפּיאַ די באַלעבאָסטע אויף איין רגעלע פאַר־געסן, אָפּגעטראָטן פון אויוון און אַוועק צו איר מיזיניק פרעגן, צי ער וואָלט ניט געוועז אַ בעלן פאַרזוכן. מער ניט ווי פאַרזוכן... פון זיין געלעגער האָט וואַנקע שוואַך אָפּגעענטפערט, אַז ער וויל ניט. ער וויל גאָרנישט... איז אָבער האַפּיאַ צוגעשטאַנען: ס'טייטש, ער וויל נישט? אַ געראויכערטע טאַראַנקע אויך ניט? פיר קאָפּיקעס האָט זי דאָך באַ־צאָלט, און אָפּגעבראָטן אויך; מיט קאַלטן קוואָס איז דאָך דאָס אַ דער־קוויקעניש...

מיט אָט דעם פרעגן און ענטפערן, צווישן מאַמע און זון, האָט זיך די כאָפּטע הונגעריקע קעצלעך באַנוצט. דער ערשטער כוואַט איז, ווי אַלעמאָל, געווען „ריזשיק" — דער זשוואַווער ברודערל אין געלבן פעלצל. ווי אַ וועוועריק איז ער פלינק און ווייך אַרויפגעשפּרונגען אויפן פריפעטשאָק און גענומען פּאַקן, פון סקאָווערדע, דעם בעסטן מיטל־שטיק. קוקנדיק אויף אים, האָט זי, ריקעלע, אויך געקראָגן מוט, אַרויפגעשפּרונגען און אויך גענומען כאַפּן און זשוואַקען. נאָך איר זיינען אַרויף דער גרויער ברודערל און די ווייס־פעלציקע שוועסטערל. עס איז געוואָרן אַ מרוקעניש און אַ כאַפּעניש. דער מאכל איז געווען אַ ביסל געזאַלצן, אַ ביסל אָפּגעגעבן זיך מיט רויך, ניט אין גאַנצן לויטן קע־צישן געשמאַק, אָבער פאַרט אַן אַנטיק. אַזאַ פּעטקייט און אַזאַ באַטעמט־קייט האָט זי, ריקעלע, נאָך קיין מאָל ניט געפונען אין די האַלב־געפּגר־טע פלאָטקעס אויפן ברעג דניעפּר. אַפילו די פיש־שאַלעכצן זיינען דאָ געווען דורכגעבראָטן, קרוכלע און צעגאַנגען, נאָכן ערשטן קיי, אויף דער צונג...

אין אַ מינוט אַרום איז פון דער גאַנצער געבראָטענער טאַראַנקע קיין שריד ופליט ניט געבליבן, אויסער די רוקן־ביינדלעך און עקל. די גאַנ־צע אַוואַנטיורע וואָלט אפשר גלאַט אָפּגעלאָפן, ווען ניט דער געלער ברודערל דער נאַשער. אים איז געווען אַ שאָד איבערצולאָזן וואָס ניט איז, האָט ער אַ כאַפּ געגעבן דעם שטעכיקן עקל און גלייך גענומען ווערגן זיך. ווי אַ דונער האָט דאָס קעצישע הוסטן און קייכן אַרויסגעשאָלט פון הילכיקן פריפעטשאָק און צעטראָגן זיך איבער דער גאַנצער כאַטע. האָט האַפּיאַ דערהערט, געלאָזן איר מיזיניק, אַנגעלאָפן ווי אַ שטורעם, און אַלע אירע דאָרפישע קליידלעך, איינס איבער איינס, האָבן זיך צערוישט

אויפן בייז־וואונדער. דערזען וואָס די טייערע האָדולניקעס האָבן איר דאָ אָפּגעטאָן, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענט און איז אַזוי געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע. אין אַ רגע אַרום האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, ווילד אויסגעשריען, אַ כאַפּ געטאָן אַ קאַטשערע און גענומען יאָגן זיך נאָך חברה־פרעסער.

— אויסראָטן אייך! — האָט זי מוראדיק געקוויטשעט, — דערווערגן, דערטרינקען...

די שווערע קאַטשערע האָט זיך אַלע ווילדע אָנגעשלאָגן אָן ערדענעם פּאָל, די אַנטלאָפענע נאַשערלעך, געלויבט דער אויבערשטער, ניט געטראָפן. נאָר ביים סאַמע אַרויסכאַפּן זיך פון דער ענג־ און געפערלעך־געוואָרענער כאַטע אויף דער גאַס, האָט זי, ריקעלע, באַקומען אַ גוטן זעץ אין זייט, און מיט אַ קורצן געשריי, וואָס האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ טיפער שלוקערץ, אַרויסגעראַטעוועט זיך. וואָלט די שווערע קאַטשערע געטראָפן אַ ביסעלע העכער, וואָלט דער בזיגיקער רוקן געווען געבראָכן אין צווייען. דער ווייטיק איז אָבער אַזוי אויך געווען גרויס. ער האָט געיאָגט ווי אַ בייטש וואָס טרעפט נאָכאַנאַנד אין איין אָרט. איז זי דערפאַר געלאָפן, ווי אַ פאַרסמטע; אויף די ברידערלעך און שוועסטערלעך פאַרגעסן; מער ניט אומגעקוקט זיך.

ווייט פון דער ביט־גוטער כאַטע האָט זי געפונען אַ טונקעלן ווינקל אונטער אַ סטרעכע פון אַ שייער, באַהאַלטן זיך און, ציטערנדיק מיט אַלע ביינדעלעך, גענומען לעקן זיך דעם ווייטיקדיקן זייט, אַזוי ווי זי האָט היינט געלעקט, נאָכן אומגעריכטן שטויס מיטן שטיוול... נאָר דעמאָלט איז דער ווייטיק געווען אַ סך שטאַרקער און טיפער. דער געדזיעגאַכצטער שטיוול פון נייעם באַלעבאָס האָט נאָר היינט אויפגעוועקט דעם האַלבפאַרהיילטן ווייטיק. ווען ניט דער אַלטער זעץ מיט דער קאַטשערע, וואָלט אפשר דער היינטיקער שטויס אין גאַנצן ניט ווי געטאָן.

דעמאָלט, אַזוי ווי היינט, האָט איר שטאַרק געהאָלפן דער מאַסאַזש מיטן וואַרעמען בערשטל־צינגעלע. ביסלעכווייז איז דער ווייטיק צעשמאָלצן געוואָרן און זי איז געקומען צו זיך. האָט זי געמאַכט איין טריטעלע, אַ צווייטן און דערפילט, אַז דאָס גיין קומט איר אָן שווער, אַז זי הינקט אונטער. פון שפּרינגען און מאַכן קאָזשעלקעס — שוין אָפּגערעדט. האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אין גראָז מיטן ווייטיקדיקן זייט צו דער זון. דאָס איז אַצינד געווען וויכטיקער ווי גיין זוכן חיונה, ווי אויפזוכן די ברידערלעך. זי האָט דאָס גוט געוואוסט, כאָטש קיינער האָט דאָס ניט געלערנט מיט איר. און די ליבע וואַרעמקייט פון דער זון האָט איר ווירקלעך גוט־געטאָן. ווי אַ מאַמע — געלעקט איר דעם ווייטיקדיקן אָרט אונטערן פוטערל. אַזוי וואַרעם און ליבלעך האָט זי אַמאָל

איר אייגענע מאַמע געלעקט, דעמאָלט ווען זי, ריקעלע, איז נאָך געווען האַלב־בלינד, ווען די מאַמע איז נאָך קיין לויפערקע ניט געווען און פון אַלע אירע ציצן האָבן געשלאָגן וואַרעמע און זיסע מילך־קוואַלן... ווען איז דאָס געווען?

2

מער ווי אַ האַלבן טאָג, נאָך דער דאָזיקער געשעעניש, האָט זי מורא געהאַט אומצוקערן זיך אַהיים. און ווען עס האָט איר גענומען הונגערן, האָט זי זיך באַלעקט. דאָס ווייכע פעלכל אַרום מויל און די וואָנסעלעך האָבן זיך נאָך אָפּגעגעבן מיטן טעם און ריח פון דער אויפגענאָשטער טאַראַנקע. און וויפיל זי האָט ניט געלעקט, האָט זי דאָס ניט געקענט אַראָפּלעקן אין גאַנצן.

אָבער דער הונגער איז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. און ווען זי, ריקעלע, האָט זיך, פאַרנאַכטלעך, אומגעקערט אַהיים, קריכנדיק פון גרויס שפלות אויפן בויך און קאַניוקענדיק, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן און מוחל זיין, האָט זי אין דער באַקאַנטער פירהויז געפונען אַ מוראדיקע שטילקייט. פון די צוויי ברידערלעך און פון דער ווייס־פעלצי־קער שוועסטערל האָט זי דאָ מער קיין פּיפּס ניט געהערט. קיינער איז איר אַנטקעגן ניט אַרויסגעשפּרונגען, ניט אָפּגעגעבן גוט־אָוונט מיט אַ הויך־פאַרריסענעם עק. נאָר די אַמאָליקע מאַמע אירע — די ראָבע אַלטע קאַץ — איז מיט אַ פול־אָנגעפּרעסענעם בייכל אַרויס אַ קוק טאָן ווער דאָס איז. דערזען איר שוואַרצע טעכטערל, האָט זי נאָר קעציש אַ גענעץ געטאָן, אויסגעצויגן די פאָדערשטע לאַפּקע מיט פינף צענומענע נעגל. „אַך“, הייסט דאָס, „דאָס ביסטו גאָר? און איך האָב געמיינט“... וואָס זי האָט געמיינט, האָט זי אויף איר שטום־לשון ניט דערזאָגט. גע־מיינט אַפּנים, אַז ס'איז „מורזע“, איר שוואַרצער געליבטער, פון סטאַראָס־טעס הויז... דערזען אַז ס'איז אַ טעות, האָט זי זיך צו איר דערוואַקסענער טאָכטער אויסגעדרייט מיטן ראָבן עק און איז גלייכגילטיק אַוועק, אין דער טונקעלער כאַטע פאַרשוואונדן געוואָרן. זינט זי האָט פאַרלאָרן איר מילך און ווידער גענומען אַרומלויפן מיט די דאָרפישע קאָטערס, האָט זי זיך פון אירע קינדער אין גאַנצן אָפּגעוואוינט, ערגער ווי אַ פרעמדע געוואָרן צו זיי.

האָט ריקעלע אַליין גענומען אַרומזוכן אירע צוויי ברידערלעך: דעם געלינקן און גרויאינקן, און איר יינגסטע שוועסטערל אין ווייסן פעלצל. זי האָט זיי גערופן מיט אַ שטילן געבראָכענעם מיאַאוקען; זי האָט גע־נישטערט אין שטאַל און אין שפייכלער, אויפן בוידעם און אין גראָזיקן עק־גאָרטן, און אַפילו דעם ריח זייערן ניט דערכאַפּט.

איז דאָס איר געוואָרן פֿאַרדעכטיק. עלנט האָט זי זיך דערפֿילט אויף דער בייזער וועלט. האָט זי פֿאַרגעסן אויף דער היינטיקער קאַטשערע, וואָס האָט זי געוואָלט טויטן, אויפֿן ווייטיק אין זייט, און יאָמערלעך גענומען קלאָגן זיך, אַז זי אַליין האָט מער קיין כוח ניט, אַז זינט דאָס שטיקל טאַראַנקע אין דער פֿרי האָט זי אין מויל מער גאָרנישט ניט געהאַט. מען זאָל רחמנות האָבן, אָפּרופֿן זאָל מען זיך...

אָבער קיינער פֿון די פֿאַרשוואונדענע קרובים האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. איין האַפּיאַ האָט מיטאַמאָל אַרויסגערוקט איר רויט־באַטיכלטן קאָפּ פֿון אַ פֿענצטער, ווי ביי אַ מכשפֿה האָבן ביי איר קאָפּ און מויל געברענט אינעם פֿאַרנאַכטיקן שיין פֿון הימל. דער מויל האָט בייזווייליק אויסגעזונגען:

— אַך, דו לעבסט נאָך? און איך האָב געמיינט אַז דו האָסט שוין קראַפּירט...

האָט זי זיך מיישב געווען, ריקעלע, אַז פֿון סתם זיצן אין גראָז און וויינען וועט זי ניט געהאָלפֿן ווערן. קודם־כל דאַרף מען זען איבערכאַפּן דאָס הארץ. דערנאָך וועט זי מיט פֿרישע קרעפֿטן זוכן די פֿאַרלוירענע... האָט זי זיך דערמאָנט אָן דניעפּער, אָט דער וואָס פֿלייצט און מורמלט אונטערן הויכן ברעג, דאָ ניט ווייט הינטער די פּויערישע כאַטעס. ער איז אַפֿילו נאָס און קילבלעך, ער מאַכט פֿייכט די סאַמעטענע קעצישע לאַפּקעס וואָס האָבן ליב טרוקנקייט, אָבער רחבותדיק איז ער און גוטמוטיקער ווי אַלע צוויי־פֿיסיקע חיות, וואָס פֿאַרגינען ניט אַ שטיקל פֿיש אָן אָרעמער קעצעלע, וואָס יאָגן זיך נאָך, פֿאַר אָן איבעריקן ביסן, מיט אָן אייזערנער קאַטשערע און ברעכן רוק און לענד. אויפֿן ברעג פֿון אָט דעם דאָזיקן דניעפּער געפֿינט מען ווען־ניט־ווען אָן אַרויסגעוואָרפֿענע פֿישל, וואָס גיט זיך אָפּ מיטן וואַסער־ריח און איז אָן עס און אַ טרונק אין איין־און־דער זעלבער צייט...

האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן, ריקעלע, מיט דער זאַמדיקער, אויסגעטראָטענער סטיעזשקע צום טייך. און שוין ביי די ערשטע עטלעכע שפּרינגענדיקע טריט האָט צו איר דער שטראָם אַ בליאַסק־געטאָן מיט גנאָד. ווי אַ ריזיקער פֿיש מיט זילבערנע שאָלעכצן האָט ער צו איר אַ וואונק געגעבן: „קום, קום, קעצעלע! האָב קיין מורא ניט!...“

ווען זי איז דערלאָפֿן צום וואַסער האָט שוין געטונקלט, אָבער אירע קעצישע אויגן האָבן נאָך ווייט געזען; דעם גאַנצן אָפּשיין פֿון טייך אַריינגענומען אין זיך און יעדער פֿלעק באַמערקט אויפֿן נאַסן זאַמד; קיין שאָלעכץ. פֿון אַ פֿישל האָט ניט אויפֿגעלויכטן אויף זיין טונקל־געלן גרונט. ניט אַלע מאָל גליקט אָפּ; ניט אַלע מאָל וואַרפֿן זיך קראַנקע פֿישלעך אַרויס פֿון וואַסער. נאָר עפּעס אַ ריח פֿון נאַסע פֿעל האָט זי דאָ דערשפּירט.

זי וואָלט שווערן: אַ באַקאַנטער ריח... ווען די מאַמע אירע איז נאָך געווען אַ מאַמע און פלעגט קומען צולויפן פון דרויסן אַ פאַררעגנטע, האָט איר פוטערל געהאַט אַזאַ ריח.

האָט זי אַ לויף געטאָן, ריקעלע, נאָך דעם גערוך און שטיין געבליבן: אויסגעצויגן דעם האַלדז און אָנגעשפּיצט די קורצע אויערן. הינטער אַ קופּקע ווערבעס האָט זי דערהערט אַ לאַכן פון דאָרפישע שקצים... ווייטער גיין, צי ניט? די שקצים זיינען קיין מאָל ניט געווען בעסער ווי איר דיקע באַלעבאָסטע מיטן רויטן קאָפּטוך. שטענדיק געוואָלט אָפּטאָן אַ שטיקל יעדן קעצעלע, יעדן הינטעלע...

מיטאַמאָל האָבן זיך אירע שאַרפע אויגן אָנגעשטויסן אויף אַן אויסגעשפּרייטן גופעלע ביים סאַמע וואַסער. די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט האָט דאָס אויסגעגלייכט און צוזאַמענגעגאָסן מיטן פייכטן זאַמד. אָבער זי האָט דאָס פאַרט דערזען און איינגעגעסן זיך מיטן לויכטנדיקן קוק. ס'איז איר גלייך קלאָר געוואָרן, אַז נאָר פון דעם דאָזיקן גופעלע, ניט פון קיין אַנדער זאַך, טראָגט זיך דאָס דער ריח פון אַ נאַסן פוטערל.

פּאַוואָלינקע, ווי צו אַ לאָך פון מייז, איז זי צוגעקראָכן צום אויסגעשפּרייטן גופעלע און אָפּגעטראָטן אויף צוריק, וואָרעם דאָס וואָס זי האָט דערזען, איז געווען שרעקלעכער ווי אַלע בייזע חלומות וואָס זי האָט ווען ניט איז געזען אין איר זיבן־חדשימדיקן לעבן. דאָס איז געווען „רייזשיק", איר געלינקער ברודערל, וועלכן זי האָט, אין איר עלנטקייט, אַרומגעזוכט מער ווי די צוויי אַנדערע. דער לעבעדיקסטער, דער געליבטסטער, וועלכער פלעגט אומעטום און אַלע מאָל אָנהויבן אַלע שקאָצערייען, איז איצטער געלעגן פאַר אירע אויגן אַ דורכגעווייקטער פון נאַסקייט, אַ פלאַך־בייכיקער און אַ סך מאָגערער ווי אַלעמאָל. דער קאָפּ שמאָלער, דער עק דינער — דין ווי ביי אַ גרויסער מויז... אפשר דערפאַר ווייל זיין פוכיקער רויטלעכער פוטער איז אים געווען איינגעקלעפּט אין יונגן לייב. אָפילו די פיינע זשעברעס זיינען ביי אים געווען בולט אונטער דער נאַסער פעל. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פאַר שרעק, האָט זי, ריקעלע, געפּרואווט אים אַ טשעפּע טאָן מיט איין לאַפּקע. דאָס האָט געזאָלט הייסן: „וואָס ליגסטו דאָ, ברודערל, איינער אַליין? קום שפּילן!..." אָבער זי האָט זי באַלד צוריקגעכאַפּט. אַ פריקרע גליטשיקייט האָט זי אָנגערירט, אַ טויטע נאַכגיביקייט...

איז זי אַ רגעלע געבליבן זיצן אויף די הינטערשטע פיסלעך, געוואָלט אויסגעפינען דעם סוד: ווי אַזוי קען דאָס „ריזשיק" בלייבן אַזוי רואיק ווען זי, זיין שוואַרצע שוועסטערל, רירט אים אָן אַזוי ליבלעך און רופט אים צום שפּיל?

און ווי זי וואונדערט זיך אַזוי, ערשט די כאַפּטע דאָרפישע שקצים,

פון הינטער די ווערבעס, האָבן זי דערזען, לויט דעם גרינעם פייער פון אירע אויגן אין דער טונקלקייט דערקענט ווער דאָס איז און אַ לאָז־געטאָן זיך אויף איר מיט ווילדע קולות:

— טשערניאַוואַ! טשערניאַוואַ! דאָס הייסט: די שוואַרצינקע, די שוואַרצינקע!

— אַשצע זשיוויעטש, זשיוויעטש!... — זי לעבט הייסט דאָס.

— כאַפּט זי, פּאַקט זי!

— די מומע האַפּיאַ האָט געהייסן!

— דערטרינקען זי!

— זי אויך, זי אויך!

שרייענדיק זיינען זיי איר פאַרלאָפן דעם וועג אַזוי, אַז זי האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי לויפן גלייך אויף די ווערבעס, פון וואַנען די שרייערס זיינען אָקערשט אַרויסגעלאָפן רעכטס און לינקס, כדי אַרומ־רינגלען זי. אַרויפגעדראַפּעט זיך און אַראָפּגעשפּרונגען אויף יענער זייט פון די בוימער — האָבן זיך אירע פלינקע לאַפּקעס אָנגעשטויסן אויף צוויי אַנדערע, דערטרונקענע גופימלעך אין וועלכע זי האָט מיט אירע שאַרפע אויגן גלייך דערקענט איר צווייטן ברודערל, דעם גרויאינקן, און איר ווייסע שוועסטערל. בייביידן זיינען די פּעלצלעך געווען נאַס און גליטשיק ווי ביי „ריזשיקן“, און די עקן משונהדיק דין און אויסגע־צויגן, אָן באַוועגונג. די קליינע שקצים האָבן געטאָן דאָס, וואָס די מומע האַפּיאַ האָט זיי געהייסן, געוואָרן אירע פרייוויליקע תליונים. פאַר דעם שטיקל טאַראַנקע וואָס יעדער קעצעלע האָט אויפגענאַשט — באַצאָלט מיטן לעבן, אומגעקומען מיט אַ מיאוסן, ניט־קעציש׳ן טויט. דערשטיקט געוואָרן אין פליסיקער נאַסקייט, וועלכע זיי האָבן, ווי אַלע קעץ, געהאַסט דאָס גאַנצע לעבן... און די צוויי־פּיסיקע משחיתים האָבן זיי אַפילו נאָכן דערטרינקען ניט געשאַנעוועט. געשפּילט זיך מיט די נאַס־באַקלעפּטע קערפּערלעך... אַצינד יאָגן זיי זיך נאָך איר אויך, נאָך איר אויך... אויך זי ווילן זיי מאַכן נאַס און קאַלט, ווי זיי האָבן געטאָן מיט אירע ברידערלעך, מיט איר ווייסער שוועסטערל...

אַ שטייגנדיקער געפּיל פון געפאַר האָט זי אונטערגעכאַפּט, ווי אַ טרוקענע כוואַליע. זי האָט בליץ־שנעל באַגריפן, אַז אַצינדער טאָר מען אַפילו קיין רגעלע ניט פאַרלירן. ניט קיין צייט אַצינד צו טרויערן איבער די טויטע. צו זאָרגן זיך וועגן חיונה — אַוודאי ניט. ראַטעווען מוז מען זיך און וואָס גיכער.

מיט צוויי־דריי שפּרונגען איז זי שוין געווען ווייט; און מיט נאָך אַ שפּרונג — אַריינגעוואָרפן זיך אין די געדיכטע קוסטעס אויפן משופּע־דיקן ברעג־זאַמד. דאָרטן איז שוין געווען שוואַרץ פון די אָנגעלאָפּענע

נאַכט־שאָטנס. און זי אַליין, מיט איר פּעלצל, זיינען דאָך אויך שוואַרץ ווי די נאַכט. שוואַרץ אין שוואַרץ ווען דאָך די צוויי־פּיסיקע משחיתים ניט באַמערקן. אַזעלכע טיף־זעענדיקע אויגן האָבן זיי ניט... דער נאַטור־געפיל האָט דאָס איר אונטערגעזאָגט און זי האָט דאָס דורכגעפירט אָן דעם מינדסטן פעלער, אָן איין איבעריקער באַוועגונג. די ליאַרעמדיקע כאַפּטע שקצימלעך האָט זי פאַרלאָרן פון אויג. גענישטערט אַ ווײַלע און צעלאָפּן זיך.

3

עטלעכע טעג זיינען דערנאָך אַריבערגעגאַנגען און זי, ריקעלע, האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט אומצוקערן זיך אַהיים. זי האָט זיך געשפּייזט מיט וואָס עס האָט זיך געמאַכט: ביים פּאָפּ פון דאָרף אויף זיין מיסט, ביים סטאַראָסטע לעבן הינערשטייג. געשלאָגן זיך מיט הינט איבער אַ ביינדל. פאַר די קליינע שקצים און פאַר האַפּיאַן האָט זי זיך געהיט, ווי פאַר פייער. ווען עמיצער האָט זי אַ מאַניע געטאָן „קציג, קציג!" האָט זי געקוקט פון דער ווייטנס, געלעקט אַ לאַפּקע און ניט צוגעגאַנגען.

היינט אין דער פרי איז זי, פון איר ניט־רעגעלן בעטלער־לעבן, געווען אינגאַנצן אויסגעמאַטערט. די פוקלע זייטן זיינען איינגעפאַלן און די זשעבערעס האָבן זיך געפּרייגט אונטער איר שוואַרצן פוטערל, ווי ביי אַ דערטרונקענער. כאָטש דערטרונקען, ווי איר געלבער ברודערל, איז זי ניט געווען. מיטאַמאָל דערהערט זי אַ באַקאַנט קול, וואָס רופט זי מיט אַ געמאַכטער גוטסקייט: „קציג, קציג, טשערניאַוואַ!..." זי קוקט אַרויס פון איר באַהעלטער — ערשט האַפּיאַ רופט זי צו זיך. דער רויטער קאַפּטור אין בלומען ברענט ביי איר אויפן גרויסן קאָפּ, און אין האַנט האַלט זי אַ ווייסן אַפּעטיטלעכן שטיקל. אפשר קעז, אפשר חזיר־פעטס. מען קען ניט וויסן. גלויבן איר, צי ניט גלויבן? וואָס איז זי עפּעס מיטאַמאָל אַזוי גוט געוואָרן?...

כדי צו באַוויזן דער באַלעבאָסטע, אַז זי האָט נאָך ניט פאַרגעסן דעם קלאַפּ פון דער קאָטשערע, הויבט זי אָן, ריקעלע, צו לעקן זיך דעם ווייטיקדיקן זייט... אָבער די געוועזענע באַלעבאָסטע מאַכט זיך, אַז זי פאַרשטייט ניט וואָס דאָס מיינט און רופט זי ווייטער. דער ווייסער שטיק בליאַסקעט אין דער פרימאָרגנדיקער זון. איצטער זעט ריקעלע גאַנץ קלאָר, אַז דאָס איז אַ שטיקל חזיר־פעטס. זי דערקענט אַפילו די רויטע אָדערלעך אין גוטן מאכל. קעגן איר אייגענעם ווילן הויבט זי זיך אָן צו רוקן אַלץ נענטער און נענטער. אַ טריטעלע און אַ קאַניוקע. אַ טריטעלע און אַ קאַניוקע. דאָס זאָל באַדייטן: „איך גיי, באַלעבאָסטע! איך גלויב דיר! וועסט מיר קיין שלעכטס ניט טאָן? וועסט ניט שלאָגן? איך בין טויט־הונגעריק. איך בין קראַנק..."

— קציג, קציג, קציג! — האָט זי האַפּיאַ נאָך אַמאָל אַ מאַניע געטאָן. דאָס מאָל נאָך זיסער ווי פריער. דאָס הייסט: „האָב קיין מורא ניט! די מעשה מיט דער טאַראַנקע האָב איך שוין פאַרגעסן. פון איצטער אָן זאָל זיין שלום...״

האָט זיך ריקעלע אָנגענומען מיט מוט און צוגעטראָטן נאָך נענטער. אויפן בייכל צוגעקראָכן צו האַפּיאַס פיס. אָבער ווי נאָר אירע וואָנסעלעך האָבן אָנגערירט דאָס אַפּעטיטלעך שטיקל פעטס, אַזוי האָט זיך אַ צווייטע האַנט גיך אַראָפּגעלאָזן פון אויבן און פעסט אָנגעכאַפּט זי ביים פעל פון נאַקן.

האָט זי זיך גענומען וואָרפן, ריקעלע, ווי אין נכפּה, און געזאָטן ווי אַ שלאַנג. דער קעצישער יושר האָט זיך, מיט אַלע נעגל און ציינער, אַקעגנגעשטעלט אַזאַ געמיינהייט, אַזאַ אַפּנאַרעריי פון אַ גרויסער צוויי־פיסיקער חיה. אָבער די האַנט איז געווען צען מאָל שטאַרקער פאַר איר און פאַרזיכטיקער אויך. מיט איין האַסטיקער באַוועגונג אַריינגעוואָרפן זי אין אַ געפלאָכטענעם קאָרב, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון אונטערן פאַרטוך, און האָט פאַרהאַקט די אויבערשטע דעקל איבערן קאָפּ.

אין קאָרב איז געווען פינצטער און ענג. דער שיין פון טאָג האָט זיך געזייט דורך די לעכעלעך, צווישן די געפלעכטן. ווי כיטרע אויגלעך, פון די דאָרף־שקצים, האָבן זיי אַריינגעקוקט: „נו, טשערניאַוואַ? אַריינגעפאַלן, אַ? אַלע דיינע קעצישע שטיק האָבן דיר ניט געהאָלפן...״

אַ הונגעריקע און אַ דורשטיקע האָט זי צוויי שעה נאָכאַנאַנד געזוכט אַן אויסגאַנג פון דער קיילעכדיקער, געפלאָכטענער תפיסה און האָט ביטערלעך געוויינט. נאָר קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז זי האָט דערפילט, אַז די קיילעכדיקע תפיסה מיט איר צוזאַמען פליט אין דער לופטן און גיט אַ פאַל אין אַ וואָגן אויסגעבעט מיט שטרוי. דריי גוטע שעה נאָכאַנאַנד האָט זיך דער וואָגן געטרייסלט איבער אַ וויטן שליאַך. דער קאָרב האָט זיך געקאַטשעט, און זי האָט זיך אַלע ווײַלע אָנגעכאַפּט מיט די נעגל אַמאָל אויבן, אַמאָל אונטן, אַמאָל אין אַ זייט, און קיין גלייכגעוויכט ניט געפונען, און קיין רו — אַוודאי ניט. אין קעפּל האָט איר געדרייט און אין די געדערים אויך. און ס׳איז איר געווען שפּל.

מיטאַמאָל איז די פור שטיין־געבליבן. אַ כּוח האָט זי אויפגעהויבן, אַוועקגעטראָגן און אַן עפּן געגעבן דאָס געפלאָכטענע דעקל. זי איז געבליבן ליגן אויפן דעק אַ געבלענדעטע. און ווען זי איז געקומען צו זיך האָט זי פּאַוואָליע גענומען קריכן. פיר לאַכנדיקע מענטשלעכע אויגן האָבן זי אָנגעקוקט. דערזען האַפּיאַס רויטן קאָפּטוך איבער איין פּאָר אויגן — האָט זי געגעבן אַ שפּרונג אַרויס, און, מיט אַ צווייטן שפּרונג, באַ־

האַלטן זיך אונטער אַ שטול, וואָס איז פֿאַרהאַנגען פֿון אַלע זייטן מיט אַ סיטצענעם צודעק.

אַ נייער, אומבאַקאַנטער קול פֿון אַ פֿרוי האָט זי געגומען רופֿן, צוגערוקט אַ טיפֿן טעצל מיט מילך און אָנגעבראָקטע שטיקלעך ברויט, נאָענט צו איר באַהעלטער. אָבער זי, ריקעלע, האָט ניט געגלויבט. אַזוי לאַנג ווי האַפּיאַ איז דאָ געווען האָט זי ניט געוואָלט גלויבן... און האַפּיאַ האָט אַפֿילו ניט געקלערט אַוועקצוגיין. זי האָט זיך, מיט איר ברייטן, אָנגעקליידטן געזעס, צעזעצט אויף אַ ווייכן שטול און געהאַלטן אין איין קלאָגן זיך אויף איינעם, אַ סך מאָל דערמאָנט וואַנקען איר מיזיניק און געשנייצט די נאָז אין פֿאַרטוך. די נייע באַלעבאָסטע האָט וויניק גערעדט, געענטפֿערט קורץ און צוריקגעהאַלטן, אָנגעבאָטן טיי. האַפּיאַ האָט געזליאָקעט און ווייטער געקלאָגט זיך. לסוף איז זי מיד געוואָרן און אַוועק.

— קציג, קציג, קציג, ריקעלע! — האָט די נייע באַלעבאָסטע אַ רוף געגעבן און נאָכאַמאָל איבערגעחזרט: — ריקעלע, ריקעלע!

האָט זי זיך אָנגעשטויסן, אין איר באַהעלטעניש אונטערן שטול, אַז דאָס מיינט מען זי. דער נייער נאָמען האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ ליבלעכער מרוקען פֿון אַ גרויסער מאַמע: „ר־ר־יקעלע"... און ס'איז איר אַ סך מער געפֿעלן געוואָרן ווי דער דאָרפֿישער נאָמען „טשערניאַוואַ". ניט פֿאַר אַ קעצישן אויער איז אַזאַ נאָמען... אָבער מורא האָט זי נאָך אַלץ געהאַט. זי האָט נאָר אָנגעשפּיצט אויגן און אויערן און מיטן ראָזעווען נעזל געצויגן אין זיך די נייע ריחות. אויסער דעם נאָענטן ריח פֿון וואַרעמע מילך מיט צעווייקטן ברויט האָבן זיך פֿון ערגעץ־וואו געטראָגן געשמאַקע ריחות פֿון קרופּניק מיט פֿלייש, פֿון געבראָטענע ציבעלעס. און באַהעלטערלעך זיינען דאָ אויך געווען אַ סך מער ווי ביי דער מומע האַפּיאַן. דאָ איז, אויסערן טיש און פֿאַרהאַנגענע פּיסלעך פֿון שטולן, געווען אַ קאָמאָד, אַ קאַנאַפּע, אַן אַלמער. אַ סך, אַ סך טונקעלע ווינקעלעך, וואו צו פֿאַרשטעקן זיך פֿון אַ סכנה...

פֿון טעצל מיט די אַפּעטיטלעך־צעווייקטע שטיקלעך ברויט האָט זי זיך נאָך אַלץ געהאַלטן פֿון דערווייטנס. זי איז געווען זיכער, אַז ווי נאָר זי וועט זיך צוכאַפּן צום עסן — וועט זיך ווידער וֹאַראָפּלאָזן אַ ניט־ערלעכע מענטשן־האַנט, וועט זי אָנכאַפּן ביים פֿעלץ אַרום נאַקן און אַריינוואַרפֿן אין דער קיילעכדיקער תּפֿיסה, וואו מען קען זיך ניט אויסציען, ניט אָנהאַלטן זיך מיט די נעגל; ווייל די תּפֿיסה שאָקלט זיך און שטייט קיין מינוט ניט פֿעסט אויף איין אָרט... אין איין טונקעלן ווינקעלע האָט זי מיטאַמאָל דערהערט אַ שאַרפֿן קוויטש און אַ לויפֿעניש. „מייז" האָט זי זיך גלייכגילטיק געטראַכט און אַ טרייסל געטאָן

מיט איין אויערל. „זיי האָבן שוין מורא... און איך קלער אָפּילו ניט נאָכצולויפן נאָך זיי. וואָס וועל איך דאָ גיין רייסן מיינע סאַמעטענע הויזלעך? אַז איך ווייס נאָך ניט וואו איך בין אויף דער וועלט...״

ביסלעכווייז האָט זי זיך גענומען געוואוינען צו דער פריינדלעכער שטילקייט אין נייעם הויז און באַקומען צוטרוי צו די גוטע רייד פון דער נייער באַלעבאָסטע. אַרויסגערוקט איין לאַפּקע פון אונטערן שטול, אַ צווייטע לאַפּקע... דערנאָך — דאָס קלוגע קעפּעלע מיט די פאַרשייטע אויערלעך. צוגעקראָכן צום טעצל און פאַרזיכטיק גענומען זליאַקען. וואָס ווייטער אַלץ אייליקער און זשעדנער געשלונגען די מחיהדיקע, צעווייקטע שטיקלעך ווייס־ברויט. אַ מאכל מלכים איז דאָס געווען!... אָבער דאָ איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ בייזער, שוואַרצער מענטש און איבער־געשראָקן זי. שפּעטער ווען זי האָט געקראָגן צוטרוי צו אים אויך, האָט זיין געדזיעגאַכצטער שטיוול אַ פּאַר־געטאָן אינטערן טיש און געטראָפן איר אין האַלב־פאַרהיילטן זייט... דער קלאַפּ פון האָפּיאָס קאָטשערע האָט זיך גלייך אָפּגערופן. ליגט זי איצטער דאָ, באַהאַלט זיך, הינטער דעם וואַרעמען אויוון און קלערט וואָס פאַר אַ מאָדנע מענטשן וואוינען דאָ? איינער איז גוט, דער צווייטער בייז. איינער גיט עסן, דער צוויי־טער שטויסט אַוועק... ווי אַזוי וועט זי זיך דאָ איינלעבן צווישן אַזעלכע קעגנזאַצן? מיאו! שווער צו טרעפן...

## פערצנטער קאַפּיטל

# וואַנקע אויפן אויוון

1

ווען וואַנקע איז נאָך געווען קליין, גאָר קליין און געפּאָרן צו דער אונטערבאַרגער מומע־לעיביכאַ צו־גאַסט, איז זי געווען פאַר אים דער קוואַל פון גוטסקייט און איר קיך—אַן אוצר פון גוטע זאַכן. שפּעטער, ווען די זעלבע מומע האָט זיך געשטעלט צווישן אים און ביילקען, מיט איר אייביק ניט־דערמאַכטער זאַק און פיר שפּיזלען, האָט ער, אומקלאָר, דער־פילט אַ שונא. און אַזוי ווי ער איז נאָך דעמאָלט געווען קליין און שוואַך, האָט אויף אים לעיביכעס שטרענגקייט אָנגעוואָרפן אַ מורא פון אַן אומבאַקאַנטער קראַפט, וועלכע ניט ער, ניט זיין טאַטע־מאַמע זיינען דאָס בכוח צו ברעכן.

די דאָזיקע קינדערשע מורא איז געוואַקסן אַזוי לאַנג ביז די לעיביכאַ האָט אים געכאַפּט אין אונטערבאַרגער וועלדל, ווי ער שטייט אַרומגענומען מיט איר מיזינקע. וואַנקעס מורא איז דעמאָלט דערגאַנגען צו איר העכסטן פּונקט, שטורעמדיק אָנגעקומען אויף אים, אַזוי אַז ער, דער זעכצן־יאָריקער, וועלכער זעט אויס לויט זיין וואוקס און גרויס ווי אַן אַכצן־יאָריקער, האָט געמאַכט פּיס און געלאָפן מיט חרפּות עטלעכע וויאָרסט נאָכאַנאַנד. מיטן מאָהילעווער שליאַך, וואָס פירט צו זיין כאַ־טע, איז ער געלאָפן ביז ער איז געבליבן אָן כוחות און אַנידערגעפאַלן אויף אַן אַלטן פּיען אָפּצורוען זיך. דעם פאַרשוואַרצטן פּנים האָט ער באַ־האַלטן אין די הענט און האָט שווער געאָטעמט און געשלוקערצט פאַר ניט־גוטקייט און שרעק; עפּעס ווי ער וואָלט איינגעשלונגען אַ לעבע־דיקן שרץ. אין וואַלד האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינצטער. די סאָסנעס האָבן מאוימדיק געשושקעט אין דער הויך. נאָר אים האָט דאָס ניט גע־אַרט. ניט דאָס האָט אים געשראָקן און ניט דערפון איז אים געווען אַזוי שפּל. ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס ער פילט זיך אַזוי שלעכט. ווען ער איז געשטאַנען, אויג אויף אויג, מיט ביילקען אונטערן אַלטן בוים און ביילקע האָט אים אַרומגענומען מיט איר טונקל־רויטן שטוב־טוך, איז אַלץ געווען אַזוי גוט און שיין. אָבער ווי נאָר די לעיביכאַ איז אָנגעקומען און אַ פּאַטש־געגעבן מיט די הענט איז אַלץ געוואָרן אַזוי מיאוס און טרויעריק: דער וואַלד, דער פאַרנאַכט, אַפילו ביילקע אַליין.

ערשט איצטער האָט ער זיך געכאַפּט ווי קליינמוטיק און נאַריש ער האָט זיך אויפגעפירט; דערשראָקן זיך ווי אַ שגצל, וואָס גנבעט אוגערקעס אין אַ פרעמדן גאָרטן און מען שרייט אויף אים אָן... ערשט איצטער האָט זיך אים דאָס בלוט אַ וואָרף געטאָן אין פאַרשטעלטן געזיכט, כאָטש קיינער האָט אים דאָ ניט אָנגעקוקט, אויסער די שטאַמען פון די סאָסנעס און דער פּיען אויף וועלכן ער זיצט. זיין אַמאָליקע ניט צופרידנקייט מיט דער מומע־לעיביכאַ האָט גענומען איבערגיין אין אַ שנאה, וואָס ווערט טונ־קעלער און טונקעלער, ווי דער וואַלד אַרום אים. אַזאַ צעקראָכענע יידענע, דאַכט זיך; מיט איין האַנט וואָלט ער זי אַוועקגעלייגט; און אַנטלאָפן פון איר איז ער ווי אַ האָז. ביילקען איבערגעלאָזן איינע אַליין, און אַנט־לאָפן.

קרעכצנדיק, ווי אַן אַלטיטשקער, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון פּיען, אויף וועלכן ער איז געזעסן און, שפּייענדיק פון שפּלקייט און דערני־דעריקונג, געשפּרייזט אין דער נאַכט אַריין ביים אָפּשיין פון קוים־שי־מערירנדיקן שליאַך. דער פאַרדראָס אויף זיך אַליין און אויף די אונטער־באַרגער יידן איז אַלץ געוואַקסן. עפּעס ווי ער וואָלט געהאַלטן אין עסן

עפּעס אַ גוטן שטיק שמעקעדיקן יידישן לעקעך, מיט יידישן איינגעמאַכטס געפילט, און די מזמע־לעיביכאַ האָט דאָס אים פון מויל אַרויסגעריסן. ווי אַזוי האָט ער אַזאַ זאַך געקאָנט דערלאָזן? דער גוטער שטיק לעקעך, אין געשטאַלט פוןביילקעס פולע ליפּן און רויט בענדעלע אין די האָר, איז דאָך „זיינע"! אין דעם האָט ער קיין מינוט ניט געקווענקלט. זי האָט דאָך, דורך אַ מאַקאַראָווקער שכן, געשיקט נאָך אים, ניט ער — נאָך איר...

אַ קראַנקער האָט ער זיך אַזוי געשלעפּט אין דער פינצטער, ביז ער איז געקומען אַהיים. דער טאַטע האָט שוין לאַנג געכראָפּעט אויף זיין ברייטן שטרויענעם געלעגער, נאָר די מאַמע איז נאָך געווען וואַך. און ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין כאַטע, האָט אים האַפּיאַ ניט דערקענט. אין אַ קאַלטן שווייס איז ער געווען איינגעטונקט, די הענט זיינען ביי אים מאַדנע געהאַנגען, און די אויגן — געקראָכן פון שטערן. מיט אַלע איר דאָרפישע קליידלעך האָט זיך האַפּיאַ צערוישט פאַר אַנגסט און מיט אַלע אירע דריי געמבעס צעטרייסלט זיך איבער אים:

— סינאָק! *) קיין פּנים האָסטו דאָך ניט מער! וואָס איז מיט דיר? פון וואַנען קומסטו?

— פּאָמרו! — האָט וואַנקע קורץ און אַנטשלאָסן אַ כריפּע געטאָן. דאָס הייסט: „שטאַרבן וויל איך!"

און, ניט ענטפערנדיק מער אויף האַפּיאַס נודנע פראַגן, אַרויפגעקראָכן אויף דער ליעזשאַנקע, ניט געגעסן, ניט געטרונקען, דעם פּנים באַגראָבן אינעם דאָרפישן שטרויענעם צוקאָפּנס און קיין וואָרט ניט גערעדט. מיט די פיס געדריגעט נאָר, ביז די מאַמע איז אָפּגעטראָטן.

צומאָרגן אין דער פרי, ווען אַפאַנאַס האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערהערט וועגן די שטיק פון זיין מיזיניק, האָט ער נאָר אַ מאַך געטאָן מיט זיין קאָריאַווער האַנט:

— לאָז אים, האַפּיאַ! ער וועט זיך אויסשלאָפן, וועט ער בעסער ווערן.

און איז אַוועקגעפאָרן אין פעלד אַריין.

נאָר וואַנקע האָט זיך מער נישט אויסגעשלאָפן. נישט היינט און נישט מאָרגן. פאַרקערט, וואָס מער ער איז געלעגן אויף דער ליעזשאַנקע, אַלץ מער שלאָפן האָט זיך אים געוואָלט. אין פעלד ניט געוואָלט גיין, דעם פּאָפּס „הראַמאָטע" מער ניט אָנגעקוקט. האַפּיאַ האָט אים געפּרוווט אָנפּאָיען מיט מיאָטע און מיט אָפּגעקאָכטע טרוקענע מאַלינעס; אַפאַנאַס האָט אים געפּרוווט שלעפּן פאַר די האָר און געבן קלעפּ. עס

---

*) זונעלע!

האָט ניט געהאָלפן. וואַנקע איז פון טאָג צו טאָג שוואַכער געוואָרן. קיינעם אין די אויגן ניט געקוקט. קיין ברויט ניט געקענט עסן.

איז מען געלאָפן צום פּאָפּ. ער, דער צווייטער טאַטע און לערער זיי־נער, זאָל מיט וואַנקען איבעררײדן, איז דער פּאָפּ געקומען, איבערגע־צלמט דעם קראַנקן, געפרעגט וואָס אים איז. אפשר אַ זינד באַגאַנגען? טאָ זאָל ער זיך מודה־זיין. טאָמער טוט אים עפּעס ווי — זאָל ער אויך זאָגן. וועט מען אים אָפּפירן אין שקלאָוו צום „כפערשעל". אַ פּראָ־וואָסלאַוונער מענטש מוז ריידן, ניט שווייגן ווי אַ פאַרשאָלטענער.

וואַנקע האָט, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אויסגעהערט די לאַנגע דרשה, קוים־קוים דעם קאָפּ אַ הויב געטאָן און דערקלערט קורץ און אַנטשלאָסן:

— פּאַמרו!

דאָס זעלבע וואָס ער האָט שוין דער מאַמען געזאָגט מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען ער איז געקומען צולויפן, ווי אַ באַנומענער, פון שליאַך. אַפילו דער קול זיינער איז געווען פונקט אַזוי כריפּלע און פריטשמעליעט ווי דעמאָלט.

2

ס'איז נאָר געווען אַ שטאַרקער וואָרט אַזאַ. וואַנקע איז ניט גע־שטאָרבן. ער האָט אַפילו ניט געקלערט צו שטאַרבן. דער פויערישער קאָפּ זיינער, אונטער די צעפּאַטלטע העל־פלאַקסענע האָר, האָט געאַרבעט ווי קיין מאָל ניט. דאָס גויישע בלוט האָט געקאָכט. דאָס געהערטע, וואָס ער האָט „פּאַסקע"־צייט געהערט אין דאָרפישן קלויסטער, אַז יידן האָבן געקרייציקט יעזוסן, האָט זיך ביי אים אַצינד צוזאַמענגעגאָסן אין אַ כעס, פאַר דער באַליידיקונג, וואָס ער אַליין האָט אויף זיך געבראַכט, אַנט־לויפנדיק ווי אַ גנבֿל פאַר דער „לעיביכאַ איז פאַדהורי". דאָס הייסט: פאַר משה־לייבס ווייב פון אונטערבאַרג. דאָס האָט אין אים אויפגע־ברויזט, ווי צעוואָרעמטער קוואַס, און געמוזט אַרויסשיסן... אַ גאַנצן שלאָפלאָזן פאַרטאָג האָט אין אים געיערט. און ווען ער און די מאַמע זיינע זיינען געבליבן איינינקע אַליין אין כאַטע, און די מאַמע האָט ווידער געגומען נודיען ער זאָל זיך שטאַרקן, ער זאָל אויפשטיין, ער זאָל עסן — האָט ער זי אין מיטן דערינען איבערגעשלאָגן. דאָס מאָל — ניט מיט אַ פאַרשלאָפענעם קול, נאָר קלאָר און דייטלעך:

— מאַטקאָ, אַ מאַטקאָ! פאַרוואָס עסן די יידן „איז פאַד־הורי" ווייסע חלה, און מיר ניט?

— ווייל זיי האָבן „הראַשי" *) — איז געווען דער ענטפער.

— און הינדלעך עסן זיי אויך. מיר פאַרקויפן און זיי עסן.

---

*) געלט.

— אַלץ ווייל זיי האָבן „הראָשי״.
— פאַרוואָס האָבן מיר ניט?
— קודיזש נאָם! *) מוזשיקעס זיינען מיר.
— דערפאַר? דערפאַר שעמען זיי זיך מיט מיר?
— ווער שעמט זיך?
— לעיבּאַ און די לעיביכאַ. זינט די לעיביכאַ האָט מיך אַמאָל גע־טראָפן אין היי־שפייכלער מיטביילקען, יאָגט זי מיך און לאָזט מיך אין שטוב ניט אַריין. דאָס איז זינט דעמאָלט... אַלץ דערמאָן איך מיך אַצינד. אַלץ פאַרשטיי איך.
— מיר, מיין זונדל, זיינען פּראַוואָסלאַוונע, און זיי — „סטאַראָזאַ־קאָנע״. **) ניט קיין פּאָר ביסטו מיט ביילקען.
— און פאַרוואָס האָסטו זי קליינערהייט געקאָרמעט? זי און מיך פון איין ברוסט געקאָרמעט. האָסט אַליין דערציילט.
— אָטשאָפּיס! ***)—שרייט האַפּיאַ אויף, און דער קיילעכדיקער פּנים גיסט זיך איר אָן מיט בלוט — ניט דיר, קורנאָסער, וועל איך אָפּ־געבן רעכענונג!
אָבער וואַנקע טשעפּעט זיך ניט אָפּ. זיין אויפגערעגטער קאָפּ אַר־בעט אונטער די פלאַקסענע קודלעס:
— לעיבּאַ „איז פּאַד־הורי״, ווען ער פלעגט קומען אַהער, פלעגט ער זיך האַדיען צו עסן ביי אונדז. אַ טובה פלעגט ער טאָן, ווען ער פלעגט אויפעסן אַ רעטעכל, אָן איי מיט זאַלץ. מען האָט זיך געבעטן ביי אים.
— ביי זיי איז אַ זאַקאָן אַזאַ...
— ביילקען האָבן זיי דאָך געלאָזן זויגן דיין ברוסט. אַז זיי דאַרפן, מעגן זיי?
— זי איז קראַנק געווען. ווי אַ שוועבעלע געווען דין. דער „דאָקטור״ האָט געהייסן...
— יאָ, דאָס ווייסן מיר. ביי מיר האָסטו אָפּגענומען און איר גע־געבן.
— ווייניק דיר געווען? זע וואָס פאַר אַ בוהאַי פון דיר איז אויס־געוואַקסן, כולאַ טע־ע באָזשאַ! ****)
— אָבער פון איין ברוסט ביידע געזויגן, געהאָדעוועט זיך צוזאַמען... און איצטער... איצטער... ווי אַ הונט יאָגט זי מיך, די לעיביכאַ.
— קריך ניט וואו מען דאַרף ניט.

---

*) ווי קומען מיר!
**) יידן.
***) טשעפּע זיך אָפּ!
****) געלויבט איז גאָט!

— איך קריך? — האָט וואַנקע אויפגעברויזט און אַוועקגעזעצט זיך אויף זיין שטרויענעם געלעגער — איך?ביילקע אַליין האָט מיך גערופן. געלאָזט אָנזאָגן מיר דורך אַ שכן, אַז זי איז אין דער היים. איך זאָל קו־מען... נאָר איצטער האָס איך זי אויך. זי — אויך...

— וואָס איז זי, די האַרציקע, שולדיק?

— איך האָס זי אויך, זי אויך! — האָט זיך וואַנקע צעקאָכט און צעכליפּעט — או־או, ווי איך האָב זי פיינט! — האָט ער גענומען קריצן מיט די ציין און דרייען מיט די אויגן.

האַפּיאַ האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, מיטן באַטיכלטן קאָפּ צע־שאָקלט זיך:

— נו, איז בייס די קישן, אַז דו ביסט אַזאַ!

זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין פון איר קראַנקן, צע־ווילדעוועטן מיזיניק. אָבער ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַרן קלייד און ניט געלאָזן.

— מאַ־אַטקאַ! — האָט ער גענומען שרייען ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך — איך האָב זי דאָך האָלט, ביילקען! איך שטאַרב נאָך איר!

— דו שטאַרבסט, אַ? און ערשט האָסטו געזאָגט, אַז דו האָסט זי. מיט די ציין האָסטו געסקריפּעט...

— ביידע זאַכן, מאַטקאַ! איך ווייס אַליין ניט וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

— אַך־טיעך־טיע! — האָט האַפּיאַ אָפּגעזיפצט אויפן דאַרפישן שטיי־גער — ס'איז אַלע מאָל אַזוי, סינאָק *), אַז מען איז אין עמיצן פאַר־קאָכט. אַלע מאַנסבילן זיינען אַזוי. דיין טאַטינקע אויך... ליבן זיי — גלוסט זיך זיי שלאָגן . . .

— ניין, נאָר די מאַמע אירע, די לעיביכאַ, האָב איך פיינט. איך קען ניט קוקן אויף איר זאַק וואָס זי מאַכט. מיט דער קאָסע וועל איך איר אַמאָל דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן!

— וואָס רעדסטו דאָ? פאַר אַזאַ זאַך גייט מען אין אָסטראָג. אויפן גאַנצן לעבן.

— וועל איך גיין! מיר איז אַלץ איינס.

— האָסט דאָס פאַרדינט. אין אַ יידישקע האָסטו זיך פאַרקאָכט. זע דיין טאַטקע זאָל זיך נאָר ניט דערוויסן.

— איך אַליין וועל דאָס אים זאָגן.

— דו אַליין? היט זיך! די ביינער דיינע היט!

האַפּיאַ האָט דערביי אָנגעקנייטשט דעם פעטן שטערן, אָנגעכאַפּט איר זונדל פאַרן פלאַקסענעם כאָכאָל און גענומען וואַרפן אַהער און אַהין.

*) זונדל.

נאָר אין מיטן רייסן אים אַזוי — רחמנות געקראָגן. אירע בלויע, גרויסע אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן:

— גאָט באַהיט, סינאָק! די מאָרדע וועט ער דיר צעקוואַסיען און איך וועל אויך עפּעס קריגן... לאָז מיך בעסער! איך וועל זיך מיט אים דורכ־ריידן. אַפריער מיטן באַטיושקאַ פּעאָפּיל*). דערנאָך מיטן טאַטן. ליג זיך אַזוי, זאָג גאָרניט!

פון ליעזשאַנקע אַראָפּ האָט דערנאָך וואַנקע געזען ווי די מאַמע בינדט אַרום דעם גרויסן קאָפּ אירן מיט דער זונטאָגדיקער טונקעלער כוסטע, צלמט זיך אויף דער איקאָנע אין ווינקל, צלמט זיך ביים אַריבער־טרעטן דעם שוועל און גייט אַוועק. צווי לאַנגע שטונדן האָבן זיך געצויגן אין דער פוסטער כאַטע. נאָר די קאַץ און אירע קעצעלעך זיינען אַרומ־געגאַנגען איבערן שטוב מיט פאַרריסענע עקן, געמיאַאוקעט, געקלאָגט אויף עמיצנס מזל. די נשמה האָבן זיי וואַנקען אַרויסגעצויגן מיט זייער געצויגענעם קוויטשען. און מער פאַר אַלעמען — דאָס שוואַרצע קע־צעלע... ווי אַ קליינער שאָטן האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַרום זיין ליע־זשאַנקע, געקוקט אַרויף צו אים מיט ביילקעס אויגן. איר שוואַרצער פוטערל האָט אים דערמאָנט ביילקעס האָר; איר בלוט־רויטער מיילכל — ביילקעס סטענגע אין אירע קודלעס...

— טשערניאַוועקאַ! **) — האָט ער זי ליבלעך אַ רוף געטאָן און זיך צעוויינט.

צוריק פון פּאָפּ איז האַפּיאַ געקומען אַ שווייגנדיקע, אַ פינצטערע.

— נו? — בויגט וואַנקע אַראָפּ זיין אויסגעמאָגערטן פּנים פון ליע־זשאַנקע.

— ניט גוט — מאַכט האַפּיאַ און קערט אַוועק אירע אויגן — פאָ־טערל פּעאָפּיל זאָגט דו זאָלסט זי בעסער פאַרגעסן. ער האָט מורא אָנ־צוהויבן זיך מיט יידן. ביילקע, זאָגט ער, איז נאָך צו־יונג. מען וועט פאַר־שוואַרצט ווערן. מען דאַרף ניט...

— מאַ־אַטקאַ! — צעשרייט זיך פּלוצלונג וואַנקע ניט מיט זיין קול. ער זעצט זיך ווי אַ בלייכער רוח אויף דער ליעזשאַנקע און זיינע קאָרן־בלומען־אויגן ברענען אומהיימלעך — פאַרוואָס טוסט ד ו גאָרניט? דו אַליין...

— איך? וואָס זאָל איך נאָך טאָן, סינאָק?

— קראַנקע בהמות שפּרעכסטו אָפּ. ציינער־ווייטיק פאַררעדסטו. ביי הינער נעמסטו אַראָפּ מאַזאָליעס פון די צינגער. און מיך לאָזסטו אַזוי...

— וואָס רעדסטו דאָ, וואָס? דאָס זיינען דאָך גלאָט קראַנקהייטן. צו

---

*) מיטן פאָטערל פעאָפּיל (מיטן פּאָפּ).

**) שוואַרצינקע!

דעם ווייס איך אַ וואָרט אַזאַ. מיין מאַמע, די פאַרשטאָרבענע, געבענטשט זאָל זיין איר אָנדענק, האָט מיך אויסגעלערנט.

איך בין אויך קראַנק. איך בין נאָך מער קראַנק. אין דניעפּר וועל איך מיך אַריינוואַרפן.

— טפו, טפו, וואַניאַ! וואָס באַלעבעטשעסטו? קנאַפּ שיקסעס אין דאָרף. מאַלינעס, ניט קיין מוידן. ביים סטאַראָסטע אַ מיזינקע — בלוט און מילך. דעם פּאָפּס טעכטערל געפעלסטו אויך. ער אַליין האָט דאָס מיר געזאָגט...

— אַזעלכע שוואַרצע האָר ווי בעלקאַ האָט — האָט קיינער ניט. אַזעלכע אויגן — אויך ניט. אַזאַ פּאַרטיכל ווי זי טראָגט — טראָגט קיינער ניט. מאַ־אַטקאַ, אַז דו ווילסט, קענסטו. שפּרעך־אָפּ אַן אָפּשפּרעכעניש. די לעיביכאַ זאָל זיך מער ניט מישן. זי זאָל קריגן אַ „כאַראָבע" און זיך מער ניט מישן. בעלקאַ זאָל זיין מיינע און קיינער זאָל זי ניט אָפּנעמען. ניט אַוועקשיקן. מאַ־אַטקאַ, ביי דער איקאָנע אין שטוב בעט איך דיך, לאָז מיך ניט אַזוי! לאָז מיין נשמה ניט פאַרפאַלן ווערן...

ער האָט אַזוי געכליפּעט און געבעטן ביז ער איז געבליבן אָן כוחות. האַפּיאַ האָט אים נאָכגעטאָן. דער מיזיניק אויפן אויוון, די מאַמע — אין אַ שטוב־ווינקל. די ראַבע קאַץ אין שטוב איז אויך אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענע. די קעצעלעך אירע — נאָך איר. מער פון אַלעמען האָט יאָמערלעך געקוויטשעט די שוואַרצינקע קעצעלע, אין וועלכער דער קראַנקער וואַנקע אויפן אויוון האָט געזען בײלקעס אָנבליק...

## פופצנטער קאַפּיטל

## האַפּיאַ באַלערנט אים...

### 1

וואַנקע האָט נאָך לאַנג געטוליעט דעם אויסגעמאָגערטן פּנים צום שטרויענעם צוקאָפּנס און שטיל געכליפּעט, און האַפּיאַ האָט אַרומגעפּאַדיעט אין כאַטע און געמאַכט זיך אַז איר אַרט ניט, אַז זי האַלט דאָס פאַר אַ „כאַראָבע" וואָס מוז זיך אויסשטיין... אָבער דאָס האַרץ האָט איר פאַרט גענאָגט. דער געדאַנק, אַז די צרות וואָס זי האָט פון איר מיזיניק קומען איבער אַ יידישקעלע, וואָס זי אַליין האָט אויסגעקאָרמעט מיט איר ברוסט, האָט אין איר געטאָרעט ווי אַ וואָרעם. און ניט אַזוי

דער פּאַדרוס אויף ביילקען, וועלכע איז אַליין פאַרקאַכט אין איר קראַנקן זונדל און רייסט זיך צו אים, ווי אויף „לעיב און לעיביכאַ איז פּאַד־הורי”... לויט איר גויישן פאַרשטאַנד וואָלט דאָס געקענט ווערן אַ גלייכער שידוך. דער פּאָפּ וואָלט די האַדולקע אירע אָפּגעשפּריצט מיט „הייליקע וואַסער” און וואָלט איר אַ נאָמען געגעבן בעלקאַ, אַזוי ווי מען רופט זי דאָ אין כאַטע; וואַנקע וואָלט אַראָפּגעקראָכן פון אויוון און וואָלט צוריק געוואָרן אַ מענטש. אָבער די זאַיאַדלע יידענע, וועלכע האָפּיאַ האָט, אין האַרצן, קיין מאָל ניט פאַרגונען די פּוכענע בעטן, די גוטע עסנס, די פיינע קלייד־לעך און די זיידענע קאָסינקע אויפן קאָפּ, זי האָט זיך דאָ אַריינגערוקט מיט איר זאַק און שפּיזלען, פּלעכט מיט די פינגער, ווי אַ שפּיניכע איר נעץ, און מאַכט אַלץ קאַליע. דער פּאָטערל פעאָפּיל אַליין האָט מורא אָנ־צוהויבן זיך מיט איר... און טאַקע, וואַנקע איז דאָך געקעכט: וואָס שטייט זי אַלע מאָל אויפן שוועל, די „לעיביכאַ”, שפּיזלט אַהער און אַהין און לאָזט אין שטוב מער ניט אַריין? איינבעטן זיך דאַרף מען ביי איר, ווי ביי אַ פּריצטע...

דאָס כליפּען פון איר זונדל האָט זי אַלץ מער און מער געררייצט, אָוועקגענומען ביי איר דאָס לעצטע ביסל גוטמוט. אירע מחשבות זיי־נען געוואָרן אַלץ פינצטערער און בייזער. עס האָט זיך אין איר עפּעס אָפּגערופן פון אורצייטן אין אַ וואַלד, ווען די מאַמע איז געווען די הערשערין אין דער פאַמיליע און געקעמפט, ווי אַ חיה, פאַר אירע קינ־דער מיט אַנדערע חיות, אַזעלכע לאַנג־האָריקע, פאַרעקשנטע און באַלאָ־דענע מיט קינדער אַזוי ווי זי. און ווען וואַנקע האָט נאָכאַמאָל אַ כליפּע געגעבן, צאַפּלדיק און געצויגן, ווי אַ גרויס קינד וואָס שוין מיד פון וויינען, האָט דאָס האָפּיאַ מער ניט אויסגעהאַלטן, צוגעלאָפן צו דער בידעריקער ליעזשאַנקע און אָנגעכאַפּט איר זון פאַר אַן אויסגעמאָ־גערטער פּלייצע.

— סינאָק, אַ סינאָק! גענוג וועט דיר זיין, אַ? אָט וועל איך דיר עפּעס זאָגן...

וואַנקע האָט אַ קוק געטאָן מיט איין אויג: דער מאַמעס פּנים איז געווען פינצטער און אָנגעלאָדן, ווי ווען זי איז צוריקגעקומען פון פּאָפּ.

— נו? — מאַכט ער שוואַך און אָפּגעלאָזן, ווי איינער וואָס האָט סיי־ווי ניט וואָס צו פאַרלירן.

— זי וועט זיין דיינע...

— מאַ—אַטקאַ!

ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון געלעגער. די אויגן אין אויסגעב־לאָסטן פּנים האָבן בלוי־געגליט. די פלאַקסענע צעפּודלטע האָר האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסזען פון אַ רוח.

— האָסט אָנגעשפּראָכן? — האָט ער זי זשעדנע גענומען ציען פאַרן אַרבל — אָנגעשפּראָכן?

— שוין לאַנג, מיין זונדל. ווען זי האָט נאָך מיין מילך געזויגן. אַזוי האָב איך געוואָלט. אַ וואָרט אַזאַ האָב איך איבער איר שוואַרצן קעפּעלע געשעפּטשעט. דערפאַר איז זי אין דיר אַזוי פאַרקאָכט. אַלץ וועט זי פאַר דיר טאָן...

— אָך, דאָס? — האָט וואַנקע שוואַך אויסגעזונגען און צוריק אַ פאַל־ געגעבן אויפן צוקאָפּנס — דאָס ווייס איך. אָבער די אַלטע... די לעיביכאַ...

— וואָס אַרט דיך די אַלטע? מיט זיבן זאָקן און מיט זיבעציק שפּיז־ לען וועט זי מיין אָנשפּרעכעניש ניט פאַרטרייבן. איך בין אויך ביילקעס מאַמע, איך אויך. וואָס איך וועל הייסן וועט זי טאָן. עס וועט דער לעיביכאַן גאָר ניט העלפן...

האַפּיאַס אויגן האָבן זיך בלוי צעגליט, ווי אָנגעצונדענע שוועבל. איר רויטער קאָפּטוך האָט געברענט אין שאָטן פון דער ליעזשאַנקע ווי דער קאַם פון אַ גרויסער קוואָקוכע, וואָס באַשיצט אירע עופהלעך.... וואַנקע האָט די מאַטע אויגן אויפגעריסן. אין דעם מאָמענט האָט ער שטאַרקער ווי אַלע מאָל געגלויבט אין דעם, וואָס די שכנים שעפּטשען־זיך הינטער דער מאַמעס פּלייצעס, אַז זי איז מער ווי אַ „זנאַכאַרקע" און רופן זי אָן מיט אַ מיאוסן נאָמען... דאָס איז אַ וואָרט, וואָס בשעת זיי שעפּטשען אים — קוקן זיי זיך אַרום און שפּייען אויס. נאָר דער טאַטע אַפּאַנאַס, ווען ער קומט אַהיים ניט־ניכטער און הויבט זיך אָן טשעפּען און שלאָגט זי מיט ביידע שוואַרצע פויסטן, שרייט ער דאָס הויך אויפן קול: „קאָלדוניאַ טרעקליאַטאַיאַ!" *) מיט כישוף האָסטו מיך גענומען. פון דיינע דיקע באַקעס וועל איך דיר דעם אומ־ריינעם „דוך" אַרויסשלאָגן, אָט וואָס!...

נייגעריקער, ווי בשעת דער טאַטע שרייט אַזוי און שלאָגט, האָט אַצינד וואַנקע אָנגעקוקט זיין מאַמען. אַ מאָדנער חשק האָט אים אָנגענומען צו דערגיין אַלץ, אַלע סודות פון דער מאַמעס כוח, פון איר „אָנשפּרעכע־ ניש" איבער ביילקען. ער האָט אַזש די צונג אַ שלונג־געגעבן, ווי פון ברענענדיקן דורשט, און גענומען בעטן זיך:

— זאָג, מאַטקאָ, ווען איז דאָס געווען? ווי אַזוי האָסטו דאָס געטאָן?

אַ ביטרער שמייכל האָט זיך געשלענגלט איבער האַפּיאַס פולע ליפּן. זי האָט זיך ברייט אַוועקגעזעצט אויף דער ליעזשאַנקע לעבן איר זון, אַריינגערוקט אַ האַנט אין זיינע קודלעס און פּאַסמאַקעוועט זיך ווי נאָך אַ גוטן ביסן:

— זאָלסט נאָר קיינעם ניט זאָגן, סינאָק! אַפילו דעם טאַטן ניט. דעם

*) מכשפה פאַרשאָלטענע!

פאַטערל פעאָפּיל? — זאָל גאָט היטן! ער האָט פיינט אַזעלכע זאַכן... געווען איז דאָס, ווען איך האָב נאָך געגעסן ווייסע בולקעס מיט פליישיקן קרופּ־ניק, ביי דער לעיביכאַן, און דיך און ביילקען געקאָרמעט. האָב איך זי ליב־געקראָגן ווי אַן אייגענע. ניט געוואוסט ווען איך האָב מער ליב, דיך צו די יידישקעלע. האָב איך זי געבענטשט מיט אַזאַ וואָרט — זי זאָל אַלע מאָל בלייבן ביי מיר. דו מיט איר צוזאַמען. איר זאָלט ביידע זיין מיינע...

— מאַ־אַטקאַ! — האָט וואַנקע אויסגעשריען — ס׳איז אַן אמת? אַן אמת?

— אמת ווי גאָלד, זאָג איך דיר. כ׳האָב אייך ביידן געגעבן צו זויגן. איבערגעלעגט פון ברוסט צו ברוסט — קיין קנאה זאָל ניט זיין, און איך ביידן געווינטשעוועט: „ווייס־קעפּעלע, שוואַרץ־קעפּעלע! בלויע אויגע־לעך, ברוינע אויגעלעך! זויגט ביידע מיין חיות אויס, ניט מילך נאָר האָניק. איך אַ געזונט, מיר אַ געזונט. דעם בליאַסק פון דניעפּר און פון פּראַוואָסלאַוונעם צלם אין אייערע ביידנס גופעלעך! וואַקסט צוזאַמען ווי „איוואַן־דאַ־מאַריאַ״ *) אין איין בלום, אין איין שטענגל. וואַקסט און צעשיידט זיך ניט. איינעמס ליב זאָל דעם צווייטן זיין זיס, ווי די ווייסע בריסט מיינע וואָס איר זויגט ביידע גלייך...

2

האָפּיאַ איז אומישנע אַנטשוויגן געוואָרן און פון אַ זייט, ווי אַ הון, אָנגעקוקט איר קראַנקן מיזיניק, זען וואָס פאַר אַן איינדרוק אירע „אַב־שפּרעכענישן״ האָבן אויף אים געמאַכט. אָבער, אַנשטאָט אויפצולעבן און אָננעמען זיך מיט כּוח, האָט ער זיך גאָר פאַרקרימט ווי פון זויערס. די אויגן זיינען שאַרף געוואָרן.

— מאַטקאַ, — מאַכט ער מיט אַ ווייטיקער שטים — האָסטו דאָס אונדז אַזוי פאַרכישופט? דו?

— און וואָס האָסטו געמיינט?

— אַז די יידן פון אונטערבאַרג האָבן דאָס מיר אָפּגעטאָן. איצטער ווייס איך פאַרוואָס איך גיי אַזוי אויס. דיין אַרבעט. ניט צום גוטן האָסטו דאָס געטאָן. ניט צום גוטן, מאַטקאַ.

— נעם זיך ניט צום האַרצן, סינאָק, זי וועט פון דיר ניט אַוועקגיין.

— זי איז שוין אַוועקגעגאַנגען... צום צווייטן מאָל קיין מאָהילעוו אַוועק. ווי אַן אַרעסטאַנטקע היט מען זי.

*) אַ בלום אַזאַ. טונקל־בלוי און געל צוזאַמען. הייסט אויך „שטיפמוטער״.

— זי וועט ניט אַוועקגיין, זאָג איך דיר. מען זאָל זי אַפילו הינטער בערג באַהאַלטן. זי איז דיינע, זאָגט מען דיר. איצטער דאַרפסטו עפּעס טאָן. ניט אויפן אויוון דריכניען...

— וואָס טאָן? וואָס קען איך?...

— דאָס וואָס דיינע עלטער־זיידעס האָבן אַמאָל געטאָן. דו! אומיקאַי יעיאַ!

— וואָס איז דאָס, מאַטקאַ? זאָג, זאָג! וואָס פאַר אַ וואָרט אַזאַ?

— דיין טאַטקע וועט דאָס דיר בעסער פאַרטייטשן... דער טאַטקע דיינער, ווייסט דאָך, ציגיינערשע האָר האָט ער. שוואַרץ ווי קויל און אויגן ראַסקאַסע, קרומע ווי ביי אַ קאַלמיק. פון סיביר וואַקסט ער. דערפאַר ציט דיך אויך צו שוואַרצע האָר. זיין כוח האָט אין דיר דיין טאַטינקע אַריינ־געגעבן: דיין מאַמעס פלאַקסענע צעפּ און דיינע אייגענע — געפעלן דיר ניט. זוכסטו דאָס ביי יידן. יעדן איינעם געפעלט וואָס ער האָט ניט. דיין טאַטקע איז אין מיר אויך געווען פאַרקאָכט. ער האָט אין מיר דערזען אַן אַנדערע ווי ער. אַליין שוואַרץ ווי אַ טאָטער, האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ ווייסינקע, אַ פּולינקע. בלוט און מילך בין איך געווען און ער — מאָגער און חושך ווי אַ האַלעוועשקע. איז ער מיר נאָכגעלאָפן. וואו איך בין געשטאַנען און וואו איך בין געגאַנגען. ווי אַ באָק נאָך קרויט פאַוואַדיעט זיך און געמעקעט. „האָסט מיך פאַרכישופט", האָט ער גע־האַלטן אין איין מעקען. „אַ מכשפה ביסטו!..." ביז צו היינטיקן טאָג, אַז ער איז אין כעס וואַרפט ער דאָס מיר אויף... און וואָס מער איך האָב אים דעמאָלט געטריבן און געלאָכט פון אים, אַלץ מער איז ער מיר נאָכגע־לאָפן. דערנאָך האָט ער אויפגעהערט צו מעקען און גענומען סטראַשען אַז ער וועט מיך הרגענען. מיך און מיין מאַמען. „מיט אַ האַק", מאַכט ער, „וועל איך אייך ביידע צעהאַקן!" אַזוי ווי דו האָסט פריער געסטראַ־שעט, אַז דו וועסט די לעיביכאַן צעהאַקן. גראָד אַזעלכע דיבורים זיינען מיר בעסער געפעלן געוואָרן ווי זיין נאָכלויפן און מעקען. האָב איך זיך גענומען צוקוקן צו אים. ער האָט מיר אָנגעהויבן געפעלן־ווערן מיט זיין ציגיינערישער שוואַרצקייט, מיט זיינע קרומע אויגן...

— און וואָס איז ווייטער געווען?

— ער האָט אויסגעפּירט. אָבער ניט גלאַט אַזוי. אַ כוואַט איז ער געוואָרן. אָנגעזעצט זיך אויף מיר מיט זיין ליבעניש און מיט זיין שנאה. נו, „אי־אי אומיקאַל מינע".

— זאָג! זאָג אַלץ! איך וועל דאָס אויך טאָן. ווי אַזוי?

— ביסט נאָך צו יונג. נאָר פאַרקאָכט ביסטו שוין אין דיין ביילקען, ווי דיין טאַטינקע אין מיר. „אומיקאַט" קען מען מיט אַלערליי וועגן. מען הייסט איר, וועמען מען האָט ליב, לעגן זיך שלאָפן ביי אַן אָפּע־

נעם פענצטער און מען גנבעט זי אַרויס. פון טאַטנס כאַטע אין דער אייגענער...

— און אַז זי פאָלגט ניט?

— זי מוז פאָלגן. מיט כוח דאַרף מען איר דאָס זאָגן און מיט שאַרפ־קייט. ווי מיט אַ פויסט אין שליף דערלאַנגען. גייט זי אום, אַ טאָג און צוויי, ווי אין אַ הינהערפּלעט, און גיט נאָך. זי קען ניט אַנדערש... אָדער מען הייסט איר, דער מויד, נעכטיקן אין אַ שפּייכלער מיט היי. אין טאַטנס שפּייכלער. נעמט מען זי גלייך אויף אַן אָרט, אין מיטן דער נאַכט. מען דאַרף זי אַפילו אויף די פּלייצעס ניט אַוועקטראָגן. אַן איבעריקע טרחה. זי לויפט דערנאָך מיט איר אייגענעם ווילן...

וואַנקע האָט לאַנגזאַם אויפגעריסן די אויגן, אַ צי געטאָן מיט דער נאָז און אָנגעכאַפּט זיך פאַר האַפּיאַן מיט ביידע הענט:

— אין היי זאָגסטו, מאַטקאָ? אין היי? יאָ, אין היי. איצטער ווייס איך...

— האָסט שוין געפּרואווט? דו!

— געשפּילט זיך מיט איר... קליינערהייט. ביי איר טאַטן אין שפּייכ־לער. שוין לאַנג איז דאָס געווען. אָבער זינט דעמאָלט ברענט דאָס אין מיר...

— אַך, אַך, סינאָק! דאָס איז גאָרניט. קינדערייען זיינען דאָס. „אומיקאַט” מוז מען קענען. מיט קראַפט און מיט קלוגשאַפט. דאָס שענסטע איז אין סיביר, אינעם געגנט פון וואַנען דיין טאַטע שטאַמט... זיין אייגענער טאַטע האָט דאָס אים אַמאָל דערציילט...

האַפּיאַ אַליין האָט זיך צעוואַרעמט פון אירע רייד. דאָס קיילעכדיקע געזיכט איז איר רויט געוואָרן ווי איר קאָפּ־כוסטע, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער.

— דערצייל, דערצייל! — איז וואַנקע געוואָרן אומגעדולדיק.

— די מוידן וואָס ווילן חתונה האָבן וואַרטן אָפּ, אָנהויב חודש ווען די לבנה וואַקסט־אָן און לויכט איבערן שניי. דאָס קומט אַלע מאָל פאַר פאַסקע־צייט, ווען עס פאַרנעמט זיך אויף וויעסנע. די טעג ווערן לענגער און די נעכט זיינען קלאָר און אויסגעשטערנט. די גלוסטענישן ביי יונגע מענטשן זיינען דאַן גרויס און דער טייוול פלאָנטערט זיך זיי אין די האָר. ווי אַ פייערדיקע שפּין קריכט ער אַרום און קען זיך ניט אַרויספּלאָנ־טערן... טוען זיך דעמאָלט אָן די מוידן אין זייערע בעסטע חגא־קליי־דער און אין וואָלענע כאַלמידעס איבער די פּלייצעס. די שווערע פעלצן לאָזן זיי אין דער היים... אָנגעטאָן אַזוי לייכט, שטעלן זיי זיך אויס ביים שליאַך לעבן אַ וואַלד, אַ וועלכענע צוויי קלאַפּטער ווייט איינע פון דער צווייטער. אויבן אָנגעטאָן יום־טובדיק און אונטן נאַקעט שטייען זיי און

ציטערן פאַר קעלט און נייגיר... זייער מזל שטייט דאָ אין קאָן. באַלד דערהערט זיך אַ פאַבריקעווען און אַ קנאַקן פון בייטשן. אַ היקען און אַ פייפן: די כלאַפּצעס פון דאָרף קומען אָן, יאָגן זיך איבערן אויסגעשנייטן שליאַך אין וואַרעם־אויסגעבעטע שליטנס, מיט גרויסע שאַפּענע פּעלצן אויסגעבעט. ווער ס'איז מער כוואַט און איז פלינקער, דער יאָגט אַרי־בער און כאַפּט אויס די בעסטע מויד. ווי אַ בליץ פליט אָן דער כוואַטס־קער יונג מיט זיין פערד און שליטן. אין איין האַנט די לייצעס און מיט דער צווייטער — אַ כאַפּ פון שליאַך די, וועלכע ער האָט אויסגעוויילט, אַ לעג אַריין אין אויסגעבעטן שליטן און אַ דעק־איין מיטן אויסגעשפּרייטן פּעלץ, אין נאָענטן וואַלד יאָגט ער אַריין זיין געשפּאַן. און וואו פינצטערער, צווישן די סאָסנעס, און וואו אָפּגעזונדערטער דאָרטן בלייבט ער שטיין און דעקט אויף זיין אויסערוויילטע. די לבנה קוקט דאָרטן ניט אַריין און טאַטע־מאַמע אַוודאי ניט. די כלה ציטערט ווי אַ בלאַט פאַר קעלט און איר כלאַפּ נעמט זי אָרום ביז ער דערוואַרעמט זי. און ביז שפּעט אין דער נאַכט הילכט דער ווינטערדיקער וואַלד פון קרעכצן און געוויינען. ניט קעך וואָיען דאָס און ניט הונגעריקע וועלפעלעך, נאָר פאַרליבטע פאַרלעך. פאַרטאָג פירט דער כלאַפּ אַוועק זיין אויסדערוויילטע אַהיים און זי ווערט זיין ווייב. שפּעטער האָבן זיי חתונה אין קלויסטער, ווי עס פירט זיך ביי די פּראַוואָסלאַווגע. טאַטע־מאַמע מישן זיך ניט, און טאָמער יאָ — קענען זיי אויך גאָרניט מאַכן. צו שפּעט! אַזוי זיינען זיי די סיביריאַקעס, פון וואַנען דיין טאַטע שטאַמט...

— מאַ־אַטקאַ! — האָט זיך דער קראַנקער וואַנקע אָנגעצונדן ווי אַ פייער, און אין זיינע מאַגערע באַקן האָבן אויסגעשאָסן רויטע פלעקן — אַזוי וועל איך אויך טאָן! איך — אויך...

— דיין טאַטינקעס בלוט רעדט אין דיר, זונדל! טו אַזוי, ציי אַנדערש. דאָס איז אַלץ איינס, נאָר טו! פריער, אָבער, מוזסטו אָנקלייבן כוחות. טשוכע זיך אויס! ליג ניט ווי אַ „פּוכטשער" *) אויפן אויוון!...

—איך וועל ניט ליגן, מאַטקאָ... אָט, לאָז נאָר קומען צו די כוחות...

— שטאַרק זיך און זיי ניט קיין נאַר! מען באַהאַלט זי פון דיר, נאָר זי איז מיט דיר. מאַהילעוו איז ניט אַזוי ווייט. אין גאַנצן צוויי מאָל אַזוי ווייט פון דאַנען ווי דער „אונטערבאַרג". וועלכענע זיבעצן־אַכצן וויאָרסט. דאָס איז אַלץ.

האַפּיאַ האָט גנביש אַראָפּגעלאָזן אירע אויגן און איר שטים, און צוגעגעבן:

— אָן עצה וועל איך דיר געבן, סינאָק, ווערסט דאָך מוזן פאָרן מיט אַפּאַנקען, דיין ברודער צום „נאַרוזשנאַי־וויד". ווערסטו האָבן אָן „אָקאַ־

*) אַ סנאָפּ.

זיא" *). דו אין מאָהילעוו, זי אין מאָהילעוו. ניט שווער אויפצוזוכן... אין געגנט פון וואַנען דיין טאַטע שטאַמט האָט מען ביי די אַלטע אויך ניט געפּרעגט. זיי האָבן געצירנט, געצירנט און דערנאָך בעסער געוואָרן...

— און ביילקע אַליין? זי וועט האָבן האַרץ...

— אויף וואָס אַ האַרץ?

— אירע עלטערן אָוועקצוּוואַרפן, מיט מיר צו בלייבן...

— זי וועט האָבן... זי האָט שוין. מען דאַרף איר נאָר צוגעבן מוט. האָליובען זי. צוזאָגן. אַלע מיידלעך זיינען אַזוי. ווי זויערטייג אין אַ פאַרקנאָטענער דייזשע דאַרף מען אַריינטאָן אין זיי. דערנאָך יערט דאָס אַליין...

— און מיטאַמאָל וועט זי חרטה האָבן, וועט מער ניט וועלן...

— וועסטו זי שלאָגן! ניט צופיל שלאָגן, מיט רחמנות, אין ווייכן. דו וועסט זי שלאָגן און זי וועט זיך דיר אויפן האַלדז וואַרפן. אַזוי זיינען ווייבער. איך בין אויך בעסער ניט געווען...

## זעכצנטער קאַפּיטל

## פויערישער כישוף

### 1

האָפּיאָס עצות האָבן וואַנקען געהאָלפן נאָר אויף אַ ווײַלע. זיי האָבן אויפגעהיצט זיין פויערישן מוח אונטער דער קליין־העלער קוטשמע האָר אַזוי, אַז ער האָט זיך קלאָר געקענט פאָרשטעלן ווי ער גיסט אויס זיין כעס אויף דער „לעיביכאַ־איז־פּאָדהורי" אין ביילקעס פאַרליבטער גע־שטאַלט: ער שלאָגט ביילקען און קושט, שלאָגט זי און נעמט אַרום...

אָבער צופיל אויסגעמאַטערט איז ער געווען פון די טעג און נעכט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אויף דער ליעזשאַנקע, זיינע צעקאָכטע ליידנשאַפטן זאָלן לאַנג קענען אָנהאַלטן. באַלד איז ער ווידער אַריינגעפאַלן אין זיין אָפּגעלאָזנקייט. קוים צוגערירט זיך צו דער מאַמעס געקעכצן. אָך, אָך... אַלע וואונדער וואָס די מאַמע זאָגט אים צו זיינען נאָך דערווייל ווייט. איידער טיילן די פעל מוז מען דאָך דעם בער כאַפּן. מען מוז בלאָנדזשען אין געדיכטן וואַלד, אויסשטיין געפאַרן... וואו האָט ער כוח צו אַזעלכע זאַכן?...

---

* אַ געלעגנהייט.

דעמאָלט איז דאָס האָפּיאָן איינגעפאַלן אונטערצוגעבן אים אָפּעטיט מיט אַ גוטן ביסן. און אַ בעסערע זאַך ווי אַ געבראָטענע טאַראַנקע האָט זי ניט געקענט צוקלערן. האָט זי זיך צעגאַרטלט און איינגעהאַנדלט ביי דער סטאַראָסטיכע אַ גערויכערטע וואָבלע פאַר גאַנצע פיר קאָפּיקעס. די זשעדנע שכנטע האָט זי באַריסן. גענומען צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי עס קאָסט אויפן שקלאָווער מאַרק ביי יידן... אָבער וואָס טוט מען ניט צוליב אַ קראַנקן מיזיניק?

האָט דאָס אָבער דער יונגער דור פון פיר קעצלעך דערשמעקט, צוגעכאַפּט זיך צום געפּרעגלס און אויפגענאַשט פון סקאָווערדע דאָס טייערע געריכט. דאָס האָט געפירט צו האָפּיאָס גרויזאַמקייט: צום קלאַפּ, מיט דער אייזערנער קאָטשערע, דער שוואַרצינקער קיצקע און צום דערטרינקען די איבעריקע דריי אין דניעפּר. פיר קאָפּיקעס פאַרלאָרן און פיר לעבנס אומגעבראַכט. פאַר יעדער קאָפּיקע — אַ לעבן פון אַ קעצעלע. די ליידיקע סקאָווערדע מיט דעם רעשט ביינדלעך האָט זי געוויזן איר וואַנקען. אדרבא, זאָל ער אַליין זען צו וועלכע הזיקות זיין וויסטע פאַרליבעניש האָט געבראַכט.

וואַנקע האָט אָבער קוים דעם קאָפּ אויפגעהויבן, קוים אַ וואָרט געזאָגט. אים איז געווען אַלץ איינס. אונטערן זשומזשען פון דער מאַמעס טענות און קללות האָט ער איינגעדרעמלט. און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז עפּעס געווען אויסטערליש שטיל. די מאַמע איז אין כאַטע ניט געווען. ער האָט זיך צוגעהערט און קיין שאָרך מער ניט פאַרנומען. האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן פון ליעזשאַנקע און מיט די אויגן גענומען זוכן דאָס שוואַרצע קעצעלע, וואָס האָט אַ טבע צו קוקן אויף אים, פון אונטן אַרויף, מיט מענטשישע אויגן —ביילקעס אויגן...

— טשערניאַווענקאַ, קיץ־קיץ! — האָט ער שוואַך און ליבלעך גענומען רופן. אָבער אַנשטאָט דער שוואַרצינקער איז צו דער ליעזשאַנקע צוגעגאַנגען די ראָבע אַלטע קאַץ, קעציש אויפגעגענעצט און אויסגעצויגן די רעכטע לאַפּקע ווי צום „גוטן אָוונט".

— מיאַו! — האָט זי דערביי גאַנץ גלייכגילטיק אַ קאַניוקע געגעבן. דאָס הייסט: „האַרעלע, צי וואָלט איך דיר ניט געקענט דינען אַנשטאָט מיין שוואַרצע טעכטערל?..."

אָבער וואַנקען האָט זי, מיט איר גלייכגילטיקער באַגריסונג, אויסגעוויזן ווי די „לעיביכאַ", וועלכע האָט אים אַלע מאָל איבערגעשניטן דעם וועג צו ביילקען, שטייענדיק אויפן שוועל מיט איר זאַק און שפּיזלען...

— פּישלאַ! — האָט ער די אַלטע קאַץ אָפּגעטריבן און מיט ווידערווילן באַהאַלטן דעם קאָפּ אין אָרעם.

ווען האָפּיאַ איז דערנאָך צוריקגעקומען איז וואַנקעס ערשטע פראַגע געווען:

— מאַטקאַ, וואו זיינען אונדזערע קעצעלעך?

— נויטיק דאַרפסטו זיי! — איז האַפּיאַ גלייך צאָרנדיק געוואָרן — אַזעלכע גנבים, דאַרמאָיעדניקעס! אַ גאַנצע טאַראַנקע אויפגעפרעסן. איצטער זאָלן זיי די ווערים פרעסן...

וואַנקע האָט זיך האַסטיק אַ זעץ געגעבן אויף זיין געלעגער:

— מאַטקאַ, וואָס האָסטו געטאָן מיט זיי?

— דאָס וואָס זיי האָבן פאַרדינט.

— געהרגעט? געהרגעט?

— אַ סוף געמאַכט. די קינדער אין דאָרף האָבן מיר געהאָלפן. מען האָט זיך גיך ספּראַוועט. דורשטיק זיינען זיי געווען נאָכן געזאָלצנס, די פאַרשאָלטענע באַשעפענישן! האָט מען זיי געגעבן צו טרינקען. האַ־האַ! אַ האַלבן דניעפּר האָבן זיי אויסגעטרונקען...

— די טשערניאַווענקע אויך? זי — אויך?

— זי האָב איך אַליין מכבד געווען. מיט דער אייזערנער קאָטשערע. מסתמא האָט זי שוין קראַפּירט.

— קראַפּירט? — האָט וואַנקע פּלוצלונג אויפגעיאָמערט. — זי אויך? איצטער בין איך פאַרלאָרן, מאַטקאַ! איצטער ווייס איך...

— משוגענער! — איז האַפּיאַ צוגעלאָפן אויף זיין געשריי. — וואָס זיינען דאָס פאַר אַ קולות? נאָך דיין ביילקען וואָיעסטו ווי אַ הונט. נאָך אַ קעצל — אויך. אַלץ איז ביי דיר איינס? אַבי וואָיען אויף מיין קאָפּ... טפוי!

— מאַ־אַטקאַ! — האָט זיך וואַנקע גענומען בעטן. — מיט ביילקעס אויגן האָט אויף מיר די טשערניאַוועינקע געקוקט. געקוקט און געזשאַלעוועט מיך. אַ רויט בענדעלע האָב איך געוואָלט אָנבינדן אַרום איר האַלדז, זי זאָל אין גאַנצן זיין ענלעך, אין גאַנצן...

— וואַנקאַ, איצטער זע איך אַז דו ביסט „גערירט”. פון זינען גייסטו אַראָפּ. אַ קליאָפּקע פון מוח איז דיר אַרויסגעפאַלן. וואָס מוז איך איבער דיר אָפּגיסן. אַז ניט, וועט מען דיר מוזן פירן צום „כפערשעל” אין שקלאָוו. אַ געבונדענעם וועט מען דיך מוזן פירן...

2

שפּעטער מיט עטלעכע מינוט האָט זיך צו וואַנקעס אויערן דערטראָגן אַ פּרעגלען און אַ בלעזלען, און אַ וואַרעמער ריח פון צעשמאָלצענעם וואָקס האָט צו אים אַרויפגעקלעטערט אויף דער ליעזשאַנקע. עפּעס ווי דער הייסער זומער וואָלט זיך צעבליט אין דער אָסיענדיקער כמורנער כאַטע, און פולע בינשטאָקן וואָלטן זיך צעברומט מיט זייער שפע. וואַנ־

קעס נאָזלעכער האָבן אויפגעציטערט. אַ שוואַכע פרייד האָט געגומען וואַ־רעמען דאָס האַרץ: —

— מאַטקאַ, אַ מאַטקאַ! וואָס טוסטו דאַרטן?

— וואַרט אַ ווײַלע, סינאָק! באַלד וועסטו געגעזן ווערן.

און באַלד טאַקע איז האַפּיאַ דערשינען מיט אַ גרינעם פּאָליוועגעם שיסל, פול מיט קלאָרע קוואַל־וואַסער, און מיט אַ פאַררויכערטער פענ־דעלע פול מיט קאָכיקן וואַקס. איר פּנים איז געווען געהיימניספול אָנגעלאָדן, רדיט פון פייער און אָפּשיין פון דער רויטער קאָפּ־כוסטע. די אויגן האָבן בלוי געגלאַנצט.

— לייג זיך, — מאַכט זי — סינאָק! און דיינע קוקערס פאַרמאַך. עס קען אַ שפּריץ טאָן, באַהיט גאָט, אָן אויג קאַליעטשען. צום אָפּשפּרע־כעניש איז דאָס אויך בעסער. גלייכער — וואָס ווייניקער קוקן... ליג רואיק! איך וועל איבער דיר אָפּגיסן. קיינעם דאַרף מען דערפון ניט דער־ציילן. ניט דעם טאַטן, ניט דעם פּאָפּ. עס קען קאַליע מאַכן...

אירע אויגן זיינען אַציַנד געוואָרן שאַרף און קאַלט ווי שטאָל. אין דעם רויטן קיילעכדיקן ראָם פון געזיכט און טוך האָבן זיי געבלאַנקט ווי נאָדלען. וואַנקע האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט פון אַזאַ קוק און נאָכגעגעבן, ווי אַ קינד וואָס לאָזט זיך אַרויסרייסן אַ צאָן. ער האָט זיך אויס־געצויגן. די אויגן פעסט פאַרמאַכט. און באַלד איז אויף אים אָנגעקומען דער קילער שאָטן פון גרויסן שיסל. און איבער זיין קאָפּ האָט ער דער־הערט אַ פּעטן בולבלען און זידן אין וואַסער, אַזוי נאָענט און דורכדרינג־לעך, ווי דאָס וואָלט פאָרגעקומען אונטער זיין אייגענעם שאַרבן...

דערנאָך איז שטיל געוואָרן. אַזוי מחיהדיק שטיל. ווי אַ היילונג האָט זיך די שטילקייט צעגאָסן אין אויפגערעגטן קאָפּ. און דער מאַמעס זינ־גענדיק שעפּטשען איז אויפגעשוואומען ווי פון דערווייטנס. וואָס וויי־טער — נעענטער געוואָרן, וואָס ווייטער — דייטלעכער:

„ניט אויפן באַרג, ניט אין טאָל, שטעקט אין אַ יאָדלע אַ נאָל. אויפן נאָל הענגט אַ האַרץ. טריפט זיין בלוט פון אים שוואַרץ. לויף צו אים, מיין שטאַרקער וואָרט! רייס אים גיך אַוועק פון אָרט. פאַר־טראָג אים ווי אַ הוראַגאַן, אין טיפן ים־אָקעאַן. וואַש אים אָפּ, שווענק אים אויס, ער זאָל אַ געהיילטער אַרויס, פונעם קאַלטן מוטנעם ים, — ריין ווי וואַקס, הייס ווי פלאַם. זאָל זיין ווייטיק אַוועק, אָן אַ וועג אין אַ העק. דעם אַלטן שונא—שטאָך־שטאָך, דער אַלטער כלבטע—אַ בראָך. דער יונגער — פליגלען פון אַ טויב... טייבעלע פּיקט אין שויב. טייבעלע, שנעבעלע־צאַרט, קום אַריין, דיין חתן וואַרט! די „איקאָנע“ בליאַסקעט זיס. קום און בעט צו אירע פיס!...“

מיט פעסט פאַרמאַכטע אויגן האָט זיך וואַנקע צוגעהערט צו דער געגראַמטער אָפּשפּרעכעניש. ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק האָט זיך דאָס איבער אים געשאָטן, טענצלענדיק און זינגענדיק... אין זיין פאַרשטעלונג האָט ער גלייך דערזען זיין אייגענע האַרץ וואָס בלוטיקט „אויפן נאָל" און היילט זיך אין קילן ים. ער האָט געזען „לעיבאָס" צעשטאָכענעם לייב און „לעיביכאָס" וויסטן סוף האָט ער אויך געזען.ביילקע בלייבט אַליין און לויפט צו אים. ביידע פאַלן אויף די קני פאַר דער איקאָנע אין ווינקל...

פון דער דאַזיקער טרוימערישקייט האָט אים אויפגעוועקט האַפּיאָס ניכטערער קול:

— עפן אויף די אויגן זאָגט מען דאָך דיר!

אַפּנים, צום צווייטן מאָל רופט זי אים אַזוי, נאָר ער האָט ניט דערהערט. וואָרעם די מאַמע איז אומגעדולדיק...

ער צעפינטלט זיך מיט ביידע אויגן. זיין קוק בלאָנדזשעט. די מאַמע ווייזט אים אָן, מיט איין אָנגעדראָלענעם פינגער, אויפן פאַליווע־נעם שיסל. אין קלאָרן וואַסער שווימט אַצינד אַרום אַ משונהדיק אָנ־געשוואָלענער שטיק וואַקס... די מאַמע כאַפּט דאָס אָן, מיט צוויי פינגער און דרייט אום...

וואַנקע האָט שרעקעוודיק אויפגעריסן ביידע אויגן. די אומגעדרייטע זייט פון וואַקס איז נאָך געווען ווילדער אויפגעבלאָזן ווי די אויבערשטע. פול מיט אָנגעשוואָלענע פענכערס איז זי געווען. געלבע פאַלדן און גע־שווירן צוזאַמענגעפּלאָנטערט מיט מאוימדיקע פיגורן פון קעצישע און חזירשע שנויצן. אָן אמתע זעאונג פון איוואַן דעם הייליקן אין עוואַנגעליע, וואָס דער פּאָפּ לייענט מיט אים...

— זעסט, — מאַכט די מאַמע, — וואָס אין קאָפּ ביי דיר האָט זיך געטאָן? מיט איין וואָרט — אַ שדים־טאַנץ! איך האָב דאָס ביי דיר אַלץ אָוועקגענומען, אויפן וואַקס אָנגעקלעפּט. איצטער צעברעך איך דאָס אויף שטיק־שטיקלעך. קיין זוואַניע זאָל ניט בלייבן!...

געזאָגט און געטאָן. האַסטיק און מיט אַלע צען פינגער אַ נעם גע־טאָן דעם אויפגעבלאָזענעם וואַקס, צעבראָכן און צעקוועטשט מיט האַס, ווי אַ גיפטיקן שרץ. אין איין געלבן קנויל פאַרקנאָטן.

— נאַ, — מאַכט זי, אַ סך רואיקער, — איצטער, סינאָק, כאַפּ אַ דרעמל, וועט דיר בעסער ווערן.

וואַנקע איזווירקלעך איינגעשלאָפן געוואָרן. צום אָנהויב — שי־טערלעך, אומרואיק; דערנאָך — אַלץ טיפער און שטאַרקער, ווי נאָך אַ באָד.

### 3

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך פון אַ היימישן טומל. טאַטע־מאַמע האָבן זיך אַמאָל אין אַ נאָווינע געקריגט. אין כאַטע איז שוין געווען פינצטער. דאָס רויכער־לעמפּל האָט געפינטלט אויפן קאַפּטער. דער טאַטע האָט געשאַרבעט אָפּגעשטאָנענעם באָרשטש און צווישן איין זופּ און צווייטן האָט ער, קייכנדיק און קייענדיק, געשריען וועגן עפּעס אַ „קיצקע" *) וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו געבן „לעיבאָן איז־פּאָדהורי". מייז האָבן זיך ביי אים פאַרפּירט...

און די מאַמע האָט אים כעסדיק אָפּגעענטפערט:

— וואָס עפּעס האָט זיך „דיין לעיבאָ" איצטער אויסגעשלאָפן?... מען זאָגט דאָך דיר: איך האָב זיי דערטרונקען...

און דער טאַטקע האָט אַלץ כעסדיקער געשאַרבעט און געפּאָנפּעט:

— אָ, דערטרונקען! מכשפה!... אַלע פיר אויף איין מאָל... איצטער האָב איך אַפילו קיין אויסרייד ניט. ניט מיין פלאַקס — פאַרקויפן, ניט איבערבעטן זיי מיט וואַנקען. ברוגז זיינען זיי...

מאַמע האַפּיאַ האָט זיך דאָס, אַפּנים, געגומען צום האַרצן. וואָרעם זי האָט זיך פּלוצלונג צעקוויטשעט:

— וואָס האָט איר זיך אויף מירביידע אָנגעזעצט? יענער דאָרטן — אויפן אויוון... דו — דאָ. פיר קעץ דאַרמאַיעדניקעס האָבן זיך אין שטוב אַרומגעטריבן און קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט. איצטער האָט זיךביידן פאַרגלוסט. קעץ גיב זיי! ביידן אויף איין מאָל. יענעם — די „טשערניאַווע", דעם — די „בעליאַווע"...**)

ווי אין אַ כישוף־ראָד האָט זיך וואַנקע דערפילט אין זיין פינצטערן ווינקל אויפן אויוון. זינט ער איז אַנטלאָפן פאַר דער „לעיביכאָן" דרייט זיך די ראָד און קיינער האָט קיין האַלט ניט מער. ניט ער, ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע. אַצינד האָט זיך נאָך אַריינגעמישט אַ קאַץ אויך. זי דראַפּעט אַלעמען און מען קען זי ניט כאַפּן. מען שטרעקט אויס אַ האַנט און מען פאַלט אום. אַזוי קען דאָס ווייטער ניט גיין. אָדער אַהער, אָדער אַהין. אויף דער ליעזשאַנקע קען ער מער ניט בלייבן...

צומאָרגן פרי איז עפּעס ווירקלעך געשען. די פאַרלאָרענע שוואַרצע קעצל האָט זיך אָפּגעזוכט. אויסגעמוטשעט, פון וויטיק אין זייט, און טויט־הונגעריק, ווי די „טשערניאַווע" איז געווען, איז זי געקומען צו־קריכן אויף אַלע פיר און געפאַלן צו האַפּיאַס פיס. זי האָט געגלויבט אין פעטן שטיקל פלייש וואָס די בייזע באַלעבאָסטע האָט איר באַוויזן פון

*) קעצל.

**) יענעם — די שוואַרצע, דעם — די ווייסע.

דער ווייטן... אָבער ווי נאָר זי האָט דאָס אָנגערירט מיט איין וואָנסעלע — האָט זי אַ פלינקע האַנט אָנגעכאַפּט פאַרן פעלצענעם קראַגעלע און אַריינגעוואָרפן אין אַ קאָרב.

דאָס וואָס האַפּיאַ האָט נעכטן געוואָלט אומברענגען איז היינט גע־וואָרן זייער וויכטיק. זי האָט אַפילו אַרויסגערופן אַפּאַנאַסן פון כאַטע ער זאָל אָנקוקן די מציאה אונטערן קאָרב־דעקעלע.

— האָסט דאָך געזאָגט, — מאַכט אַפּאַנאַס מיט אַ געזאָלצענעם שמייכעלע, אַז דו האָסט זי אומגעבראַכט? פון וואַנען האָט זי זיך מיט־אַמאָל גענומען?

— איך האָב אַ וואָרט אַזאַ! — האָט האַפּיאַ געמאַכט אַ פאַרסודעטע מינע.

— וואָראָזשי, וואָראָזשי! — מאַכט ער, — טריאָסצאַ טוואָיעי מאַטקי!

— דאָס הייסט: כישוף, כישוף! אין דיין מאַמען אַריין!...

דערפרייט פון אַזאַ לויב־וואָרט, האָט האַפּיאַ שטיל געבעטן:

— נאָר זע, אַפּאַנאַס, זאָג וואַנקען גאָרנישט. איך אַליין וועל די „קיצקע" אָפּפירן צו דער „לעיביכאַן" גלייך אין שטוב אַריין.

— פיר, פיר! — מאַכט אַפּאַנאַס און קראַצט פאַרטראַכטערהייט די פּאַטילניצע, — פיר, מכשפה! מיר האָסטו שוין אַמאָל אַזוי אָפּגעטאָן, איצטער — דיין זונדל.

אַ גאַנצן טאָג האָט וואַנקע דער מאַמעס קול אין כאַטע ניט געהערט. ער איז געווען געשפּאַנט, געפילט אַז עפּעס ווערט געטאָן פאַר אים. געוואַרט אויף אַ וואונדער.

פאַרנאַכט איז דאָס געקומען... די מאַמע האָט זיך אומגעקערט אַ פרישע און אַ פריילעכע, געבראַכט דעם חולה אַ פרעגנטל וויכן לעקעך מיט אַ מיאַטע־ריח און אַוועקגעזעצט זיך לעבן אים.

— נו, סינאָק, דיין „טשערניאָווענקע" איז גאַנץ!

— ס'איז אַן אמת? אַן אמת? וואו איז זי?

— אין כאַטע האָב איך זי מער ניט געקענט לאָזן. צופיל האָט זי דיך מיט די אייגעלעך געכישופט, געמוטשעט דיך. ביילקעס „דוך" איז אין איר אַריין.

— מאַטקאַ, וואָס האָסטו געטאָן מיט איר?

— צו דער לעיביכאַן „אונטערבאַרג" האָב איך זי אָפּגעפירט. דאָרטן וועט איר זיין בעסער. דאָרטן איז זי אויף אַן אָרט.

— אַוועקגעשענקט?

האַפּיאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן רויט אַרומגעבונדענעם קאָפּ:

— נאָר איידער אַוועקשענקען — אַ וואָרט אַזאַ אין איר אַריינגערעדט. זי וועט זיך איצטער פאַר דיר איינשטעלן.

— וואָס פאַר אַ וואָרט אַזאַ, מאַטקאַ? זאָג, זאָג!

— דאָס דאַרפסטו ניט וויסן... צוליב דיין געזונט האָב איך דאָס געטאָן און צוליב דיין טובה. ביילקע דיינע איז שוואַרץ און אונדזער „קיצקע" איז אויך שוואַרץ. דאָס וועט די שונאים דיינע טוישן. דאָס וועט אָפּציען דאָס האַרץ ביי די יידן, זיי זאָלן וואָס ווייניקער היטן זייער ביילקען. ששש!... מיט אונדזער „קיצקע" זאָלן זיי בעסער האָבן צו טאָן...

— נו, און איך?

האָפּיאָס אויגן האָבן זיך בלוי אָנגעצונדן:

— דו? זיי נאָר קיין שמאַטע ניט מער! קריך אַראָפּ און עס און טרינק. פאַרזוך דעם לעקעך וואָס איך האָב דיר געבראַכט ווי אויף אַ „קנס־מאָל"... — ד י י נ ע וועט זי זיין.

— מאַטקאַ! — האָט וואַנקע אַן אַנטציקטער אויפגעקוויטשעט און מער קיין וואָרט ניט געזאָגט.

פון יענעם טאָג אָן האָט וואַנקע אָנגעהויבן קומען צו זיך, אַראָפּ־קריכן פון אויוון, וואַשן זיך, עסן פאַר דרייען. אין פעלד צום טאַטן גענומען גיין, צום פּאָפּ — „הראַמאַטע" לערנען. וועגן דער „קיצקע" האָט מען מער אין כאַטע ניט גערעדט. אַ שטומער אָפּמאַך איז דאָס געווען צווישן טאַטע־מאַמע און געגעזעגנעם מיזיניק. נאָר איינער דעם אַנדערן האָט אַזוי אויך פאַרשטאַנען, אַז דער פויערישער כישוף אַרבעט ערגעץ־וואו פאַר זיי אַלעמען...

## זיבעצנטער קאַפּיטל

## גרשון ווילענסקי

### 1

נאָך די ימים־טובים, ווען ביילקע האָט זיך אומגעקערט פון „אונ־טערבאַרג" קיין מאַהילעוו, האָט זי געהאַט אַ געפיל, אַז זי וועט שוין מער אַהיים ניט פאָרן און וואָס צו פאַרלירן דאָרט האָט זי אויך ניט. וואָרעם מער פאַרדרוס און ווידערווילן ווי זי האָט דערזען אין די אויגן פון טאַטע־מאַמע, נאָכן כאַפּן זי אין וועלדל מיט וואַנקען, האָט זי זיך קיין מאָל ניט געקענט פאַרשטעלן. דאָס אַוועקשיקן זי, צום צווייטן מאָל, צו צילען, איר שוועסטער אויף קעסט, איז דאָס מאָל פאַרגעקומען ווי באַהאַלטן אַ חרפה: מיט פאַרשטיקטער ציין־קריצעריי, אין געהיימער איילעניש. ניט דערלאָזן אַפילו געזעגענען זיך מיט די נאָענטסטע שכנים. מען

האָט איר, פּשוט, אָן איבעריקן טריט ניט פאַרטרויט און, אפשר, אויך געשעמט זיך מיט איר, ווי מיט אַ האַלב־פאַרלוירענער... דער טאַטע האָט, דעם לעצטן טאָג פאַרן אָפּפאָרן, קיין וואָרט ניט גערעדט, נאָר די פאַרגרויטע באָרד האָט ביי אים געציטערט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג...
און די מאַמע האָט פאַרגעסן איר טרייע זאָק מיט די פיר שפּיזלען; געזעסן, ווי ערב ראש־השנה, איבער אַ תחינה און געוויינט.

טאַטע־מאַמע ווילן זי „ראַטעווען". דאָס איז קלאָר. אָבער צי זי אַליין וויל זיך לאָזן ראַטעווען? דאָס איז נאָך אַ פראַגע. מיט אַ טאָפּלטער קראַפט טרעט אָנצינד אויף, אין איר צעהיצטער פאַרשטעלונג, וואָנקעס געשטאַלט — געזען און געפילט, צום לעצטן מאָל, אויפן קילן גרונט פון די יאַדלעס אין וואַלד. די ברייטע לייוונטענע אַרבל מיט די אויסגענייטע מאַנזשעטלעך טרעטן אַרויס, פון דער פויערישער וואַרעמער וועסט, ווי ווייסע פליגלען. די שטראַמע פיס אין די נייע שטיוול, זיצן פעסט און זיינען אויסגעצויגן ווי צום שפּרונג. די קוטשמע צעפּאַטלטע האָר — ווי אַ קרוין פון באַגולדעטן לייַן. און די אויגן זיינע האָבן, אין דער גרויער טונקלקייט פון וואַלד, געברענט בלויער ווי ביי טאָג, פאַרסודעטער ווי אַלע מאָל געהיימניספול ווי דאָס גאַנצע באַגעגעניש וואָס זי האָט זיך מיט אים, צום לעצטן מאָל, באַגעגנט.

און ווי שטאַרק און זיכער ער האָט זי דאָס מאָל אַרומגענומען! עפּעס ווי זי וואָלט שוין געווען זיינע. די האַרטע אָרעמס אין די לייוונטענע אַרבל פילט זי נאָך אָנצינד אויף איר רוקן, אויף די היפטן אַראָפּ. און דאָס ברענט זי ווי אַ פייער. זי האָט זיך אַפילו ניט געשעמט נאָכצוזען אין שפּיגל, איידער לעגן זיך שלאָפן, צי עס זיינען דערפון ניט געבליבן קיין רויטע סימנים אויף איר לייב...

אַפילו דער פויערישער ריח זיינער — אַ געמיש פון צעפּאַרעטער ערד, פון שעפּסן־פעלץ און דזיעגאַכץ — שוועבט נאָך אַרום איר, ווען זי דערמאָנט זיך, גיט זיך אָפּ מיט דערוואַקסנקייט, בלאָזט אָן אירע נאָזלעכער, ווי אַ ווינט אין פעלד נאָך דער ענגשאָפּט אין די אָפּגעשלאָסענע יידישע שטובן. דאָרטן — ביי דער מאַמען, און דאָ — ביי דער שוועסטער...
און פון אַזאַ שטאַרקן אַרומנעמען איז זי אַוועקגעריסן געוואָרן אַזוי קינדעריש לייכט, אַזוי שרעקעוודיק, און איז צוריק אַריינגעפאַלן אין די שלאָבערדיקע אָרעמס פון דער מאַמען, וועלכע האָט זי אַוועקגעפירט אַהיים ווי אַ געפאַנגענע... פון דער וואַלד־לופט — אין שטוב אַריין, אין שטוב אַריין. האַלב־געחלשט ווי זי, ביילקע, איז געווען, האָט זי אַפילו ניט געזען וואָס מיט וואַנקען איז געוואָרן, וואוהין ער איז פּלוצלונג אַהינגעקומען. איין געשריי האָט ער נאָר געדאַרפט טאָן: „בעלקאַ!" און

זי וואָלט צוריק באַקומען איר כוח, וואָלט זיך אפשר אַרויסגעריסן פון דער מאַמעס הענט... אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן.

זי שרעקט זיך אַצינד, אַפּטמאָל, פאַר זיך אַליין, פאַר איר אייגענער בייזער בענקשאַפט: ווי קומט דאָס וואָס זי, אַ ציטערדיקע הייס־געליבטע מיזינקע, וואָס טאַטע־מאַמע און שוועסטער און ברודער האָבן זי, פון קינדווייז־אָן, געהאַלטן אין איין לאַשטשען און אין איין קיכלען ווי אַ בת־יחידקע, זי זאָל זיך, אין האַרצן, אַזוי דערפרעמדן פון אַלעמען, צאָלן זיי מיט פאַרדרוס אַנשטאָט ליבשאַפט? זי, וועלכע איז אויסגעהאָדעוועט גע־וואָרן אויף פּוכענע קישעלעך און קלאָרע ליילעכער, אויף פּוטער־פּלעצ־לעך און היגערשע יאַיכלעך—איר זאָלן געפעלן ווערן לייוונטענע פּויערי־שע הויזן און אַרבל, אַ וואַטאָווע וועסט, וואָס גויים קויפן אויפן יאַריד, געדזיעגאַכצטע שטיוול מיט ברייטע נעזער וואָס זייִנען געמאַכט ניט נאָך מאָס. ברויט מיט קוואַס זאָלן זיך, אין איר פאַרשטעלונג, אָפּרופן ווי עפּעס אַ מאכל־מלכים. און די דאָרפישע הראַמאָטע, וואָס אַ שגץ לערנט ביים פּאָפּ אין דאָרף — זאָלן ביי איר אַרויסרופן אַן אַנטציקונג, אַ גלוסטעניש, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרטרייבן, וואָס לאָזט ניט רואיק שלאָפן...

זי האָט ניט פאַרשטאַנען, ניט געקענט פאַרדייען; געגריזשעט זיך אַליין. דערנאָך האָט זי זיך דערמאָנט, אַז קליינערהייט, ווען זי איז נאָך ניט אַלט געווען קיין גאַנצע פיר יאָר, האָט זי געגעסן קאַלך פון די ווענט אין שטוב. אָפּגעבראָכן שטיקלעך און געגעסן. מען האָט זי דערפאַר גע־פּאַטשט איבער די הענטלעך. און אין דער מאַמעס און טאַטנס אויגן איז געווען אַן ענלעכער שרעק און פאַרדרוס, ווי איצטער, נאָכן כאַפּן זי אין וואַלד מיט וואַנקען... זי האָט דעמאָלט געבלאָזן אויף די אָנגעפּאַטשטע הענטלעך, כדי אָפּקילן זיי, און ביטער געוויינט. אויך דעמאָלט האָבן טאַטע־מאַמע ניט פאַרשטאַנען ווי נויטיק דאָס איז איר. זי האָט זיי דער־פאַר ניט געפאָלגט, ניט געקענט פאָלגן; אַרויסגעגנבעט זיך אין מיטן דער נאַכט פון בעטל, געקאַלופּעט קאַלך פון די ווענט און געגעסן. ניט געגעסן, נאָר געגנאַשט, ווי געגנבעטן צוקער... דאָס, וואָס ביי אַנדערע מיי־דעלעך און ביי אירע אייגענע עלטערן האָט אַרויסגערופן שפּלקייט — ביי איר גלוסטעניש, אַ טיפן, אין האַרצן־נאָגנדיקן הונגער, וואָס איז גאָר ניט צו פאַרגלייכן מיט הונגער נאָך ברויט; אַפילו דאָס קריצן אונטער די ציין און די לייכטע ביטערקייט פונעם קאַלך איז געווען געשמאַק. און אַט האָט זיך דערזעלבער הונגער ווידער אָפּגערופן צו וואַנקעס פּויערישן אַנטועכץ, צו זיין דאָרפישן ריח פון שאָפענעם פעלץ און כאָמעט... אַ סך שטאַרקער און שאַרפער, ווי אַמאָל, האָט זיך דער הונגער אָפּגערופן. אויף אַזוי פיל שטאַרקער, דאַכט זיך, אויף וויפיל יאָרן זי איז אַצינד עלטער...

דעמאָלט האָט דער טאַטע, סוף־כל־סוף, גערופן דעם דאָקטאָר פון

שקלאָוו. דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן עפּעס אַ מוטנע וואַסערל, געַ־הייסן עסן אַ סך קעז און גאָמלקעס, און דאָס ווילדע גלוסטעניש נאָך קאַלך איז אַוועק. אָבער וואו נעמט מען אַ דאָקטאָר וואָס זאָל איר געבן אַ רפואה צום איצטיקן הונגער? און ווער וועט זי היילן פון איר נייער צערודערט־קייט, פון איר בענקשאַפט נאָך צעאַקערטער ערד, נאָך פּויערישע מלבושים, זויערן ברויט־קוואַס? צילע, איר שוועסטער, אפשר? צילע אַליין איז שוואַך, זי איז אויף דער צייט, זי שלאָפט שפּעט, שטייט־אויף און לעגט זיך מיט אַ ווייבערשן קרעכץ... ניט־ווילנדיק דערזעט זי אויך אָפּטמאָל ווי נתן, איר שוואָגער, נעמט אַרום איר טראָגעדיקע שוועסטער אין אַ טונקעלן ווינקל, ווען ער גייט אַוועק פון דער היים און ווען ער קומט צוריק. ער גלעט זי ליבלעך און קושט זי. אָבער אַלץ אַזוי שוואַך אין צאַרט, ווי זי וואָלט געווען פון גלאָז. גראָד דאָס וועקט אין איר אויף דעם זעלבן שפּלדיקן געפיל ווי דער מאַמעס שלאָבערדיקע אָרעמס, וועלכע האָבן זי אַרומגענומען נאָכן כאַפּן זי מיט וואַנקען. אַזוי פלעגט זי זי כאַפּן אַמאָל מיט דעם קאַלך פון וואַנט, וואָס זי האָט געגעסן קליינערהייט און געמיינט, אַז קיין געשמאַקערע זאַך איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ...

2

די ערשטע צייט, נאָכן צוריקקערן זיך אין צילעס הויז, האָט זי דאָ גרשון ווילענסקין מער ניט געטראָפן, נאָר זיינע חברים, וועלכע האָבן איר ווייטער געגעבן אומזיסטע לעקציעס, האָבן איר דערציילט, אַז ווי־לענסקי איז מיד געווען פון די עקזאַמענעס, וועלכע ער האָט דאָ אויס־געצייכנט אויסגעהאַלטן. ער איז אַוועק אויף סוכות אַהיים צו זיינע עלטערן. האָט זי אים אין שקלאָוו ניט געטראָפן? ניט אויסגעקומען?... יאָ, אין נאָך יום־טוב האָט ער געוואָלט פּרוואוון אַנצוקומען אין אוניווערזיטעט אין ריגע, אָדער אין קיעוו.

אין האַרצן איז ביילקע געווען צופרידן וואָס ער איז דאָ ניטאָ. ער האָט איר צופיל דערמאָנט די היים, דעם „אונטערבאַרג״, די ענגע לופט אין טאַטנס שטוב. אויסער דעם האָט זיך איר שטענדיק געדוכט, אַז זיינע ערלעכע אויגן זעען צו גוט און זיינע אויערן פאַרנעמען צו שאַרף יעדע באַוועגונג וואָס זי מאַכט און יעדן וואָרט וואָס זי לאָזט אַרויס פון מויל. אין אַזאַ אינערלעכער צערודערונג וואָס זי לעבט איצטער איבער, איז גלייכער אַזאַ איינער זאָל זיין וואָס ווייטער. ער איז איר אַ ביסעלע צו קלוג און גלייכגילטיק צו איר איז ער אויך ניט...

אָבער גאָר אומגעריכט האָט זיך גרשון ווילענסקי צוריק באַוויזן אין מאָהילעוו. ער איז געווען אויסגעבלאַסט, ווי נאָך אַ קראַנקהייט, און די־

אויגן זיינע — פאַרצויגן, ווי מיט אַ רויכל. איינפאַך און באַשיידן, ווי זיין שטייגער איז, האָט ער אָפגעגעבן צילען אַ וויזיט. אַזוי האָט דאָס געהייסן: צילען... אַן אַלט־באַקאַנטער פון דער היים. און דערציילט האָט ער, אַז אַריינקומען אין אַ רוסישן אוניווערזיטעט, אַפילו אין דער פּראָווינץ, איז אַזוי גוט ווי ניט מעגלעך. מען לאָזט דורכפאַלן אַפילו אַזעלכע יידן, וועלכע האָבן „געענדיקט“ מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. פון זעלבסט־לערנער, אָדער „עקסטערנס“, ווי דאָס ווערט אָנגערופן — שוין אָפגערעדט. דאָס בעסטע פאַר אים וואָלט געווען פאָרן אין אויסלאַנד און דאָרטן שטודירן. נאָר זיין טאַטנס געשעפטן זיינען אַצינד „ניט־אַזעלכע“ ווי אַמאָל. האָט ער זיך פון אויסלאַנד אויך געמוזט אָפזאָגן און באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין וועטערינאַר־שול. טאַקע דאָ, אין מאָהילעוו.

דאָס האָט אַלעמען געוואונדערט. וועטערינאַר גאָר? היילן בהמות? אויב שוין אַ מאַך־טאָן מיט דער האַנט אויף אוניווערזיטעטן און דאָקטאָריע — פאַרוואָס ניט טאָן דאָס, וואָס יענקעלע — צילעס ברודער — האָט געטאָן? פאַרוואָס ניט אָנקומען אין דער „פעלדשערסקע“? *)

— אַך — מאַכט ווילענסקי מיט אַ טרויעריקן שמייכעלע — פעלדשער זיינען דאָ אָן מיר אויך גאַנץ גענוג. עמיצער דאַרף דאָך היילן בהמות אויך... אָן געזונטע שטוב־חיות זיינען קיין געזונטע מענטשן ניטאָ, קיין גוט־פאַרזייטע פעלדער, קיין גוטע מילך פאַר קינדער, קיין וואָל... ער האָט דאָס שוין גוט דורכגעטראַכט און מער קיין צייט ניט געוואָלט פאַרלירן. דאָ, אין דער וועטערינאַר־שול, האָט ער שוין אַלע פאַפירן אָנגעגעבן, איינגעצאָלט וואָס מען דאַרף און אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער שוין אָנטאָן די „פאָרמע“. ניט גרינגע לאַמפּאַסן מיט אַ גרינעם אָקאָלישעק, ווי די פעלדשער טראָגן, נאָר אָראַנזשעווע, געל־רויטע... ס'איז אַ ביסל ניט לויט זיין געשמאַק, נאָר ער וועט זיך מוזן געוואוינען.

— אַך — מאַכט צילע מיט אַ מידן זיפץ פון אַ טראָגעדיקער — אַבי איר האָט אַזוי געהאָרעוועט! אויף גאַנצע אַכט קלאַסן אָפגעגעבן עקזאַמען. זעקס וואָלטן דאָך אויך גענוג געווען...

— פאַרפאַלן — מאַכט ווילענסקי און כאַפּט אַ קוק אויף ביילקען — מער „קלאַסן“ איז דאָך קיין חסרון ניט... דערפאַר וועט מיר אפשר לייכטער זיין דאָס ווייטערדיקע. איך וועל גיכער ענדיקן. פון פאָרנט־אַריין פרייט מיך שוין, וואָס איך וועל, מיט מיין פאַך, זיין נענטער צום דאָרף ווי צום שטאָט, צו שטומע חיות ווי צו קוויטשענדיקע קינדער און אָכצנדיקע „באַבעס“, אַרום וועלכע פעלדשער זיינען פאַרנומען.

ביילקע האָט אים אויפמערקזאַמער אָנגעקוקט. פאַר דער קורצער צייט וואָס זי האָט ווילענסקין ניט געזען איז ער עפּעס אויסגעוואַקסן.

**) פעלדשער־שול ?

עלטער געוואָרן. די אויגן — אָפּענער. דאָס ריידן — זיכערער. מען וואָלט איר געקענט געבן צוואַנציק יאָר, אָנשטאָט זיינע אַכצן. אָבער געפילט האָט זי, אַז דאָס וואָס ער רעדט דאָ, כלומרשט איינפאַך און באַשיידן, איז אַ קאָפּעלע געמאַכט. דעם גאַנצן אמת זאָגט ער ניט אַרויס. ניט די ליב־שאַפט צום דאָרף און די שטוב־חיות אַליין האָט אים געבראַכט קיין מאָהי־לעוו, נאָר אַן אַנדער זאַך אויך... זי, ביילקע, איז דאָ אפשר אויך אַ ביסל שולדיק. זי ווייסט זייער גוט, אַז זי איז אים שטענדיק געפעלן געווען, ער האָט שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט צו זען זי אין דער היים — „אונ־טערבאַרג". ער האָט נאָר געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער באַזוכט יענקעלען, איר ברודער...

איר איז דערפון פריילעכער געוואָרן אויפן האַרצן. אָבער די שוואַכ־קייט, צו פאַרגלייכן מיט וואַנקען — איר מילך־ברודער, אַלע יונגעלייט, וואָס קומען איר נאָענט, איז אויך דאָס מאָל געווען שטאַרקער ווי איר פאַרבייגייענדיקע פרייד. און זי האָט ווילענסקין געוומען אָפּוועגן מיט איר לוגנדיקן קוק פון די שוואַרצע אויגן: זיינע מאָגערע אָרעמס, זיין סוטולן רוקן פון אַ מתמיד, די אָפּגעבלאָסטע באַקן, די שיטערלעכע האָר אָן אַ גלאַנץ... זי איז גלייך אַנטוישט געוואָרן ווען זי האָט דאָס פאַר־גליכן מיט יענעמס שטראַמע ליטקעס, וואָס פרייגען זיך אַזוי האַרט דורך די לייוונטענע הויזן; מיט יענעמס געוועלבטע ברוסט און פּלייצעס אונטער דער וואַטאָווער וועסט, מיט יענעמס אויסגעצייטן רוסישן קראַ־געלע אַרום דעם אָפּגעברענטן האַלדז.

די זיכערקייט אַז זי וועט קיין מאָל ניט קענען ליב האָבן אַזאַ שוואַכן בחורל, ווי גרשון ווילענסקי איז, האָט אין איר גלייך אַרויסגערופן אַ קע־צישן פאַרלאַנג אַ שפּיל צו טאָן זיך מיט אָט דער גרויער, געבילדעטער מויז, איידער אויפעסן זי... קילן זיך דאָס האַרץ אין זיינע יסורים. אדרבא, זאָל ער אויך ליידן, אַזוי ווי זי אַליין ליידט פון אירע קרובים, וואָס זיינען ענלעך צו אים... זאָל ער!

אַלע חנדעלעך און באַהאַלטענע שמד־שטיקלעך פון אַ פּריצייטיקער מיידל האָבן זיך אין איר אויפגעכאַפּט. מיט אַ באַזונדער פאַרקלעמט־קייט האָט זי קוים־קוים פאַרגלאָצט די שיינע אויגן און די ליפּן פאַרצויגן מיט אַ באַזונדער שמייכעלע. אַ פּאָר צווײדייטיקע ווערטער געלאָזן פאַלן. און באַלד דערזען, אַז דער קומענדיקער „בהמהשער דאָקטאָר" גייט אין פּאַסטקע. ווארעם נאָכן „אינטערעסאַנטן" געשפּרעך, וועגן דאָרף, ערד־אַרבעטער און שטוב־חיות, האָט ער פּלוצלונג, און אָן אַ געהעריקן אי־בערגאַנג, פאַרגעשלאָגן צו לערנען מיט איר אַלץ וואָס זיינע חברים לערנען מיט איר. נאָך אַ סך רעגלמעסיקער, טאָג־טעגלעך, און מיט אַ פּלאַן... פון זיין פאַרשלאָג האָט ער קיין סוד ניט געמאַכט, געזאָגט

דאָס אומישנע הויך אויפֿן קול, כדי צילע, איר שוועסטער און נתן, איר שוואָגער, זאָלן דאָס אויך הערן. איצטער, מאַכט ער, אַז ער האָט שוין אַלע עקזאַמענעס הינטער זיך און בלײַבט אַ מאַהילעווער — וועט דאָס אים ניט שוועמער זיין...

ביילקע האָט אַ קוק געטאָן אויף איר שוועסטער. יענע האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ; און ביילקע האָט דעם קאָפּ־שאָקל צוריק אָפּגעשפּיגלט מיט אַ זיסער מינע און מיט אַ דאַנק. און אדרבא, זי איז זייער צופֿרידן וואָס איר ברודערס אַ חבר ... פֿון דער היים...

מען האָט גרשון ווילענסקין ניט געלאָזן אַוועקגיין, איינגעלאַדן אים צום אָוונט־ברויט. צילע און נתן, איר מאַן, וועלכע האָבן פֿון אונטערבאַר־גער היים באַקומען ניט־פֿריילעכע ידיעות וועגן ביילקעס אויפֿפֿירונג, און אַנזאָגענישן באַקומען, מען זאָל פֿון איר אַן אויג ניט אַראָפּנעמען, זיי ביידע האָבן פֿרייער אָפּגעאָטעמט, ווען זיי האָבן נאָך וועטשערע דערזען, אַז ביילקע מיט איר קומענדיקן לערער און אַלטן באַקאַנטן פֿון דער היים גייען צוזאַמען אַרויס שפּאַצירן... אדרבא, און געזונטערהייט! אַזאַ אומ־זיסטן און ערלעכן שומר האָט זיי גאָט אַליין צוגעשיקט. און ווער ווייסט? מיט דער צייט קען דאָס נאָך ווערן אַ גלייכע זאַך. די באַזאָרגטע מאַמע פֿון „אונטערבאַרג" האָט שוין לאַנג פֿאַרוואָרפֿן אַ וואָרט וועגן דעם. זי זעט ווייטער ווי זיי אַלע...

3

מ׳קען ניט זאָגן, אַז ביילקע האָט פֿון איר שפּאַציר מיטן בלאָסן קאַוואַליר, געהאַט דעם זעלבן נחת־רוח ווי איר שוועסטער און שוואָ־גער. פֿאַרקערט, מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי האָט זיך שוין לאַנג אַזוי ניט גענודיעט ווי היינטיקן אָוונט; איבערהויפּט — אין אַנהויב... לאַנג האָט זיך דער שפּאַציר געצויגן. און זי האָט זיך איינגעהאַלטן ניט צו גענעצן. ווילענסקיס אויסגעצויגענער פּנים, וועלכער פֿלעגט אַ שימער־טאָן, פֿון צייט צו צייט, ביים שיין פֿון אַ לאַמטערנע, האָט אין איר יעדעס מאָל אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרלאַנג צו בעטן אים ער זאָל זי אָפּפֿירן אַהיים. וואָרעם זי איז מיד, שטאַרק מיד... זי האָט אָבער קיין האַרץ ניט געהאַט איבערצושלאָגן אים אין מיטן ריידן.

און גערעדט האָט ער אַצינד ליידנשאַפֿטלעכער ווי ביי צילען אין שטוב, און אַלץ — וועגן זיינע פּלענער צו באַזעצן זיך „נאָכן ענדיקן" אין אַ שטילן אָרט, וואָס נעענטער צום פּראָסטן פֿאָלק, לערנען די פּויערים ווי צו באַקומען מער מילך פֿון זייערע קי, מער פֿלייש פֿון זייערע קעלבער און מער וואָל פֿון זייערע שעפּסן... דאָ, אויף דער גאַס, האָט אים ביילקע מער געגלויבט ווי אין שטוב. און ווען ער האָט גענומען ריידן וועגן דעם,

אַז דאָס דאַרפֿישע לעבן געפֿעלט אים בעסער ווי דאָס שטאָטישע, אין לעבעדיקע געגנדן, וועלכע גייען זיך טובֿל־זיין אין סאַזשעלקע — בעסער ווי געשאָכטענע אויף חנוכּה, האָט זיך ביי איר, ניט ווילנדיק אַרויס־געריסן:

— איך אויך?

— וואָס הייסט „אויך"? — האָט ער זי פֿאַרוואונדערט באַטראַכט ביים שיין פֿון אַ לאָמטערנע — אייגנטלעך דאַרף איך דאָס פֿרעגן ביי אייך...

זי האָט זיך פֿאַרשעמט און וואָס גיכער אַוועק פֿון דער באַלייכטונג, באַהאַלטן איר רויט־געוואָרענעם פּנים אין שאָטן. ערשט נאָך דעם ווי זי האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט זי זיכערער אָפּגעענטפֿערט אויף דער פֿראַגע:

— איך אויך... איר ווייסט? שוין לאַנג איז דאָס געווען... באָבן שניידן קאָרן, צוזאַמען מיט די פּויערים אויפֿן פֿעלד, האָב איך זיך אַוועק־געזעצט עסן ברויט מיט קוואַס, אַזוי ווי אַלע אַנדערע שניטער. קיין מאָל האָב איך אַזאַ הנאה ניט געהאַט. קיין מאָל אַזאַ געשמאַק ניט געפֿילט אין אַ פּראָסטן עסן. איך האָב דערנאָך געפּרואווט דאָס זעלבע ביים טאָטן אין דער היים און געוואָרגן זיך, מיטן זעלבן עסן. ניט דער זעלבער טעם, ניט דער זעלבער ריח.

גרשון ווילענסקי האָט זי אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט און אַ לאַנג־געגעבן און, ווי ביילקען האָט זיך אויסגעדוכט, צווײדײטיק:

— איר האָט אַוודאי אַ ביסל גוישקייט אין האַרצן. מיר דאַכט, איר האָט געהאַט אַ גוישע אַם... אפֿשר דערפֿאַר. פֿרומע יידן האָבן אויך געפּרואווט דאָס זעלבע וואָס איר. זיי האָבן געפּרואווט פֿאַררוקן טשאָלנט אין מיטן וואָך, האָט דאָס אויך ניט געהאַט דעם זעלבן ריח, וואָס שבת, ניט דעם זעלבן טעם. דער עיקר האָט געפֿעלט...

ביילקע האָט פֿאַרביסן אַ ליפּ און געשוויגן. אַצינד איז זי געווען זיכער, אַז וועגן איר „גוישקייט אין האַרצן" איז דאָ געזאָגט געוואָרן מיט אַ באַהאַלטענעם מיין. מסתּמא איז צו אים דערגאַנגען דאָס וואָס טאַטע־מאַמע ווייסן, וואָס צילע, איר שוועסטער, ווייסט. אָבער אין גרונט איז דאָס איר אַלץ איינס. איינער מער, איינער ווייניקער.

ניט אַנדערש — איר פֿאַרדאַכט האָט זיך ווילענסקין איבערגעגעבן. ווארעם ער האָט זיך אָפּגעהוסט אַ ביסל פֿאַרלעגן. געמאַכט „המ... המ..." און אָנגעהויבן ווי פֿון אַן איבערגעריסענעם מיטן:

— און אפֿשר ליגט אין דעם אַ געוויסער צו־להכעיס. ווען מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אַלע וועגן צו דער גוישער הויך־בילדונג זיינען מיר פֿאַרצוימט, אַז מען וויל מיך אויסוואַרצלען, גראָד דעמאָלט האָט זיך מיר

פאַרגלוסט שלאָגן וואַרצלען, איינבייסן זיך אין דער ערד, אויף וועלכער איך בין געבוירן געוואָרן. נאָר גלייכער וואָלט געווען ווען איך קען דאָס זעלבע טאָן צווישן אייגענע. וואָס ווייטער, וואָס ווייטער פון דער גוייש־קייט...

— אַ! — כאַפּט זיך אָןביילקע מיט אַ שוואַך־באַהאַלטענעם שפּאָט — און ערשט, דאַכט מיר, האָט איר געזאָגט, אַז אירווילט זיין וואָס נענטער צו די פּויערים, צו זייער ערד, צו זייערע בהמות...

— יאָ — מאַכט ער — ס'איז ריכטיק. אָבער נאָר כּדי איינצולעבן זיך מיט זיי, געוואוינען זיך צו זייער לופט און שטייגער. דערנאָך וועט מיר ניט שווער זיין צווישן פּונקט אַזעלכע יידן.

— און וואו וועט איר זיי נעמען „אַזעלכע" יידן?

— פאַראַן אַזעלכע אויך... אין כערסאָנער גובערניע זיינען זיי דאָ. פון באָבראָווי־קוט האָט איר געהערט? יידישע פּויערים וואוינען דאָרטן. פּרוגס לידער אין רוסיש האָט איר אַמאָל געלייענט? ער שטאַמט פון דאָרטן. אין אַרגענטינע זיינען דאָ אַ סך יידישע קאָלאָניעס. אין ארץ־ישראל...

— אין ארץ־ישראל אויך? און איך האָב געמיינט, אַז ס'איז נאָר אין סידור מיט עברי־טייטש...

— ניין. ניט נאָר אין סידור.

זי האָט אַ גענעץ געטאָן און דער גענעץ איז איר שטיין געבליבן אין האַלדז... ניט דערפאַר ווייל זי האָט זיך פאַרשעמט, מיט איר אומהעפלעכ־קייט, פאַר איר באַריידעוודיקן קאַוואַליר, נאָר ווייל פון דער נאַכט אַרויס האָט זיך, אויף זיי ביידן, אָנגערוקט אַ פינף־קעפּיקע כמאַרע.

דאָס איז געווען דער עלטסטער און גרעסטער קלויסטער אין מאָ־הילעוו. ביים שוואַכן שיין פון די שיטערע לאַמטערנעס האָבן אויבן, אויף די ציבעלע־קעפּ, געשימערט פּראַוואָסלאַווונע צלמים. יעדער צלם מיט איין גראָדער און איין קרומער איבערקרייצונג...

ביילקע איז שטיין געבליבן אַ פאַרלעגענע. עפּעס ווי זי וואָלט דער־פילט אַ שטרויכלעניש אונטער די פיס. איין ניט פאַרזיכטיקער טראָט — און זי פאַלט אַנידער... ניט־ווילנדיק האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן ווילענסקיס אָרעם.

— וואָס איז? — איז ער אויך שטיין געבליבן.

— איר ווייסט? — מאַכט ביילקע מיט אַן איבערגעטריבענעם קול — איך וואָלט אייך עפּעס געוואָלט בעטן...

— אדרבא.

— נאָר עס בלייבט צווישן אונדז...

— אָפּגעמאַכט.

— איך האָב קיין מאָל ניט געזען ווי זיי דאַווענען. די... די פּראַוואָס־

לאַוונע מיין איך. האַפּיאַ, מיין אַם, האָט מיך אַ סך מאָל געוואָלט פירן אַ זונטאָג, באַווייזן מיר. אָבער מיין מאַמע האָט ניט געלאָזן. אַ שטרענגע מאַמע האָב איך. איר ווייסט אַוודאי...

— איך ווייס — האָט ווילענסקי קורץ באַשטעטיקט.

אָבער ביילקען האָט זיך ווידער אויסגעדוכט, אַז ווילענסקי האָט עפּעס אַ באַזונדער קוועטש געגעבן אויפן „איך ווייס". אפשר ווייסט ער עפּעס מער ווי דאָס, אַז שיינע־שרה איז אַ שטרענגע יידענע? מילא, זאָל ער וויסן!

— וועט איר מיט מיר צוגיין אַ קוק־טאָן? נאָר איין מאָל. אַ פּאָר מינוטן...

— גוט, — מאַכט ער נאָך אַ רגעלע קלערן, — קיין גרויסער באַ־זוכער פון קלויסטערס בין איך ניט. עפּעס איין מאָל נאָר, אין אַ חגא־טאָג ביי זיי, בין איך אַריין מיט אַ חבר. באַלד איז צו אונדז צוגעקראָכן אַן אַלטיטשקע גויע אַן ציין און כיטרע אַ זשוואַקע געגעבן: „פּאַרוואָס, קינ־דערלעך טייערינקע, צלמט איר זיך ניט?..." דער מאַמעס מוטערס מילך איז אונדז־ביידן אַיינגעפאַלן... נאָר צוליב איך, ביילינקע, וועל איך גיין נאָך אַמאָל...

צום ערשטן מאָל פאַר היינטיקן אָוונט האָט ער זי אַזוי הײמיש אָנ־גערופן „ביילינקע". און צום ערשטן מאָל פאַר היינטיקן אָוונט האָט זי אים וואַרעם אָנגעכאַפּט פאַרן האַנט און באַדאַנקט. ביי דעם אומ־רואיקן שיין פון אַ לאַמטערנע האָט ער איר אַריינגעקוקט אין די שוואַר־צע אויגן. אויך זיי זייַנען געווען אומרואיק... איר באַרירונג איז אים געווען טייער. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי דאַנקט דאָ אים אַזוי. זאָל דאָס זיין וויבערישע נייגעריקייט? אַזוי יונג נאָך און שוין אַזוי שטאַרק נייגעריק?... אַפּנים, אַז ס'איז אַזוי.

## אַכצנטער קאַפּיטל

# דער קלויסטער

1

זיין צדזאָג האָט גרשון ווילענסקי געהאַלטן, און זונטאָג פרי איז ער געקומען צו ביילקען, כדי פירן זי זען ווי גויים „דאַוונען"... פאַר צײ־לען, איר שוועסטער און פאַר נתנען, איר שוואָגער, האָט עס געהייסן, אַז דער יונגער לערער, מיט זיין נאָך יינגערער שילערין, גייען כאַפּן אַ

שפּאַציר. זיינען זיי ווידער אַמאָל געווען צופרידן וואָס דער נייער שומר פאַרשפּאָרט זיי אַזאַ טרחה. ניט קיין לייכטע זאַך צו היטן אַזאַ פייער ווי ביילקע איז...

פאַר די פּאָר טעג וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, האָט ווילענסקי באַוויזן אָנצוטאָן זיין נייע „פאָרמע״ פון דער וועטערינאַר־שול, מיט ציגל־רויטע קאַנטן און לאַצן און מיט פונקט אַזאַ אָקאָלישעק. ביי ביילקען האָט דאָס אַרויסגערופן אַן אָפּלאַכערישן שמייכעלע. אַ בהמהשע „פאָרמע״, האָט זי זיך געטראַכט, רויט ווי דער באַק פון דער אונטערבאַרגער סטאַדע...

דרויסן איז געשטאַנען אַ שיינער טאָג. איינער פון די ערשטע פרעסטלעך האָט פריילעך געקנאַקט אונטער די פיס צעטרעטנצלטע שייבעלעך אייז, צעקייקלט מאַט־ווייסע סאַמעטלעך אויף די דעכער און אָנגעהאָנגען זילבערנע שטערנדלעך אויף אייזנס... ביי ביילקען האָבן זיך די ברוינלעכע באַקן גלייך צעבליט, און ביי ווילענסקין זיינען זיי נאָך בלאַסער געוואָרן. בלויז דער נאָז האָט זיך ביי אים פאַררויטלט...

דער אַלטער קלויסטער, מיט זיין אָפּגעפאַלענער טינקע דרויסן און מיט די ווייס־געוועלבטע בויגנס און זיילן אינעווייניק, איז שוין געווען פול. אין דעם מאָמענט וואָס דער יונגער וועטערינאַר און זיין שילערין זיינען אַריין, איז קליין און גרויס געשטאַנען אויף די קני; און ביילקע האָט זיך גלייך דערפילט ווי אָפּגעשניטן פון יידישן מאָהילעוו. אַן אַנדער וועלט מיט אַנדערע מענטשן...

כדי ניט צו וואַרפן זיך קיינעם אין די אויגן, מיט דער ניט־קריסטלעכער נייגעריקייט, האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעזוכט אַ טונקעלן ווינקעלע, און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט.

גרשון ווילענסקי איז געשטאַנען רואיק, און אין זיינע אָפענע קאַרע אויגן האָט געטליעט אַ שפּאָטישער פונקעלע. אַזוי, ווייניקסטנס, האָט זיך ביילקען געדוכט.

— דאָס כראַברעט ער זיך נאָר אַזוי, האָט זי זיך געטראַכט, כדי ניט אַרויסצווייזן זיין באַוואונדערונג...

זי אַליין איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע. דער ערשטער איינדרוק האָט זי דערשיטערט. אַ שטומער שטורעם פון זען און הערן איז דאָס געווען. אַלץ האָט זיך דאָ אויסגעמישט און אָנגענומען משונהדיקע מאָסן: פרומקייט און פאַרבן, ריחות און טענער, פראָסט־פאַלק און בעסערער עולם, ווייבער און מאַנסבילן. אַלע מאַנסבילן מיט אָפּגעדעקטע קעפּ: רוסע און בלאָנדע קוטשמעס האָבן זיך אויסגעמישט מיט פאַרביקע און שוואַרצע קאָפּטיכלעך. אויף זייער „אָרון קודש״, אין גרונט פון קלויסטער, צי אויף זייער „בימה״, להבדיל, זיינען האָפערדיק געשטאַנען און געפּרעפּלט

דריי גלחים. אַלע אויסגעפּוצט אין ברייטע געהאַפּטענע בראָקאַטן, מיט בלישטשענדיקע גרויסע צלמים — אַריינגעאַרבעט אין געוועב. אין די ווינקלען — באַצירטע שטיין־בילדער און אויף די זיילן, אָנגעהאַנגענע איקאָנעס מיט פינטלדיקע פייערלעך: רויטע, בלויע, גרינע... אויף דער גרונט־וואַנט אַ גרויס בילד פון דער הייליקער מוטער מיט איר זון, ביידנס קעפּ אין לויכטנדיקע אויסגעמאָלטע לבנות. צום דאָזיקן בילד זיינען דאָס געווענדט די פּעטע באַבערדלטע פּנימער פון די גלחים. נאָר אָפּטמאָל, אין מיטן פּרעפלען, קערן זיי זיך אויס מיט די פּנימער צום עולם. דעמאָלט צעשאָקלען זיך די לאַנגע זילבערנע „קאַדילאָס״ *) אין זייערע הענט און די גאָלדענע אָנגעהאַנגענע צלמים אויף זייערע דיקע העלדזער. זיי בוקן זיך צו די דאַוונער און בענטשן זיי זאַלבעדריט „האָס־פּאָדי־פּאָמילוי! האָספּאָדי־פּאָמילוי...״ און צום טאָקט פון דער ברכה שאָקלען זיך זייערע פייערפּאַנעך. דאָס זילבער בליאַסקעט, דער ריח פון גוויישן ווייַרויך זעצט, צעשפּרייט זיך, שטיקט מיט זיין פייערלעכער פרעמדקייט, באַטויבט... ווי קען מען דאָס אַלץ אויסהאַלטן? עס דריקט ווי אַ משא אויפן קאַרק, עס שוואַכט אָפּ די פיס. קניען זיי זיך דערפאַר אַלע, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, און רוען זיך אויס. אַזוי איז בעסער. אַ סך בעסער... אויך ביי איר, ביי ביילקען, אין איר דערשיטערונג, האָבן זיך די קני געבומען בויגן, דער קאָפּ — שווינדלען. נאָך איין רגעלע און זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. נאָר ווילענסקיס רואיקער קוק האָט זי אָפּגעהאַלטן...

מיטאַמאָל איז פון ערגעץ־וואו אַראָפּגעפאַלן אַ געפּלאָכטענער געקלענגל. עפּעס ווי קינדער, מיט מעטאַלענע קולות, וואָלטן גענומען אַריבערזינגען איינער דעם צווייטן: גלין־גלון־גלין און גלאָן־גלאָן־גלאָן... און פּלוצלונג זיינען די געמויערטע געוועלבן און זיילן דערציטערט געוואָרן פון אַ גרויסן באַסאָווען גלאָק, וואָס איז אַריינגעפאַלן ווי אַ לייב צווישן די פּלאַפּלענדיקע קינדער: ב..בום! און נאָך אַמאָל: בום־בום! דער דאָזיקער ברום האָט דורכגענומען די דיקע ווענט, ווי אַן אָפּגעריסענע הרעבליע געשטראָמט פון די געוועלבטע מיטל־זיילן. די טונקעלע איקאָנעס האָבן אויפגעריסן די שמאָלע מאַנדל־אויגן, די געלע ליפּן פון די הייליקע אויף די בילדער האָבן זיך, דאַכט זיך, צעשעפּטשעט. און נאָך אַמאָל „בום״, מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע פון גלעקער און גלעקלעך, נאָך שטאַרקער און נאָך האַסטיקער. די קניענדיקע דאַוונער האָבן זיך אויפגעהויבן. די אָפּגעדעקטע קוטשמעס האָר און פרומע קאָפּ־טיכלעך האָבן, דאַכט זיך, אויפגעשווידערט, צעזשומעט זיך אין אַן איינטאָניקן פּרעפלען.

*) רויכער־פאַנען אויף לאַנגע קייטעלעך.

די געמויערטע בויגנס איבער זיי שאָקלען זיך. אָט־אָט פאַלן זיי איין, צעגיסן זיך אין גלאָקיקע כוואַליעס און אין דאַמפּנדיקן רויך פון פייער־פאַנען...

ביילקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרצן, אין די אויגן האָבן איר גענומען גיין רעדער... גרשון ווילענסקיס רואיקער קוק האָט זיך אָנגעשפּיצט, זיין נאָז־וואָרצל האָט זיך אָנגעקנייטשט:

— ביילינקע וואָס איז מיט אייך?

אַ טיפע וואָרעמקייט האָט זי דערפילט אין דער דאָזיקער ווענדונג. אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי, פונדעסטוועגן, אַזאַ פלוצלעכע פאַמיליאַריש־קייט ניט דערלויבט. אָבער אין דעם מאָמענט איז איר האַרץ געווען אַזוי אָפּגעחלשט פון די שטורעמדיקע איינדרוקן, אַז זי האָט דאָס אָנגענומען מיט אמתן דאַנק, אָנגעכאַפּט זיך ווי אָן אַ רעטונג. אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין אָנגעשפּאַרט זיך אויף זיין אָרעם, מיט אָפּגעשמאַרבענע ליפּן געבעטן:

— פירט מיך אַרויס פון דאַנען. איך קען ניט מער...

ער האָט ניט געוואַרט ביז זי וועט דאָס איבערחזרן, אָנגענומען זי פאַר דער קאַלט־געוואָרענער האַנט און, האַלטנדיק זיך אין שאָטן פון וואַנט, לייכט געצויגן זי נאָך זיך. נאָר איר האָט זיך געדוכט, אַז ער שלעפּט זי פון אַ פעך אַרויס, פון אַ פינצטערן כישוף, וואוהין זי איז אַריינגעפאַלן. די פיס־אָדערן שמערצן פון אַזאַ שלעפּן זי...

דרויסן אויף דער פּראַסטיקער לופט, איז דער כישוף אַוועק און דער דרוק אין האַרצן איז לייכטער געוואָרן. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָט זי קוים־קוים פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און טיף אָפּגעאָטעמט. ווילענסקי האָט איבערגעחזרט זיין פראַגע, דאָס מאָל קירצער און טרוקענער:

— וואָס איז מיט אייך?

זי האָט אָפּגעזיפצט און אַליין געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— געהערט די קלינגעניש? די... די קליינע גלעקלעך און דעם גרויסן... דעם גרויסן...

— נו, איז וואָס? — מאַכט ווילענסקי, און דער אָפּלאַכערישער פייערל צעשפּילט זיך ביי אים ווידער אין די אויגן.

און אָנשטאָט פאַנאַנדערפרעגן זי וואָס עס האָט צו טאָן מיט איר שרעק, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט נאָכמאַכן, ווי ייִנגלעך שקצים מאַכן נאָך, די קלויסטערישע גלאָקן:

— אַ קרענקל, אַ קרענקל, דעם גלח, דעם גלח, אין בויך. אין בוי־יך!

דעם „קרענקל" האָט ער אויסגעפּאַנפּעט מיטן קוויטשעדיקן קולכל פון די גאָר־קליינע גלעקלעך. דעם „גלח" — מיטן טאָן פון די מיטעלע

גלעקער, און דעם „בויך" — אַ באַסאָוון טראָסק: „אין בויך, אין בויך!..."

די דאָזיקע פּראָפּאַגאַציע, וואָס איז געווען אויסגעזונגען מיט אַ שטיפערישער לייכטקייט, האָט ביילקען נאָך מער באַפרייט פונעם שווערן, מיט גויישן ווייוועריך רויכערנדיקן צויבער. אירע צעשראָקענע אויגן האָבן זיך פאַרזשמורעט, ווי ביי אַ קאַץ אויף דער זון; און אַ שמייכעלע האָט זיך צעשלענגלט אויף אירע פולע ליפּן.

ווילענסקי האָט דאָס דערכאַפּט מיטן אויג און מונטערער אָוועקגעפירט זי פון קלויסטער־פּלאַץ. און וואָס ווייטער — אַלץ גיכער. געזוכט דערביי ווערטער, כדי צו צעשטרייען זי אין גאַנצן.

— אין פּוילישן קלויסטער — מאַכט ער — קלינגט מען אַ ביסל אַנדערש ווי אין רוסישן. דאָרטן מאַכט מען דאָס גיכער און אומעטיקער: קלינגגע־קלינגגע גלון־גלון... געסמאַליעט זאָל ער ווערן. געניזקט זאָל ער ווערן...

— ווער? — גיט ביילקע נאַאיוו אַ פרעג.

— ער... וואָס איז די נפקא מינה? אונדז האָט מען אויך געסמאַליעט און געניזקט. נישקשה...

און מיטאַמאָל, אין מיטן שטיפן, האָבן זיך ביי אים די קאָרע אויגן אָנגעצונדן מיט אַ פאַרטאַיעטן כעס:

— געזען, ביילינקע, ווי ביי זיי איז אַלץ אויסגעמישט? רעשטלעך פון געצנדינעריי מיט דער דריי־אייניקייט, גלאָקן־געקלאַנג מיט פרומע תפילות, ווייראויך מיט אונדזער „אָמן", פון וועלכן ס'איז געוואָרן „אָמען". און דער עיקר איז: קיינער פון זיי קען זיך ניט פאַרשטעלן גאָט אָן אַ בילד. זיי מוזן אים פאַרגלייכן מיט אַ מענטשן. הענט, פיס, אַ קאָפּ... און פילן אַפילו ניט ווי דאָס מאַכט אים קליין. ביי אונדז זיינען אַלע געשטאַלטן פאַרבאָטן. און כדי צו געדענקען דאָס, שרייט מען „שמע ישראל" צוויי מאָל ביים דאַווענען און פאַרן שלאָפן גיין. פרומע יידן חזרן דאָס נאָך איין אין די דרייצן „עיקרים", וואָס זיי זאָגן אין דער פרי: „אין לו גוף"... דער יידישער גאָט האָט ניט קיין לייב, האָט ניט קיין געשטאַלט פון אַ לייב. און די וואָס האָבן אַ לייב, קענען אים ניט דערגרייכן... די אַלע מיטלען, כדי זיך פאַרשטעלן גאָט, זיינען אונדזערע טאַטעס און זיידעס ניט נויטיק. זיי קומען אויס אָן דעם. און מען קען ניט זאָגן, אַז דערפאַר זיינען זיי וויניקער פרום ווי די, וועלכע זיינען אַרומגעהאַנגען מיט אי־קאָנעס און בילדער פון כלערליי הייליקע. אַ ייד שעמט זיך ניט דאַווענען אין אַ געפּאַקטן פאַראַכאַד, אין אַ וואַגאָן. וויקלט זיך אַרום מיט רצועות און מיטן געפּאַסקעטן טליתל און שאָקלט זיך. לאַכט אָפּ אין האַרצן פון אַלע זיינע אָפּלאַכער... מיר האָט מען אַפילו דערציילט, אַז עפּעס אַ פריצטע

האָט זיך אין פּאַיעזד דערשראָקן פאַר אַזאַ יידיש אַנטועכץ און שאָקלע־ניש. האָט זי אַ צי געגעבן דעם סיגנאַל און אָפּגעשטעלט דעם פּאַיעזד. אַ פּראָטאָקאָל האָט מען געמוזט מאַכן...

2

אַזוי רעדן, ווי מיט אַ דערוואַקסענער מיידל פון זיין גלייכן, האָט מיט איר גרשון ווילענסקי קיין מאָל ניט גערעדט, זינט זי קען אים. און גע־פילט האָט זי, אַז ער וואָרט — זי זאָל אים אָפּענטפערן, געבן כאַטש אַ וואונק, אַז זי ווייסט ווי העכער און געבילדעטער ער איז פאַר איר. אָבער זיינע הייסע ווערטער האָבן זי געלאָזן אַזוי גוט ווי קאַלט. אין איר באַ־טויבטער פאַרשטעלונג האָבן נאָך געבליט די פאַרביקע איקאָנעס און געפינטלט מיט די אָנגעצונדענע לעמפּלעך. זיי זיינען איר דערשינען מענטשלעכער ווי אַ גאָט אָן אַ געשטאַלט. זיי האָבן פאַרמיטלט צווישן מענטשן און דעם, וועלכער זיצט אויבן און שטורעמט אַראָפּ מיט לאַכנדיקע און ברומענדיקע גלאָקן איבער די אַנטבלויזטע קעפּ פון די דאַוונער... דאָס אַלץ האָט זיך איר אַצינד קלאָר פאַרגעשטעלט, און זי האָט מער קיין שמייכל נישט געגעבן צו איר באַגלייטער, וועלכער קריכט, דאַכט זיך, פון דער הויט כדי צו באַלערנען זי...

איר שווייגן האָט, דאַכט זיך, צערייצט זיין התלהבות, זיין ווילן צו אַנטפּלעקן זיך פאַר איר אין גאַנצן; זי זאָל וויסן ווער ער איז און מיט וועלכע געדאַנקען ער טראָגט זיך אַרום. דערביי האָט ער ווידער פאַר־געסן, אומישנע צי אומגערן, אַז זי איז ניט זיין קרובה, און האָט גערעדט צו איר ווי צו אַן אייגענער:

— האָט איר אפשר באַמערקט, ביילינקע, אַז דער קלויסטער האָט צוזאַמענגעגנומען, „אונטער די פליגלען פון דער אמונה" אַזוי צו זאָגן, אַלץ וואָס האָט זיך נאָר געלאָזן: געזאַנג, מאָלעריי, ווייררויך, גלאָקן, בראָקאַטן. אַלע מיטלען צו פאַרטומלען און פאַרבלענדן דעם פּראָסטן מענטשן, פאַר־רויכערן אים דעם גראָבן קאָפּ. אין אַ געוויסן זין זיינען דאָס רעשטלעך פון יענער געצנדינעריי, וועלכע איך האָב אייך פריער דערמאָנט. פאַראַן, נאָך אין אינדיען, ביז צו היינטיקן טאָג, אַזעלכע טעמפּלען וואו מען גיט די פרומע דאַוונער האַשיש — אַ גיפטיקן איינגעמאַכץ אַזאַ, כדי זיי זאָלן שיכור־ווערן און באַקומען ווילדע התפּעלות... ביי אונדז דאַרף מען דאָס ניט. כדי אַ חסיד זאָל אַריין אין התפּעלות איז גענוג ער זאָל זיך דער־מאָנען אָן דעם אויבערשטן, ער זאָל אַ שמעק־טאָן טאַבאַק, ער זאָל הערן אַ הייליקן וואָרט פון זיין רבינס ליפּן, און שוין איז ער גרייט צו טאַנצן. צו קלאַפּן מיט די פויסטן אין וואַנט פון בית־מדרש, צו פאַרגעסן אויף

אַלע צרות... איך וואָלט געוואָלט, ביילינקע, אַריינפירן איך אַמאָל אין אַ חסידישן קלויז, איר זאָלט מיט די אייגענע אויגן זען, ווי־אַזוי יידן ווערן נתפעל פון זייער גאָט וואָס „האָט ניט קיין קיין גוף, קיין געשטאַלט פון אַ גוף, און די וועלכע האָבן אַ גוף קענען אים ניט דערגרייכן...״ שאַ, אָט גייען מיר באַלד פאַרביי דעם אַלטן קלויז פון די „קאַרלינער״, אַזוי הייסט ער... אפשר וועלן מיר אַריינקוקן?

— ניין, ניין, ניין! — האָט זיך ביילקע דערשראָקן.

— פאַרוואָס „ניין״, ביילינקע? עס וואָלט זיך געלוינט. איך וועל בלייבן אונטן מיט די מאַנסבילן. איר וועט אַ ווײַלע אַרויפגיין אויבן, אין ווייבער־שול. איר וועט אַרויסקוקן פון די גראַטעס. איר וועט מיך זען...

— ניין, ניין, ניין! — האָט ביילקע ווידער אָפּגעקלאַפּט. — אפשר אַן אַנדערש מאָל...

— נו, איז גוט, ביילינקע... — האָט ווילענסקי גלייך צוגעשטימט.

— זאָל זיין אַן אַנדערש מאָל; איך האָב נאָר געוואָלט איר אַליין זאָלט פאַרגלייכן. באַלד נאָך דעם פייערלעכן קלויסטער וואָלט דער פאַרגלייך געווען פרישער. זעט! אָט איז ער, דער אַלטער קאַרלינער בית־מדרשל. איר זעט אַן איינגאַנגעלע? אַ טרעפּעלע? דער האַלבער מילשטיין ליגט דאָ איינגעגראָבן אַלס אַן אונטערשטע שטאַפּל, און אַלס אַ סגולה אויך...

— קומט, קומט! — האָט זי אים שרעקעוודיק אַוועקגעצויגן. נישט אָפּגעשטעלט זיך אַפילו.

— און איך, — מאַכט ער און לאָזט זיך אַוועקשלעפּן, — איך קוק דאָ אָפּטמאָל אַריין, ווען איך האָב צייט. און ניט דערפאַר ווייל איך בין אַ חסידס אַ זון, אָדער ווייל מיר געפעלט דאָ אויסערלעך... וועגן דעם איז אָפּגערעדט. איך וואונדער זיך נאָר און באַוואונדער: פון וואַנען פרומע יידן ציען דאָ זייער עקשנות, זייער קראַפט, זייער טיפן גלויבן... די נאַקעטע, שלעכט געקאַלעכטע ווענט, די פאַרשטויבטע בימהלע, די צוויי קליינע נאַפט־לעמפּעלעך אויפן עמוד — איינער אַ רויטער דער צווייטער אַ גרינער. אין אַ ווינקעלע — אַן אַלמערל מיט צעפליקטע ספרימלעך. אויפן טיש — אַ גרויסע טאַבאַקערקע, פון וואַנען אַלע שלעפּן שמעק־טאַבאַק און קוויקן זיך. אַרום בימה דרייען זיך אַרום אַנדערהאַלבן מניינים יידעלעך אין אָפּגעבליאַקעוועטע טליתים. דער חזנדל קרייעט ביים עמוד, און דער קאַרעהאָד, אַרום בימה, גייט זיך מיט זיין גאַנג. יעדער דאַוונט פאַר זיך, איז פאַרטיפט אין זיין תפילה, טאַפּט אַן די תפילין און קושט די שפּיצן פינגער. און פונדעסטוועגן איז דאָס פאַר מיר שענער ווי אַלץ וואָס מירביידע האָבן אָקערשט געזען אין דערהויבענעם גויישן קלויסטער...

— שענער זאָגט איר?

— איך מיין דאָס ניט אין פראָסטן זין. פאַראַן דאָ אין מאָהילעוו אַ סך שענערע יידישע בתי־מדרשים. אַלטע און נייע. נאָר אין דער קאַרלינער קלויז זע איך אַלע מאָל ווי עס חזרט זיך איבער דער נס פון אַרויסשלאָגן וואַסער פון אַ שטיין. איר ווייסט דאָך, ביילינקע, משה רבנו האָט אַזאַ נס באַוויזן אין מדבר... ציען גלויבן און בטחון פון אָט דער פייערלעכקייט, אין גרויסן קלויסטער, איז קיין חידוש ניט. אַלץ איז דאָרטן אויסגערעכנט אויפן איינדרוק. מאָלערייען, געזאַנג, קלינגערייען און רויכער־ווערק לויפן וועט־געלויף... אַלע מענטשן זיינען דאָך אַ ביסעלע קינדיש. ווייבער און פּאָלקס־מענטשן זיינען לייכט־גלויביק. די באַזאָרגער פון דער פרעמדער אמונה, וועלכע איז דאָ ביי זיך אין דער היים, ווייסט דאָס זייער גוט. זי מאַרשירט מיט פויקן און טראָמפּייטן און הייליקע בילדער, ווי אַ זיג־רייכער חייל. און גרויסע קינדער לויפן איר נאָך; ווייבער כאַפּן זיך אַרום און טאַנצן... דער אמתער וואונדער איז דאָ, אינעם אָקערשט־פאַרביי־געגאַנגענעם בית־המדרשל. פון דער דאָרטיקער בימהלע ציען גבורה — דאָס איז אַ וואונדער! אין דער דאָרטיקער לופטעלע אַנגעמען זיך מיט הייליקער עקשנות און לעבן אייביק — דאָס איז דער נס אין מדבר, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. עס לוינט, ביילקע, צו פאַרקלערן זיך איבער דעם...

ביילקע האָט ברייט אויפגעעפנט די שוואַרצע אויגן אירע. „צו פאַר־קלערן זיך איבער דעם?" וואָס וויל ער זי זאָל קלערן? צי איז דאָס ניט אַ וואָרנונג, אַז ער ווייסט וואָס זי פאַרבאָרגט ערגעץ־וואו אין אַ ווינקעלע פון האַרצן? צי איז דאָס ניט אַ פאַרלויפן־דעם־וועג, כדי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק וואָס די יום־טובדיקע גוישקייט אין קלויסטער האָט אויף איר געמאַכט?...

זי האָט אָבער באַלד באַמערקט, אַז ער מיינט ניט זי אַליין, נאָר זיך אויך. עס קאָכט אין אים היינט, כאָטש די אויגן זיינע זיינען, דאַכט זיך, טרויעריק און קיל. ער וויל ביי זיך אַליין אָפּשוואַכן דעם איינדרוק וואָס דער קלינגענדיקער און זינגענדיקער קלויסטער האָט אויף אים געמאַכט. און פונדעסטוועגן... פונדעסטוועגן איז דאָס ניט דאָס זעלביקע וואָס ביי איר... איר קאָפּ ליגט ערגעץ־וואו אַנדערש. זי איז אַ סך, אַ סך נידע־ריקער פון אים. אומריינע וועלעכצן פייניקן זי. און ער פילט דאָס און וויל זי אויפהויבן. דערנענטערן וויל ער זי צו זיך. און אַלץ דערפאַר, ווייל ער האָט זי ליב. זי ווייסט דאָס. אָבער זי קען גאָרנישט מאַכן. גאָר־נישט...

זי האָט אָפּגעוואָרט ער זאָל אַ ווילע אַנטשוויגן ווערן און האָט אומזיכער אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— איך האָב ניט געוואוסט, אַז איר זייט אַזאַ...
— אַ וועלכער אַזאַ?
זי האָט געשוויגן. ניט געפונען דעם פּאַסיקן אויסדרוק.
— איר זייט עפּעס באַטריבט, — מאַכט ער, — ביילינקע! איך האָב אייך היינט דערעסן. איך ווייס.
— ניין. ניט דאָס.
— מיט מיין קלויז. מיט מיינע קאַרלינער חסידים...
זי האָט אַ ווײַלע געטראַכט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. און מיט־אַמאָל, אַן אַ שום איבערגאַנג, אַריינגעקוקט אים פעסט אין די אויגן:
— זעט, מיר זיינען שוין ניט ווייט פון צילעס וואוינונג.
— איר ווילט שוין אַוועקגיין?
— ניין. ניט דאָס. ווילענסקי... אויב מיט מיר וועט עפּעס טרעפן —
— טרעפן? זאָגט, זאָגט! וואָס זייט איר שטיין־געבליבן? וואָס קען מיט אייך טרעפן?
זי האָט ניט געענטפערט אויף זיין פראַגע, אין גאַנצן דורכגעלאָזן זי:
— וועט איר מיר העלפן?
— פאַרשטייט זיך. אַלץ וואָס איך וועל קענען. אָבער זאָגט, וואָס מיינט איר מיט דעם?
— איך קען אייך נאָר זאָגן... איין זאַך: איר זייט אַ סך בעסער פאַר מיר. אַ סך... און איצט לאָזט מיר גיין אַהיים. מען דאַרף מער ניט באַגלייטן. איך — אַליין...
זי האָט אים אויף־גיך אַ דריק געטאָן די אָנגעפּרוירענע האַנט און אַנטלאָפן. אַוועק מיט דער זעלבער האַסטיקייט ווי זי איז פריער אַרויס פון קלויסטער.

## ניינצנטער קאַפּיטל

# אַ נייע באַלעבאָסטע

### 1

ווער עס האָט אַן אויג אויף זאַכן, דער האָט אַוודאי באַמערקט, אַז מענטשן, וועלכע לעבן אַ לאַנגע צייט צווישן חיות און עופות, נעמען אָן זייערע געוואוינהייטן, זייערע באַוועגונגען, אָפּטמאָל אויך — זייערע שטימען און זייערע גרימאַסן. און פאַרקערט — בהמות און פויגלען, ווען

זיי קומען אין שטענדיקער באַרירונג מיט מענטשן, פּאַסן זיך אַריין אין זייערע קאַפּריזן, נעמען אָן אַ מענטשלעכן אויסדרוק... בערג־פּאַסטוכער, ווען זיי זוכן ווערטער, ברילן זיי ווי די אָקסן, וואָס זיי פּיטערן, און הינט נעמען אָן דעם כאַראַקטער פון זייערע באַלעבאַטים. איז דער באַלעבאָס אַ בייזער, ווערט דער הונט בייז, איז דער באַלעבאָס אַ פריילעכער, דער־קענט מען דאָס אָן דער שפּילעוודיקייט פון זיין הונט. נאָך מער: אין יעט־ווידן מענטשלעכן פּנים, ווי שיין און געשניצט עס זאָל ניט זיין, וועט איר אַלע מאָל געפינען אַן ענלעכקייט מיט אַ וועלכער עס איז באַשעפעניש, וואָס שטייט אַ סך נידעריקער פון מענטשלעכן וועזן. ביי דעם — אַ לאַנג־נאַזיקייט פון אַ שטאָרך, ביי יענעם — אַ קורץ־גאָמביקייט פון אַ גרויסער קאַץ, ביי אַ דריטן אַ צווייִנאַזיקייט פון אַ בולדאָג, אַ גוידערדיקייט פון אַ ניל־פערד, אַ ברעמען־פינצטערקייט פון אַ היענע... און ווידער אַמאָל וועלן אייך די שנוקן פון קי און די שנאָבלען פון אָנגעבלאָזענע אינדיקעס דער־מאָנען אַ סך אויסדרוקן און מינעס פון אייערע באַקאַנטע — לעבעדיקע און לאַנג־פאַרשטאָרבענע געזיכטער. אַ יענטעוואַטע נאָכשלעפּן די פעדערן ביי אַ הון אַ קוואָקוכע; וואַטאָוועו, האָפּערדיק־אָנגעצויגענע פּלודערן ביי אַ תרנגול אַ כוואַט, וואָס האָט אָקערשט צעמזיקט אַ צווייטן האָן; אַ ישיבה־בחוריש מעלה־גרה־זיין ביי אַ צאַפּ, וואָס כאַפּט קרויט פון אַ וואָגן; פּונקט אַזאַ זשעדנע קייעניש און בערדל־שאָקלעניש... אַ באַלעגאָלישן גאַנג און אויסגעטאָפּטשעטע שטיוואַלעס ביי אַן אַלטן פערד און אַ גאַנג פון אַ מחותנתטע מיט אָפּגעהאַנגענע כלים ביי אַ גוטער קו, וואָס קומט פון סטאַדע... גלגולים, דאַכט זיך, גייען אום אויף דער וועלט. מענטשן אין בהמהשע געשטאַלטן. בהמות — אין מענטשלעכע... ווען זיינען זיי דאָס מגולגל געוואָרן איינער אין צווייטן? אפשר מיט טויזנטער יאָרן צוריק. ניט אויסגעלעבט זיך אַלס מענטש און אַריין אין אַ חיה. ניט באַפרידיקט זיך אַלס בהמה אויף דער ערד און אַריין אין אַ „האָמאָ סאַפּיענס" *). און אָט אַז די דאָזיקע גלגולים באַגעגענען זיך נאָך אַ סך יאָרן אָפּשייד, אפשר נאָך אַן איבעררייס פון אַ סך דורות שטאָט־לעבן און מלחמות, קלעפּן זיי זיך נאָך שטאַרקער איין איינער אין צווייטן, און די ענלעכקייט פון זייער וועזן און שטייגער ווערן נאָך בולטער. מענטש און בהמה לעבן זיך איין ווי נאָענטע קרובים, כאָטש איין צד ווערט אָפּטמאָל אויסגענוצט ביז אויף בלוט פון צווייטן. און כאָטש איינער שלאָפט אויף פייכטע שטרוי און דער צווייטער אויף פוכענע קישנס — שטערט דאָס ניט זייערע לעבנס זאָלן זיין פאַרבונדן, און דער זעלבער מזל זאָל זיי ביידן באַגליקן אָדער פאַרפאָלגן.

*) „קלוגער מענטש" — קולטורעלער.

*
**

ריקעלע, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט מ׳ט עטלעכע וואָכן צוריק פון האַפּיאַס כאַטע אין מאַקאַראָווקע און איז אַריינגעפאַלן אין שיינע־שרהס הויז אונטערבאַרג, האָט זיך אויך געשטעלט אונטערן מזל, וואָס איז אויפגעגאַנגען איבער דעם זעלבן הויז. ווי אַ גלגול האָט ריקעלע, ביזן זיבעטן חודש פון איר לעבן, אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן גויים, געגעסן זייערע רויע עסנס, ניט באַקומען קיין גלעט, ניט געהערט קיין גוט־וואָרט. אַלץ אַרום איר איז דאָרטן געווען האַרט און גרוי ווי די ערד, וואָס ווערט אומברחמנותדיק צעאַקערט; און געהייסן האָט זי דאָרטן „טשערניאַווקאַ״ — די שוואַרצינקע — נאָר כדי מען זאָל זי ניט צעמישן מיט די אַנדערע קעצעלעך — ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען אַצינד אומגעקומען. איין וואַנקע האָט זי נאָר אַ פּאָר מאָל ליבלעך אַ רוף־געגעבן פון אויוון אַראָפּ, און אויך דעמאָלט, ווען ער איז דאָרטן געלעגן קראַנק און אייגער אַליין, און ווייל אירע בלישטשענדיקע קוקערס, ריקעלעס, האָבן אים דער־מאָנט ביילקען...

דאָ, אין יידישן הויז, איז זי גלייך אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדער וועלט: אַנדערע קולות, אַנדערע ריחות, אַנדערע געשמאַקן, אַנדערע מענטשן. די בענקשאַפט פון שיינע־שרהן נאָך איר מיזינקע האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן קליינעם קעצישן קאָפּ, איבער דעם זייד־ווייכן שוואַרצן פעלצל אויף פיר פלינקע פיסלעך, וואָס דרייען זיך אַרום אין שטוב. און די טרויעריקע מאַמע־אויגן האָבן זיך אַלץ אָפטער געעפנט אַפּרייסן פון זאָק־און שפּיזלען, כדי צו באַטראַכטן ריקעלען ווי זי שפּילט זיך, ווי זי לאַש־טשעט זיך צו די פיס, ווי זי זליאַקעט פון טעצל...

די ערשטע עטלעכע טעג האָט זי זיך נאָך געשראָקן, ריקעלע, פאַר דער אַנגעשטעלטקייט אין שטוב, פאַר דאָס צופיל מעבל וואָס זי האָט דאָ געפונען. די שווערע פאַרהאַנגענע שטולן אַרום טיש האָבן איר אויס־געזען ווי פיר־עקיקע בייכער מיט אָנגעפאַלדעוועטע פאַרטיכער. און אונ־טערן טיש האָט געטשאַטעוועט דער פאַרשטויבטער שטיוול פון כמורנעם באַלעבאָס. היט מען זיך ניט און מען בעט אַן איבעריקן מאָל: „מיאַאו, גיב מיר עפּעס...״ אַזוי כאַפּט ער זיך אויף דער שטיוול, ווי אַ בלינדער מזיק, און גיט אַ שטויס. טרעפט ער אַן אין ווייטיקדיקן אָרט, וואו האַפּיאַ האָט אַמאָל אַ זעץ־געגעבן, פאַרגייט דאָס אין זיבעטן ריפּ...

באַלד אָבער האָט זיך דאָס קעצישע נאַטור־געפיל גענומען לויטערן, צופּאַסן זיך צו אַלץ, וואָס האָט לכתחילה אויסגעזען אַזוי מאָדנע פרעמד און אומגעוויינלעך. די קרופּניקעס, וואָס האַפּיאַ, איר ערשטע באַלע־באָסטע, האָט דאָ אַמאָל געגעסן, בשעת קאָרמענען ביילקען, האָט אַצינד

ריקעלע איבערגענומען בירושה, און זיי זיינען איר גוט באַקומען. אַ ביינדל פון אַ הון און אַ זשאַברע פון אַ פישל פלעגט זי דאָ, אַפּטמאָל, אויך באַקומען. מילכיקע לאָקשן אָדער טייגאַכץ — אַוודאי און אַוודאי... איר אויסגעמאָגערטער גופעלע איז געוואָרן פעסטער. די לעצטע שפּורן פון האַפּיאַס זעץ מיט דער קאַטשערע האָבן געמומען פאַרשווינדן. איר שוואַרצער פּעלצל האָט באַקומען אַ גלאַנץ; איר מיאַאוקען האָט פאַרלאָרן זיין גרילצנדיקע שאַרפקייט, געוואָרן מפונקדיק־געצויגן. און אירע טריט און שפּרונג — ווייך און איידל, ווי ביי אַ יונגער טענצערקע אין סאַמע־טענע שיכעלעך... היינט דער עצם נייער נאָמען, וואָס מען האָט איר גע־געבן: „ררי־קע־לע"... ס'האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ זיסער מרוקען פון די צוויי־פּיסיקע, וואָס באַמיען זיך צו ריידן מיט איר קעציש. ווי קומט דאָס צו איר פריערדיקן נאָמען „טשערניאַווקאָ"? קלעפּיק און אומריין האָט יענער נאָמען געקלונגען. ווי דאָס אַריינטרעפן מיט ביידע פאָדערשטע לאַפּקעס אין אַ געדיכטער בלאָטע...

האָט זי זיך גענומען אַרומקוקן מיט וואָס זי קען דאָ אָפּצאָלן פאַר אַלע טובות, וואָס מען טוט איר און האָט באַמערקט, אַז די מייזלעך, וואָס אין האַפּיאַס כאַטע זיינען געווען אַזוי שרעקעוודיק און אַזוי זעלטן, פירן זיך דאָ אויף זייער ניט־אָנשטענדיק: פראַוועןן הוליאַנקעס און לויפן אַרום פאַרשמייעטע פון קאָך־שטוב אין פירהויז און פון פירהויז אין קאָך־שטוב. קיין מעשה איז זיי ניט צו־קליין און יעטוועדער זאַך איז פאַר זיי אַ געריכט. אַפילו חלבנע ליכטלעך, קליי... ניין, אַזעלכע זאַכן קען מען ניט דערלאָזן!

האָט זי זיך די ערשטע פּאָר טעג צוגעקוקט מיט ברייט־אויפגעעפנטע אויגן, אויסגעפאָרשט אַלע שפּאַלטן, אָנגעצילעוועט די לאַפּקע אין אַלע לעכער. אַ לויף־געטאָן וועט־געלאָף מיט דער אָדער יענער מיאוסקייט... און דערנאָך אַריינגעוואָרפן זיך, מיט ציין און נעגל, אין מלחמה. ס'איז געוואָרן אַן אויסראָטונג אָן שום רחמנות, אָן שום אָפּהאַלט, און פון שלאָף־קאַמער ביזן שפּייכלער. פריער זיינען די קליינע חברה־לייט פאַר־שוואונדן ביים טאָג־ליכט, אַרויסגעגנבעט זיך פון די לעכער נאָר ביינאַכט. האָט אָבער ריקעלע גענומען כאַפּן אַ שלעפל בייטאָג, כדי צו האָבן כוח ביינאַכט...

די ערשטע נעכט האָבן נאָך משה־לייב און שיינע־שרה געהערט אַ שפּרינגעניש און אַ פּיסקעניש, און פאַרכישופטע פייערלעך זיינען אַרומ־געלאָפן איבערן פינצטערן שטוב. פול מיט גרינעם שיין אין די שטאַרע קוקערס האָט זיך ריקעלע אַרומגעיאָגט. איר שוואַרצער פּעלצל האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן חושך, און נאָר איר אָנגעשטעלטער קוק האָט גרין באַלויכטן יעדן שפּרונג אירן. ווי אַזוי, אַ שטייגער, האָט זי געמוזט אויס־

זען די באַפּאַלענע מייזעלעך? אַוודאי—ווי אַ שוואַרצער טיגער, וואָס איז הונדערט מאָל גרעסער פאַר זיי... פאַר שרעק זיינען זיי שטאַר געוואָרן אין לויפן, נאָכגעשלעפּט די הינטערשטע לאַפּקעס, ווי געחלשטע, און געלאָזן זיך טויטן. מ'האָט זיי אין דער פרי געפונען אין אַלע באַהעלטערס, אונטער די פאַרהאַנגענע שטולן און אונטער די אַלמערס. אַלע מיט אויסגעשטעקטע צינגלעך, מיט געבראָכענע קאַרקן און מיט דער לעצטער אימה—פאַרגליווערט אין די פּיצינקע אויגלעך.

דערנאָך איז אין גאַנצן שטיל געוואָרן; ביינאַכט — אויך. מען האָט ריקעלען מער ביינאַכט ניט געהערט. אירע אויגן־פייערלעך האָבן אויפגעהערט צו בלאָנדזשען אין דער פינצטער. אַ צוזאַמענגעדרייטע ווי אַ בייגל האָט זי זיך געדרעמלט, מיט אַלעמען צוגלייך, אויף דער קאַנאַפּע אין זאַל, אָדער אויפן וואַרעמען אויוון. אויסגערוט זיך נאָך די מלחמות וואָס זי האָט געליפערט די קליינע לאַנג־עקיקע חיילות. און זי האָט דאָס כשר פאַרדינט.

2

פאַר איר נצחון איבער די מיאוסקייטן אין שטוב, האָט ריקעלע באַקומען אַ געהעריקע אָנערקענונג. שיינע־שרה האָט זי אַ גלעט געטאָן, איין מאָל און צוויי מאָל, מיט איר אויסגעהאָרעוועטער טרוקענער דלאָניע.

אַז אַ מענטשלעכע האַנט איז פּעאיק אויף אַזאַ באַוועגונג, וואָס רופט אַרויס אַ וואַרעמען ציטער פון קאָפּ ביזן שפּיץ עק, אויף דעם האָט זיך ריקעלע ניט גערעכט. אין האָפּיאַס כאַטע, וואו עס האָט געשמעקט מיט שעפּסענע קאָזשוכן, מיט זויערן ברויט און מיט געטריקנטע שפּענער, האָט זי דאָס קיינמאָל ניט דערלעבט. און כדי נאָך אַמאָל באַקומען אָט די שפּע וואַרעמקייט, וואָס שטראָמט פון מענטשן, פלעגט זי קומען און רייבן זיך שיינע־שרהן צופוסן, פלעגט זיך ציען און אָננעמען אַזאַ שטעלונג, כדי שיינע־שרהס האַנט זאָל זיך אַליין פאַרגלוסטן אַריינצופאָרן אין אויסגעבויגענעם רוקן, ווי אין אַ סאַמעטענעם זאָטל, און זאָל זי גלעטן קאָפּ־אַראָפּ. נאָר ניט עק־אַרויף. דאָס ניט.

נאָר ניט אַלע מאָל איז שיינע־שרה געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט. דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון די בריוו, וועלכע זי האָט באַקומען פון די קינדער אין מאָהילעוו. אויב די ידיעות וועגן דער מיזינקע זיינען געווען גוטע, פלעגט ריקעלע באַקומען דעם געווינטשטן גלעט. אויב ניט — פלעגט זי באַקומען אַ יאָג אַוועק, ניט אַזוי האַסטיק ווי פון משה־לייבס פיס, אָבער פאָרט אַ שטויס. פון האַרצווייטיק פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אויפן ברעג אויוון און וואַשן זיך דעם כאָכעלטשיק: אַ לעק די רעכטע לאַפּקע און אַ וואַש, אַ לעק און אַ וואַש.

איין מאָל, בשעת אַזאַ טרויעריקן וואַשן זיך, האָט זי דערשפּירט

אַ באַלזאַם־ריח. עס האָט זיך אָפּגערופן מיט הייסער זון און מיט שאַרפע קרייטיכער. עס האָט זיך אָפּגערופן מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווען אירע אור־עלטערן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט פראַנק און פריי, צווישן באַמ־בוסן, אין הייסע זאַמדן און געטשאַטעוועט אויף פייגעלעך און בייטל־מייז וואָס קומען זוכן אַ שאָטן... האָט ריקעלע געגומען קאַניוקען פון בענקעניש, און, פאַרגעסנדיק אָן שטויס וואָס זי האָט אָקערשט באַקומען, צוריק געקומען צולויפן צו איר שלעכט־אויפגעלייגטער באַלעבאָסטע. ביט דערלויפנדיק ביזקל זוים פון שיינע־שׂרהס קלייד האָט זיך ריקעלע אַראָפּ־געלאָזן אויף אַלע פיר, געגומען קריכן אויפן בויך און בעטן ווייגענדיק. דער כישוף־ריח איז געווען אַלץ שטאַרקער, ווי אַ שיכּרות האָט ער גע־ווירקט. אַלע מוסקולן ריקעלעס האָבן זיך אָפּגעלאָזן און אַלע ביינער זיי־נען בולט־געוואָרן אונטער איר שוואַרצן פעלצל...

שיינע־שׂרה איז געזעסן אַ פאַרצרהטע, מיט אַ פלעשעלע וואַלעריאַנקע אין איין האַנט און מיט אַן איבערגעקערטן קעלישאַק — אין דער צווייטער. הפּנים זי האָט ערשט איינגענומען טראָפּנס. די רעשטלעך האָבן נאָך גע־קאַפּעט פון ליידיקן גלעזל אויף דער פּאָדלאָגע. געלבלעכע, שאַרף־שמעקנדיקע טראָפּנס אַזעלכענע. אָבער ריקעלעס קעצישן זכרון האָבן זיי אויפגעוועקט פון זיין טויזנט־יאָריקן שלאָף, געגאָגט אונטערן קעצישן הערצל... הפּנים, דאָרטן, אין די הייסע זאַמדן אין אַפריקע, פון וואַנען אירע עלטערן שטאַמען, זיינען געוואַקסן אַ סך אַזעלכע קרייטיכער. און אַט זיינען זיי אָנגעקומען אין קאַלטן „אונטערבאַרג״ אויך, אין אַ פלעשעלע אָנגעקומען, ווי אַ טייערער גרוס, וואָס ווערט אָפּגעהיט פון אַלע שלעכטע ווערטער...

— מיאַאו, מיאַאו! — האָט ריקעלע נאָך באַהאַרצטער געגומען וויינען און בעטן — גיב מיר באַלעבאָסטעטשקע! מיר אויך... ס׳איז אַוודאי פאַר מיר. פאַר מיר אויך...

שיינע־שׂרה איז אָבער אַלץ געזעסן אַ פאַרצרהטע, אין די אויגן זיינען געהאַנגען טרערן און אויף די ליפּן — אַ פריקרע מינע פון די ביט־גע־שמאַקע טראָפּנס וואָס זי האָט דאָ איינגענומען. אָך, וואָס פאַרשטייען זיי די צוויי־פיסיקע, שטאַרקע באַשעפענישן אין וואַלעריאַנע!...

און כדי צו באַווייזן דער טרויעריקער באַלעבאָסטע, אַז יענע האָט אַ טעות, אַז די רפואה וואָס זי האָט דאָ איינגענומען האָט אַ וואונדערלעכן ריח, האָט זיך ריקעלע געגומען קייקלען, מיטן בייכל אַרויף, אויף דער פּאָדלאָגע, וואו די עטלעכע מחיהדיקע טראָפּנס האָבן זיך פאַרגאָסן; געגומען לעקן זיי און מאַכן באַגייסטערטע העויות... נאָר, אָנשטאָט צו פאַרשטיין זי, האָט זיך שיינע־שׂרה אַ הויב געגעבן, אַ צעשראָקענע, וואָלט מען געקענט זאָגן.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ שטיק, מאַכט זי, ריקעלע? קייקלסט זיך ווי אַ שיכורטע! קריגסט אויך ספּאַזמעס איבער אַ שלעכטער טאָכטער? דאַרפסט אויך האָבן וואַלעריאַנקע? פּסיק! פּסיק!

ס׳איז איר געווען לייכט צו זידלען זיך שיינע־שרהן, אָבער ניט אַזוי לייכט צו באַרואיקן איר פיר־פיסיקע האַדולקע. אַזוי לאַנג ווי דער ריח פון די טראָפּנס האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף דער פּאַדלאָגע, האָט ריקעלע ניט געוואָלט אָפּטרעטן, געמאַכט זיך נאַריש... שפּעטער האָבן זיי זיך בײדע באַרואיקט. שיינע־שרה — פון איר עגמת־נפש און ריקעלע פון איר שיכורער באַגייסטערונג. שיינע־שרה האָט זיך צוריקגענומען צו איר אייביקער זאָק און דעם קנייכל פאָדים אומישנע געלאָזן פאַלן אויף דער ערד, כדי ריקעלע זאָל זיך אויך ניט נודיען און האָבן מיט וואָס צו שפּילן זיך. אַזוי זיינען זיי באַלד צוריק געוואָרן גוטע פריינד, און ריקעלע האָט איר באַלעבאָסטעס גוטסקייט ניט פאַרגעסן.

כדי די באַלעבאָסטע זאָל טאָקע זען אַז זי, ריקעלע, פאַרגעסט ניט, האָט זי געגומען זוכן מייז, אַפילו דאָרטן, וואו זיי זיינען קיין מאָל ניט געווען. געזוכט און ניט געפונען. האָט זי זיך ניט באַרואיקט ביז זי האָט, איין מאָל, פּאַטיאָפּעט, ערגעץ וואו לעבן שפּייכלער, אַ בלאָס מייזעלע. האָט זי איר גלייך געבראָכן דעם קאַרק און ניט אויפגעגעסן, נאָר איזדיעקע־וועט זיך איבער איר קליינעם קרבן, געוואָרפן אים, ווי אַ קליינע קאָמיע־דיאַנטשיצע וואַרפט איר באַל אין דער הויך. געוואָרפן און דערכאַפּט אין פלי. וואַרפנדיק אַזוי און דערכאַפּנדיק איר מציאה, האָט ריקעלע אַוועק־געטענצלט פון שפּייכלער אין גאָרטן, פון גאָרטן אין פירהויז און פון פירהויז אין קאָכשטוב, ביז זי האָט דאָס געבראַכט און אַוועקגעלייגט שיינע־שרהן צו די פיס. אדרבא, זאָל די באַלעבאָסטע זען ווי זי סטאַרעט זיך פאַר איר. האָט שיינע־שרה דערזען און אָנשטאָט דערפרייען זיך, אַ קוויטשע־געגעבן, אָפּגעשפּרונגען און אויסגעשפּיגן:

— טפו, טפו, ריקעלע! אַ מיאוסקייט! וואַרף אַרויס! וואַרף אַרויס!

אָבער ריקעלע האָט דעם באַפעל ניט פאַרשטאַנען, נאָר גאווהדיק אַרומגעדרייט זיך איבערן קאָך־שטוב, מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און מיט אַ פאַרריסענעם עק; ביז שיינע־שרה האָט זיך אַליין מטריח געווען, געכאַפּט דעם בעזים און גענומען קערן די מציאה און אַרויסקערן איבער אַלע שוועלן. און אַ פאַרקרימטן פּנים האָט זי דערביי געהאַט, ווי זי וואָלט אָקערשט פאַרזוכט ריצנאייל...

ריקעלע האָט אויך דעם דאָזיקן אויסדרוק ניט פאַרשטאַנען. פון וואַנען זאָל אַ קעצל פאַרשטיין פיזיאָנאָמיקע?... פאַרקערט, שיינע־שרהס ווידערווילן האָט זי אָנגענומען ווי אַ דאַנק און האָט ווייטער געזוכט מציאות פאַר דער גוטער באַלעבאָסטע.

אָבער די מייז, װעלכע האָבן נאָך מיט אַ חודש צוריק, אַזױ פּאַרמיאױסט די גאַנצע שטוב, האָבן שױן לאַנג געכאַפּט אַ ציטער און אַװעק, מיט קינד און קייט, פֿון משה־לייבס אױסגעװאַרעמטן הױז. אַװעק אַהין װאו דער שװאַרצער פּעפּער װאַקסט. נאָר זייערע װיסט־געװאָרענע נעסטן, אונטער דער פּאָדלאָגע און אין די װינקלען, זיינען נאָך, װייזט אױס, גע־בליבן. װאָרעם ריקעלע האָט נאָך אַ געװיסע צייט געגלאָצט מיט די אױגן אין די טונקעלע שפּאַלטן און געשמעקט אין די לעכער — אױף װיפֿיל דער ראָזעװער נעזעלע אירער איז געװען פֿעאיק.

עסן האָט איר פֿונדעסטװעגן ניט געפֿעלט, אַ װאַרעמער װינקל און אַ װאַרעמער גלעט — אױך ניט. ריקעלעס ערלעכע נאַטור האָט אָבער ניט געקענט פֿאַרטראָגן אַזעלכע אומזיסטע װאַרטאָגן און אַזאַ פּוסטאַ־פּאַסעװען, און די דאַנקבאַרקייט האָט ביי איר געבורטשעט אין האַריקן בייכל װי אַ קליינע באַנדורע: „מרו, מרו... באַלעבאָסטע! איכ׳ל אייך נאָך באַװייזן, אַז איך עס ניט אומזיסטן קרופּניק!“

האָט זי זיך ניט באַרואיקט ביז זי האָט שיינע־שרהן געבראַכט אַ נייעם באַװייז פֿון איר טרייקייט. דאָס מאָל — אַ סך אַ שטאַרקערן באַװייז װי פֿריער. אַזױ, װייניקסטנס, האָט דאָס ריקעלען אַליין אױסגעזען.

## צװאַנציקסטער קאַפּיטל

# ריקעלע יידישט זיך...

1

נאָך די גױישקע חגאות און נאָך זייער נייעם יאָר איז אָנגעקומען שבת־שירה, װען פּרעה מיט זיינע רייטװעגענער זיינען דערטרונקען גע־װאָרן אין־ים, װען יידן לייענען פּרשה „בשלח“, און יידישע באַלעבאָסטעס שיטן אױס טשאָלנט־קאַשע אױפֿן שניי, כדי די פֿייגעלעך פֿון הימל זאָלן אױך הנאה האָבן פֿון פּרעהס מפּלה און װיסן װער יידן זיינען אױף דער װעלט.

לעבן דעם צױם פֿון איר פֿאַרשנייטן קרױט־גאָרטן האָט שיינע־שרה אױסגעשאָטן אַ גאָר פֿיינעם הייפֿל קאַשע, אַ סך אַ גרעסערן װי ביי אַנ־דערע שכנים אונטערבאַרג. װאָרעם, אירע קינדער, ברוך־השם, זיינען דאָך אין דער פֿרעמד, אָפּגעריסן גאַנצע דרייסיק װיאָרסט פֿון דער היים. איז װיפֿיל קאַשע דאַרף דאָס אַן עלטערע פּאָר־פֿאָלק? אַ טעלער מיר און אַ טעלער דיר, און דאָס איבעריקע פֿאַר גאָטס פֿייגעלעך.

די שוואַרצע סאַראַקעס האָבן די ערשטע צוגענומען דעם בעסטן חלק. די שיטערע רעשטלעך זיינען געבליבן פאַר די גרויע וואָראַבייטשי־קעס. דער ווייסער שניי ביים גאָרטן איז, פון די צעשאָטענע גרייפּלעך, געוואָרן טונקל־ברוין געשפּרענקלט. מען האָט זיי געדאַרפט נאָר אונטער־קלייבן. און אויף דעם זיינען וואָראַבייטשיקלעך די גרעסטע בריות: האָץ־האָץ געטענצלט און געפּיקט. אַ טענצל און אַ פּיק; אַ פּיק און אַ טענצל.

האָט דאָס ריקעלע צוגעזען פון קאָכשטוב־פענצטער. געפּוצט זיך די וואָנסעלעך און גוט באַטראַכט דעם גאַנצן ענין. ניט געווען קיין בעסערע צייט פאַר "ישוב־הדעת" ווי אַצינד. משה־לייב האָט געכאַפּט אַ שבתדיקן שלעפל, און שיינע־שרה האָט אַריינגעקוקט אין טייטש־חומש, דורך אי־רע שפּאַקולן, און פרום געמאַכט מיט די ליפּן.

דער ווינטערדיקער טאָג, ווען מען לייענט די פּרשה „בשלח״, איז קורץ. דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג טונקלט שוין און די ווייסקייט פון שניי פאַרלויפט מיט אַ גרויקייט. די לעצטע שפּרענקעלעך שוואַרצע קאַשע האָבן שוין די וואָראַבייטשיקלעך אויפגעקליבן. גרוי איז דער פאַרנאַכטיקער שניי און מען זעט ניט איבעריק־גוט יעטוועדן פלעק פון דער ווייטנס... אַצינד איז געקומען די ריכטיקע צייט דורכצופירן דעם פאַרקלערטן פּלאַן.

האָט זי געמאַכט אַן אָנשטעל, ריקעלע, אַז זי מוז נויטיק אום לעבן אַרויסגיין אין דרויסן. גענומען קאַניוקען און דראַפּען די טיר מיט די נעגל. האָט איר שיינע־שרה אויפגעמאַכט און צוריק אַוועקגעזעצט זיך איבער איר טייטש־חומש; ניט פאַרדעכטיקט אַפילו, אַז ריקעלע האָט זי דאָס מאָל אָפּגענאַרט; אַז אַנשטאָט אַ קעצישער באַדערפעניש האָט זי זיך גאָר אַוועקגעלייגט אינעם זעלבן גריבל, וואו זי, שיינע־שרה, האָט פריער אויסגעשאָטן די שוואַרצע טשאָלנט־קאַשע. אַוועקגעלייגט זיך און זיך געמאַכט געפּגרט.

שייך זאָגן געפּגרט! אַ שענערן פּגר פון אַ קאַץ וואַרפט מען אַרויס אין מיסט, ביים ברעג אָזערע... דעם קאָפּ האָט ריקעלע פאַרוואָרפן, די כיטרע אויגלעך פאַרזשמורעט. די שאַרפע ציינדלעך געלאָזן האַלב־אָפן און פאַר־שטאַרט — דעם פּיסק. איין ליטקע אויסגעקרימט מיטן אונטער־פעלץ אַרויף. דעם בייכל פלאַך געמאַכט, אַן אַ שום באַוועגונג אָפּגעלאָזן אים, און אַן אַ פּיצל בושה אויפגעדעקט. נאָר איין פּערטל אויג אויפגעשפּאָלטן אונ־טער אַ לעפל און טשאַטעוועט. גיט אַ שפּאַלט־אויף און פאַרמאַכט... וואו, אַ שטייגער, האָט זי דאָס באַוויזן אויסצולערנען זיך אַזעלכע גנבישע שטיק? אין וועמענס חדר געגאַנגען? ניט צו פאַרשטיין.

מען קען ניט זאָגן, אַז ריקעלען איז געווען זייער באַקוועם צו ליגן

אין שניי־גריבל מיטן בייכל אַרויף, — זי, וועלכע האָט זיך שוין, אין ידישן הויז, געוואוינט צו וואָרעמקייט, טרוקנקייט און צו פולן זעט. אָבער די יאַגד־גלוסטעניש איז געוועזן שטאַרקער פאַר אַלע באַקוועמלעכקייטן אין דער וועלט, אין איר קעצישן בלוט געיערט, אַזוי ווי די בענקשאַפט נאָכן וואַלעריאַנע־ריח פון פאַר טויזנטער יאָרן...

נו, די וואָראָבייטשיקלעך זיינען דאָך באַקאַנט אַלס אַ קינדיש פאָלק. ווען זיי וואָלטן געווען קלוג און דערוואַקסן, וואָלטן זיי אַוודאי אַוועקגע־פלויגן, צוזאַמען מיט די שוואַלבן, אין וואַרעמע לענדער; וואָלטן ניט געבליבן אין אונטערבאַרגער קעלט, דריזשנען און וואַרטן חדשים־לאַנג ביז יידן וועלן לייענען די פרשה „בשלח" און אויסשיטן פאַר זיי אַ ביסל קאַשע אויפן שניי... האָבן זיי, אין דער פאַרנאַכטיקער גרויקייט, ווידער־אַמאָל דערזען אַ שוואַרצן הייפל לעבן שיינע־שרהס גאָרטן; אַראָפּגעלאָזט זיך פון זייערע נעסטן און גענומען טענצלען אין האַלב־קרייז — האָץ־האָץ און וואָס אַמאָל נענטער.

לכתחילה האָבן זיי נאָך ניט געגלויבט זייערע פייגלשע אויגלעך. אַ קאַפּעלע מורא געהאַט.

— טשיריק, טשיריק! — מאַכט אַן עלטערער וואָראָבייטשיק צו זיין פלוניתטע, — גיב אַ קוק! האָץ־האָץ, ווייטער אַ הורבע קאַשע. עפּעס קאַשע און ניט ־קאַשע...

— ס'איז קאַשע! — בלאָזט זיך אָן די וואָראָבייטשיכע, — וואָס דען איז דאָס?

— כ'האָב עפּעס מורא, אין אַ בייזער שעה זאָל נישט זיין אויסגע־רעדט, עפּעס איז מיר די קאַשע צו־שוואַרץ... שוואַרצער ווי בייטאָג...

— ביסט אַ לעקיש, — מאַכט די וואָראָבייטשיכע, — אַז עס טונקלט, ווערן אַלינקע זאַכן טונקעלער...

— ביסט אַ חכמה, — חנפט זיך דער מאַנדל, — האָץ־האָץ, אָבער געדענקסט ניט? ביי שיינע־שרהן אין שטוב, דוכט מיר, איז דאָ אַ קאַץ, אַ שוואַרצע קאַץ...

— וואו קאַץ? ווען קאַץ? רק דו האָסט מורא. אַ קאַץ וועט דיר ליגן אין שניי?...

— טשיריק, איז קום נענטער, אויב אַזוי! פאַרוואָס בלייבסטו עפּעס שטיין? האָץ־האָץ, נענטער!

— אָט שפּרינג איך דאָך, מאַנעלע, גלייך מיט דיר. האָץ־האָץ...

ביים לעצטן שפּרונג האָט דער אַלטער וואָראָבייטשיק ווידער גע־כאַפּט אַ ציטער:

— איר האָט דאָך בעסערע אויגן, קינדערלעך; מיר דאַכט, אַז... אַז די קאַשע...

אָבער דאָס ייִנגסטע פאָרל האָט פאַרשריִען דעם טאַטנס פאַרזיכטיקייט:

— אָ, אָ, טאַטע, ס׳אַראַ קאַשע! פעטע קאַשע, טאַטע! געדיכטע... אַ געזונט זאָל אַריין אין שיינע־שׂרהן.

— האָץ־האָץ! — האָט זיך די גאַנצע כאַפטע צעטענצלט.

דער ייִנגסטער וואָראָבייטשיק פון היי־יאָריקן „פריפלאָד" האָט זיך דער ערשטער צעכראָברעט, אויסגעשטעקט זיין חוצפהדיקן שנעבעלע און — פיק!

אינעם זעלבן אויגנבליק איז דער שוואַרצער קנויל קאַשע אין שניי לעבעדיק געוואָרן. אַן אויגל האָט גרין אַ בליץ געגעבן, ווייסע נאָדל־ציינער האָבן זיך אָן עפן געגעבן, און דער קליינער באַפעדערטער חוצפה־ניק איז אַריינגעפאַלן ווי אין אַ לעבעדיקער קלעם־פאַסטקע. ער האָט אַ צוויטשער געגעבן „ראַטעוועט!" נאָר אַרויסגעקומען איז אַ דינער קוויטש, ווי ביי אַ גוסטדיקער מייזל. ער האָט נאָך דערהערט דעם קנאַק פון זיינע אייגענע ביינדלעך, און דער לעצטער געשריי איז אָפגעשטאָרבן אין אויפגעריסענעם שנעבעלע.

2

שוין איין מאָל אַ נצחון איז דאָס געווען פאַר ריקעלען. צום ערשטן מאָל זינט זי לעבט אויף דער וועלט, האָט זי איבערגעכיטרעוועט אַ גאַנצע כאַפטע באַפליגלטע באַשעפענישן, און די קעציש פרייד האָט געברומט און געמרוקעט אין אירע אינגעווייד. וואָרעם דער פיסק איז געווען פאַרנומען, און צוויי רייען שאַרפע ציין זיינען געווען פאַרצוקט איבערן פייגעלע...

מרוקענדיק אַזוי און זינגענדיק פון בייכל האָט זי גענומען גראַבלען אין דער אָנגעפעלצטער טיר, אַ צייכן געגעבן, אַז זי וויל צוריק אַריין. שיינע־שׂרה, מיטן טייטש־חומש אין האַנט און מיט די שפאַקולן אויף דער נאָז, האָט איר אויפגעעפנט און אַפילו ניט אומגעקוקט זיך. אָבער ריקעלע האָט ניט אָפגעטראָטן. שיינע־שׂרה אין קאַך־שטוב — ריקעלע אין קאַך־שטוב; שיינע־שׂרה אין עס־צימער — ריקעלע נאָך איר. שיינע־שׂרה זעצט זיך אויף דער קאַנאַפע און לייענט וואָס רבנו בחיי זאָגט וועגן פרעהס מפלה, און ריקעלע רייבט זיך ביי אירע פיס און מרוקעט מיט דעם געשלאָסענעם פיסק.

מיטאַמאָל ווערט שיינע־שׂרה אויפמערקזאַם: „וואָס, — מאַכט זי, — קריכסטו מיר נאָך, ווי אַ בלינדע בעטלערקע?" און זי רוקט־אַרויף די ברילן אויפן שטערן, גיט אַ קוק און שרייט־אויף:

— פע, פע! שוין ווייטער אַ מיאוסקייט? אין מיטן שבת נאָכן טשאָלנט! אַוועק! אַוועק!

אָבער ריקעלע טרעט ניט אָפּ. זי קלעפּט זיך צו צו שיינע־שרהס פּיס און מרוקעט. דאָס גאַנצע בייכל ברומט ביי איר ווי אַ קליינע באַנדורע. פילט זיך ניט שיינע־שרה, בויגט זיך אַראָפּ און גיט אַ לייג־אַוועק דעם טייטש־חומש אַ פאַרציטערטע:

— אַ, וואָס? אַ פייגעלע? ווי מיר ניט געשען! גיב אַהער, גזלנטע! גיב אַהער!

אַצינד הייסט שוין ניט שיינע־שרה אַוועקוואַרפן, נאָר אָפּגעבן. אָבער ריקעלע האַלט פעסט איר קליינעם קרבן. זי גיט ניט אָפּ, נאָר זי מרוקעט. זי גייט הקפות אַרום שיינע־שרהס פיס און באַרימט זיך: „מרו, מרו, באַלעבאָסטעטשקע! מייזלעך קענען אַלע כאַפּן... אָבער מייזלעך וואָס פליען — ניט פון די לייכטע זאַכן... אַדרבא, זעט אַליין וואָס פאַר אַ בריה איך בין!...״

אָנשטאָט צו באַוואונדערן אַזאַ בריהשקייט, לויפט גאָר די באַלע־באָסטע אַוועק אין קיך און קערט זיך אום מיט אַן אָפּגענוצטן הילצערנעם לעפל; רוקט דאָס ריקעלען אַריין צווישן די ציין און עפנט איר אויף מיט גוואַלט דעם פאַרקלעמטן פּיסק, ווי מיט אַ הויב־שליסל. אַזוי ראַטעוועט זי אַרויס דאָס פאַרצוקטע פייגעלע.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי „דאָס פייגעלע״. ס׳איז שוין מער קיין פיי־געלע ניט, נאָר אַ צעדריקטער פּעקעלע פעדערן. אַ קעפּעלע — פאַרוואָרפן, אַ האַלב־אָפּגענער שנעבעלע, אויגלעך — פאַרצויגן מיט געלע פאַרטיכ־לעך; די פיצינקע לאַפּקעס געבראָכן. דאָס איז אַלץ, וואָס ס׳איז געבליבן פון דעם, וואָס מיט עטלעכע מינוט צוריק איז דאָס געווען אַ טענצלדיקער, צוויטשענדיקער וואָראָבייטשיק...

טרערן זיינען שיינע־שרהן אָנגעלאָפן אין די אויגן. פאַר כעס און אויפרעגונג האָט זי ריקעלען אַ זעץ געטאָן מיטן הילצערנעם לעפל:

— פון אַ גויישער שטוב קומסטו, אַ גוייש הארץ האָסטו! אַוועק, אַוועק פון דאַנען!

אַן אָקט אַ ביסל! אַלע מאָל טרעפן זיי אַריין, די צוויי־פיסיקע, אין ווייטאָגדיקן אָרט, דאָרטן וואו האַפּיאַ האָט צוערשט אַ זעץ־געגעבן מיט דער קאָטשערע; דערנאָך — משה־לייב, מיטן גרויסן שטיוול... האָט זי זיך גלייך אָפּגעטראָגן, ריקעלע, געלעקט אין דער פינצטער דעם געשלאָגע־נעם זייט און ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי איז דאָ געשלאָגן געוואָרן? פון דער הייסער סקאָווערדע, ווי ביי האַפּיאַן אין כאַטע, האָט זי דאָ קיין טאָראַנקע ניט געכאַפּט, קיין סמעטענע פון האָרלאָטשיק ניט גענאַשט, קיין פלייש פון זאַלץ־ברעטל ניט געלאַטכנט... היינט פאַרוואָס קומט איר אַזאַ שטראָף? אַ באַפליגלט חיהלע געבראַכט דער באַלעבאָסטע, באַוויזן איר ווי זי, ריקעלע, סטאַרעט זיך. און אָט! גיי וויים...

מיטאַמאָל דערהערט זי, אַז די בעט, אין שלאָפצימער, סקריפּעט. משה־לייב איז אויפגעשטאַנען פון שבתדיקן שלעפל און הוסט זיך אָפּ און קרעכצט אונטער... שיינע־שרה שרייט צו אים עפּעס און ער שרייט נאָך העכער:

— האָ? אַ פייגעלע זאָגסטו?

— אַ פייגעלע. דו הערסט דאָך!

— וועמעס פייגעלע?

— קיינעמס ניט. די קאַץ האָט זי געבראַכט צו שלעפּן...

— האָ, די קאַץ?...

— וואָס האָקעסטו, וואָס? אַזאַ גזלניש הארץ, זאָג איך! פּרשה בשלח... אַ צער בעלי־חיים!

— וואָס־זשע האָסטו געוואָלט? די סדרה האָט דיין קאַץ ניט „מעביר" געווען... וואַרף אַרויס דעם פּגר און אַ סוף אַן עק.

שיינע־שרה האָט געפאָלגט. אויפגעהויבן פּאָר איין פליגעלע דעם קליינעם קרבן און אַרויסגעוואָרפן וויט איבערן צוים פון גאָרטן. דערביי האָבן זיך ביידע פליגעלעך צעעפנט און אַ פלי־געגעבן פאַרקערטערהייט... דער שבתדיקער טיי פון הליאַק איז אָבער טרויעריק אַריבער. אַ טונקלקייט האָט געהערשט אין שטוב. מאַן און ווייב האָבן מער פון פייגעלע ניט גערעדט, נאָר צוגעהערט זיך ווי דער טיי גיסט זיך אַראָפּ אין צווייטנס גאָרגל. ריקעלע איז ניט געקומען רייבן זיך צו די פיס, ווי איר שטייגער איז; און שפּעטער צו שלש־סעודות האָט מען זי אויך ניט גערופן. זאָל זי דאָרטן זיצן וואו זי זיצט, די גזלנטע...

ריקעלע אַליין האָט, אַפּנים, געפילט אַז זי האָט היינט אָפּגעטאָן אַ ניט־שיינע זאַך. ניט קיין נצחון איז דאָס געווען, נאָר אַ זינד... איז זי ניט אַרויס פון איר באַהעלטער, מוחל־געווען אויפן לעפל געקעכץ און געלעקט זיך דעם קראַנקן זייט.

דער קלאַפּ מיטן הילצערנעם לעפל און דער באַלעבאָסטעס אומצופרידנקייט האָט אָבער געהאַט אַ גוטע פּעולה. ריקעלע האָט אין האַרצן אַ נדר־געטאָן אונטערצוואָרפן זיך, פון היינט אָן, דעם ווילן וואָס הערשט דאָ אין שטוב. ניט הרגנען סתם אַזוי, כדי באַרימען זיך, נאָר ווען עס איז נויטיק אום לעבן...

און איר נדר האָט זי געהאַלטן.

## 3

גאָט אַליין האָט געהאָלפן, אַז ריקעלע זאָל באַקומען אַן אָנשטענדיקע דערציאונג. שיינע־שרה האָט אָנגעהויבן צו באַקומען בריוו פון מאַ־הילעוו, אַז עס גייט אויף אַ דרך. דאָס הייסט: אַז גרשון ווילענסקי, דער

גערעכטער זון פון באַקאַנטן שניט־קרעמער אין שקלאָוו, איז געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער אין צילעס שטוב; אַז ער גיט ביילקען לעקציעס און וויל דערפאַר קיין קאָפּיקע ניט נעמען, און אַז אָפּטמאָל גייען ביידע קינדער אַרויס שפּאַצירן...

אין אַ צווייטן בריוו האָט צילע פאַרזיכערט, אַז ביילקע קלערט אַפילו ניט פון וואַנקען, דערמאָנט אַפילו זיין נאָמען ניט. ניט אים, ניט האָפּיאַן. אַפּנים פאַרגעסן... אויסער דעם, האָט צילע געשריבן, אַז זי אַליין איז, געלויבט דער אויבערשטער, געזונט. איר קימפּעט דערנענטערט זיך און פונדעסטוועגן איז זי לייכט אויף די פיס. נתן, איר מאַן, וויל אָבער ניט, זי זאָל געלעגן ווערן אין דער היים. האָט ער שוין באַשטעלט אַ צימער אין אַ קליניק. איז זי צופרידן וואָס זי דאַרף קיינעמס הילף ניט. און צו לאָזן ביילקען אַליין האָט זי אויך קיין מורא ניט. ווילענסקי איז אַ גוטער פריינד. מען קען זיך פאַרלאָזן אויף אים...

דערהערט אַז עס גייט אַזוי גוט, האָט משה־לייב אָנגעהויבן טענהן, אַז עס וואָלט גלייכער געווען נעמען ביילקען אַהיים. וואָס וועט זי דאָרטן אויסזיצן? און ווען צילע וועט, מירצעשעם, געלעגן־ווערן, וועט שיינע־שרה צופאָרן קיין מאָהילעוו, העלפן פּראַווען דעם קימפּעט...

האָט שיינע־שרה אויסגעהערט משה־לייבס עצה און גאַנץ געלאַסן אָפּגעענטפערט: אַז ערשטנס פּראַוועט מען היינטיקע צייטן קיין קימפּעט ניט. די אַקושערקע אין קליניק פּראַוועט דאָס. און וואָס עס געהערט זיך אַן מיט ביילקען — טאָר מען זי אַצינד ניט רירן פון אָרט, נאָך מער ווי אַן אַנדערש מאָל. מען מוז דאָס הינדעלע לאָזן זיך אויספּיקן פון איי איינע אַליין... ברענגען זי כדי זי זאָל זיך ווייטער צוזאַמענשמעקן מיט מאַקאַראָווקי? מען זאָל ווייטער לויפן זוכן זי אין די נאָענטסטע וועלדלעך? אַ שיינעם דאַנק! בעסער לאָזן ווי עס גייט. ווילענסקי איז אַ פיינער יונגערמאַן. זיין טאַטנס שניט־קראָם גייט אַפילו ניט אַזוי גוט, זאָגט מען, די לעצטע צייט. אָבער אַז די שטאָט ברענט, ראַטעוועט מען ניט היי פון בזידעם, נאָר מען ראַטעוועט די צירונג פון קאַסטן...

דאָס זיינען געווען קלאָרע און ריכטיקע ווערטער. איז אים, משה־לייבן ווידעראַמאָל געבליבן ניט מער ווי נאָכצוגעבן זיין אשת־חיל און צופרידן־זיין מיט אַלץ וואָס זי טוט. פון צופרידנקייט האָט ער אַפילו גענומען שלום־מאַכן מיט ריקעלען, וועלכע ער האָט לכתחילה ניט געקענט ליידן, שוין דערפאַר אַליין, ווייל זי שטאַמט פון האָפּיאַס כאַטע... ער האָט אין איר געזען אַ פאַרקערפּערונג פון אַ שלעכטן שפּיצל וואָס מאַקאַראָווקי האָט אים אָפּגעטאָן: פאַריאָגט זיין מיזינקע פון שטוב און געשענקט אים, אָנשטאָט איר, אַ שוואַרצע קאַץ...

אַזוי אָרום איז אין משה־לייבס הויז פרידלעכער געוואָרן, רואיקער.

און ווידער אַמאָל האָט זיך שיינע־שרהס טרוקענע האַנט אַראָפּגעלאָזן אין ריקעלעס אויסגעבויגטן רוקן, ווי אין אַ סאַמעטענעם זאַטל. און ריקעלעס עק האָט זיך האָפּערדיק פאַרריסן ווי אַ פאָן פון שלום...

אין די קאַלטע, בלוי־פאַרעדיקע פרימאָרגנס גייט משה־לייב אַרויס פּאָיען דעם פערד זיינעם און שיינע־שרה שטייט אויף שטעלן דעם סאַמאָוואַר. זי גיסט אָפּ נעגל־וואַסער, פרעפּלט אויסווייניק די „ברכות" און ריקעלע טוט דאָס נאָך. זיצט אויפן ברעג אויוון, לעקט זיך די פאָדערשטע לאַפּקע און וואַשט זיך דעם האַריקן פּרצוף־פּנימל און דעם כאַכעלטשיק. מיאַו, מיאַו... אַזוי קאַניוקעט זי דערביי שטילינקערהייט. און עס דאַכט זיך, אַז דאָס דאַוונט זי אויף איר קעצישן שטייגער: מודה אַני... אַ קעצעלע, אַ קעצעלע דאַרף זיין גוט און פרום. אַ קעצעלע אין יידישן הויז טאָר ניט פאַרצוקן קיין פייגעלעך. טאָר ניט כאַפּן פון זאַלץ־ברעטל נאָך אַ מילכיקן קרופּניקל... מיאַו! ס'איז טרייף...

איר שוואַרץ־האַריקע צורהלע האָט דערביי אַ מערקווירדיקן אויסדרוק פון אַ צנועה אַ ווייבעלע, ערשט פון מקווה געקומען, אָקערשט מיט דער טוקערקע גערעדט פון פרומע זאַכן. כאַטש נעם און טו איר אָן אַ הייבעלע איבערן קעצישן שפּיץ־קאָפּ און אויערלעך און לייג זי אַריין אין אַ פּוכענער בעטעלע...

זעט שיינע־שרה, ווי די קאַץ יידישט זיך, צעשמייכלט זי זיך אין מיטן ברכות־זאָגן. „נו, אָה... מאַכט זי, ברוך... געלויבט דער אויבערשטער וואָס האָט מיך באַשאַפן לויט זיין ווילן..." אַזוי איז שיין, ריקעלע! אַזוי איז פיין. דערפאַר קריגסטו די ערשטע אָנבייסן, אָנגעווייקטע חלה אין מילך. עס דיר געזונטערהייט!

און ריקעלע פוילט זיך ניט, שפּרינגט אַרונטער פון אויוון און כאַפּט זיך צו צום אָנבייסן מיט אַ „שהכל"־ברכה, וואָס ביי איר דריקט זיך דאָס אויס מיט אַ לאַנג־געצויגענעם „מיאַו" און מיט אַ בורטשען אין בייכל. און שיינע־שרה פּאַדיעט אַרום אין קאַך־שטוב, גרייט צו אָנבייסן פאַר משה־לייבן און פאַרענדיקט אירע „ברכות". פון ברכות גייט זי איבער אין סתם אַזוי מורמלען און אויסגיסן דאָס האַרץ, ניט פאַר זיך אַליין, ניט פאַר דער קאַץ:

— עס, עס, ריקעלע! צעפלויגן זיך מיינע קינדערלעך. געבליבן זיינען מיר דאָ „דיעד־דאַ־באַבאַ". צוליב וואָס פיר איך אַזאַ גרויסע שטוב?... און ווען איך קוק אויף דיר... טפו, טפו! צען מאָל להבדיל, דערמאָן איך זיך אָן מיין מיזינקע מיט אירע שוואַרצע האָר, מיטן רויטן בענדעלע אויפן מיטלסטן צעפּל. מען זאָל דיר, ריקעלע, אָנבינדן אַ רויטע סטענגעלע אויפן האַלדז... טפו, מען טאָר גאָר אַזוי ניט רעדן. מען טאָר אַזאַ פאַרגלייך ניט מאַכן. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך דריי זיך אַרום איבער אַלע

קאַמערן איינע אַליין. ווייטער אַנבייסן, ווייטער וואָרימעס, ווייטער ווע־טשערע און ווייטער קריאת־שמע און שלאָפן. איך האָב שוין קיין כוח ניט. און משה־לייב טאָר דערפון ניט וויסן. דאָס האַרץ גייט מיר אויס און ער טאָר ניט וויסן. אַז ניט וועט ער אין גאַנצן פאַרלירן דעם קאָפּ... אַנומלטן האָב איך אין אַלמער דערזעןביילקעס פאַרטיכל און שיכעלעך, ווען זי איז נאָך קיין צען יאָר ניט אַלט געווען. האָבן מיר גענומען ציטערן הענט און פיס. ווער זאָל זיך ריכטן, אַז איך וועל זי מוזן פון דער היים אָוועקשיקן, אויסהיטן זי פון גויעצל, וועלכן איך אַליין האָב דאָ אין שטוב געפּילנעוועט און געקיכלט. ווער זאָל זיך ריכטן וואו אַזאַ גויעצל וועט אָנשפּאַרן? ער קרענקט, זאָגט האַפּיאַ... זי וואָלט אַפילו געווען אַ בעלנטע איך זאָל איר העלפן היילן איר מיזיניק מיט מיין ביילקען... מיט מיין ביילקען... אַ חזרישע ביין האָט זיך פאַרגלוסט! זי קומט צו מיר, מיט אַלערליי אויסריידן, ווען משה־לייב איז אין דער היים ניטאָ. און אַלץ וועגן דעם. פרעגן מיך אַן עצה קומט זי. איך וויים ברוך־השם וואָס פאַר אַן עצה זי דערוואַרט פון מיר. אַ גוישער קאָפּ בלייבט אַ גויישער קאָפּ. עס, עס, ריקעלע, וואָס האָסטו מורא? וואוהין לויפסטו? אַך!... דאָס ביסטו?

— דאָס בין איך! — וואַקסט פּלוצלונג אויס משה־לייב אויפן שוועל. אין זיינע וואַרעמע וואָליקעס איז ער דורכגעגאַנגען פון שטאָל אין פּיר־הויז און מען האָט זיינע טריט ניט געהערט, — מיט וועמען רעדסטו דאָס אַזוי? מיט דער קאַץ?

שיינע־שרה, די חכמה, פאַרשעמט זיך ווי אַ קליין מיידעלע. און כדי באַהאַלטן איר צעטומלטקייט, שרייט זי אַן אויף איר מאַן:

— וואָס גייסטו נאָך מיר נאָך, ווי אַ קאַץ אין זאָקן? וואָס הערסטו מיך אונטער? איך רייד מיט מיר אַליין, רייד איך. פון האַרצן רייד איך מיר אַראָפּ. נו, איז וואָס? טאָר איך ניט? גיי, גיי! דאַוון בעסער אָפּ און זעץ זיך עסן אַנבייסן. דער סאַמאָוואַר זידט שוין, דו זעסט דאָך...

## איין און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## וואַנקעס שאַטן

1

דאָס פּלוצלעכע אַוועקלויפן ביילקעס, אירע פאַרסודעטע ווערטער וועגן הילף, וועלכע זי וועט אפשר האָבן נויטיק, האָבן ווילענסקיס בענק־שאַפט, נאָך זיין קאַפּריזנער שילערין, נאָך שטאַרקער געמאַכט. דער זונ־טאָגדיקער באַזוך אין גרויסן רוסישן קלויסטער האָט זיי געהיימניספול

פֿאַרבונדן; עפּעס ווי זיי וואָלטן געווען צוויי פֿאַרשווערער און ווייסן ביי־דע איין וויכטיקן סוד.

מער ווי פֿריער האָט זיך גרשון ווילענסקי קוים געקענט דערוואַרטן אויף דער מאָרגנדיקער לעקציע, וואָס ער דאַרף ביילקען געבן; דאָס הייסט מאָנטאָג פֿאַרנאַכט, אַזוי גיך ווי ער ווערט פֿריי פֿון דער וועטערי־נאַר־שול, וואו ער אַליין לערנט זיך. און אַז ער האָט זיך שוין געהאַט דערוואַרט — האָט ער זיין שיינע שילערין געפֿונען קאַלט און אָפּגעזונ־דערט. זי האָט, דאַכט זיך, אין גאַנצן פֿאַרגעסן אויף דער נעכטיקער אי־בערלעבונג, אויפֿן גלאָקן־קלאַנג, וואָס האָט זי אַזוי דערשיטערט; אויף ווילענסקיס פֿאַרגלייכונגען, וואָס ער האָט געצויגן צווישן קלויסטער און, להבדיל, חסידישן קלויז...

און ווען ער האָט אָציינד געמאַכט אַ פֿאַרזוך אָנצובינדן דעם נעכטיקן איבערגעריסענעם שמועס און נאָכאַמאָל געפּרוּווט אָנצורופֿן זי „ביילינ־קע", ווי אַ נאָענטער קרוב, האָט זי אַ קאַפּעלע אָנגעקנייטשט דעם גלאַטן שטערן צווישן די אויגן און גיך־גיך גענומען לייענען די פּושקינשע פּאָעמע, וואָס ער האָט איר געגעבן איינצוחזרן מיט עטלעכע טעג צוריק:

— „ציגאַניע שומנאָיו טאָלפּאָי..."
ציגיינער, אין אַ טומלדיקער כאַפּטע,
וואַנדערן איבער בעסאַראַביע;
היינט נעכטיקן זיי, ביים ברעג פֿון טייך,
אין צעפּליקטע און פֿאַרלאַטעטע געצעלטן.

— ביסט אַליין אַ גוטע ציגיינערין! — האָט זי ווילענסקי אָנגעקוקט פֿון דער זייט מיט אַ טרויעריקן שמייכעלע. און איז אַוועק, נאָך דער לעקציע, אַן אומעטיקער, אַ פֿאַרדראָסיקער, אָן האָפֿענונג, אַז ער וועט אַט דער שיינער חיה ווען ניט איז קענען צוימען...

אָבער דאָס רעגעלע באַגעגענען זיך עטלעכע מאָל אין וואָך, דאָס באַזונדער אַרט פֿון אַריינקוקן אין אירע שוואַרצע אויגן, ווי אין אַן אָפּגרונט, בשעת געבן איר די אָדער יענע דערקלערונגען; דאָס טרויע־ריקע שמייכעלע ווילענסקיס, ווען זי פֿאַרשטייט עפּעס ניט און פֿרעגט איבער, — דאָס אַלץ האָט סוף־כל־סוף גענומען אַריינדרינגען אין בייל־קעס קאַפּריזנער נאַטור, און די דערנענטערונג צווישן זיי איז געקומען כמעט פֿון זיך אַליין. און ווען ער האָט זיך ווידער געמאַכט פֿאַרגעסן ווי זי הייסט און אָנגערופֿן זי מיט אַ ליבלעכן פֿאַרקלענערטן נאָמען: „ביי־לינקע", האָט דאָס ביי איר מער ניט אַרויסגערופֿן יענעם לייכטן ווידער־ווילן, ווי בשעתן באַזוך אין קלויסטער און צומאָרגן ביי דער לעקציע. זי האָט זיך צוגעוואוינט דערצו ווי צו אַ נייעם, אַ ביסל ענגלעכן שוך..

און שפּעטער, ווען ער האָט גאַנץ אומגערן, דאַכט זיך, אַ פּיר געגעבן מיט זיין בלאַסער האַנט איבער אירע שוואַרצע און ברויזיקע האָר, האָט זי אים ניט אָפּגעשטויסן. „זאָל ער!״ האָט זי זיך געטראַכט האַלב־ניי־געריק האַלב־גלייכגילטיק. און פון דעמאָלט אָן האָט ער זי געגלעט אי־בערן קאָפּ, ווען עס האָט זיך אים געגלוסט. ער האָט דערביי ניט זיכער גע־שמייכלט און זי האָט נאָר קוים־קוים דעם ברוינעם נאַקן איינגעבויגן, ווי אונטער אַ לאַסט...

דערנאָך איז געקומען אַ פאַרנאַכט, ווען די שויבן זיינען געווען פאַר־צויגן מיט פראָסט, ווי מיט געצאַצקעטן טיול. אין צילעס שטוב איז גע־שטאַנען אַ זיסער געמיש פון שניי־שיין און טונקלקייט, און ביילקע האָט אָקערשט שיין פאַרענדיקט אַ גוט־אויסגעהזרטן שטיק פון גאַגאָל וועגן דניעפּר, וואָס איז זיי ביידן אַזוי גוט באַקאַנט: ווי וואונדערלעך ער איז בשעת אַ שטילן זומערדיקן וועטער, ווען ער טרייבט, דורך בערג און טאָלן, זיינע פולע וואַסערן... דער געגנזאַץ צווישן זומער אין בוך און ווינטער אין דרויסן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווילענסקי האָט דאָס מער ניט אויסגעהאַלטן. אַ קעלטל איז אים דורכגעלאָפן אין רוקן און ער האָט אויסגעשטרעקט ביידע מאָגערע הענט, אַנגענומען זיין זומערדיקע שילערין ביי די קיילעכדיקע פּלייצעס, צוגעצויגן זי צו זיך און געטריי, ווי אַ הונט, אַריינגעקוקט איר אין די אויגן. געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געזאָגט, נאָר די ליפּן זיינע האָבן זיך קוים אַ שאָקל געגעבן... אָבער אַפילו די דאָזיקע דרייסטקייט האָט אויף ביילקען קיין איבעריקן איינדרוק ניט געמאַכט. זי האָט קיין באַזונדער מינע ניט פאַרצויגן, נאָר דעם קאָפּ אַרונ־טערגעלאָזן און געשוויגן.

זי אַליין האָט זיך דערביי געוואונדערט וואָס ניט איר פאַרדריסט דאָס, ניט עס פרייט זי. נאָר אַ מאָדנער געפיל פון אומבאַפרידיקטקייט איז איר געשטאַנען אין גאַנצן לייב. עפּעס ווי זי וואָלט שטאַרק הונגע־ריק געווען און געטרונקען וואַסער...

ווילענסקי האָט דאָס ניט באַמערקט, אָדער געמאַכט זיך אַז ער באַ־מערקט ניט, און אָנגעהויבן קומען צו איר אויסער די לעקציעס אויך. אַלע פרייע פאַרנאַכטן געקומען צו איר, כמעט יעדן טאָג. און באַלד, נאָכן „גוט־נאַוונט״ און אַנדערע געוויינלעכע ווערטער, פלעגט זיך שאַפן אַ פּוסט־קייט אַרום זיי ביידן. צילע איז שוין געווען אין אירע לעצטע וואָכן פון טראָגן און געהאַט אַ גוטן אויסרייד, אַז זי טאָר שפּעט ניט זיצן. שוואָגער־בתן פלעגט זי אַוועקפירן אין שלאָף־צימער אונטערן אָרעם און מער ניט אַרויסגעגאַנגען. און יעקב, ביילקעס ברודער, פלעגט זיך עפּעס אַלע מאָל דערמאָנען אַז ער מוז לויפן, ער איז פאַרבעטן צו אַ חבר פון פעלד־שער־שול, און האָט שוין פאַרשפּעטיקט... אַזוי אַרום פלעגן, כמעט אַלע מאָל, לערער און שילערין בלייבן אַליין.

דאָס איז געוואָרן די זיסטע שעה פאַר אים און די ניט־אָנגענעמסטע — פאַר איר... מען קען ניט זאָגן, אַז ביילקע פלעגט זיך נודיען, אַזוי ווי פריִער, ווען ווילענסקי פלעגט בלייבן זיצן צו לאַנג. אין גרונט־גענומען איז איר געוואָרן אינטערעסאַנט אַלץ וואָס ער דערציילט איר וועגן זיין שטודירן אין דער וועטערינאַר־שול, וועגן דעם לעבן פון שטוב־חיות, זייערע נוצן וואָס זיי ברענגען און זייערע חולאתן מיט וועלכע מען קעמפט. אָבער דאָס אַלץ איז געווען, ווי אַ ניט־ריכטיקע רפואה וואָס זי נעמט איין צו אַ ווייטיק, וועלכער האָט קיין נאָמען ניט, פון וועלכן מען טאָר אַפילו ניט ריידן. דער דאָקטאָר, אין געשטאַלט פון גרשון ווילענסקי, היילט איר גאָר אַן אַנדער אָרט, וועלכער איז געזונט, און זי קען ניט און דאַרף ניט אָנווייזן וואו עס טוט באמת ווי. אַזוי פיל צוטרוי צו אים האָט זי נאָך ניט באַקומען. אָט, ווען ער אַליין וואָלט ניט געווען פאַרקאָכט אין איר — וואָלט אפשר אַנדערש געווען. אָבער זיינע אויגן, מיטן אויסדרוק פון אַן איבערגעגעבענעם הונט, יעדע באַוועגונג זיינע פון אַ פאַרליבטן, האָבן ניט דערלאָזן זי זאָל מיט אים זיין אָפנהאַרציק. זי איז געבליבן העפלעך און קיל און געליטן דערפון, וואָס זי קען אים ניט ענטפערן מיט דער זעלבער גוטסקייט, וועלכע ער טראָגט איר אומעטום אַנטקעגן.

ער אַליין, דאַכט זיך, באַמערקט דאָס אויך. ער באַמערקט דאָס זייער דייטלעך אין אַ מאָמענט, ווען זיי זיצן ביידע און שמועסן, ביי דעם פאַרנאַכטיקן שיין פון דעם געפרוירענעם שניי, וואָס שלאָגט אַריין פון דער גאַס. ווינטערדיקע גלעקלעך צעקלינגען זיך הינטערן פענצטער, אַ קלאַפּן פון פּאָדקאָוועס דערגרייכט און אַ האָפערדיקער קנאַל פון אַ בייטש — און מיטאַמאָל פאַרענדערט זיך ביילקעס פּנים, זי פאַרלירט דעם פאָדעם פון געשפּרעך. מען רעדט צו איר און זי הערט ניט. די נאָז־פליגלען ציטערן ביי איר ווי ביי אַ יונגער איינגעשלאָסענער חיה, וואָס דערשמעקט דעם אָרט, פון וואַנען זי איז אַוועקגעריסן געוואָרן. עמיצער פון אירע נאָנטע זוכט זי הינטערן פענצטער, געפינט זי ניט און פאַרבלאָנדזשעט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. און ווידער אַמאָל בלייבט זי דאָ איינע אַליין אין איר געפאַנגענשאַפט...

ווילענסקי מאַכט זיך, אַז ער האָט גאָרניִשט געזען, רייסט איבער זיין וואָרט און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס... די לייכטע ביטערקייט פון רויך גיט ביילקען אַ זעץ אין שאַרפן נעזל פון אַ דאַרפישער האָדולקע. זי רייסט אויף די פאַרשוואָומענע אויגן, דערזעט אים, ווי ער זיצט און רויכערט, און דערפילט מיטן חוש אַז אַצינד ווייסט ער באַשטימט וואו עס

קוועטשט איר און וואו דער קאָפּ אירער ליגט... ער איז אָבער דעליקאַט און וויל ניט אָנרירן וואָס מען דאַרף ניט. נאָר אָנשטאָט צו זיין אים דאַנק־באַר פאַר אַזאַ איינגעהאַלטנקייט — דערוועקט זיך אין איר אַ מאָדנע בייזקייט פון אַ קאַץ, וועלכע מען לאָזט רואיק ניט נאָגן אַ געפונענע פעטע ביינדל... וואָס וויל ער דאָ פון איר? וואָס מוטשעט ער זי? וואָס קוקט ער איר נאָך? וואָס איז דאָס זיין עסק?...

און איין מאָל פאַרנאַכט איז ער געזעסן לעבן איר און געשפּילט זיך מיט די וואָלענע פרענדז פון איר געשטריקטער באַרדאָ־פאַטשיילע. עס איז געווען די זעלבע פאַטשיילע, מיט וועמענס וואַרעמע פליגלען זי האָט אין קילן וואַלד אַרומגענומען וואַנקען, איר מילך־ברודער, און די מאַמע האָט זי געכאַפּט און אָוועקגעפירט, ווי אַ געפאַנגענע, אַהיים... ווילענסקי האָט דערפון ניט געוואוסט, נאָר עפּעס האָט ער געהאַט אַ מאָדנעם געפיל, שפּילנדיק מיט די ווייכע פרענדז. זיי האָבן אים, דאַכט זיך, איבערגעגעבן דעם ציטער פון ביילקעס אומרואיקן האַרץ. וואָרעם אין מיטן דערינען, אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג, האָט ער אַ פרעג געגעבן:

— ביילינקע, איר געדענקט נאָך דעם קלויסטער?

דאָס האָט זי געטראָפן ווי אַ ברום־קלאַנג פון גלאָק, יענעם זונטאָג אין דער פרי. האָט זי אָפּגענומען די רויטע פרענדז פון זיינע בלאַסע פינ־גער און אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט.

— וואָס... וואָס מיינט ער דערמיט?

זי האָט דאָס אַ פרעג געטאָן שטיל, גאָר שטיל, מיט פאַרטאַיעטן חשד. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט גויישקייט האָט ביי איר אויפגעוועקט פאַרדאַכטן, אַז מען שפּירט איר נאָך, אַז מען וויל זי אויספאָרשן...

— איך מיין גאָרניט... — האָט ער זי אָנגעקוקט מיט זיינע ערלעכע אויגן. — איך מיין נאָר, צי זייט איר שוין מער ניט נייגעריק?...

— ווי זאָל איך אייך זאָגן?... — האָט זי זיך באַרואיקט און מער קיין ווערטער ניט געפונען.

— איך מיין, — האָט ער איר אונטערגעזאָגט איר פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג, — צי וואָלט איר ניט געוואָלט נאָך אַמאָל זען ווי „זיי" דאַווע־נען?... אין אַ חגא־טאָג...

— אויב עס וועט זיך מאַכן... — האָט זי כלומרשט גלייכגילטיק מסכים געווען. זי איז דערביי רויט געוואָרן און געווען צופרידן, וואָס די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט פאַרשלייערט דאָס און נאָר זי אַליין ווייסט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט ביי איר אַצינד.

— עס וועט זיך געוויס מאַכן!... — האָט איר ווילענסקי פאַרזיכערט.

— יעדער מענטש דאַרף אַלץ איבערלעבן, דאַרף אַליין אויספּרוּוון זיין

לוסט און זיין ווילן. ערשט דעמאָלט קען ער וויסן וואו אָפּצושטעלן זיך, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט...

אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין וואָרט, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך.

— דאָס איז ריכטיק, ריכטיק ווי... ווי גאָלד! — האָט זי זיך פאַר־כליניעט פון אויפרעגונג. — ערגער פון אַלץ איז ווען מען קוקט נאָך, ווען מען לאָזט ניט צו, ווען מען שטערט פון אַלע זייטן...

— ווער שטערט אייך, ביילינקע? ווער לאָזט אייך ניט צו?

— אַלע, אַלע... — האָט זי זיך ליידנשאַפטלעך צעקאָכט. — פריער די מאַמע, דערנאָך דער טאַטע. אַצינד מיין אייגענע שוועסטער, מיין איי־גענער שוואָגער. און אויב איר ווילט —

— אויב איך וויל?... — האָט ער איר צוגעגעבן מוט.

— איר וועט ניט ווערן ברוגז? מיר דאַכט... איר אויך...

— איך? — האָט ער זיך שוואַך פאַרטיידיקט. — איך אויך? עס זאָל זיין אָפּהענגיק פון מיר, וואָלט איך אייך געלאָזן פריי. כ׳וואָלט נאָר פריער געוואָרנט: „דאָס איז גוט, יענס איז שלעכט״. מער גאָרנישט. אָנ־ווייזן און לאָזן פריי... אין גאַנצן.

— אין גאַנצן פריי? — האָט זי איבערגעפרעגט.

— אין גאַנצן. פאַראַן אַזאַ שפּיל־שטיק פון אַ פרוי, וואָס איז פאַר־ליבט אין עפּעס אַ פאַרברעכער, אַן אַוואַנטוריסט, וואָס האָט אַפילו קיין נאָמען ניט. מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט ציט ער די פרוי פון איר מאַן, מיט וועלכן זי לעבט גליקלעך. אָבער אַזוי גיך ווי דער מאַן אירער זאָגט איר: „גיי, אויב דו ווילסט! פאַרלאָז זיך אויף זיך אַליין! נעם די גאַנצע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך!״ פאַלט אָפּ דער גאַנצער כישוף. זי בלייבט מיט איר מאַן. דאָס מאָל אויף אייביק.

— ער איז מסתמא געווען זיכער, דער מאַן אירער, אַז זי איז בעסער ווי זי אַליין מיינט; אַז זי וועט דאָס ניט טאָן...

— ניין. ער איז גאָר ניט געווען זיכער. אַ האָר אויך ניט...

— און איר זייט זיכער? זאָגט מיר דעם אמת. איר מיינט, אַז איך בין בעסער ווי איך מיין? זאָגט!

— ביילינקע, איך בין זיכער. ווי איצטער איז אָוונט אויף דער וועלט! זיך אַליין קענט איר ניט...

הייסע טרערן זיינען איר אָנגעלאָפן אין די אויגן און זי האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין:

— אַ, זייט ניט זיכער! זייט ניט... איר קענט מיך ניט. קיינער קען מיך ניט. איך בין אַ סך ערגער פון יענער, וואָס איר דערציילט. אַ סך ערגער...

— וואָס רעדט איר? — האָט ער זיך אויך אויפגעהויבן, געוואָלט אָננעמען זי פאַרן אָרעם, אָבער זי האָט זיך ניט געלאָזן. בויגיק ווי אַ קאַץ האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע לעכצנדע פינגער.

— איר קענט מיך ניט, איר קענט מיך ניט, איר קענט מיך ניט! — האָט זי גיך־גיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד און אַנטלאָפן; ווידער־אַמאָל אַנטלאָפן פון אים, ווי אין יענעם זונטאָג, נאָכן באַזוך אין קלויסטער. דאָס מאָל איז זי אַנטלאָפן גלייך אין איר קאַמער אַריין און איינגעשלאָסן זיך. מער ניט געוואָלט אַרויסגיין, און אויף זיין באַשיידן קלאַפּן אין טירל — ניט געענטפערט.

3

אַ קורצע צייט נאָכן גויישן נייעם יאָר האָט צילע דערפילט דאָס ערשטע באַנעמעניש, און נתן, איר מאַן, און יעקב, איר ברודער, האָבן זי אָפּגעפירט אין קליניק, וואָס איז שוין געווען באַשטעלט פאַר איר פון פריער אָן.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זי געפינט זיך ביי איר שוועסטער, איז ביילקע דאָס מאָל געבליבן איינינקע אַליין אין שטוב... אָבער אַנשטאָט פרייער אָפּצואָטעמען, האָט זי זיך דערפילט ניט היימלעך. אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס. און וואָס מער דער טאָג איז פאַרגאַנגען אַלץ שווערער איז איר געוואָרן אויפן האַרצן. די געפּרווירענע, ווי מיט בעלמעס פאַר־צויגענע שויבן האָבן זי געשראָקן. איר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז עמיצער באַמיט זיך אַריינצוקוקן דורך זייער פראָסטיקן שלייער און זוכט, מיט נאָז און אויגן, אַ פרייען שטיקל גלאָז...

האָט זי זיך איינגעשלאָסן און געוואַרט גרשון ווילענסקי זאָל אָנ־קלאַפּן. ער וואָלט איצטער געווען אַזאַ פּאַסיקער גאַסט. אָבער ער איז ניט געקומען. גראָד היינט האָט ער זיך עפּעס שטאַרק פאַרשפּעטיקט. האָט זי געוואַרט יענקעלע, איר ברודער, זאָל צוריקקומען און דערציילן, ווי עס גייט צו מיט צילען. אָבער אויך ער האָט אויף איר פאַרגעסן. דער דאָקטאָר האָט אָפילו געוואָרנט, אַז אַן ערשטלינג קומט ניט אַזוי גיך... אָבער איר אומגעדולד און איר באַהאַלטענע מורא זיינען געווען שטאַרקער.

מיט אַמאָל האָט זי דערהערט ווייכע און דייטלעכע טריט לעבן אַריינ־גאַנג אין דרויסן. דאָס זיינען ניט געווען טריט פון שטיוול. דער דורכגע־פרווירענער שניי האָט אונטער זיי באַזונדער־לייכט געסקריפּעט, ווי אונטער ברייטע וואַליקעס אָדער לאַפּטיעס... די טריט זיינען אַ ווײַלע שטיין גע־בליבן און זי האָט זיך אין גאַנצן אָנגעשפּיצט, אָנגעצויגן זיך ווי אַ סטרונע. און מיטאַמאָל דוכט זיך איר, אַז דער וואָס שטייט דאָרטן טאַפּט די דרויסנ־

דיקע קליאַמקע. יאָ, יאָ. וואָרעם די אינעווייניקסטע האָט זיך אויפגעהויבן, ווי דאָס צינגל אין אַ ביקס, ווען מען שטעלט אים אָן צום שיסן. אָבער אויסגעשאָסן האָט ניט די קליאַמקע, נאָר זי אַליין.

— ווער איז דאָס? — האָט זי אויסגעשריען ווי אַ באַנומענע.

די קליאַמקע איז גלייך אַראָפּגעפאַלן. די ניט־האַרטע טריט האָבן זיך צעסקריפּעט גיך־גיך. דערווייטערט זיך. אַנטלאָפן.

ביילקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרצן. אָט, אָט, דאַכט זיך, פאַלט דאָס אַרויס און צעשיט־זיך צו אירע פיס. אַזוי האָסטיק האָט דאָס געקלאַפּט. זי האָט זיך, פון פלוצלעכער שוואַכקייט, אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול און מיט אָנגעשטרענגטע אויגן געקוקט אויף דער קליאַמקע, ווי אויף אַ לעבעדיקע און געפערלעכע זאַך, וואָס האָט נאָר איינגעדרימלט אויף אַ ווילע... די קליאַמקע, אָבער, האָט זיך מער ניט גערירט.

וויפיל זי, ביילקע, איז אַזוי געזעסן, ווייסט זי ניט. צו די פענצטער איז צוגעפאַלן די נאַכט. די געפרוירענע שויבן האָבן געגלימצערט אין דער טונקלקייט און זי האָט זיך ניט באַוועגט; מורא געהאַט אויפצוהויבן זיך און אָנצינדן אַ לאָמפּ; מורא געהאַט צו צעשטערן דעם כישוף, וועלכער האָט אַהער אַראָפּגעבראַכט די געהיימניספולע טריט אין לאַפּטיעס, דאָס גנבישע אָנרירן די קליאַמקע. זי איז זיכער געווען, אַז ס'איז געווען ניט עמיצנס אַ טעות, נאָר אַ ציל; אַז געמיינט האָט מען טאַקע זי... נאָר זי אַליין האָט יענעם איבערגעשראָקן מיט איר געשריי. איבערגעשראָקן ווי אַ ווילדן פויגל.

מיטאַמאָל איז די קליאַמקע ווידער לעבעדיק געוואָרן, אומגעדולדיק גענומען האַקן.

ווער איז דאָס? — האָט ביילקע ווידער ניט אויסגעהאַלטן, אויפ־געשריען, אויפגעשפּרונגען פון שטול, אין גאַנצן אַ דערציטערטע.

— איך, איך, איך! — האָט זיך דערהערט יענקעלעס פרישער קול.

— וואָס ט'איר זיך איינגעשלאָסן?

און ווען זי האָט אים אויפגעמאַכט, אַ ביסל אָן אַנטוישטע, האָט ער זיך אַריינגעריסן אין דער טונקלקייט, אין גאַנצן ווייס־געפּינטלט פון פראָסט — דער פעלדשער־שינעל, דער לאַקירטער דאַשעק.

— אין דער פינצטער, — מאַכט ער — זיצט איר גאָר?... מזל־טוב דיר, ביילינקע! אַ יינגעלע האָט זי געהאַט...

— שוין?

— צוגעגאַנגען אַ סך גיכער. די אַקושערקע זאָגט, אַז עס טרעפט אַמאָל אין אַ יובל. אָן ערשטלינג, זאָגט זי, און אַזוי גיך. דאָס איז דערפאַר, ווייל צילע איז, אָן עין הרע, געזונט און יונג...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן דרינען, קורצזיכטיק אַרומגעקוקט זיך אין דער פינצטער:

— איינע אַליין זיצסטו גאָר? און וואו איז ווילענסקי?

— ער איז ניט געקומען.

— ניט געקומען? — האָט יענקעלע איבערגעפרעגט. — די גאַנצע צייט אַליין געווען?

— די גאַנצע צייט.

— אַך, אַך, איך וואָלט געוואוסט, וואָלט איך שוין פריער געקומען צולויפן.

— אָ, — מאַכט ביילקע אַ קאַפּעלע פּאַרביסן, — איך ווייס שוין, איר היט מיך דאָך, איר אַלע...

— דו ווייסט, זאָגסטו? — האָט יענקעלע אַראָפּגעלאָזן זיין פריילעכן קול, — דו ווייסט גאָרניט...

ער האָט גיך אַראָפּגעכאַפּט דעם שינעל פון זיך, אָנגעצונדן אַ לאָמפּ. ברודער און שוועסטער האָבן זיך צעפינטלט איינער אויפן צווייטן ביז יענקעלעס אויגן זיינען אויף איר שטיין געבליבן:

— די גאַנצע צייט קיינער ניט געווען?

ביילקע האָט האַרט איינגעקנייטשט די ברעמען, ווי זי טוט אַלע מאָל, ווען די קעציש ע בייזקייט קומט אויף איר אָן:

— גלויבסט מיר אפשר ניט?

יענקעלע האָט ניט אויסגעהאַלטן ביילקעס שאַרפן קוק, אַראָפּגעלאָזן די קורצזיכטיקע אויגן:

— אַוודאי גלויב איך דיר. ניט דאָס מיין איך...

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, געזוכט ווערטער:

— אייגנטלעך ניט געדאַרפט דיר זאָגן. אין גאַנצן ניט. און אפשר איז בעסער — אַז יאָ...

דאָס האַרץ האָט זיך ביי איר ווידער צעפּויקט. אָט, אָט פאַלט דאָס אַרויס און צעשיט זיך צו אירע פיס, פּונקט אַזוי ווי פריער, ווען די קליאַמ־קע האָט זיך צעשאָקלט.

— זאָג שוין, זאָג שוין! — האָט זי זיך שטיל גענומען בעטן — וואָס דאַרפסטו מיר ניט זאָגן?

— אַ מאָדנע זאַך... — האָט זיך יענקעלע מיישב געווען מיט זיך אַליין. — מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער גייט גלייך פון דאַנען, כאָטש געטראָפן האָב איך אים מיט דריי גאַסן ווייטער. ער האָט מיך געוואָלט אויסמיידן, נאָר איך —

— וואַניע!... — האָט זי אים איבערגעשלאָגן ווי אַ באַנומענע — ער? ער?

יענקעלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

## צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# דער שאָטן האָט באַקומען לייב...

1

דאָס וואָס יעקב האָט דערנאָך דערציילט זיין שוועסטער וועגן דער פּלוצלעכער באַגעגעניש מיט וואַנקען, איז געווען גאַנץ געוויינלעך; און דערציילט האָט ער דאָס מיט פּשוטע ווערטער. אָבער ביילקע האָט דאָס אויסגעהערט מיט האַרצקלאַפּעניש און אומגעדולד און אויסגעטייטשט ווי אַ וואונדער. מיט איבערגעטריבענע פאַרבן האָט זי זיך דאָס אויסגעמאָלט און געפונען די באַשיידונג: פאַרוואָס זי האָט היינט אַזוי מורא געהאַט צו בלייבן איינע אַליין אין שטוב, און פאַרוואָס אַ נאָז־און־אויגן האָבן זיך איר אויסגעדוכט צווישן די געפרוירענע קווייטן אויף די שויבן... און פאַרשטאַנען האָט זי: ווער עס האָט דאָ היינט גערירט די קליאַמקע פון טיר און ניט געווען גענוג דרייסט אָפּצורופן זיך, ווען זי האָט אויסגעשריען: „ווער איז דאָס דאָרטן!...“

דערציילט האָט יעקב איר ברודער, אַז דאָ, מיט עטלעכע גאָסן ווייטער, ביים אַלטן קלויסטער האָט ער אָנגעטראָפן איר מילך־ברודער. און כאָטש יענער איז געווען אָנגעפּעלצט און זיין פּנים — האַלב־פאַרוויקלט אין קאָלנער און אין באַשליק, פונדעסטוועגן האָט ער אים דערקענט. די אויגן זיינע האָבן אים אַ בליץ געגעבן ביי אַ לאַמטערנע. אַזעלכע אויגן האָט זעלטן־ווער... לכתחילה האָט זיך וואַנקע אָוועקגעמאַכט. אָבער ער, יעקב, איז אים נאָכגעלאָפן אַ פּאָר טריט און אָפּגעשטעלט. עפּעס איז אים ניט געפעלן געוואָרן וואַנקעס הילוך, און זיין אָפּקערן דעם קאָפּ... „וואָס טוסטו אין מאָהילעוו?“ — גיב איך אים אַ פרעג. „דאַ טאַק, דאַ סיאַק“, האָט ער גענומען שטאַמלען, „נאַדאָט!“ *). וואָס הייסט „נאַדאָט“? צום „נאַרוזשנאַי“**), מאַכט ער, געקומען מיט מיין עלטערן ברודער אָפּאַנקע. זאָג איך: צום „נאַרוזשנאַי“ קומט מען דאָך עטלעכע טעג פאַרן פּריזיוו, סוף זומער... „דאַ טאַק, דאַ סיאַק“, הייבט ער מיר ווידער אָן באַלעבעטשען, דערווייל־וואָס וועל איך דאָ פאַרקויפן דעם טאַטנס פּענקע... אַזוי שפּעט, פרעג איך, פּענקע? לעיבאַ, מאַכט ער, דיין טאַטע „איז פּאָדהורי“ ***) האָט ניט געוואָלט קויפן. ער איז ברוגז מיט די אונדזעריקע „אין מאָקאַראָווקי“. געבליבן ליגן ווי אַ שטיין. וועל איך שוין פאַר איינע הוצאות

---

*) אַזוי זיך... מען דאַרף.
**) אָפּשאַצונג פון יאָרן לויטן אויסזען.
***) פון אונטערבאַרג.

אָפּפּטרן מיין „נאַרוזשנאַי״ אויך. אָנהויב אָסיען איז קיין סך צייט ניטאָ. אין שייער איז מען פאַרנומען און די בולבעס גראָבט מען אויס — דער ערשטער פראָסט זאָל זיי ניט קאַליע מאַכן...

דאָס אַלץ לייגט זיך אויפן זינען. ער איז מיר אָבער געווען אַ ביסל צו באַריידעוודיק, וואַנקע. נאָכן „טאַק־דאַ־סיאַק״ געגומען שיטן מיט ווער־טער. פרעג איך: „זינט ווען, וואַנקע, ביסטו דאָס געוואָרן אַזאַ מבין אויף פּענקעס? פאַרוואָס איז דיין באַטקע אַליין ניט געקומען?״ קלאַפּט ער מיר אָפּ ווי אַן איינגעחזרטע סדרה: דער באַטקע איז שוין אַלט, די מאַמקע איז קראַנק. דער סטאַראָסטע אין דאָרף האָט דאָס אַן עצה געגעבן דעם טאַטן: לאָז דיינע כלאָפּצעס פאָרן! פאַר איינע הוצאות וועלן זיי שוין אָפּפּטרן דעם „נאַרוזשנאַי״. אַ צעטעלע האָט ער מיר אויפן האַנט געגעבן. נאַ, זאָגט ער, ווען דאָס וויזן וועמען מען דאַרף, וועסטו קריגן אַ „לגאָטע״.

און פון וואַנען, פרעג איך, גייסטו דאָס איינער אַליין? און וואו איז אַפּאַנקע? ביים „קום״ *), מאַכט ער, איז ער געבליבן, דאָרטן וואו מיר נעכטיקן. שפּאַציר איך מיר אַ ביסל איבערן שטאָט...גאַנץ פיין, זאָג איך, וואַניע. שפּאַצירן — פאַרוואָס ניט? אָבער מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דו האָסט מיך דערקענט און זיך אַוועקגעמאַכט. מיר זיינען דאָך עפּעס זעמליאַקעס און מיר קענען זיך פון קינדוויז אָן. מיטאַמאָל מאַכסטו זיך גאָר אַוועק...

יעקב האָט אָנגעשטעלט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אויף זיין שוועס־טער און איז אַנטשוויגן געוואָרן. ביילקע און ניט ביילקע... אַלע קאָלירן האָבן זיך געביטן אין איר ברוינלעכן פּנים. די אויגן האָבן געברענט, די נאָזלעכער — געציטערט. און מיטאַמאָל האָט זי אים אָנגעכאַפּט ביים אָרעם מיט אַלע פינף פינגער, ווי מיט אַ צוואַנג. ער וואָלט קיין מאָל ניט גע־גלויבט, אַז זיין זיבעצניאָריקע שוועסטער האָט איז זיך אַזאַ כוח: —

— זאָג קיינעם ניט, יענקעלע, קיינעם ניט! דו הערסט?

— האָסט מורא? וועמען־וועמען, נאָר דיר האָב איך דער ערשטער ניט געדאַרפט זאָגן...

— האָסט געדאַרפט, ס'איז בעסער, יעקב, ס'איז בעסער.

— נתנען אויך ניט זאָגן?

— אויך ניט. ער וועט זיך אויסריידן. צילע וועט זיך דערוויסן. עס וועט ווערן אַ טאַראַראַם. דאָס מילך קען זי זיך נאָך קאַליע־מאַכן...

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ... אַזעלכע זאַכן?

— איך ווייס. מיינסט נאָך אַלץ, אַז איך בין אַ קליינע מיידעלע...

— וועגן צילען האָב איך שוין אַליין געטראַכט... נאָר דו, ביילקעלע, בעסער איז, אַז דו זאָלסט אַליין אין שטוב ניט בלייבן. עפּעס געפעלט מיר

*) ביים קרוב.

דאָ ניט. צוליב־וואָס האָט זיך פון מיר וואַנקע אָוועקגעמאַכט? זיין טאַטנס פּענקע איז דאָך קיין געגנבֿעטע סחורה ניט...

— איך ווייס ניט...

— נו, איך בלייב שוין אין שטוב.

— און איך האָב געמיינט — מירן ביידע צוגיין אין קליניק, זען וואָס צילע מאַכט.

— היינט נאָך? צו שפּעט. מען וועט דיך ניט אַריינלאָזן. מאָרגן אין דער פרי וועסטו קענען צוגיין. אָבער... בעסער ניט אַליין. שש! מען קלאַפּט!

ביילקע האָט אויפגעציטערט:

— ווער איז דאָס דאָרטן?

— איך, איך! — האָט זיך דערהערט ווילענסקיס העפלעכער קול, באַגלייט פון אַ העפלעכן הוסטעלע.

— אַך, איר?! — האָט ביילקע שוואַך אויסגעזוגנגען. גאַנץ אַנטוישט האָט געקלונגען איר שטים.

2

צו מאָרגן אין דער פרי האָט גרשון ווילענסקי געטאָן דאָס, וואָס יעדער אָנשטענדיקער קאַוואַליער טוט: ער האָט אויסגעזוכט אַ תירוץ, כדי דורכצולאָזן די ערשטע לעקציע אין זיין וועטערינאַר־שול, און האָט באַגלייט ביילקען צו איר שוועסטער אין קליניק.

זיין שוואַרץ־חנוודיקע שילערין איז געווען מוראדיק צעשטריים, אַ סך מער ווי נעכטן ביינאַכט. און ווען ער האָט זי אָנגענומען אונטערן אָרעם, כדי אַריבערצוגיין אַ גאַס, האָט זי אין גאַנצן אויפגעציטאַפּלט. „וואָס איז מיט אייך, ביילקע?" — האָט ער זי אָנגעקוקט. „גאָר ניט, גאָר ניט!" — האָט זי אומגעדולדיק אַרויסגעריסן איר אָרעם, און אַליין אַריבערגעלאָפן אויף יענעם זייט טראָטואַר.

אין אַנשטאַלט, נאָכן צוקושן זיך מיט איר אָפּגעשוואַכטער שוועסטער און נאָכן אָנקוקן דאָס רויטלעכע נפֿשל, וואָס מען האָט איר צוגע־טראָגן, האָט זיך ביילקע אַ ביסל באַרואיקט. „ביסט שוין געוואָרן אַ מומע, ביילינקע!" — האָט צו איר צילע שוואַך אַ שמייכל געטאָן. און ביילקע איז רויט געוואָרן. „אַך, יאָ, טאַקע, אַ מומע!" — האָט זי שעמעוו־דיק געמורמלט. און באַלד נאָך דעם ווידער באַרואיקט זיך.

אַלץ איז דאָ געווען אויסגערעכנט אויף שטילקייט, ציכטיקייט און שלוה. קיין שפּור ניט געווען פון יענעם ווייבערישן האַרמידער, וואָס הערשט אַרום אַ קימפּעטאָרין אין אַ קליין־שטעטל. מאַהילעוו איז ניט שקלאָוו. און דער „אונטערבאַרג" — אַוודאי ניט. דאָס בעט איז דאָ גע־

ווען ווייס לאַקירט. די ווענט — ווייס לאַקירט, די ציכן — ווי געפּאַלענער שניי. אויף אַ טישעלע — אַ צוויי פלעשלעך, איין לעפּעלע, און ווייטער גאָר נישט. ניט פיל טונקעלער, ווי איר קאָפּ־קישן, איז געווען צילעס אויסגעמאַטערטער געזיכט. אָבער דער ערשטער מוטער־שמייכל האָט זי אין גאַנצן באַלויכטן, צוגעגעבן איר אַ מאָדנעם חן פון אַ גליקלעכן קרבן... צילע האָט שטיל געשמועסט מיט איר ייִנגערער שוועסטער, און אירע אויגן זײַנען געווען די גאַנצע צײַט געווענדט צו דעם ווײַסן וועגעלע, וואו איר קינד האָט געדרעמלט אונטער אַ דורכזיכטיקן צודעק. דאָס אַלץ האָט אויף בײַלקען געווירקט אַזוי, זי זאָל אין גאַנצן פאַרגעסן אויף זיך, אויף איר בלוט וואָס קאָכט אין איר פון נעכטן אָן... אַצינד ערשט האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר באַגלייטער און אומגעקוקט זיך. ווילענסקי איז געזעסן אָן אַ זײַט, אָן אַ היטל, געמאַכט זיך קליין, כדי ניט צו שטערן דעם אינטימען שמועס צווישן בײַדע שוועסטער. אין זײַנע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די לאַקירטע ווײַסקייט פון די ווענט און בעט, און געמאַכט זיי מילכיק־גרוי. „כאַטש נעם און מאַך אים פאַר אַן אַם!...“
— האָט בײַלקע בײַזלעך אַ קלער געגעבן, און באַלד פאַרגליכן אים, אין געדאַנק, מיט וואַגקען, וועלכער דרייט זיך, אַוודאי, אַצינד אַרום איבער די מאָהילעווער אויסגעשנייטע גאַסן און זוכט זי... זוכט זי מיט זײַן פּויערישער עקשנות. פריש און ראָזיק, מיט פון־ווינט־אויפגעבלאָזענע לײַנענע האָר האָט ער זיך איר פאָרגעשטעלט. די אויגן בלוי ווי דער גאַרטל זײַנער, און דער גאַרטל ווי די אויגן. פּונקט אַזוי ווי זי האָט אים געזען אַמאָל אויפן שקלאָווער יאַריד, דערנאָך — אין פעלד בשעתן קאָרן־שניט. אַ סערפּ, ווי אַן אויסגעזילבערטע לבנה, איז אים דעמאָלט געווען פאַררוקט אין גאַרטל. זי האָט זיך אַזש פאַרזשמורעט פונעם בליאַסק אויך אַצינד. אַזוי קלאָר האָט זי זיך דאָס פאָרגעשטעלט.

און פּלוצלונג איז אויף איר די אומרואיקייט ווידער אָנגעלאָפן ווי אַ כוואַליע, אַ הויב־געטאָן זי ווי אַ שטרויעלע און גענומען דרייען.

— אַך, אַך! די שטוב געלאָזן אַליין... — האָט זי זיך גענומען טומלען, — אין גאַנצן אַליין, צילינקע...

גרשון ווילענסקי האָט זיך אויפגעהויבן און העפלעך באַשטעטיקט:

— יאָ, יאָ. אין גאַנצן אַליין. און איך קען נאָך דערכאַפּן מײַנע לעקציעס אין שול, נאָך דער גרויסער פּויזע...

מען האָט זיי ניט אָפּגעהאַלטן. צילען האָט דאָס אויסגעוויזן זייער נאַטירלעך, און מיד איז זי אויך געווען. ניט־נאַטירלעך האָט דאָס נאָר אויסגעזען ווילענסקין. פון דער זײַט האָט ער, אין קליניק, פאַרפאָלגט יעדע באַוועגונג בײַלקעס. אָט איז איר געווען הייס, אָט — קאַלט. אַצינד, דאַכט זיך, — ווייטער הייס...

— לויפט ניט אַזוי, ביילינקע! — מאַכט ער צו איר, ווען זיי זיינען אַרויס אויף דער אויסגעשנייטער גאַס.

אָבער דער פּרואוו זיינער אָנצוגעמען זי פאַרן אָרעם האָט ווייטער קיין דערפאָלג ניט געהאַט. ביילקע האָט איר אָרעם האַסטיק אַרויסגעריסן. דאָס מאָל מיט אַ קורצן און ניט־פרידלעכן „לאָזט״.

— וואָס זייט איר אַזוי אומרואיק? — דערלויבט ער זיך צו פרעגן, — אַלץ איז אַריבער ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַ גומע זייט איר אויף גע־וואָרן...

זי האָט ניט געענטפערט. די איבערגעקייטע חכמה האָט זי נאָך מער צערייצט. ווילענסקי האָט דאָס באַמערקט און פאַרלאָרן דעם לעצטן צו־זאַמענהאַנג מיט זיין קאַפּריזנער שילערין. אין זיין לייכטער צעטומלט־קייט האָט ער געפּרואווט אָנבינדן אַ שמועס וועגן דעם חסידישן קלויז, פון וועלכן ער האָט איר שוין ניט איין מאָל דערציילט און פאַרגלייכט מיטן פייערלעכן, אָנגערויכערטן און קלינגענדיקן קלויסטער... צי וואָלט זי, הייסט דאָס, איין מאָל פאַרט ניט געוואָלט אַ קוק טאָן, ווי אַ מנין יידע־לעך, אין קאַפּאָטקעלעך און טליתימלעך, דרייען זיך אַרום באַלעמער און צאַפּן באַגייסטערונג פון די הוילע ווענט?...

ביילקע האָט אויף אים אַ קוק געגעבן מיט פרעמדע אויגן. „אַ?״ מאַכט זי, און בלייבט שטיין. וואָרעם אין ווינטערדיקן הימל איז מיט־אַמאָל אויסגעוואַקסן אַ פינף־קעפּיקע כמאַרע. דאָס איז געווען יענער אַלטער קלויסטער, וועלכן זיי ביידע האָבן אַמאָל באַזוכט אַ זונטאָג אין דער פרי.

— איר געדענקט? — מאַכט ווילענסקי, און ווייזט אָן מיט זיין באַ־הענטשיקטן פינגער אויף דעם מיט גאָלד־און־בלוי באַמאָלטן איינגאַנג.

ער ווייזט אָן, און זיין פינגער לאָזט זיך אַראָפּ. ביילקע קערט אָפּ דעם קאָפּ. און ווילענסקי אַליין פילט, אַז ס'איז ניט אין דער צייט און ניט צו דער זאַך און בעסער וואָלט געווען אין גאַנצן שווייגן.

דער פועל־יוצא פון דער ניט־געלונגענער פּראָגולע און ניט געלונ־גענעם אָנווייזן מיטן פינגער קומט גיכער און האַסטיקער, ווי ווילענסקי האָט גערעכנט. ביילקע גיט צו אים אַ קער איר אָנגעלאָדענעם פּנים. אירע אויגן זיינען גרויס און שוואַרץ. אַ שוואַרצע שנאה קאָכט אין זיי. ווי מיט זודיקן פעך האָבן זיי אים אָפּגעגאָסן.

— איך וועל אייך עפּעס בעטן... — מאַכט זי צו אים מיט כעסדיקער נעבעכדיקייט, — לאָזט מיך אַצינד גיין איינע אַליין. שוין ניט אַזוי ווייט...

— איך... פון מיין זייט... — איז ער שטיין געבליבן. — איך אַליין איי'ל זיך אויך! — איז ער מיטאַמאָל ברוגז געוואָרן. — נאָר —

— וואָס נאָר?

— אייער ברודער האָט מיך געבעטן. ער האָט עפּעס היינט מורא מער ווי אַלע מאָל...

— אַך, דאָס האָט ע ר אייך געבעטן? — האָט זי זיך שפּאָטיש אַ קרים געטאָן. — אַ שומר צוגעשטעלט מיר...

— מסתמא ווייסט ער פאַרוואָס.

— אָבער איר, איר אַליין... — האָט זי זיך מיט אַמאָל אָנגעצונדן. — איר אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז מען דאַרף יעדן איינעם לאָזן פריי, אויף אייגענע אַחריות לאָזן, אַ גאַנצן משל מיר געבראַכט, אַ מעשה דערציילט מיר וועגן „אַ פרוי פון ים“...

— איז גוט! — מאַכט ווילענסקי קורץ און שאַרף, דרייט זיך צו איר אויס מיטן רוקן און לאָזט זי שטיין.

אויף אַזאַ שניידיקייט און פּלוצלעכן שטאָלץ האָט זיך ביילקע ניט געריכט. זי האָט דערפילט, אַז זי האָט ווילענסקיס געדולד איבערגעשאַצט. אַז ער איז גאָר ניט אַזאַ „אַם“ ווי זי האָט געמיינט. נאָר דאָס וואָס האָט געברענט אין איר, פון נעכטן אָן, איז געווען שטאַרקער זי זאָל אַצינד נאָכלויפן נאָך עמיצן אָן אַנדערן, וואָס איז ניט ענלעך צו יענעם, וועלכער זוכט זי, וועלכער וואַרט אויף איר... ניט קיין צייט איצטער איבערצובעטן זיך. אָן אַנדערש מאָל אפשר.

3

זי האָט זיך אַ וויש געגעבן דעם אָנגעפּרווירענעם פּנים און געלאָזט זיך לויפן מיט אייליקע, ניט רעגלמעסיקע טריט... וואוהין? וואָס הייסט וואוהין? דאָרטן, וואו ס'איז פריי, וואו ס'איז וואַרעם... ווער עס האָט אויסגעלערנט די ווילדע ענטל אָוועקצופליען אין די זוניקע לענדער, ווען דער ווינטער קומט אָן, דער האָט ביילקען אויך געוויזן דעם וועג. מיט האַלב־פאַרמאַכטע, האַלב־פאַרגאַסענע אויגן איז זי געלאָפן און פונדעסטוועגן זיך ניט טועה־געווען. ניט אין וועג, ניט אין ציל. ווי קען מען אַ טעות האָבן ווען מען לויפט גלייך אויף אַ פייער, אויף אַ רויטן פלאַקער אין ווייסן שניי?...

און כך הוה! ניט ווייט פון צילעס פאַרשלאָסענער דירה האָט זי אים דערקענט... ער האָט געוואַרט אויף איר. זי האָט דאָס שוין פריער געוואוסט, אַז ער וואַרט. זיצנדיק אין קליניק און שמייכלענדיק צו צילעס ניי־געבוירענעם קינד, האָט זי דאָס געוואוסט... זי האָט אים גלייך דערקענט לויט אַלע סימנים, וואָס יעקב, איר ברודער, האָט איר נעכטן געגעבן. לויט דער שאָפענער פאַדיאָווקע, לויטן קאָלנער און באַשליק

איבער די אויערן, לויט די וואָלגנע הויזן און לאַפּטיעס. דאָס האָרץ אַפילו האָט איר אַצינד שטאַרק ניט געקלאַפּט. וואָרעם קיין איבעראַשונג איז דאָ ניט געווען. ס׳איז געווען פּונקט אַזוי ווי זי האָט זיך שוין פריער פאָרגעשטעלט. און אַנדערש האָט דאָס ניט געקענט זיין...

מיט אַ זייטל איז זי דורכגעגאַנגען פאַרביי זיין הויכן וואוקס. מיט אירע דריבנע טריטעלעך איבערגעשניטן דעם בלויען שאָטן זיינעם וואָס איז געפאַלן אויפן שניי. און, דורכגייענדיק אַזוי, אַרויסגעצויגן דעם שטוב־שליסל פון דער מופטע, אַנגעשטעלט אים און אַ גיי געטאָן גלייך אויפן שליסל־לאָך אונטער דער קליאַמקע. ווי אין הינהער־פּלעט האָט זי דאָס אַלץ געטאָן. ווי אַ לבנה־קראַנקע, וואָס זעט ניט אַז זי גייט אויף אַ ברעג דאַך און קען אָבער אויך קיין פאַלשן טריט ניט מאַכן...

— בעלקאָ! — האָט ער איר ליידנשאַפטלעך־שאַרף אַ שעפּטשע געטאָן אויפן אַנגעפּרוירענעם אויער, אָפּגעגאָסן איר אַ באַק מיט זיין זודיקן אָטעם.

— יאָ? — מאַכט זי אַ ביסעלע פאַרוואונדערט און אַ ביסעלע נייגעריק און שטעקט אַריין דעם שליסל אין אייזערנעם לאָך. און געקלונגען האָט דער „יאָ” ווי אַ כלומרשט־פרידלעכע פראַגעלע. ס׳הייסט: „וואַניע, ווּעסטו זאָגן גוטס?...”

ער האָט אַ טראַט־געגעבן נאָך איר, אַנגערוקט זיך מיט זיין בלויען שאָטן איבער איר האַלדז־און־נאַקן. זיין קורצן אָטעם האָט זי געהערט איבער זיך און געשוויגן. אָבער ווען זי האָט אויפגעשלאָסן, די טיר אויפגעמאַכט און ער האָט געוואָלט אַריבערטרעטן דעם שוועל מיט איר צוזאַמען, איז זי אַ פאַרציטערטע געוואָרן.

— מען דאַרף ניט! — מאַכט זי שטילערהייט, — וואַניע, מען דאַרף ניט...

— מען דאַרף, בעלקאָ! — שעפּטשעט ער, און ברענט איר דעם נאַקן מיט זיין וואָרט, — צוליב דיר בין איך דאָך געקומען. איך דאַרף מיט דיר ריידן. נעכטן בין איך דאָ אויך געווען...

— איך ווייס, איך ווייס... — האָט זי אויף גיך באַשטעטיקט, — נעכטן — אויך געווען...

— אויף איין מינוטקעלע נאָר! — האָט ער ווידער אַמאָל הייס אַ שעפּטשע געגעבן.

— אויף איין מינוטקעלע... — האָט זי נאָכגעזאָגט ווי אַ באַטויבטע.

זי האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר, אָפּשניידן די שטוב־טונקלקייט פון דער ווייסער גאַס, און ער האָט זי שוין אַ כאַפּ געטאָן אין ביידע אָרעמס, מיט גראָבער ליבשאַפט האָט ער זי אַ כאַפּ־געטאָן, צוגעדריקט צו זיך און צו דער וואַנט. אָבער גראָד דאָס איז איר געווען

ליב, נאָך דער נודנער, צעקראַכענער העפלעכקייט פון גרשון ווילענסקי. ווי פון אַ צעדריקטער צייטיקער פּרי האָט פון וואַניען וואָרעם אַ זעץ־געגעבן מיט דאָרפישע ריחות פון קאָרע, שאַפּענעם פעלץ און געטריקנטע שוואָמען. אַזוי זיינען זיי ביידע געשטאַנען אין טונקעלן קאָרידאָרל, אָרומ־גענומענע, איינגעביסענע, קאָפּ אויף אַקסל פאַרוואָרפן איינער ביים צווייטן און געשוויגן.

ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, ווייסט זי ניט. און וואָס איז די נפקא־מינה? אַבי דאָס, אויף וואָס זי האָט געהאָפט, איז געקומען. אַבי דאָס, וואָס האָט געשוועבט ווי אַ שאָטן איבער איר, איז ממשותדיק געוואָרן. אָט בלאַנדזשעט שוין זיין געזונטע האַנט איבער איר, זוכט אַן איינ־גאַנג, וואו שוואַכער אַ קנאָפּ, וואו ווייכער דאָס לייב.

— ביסט אַזוי אַנגעטאָן! — מאַכט ער אומגעדולדיק און הייס.

ערשט אַצינד טשוכעט זי זיך אויס. „לאָז!“ גיט זי אַ שיפּע ווי אַ קאַץ. ער דערשרעקט זיך און לאָזט אָפּ. ער גייט איר נאָך אין זאַל אַריין אַ ביי־סעלע איינגעבויגן, ווי אַ געשלאָגענער. זיינע אויגן און ליפּן באַקומען גרשון ווילענסקיס אויסדרוק. און דאָס שטאַרקט איר דאָס האַרץ נאָך מער. שפּילנדיק מיט אירע באַוועגונגען וואַרפט זי אַראָפּ דאָס וואַרעמע היטעלע פון קאָפּ, דאָס וואַרעמע זשאַקעטל פון די פּלייצעס.

— אָ, אָ! — קרעכצט ער ליידנשאַפטלעך, — בעלקאַ, בעלקאַ! איצ־טער דערקען איך דיך...

— דערקענסט מיך? — שפּילט זי ווייטער און ציט אַראָפּ די הענטשיק־לעך און בלאָזט אויף די קאַלטע פינגער. ער קוקט און גייט אויס נאָך איר. ער רעדט מיט אַ וויינענדיקער שטים:

— פון וואַנען, בעלקאַ, האָסטו געוואוסט, אַז איך בין דאָ נעכטן געווען לעבן טיר?

— כ'האָב דיינע טריט געהערט. די קליאַמקע האָסטו גערירט... גע־רירט צי ניט?

— גערירט, גערירט. ביי גאָט שווער איך. כ'האָב געטשאַטעוועט. געוואוסט, אַז דו ביסט אַליין. נאָר דו האָסט אַ געשריי געטאָן און איך האָב זיך דערשראָקן.

— ווי אַ האָז ביסטו אַנטלאָפן, אַ? זאָג, אַנטלאָפן?

— אַנטלאָפן, ווי גאָט איז הייליק. דיין בראַטאָק *) האָב איך דערנאָך באַגעגנט און נאָך מער דערשראָקן זיך..

— האַ־האַ־האַ...

— דאָס האָט ער דיר דערציילט? דערציילט? פאַרוואָס לאַכסטו? פאַרוואָס מוטשעסטו מיך, בעלקאַ?

*) ברודערל.

ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, די שטאַרקע ציין פאַרקריצט, די בלויע אויגן אָנגעשפּיצט. און, ניט וואַרטנדיק אויף איר ענטפער, ווידער אַ כאַפּ געטאָן זי אין ביידע אָנגעפּעלצטע אָרעמס. אַצינד — נאָך שטאַרקער און בייזער. איינגעזויגן זיך איר אין האַלדז מיט די ליפּן. און זי איז מיט־אַמאָל שוואַך געוואָרן. די גאַנצע שפּילעוודיקייט פאַרלאָרן. דערפילט זיך אין זיינע גרויסע, מיט שאָפּן־פעלץ שמעקנדיקע אָרעמס, אַזאַ קליי־נינקע, אַזאַ צאַפּלדיקע. נאָך איין רגעלע און זי איז אין גאַנצן פאַרלאָרן, ווי אַ קעצעלע אין אַ באַרג היי. אַ, אַ, אַזאַ זיסע פאַרליבעניש! זינט דאָס קינדער־שפּיל אין היי־שפּייכלער, אין די קינדער־יאָרן, וואַרט זי דאָך אויף דעם. היינט פאַרוואָס האָט זי אַצינד אַזוי מורא?...

## דריי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# די מאַמע האָט געהייסן...

### 1

אויך אַצינד האָט געטראָפן אַ זאַך, וואָס האָט ביילקען, צום צווייטן מאָל, געראַטעוועט פון אַ צו־גיכן אונטערגאַנג. דער וואַנט־זייגער אין שטוב האָט גענומען קלינגען; ווי אין טיפן חלום אַריינגעריסן זיך, אין מיטן איינשיכורן זיך מיט דעם ריח פון פעלץ און דאָרף, נאָך וועלכן זי האָט אַזוי לאַנג געלעכצט מיט אַלע אירע יונגע אברים, אַליין ניט־וויסנדיק דערפון.

— לאָז! — איז זי וואָך געוואָרן.

— איך וועל ניט לאָזן! — איז געווען דער ענטפער.

— נתן קומט צו מיטאָג.

— ווער איז דאָס אַזאַ, אַזעלכענער?

— מיין שוואָגער. גיי, גיי, גיי אַוועק!

דערהערט וועגן אַ פרעמדן מאַנסביל, וואָס דאַרף באַלד קומען, האָט זיך וואַנקעס פויערישע איינגעשפּאַרטקייט דערשראָקן. דער פּחד וואָס ליגט אין בלוט, ביי יעדן דאָרפישן, פון די פאַנשטשינע־צייטן־אָן, פאַר יעדן שטאָטישן מענטשן, איז געווען שטאַרקער ווי זיין ליידנשאַפט. די שווערע לאַפּעס האָבן זיך אָפּגעלאָזן, דער זיכערער קוק איז אומרואיק געוואָרן. און ביילקע האָט פאַר זיך ווידער דערזען יענעם שגץ, מיט ווייסע העמד־אַרבל, וואָס איז אַנטלאָפן ווי אַ יינגעלע, ווען איר מאַמע האָט זיך באַוויזן אין

אונטערבאַרגער וועלדל... איר נאָכגיביקייט איז אַוועק, די פיס זיינען פעסטער געוואָרן, האָבן דערפילט אַ האַרטן דיל אונטער זיך. און מיט אַ קוים אָפּלאָכערישן שמייכעלע האָט זי אים געגומען אַרויסבאַגלייטן, ווי מען באַגלייט אַרויס אַ תמימותדיקן גאַסט, וואָס האָט אַ קאַפּעלע דער־עסן:

— גיי, גיי, וואַנקעלע, גיי!

אָבער ביים שוועל פון טיר האָט דער גאַסט ווידער באַקומען זיין שטייפקייט, וואָס האָט אויף איר פריער געמאַכט אַזאַ טיפן איינדרוק:

— בעלקאַ, — מאַכט ער און כאַפּט זי אָן ביים אַקסל מיט פינף האַרטע פינגער, — היינט ביינאַכט, ווען עס וועט פינצטער ווערן, הערסט?...

ער האָט פון איר גלייך אַוועקגענומען איר אויפגעוועקטן ווילן מיט זיין גראָבן אָנכאַפּן זי ביים פּלייצע, מיט זיין אַריינקוקן איר, אַ ביסל פאַרוואונדערט, אין די אויגן; מיט זיינע באַפוילערישע ווערטער. און זי האָט געגומען נאָכזאָגן, ווי אַ גוטע שילערין, ווי זי זאָגט נאָך ווילענסקין, ווען יענער פאַרטייטשט איר אַ לעקציע אין בוך:

— היינט ביינאַכט... ווען עס וועט פינצטער ווערן —

— וועל איך אויף דיר וואַרטן! — האָט וואַנקע פעסט פאַרענדיקט.

און באַלד צוגעגעבן, קושנדיק זי און שעפּטשענדיק איר אויפן אויער:

— אָט דאָ ניט ווייט... לעבן שטאָט־גאָרטן... אין אַ שליטן...

— אין אַ שליטן? — האָט זי שטיל און פאַרגאַפּט איבערגעפרעגט.

— פאַרוואָס אַ שליטן?

— מירן זיך דורכפאָרן... — האָט ער פאַרטייטשט.

— מירן זיך דורכפאָרן... — האָט זי נאָכגעזאָגט און ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט.

— איז געדענקסטו? איך וועל וואַרטן.

ווי דער דניעפּר־שטראָם זומער־צייט האָבן זי זיינע קאַרגע ווערטער געטראָגן. איין שטרויעלע נאָר האָט זי דערזען צווישן די פּאַליעס און אָנגעכאַפּט זיך:

— וואַניע, איינע אַליין? מען וועט מיך ניט לאָזן...

— ועסט שוין געפינען וואָס צו זאָגן! — האָט ער ווייטער באַפוילן,

— ניטשאַווא! *)

און ווידעראַמאָל פויעריש־האַרט צוגעגעבן:

— איז וועסטו קומען!

— איך וועל קומען! — האָט זי אָפּגעענטפערט ווי אַ ווידערקול. קיין קאָפּ אויף זיך האָט זי מער ניט געהאַט. די אויגן זיינען געוועזן אַראָפּ־

*) נישקשה.

געלאָזן, פֿאַרגאָסן מיט אַ מוטנער פֿייכטקייט. ניט זי, נאָר עפּעס אַן אַנדערע האָט עס פֿון איר אַרויסגערעדט.

2

דעם גאַנצן טאָג דערנאָך איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ רויך. נתנען איר שוואָגער באַדינט, יעקבן איר ברודער געפֿרעגט וואָס צילע מאַכט, ווי דער ניי־געבוירענער פּלימעניקל פֿילט זיך, און אַליין איז זי ניט געווען דערביי. אַן אַנדערע האָט דאָס פֿאַר איר געטאָן. אַן אַנדערע, אַ כיטרע, אַ גנביש־פּאַרטאַיעטע האָט דאָס געפֿרעגט, כדי צו האַלטן אַנשטאַנד. זי אַליין איז שוין דאָ ניט געווען, זי אַליין איז שוין געלאָפֿן מיט דריבנע טריטעלעך, קרום איבער דער אויסגעשנייטער גאַס, דאָרטן וואו וואַנקעס שליטן וואַרט אויף איר. צום טיש געגרייט און אָפּגעראָמט האָט אַן אַנדערביילקע...

פֿאַר איין זאַך האָט זי נאָר מורא געהאַט: גרשון ווילענסקי זאָל ניט חרטה האָבן אויף זיין ברוגז, וואָס ער האָט איר היינט אָפּגעשפּילט אויף דער גאַס, און זאָל ניט קומען היטן זי. ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס מאָל האָט ער זיך באַליידיקט אויף אַן אמת. מען האָט שוין אָנגעצונדן די לאָמפּן און ער איז ניטאָ. האָט זי פֿרייער אָפּגעאָטעמט און שטילערהייט גענומען גרייטן די קאַלאָשן אין אַ ווינקעלע, דאָס זשאַקעטל און היטעלע אויף אַ שטול. דאָס האָט געטאָן די צעלאָזענע ביילקע, די פֿרעמדע, וואָס האָט זיך היינט געקושט מיט וואַנקען ביי דער שוועסטער אין שטוב. די אַנדערע ביילקע, די היימישע, האָט נאָך אַלץ געוואַרט און טיף אין קלאָפּנ־דיקן האַרצן געהאָפֿט, אַז עפּעס וועט קומען און ניט דערלאָזן זי צו וואַנ־קעס שליטן... נאָר דאָס איז ניט געקומען. נתן איר שוואָגער האָט ביי דער אָפּגעכאַפּטער וועטשערע דערציילט, אַז צילע פֿילט זיך עפּעס זייער מיד און ער וויל נאָך אַמאָל צולויפֿן זען וואָס מיט איר איז. אַראָפּ־געשלונגען דעם לעצטן ביסן, האָט ער אויף זיך אַרויפֿגעכאַפּט זיין פֿוטער און איז אַוועק. יעקב איר ברודער האָט אַלץ געוואַרט, ווילענסקי זאָל קו־מען, כדי לאָזן אים מיט זיין שוועסטער אַליין. ניט דערוואַרט זיך — האָט ער צוזאַמענגעשאַרט זיינע שול־ביכער און איז אַוועק אין זיין קאַמער.

די ביידע מינוט איז אָנגעקומען איבער ביילקען, גענומען יאָגן זי: „דו גייסט, צי דו גייסט ניט?...“ אין שטוב איז געווען אָנגעהייצט. אָבער די דרויסנדיקע ווינטער־קעלט איז מיט געהיימע רערן דערגאַנגען צו ביילקעס רוקן און געמאַכט זי שוידערן. פֿיבערדיק האָט זי אָנגעטאָן איר פּעלצענעם זשאַקעטל, איר היטעלע, אין די טיפֿע קאַלאָשן אַריינגעפּאַרן מיט די שיכעלעך. בשעת אָננעמען די קליאַמקע פֿון טיר, האָט זיך איר

פּלוצלונג פאַרגלוסט אַ רוף צו טאָן: „יעקב, איך קום באַלד צוריק!...״ די צווייטע ביילקע, די קאַפּריזנע, די צעלאָזענע, האָט אָבער ניט דערלאָזן: „צוליב וואָס אָנשטעלן שומרים אויפן וועג צום שטאָט־גאָרטן? צוליב וואָס קלינגען, ווען זי וויל זיך אויסבאַהאַלטן?״

אַ הייסע רויטלעכקייט האָט פאַרט פאַרגאָסן אירע באַקן, ווען זי האָט, איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, פּאַוואָלינקע אויפגעעפנט די טיר און פאַרמאַכט זי הינטער זיך, כדי יעקב, איר ברודער זאָל, אין זיין קאַמער, גאָר ניט דערהערן. „ווי אַ גנבטע, ווי אַן אמתע גנבטע״... האָט זי אַראָפּגעלאָזן דעם באַנומענעם קאָפּ, „איך בין דאָך קיין מאָל קיין גנבטע ניט געווען״.

די דריבנע טריטעלעך אירע, אַזוי ווי זי האָט זיך שוין פריער פאַרגעשטעלט, האָבן זי קרום געפירט דורך דער פריש־אויסגעשנייטער גאַס צום אַריינגאַנג פון שטאָטישן סאַד. דאָרטן ערגעץ־וואו וואַרט אויף איר וואַנקעס שליטן... זי האָט זיך אומגעקוקט אויף אירע טריטעלעך און איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס זיינען ניט קיין מענטשישע. אַ קאַץ, ווען זי לויפט איבערן שניי, לאָזט נאָך זיך איבער אַזעלכע שמאָלע לעכער... ניט זי, אַן אַנדער ביילקע, לויפט דאָס דאָ אַזוי קרום איבער דער גאַס...

נאָר אָט האָט זיך אָנגערוקט דער שטאָט־גאָרטן מיט זיינע פאַרשנייטע לינדן־ביימער מיט דיקע אָנגעשפּאָלטענע שטאַמען. פון איין שטאַם האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעטיילט אַ שאָטן. זי האָט זיך דערשראָקן און אַ טראָט געגעבן אויף צוריק; איר האָט זיך געדוכט, אַז אַ שטיק בוים האָט זיך אָפּגעריסן און איז לעבעדיק געוואָרן.

— וואַניע, דו? — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

— ניין, ניט וואַניע — איך! — האָט איר אָפּגעענטפערט גרשון ווילענסקיס קול.

אַ ווידערווילן און אַ כעס האָט זי אָנגענומען; איר שרעק איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן. זי וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט זי אַרויסגעצויגן אַלע צען נעגעלעך פון אירע וואַרעמע הענטשיקלעך און וואָלט זיך אין אים איינגעקלעמט.

— איר? — מאַכט זי קוים־קוים קריצנדיק מיט די ציין, — ווייטער איר? וואָס ווילט איר?

— גייט ניט, ביילינקע, — בעט ער זיך שטילערהייט, — גייט ניט!

מאַכט זי זיך, אַז זי פאַרשטייט ניט:

— וואוהין ניט גיין?

— איר ווייסט וואוהין... פאַרוואָס האָט איר מיך היינט אָוועקגע־

טריבן, ניט דערלאָזן איך זאָל אייך באַגלייטן ביזן שטוב? איך ווייס דאָך פאַרוואָס. וואַנקע אייערער האָט אויף אייך געוואַרט...

— ס׳איז אַ ליגן. איך האָב ניט געוואוסט, אַז —

— ס׳איז אַן אמת. איר האָט געוואוסט!

אַזאַ ניט־גלויבן איר, אַזאַ ניט־אַכטן אירע ווערטער האָט זי נאָך מער צערייצט:

— איך בעט אייך, מישט זיך ניט! גייט אַוועק פון דאַנען! גייט!

— איך וועל ניט אַוועקגיין! — האָט ווילענסקי שאַרף אָפּגעענטפערט, — איר קענט מיך זידלען וויפיל איר ווילט!

אַזאַ אַנטשלאָסנקייט האָט שוין אָפּגעקלונגען גאַנץ אַנדערש אין אירע אויערן. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ווילענסקי איר לערער האָט דאָ אויף איר אָנגעשריען. טאַקע, ווי אַ לערער שרייט אָן אויף זיין שי־לערין. אין איר בלינדער גלוסטעניש, וואָס גיכער אויפצוזוכן דאָ וואַנקעס שליטן, האָט זי אַזאַ שטרענגקייט אַ ביסל אויפגעטשוכעט. די שווערע פאַראַנטוואָרטונג, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען, מיט איר נאַכטיקן אַוועקלויפן פון צילעס הויז, איז, דאַכט זיך, גרינגער געוואָרן. אדרבא, זאָל דאָס, אָט דער אויסגעווייקטער און פאַרליבטער בחור, העלפן טראָגן, און זאָל וואַנקע זען, אַז זי האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געקענט; נאָר דער — דאָ האָט ניט דערלאָזן...

— נו, איז גוט! — מאַכט זי האַלב־כעסדיק, האַלב־אָפּלאַכעריש, — איז קומט!... קומט מיט מיר. וואָס שטייט איר?

— ביילינקע, קומט אַהיים! — האָט ווילענסקי ווידער געביטן דעם קול, — קומט בעסער אַהיים!

אַזאַ בעטן זיך האָט ווידער אויפגערייצט איר קעצישן כוח און איר גאַנצע אומרואיקייט אין משך פון לעצטן מעת־לעת.

— איר האָט מורא, אַ? — גיט זי קורץ־אָטעמדיק אַ קוויטש און לאָזט זיך לויפן מיט אירע פלינקע פיסעלעך. טופּ־טופּ מיט די קאַלאָ־שעלעך אין פּוכיקן שניי. די געפּרווירענע בוימער גיבן אַ שווינדל פאַרביי איר; און באַלד שטויסט זי זיך אָן אַן געשלאָסענעם טויער פון שטאָט־גאָרטן און אָן וואַנקעס שליטן. זי זעט אים ניט קלאָר, נאָר זי ווייסט אויף געוויס, אַז דאָס איז ער. ער זיצט ניט, נאָר ער שטייט פויעריש אויף ביידע קני, האַרט לעבן דער נידעריקער קעלניע. ער איז ברייט אַרומגעגאַרטלט. דער באַראַשקע־הוט אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. די לייצעס אין די גראָב־אַנגעהענטשיקטע שטאַרקע הענט. איבערן גאַנצן שליטן איז אויסגעשפּרייט אַ דיקער שאָפּענער קאָזשוך, מיט די האָר אַרויף. אַ מאָדנער געפיל פון שעמעוודיקייט און גלוסטעניש כאַפּט זי אָן,

דערזועענדיק אַזאַ אויסבעטעכץ; ווי אַ כלה נאָך דער חופּה דערזועענדיק איר בעט...

— דאָס ביסטו? — גיט וואַנקע הייזעריק אַ פרעג.

— גיכער! — מאַכט זי און שטעלט אַריין אַ פּיסל, — מען לויפט אונדז נאָך...

נאָר איידער זי באַוויזט אַריינצוכאַפּן דעם צווייטן קאַלאַש, ערשט גרשון ווילענסקי וואַקסט־אויס האַרט לעבן שליטן:

— ניין, ניין! — בעט ער זיך, — ביילינקע טוט דאָס ניט!...

— ווער איז דאָס? — גיט וואַנקע הייזעריק אַ פרעג און לאָזט אַפּ די לייצעס, — בעלקאַ, דיין ברודער?

— ניין... — ענטפערט אַפּ ביילקע קורץ און דערשטיקט און באַהאַלט דעם פּנים אין בײדע וואַרעמע הענטשיקלעך.

וואַנקע גיט זיך אַ שטעל־אויף אין שליטן; אין זיין אַרומגעגאַרטלטער פּאַדיאַווקע מיט די לאַנגע וואַלענע הויזן וואַקסט ער אויס ווי אַ ריז. די אויגן ברענען ביי אים מיט אַ גרינלעכן פייערל ביים אַפּשיין פון שניי.

— טי טשאַווא? — גיט ער הייזעריק און גראַב אַ פרעג.

און נאָך איידער ווילענסקי באַוויזט צו ענטפערן אויף אַזאַ פּלוצלעכער קלאָץ־קשיא, באַקומט ער אַ שרעקלעכן זעץ אין קין פון אַ גרויסן קולאַק אין אַ לעדערנער פויער־הענטשקע. אַלע ציין און בײדע אויערן פאַרקלינגען אים ווי געבראָכענע גלאָז. און ער אַליין גיט אַ פאַל אין שניי, מיטן קאָפּ אויף צוריק.

— אוי! — גיט ביילקע אַ קוויטש און אַ שטרעק־אויס בײדע הענט נאָך דעם אַנידערגעפאַלענעם.

נאָר אין דער זעלבער רגע גיט אַ פייף די צעוויגטע לייצע, דער אויסגעבעטעטער שליטן גיט זיך אַ ריס פון אָרט און אַ פלי, אַראָפּ־באַרג, ווי אַ שניי־קנויל פון אַ משופּעדיקן דאַך. פייל־און־בויגן פליט ביילקע מיט פערד און שליטן, ווי אין אַ ווייסער אָפּגרונט אַריין. זי כאַפּט זיך פאַר דער ברוסט און קרעכצט אָפּ. די פּלוצלעכקייט, אַזוי ווי דער געשלאָגענער און איבערגעלאָזענער לערער אויפן שניי, רייסן איר עפּעס אָפּ אין האַרצן, רופן אַרויס אַ טעמפּן ווייטיק. צי איז דאָס ניט דער איבעררייס מיט איר מיידלשן לעבן ביז איצטער?

אָבער באַלד גלייכט זיך אויס דאָס גאַנצע געשפּאַן. און זי דערזעט אַז דער געפּרוּוירענער דניעפּר לויפט פאַרביי איר און צעפּעכערט זיך מיט זיינע אויסגעשנייטע פעלדער פון יענער זייט. אין קאָפּ פאַרדרייט זיך איר פון אַט די אַלע האַסטיקע איבערגאַנגען, פון געשלעג צום געלויף און פון באַרג צום טאָל. זי בויגט זיך אַראָפּ אויף אַ זייט אַ האַלב־געחלשטע.

— טי טשאָוואָ? — באַמערקט דאָס וואַנקע. און ניט אָפּלאָזנדיק די לייצעס, שפּרינגט ער צו איר אַריבער אויפן פֿאָדערשטן זיץ. דעקט זי איין מיט די עקן פֿון אויסגעבעטן פעלץ און נעמט זי אַרום מיט דער פרייער האַנט. זי ציטערט אויף און טוליעט זיך צו אים. זי זוכט ביי אים שטיץ און האָט מורא פאַר אים. וואָרעם מיטן זעלבן „טי טשאָוואָ?“ האָט ער דאָך אַ זעץ געטאָן ווילענסקין אין קין אַריין, אָן רחמנות, און איבערגעלאָזן אים אויפן שניי...

3

דער אימפּעטיקער געלויף פון פערד און שליטן האָט אָנגעהאַלטן, אָבער ביילקע איז שוין געווען געקומען צו זיך, און לויט געוויסע סימנים האָט זי דערקענט, אַז דאָ האָט זי זומער־צייט שפּאַצירט מיט צילען און מיט נתנען, איר שוואָגער, און דאָ איז זי שוואַך געוואָרן פון דעם היי־ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די געקאָסעטע לאָנקעס. פון בענקשאַפט נאָך די מאַקאַראָווקער פעלדער און נאָך וואַנקען, איר מילך־ברודער, איז זי דע־מאָלט שוואַך געוואָרן. און אָט זיצט ער, דער זעלבער וואַנקע, האַרט לעבן איר. זי פילט זיין אָדערדיקן לייב אונטער זיין פעלצל... און זי איז נאָך אַלץ ניט צופרידן?

— וואוהין? — האָט זי קורץ אַ פרעג געגעבן און אַרומגעכאַפּט אים זיין באַקאָלנערטן פעסטן האַלדז.

ער האָט ניט געענטפערט. נאָר שטאַרקער אַ טרייב געגעבן דעם פערדל. און באַלד איז די ווייסקייט פון געפרווירענעם דניעפּר און פון די פעלדער איבערגעגאַנגען אין אַ שאָטן און פון שאָטן איז געוואָרן אַ כמאַרע. מען איז אַריינגעפאָרן אין געדיכטן יאָדלע־וואַלד, ווי אין אַ הייל אַריין. אויבן איז געווען שוואַרץ פון די האָריקע צווייגן. נאָר אונטן האָט דער אויסגעשנייטער וועג שוואַך געלויכטן. און באַלד איז דאָס שוואַכע גלימצערן אויך אויסגעלאָשן געוואָרן.

— וואוהין? — האָט זי נאָך אַמאָל ציטערדיק אַ פרעג געגעבן.

— אָט דאָ! — האָט ער קורץ און געהיימניספול אָפּגעענטפערט און אָפּגעשטעלט דאָס פערדל:

— „טפּורר!“

אָן אַ שום איבערגאַנג האָט ער אַ וואָרף געטאָן די לייצעס, אָנגעכאַפּט זיין מילך־שוועסטער פאַרביידע פּלייצעס, אומגעדרייט זי מיטן קאָפּ צום קעלניע און אַראָפּגעבויגן.

— וואַניע, וואָס ווילסטו? — איז זי אַ פאַרצאַפּלטע געוואָרן.

— איך וויל! — האָט ער זי נאָך גראָבער אַראָפּגעדריקט איבערן גאַנצן לענג פון אויסגעבעטן פעלץ.

אַצינד האָט זי קלאָרער דערפילט, אַז אַלץ איז געווען אויסגערעכנט, צוגעגרייט פון פריער: דער פלאַכער שליטן, דער פויערישער קאָזשוך מיטן פעלץ אַרויף. און פון דעסטוועגן האָט זי געשוויגן. פאַרוואָס געלאָזן זיך פירן און פאַרפירן? וואַניע איז דאָך גערעכט...

זי האָט נאָך געפּרוּווט צו שטעלן זיך אַקעגן דעם גורל אירן, וואָס האָט זיך אויף איר אַראָפּגעלאָזן אינעם הייל פון ווינטערדיקן וואַלד. אָבער נאָר פון יוצא וועגן:

— ניין, ניין, וואַניע! איך וועל שרייען!

— דו וועסט שריי־ען? — האָט וואַנקע איבערגעחזרט מיט אַ מאָדנער בייזקייט און פאַרקריצט די ציין. — איצטער וועסטו שרייען?

גאָר אַן אַנדער וואַניע האָט זי איבער זיך דערזען. פון יענעם שרעק־קעוודיקן מילך־ברודער אין היי־שפּייכלער און אין אונטערבאַרגער וועלדל. פון יענעם שגץ וואָס אַנטלויפט פון שיינע־שרהס קוק און פון אירע שטריק־שפּיזלען איז דאָ מער קיין זכר ניט געבליבן.

— וואַניע, — האָט זי זיך גענומען בעטן און גלעטן אים איבער די קאַלטע באַקן, — דו ביסט דאָך אַלע מאָל געווען אַזאַ גוטער צו מיר, אַזאַ טייערער, וואָס איז מיט דיר געוואָרן? לאָז! לאָז!

— מאַטקאַ — מאַכט ער — קאָזאָלאַ!... — די מאַמע, הייסט דאָס, האָט אים געהייסן.

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די שווערע פויערישע הענטשיקעס, כדי צו זיין פרייער. ניט געקלערט אַפילו אָפּצולאָזן זי. נאָר זיינע האַלב־אָפענע ציין האָבן בייז־געבליאַסקעט ביים אָפּשיין פון אויסגעשנייטן וואַלד־וועג.

— וועמעס מאַמע? — האָט זי ניט פאַרשטאַנען. — וואָס רעדסטו, וואָס?

— מיין פראַוואָסלאַווונע מאַמע! — האָט ער נאָך בייזער אַ זאָג געטאָן און אַ פאַרע האָט אים געזעצט פון זיין לאַכנדיקן מויל. — „אומיקאַי יאַיעו!“ *) — אַזוי האָט זי מיר געהייסן...

— וואַניע, וואָס איז דאָס „אומיקאַי“?... לאָז, לאָז, איך וויל ניט!...

— אָט דאָס! — מאַכט ער, הויבט אויף די לאַפּע און לאָזט איר אַראָפּ אַ פלעם איבערן באַק און קאָפּ.

ווי אַ דונער האָט זי דער פאַטש געטראָפן און באַטויבט. אין אויער האָבן אָנגעהויבן קלינגען די קלויסטער־גלעקלעך, וואָס גרשון ווילענסקי האָט אַזוי קונציק נאָכגעמאַכט: „אַ קרענקל, אַ קרענקל, דעם גלח, דעם גלח“... און באַלד האָט אַ זעץ געטאָן דער באַסאָוויער גלאָק „אין ב...בויך! אין ב...בויך“... אויך ווי ווילענסקי האָט אַמאָל נאָכגעמאַכט. וואַנקע האָט איר, אַפּנים, דערלאַנגט אין צווייטן באַק אויך, כדי זי זאָל זיך ניט וואָרפן. נאָר

*) פיה זי אַוועק מיט גוואַלט!

דער ווייטיק פון צווייטן פאַטש האָט זי שוין גאָר ניט געפילט. זי האָט נאָר געפילט, אַז מען רייסט פון איר איר קלייד, אַז אַ שווערע וואַרעמע משא פאַלט אויף איר אַרויף, וואַרעמט זי און דערדריקט זי. ס'איז אַ חרפה, אַ גרויסע חרפה צו ליגן אַזוי אַ געשלאָגענע און ס'איז איר גוט. ערגעץ־וואו, לעבן פּלויט פון שטאָט־גאָרטן ליגט ווילענסקי, איר בלאָסער לע־רער, אויך אַ געשלאָגענער, אַ באַליידיקטער. ער — דאָרטן; זי — דאָ. זי, אָבער, האָט דאָך דאָס געוואָלט. און פייערדיק און זיס זיינען וואַניעס קלעפּ, ווי די זינד וואָס זי באַגייט אַצינד קעגן טאַטע־מאַמע, קעגן זיך אַליין, קעגן דער גאַנצער פריערדיקער וועלט...

## פיר און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## צווישן צוויי פייערן

### 1

אויפן שניי־וועג, וואָס ציט זיך פון הינטער־שטאָטישן וואַלד ביזקל טויער פון שטאָט־גאָרטן, איז, אַרום צען אַזייגער אין דער נאַכט, אָנגע־פאָרן אַ שליטן. אַ דיקער אונטערגעבעטער פעלץ האָט זיך אויפגע־מאַכט, געלאָזן פאַלן צוויי שאַפּענע עקן אויפן שניי, און טעמפּע קולות האָבן זיך פון אים דערהערט: אַ וויינענדיקע מיידלשע שטים און אַ פויע־ריש־גראָבלעכע. אָן „ער" און אַ „זי" האָבן זיך געאַמפּערט אויף גויייש:

— צו אונדז קום, זאָג איך דיר... דו!

— איך וויל ניט.

— מען וועט דיך שלאָגן אין דער היים...

— און ביי דיר? ביי דיר — אויך. לאָז!

— פון ליבשאַפט האָב איך דיך געשלאָגן...

— אַ דאַנק פאַר אַזאַ ליבשאַפט!

— איך וועל דיך אונטערפירן ביזקל שטוב.

— ניין, ניין! מען דאַרף ניט. איך וועל אַליין טרעפן.

אַ צעפּאַטלטע מיידלשע געשטאַלט האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דיקן פעלץ, ווי פון אַ האַריקן פּוטליאַר. צוהאַלטנדיק דאָס אָפענע זשאַ־קעטל מיט אָפּגעריסענע קנעפּ, האָט זי גענומען לויפן, מיט דריבנע, ניט־זיכערע טריטעלעך. דער גויישער קול, פון שליטן אַרויס, האָט זי נאָכגע־רופן הייזעריקלעך־מיד. מיט אַ באַפוילערישן טאָן פון אַן איבערגעזעטיקטן ליבהאָבער האָט ער דאָס געטאָן:

— געדענקסט? ביי אונדזער „קום"*), לעבן גרינעם מאַנאַסטיר וואוינען מיר...

— גוט, גוט, פאַר אַוועק!

דער שליטן האָט זיך פאַרקערעוועט און אַוועק מיט אַ פייפנדיקן סקריפּ איבערן אויסגעגלעטן שניי־וועג. דאָס מיידלשע געשטאַלט האָט אַ ווײלע נאָכגעקוקט דעם אַוועקגעפלויגענעם שליטן, צושאָקלענדיק קוים־קוים מיטן קאָפּ. דערנאָך ווידער אַמאָל געכאַפּט לויפן קרום איבער דער גאַס קעגנאיבער.

נאָר אַפּלויפנדיק אַ צוואַנציק טריט האָט זי אויסגעשריען, געבליבן שטיין און, ווי אַ קינד בשעת עס באַקומט שרעק, האַלב־פאַרדעקט זיך דעם פּנים מיט איין האַנט. וואָרעם פון איין שוואַרצן לינדבוים, ביים אַריינגאַנג פון שטאָט־גאָרטן, האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ לעבעדיקער שטיק און געגומען גיין אויף איר.

— ווער איז דאָס? — האָט זי דערשטיקט אַ פרעג־געגעבן.

— איך!... — רופט זיך אָפּ גרשון ווילענסקיס קול, אַזוי ווי ער האָט זיך שוין איין מאָל אָפּגערופן היינט ביינאַכט, מיט אַ פּאָר שעה צוריק. נאָר דאָס מאָל איז דער זעלבער קול געווען צוגעקילט, און אַ לייכטער קלאַפּן מיט די ציין האָט אים באַגלייט. זיין צעשלאָגענעם קין האָט ווי־לענסקי אונטערגעהאַלטן מיט אַן עק פון זיין וואָלענעם שאַרף.

— איר זייט גאַנץ? — איז זי אויף אים צוגעטראָטן און, מיט רחמנות, באַטראַכט אים ביים נאַכטיקן גלאַנץ פון שניי און שטערן. אין זיין אוי־ניפאָרם פון דער ווטערינאַר־שול איז ער געווען פאַרקנעפּלט ביזקל האַלדז, דער קאַרטוז אָבער מעשה סאָלדאַט—אויף אַ זייט, קיין מאָל האָט ער איר ניט אויסגעזעען אַזוי נעבעכדיק ווי איצטער. אויף איר פראַגע האָט ער שטיל און געבראָכן אָפּגעענטפערט מיט אַ צווייטער פראַגע:

— און איר, ביילינקע?

— איך? — האָט זי איבערגעפרעגט, דערפילט אַ באַהאַלטענעם קוועטש וועגן איר אייגענער „גאַנצקייט" און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

און גאָר אומגעריכט, פּאַר אים אַזוי ווי פּאַר זיך אַליין, האָט זי קורץ אַ שלוכץ־געגעבן און צוגעפאַלן צו זיין פּלייצע:

—ווילענסקי, ראַטעוועט מיך!

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף אירע צעפּליאַשעטע האָר, אָבער קיין גלעט נישט געגעבן:

— נאָך דאָ וואָס צו ראַטעווען?

זי האָט געשלוכצט און גערעדט ניט צו דער זאַך:

---

*) קרוב.

— איר... די גאַנצע צייט שטייט איר דאָ אין קעלט... שטייט און וואַרט אויף מיר?...

ער האָט איר אויך ניט געענטפערט צו דער זאַך, נאָר ווייך זי אַ צי געגעבן נאָך זיך:

— נו, איז גוט, ביילינקע. איצטער קומט אַהיים. קיינער וועט ניט וויסן. ווייַנט ניט.

— דערטרינקען וואָלט איך זיך געוואָלט...

— אַך, וואָס דערטרינקען! דער דניעפּר איז געפרוירן, קומט!

— מען זוכט מיך אַוודאי אַרום. וואָס וועל איך זאָגן?

— איך וועל זאָגן, ניט איר. איך וועל זאָגן, אַז מיר האָבן שפּאַצירט. אין אַ שליטן דורכגעפאָרן זיך. מיר ביידע.

זי האָט אויפגעריסן ביידע אויגן. געשוויגן אַ ווײַלע. דערנאָך אָנגעוויזן אויף זײַן צעשלאָגענעם קין:

— און אָט דאָס?

— איך וועל זאָגן, אַז איך בין אַרויסגעפאַלן פון שליטן, צעקלאַפּט זיך.

— איך בין זיך דורכגעפאָרן, — האָט זי ביטער אַ לאַך געטאָן, — און אַראָפּגעפאַלן זייט איר גאָר?

— איר אַליין האָט דאָך געזען. פריער...

ער האָט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם. זי האָט זיך אַ ווײַלע אָקעגנגעשטעלט און דערנאָך נאָכגעגעבן.

— איר האָט זיך פאַרקילט, — האָט זי זיך קוים־קוים צוגעטוליעט צו אים.

— דאָס וועט זיך פאַרהיילן...

— און וואָס — ניט?

ער האָט איר ניט געענטפערט, נאָר האַסטיקער גענומען גיין, און זי — נאָך אים.

עטלעכע טריט פאַרן אַרײַנגאַנג אין הויז האָט זי זיך ווידער פאַרעקשנט:

— וואַרט, וואַרט אַ ווײַלע. איך וויל ניט! צו וועמען וועל איך דאָ גיין?

האָט ער איר דערמאָנט:

— איר געדענקט, ביילינקע? דעמאָלט, זונטאָג, ווען מיר האָבן באַזוכט דעם קלויסטער, און איך האָב אייך צוריקגעפירט אַהיים, איז אייך אויך שווער געווען אויפן האַרצן. איך האָב דאָס גוט באַמערקט. דעמאָלט האָט איר מיך געבעטן...

— איך — געבעטן?

— „אויב איך וועל דאַרפן האָבן הילף", האָט איר געפרעגט, „וועט איר מיר העלפן?" אומגעפּער אַזוי... איצטער, דאַכט מיר, איז געקומען די ריכטיקע שעה. ניט דאָס האָט איר דעמאָלט געמיינט?

— ווילענסקי, — מאַכט זי און בויגט אַראָפּ דעם צעפּאַטלטן קאָפּ,

— איר זייט בעסער פון מיר. איך בין ניט ווערט צו שטיין לעבן אייך...

— גייט, גייט, ביילינקע! גייט אַריין. מאָרגן וועלן מיר זיך דורכ־ריידן.

די קליאַמקע, אין דרויסן־טיר פון ציילעס וואוינונג, האָט אַ קלימפּער געטאָן. יעקב, ביילקעס ברודער, האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ:

— ביילקע, דו?

— מיר!... — האָט פאַר איר אָפּגעענטפערט גרשון ווילענסקי.

— איר ביידע? און מיר האָבן זיך שוין געזאָרגט.

— אייער שוואָגער שלאָפט נאָך ניט?

— אָקערשט געלייגט זיך. און איך בין געזעסן און געוואַרט. ניט גע־הערט ווען איר זייט געקומען אָפּנעמען ביילקען און ווען איר זייט אַוועק־געגאַנגען...

2

ווי פון אַ שווערן פיבער אַרויס, מיט אַ דולן קאָפּ און מיט בלויע קרוהעס אונטער די אויגן, האָט זיך ביילקע אויסגעטשוכעט אין דער פרי. און דאָס ערשטע געפיל איז געווען, ווי ביי אַ שיכורטע וואָס ניכטערט זיך אויס. אַ פרעמדקייט האָט זי דערפילט אַרום זיך און אַ טיפע נאַגעניש אין האַרצן. עפּעס ווי זי וואָלט געבליבן אייגע אַליין אויף דער וועלט, אָפּגעריסן פון אַלץ און פון אַלעמען. פון דער יידישער שטוב אָפּגעריסן זיך און צו דער גויישער ניט דערגאַנגען. כאָטש נעם און באַטויב זיך, אַזוי ווי נעכטן, אין דעם פינצטערן הייל פון סאָסנע־וואַלד, און נעם אין זיך אַריין די גוישע באַליידיקונגען אַזוי ווי זייער ליבשאַפט, אַבי פאַרגעסן זיך... די קלעפּ, וואָס וואַנקע האָט אין איר נעכטן אַריינגעלייגט, כדי בעסער געוועלטיקן איבער איר, האָבן ביי איר אַצינד אַרויסגערופן אַ געווירצטע ביטערקייט, אַ שאַרפע באַטעמטקייט, ווי לאָרבער־בלעטער אין מאַרינאַדע, ווי צימערינג איבער אַ טאָרט...

„צי גיי איך ניט פון זינען אַראָפּ?" — האָט זי זיך אַ זעץ געגעבן אין בעט און זיך צעפינטלט מיטביידע אויגן.

אַפּנים אַז ניט. וואָרעם דער געגוס פון וואַנקעס קערפּערלעכער נאָענט־קייט, וואָס נעכטן, אין דער נאַכט, האָט ער איר נאָך אויסגעזען אַזוי ווידערלעך און טריף, האָט ביי איר אַצינד אַרויסגערופן אַ ליידנשאַפטלעכן

ציטער אין אַלע אברים. און מיט אַ טאָפּלטער קראַפט איז אין איר פאַרשטע־לונג לעבעדיק געוואָרן די גלאַטקייט פון זיין נאַקן, די האַרטע אָרעמס אונ־טער זיין דאָרפישן אַנטועכץ, דער פויערישער ריח פון שאָפענעם אויס־געבעטן פעלץ, אין וועלכן ער האָט זי, אָן רחמנות, אַריינגעוואָרפן, ווי אין אַ וואָרעמען גרוב אַריין. אין איר פיינלעכן אויפכאַפּן זיך איז דאָס, פון מינוט צו מינוט, געוואָרן אַזוי בולט־שאַרף, אַזוי איבערצייגנדיק, אַז די גאַנצע נעכטיקע בושה אירע, דאָס וועלן דערטרינקען זיך און אַלע אירע ווייב־לעכע רייד, מיט אַזאַ ווייבלעכן בחור ווי גרשון ווילענסקי איז, האָבן איר אַצינד אויסגעזען גאַנץ איבעריק. פאַר איר נעכטיקער באַגעגעניש מיט אים האָט זי זיך אַצינד געשעמט, ניט פאַר דעם וואָס עס איז געשען... און נאָך מער האָט זי זיך אַצינד געשעמט פאַר דער הילף, וואָס זי האָט אַמאָל געבעטן ביי אים און וועלכע ער האָט איר נעכטן דערמאָנט. אַ יונגערמאַן, מיט אַ קאַרטוז און קאָקאַרדע אויפן קאָפּ, וועלכער באַקומט אַזאַ מיאוסן קלאַפּ אין קין און וואַרט אויף איר דערנאָך גאַנצע צוויי שעה, אין קעלט און אין חושך, כדי באַגלייטן זי אַהיים, אַזאַ איינער קען קיין הילף ניט געבן. ער קען נאָר נעמען וואָס מען גיט אים. „גייט אַריין, ביילינקע", האָט ער איר געזאָגט, צוהאַלטנדיק זיין צעשלאָגענע גאָמבע, „מאָרגן וועלן מיר זיך דורכריידן"... וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן אַצינד? ניטאָ מער וואָס צו ריידן...

אַנדערע ווערטער האָבן איר געגומען קלינגען אין די אויערן: „גע־דענקסט? ביי אונדזער „קום", לעבן גרינעם מאַנאַסטיר וואוינען מיר!..."
ווי אַ ווייטער גלאָק פון אַ קלויסטער האָט דאָס געקלונגען, פייערלעך און באַפוילעריש. דאָס האָט זי אַ הויב געטאָן אין איר געלעגער און צוגעצויגן זי צום שפּיגל אויף דער וואַנט. זי האָט זיך פרעך אַנטבלויזט און באַטראַכט איר ברוינלעכן פעסטן קערפּער. דאָרטן, וואו ער האָט נעכטן געדריקט און געקניפּן, זיינען געבליבן בלויע סימנים. ניט געחלומט האָט זיך איר דאָס. ס'איז געשען אויפן וואָר...

נאָר אָנשטאָט אַרויסצורופן אַ כעס און אַ ווידערווילן, ווי זי האָט גע־מיינט, ווי זי האָט געוואָלט אָפּנאַרן זיך אַליין, האָט דאָס ביי איר אַ הויב געטאָן אַ נייע כוואַליע פון גלוסטעניש צו טראָגן זיך פייל פון בויגן אינעם זעלבן אויסגעבעטן שליטן, אַזוי ווי נעכטן ביינאַכט; באַקומען קלעפּ און זידלעריי, נאָכאַמאָל פילן איבער זיך די גאַנצע שווערע משא פון דער פויערישער ליבשאַפט.

„וואָס טוט זיך היינט מיט מיר?" האָט זי זיך ווידער אַ כאַפּ געגעבן פאַרן קאָפּ און אַנגעקוקט זיך אין שפּיגל מיט גרויסע צעשראָקענע אויגן.

אָבער וויפיל זי האָט זיך ניט געמוסרט און וויפיל זי האָט זיך אַליין

ניט באַליידיקט, האָט דאָס הייסע בלוט אַלץ שטאַרקער געשריען אין איר; און וואָס מער זי האָט, זיך אַליין, געשראָקן מיט דער עלטער פון טאַטן און מאַמען און מיט איר שוועסטערס קימפּעט, אַלץ וויניקער האָבן זי גע־רירט די צרות וואָס זיי אַלע וועלן איבער איר אויסשטיין; זייער פאַר־צווייפלונג, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן וואָס פון דער „מיזינקע" איז גע־וואָרן. זיי אַלע, מיט יעקבן, איר ברודער, און מיט נתנען, איר שוואָגער, האָבן זיך עפּעס אָפּגערוקט אין אַ הינטערגרונט, פּלאַך געוואָרן ווי שאָטנס אויף אַ בילד. דאָס גאַנצע היימישע לעבן ביז אַהער, מיט אַלע קושעניש, האַלובענישן און זאַרגענישן פאַר איר, זיינען עפּעס געוואָרן איבעריק און געשמאַקלאָז, ווי דיקע שאָלעכצן וואָס זיינען פון איר אַראָפּגעפאַלן. צווישן איר און וואַניען האָבן זיי פאַנאַנדערגעטיילט פון קינדווייז אָן. איז וואַניע בייז געוואָרן, צעבראָכן און אַראָפּגעריסן; אַנטבלויזט די זיסע יאָדער, פון וועלכער זי האָט ניט געוואוסט, וועלכע מען האָט פון איר שטענדיק באַ־האַלטן. איצטער זיצט ער אין עק שטאָט, ביים „קום" לעבן גרינעם מאָ־נאַסטיר, און וואַרט אויף איר, זי זאָל נאָכאַמאָל קומען און מער ניט אַוועק־לויפן... מוז זי אַצינד' גיין. זי קען ניט אַנדערש.

3

פיבערדיק האָט זי זיך געכאַפּט אָנטאָן און וואַשן זיך, איינגייען די אָפּ־געריסענע קנעפּ אין זשאַקעטל... קאָפּ איבערן האַלדז האָט זי דאָס געטאָן, איינס פריער פאַר דאָס אַנדערע. נאָר ווי אַלע מאָל ווען זי פיבערט אַזוי און גריזשעט זיך מוזן קומען די נאָענטע און מאַכן איר דאָס לעבן נאָך שווערער.

דאָס מאָל איז דאָס געווען יעקב, איר געטרייער ברודער. אַ ניט־גע־בעטענער איז ער צו איר אַריינגעקומען, אָנגעטאָן אין זיין אוניפאָרם פון פעלדשער־שול, מיט גרינע לאַצן און גרינע טאַשמעס און מיט אַ בינדל ביכער און העפטן אונטערן אָרעם.

— גוט מאָרגן, — מאַכט ער, — ביילקע! וואָס מאַכסטו?

— אַ דאַנק! — ענטפערט זי אָפּ אַ ביסעלע בייזלעך און דאָס בלוט וואַרפט זיך איר אין פנים. — דאָס וואָס אַלע מאָל מאַך איך.

— וואָס איז דאָס נעכטן געשען, ביילקע, מיט אייך ביידן?...

— מיט ביידן? — איז זי בלאָס געוואָרן און גענומען רייבן זיך מיטן האַנטוך, כדי צו פאַרבאָרגן איר פּלוצלעכע בלאַסקייט. — וועלכע ביידע?

— דו און ווילענסקי...

— אָ, — מאַכט זי און כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, — איך און ווי־לענסקי...

— מיר האָט זיך נעכטן אויסגעדוכט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט...

— גאָרניט האָט פּאַסירט.

— ווילענסקי האָט זיך געהאַלטן פאַר דער גאַמבע. און דו ביסט עפּעס אויך געווען... ווי זאָל איך דיר זאָגן?...

— מיר האָבן זיך געשלאָגן.

— אַן שפּאַס...

— פון אַ שליטן זיינען מיר אַרויסגעפאַלן... ביים אויסקערעווען זיך באַרג־אַראָפּ. צו־גיך געפאָרן.

— אַה! דורכגעפאָרן זיך!

יעקבס תמימות האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ חשק צו רייצן זיך מיט אים אַ ביסל, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז אַ שפּיל טאָן זיך מיט זיין יינגל־שער בייגעריקייט:

— ריכטיקער געזאָגט: אַרויסגעפאַלן פון שליטן בין איך, נאָר צע־קלאַפּט האָט ער זיך...

— עפּעס חכמעסטו זיך היינט!

— אַך, יענקעלע, לאָז מיך! איך בין ניט אויסגעשלאָפן. מיד און מאַט בין איך...

— און שטייסט אויף אַזוי פרי?

— איך שטיי אויף פרי? — האָט זי זיך אַ קאַפּעלע פאַרלוירן. — גיי, גיי! איך לייג זיך באַלד צוריק.

— זאָל איך זאָגן נתנען ער זאָל דיך ניט וועקן? טיי וועט ער זיך אַליין מאַכן...

— זאָג אים, זאָג אים, יענקעלע! זיי אַזוי גוט.

— ער גייט באַלד אַוועק צו צילען אין קליניק, דערנאָך אין קאַנ־טאָר *), וועסטו זיך קאָנען שלאָפן כאָטש ביז האַלבן טאָג...

— אַ דאַנק, יענקעלע! און בעט אים ער זאָל צילען אָפּגעבן אַ גרוס פון מיר. איך וועל אפשר ניט קענען קומען...

— איך וועל אים זאָגן.

זי האָט נאָכגעקוקט יענקעלען, איר ברודער, ווי זי וואָלט זיך מיט אים געזעגנט... זעגנט זי זיך טאָקע מיט אים, מיט צילען? זי גייט דאָך נאָר זאָגן וואַניען, אַז זי וויל מאַכן אַ סוף, אַז זי קען ניט מער, אַז דאָס וואָס איז געשען, טאָר מער ניט פאָרקומען. אַזוי וויל זי אים זאָגן...

אָבער אָט־די זעלבסט־נאַרעריי האָט זי באַהערשט נאָר אויבן־אויף. זי אַליין האָט אין דעם ניט געגלויבט. אין איילעניש און כאַפּעניש האָט זי זיך

---

*) אָפּיס.

ווייטער געגומען אַנטאָן, ווי נאָר יענקעלעס טריט זיינען פאַרקלונגען אין קאָרידאָר. און מיטאַמאָל באַמערקט זי עפּעס אויף אירע אונטערוועש, און אין זכרון טוען איר אַ קלאַפּ, מיט ליידנשאַפטלעכער שאַרפקייט, די קורצאָטעמדיקע ווערטער וואָס וואַניע האָט איר געוואָרפן, ראַנגלענדיק זיך מיט איר אין שליטן. פאַר ביידע פלייצעס האָט ער זי געהאַלטן מיט זיין גאַנצן דאָרפישן כוח, געשאָקלט זי ווי אַ צייטיקן בינדל זאַנגען אין מאַקאַראָווער פעלד:

— דיין יידישע מאַמע, די לעיביכאַ, האָט מיך שטענדיק פון שטוב געיאָגט... ווי אַ הונט. איצטער — דו אויך? דו אויך? זאָלסט זיך ניט דערוועגן! מיינע ביסטו! דו! מיין פּראַוואָסלאַוונע מאַמע זאָגט אויך אַזוי. פון קינדווייז אָן ביסטו מיינע...

— ביסט אַ שלעכטער! — האָט זי זיך אים שוואַך אָקעגנגעשטעלט. — כ'האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביסט אַזאַ שלעכטער...

און ער קריצט מיט די געזונטע ציין און טענהט זיך דאָס זיי־ביקע:

— פון מיין מאַמעס „טיטקע" *) האָסטו געזויגן. מיין חלק האָסטו אָפּגענומען קליינערהייט. איצטער גיב דאָס מיר צוריק! אַלץ — צוריק. בעלקאַ!

דאָס האָט אין איר פאַרשטעלונג אויפגעפלאַקערט אַזוי קלאָר און הייס און אַזוי נאָענט, אַז זי האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די ציפּקעלעך, ווי זי וואָלט דערמיט דערגרייכט וואַניעס אָפענע ליפּן, וועלכער איז אַ סך העכער פאַר איר. און געשעפּטשעט האָט זי דערביי אין לופטן אַריין, ווי אַ טויט־שיכורע:

„איך גיי צו דיר, וואַניע! אַלץ וואָס דו ווילסט, נעם! איצטער איז מיר אַלץ איינס..."

***

אין יענעם נאָכמיטאָג, ווען יעקב איז געקומען פון פעלדשער־שול, האָט ער זיין שוועסטער אין שטוב ניט געטראָפן. אין איר בעט איז זי אויך ניט געווען. פאַרנאַכט האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און איז אַוועקגע־לאָפן צו ווילענסקין. אויך דאָרטן איז זי ניט געווען. ווילענסקי אַליין איז געלעגן אַ פאַרקילטער, אַ הייזעריקער, און זיין ניט־געגאָלטער קין איז געווען פאַרלאָפן מיט אַ גרויסן רויט־בלויען פלעק.

---

*) ברוסט.

## פינף און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# שלום צווישן מענטש און חיה

### 1

דער קינדישער קידער־ווידער צווישן מענטש און חיה, דאָס הייסט, צווישן משה־לייבן און ריקעלען, זיין שטוב־קאַץ, האָט נאָך אַלץ אָנגע־האַלטן. די אַכזריות וואָס ער איז אַמאָל באַגאַנגען קעגן דער אַלטער טראָגעדיקער קאַץ און די אָנגעזאַלצנקייט אויפן האַרצן, וואָס אים איז דערפון פאַרבליבן, האָט ער אַריבערגעטראָגן אויף ריקעלען. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב מיט איר שוואַרצן פוטערל און גרין־לויכטנדיקע אויגן, אויסגעמיטן דעם ברוגזן באַלעבאָס מיט זיינע פאַרשטויבטע שטיוול און געריצט, דאַכט זיך, זיין ניט־ריינעם געוויסן. ער האָט מסכים געווען, מיט שיינע־שרהן, זיין ווייב, אַז אָן אַ קאַץ קען זיך אַ יידישע שטוב ניט באַגיין. און פונדעסטוועגן — פיינט געהאַט זי ווי אַ זאַיאַדלע רפואה, וועלכע מען מוז איינגעמען אַלע טאָג, פון וועלכען מען קען ניט פּטור ווערן... וואו שיינע־שרה האָט זיך געשמאָלצן פאַר נחת, צוזעענדיק רי־קעלעס שטיקלעך, אירע שפּילערייען און קאָזשעלקעס מיטן קניילכל פּאָ־דעם, דאָרטן האָט זיך משה־לייב געבלאָזן, אָפּטמאָל געבורטשעט אונטער די האַרטע וואָנסעס זיינע, אָן שום ווענדונג, סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין:

— געלויבט דער אויבערשטער! צוגעשיקט אונדז אַ טרייסט. פאַראַן פון וואָס צו קווען...

דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז ס׳איז אָנגעקומען דער טאָג, ריכ־טיקער געזאָגט — די נאַכט, ווען דער כמורנער באַלעבאָס און די שפּי־לעוודיקע קעצל האָבן שלום געמאַכט אויף גאָר ניט אַ געוויינלעכן אופן. צום באַדויערן, פאַר זייביידן — ניט אויף לאַנג.

געשען איז דאָס ווען צילע, משה־לייבס אויסגעגעבענע טאָכטער אין מאָהילעוו, איז געלעגן געוואָרן, און שיינע־שרה האָט ווען דעם באַקומען אַן אויספירלעכן און פריילעכן בריוו פון איר איידעם. אויסער דער גוטער בשורה, וואָס ער האָט דאָ אָנגעזאָגט זיין שווער און שוויגער, אַז זיי זיינען, געלויבט דער אויבערשטער, געוואָרן זיידע און באָבע, האָט ער נאָך אין עק בריוו צוגעשריבן, אַז די פריינדשאַפט צווישן ביילקען און ווילענסקין איז ווייט פאַרגאַנגען; אַז איינער אָן צווייטן רירט זיך ניט פון אָרט. אין דער פרייער צייט לערנען זיי זיך צוזאַמען, גייען שפּאַצירן צוזאַמען...

ווען דער בריוו איז אָנגעקומען איז נאָך משה־לייב אין דער היים ניט געווען. האָט שיינע־שרה אַראָפּגעכאַפּט די סמעטענע און אפשר צען

מאָל איבערגעלייענט מיט די שפּאָקולן און אָן די שפּאָקולן. געקוויקט זיך אַזוי, ביז דער פּריש־געבאַקענער זיידע איז אָנגעקומען מיט זיין פּורל, אַ פאַרשטויבטער און אַ פאַרמאַטערטער, און זי איז אַרויסגעלאָפן אים אַנט־קעגן.

נאָכן ערשטן שטורעמדיקן „מזל־טוב", וואָס זיין אשת־חיל האָט אים אָפּגעגעבן, האָט שוין משה־לייב ניט געזען מער ווי ער וואַשט זיך צו וועטשערע, ווי ער מאַכט „המוציא". ער האָט געטיקעט אין טעלער מיטן לעפל, דערנאָך מיטן גאָפּל און מיט די מידע אויגן געזוכט די פריילעכע שורות אין בריוו, וואו נתן, זיין איידעם, באַשרייבט אים זיין טאָכטערס קימפּעט און ביילקעס פריינדשאַפט מיט ווילענסקין. צוויי שמחות אויף איין מאָל זיינען דאָס געווען. הייגט וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן אַקעגן דעם די געקאָכטע פאַסאָליעס, דאָס שטיקל פלייש אין געקעכץ?

איין זאַך נאָר האָט אים געשטערט דעם פולן נחת זיינעם פון ביידע טעכטער צוזאַמען — די קאַץ. וואָרעם ריקעלע מיט איר שוואַרץ־סאַמעטענעם פעלצל איז צוגעקראָכן, פאַרריסן דעם עק, געמיאַאוקעט און געבעטן אַ ביסן. דאָס האָט משה־לייבן גלייך אַרויסגעפירט פון גע־דולד און ער האָט אַ טופּע געגעבן מיט זיין פאַרשטויבטן שטיוול:

— גוואַלד! נעמט פון מיר אַוועק די קאַץ!

— פּסיק, פּסיק, — האָט שיינע־שרה געטאָן דעם רצון פון איר מאַן און אַוועקגעיאָגט ריקעלען פון אונטערן טיש.

באַלד אָבער האָט זי באַמערקט, אַז משה־לייב זעט נאָך אַלץ ניט וואָס ער עסט, אַז ער טאַפּט מיטן גאָפּל ווי אַ בלינדער און זיין חלק פלייש ווערט קאַלט. האָט זי אויף אים אָנגעשריען:

— אָדער מען עסט, אָדער מען לייענט... וועסט זיך לייגן אין בעט, וועסטו לייענען וויפיל דיין האַרץ געלוסט!

— גוט־גוט־גוט! — האָט זיך משה־לייב אויפגעכאַפּט און אָנגעקוקט זיין גאָפּל און טעלער ווי אַ באַנומענער.

און ווען ער האָט זיך, מיט אַ יידישלעכן זיפץ, געלייגט שלאָפן, אַ טויט־מידער און אַ גליקלעכער, מיטן איידעמס בריוו אין האַנט, האָט ער באַמערקט, אַז דער הענג־לאָמפּ אין מיטן שטוב איז צו־ווייט און זיינע אויגן זיינען ניט דאָס וואָס אַמאָל. האָט ער געבעטן שיינע־שרהן, זי זאָל אים געבן אַ שטיקל ליכט.

האָט זי דאָס געטאָן: אָנגעצונדן און צוגעטראָגן אין אַ צינענעם לייכטערל, וואָס ווערט באַנוצט אויף דער קיך; און אַוועקגעשטעלט, אויף אַ בענקעלע לעבן זיין צוקאָפּנס. אַליין אויך געלייגט זיך אין איר בעט און אַרויסגעקוקט פון איר הייבל, ווי משה־לייב טייטלט מיטן אויס־געהאָרעוועטן פינגער איבער די געשריבענע שורות און האָט הנאה,

אַזוי ווי זי אַליין האָט פריער הנאה געהאַט. אַזאַ נחת־רוח טאָר מען ניט שטערן. עס האָט זיך איר אַפילו שטאַרק געגלוסט צו כאַפּן אַ שמועס, נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטן. אַט, ווען ער וועט ענדיקן, וועט זי מיט אים איבערריידן: ווען און ווי אַזוי מען זאָל צוזאַמען פאָרן צום ברית. מען מוז דאָך אָפּשליסן אַ באַלעבאַטישקייט, באַזאָרגן די בהמה און די עופות ביי אַ שכנטע... צו באַדינען די געלעגן־געוואָרענע טאָכטער איז, געלויבט דער אויבערשטער, ניט נייטיק. ניט אַמאָליקע צייטן! נתן, איר איידעם, שרייבט איר, אַז אין קליניק קומען אַלע טאָג אַ דאָקטאָר און אַן אַקושערקע. און אַ „זיצערקע" איז דאָ, וואָס טרעט פון דער יולדת ניט אָפּ... אָבער אַ ברית איז דאָך ניט שייך. אַ ברית פון ערשטן אייניקל!

האָט זי אַזוי געוואָרט, שיינע־שרה, געלאָזן איר משה־לייב זאָל זיך אָנזעטיקן מיט נחת, ביז זי איז איינגעדרעמלט געוואָרן און פון דרעמל אַריינגעפאַלן אין טיפן שלאָף, ווי אין אַ גרוב אַריין...

## 2

אין דער באַטויבונג פון ערשטן איינשלאָפן האָט זי אומקלאָר דער־הערט אַ קאַניוקען פון דער קאַץ און אַ קראַצן פון נעגל לעבן איר בעט. זי וואָלט שווערן, אַז ריקעלע דראַפּעט די פערינע. וועמעס פערינע? משה־לייבס, איר אייגענע? „נאַ, טראַכט זי זיך, משה־לייב האָט זיך שוין ווידער אַמאָל גענומען צו דער קאַץ. וואָס האָט ער צו איר? און וואָס פאַרגינט ער ניט וואָס אַ באַשעפעניש לעבט אויף דער וועלט?"

אין שטוב איז רויכיק און חושך. און רויטע פונקען קריכן אַרום איבערן צווייטן בעט... ביים זייער שוואַכן אָפּשיין, פאַרשקענדיק און הוסטנדיק, זעצט משה־לייב מיט אַ קישן אויף רעכטס און אויף לינקס, הוסט און שרייט. ווי אַ באַנומענער:

— שיינע־שרה, אַ פענצטער עפן־אויף! אַ פאַ־אַ־אַרטקע! קכי, קכי, קכי...

די בהלה און טומלעניש זיינען גרויס. שיינע־שרה האָט אָבער איר מאַנסבילישן קאָפּ ניט פאַרלאָרן, ניט פאַרגעסן אַז ס'איז ווינטער אויף דער וועלט. האָט זי קודם־כל אַרויפגעוואָרפן אויף משה־לייבן זיין דיקן כאַלאַט און אויף זיך אַליין — די קאָלדרע פון בעט. דערנאָך ערשט גע־כאַפּט רייסן די לאָדנס. און ווען אַלע פאָרטקעס אין שטוב זיינען שוין געשטאַנען אָפן און דאָס אויפגעדרייטע קיך־לעמפּעלע האָט זיך צעפינטלט אין שלאָף־צימער, איז שוין מיט דער אָנציינדעניש געווען אויס. נאָר משה־לייבס געלעגער האָט נאָך געריכערט מיט פעדערן־סמאַלעניש און ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אָפּגעבריטן אָרעם.

— אָ, אָ! — האָט ער געקרעכצט אַ ביסעלע פאַרשעמט, ווי אַ גרויסער יינגל, וואָס האָט זיך באַנאַרישט — שיינע־שרהלע, ביסט עפּעס אַ מבין?

— בולבע־מעלי! — האָט זיך זיין אשת־חיל גלייך אַ וואָרף געגעבן צום אַלמערל אין קיך — בולבע־מעל מיט אַ ווייסל פון אַן איי. וועט דיר בעסער ווערן.

פון די קולות, קישן־שלאָגעריי און לאָדן־אויפרייסעניש, וואָס האָבן אויסגעבראָכן ביי משה־לייבן, האָבן זיך אויפגעכאַפּט אונטערבאַרגער שכנים. דערזען דעם רויך, וואָס זעצט פון דעם שכנס אָפענע פאַרטקעס, האָבן זיי זיך צו אים אַ לאָז געגעבן אין שטוב אַריין. און דאָ, אינעם שטורעמדיקן הו־האָ פון פרעגן און ענטפערן, איז ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן, אַז משה־לייב איז איינגעשלאָפן אין מיטן לייענען און איבערלייענען דעם אײדעמס בריוו. דאָס בויגעלע פּאַפּיר האָט זיך אים, ווייזט אויס, אַרויסגעגליטשט פון די פינגער אויפן לייכטערל, אָנגעכאַפּט זיך און איבערגעוואָרפן דעם פייער, פון ליכטל צום ברעג ליילעך; דערנאָך צום צוקאָפּנס... ווען עס וואָלט, חס־ושלום, דערגאַנגען ביזן האָר־און־באָרד, וואָלט משה־לייב, שונאי־ישראל, אַרויס אַ קאַליקע. נאָר ריקעלע האָט זיך אַריינגעמישט. ריקעלע האָט גענומען קאַניוקען אַזוי ווי קיין מאָל ניט אין דער וועלט. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מען האָט איר אָנגעטראָטן אויפן עק און מען האַלט זי אַזוי צוגעקלעמט צום אָרט. דערזען, אַז מען הערט זי ניט — איז זי אַרויפגעשפּרונגען אויף משה־לייבס בעט און גענומען דראַפּען מיט די נעגל... געזען אויף אייער לעבן אַזאַ חכמה אַ קאַץ? הכּלל, משה־לייב האָט זיך אויסגעטשוכעט, אַרויסגעשפּרונגען פון רויך און פייער און דערזען, אַז דער אַרבל פון העמד ברענט ביי אים. נאָר אָנשטאָט צו לעשן דעם אַרבל, האָט ער געכאַפּט אַ קישן און גענומען זעצן איבערן ברענענדיקן צוקאָפּנס. בינו־לבינו האָט אים דער אָנגעצונדענער העמד־אַרבל אָפּגעסמאַליעט די הויט פון אָרעם. נאָר ער האָט ניט געקוקט און ווייטער געזעצט, שטיקנדיק זיך פון רויך און שרייענדיק „שיינע שרה!“ אין דער דאָזיקער קורצער מהומה איז דאָס רעשט ליכטל אויסגעלאָשן געוואָרן און שיינע־שרה איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, ווען די שטוב איז שוין געווען פול מיט אַ געדיכטן רויך. אין דער פינצטער, איבערקערנדיק שטולן און אָנשטויסנדיק זיך אויפן אַלמער, האָט זי זיך דערשלאָגן צו דער ערשטער פאַרטקע און אויפגעמאַכט...

— טפו, טפו! — האָבן די גוטע, האַלב־אָנגעטאָנענע שכנים אָפּגעשפּייט צוליב סגולה־וועגן — „גומל“ דאַרפט איר בענטשן, ר׳ משה־לייב!

— אַ ייד — מאַכט משה־לייב און גלעט זיך דעם פאַרבונדענעם

אָרעם — אַ ייד טאָר צופיל קיין נחת ניט האָבן. אָקערשט דערוואוסט זיך, אַז איך בין, געלויבט דער אויבערשטער, געוואָרן אַ זיידע. און אין מיטן דערינען — נאַ־דיר!

— טפו! טפו! — האָבן די גוטע שכנים ווידער אָפּגעשפּייט — עמיצנס אַ בייזע אויג. שונאים האָבן ניט פאַרגונען...

אַצינד האָט זיך אַלעמען פאַרגלוסט אַנקוקן אַזאַ חכמה אַ קאַץ, וואָס האָט געראַטעוועט אַ שטוב און אויפגעריסן אירע באַלעבאַטים פון שלאָף. האָט מען זי געגומען רופן און זוכן און ניט געפונען. ריקעלע האָט זיך דערשראָקן פאַר די פרעמדע מענטשן און באַהאַלטן זיך. שיינע־שרה האָט זי אָבער סוף־כל־סוף אָפּגעזוכט אין קיך, אונטערן טריפהן בענקל.

— זיצט — מאַכט זי — היגטערן בלעכענעם צעבער פון וועש און לעקט זיך אַ לאַפּקע. אַפּנים אָפּגעסמאַליעט זיך אַ קאַפּעלע...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן זיך די גוטע שכנים צעלאַכט פון פולן האַלדז — שוין איין מאָל אַ קאַץ! אַפּריער געזאָרגט פאַר די באַלעבאַטים, איצטער — פאַר איר אייגענעם געזונט...

משה־לייב האָט דערווייל געזוכט די רעשטלעך פון אײדעמס ברייוו, און געפונען פון אים האָט ער נאָר איין פאַפּירענעם ווינקל, פאַרגעלט פון פייער מיט פאַררויכערטע אותיות.

— איר זעט דאָך! — טראָגט ער דאָס אונטער זיינע גוטע שכנים און זיפצט אָפּ — „מזל־טוב" ווינטשט ער מיר, מיין איידעם, אָט דאָ־אָ!... ער וואָלט וויסן ווי איך האָב זיין מזל־טוב אָפּגעהיט.

— מזל־טוב אייך! האָבן זיך אַצינד די גוטע שכנים צעזונגען, — זינדיקט ניט, ר' משה־לייב! זאָל דאָס זיין אַן אָפּקומעניש פאַר אַלעמענס זינד. דאַנקט גאָט וואָס איר זייט גאַנץ, וואָס די שטוב איז גאַנץ, וואָס דער גאַנצער „אונטערבאַרג" איז גאַנץ. עס האָט געקענט זיין ערגער...

3

וועגן איינשלאָפן, נאָך אַזאַ צערודערונג, אין אַן אויסגעקילטער שטוב איז דאָך ניט געווען וואָס צו ריידן. דער פריקרער ריח פון געסמאַליעטע פעדערן האָט זיך ניט אַזוי גיך אויסגעוועפּט און דער פאַרבונדענער אָרעם משה־לייבס האָט אים אויך ווי געטאָן. זיינען מאַן און ווייב געלעגן, איינגעדעקט אין די צורעכט־געמאַכטע בעטן און האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט האַלב־פאַרשלאָפענע ווערטער:

— געהערט — מאַכט משה־לייב — וואָס שכנים זאָגן? עמיצער האָט אונדז ניט פאַרגונען...

— ווער קען דאָס זיין דער ניט־פאַרגינער?

— אונדזערע גוטע פריינדלעך אין מאַקאַראָווקי.
— זיי מיינסטו גאָר? ווי קומען זיי צו אונדז?
— וואָלטסט געזען אַפּאַנאַסעס אויגעלעך די לעצטע צייט... האַפּיאַס שמייכעלע וואָלטסטו געדאַרפט אָנקוקן. זיי זיינען אונדז געוואָרן דם־שונאים; און אַלץ דערפאַר וואָס וואַנקע זייערער גייט אויס נאָך ביילקען.
— אַ שיינע ריינע כפרה! — שפּייט־אויס שיינע־שרה און עס ווערט אַ ווײַלע שטיל. אין אַ מינוט אַרום דערמאָנט זיך משה־לייב:
— און אין דאָרף זאָגט מען, אַז זי איז אַ שטיקל מכשפה, די האַפּיאַ דיינע...
— שוין גאָר מיינע? וואָס האָסטו זיך דערמאָנט?
— איך האָב זיך ניט דערמאָנט. איך האָב זיך דערוואוסט. מיט אַ כישוף, זאָגט מען, האָט זי איר וואַנקען אָוועקגעשטעלט אויף די פיס. אַלע אין דאָרף האָבן שוין געמיינט, אַז ער וועט פון ליעזשאַנקע מער ניט אַראָפּקריכן. מיטאַמאָל, זאָגט מען, איז ער אַראָפּגעקראָכן. געוואָרן אַ גאַנ־צער „יאַ־טעבע־דאַם“. זוכט אַ קונה פאַרן טאַטנס פלאַקס. איך וועל דאָס מער אין די הענט ניט נעמען. אַלץ וואָס קומט פון אַפּאַנאַסעס כאַטע איז ביי מיר איצטער טריף ווי חזיר...
— נו, זעסטו דאָך... — מאַכט שיינע־שרה, בלייבט שטיין אין מיטן און שווייגט.
— וואָס זע איך דאָך? — פרעגט איבער משה־לייב.
נאָר באַלד כאַפּט ער זיך וואָס שיינע־שרה האָט געוואָלט זאָגן: —
— אָך, די קאַץ אונדזערע מיינסטו? דערפאַר טאָקע האָב איך זי ניט געקאָנט אָנקוקן. פון האַפּיאַס כאַטע שטאַמט זי. די שוואַרצקייט פון פעלצל, דאָס אַרומפּאַדיען איבערן שטוב. ווי אַ „ניט־גוטער“ האָט זי מיר אַלע מאָל אויסגעזען.
— איז זעסטו דאָך! אַן אומזיסטע שנאה געווען. וואָס זאָגסטו עפּעס איצטער?
— וואָס איך זאָג? — האָט משה־לייב איבערגעחזרט פאַרטראַכטער־הייט — וואָס זאָל איך דיר זאָגן...
דער האַלב־פאַרשלאָפענער שמועס האָט זיך איבערגעריסן פון זיך אַליין. זיי ביידן האָט געדריקט די פאַרטשאַדעטע פינצטערניש. דער פאַר־דאַכט אויף האַפּיאַס לעבעדיקער מתנה און דער נס וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען האָבן זיך עפּעס ניט געקלעפּט צוזאַמען... ערגעץ־וואו אונטערן טריפהן בענקל אין קיך זיצט זי, ריקעלע, איינע אַליין, לעקט זיך די אָפּגעסמאַליעטע לאַפּקע און ווייסט ניט וואָס צוויי דערוואַקסענע מענטשן טראַכטן פון איר. און אפשר ווייסט זי יאָ, נאָר זי מאַכט זיך אַז זי ווייסט ניט?...

אָבער צומאָרגן ראַנעטשקע, מיטן ערשטן בלויען אויף טאָג, האָבן זיך די נאַכטיקע פאַרדאַכטן אויסגעוועפּט צוזאַמען מיטן אומרואיקן דרעמל. משה־לייב האָט זיך געפּעדערט, אַנגעטאָן דעם כאַלאַט אויף איין אָרבל און, גלעטנדיק זיך דעם פאַרבונדענעם אָרעם, געזאָגט „ברכות" מיט טיפער כוונה. זיין גאַנצע ליבשאַפט צו זיינע קינדער אין מאַהילעוו און זיין גאַנצע דאַנקבאַרקייט צום רבונו־של־עולם, וואָס האָט אים דורך זיין פיר־פיסיקן שליח מציל געווען פון אַ שרפה, האָט ער אין יעדער ברכה אַריינגעלייגט.

— נו, אָה! — האָט ער צו זיך געגומען רופן ריקעלען אויף שטום־לשון, כדי ניט מפסיק צו זיין; מיט דער געזונטער האַנט אַנגעבראָקט שטיקלעך חלה אין אַן אַלטער פּאַקרישקע און פאַרגאָסן מיט וואַרעמע מילך — אָ, אָי!... דאָס הייסט: נאַ, עס, ריקעלע, און זאָל דיר וואויל באַקומען!

און ריקעלע, וועלכע האָט דעם בייזלעכן באַלעבאָס אַלע מאָל אויס־געמיטן, האָט זיך דאָס מאָל לאַנג ניט געלאָזן בעטן. דערפילט אַ פּנים אַ נייע וואַרעמקייט אין משה־לייבס שטום־לשון. פאַרזיכטיק און מיט אַ זייטל איז זי לכתחילה אַרויס פון אונטערן טריפּהן בענקל. אַ קוק־געטאָן פון אונטן־אַרויף אויפן באַלעבאָס, ווייך אַ קאַניוקע־געגעבן און צוגעכאַפּט זיך זליאַקען.

פלינק און לעבעדיק, ווי ריקעלע איז צוגעשפּרונגען צו דער פולער פּאַקרישקע, האָט זי דאָך אַ קאַפּעלע אונטערגעהונקען אויף איר אָפּגע־סמאַליעטן פיסל. משה־לייב האָט דאָס דערכאַפּט מיטן אויג און ווידער אַמאָל געוווּנדט זיך, ניט צו איר, ניט צו זיך אַליין, אויפן הייליקן שטום־לשון, וואָס ווערט באַנוצט אין מיטן דאַוונען: „נו, אָ, אָ!..." דאָס מאָל האָט דאָס באַדייט: „נעבעך, ווער זאָל זיך ריכטן? אַ חיה זאָל זיך פאַר אירע באַלעבאַטים אַזוי מוסר־נפש זיין!..." שאָקלענדיק מיט זיין באַבערדלטן קאָפּ איז ער איבער איר אַזוי געבליבן שטיין, צוגעקוקט ווי זי עסט און מיט כוונה באַטאָנט יעדע ברכה:

— ברוך... געלויבט איז גאָט וואָס שטעלט אויף איינגעבויגענע. ברוך... געלויבט איז גאָט וואָס טוט אָן נאַקעטע...

שיינע־שרה איז דערווייל אויך אויפגעשטאַנען, אַרויפגעכאַפּט דעם וואַרעמען קאַפּאָט, אַריין אין קיך, אין אירע ווייכע שטעק־שיך און דערזען ווי דער מאַן אירער, אין כאַלאַט אויף איין אָרבל, שטייט און שאָקלט זיך איבער ריקעלען און איבער איר אָנבייסן און זיינע ליפּן שאָקלען זיך אויך... האָט זי איר ווייבערישן נצחון ניט געקענט איינהאַלטן אין זיך, געמאַכט אַ פּיסקעלע און אַ פרעג געגעבן:

— נו, וואָס? שלום געמאַכט?

משה־לייב האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און, הויבנדיק פאַרלעגן מיט די פּלייצעס, געגומען אַרומפּאַדיען און פּרעפּלען מיט פאַרדראָס:

— ברוך... שלא עשני אשה... געלויבט דער אויבערשטער וואָס האָט פון מיר ניט געמאַכט קיין יידענע...

טאַקע גאָט אַליין האָט אים באַצייטנס צוגעשיקט אַזאַ ברכה. דאָס האָט גראָד אויסגעדריקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. ס'הייסט: וואָס ווייסטו, שיינע־שרה, און וואָס פאַרשטייסטו אין אַזעלכע זאַכן?

## זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# נאָכן נס — אַן אומגליק

1

אין יענעם פרימאָרגן, נאָך דעם נס וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין שיינע־שרהס הויז, האָבן זיך די אויפרעגונגען פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט און די גוטע־בשורות פון פאַרברענטן בריוו ניט געלאָזן צו־רו. האָט זי זיי אויסגעגאָסן אין אַ לאַנגן בריוו צו נתנען איר איידעם און צו צילען איר טאָכטער, וועלכע ליגט אין קימפּעט. אַ שאָק ברכות האָט זי אויסגעוויינט, פון דער ווייטן, אויפן קעפּעלע פון איר ערשטן אייניקל. געבעטן מען זאָל דעם ניי־געבוירענעם אַ נאָמען געבן אברהם, אַזוי ווי משה־לייבס פאָטער, עליו השלום, האָט געהייסן. אברהם, אַזוי האָט שיינע־שרה געשריבן, פּאַסט זיך צום ערשטן ברית, וואָס מען גייט פּראַווען אין דער משפחה. וואָרעם אונדזער עלטער־זיידע, ווען גאָט אַליין האָט געפּראַוועט דעם ערשטן ברית, האָט אויך געהייסן אברהם.

ווייטער האָט זי באַשריבן דאָס גאַנצע געשעעניש, וואָס איז פאַריקע נאַכט געשען. ווי אַזוי נתנס בריוו האָט אָנגעצונדן משה־לייבס געלעגער, און ווי אַזוי ריקעלע, אַ קעצל פון זיבן חדשים, האָט זיי געראַטעוועט פון אַן אומגליק. געקענט חס־ושלום אומקומען מיט דער שטוב צוזאַמען...

מען זעט טאַקע באַשיינפּערלעך, אַזוי האָט שיינע־שרה געשריבן מיט חכמה, אַז גאָט באַשאַפט די רפואה פאַר דער מכה. וואָרעם נאָך דער פּאַסירונג, וואָס האָט פּאַסירט מיט דער אַלטער קאַץ, איז משה־לייב אַריינגעפאַלן אין אַ מאָדנער מרה־שחורה און האָט זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: ער וויל מער קיין קעץ אין שטוב ניט האָבן... ביז גאָט האָט געהאָלפן, מייז האָבן זיך פאַרנאַדיעט אין שטוב, פאַרקליבן זיך אין די

פאַנטאַפּליעס. ניט געווען מער אויסצוהאַלטן פון זיי. האָט מען קעגן משה־לייבס ווילן אַריינגעבראַכט אַ נייע קעצל אין שטוב. די געבער זיינען געווען די מאַקאַראַווקער בעלי־גופן. דאָס הייסט: האַפּיאַ און אַפּאַנאַס איר מאַן. דאָס איז אויך געווען אַ סתירה. וואָרעם משה־לייב וויל דאָך מער ניט אָנקוקן די אַמאָליקע גוטע פריינד זיינע פון דאָרף. ניט זיי, ניט זייער סחורה, ניט זייערע מתנות. האָט ער זיך אַפּטמאָל געבייזערט, אַז דאָס איז גאָרניט קיין קאַץ, נאָר אַ רוח. שוואַרץ ווי אַ טאָטער און פאַדיעט אַרום ווי אַ גלגול אין פעלץ... אַצינד, אַזוי האָט שיינע־שרה ווייטער געשריבן, אַצינד, צילע מיין טאָכטער, וואָלטסטו געדאַרפט אָנקוקן ווי דער טאַטע האָט שלום געמאַכט מיטן גלגול אין פעלץ! ער אַליין קאָרמעט זי און פּיעשטשעט זי. ווי נאָר ער שטייט אויף אין דער פרי דערלאַנגט ער איר דעם ערשטן אָנבייסן. הייַנט ראַנעטשקע האָב איך אים דערביי געכאַפּט. האָט ער זיך פאַרשעמט און איז בייז געוואָרן. ער מאַכט נאָך אַלץ אָן אָנ־שטעל, אַז ער האָט פיינט קעץ, אַז די האַדולקע, וואָס שטאַמט פון האַ־פּיאַס כאַטע, קען ער ניט אָנקוקן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי...

געענדיקט האָט שיינע־שרה דעם בריוו, אַז מירצעשעם, אין עטלעכע טעג אַרום, וועט מען זיך דאָך זען אויפן ברית, וועט מען זיך די ניסים פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט איבערדערציילן אין פריידן.

שיינע־שרה אַליין האָט פון איר מגילה הנאה געהאַט, און געשריבן האָט זי דאָס אין נחת און הרחבה, ווען משה־לייב איז אין שטוב ניט געווען. דער קאָפּ האָט איר אַ ביסל וויי־געטאָן פון ניט אויסשלאָפן זיך, און דער ריח פון נעכטיקער אָנצינדעניש און פעדערן־סמאָלעניש האָט זיך נאָך געפילט אין שטוב. אָבער אַפילו דאָס האָט איר אַ קאַפּעלע הנאה געטאָן. זי האָט אין דעם געשפירט דעם ריח פון אַ קללה, פון וועלכער עס איז, מיט גאָטס הילף, געוואָרן אַ ברכה...

זי האָט איר פאַרחתמעטן בריוו קיינעם ניט פאַרטרויט און אַליין אָפּגעטראָגן אים צום פּאָטשט־קעסטל אין עק רישקאַקי, הינטער די מילן. אַריינוואַרפנדיק — פאַרגעשטעלט זיך מיט וואָס פאַר אַ זיסער האַרצ־קלאַפּעניש ביידע טעכטער אירע, מיטן זון און איידעם, וועלן דאָס לייענען דאָס אומגליק, וואָס האָט טאַטע־מאַמע געקאָנט געשען, וועט זיי לכתחילה דערשרעקן. דער נס, וואָס האָט געטראָפן, וועט זיי באַלד טרייסטן. און פון דער טריישאַפט און חכמה, וואָס אַ שטוב־חיה האָט דאָ אַרויסגעוויזן, וועלן זיי אַלע אָנקוועלן. די סצענע, ווי ריקעלע זיצט דערנאָך אונטערן טרפהן בענקל און לעקט זיך, נעבעך, די אָפּגעסמאַליעטע לאַפּקע, איז דאָך טאַקע איינס אין דער וועלט...

ווען שיינע־שרה איז צוריקגעקומען אַהיים האָט זי זיך גלייך גענומען אַרומזען אין דער באַלעבאַטישקייט: וואָס צו נעמען אויפן ברית קיין

מאָהילעוו, וואָס אָפּצושליסן אין קאַסטן און וואָס איבערצולאָזן די שכנים, ביז מען וועט מירצעשעם צוריקקומען פון דער פריילעכער רייזע.

אין דער זעלבער זיסער טומלעניש פון פּאַקן, מאַכן אָרדענונג און פּרעגלען גוטע־זאַכן, האָט זיך שיינע־שרה געפונען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. געאַרבעט פליסיק און געוואָרט אויף אַ פריילעכן ענטפער, וואָס דאַרף אָנקומען הייַנט־מאָרגן פון די קינדער אין מאָהילעוו.

דער ברית האָט זיך דערנענטערט, און די גרייטע פּעקלעך מיט צו־קער־לעקעך, מיט האָניק־טייגלעך, מיט נייע פעליאַנקעלעך פאַרן אייניקל און מיט מתנות פאַר דער קימפּעטאָרין, זיינען שוין געלעגן גרייט. די עופות, מיט רויטע בענדלעך אונטער די פליגלען — אַ צייכן וועמען עס געהערט — האָבן זיך שוין געפונען אין אַ וואַרעמען פּאָפּליץ ביי אַ שכנטע. פאַר דער בהמה האָט מען אויך דערקאָזשעט אַ שטאַל מיט קעסט אין דער נאָענט. מען האָט נאָר געוואָרט אויפן בריוועלע, כדי גלייך אַרויס־פאָרן אין שליטן, באַגלייט פון שכנים און פון זייערע ברכות אויפן וועג...

דאָס בריוועלע איז אָבער אַלץ ניט אָנגעקומען. ניט מיט דער פּאָטשט, ניט מיט אַ באַלעגאָלע פון שקלאָווער צעד.

2

לכתחילה האָט דאָס פאַרדראָסן: אַזוי פאַרנומען זיינען דאָס די קינדער, אַז מען האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אויף טאַטע און מאַמע? און ס׳טייטש, ווי לאָזט מען דאָס אַזאַ זאַך אויף דער לעצטער מינוט?... דערנאָך האָט זיך אַ באַהאַלטענע אומרואיקייט אַראָפּגעלאָזן אין משה־לייבס שטוב. „איז ווען פאָרט מען?״ האָבן זיך גוטע שכנים נאָכגעפרעגט. „מען וועט שוין, מירצעשעם, פאָרן....״ האָט משה־לייב געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל. און שיינע־שרה האָט איינגעטייטשט: „אַז דער גאַנצער וועג קיין מאָהילעוו, מיטן שליטן, איז אַן עסק פון עטלעכע שעה...״ מיט אַ פריילעכער מינע האָט זי דאָס איינגעטייטשט און אין האַרצן האָט געטאָרעט אַ וואָרעם.

און ווען צום ברית איז געבליבן ניט מער ווי אַ טאָג מיט אַ נאַכט, איז שוין שיינע־שרה געוואָרן אומרואיק אויף אַן אמת. „משה־לייב, מען מוז קלאַפּן אַ טעלעגראַם״, האָט זי גענומען צושטיין צום מאַן. „צילע איז אפשר ניט אין גאַנצן, דאָס עופּעלע איז חס־ושלום שוואַך געוואָרן...״

משה־לייב האָט געפאָלגט, צוגעפאָרן צום אַפּטייקער אין שטאָט, געבעטן אויסשטעלן אַ רוסישע טעלעגראַמע און אַוועקגעשיקט. פון שטאָט איז ער עפּעס געקומען אַ פאַרטראַכטער. שיינע־שרה האָט דאָס אים דערקענט אין פּנים, אין צופן די באָרד אונטערן קין. „וואָס שוין ווייטער?״ איז זי צו אים צוגעשטאַנען. „גאָרניט״, מאַכט זיך משה־לייב אַוועק, „נאָר די באַלעגאָלעס עפּעס...״

— וואָס — די באַלעגאָלעס? צי מיר ניט די אָדערן פון לייב...
— די באַלעגאָלעס לעבן צעך האָבן עפּעס מאָדנע געקוקט אויף מיר. אונטערגעשוויגן. אַלע מאָל, אַז זיי דערזעען מיך, פאַרבעט מען מיך צו דער „סטאָיקע". אָמער — איצטער. פאַר אַ ברית...
— פּטור, נו! — האָט זיך שיינע־שרה געמאַכט האַרץ — ס'איז דאָך קיין סוד ניט. אַלע ווייסן, אַז מיר זיינען פאַרזאָרגט. ווייסן זיי אויך.
מען האָט זיך געלייגט שלאָפן שווייגנדיק, די געמיטער אָנגעצויגן. געדרייט זיך אויף די געלעגערס, איבערגעוואָרפן זיך מיט האַלבע טרייסט־ווערטער. איינגעדרימלט שפּעט אין דער נאַכט.
גאַנץ פרי זיינען זיי אויפגעטרייסלט געוואָרן פון שיטערינקן שלאָף. אַ ידיעה האָט מען זיי געבראַכט. אָבער גאָר ניט וועגן ברית, נאָר וועגן אַן אַנדער זאַך. אַ ביטערע ידיעה. ניט פאַר קיין יידן געדאַכט.

***

משה־לייב אונטערבאַרגער
טוט אָן זיין כאַלאַט,
זאָגט מען אים אָנעט:
דיין מיזינקע ט'זיך געשמדט!

ניט האָגל, ניט רעגן —
אַ דונער אין שבת.
מען קלאַפּט אים אין לאָדן:
דייןביילקע ט'זיך געשמדט!

דאָס איז אַ לידל, מיט אַ טרויעריקן ניגון פון בלינדע פידלער, וואָס איז, מיט אַ צייט שפּעטער, באַשאַפן געוואָרן ניט פון קיין אַנדערן ווי פון „מאָטע קאַלטע לאָך" — דער שקלאָווער מאַרשאַלאָק און פאַרלאָרן־געגאַנגענער דיכטער. פון זיין כשרן מויל און פון זיין אָפּגעבליאַקעוועטן פיאָל איז דאָס דערנאָך איבערגעגאַנגען צו נייטאַרקעס ביי דער מאַשין און צו ליימער ביים לייגן ציגל.
ווייטער ווערט דאָרטן דערציילט אין גראַמען, ווי אַזוי דער אומגליקלעכער טאַטע האָט געפּרואווט אַריבערציען זיין ביילקען צוריק אַהיים און ווי אַזוי די אומפאַרשעמטע מיזינקע ענטפערט אים: —

— טאַכטערקע מיינע, —
ווי איז מיר און אַ',
קום צוריק צום טאַטן,
וואַרף אַוועק דיין גוי!

איכ׳ל דיר געבן
צוויי מאָל נדן;
איכ׳ל דיר נעמען
אַ רב פאַר אַ מאַן!

— כ׳וויל ניט דיין רביל,
כ׳דאַרף ניט דיין געלד!
איך האָב האָלט וואַנקען,
און וואַנקע האָט מיך האָלט.

געוויס זיינען דאָ די קורצע שורות באַפּוצט מיט פּאָעטישקייט און אויסקלערעניש. וועגן אַנקלאַפּן משה־לייבן אין לאַדן, איז אַוודאי איבער־געטריבן. וואָרעם וועלכער ייד האָט דאָס אַזאַ שטיינערנע האַרץ צו טראַסקען אַ צווייטן יידן אין לאַדן און אַנזאָגן אים אַזאַ שרעקלעכע זאַך? אָדער, למשל, וועלכער רביל וועט דאָס וועלן חתונה האָבן מיט אַ יידי־שער טאָכטער, וועלכע איז געווען אַנטלאָפן מיט אַ גוי? מעג זי זיך אומ־קערן צום טאַטן און זיבן מאָל תשובה־טאָן... אמת איז נאָר, אַז דער בייזער אַנזאָג האָט אַריינגעשלאָגן ווי אַ דונער אין מיטן שבט. וואָרעם משה־לייבס שטוב, אַזוי דערציילן די אונטערבאַרגער קראָניקעס, איז נאָכן באַקומען די ביטערע ידיעה פול געוואָרן מיט קולות־גוואַלדן, מיט קוויטשערייען פון פאַלן אין חלשות און מיט געשרייען פון מינטערן די געחלשטע. אונטערבאַרגער שכנים זיינען אַנגעלאָפן מיט רעשטלעך חלשות־טראָפּנס, וואָס ס׳איז זיי געבליבן פון פאַרגאַנגענעם יום־כיפור, מיט נאַסע האַנטיכער און מיט בשמים־עסיק. שיינע־שרה, וועלכע האָט געהאַלטן אין איין חלשן, האָט ביי יעדן אויפכאַפּן זיך געקראָגן אַ ווילדע גבורה, אַפּגעשטויסן פון זיך אַלע הענט, געהאַקט מיט טירן און געריסן זיך צו דער הרעבליע ביי דער נאָענטער מיל. דניעפּר און אַזערע זיינען פאַר־פרוירן, אָבער די הרעבליע שטורעמט נאָך מיט אייזיקע וואַסער אין אַ שוואַרצן תהום אַריין. וועט זי זיך אַהין אַריינוואַרפן. ניט מער און ניט ווייניקער.

— לאָזט מיך! — האָט זי זיך געריסן ווי אַ באַנומענע, געראַנגלט זיך מיט ווייבער און מאַנסבילן, — לאָזט מיך מאַכן אַ סוף!...

האָט מען זיך געראַנגלט און צוגעהאַלטן. אָבער נאָך אַ גרעסערער צער איז געווען, אַנצוקוקן משה־לייבן, איר מאַן. ער איז נאָכגעלאָפן זיין שיינע־שרהן. זיין פאַרגרויטע באָרד האָט דריבנע געציטערט. קיין ווער־טער האָט ער ניט געהאַט. נאָר אומבאַהאָלפן געשטרעקט די אויסגעהאָרע־וועטע הענט און געבעטן זיך: „שיינע־שרהלע", און נאָך אַמאָל: „שיינע־שרהלע". מער גאָר ניט.

א רחמנות האָבן אויך אַרויסגערופן די פּאַרפּאַקטע פּעקלעך אין שטוב. זיי זיינען געלעגן גרייט אין קאָך־שטוב, נאָענט צו דער טיר, כדי אין דער לעצטער מינוט אַריינגעלייגט צו ווערן אין משה־לייבס שליטן, בשעת עס וועט האַלטן ביים אָפּפאָרן קיין מאָהילעוו אויף דער שמחה, און אָט!... וואו ברית? ווען ברית? עס האַלט גאָר ביי ראַטעווען שיינע־שרהן, זי זאָל זיך אין הרעבליע ניט אַריינוואַרפן... און אַלע שכנים, וועלכע זיינען געקומען געבן ראַטונעק, האָבן פאַר די לעבעדיקע קיין ווער־טער ניט געהאַט, פאַר די פאַרבונדענע פּעקלעך — יאָ. מען האָט צו זיי געשאָקלט די קעפּ ווי צו פאַרביאַיקע, טויט־קראַנקע באַשעפענישן, וואָס קענען ניט ריידן. נעכטן־אייערנעכטן האָט מען נאָך שיינע־שרהן געהאָלפן פּרעגלען די האָניק־טייגלעך, באַקן די לעקעכער... וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן אַצינד די אַלע אָנגעגרייטע גוטע זאַכן? אויף שונאי־ישראל געזאָגט גע־וואָרן!...

3

שפּעטער, ווען שיינע־שרה האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך און צוהערן זיך צו משה־לייבס אומבאַהאָלפענע רייד, האָט איר ערשט גענומען קלאָר ווערן איר גרויסער אומגליק. דאָס, וואָס האָט זי געשראָקן יאָרן־לאַנג — איז געקומען. אַלע מיטלען אָפּצוורייסן די מיזינקע פון איר טייערן מילך־ברודער — האָבן ניט געהאָלפן. אַלע איינריידענישן, אַז ביילקע האָט אים פאַרגעסן און פאַרקאָכט זיך אין גרשון ווילענסקי — איז קיין אויסגעבלאָ־זענע איי ניט ווערט. ווילענסקי גופא איז עפּעס נידעריקער געוואָרן אין זייערע אויגן. אָזאַ לאָקש? נאָכגעגאַנגען ביילקען ווי אַ צאָפּ נאָך קרויט, און ניט פאַרהיט...

נאָר וואָס זאָל מען דאָ מאָנען ביי פרעמדע, אַז אייגענע האָבן אויך ניט געהיט. בלינד און טויב זיינען זיי דאָרט אַלע געוואָרן. וואו, אַ שטייגער, זיינען געווען נתנס אויגן, יעקבס אויערן? „עס גייט אויף אַ דרך“, האָבן זיי געהאַלטן אין איין שרייבן. אָט האָסטו אַ דרך! אין קלויסטער אַריין גייט דער דרך...

דערנאָך איז ביסלעכווייז געקומען דאָס שלום מאַכן מיטן פינצטערן מזל, דאָס אָנערקענען, אַז האַפּיעס כישוף איז שטאַרקער געווען פאַר דער יידישער קלוגשאַפט. די גראָבע האַפּיאַ, וועלכע האָט איר קראַנקן זונדל אַוועקגעשטעלט אויף די פיס, האָט אים אַוועקגעשיקט אין מיטן ווינטער קיין מאָהילעוו, צו פאַרקויפן, כלומרשט, די פענקע, וואָס משה־לייב האָט אין די הענט ניט געוואָלט נעמען... און ווער ווייסט? ווען משה־לייב וואָלט ניט געפּראַוועט קיין ברוגז מיט אַפאַנאַסן, וואָלט אפשר זיין וואַנקע אין מאָהילעוו ניט געפאָרן. וואָלט אפשר גאָרניט געשען...

אַזוי אַרום איז די שולד, ווי אַ באַל, געוואָרפן געוואָרן אין אַלעמענס

קעפ כסדר. ווילענסקי איז געווען שולדיק, דער איידעם, דער ברודער, אַצינד — משה־לייב אויך. מען האָט אַזוי באַשולדיקט איינער דעם צווייטן, ביז מען איז טויט־מיד געוואָרן.

דאָ איז אָנגעקומען דער אויבער־שמש פון דעם נאָענטסטן ישוב, רישקאַקי, און אַרויסגעצויגן אַ שער פון דער אָפּגעהאַנגענער קעשענע, ווי אַ מעסער פון שייד. האָט מען אָפּגעשלאָסן די טיר פאַר נייגעריקע און געלאָזן אָפן פאַר נאָר אַ צוויי־דריי פון די נאָענטסטע שכנים. דער שמש האָט מיט דער שער אָנגעשניטן משה־לייבס אויבערשטע מלבושים און געהייסן אים רייסן קריעה, ווי נאָך אַ טויטן. משה־לייב האָט געפאָלגט, אויפגעריסן אַ לאַץ פון רעקל, אויפגעריסן די וועסט אויף דער ברוסט, אַזוי אַז די העלע אונטערשלאַק־פעדימער האָבן זיך אויסגעמישט מיטן צעריסענעם געוועב פון אויבערשלאַק. שיינע־שרה האָט דערביי געשריען, ווי מען וואָלט איר געריסן לעבעדיקע שטיקער פון לייב... דערנאָך האָט מען זיי ביידן אַוועק־געזעצט אויף נידעריקע בענקלעך. משה־לייבן איז אויסגעפאַלן דאָס פּאַר־סמאַליעטע בענקעלע, אויף וועלכן שיינע־שרה האָט אים אַנומלטן צוגע־שטעלט אַ ליכט, פון וועלכן די אַנצינדעניש האָט זיך אָנגעהויבן... איידער אַוועקזעצן זיך, האָט דאָס משה־לייב אָנגעגלאָצט מיט די אויגן. ס'הייסט: „דו אויך? דו האָסט מיר אויך גענאַרט? אַפּריער — אַ נס. איצטער שבעה־זיצן?...״

אין לויף פון קורצן ווינטער־טאָג האָבן געקומען קלאָר ווערן איינצל־הייטן. באַקאַנטע באַלעגאָלעס, וואָס פירן „שודאַקעס״ צווישן שקלאָוו און מאָהילעוו, האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט „אונטערבאַרג״. באַרג־אַרויף צום מאָהילעווער שליאַך אָדער באַרג אַראָפּ. מיטן בייטש־שטעקל אונטערן אָרעם און מיט אַ פאַרשעמטע מינע האָבן זיי געשטאַמלט ביי משה־לייבן אין פאַרחושכטן שטוב און דערציילט וואָס זיי ווייסן. לכתחילה, זאָגן זיי, האָבן זיי ניט געוואָלט ברענגען אַזעלכע ביטערע נייסן. נאָר ווי־באַלד טאַטע־מאַמע ווייסן שוין — איז דאָך ניט שייך... און דערציילט האָבן זיי מיט קאַרגע ווערטער און מיט שוואַכע, ניט באַלעגאָלישע שטימען, אַז אָט, די מיזינקע... אַזאַ געפּיעשטשעטע און געקיכלטע, האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר גאָר, גאָר... ניט דאָס וואָס מען האָט פון איר געהאַלטן. זי האָט זיך באַנוצט מיט איר שוועסטערס קימפּעט און מיט דער צערודערט־קייט אין שוואָגערס שטוב און אַנטלאָפן צו איר וואַנקען. צום ערשטן מאָל ביינאַכט האָט זיך ווילענסקי איינגעשטעלט, ניט געוואָלט דערלאָזן. איז ער נעבעך צעשלאָגן געוואָרן. דאָס פּאָרל האָט אים געלאָזן ליגן אַ צעבלוטיקטן אין שניי און אַנטלאָפן. מיט אַן אָנגעגרייטן שליטן אַנטלאָפן. מען ווייסט ניט וואוהין, מען ווייסט ניט צוליב וואָס... צעמזיקט ווי ווילענסקי איז געווען האָט ער זי, פונדעסטוועגן, אָפּגעוואָרט, זיין תלמידקע, הייסט דאָס...

פאַרקילט זיך און געוואַרט ביז זי איז צוריקגעקומען. האָט ער זי אָפּגעפירט אַהיים, און גענומען ביי איר אַ וואָרט... נאָר וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט אַ וואָרט פון אַזאַ איינער וואָס... בעסער ניט צו ריידן פון דעם. אַ גלגול, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, איז אין איר אַריין. מען האָט איר עפּעס אַריינגעגעבן... אַנדערש קען מען דאָס גאָרנישט פאַרשטיין.

— נו, און ווייטער? ווייטער? — האָבן זיי, שיינע־שרה און משה־ליבּ, אונטערגעשטופּט. מיט אַ מאָדנער גרויזאַמקייט צו זיך אַליין האָבן זיי דאָס געטאָן. — אויב שוין, הייסט דאָס, רייסן לעבעדיקע שטיקער פון לייב, איז זאָל דאָס געשען מיטאַמאָל, ניט פּיצלעכווייז, — ווייטער! ווייטער!

— וואָס שייך ווייטער? האָט מען זיי פאַרשעמטערהייט געענטפערט, די אויגן אַראָפּגעלאָזן אין די בערד, — אינעם זעלבן טאָג, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, איז זי אַנטלאָפן מיט איר... ווי רופט מען אים? אַנטלאָפן מיט אים און מיט אַפאַנקען זיין ברודער קיין מאַקאַראָווקי. אַן אָפּגערעדטע זאַך געווען. פּעאַפּילקע דער פּאָפּ און האַפּיאַ די מחותנתטע זיינען שוין געווען גרייט. דאָס גאַנצע דאָרף איז געגאַנגען כאַדאָראַם...

נאָך אַזאַ פאַרציע חרפּות און ווייטיקן אויף איין מאָל, איז אויף טאַטע־מאַמע אָנגעקומען אַ שווערע טעמפּקייט, אַ פאַרגליווערונג, וואָס האָט ניט קיין נאָמען. איז מען געזעסן אויף די „שבעה"־בענקלעך, און געשטאַרט. דערזען די פּעקלעך, וואָס זיינען געלעגן אָנגעגרייט צום „ברית" אין מאָהילעוו, און אָפּגעקערט די קעפּ. קיין ערגערער חוזק־מאַכן האָט גאָר ניט געקענט געמאָלט זיין...

ריקעלע איז פון ערגעץ־וואו אַרויסגעקראָכן, גענומען רייבן זיך ביי די פיס פון אירע פאַראומערטע באַלעבאַטים, גענומען קלאָגן זיך, אַז מען האָט אָן איר אינגאַנצן פאַרגעסן. משה־לייב האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. גראָד שיינע־שרה האָט דאָס מאָל ריקעלען אָפּגעשטויסן פון זיך און פאַרגעוואָרפן איר, ווי מען וואָרפט פאַר אַ מענטשן אַן שטאָט:

— נויטיק אום לעבן געדאַרפט אונדז ראַטעווען! בעסער וואָלט איך לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן...

און פאַרגאַנגען זיך אין אַ נייעם געוויין. דאָס איז געווען אַן עכט־ווייבערישע פאַרצווייפלונג. דער מאַנסביל האָט זיך אַצינד אויפגעכאַפּט אין משה־לייבן. ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין פאַרסמאַליעטן בענקעלע און גענומען שרייען. צום ערשטן מאָל פאַרן הייגטיקן טאָג צעשריען זיך:

— אַזעלכע ווערטער רעדט מען ניט! דו הערסט? זאָלסט זיך ניט דערוועגן!...

שיינע־שרה האָט ניט אויפגעהערט צו יאָמערן.

— גענוג וועט זיין! — האָט ער אויף איר ווידער אָנגעשריען, נאָך

שטרענגער, נאָך באַפּעלערישער און געכאַפּט אָנציען די שטיוול איבער די וואָלענע זאָקן, — גענוג צו קלאָגן נאָך דער נפקא! תיכף ומיד פאַרן מיר צו צילען, דו הערסט? תיכף ומיד!

דאָס מאָל האָט זיך שיינע־שרה דערשראָקן, אַליין אויפגעשטאַנען פון איר בענקעלע און גענומען טומלען זיך:

— און „שבעה" זיצן? משה־לייב, שבעה־זיצן!

דער ענטפער איז געווען נאָך האַרטער און האַסטיקער:

— גענוג צו זיצן „שבעה" נאָך אַ משומדתו! צוויי שעה געזעסן און גענוג. געשטאָרבן באַגראָבן.

## זיבן און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## ריקעלע ווערט זעלבשטענדיק

### 1

גיך פאַלט צו דער ווינטערדיקער אָוונט. איידער מען קוקט זיך אַרום, ווערט גרוי אין די שויבן. אָבער משה־לייב דער אונטערבאַרגער האָט אַפילו אויף דער ערשטער פינצטערקייט ניט געוואַרט. די מאַנסבילישע ווירדע, וואָס האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט, האָט אים מער ניט געלאָזן צורו. נאָך דער אָפּגעלאָזנקייט אַ גאַנצן טאָג איז אויף אים דער כוח אָנגעקומען, ווי אַ כוואַליע. קיין איבעריקע נאַכט האָט ער מער ניט געוואָלט בלייבן אין זיין אייגענער שטוב, וועלכע איז אים, מיטאַמאָל, געוואָרן ענג און פאַרהאַסט. פאַרשאָלטן זיין מיזינקע און צום ערשטן מאָל אָנגערופן זי משומדתטע — האָט ער גיך אָנגעצויגן די טיפע שטיוול זיינע, זיין פעלץ און גאַרטל, און, מיט דער זעלבער רירעוודיקייט, אַרויס און געשפּאַנט פערד און שליטן; די קו אָוועקגעפירט „אויף קעסט" צו אַ שכן, מיט וועלכן מען האָט שוין פריער געהאַט אָפּגעמאַכט; און דאָס איבערגעבליבענע עסנוואַרג אַרויסגעטראָגן פון שטוב און געבעטן אַ צווייטן שכן צעטיילן פאַר אָרעמע לייט.

אין עטלעכע מינוט איז ער דערמיט אויך פאַרטיק געוואָרן, געהאָלפן שיינע־שרהן זיין ווייב אָנטאָן אירע וואַרעמע בגדים, אַרומבינדן זיך מיט אירע פאַטשיילעס און אַריינגעזעצט אין שליטן צווישן די פעקלעך, וואָס זיינען שוין געווען גרייט זינט צוויי־דריי טעג. אַ שמיץ־געטאָן מיט דער בייטש און אָוועקגעפאָרן; שטילערהייט, אָן שום אָכצענישן און געזעגע־

נישן אָוועקגעוואָרפן, און פאַרנומען זיך באַרג־אַרויף, צום הויכן מאָהי־לעוור שליאַך.

צומאָרגנס פרי האָבן זיך אויפגעכאַפּט אונטערבאַרגער שכנים און געפונען משה־לייבס שטוב געשלאָסן, די לאָדן פאַרהאַקט, אויפן טויער אָנגעטאָן אַ שלאָס; און אויפן ברייטן שוועל, אונטער דער סטרעכע — אַ מיאַאוקענדיקע, האַלב־דערפרוירענע קעצל.

שווער געווען צו דערגיין: צי משה־לייב האָט זיין קאַץ אָוועקגעוואָרפן, אַנטלויפנדיק פון זיין אומגליק און פון די חרפּות, וואָס האָבן זיך אויף אים אויסגעגאָסן; צי ער האָט זי סתם פאַרגעסן אין איילעניש. ביידע זאַכן האָבן אויסגעזען ניט־יידישלעך. גענומען אַ לעבעדיקן נפש און אויסגעגאָסן אויף אים דאָס ביטערע האַרץ. געקענט איבערלאָזן ביי אַ שכנטע, אַזוי ווי ער האָט די הינער איבערגעלאָזן און די מעלקנדיקע קו... האָט זיך אָבער אַ גוטער שכן איינגעשטעלט און פאַרוואָרפן אַ וואָרט, אַז משה־לייב האָט דאָס אפשר יאָ מיטגענומען אין שליטן, געוואָלט אָפּפירן צו זיין עלטערער טאָכטער אין מאָהילעוו; נאָר די קאַץ האָט זיך אַרויסגעריסן און אַנטלאָפן פון מיטן וועג. אַ קאַץ, האָט דער קלוגער שכן געגעבן צו פאַרשטיין, איז ניט קיין הונט. אַ הונט איז צוגעבונדן צום באַלעבאָס, אַ קאַץ — צום הויז. איר מאָגט זי אָוועקטראָגן מיילן־ווייט, וועט זי קומען צוריק...

דערביי איז דאָס געבליבן... אַ באַרעמהאַרציקע שכנטע האָט די קאַץ אַ מאַניע־געגעבן. זי האָט אַפילו געקענט איר נאָמען. „ריקעלע", מאַכט זי, „קציקי־ציקי־קציקי!"... נאָכן מיישב־זיין־זיך אַ קאַפּעלע, האָט ריקעלע צוגעשטימט. אונטערהינקענדיק אויף דער אָפּגעסמאַליעטער לאַפּקע און אומעטיק פון ניט אויסשלאָפן זיך, איז זי נאָכגעגאַנגען נאָך דער בעל־רחמימטע און נאָך די אומבאַקאַנטע פאַלדן פון איר קלייד. זי האָט זיך אַפילו ניט אָפּגעזאָגט פון פרעמדע כיבוד אויך. ווען מען האָט איר, אין פרעמדן פיר־הויז, דערלאַנגט אַ ביסעלע וואַרעמע קאַשע אין אַ שיסעלע, האָט זי זיך צו דעם צוגעכאַפּט, ווי נאָך אַ תענית, געמרוקעט אין בייכל פון גרויס דאַנקבאַרקייט.

אָבער ווי נאָר זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנבייסן און אָפּגעווישט די וואָנסעלעך, האָט זי זיך ווידער פאַרטראַכט; באַלד אויפגעכאַפּט זיך, גענומען דראַפּען די טיר און בעטן, מען זאָל זי אַרויסלאָזן.

האָט מען זי אַרויסגעלאָזן, און דורכן פענצטער צוגעזען, ווי זי גייט אַוועק קווער איבער דער געפראָרענער גאַס און זעצט זיך אַוועק קאַניוקען דאָרטן, וואו די גוטע שכנים האָבן זי פריער געפונען.

ריקעלע האָט געוויינט אויפן פאַרלאָזענעם שוועל פון אירע פאַר־שוואונדענע באַלעבאַטים, ווי אַ קליינע יתומהלע אויף קבר־אָבות. וואו,

הייסט דאָס, זיינען זיי אַהינגעקומען מיינע טייערינקע? נאָך דער שרפה אין שטוב האָט מען דאָך געמאַכט שלום און ס'איז געווען אַזוי גוט און פיין. און מיטאַמאָל האָט מען מיך געלאָזן איינינקע אַליין...

דאָס האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד. ביינאַכט האָט ריקעלע איינגעווייליקט צו שלאָפן אין אַ פרעמדן פּירהויז, כאַפּן אַ ביסן, ווען זי איז הונגעריק. אויסגעשלאָפן זיך אָדער אָפּגעגעסן, איז זי באַלד ווייטער אַוועק אויסוויינען איר קעציש׳ן צער אויף משה־לייבס מיט שניי־פאַרוויטן שוועל. אַ שטיינערנע האַרץ האָט געקענט צעגיין, פאַרנעמענדיק אַזעלכע שטומע טענות, אַזאַ טריישאַפט און אַזאַ זכרון פון אַ פיר־פיסיקער חיה. ביי שכנטעס זיינען די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן. אַפילו שכנים מאַנסבילן אין לעדערנע פּאַדיאָווקעס און מיט לעדערנע אָפּגעבערענטע פּנימער האָט דאָס צעגומען. מיט אַנגעפּעלצטע קעפּ האָבן זיי געשאָקלט און געשאָלטן: „אַ רוח אין ביילקעס נשמה אַריין! אָט זעט, אַ פיר־פיסיקע חיה קלאָגט אויף אירע באַלעבאַטים. און זי האָט אויף טאַטע־מאַמע קיין רחמנות ניט געהאַט. אַנטלאָפן מיט אַ גוי פון דאָרף און זיך אָפּגעשמדט"...

רחמנות איז אָבער אַ זאַך, וואָס מאַכט גיך מיד. דעם ערשטן טאָג וועגט זי אַ פונט; דעם צווייטן טאָג — אַ פּוד; דעם דריטן טאָג — איז זי שווער ווי אַ באַרג. דאָס איז בנוגע צו מענטשן; צו חיות — שוין אָפּגערעדט.

האָבן זיך שכנטעס געעסקט אַ טאָג און צוויי מיט דער פאַריתומטער קעצל, ביז זי האָט דערעסן. און דערעסן האָבן, בעיקר, ריקעלעס אַנט־לויפענישן, איר רייסן אַלע ווילע די טיר מיט אירע שוואַרצע לאַפּקעס. אָט וויל זי מ'זאָל זי אַריינלאָזן אַנוואַרעמען זיך, אָט וויל זי מען זאָל זי אַרויסלאָזן וויינען אויף „קבר־אָבות". דאָס הייסט: אויף משה־לייבס שוועל... איר עקשנותדיקע בענקשאַפט נאָך אירע געוועזענע באַלעבאַטים האָט אַפילו געגומען אַרויסרופן אַ געוויסן פאַרדראָס. סטייטש, מען קאָרמעט דיך און מען וואַרעמט דיך און דו ווילסט פון קיינעם ניט וויסן. מחוייב זיינען מיר ניט!...

איז מען מיד געוואָרן און געגומען מאַכן זיך ניט וויסנדיק ווען זי דראַפּעט היגטערן טיר ביט־געבעטענערהייט. ריקעלע אַליין האָט זיך ביס־לעכווייז געגומען אָפּגעוואוינען פון פרעמדע מענטשן, וואָס אָט זיינען זיי צו־גוט און אָט — צו־שלעכט. אָט לאָזט מען זי אַנזשליאָקען זיך מיט הייסן קרופּניק וויפיל עס גייט אין איר אַריין; און אָט לאָזט מען זי איינע אַליין אויף דער געפרוירענער גאַס און מען מאַכט זיך ניט הערנדיק ווען זי וויינט און קלאָגט... געררייצט און פול מיט פאַרדאַכטן איז זי געוואָרן. און גאָר

אין גיכן איז זי געקומען צו דער קעצישער איבערצייגונג, אַז מען טאָר זיך מער אויף די פרעמדע צווייפיסיקע ניט פאַרלאָזן, נאָר אויף זיך אַליין.

דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ אין דער גרויסער אויסגעשנייטער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן, און די פאַראַנטוואָרטונג פאַר זיך אַליין — אויך. איין מאָל געשלאָפן גאַנצענע טעג, אַ צווייטן מאָל געוועזן וואַך אַפילו ביינאַכט און געציטערט פאַר קעלט. איין מאָל איבערגעגעסן זיך, אַ צווייטן מאָל געהונגערט, געקראָכן גנבענען און באַקומען געשלאָגן. פון אַזאַ ניט נאָרמאַלן לעבן איז דער גלאַנץ פון איר שוואַרצן פעלצל פאַרשוואונדן געוואָרן. די האָר זיינען געוואָרן לענגער, די אויגן — שאַרפער, די נעגל — קרומער, דער קערפער — מאָגערער און לייכטער אויפן שפרונג. זי האָט זיך גענומען געוואוינען צו עסן פון די מיסטן, וואָס דער אונטערבאַרגער ישוב וואַרפט אַרויס לעבן אַזערע, אין די טרוקענע טראַסטינעס. דעם וועג אַהין האָבן איר געוויזן די שוואַרצע קראָען פון הימל, דערנאָך — אַ וואָגלהונט, אָן אַ באַלעבאָס, אַזוי ווי זי אַליין. אַ געל־האָריקער כלב איז דאָס געווען און אַ קאַלטונעוואַטער, וועלכער איז אַוועק פון די יאַטקעס אויף יענער זייט אַזערע אין שקלאָוו, ווייל דאָרט האָט מען אים מוראדיק פאַרפאַלגט, געשלאָגן און אונטערגעשלאָגן אַ פיסל. פלעגט ער דערפאַר אַרומלויפן און העצקען זיך אויף דריי, און געקראָגן אַ מיאוסן צונעמעניש „קאַראַצקע". ער גייט הייסט עס, אויף קאַראַצקעס גייט ער. אַ נאָז אָבער האָט קאַראַצקע געהאַט איינע אין דער וועלט. פאַר אַ מייל דערשמעקט ער וואו מען גיסט אויס אַ לעבלעכע פאַמוניצע. דער דאָזיקער חוש־הריח האָט דאָס אים געבראַכט פון יענער זייט אַזערע צום פאַרוואָרפענעם אונטערבאַרגער ישוב. ריקעלע האָט איין מאָל און צוויי מאָל באַמערקט, ווי קאַראַצקע לויפט אָן, אַלע אין דער פרי אַ פאַרהאַװעטער, איילט זיך, ווי אַ היגקעדיקער פלימעניק נאָך ירושה, צו די געפרוירענע טראַסטינעס. קורץ גיט ער דאָרטן אַ ביל, און באַלד פליען אויף עטלעכע סאָראָקעס און שילטן זיך: „קררראַ, קררראַ!... אַ בר־ראַך אויף קאַראַצקען!"

איז זי נייגעריק געוואָרן, די שוואַרצע פאַריתומטע ריקעלע, געכאַפּט אַ קוק אין די טראַסטינעס און אָנגעשטויסן זיך אויף אַ קהלשער מיסט, מיט פרייע מאַלצייטן פאַר אַלע פאַרוואָגלטע און באַדערפטיקע... אַ נייעם גרונד פאַר איר זעלבשטענדיקייט האָט זי דאָ געפונען. אַך, יאָ, אַז מען וויל אַ ביסל פאַרבויגן דעם האָנאָר, קען מען אָן די צווייפיסיקע באַשעפענישן אויך אויסקומען...

2

צום אָנהויב איז דאָס ניט געווען קיין פראַגע פון בלויז קעצישן האָנאָר. צום אָנהויב האָט דאָ איינפאַך געשלאָגן צו דער גאַל. די אומריינקייט, די ריחות! פיש־קעפּלעך האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אָפּטריט און ווייכע

קעלבערנע ביינדלעך — מיט נאָפּט. אָבער דער הונגער און די אומאָפּהענגיקייט זיינען געווען שטאַרקער פאַר אַזעלכע קליינינקייטן. ריקעלע האָט זיך צוגעוואוינט, אַזוי ווי צו דער ווינטערדיקער קעלט, אַזוי ווי צו דער נאַסקייט אונטער די סאַמעטענע לאַפּקעס. פּונקט אַזוי ווי „קאַראַצקע" פּעדערט זי זיך איצט, קומט אַהער צולויפן און טשאַטעוועט מיט הונגעריקן געדולד ביז די אונטערבאַרגער מיסט־עמערס און פּאַמוניצעס קומען אָן. „קאַראַצקע" בילט אויף איר, בערשטלט די קאַלטונעוואַטע האָר פון קאָפּ, ווייזט איר די ציין און וויל זי מאַכן גלויבן, אַז קיין שרעקלעכערע חיה־רעה ווי ער איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ... און זי קוקט און גלויבט ניט, בויגט אויס דעם רוקן, שטעלט אויף דעם עק, שפּיצט אָן די וואָנסעס און שיפּעט ווי אַ שלאַנג. זיי זיינען אייפערזיכטיק, ווי צוויי קבצנים פון צוויי באַזונדערע כאַפּטעס, כאַטש זייער פּרנסה, ברוך השם, איז די זעלבע.

ריקעלע האָט אַפילו אויפגעהערט צו קאַניוקען לעבן פרעמדע טירן, ווען דער פראָסט שטאַרקט זיך; אויפגעהערט בעטן מען זאָל זי אַריינלאָזן אָנוואָרעמען־זיך. זי אַליין האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פרייע אַכסניה, איבער אַ שטאָל פון בהמות — אַ בוידעמל פול מיט היי. צום בוידעמל איז כמעט אַלע מאָל צוגעשטעלט אַ לייטער. און טאָמער נעמט מען דאָס לייטערל אַוועק, קען מען זיך אויך אָן עצה געבן. מען דראַפּעט זיך אַרויף איבער די בערוועניעס פון וואַנגל און מען לאָזט זיך אַראָפּ אין גאָס מיטן זעלבן וועג. ס'איז נאָר אַ ביסל ניט באַקוועם. פון דעם דאָזיקן בוידעמל וואַרפט מען אַראָפּ היי און שטרוי גלייך אין שטאָל אַריין, איבער די רוקנס פון די בהמות, וועלכע שטייען דאָרטן איין. זי וואָלט אַפילו געקענט שווערן, ריקעלע, אַז משה־לייבס בהמה שטייט דאָרטן אויך איין. לויט איר באַזונדערן הוסט, בשעת זשליאָקען פּאַילע פון צעבער, דערקענט זי זי. די היי און אונטערלעגער ווערט, צוליב באַקוועמלעכקייט, אַראָפּגעוואָרפן אין שטאָל אַריין דורך אַ פּירקאַנטיקער לאָך אין מיטן בוידעם. דאָס איז אַ גרויסע מעלה פאַר ריקעלעס אַכסניה. וואָרעם די וואַרעמע פאַרע פון די בהמות, זייער אָטעם און דער ריח פון זייער מילך, וואָס זעצט אַרויף, דורך דער עפענונג, מאַכט די גאַנצע לופט אונטערן שינדל־דאַך ווייכער, היימישער. מען פילט זיך ניט אַזוי פאַרוואָרפן אויף דער קאַלטער וועלט.

ריקעלע האָט דעם דאָזיקן בוידעם גוט אויסגעפאָרשט און באַשלאָסן, אַז קיין בעסערער אָרט ווי דאָ איז פאַר איר ניטאָ אין גאַנצן „אונטערבאַרג". ס'איז אַ מחיה צו פאַרגראָבן זיך טיף אין היי בשעת אַ זאַווערוכע, וואַרעמען זיך מיט דעם אייגענעם אָטעם, ציען אין זיך דעם ריח פון געטריקנטע גראָז, די מילכיקע פאַרע פון קי און צו קיינעם ניט אָנקומען.

אמת, אין דער פרי, ווען זי שטייט אויף פון שלאָף און קריכט אַרויס פון לאָך, איז זי אָנגעפּיקעוועט מיט שטיקלעך היי ווי אַ שטעך־חזירל.

זי זעט אויס צעשויבערט און אומגעלומפּערט. אָבער דער מאָגן איז מוראדיק פּוסט, אין בייכל ציט און זי האָט ניט קיין קאָפּ צו מאַכן טואַלעט און פּוצן זיך. פאַרווילדעוועט ווי זי זעט אויס, לאָזט זי זיך גלייך אַוועק צום ברעג אָזערע. און ס׳האָט נאָך ניט געטראָפן זי זאָל שוין דאָרטן ניט גע־פינען דעם דרייפּיסיקן קאָנקורענט אירן. קאַראַצקע שטייט שוין דאָרטן אויף זיינע דריי גאַנצע פיסלעך, די אונטערגעהאַקטע—פאַררוקט אונ־טערן קאָלטונעוואַטן בייכל, די אויגן פול מיט ביטערער זשעדנעקייט און מיט אומעט, און וואַרט. ער בילט זי אָן און בערשטלט דעם רוקן און זי, ריקעלע, ענטפערט אים גלייך אָפּ מיט אַ שיפּען פון אַ שלאַנג און מיט אָנגעשטעלטע נעגל.

אָפטמאָל מאַכט קאַראַצקען דער הונגער זייער כראַברע און ער וואַרפט זיך אויף זיין קאָנקורענטקע אויף אַן אמת. קעגן אַזאַ פלוצלעכן איבערפאַל איז זי אויך באַזאָרגט. זי כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ טרוקענער ווערבע, וועלכע שטייט דאָ גאָר נאָענט, האַלט זיך אָן ביי די אויבערשטע דינע צווייגעלעך און שיפּעט צו אים אַראָפּ פון אויבן. קאַראַצקע צו איר: „האַוו, האַוו! איכ׳ל דיר די קישקעס אַרויסלאָזן, שוואַרצע פּאַסקודניצע!״ און זי צו אים: „קום אַקאָרשט! דיינע קרעציקע אויגן וועל איך דיר אויס־קראַצן, הינקעדיקער יאַלד!״

דאָס קריגן זיך געדויערט אַזוי לאַנג, ביז מען גיסט אויס די ערשטע וואַרעמע פּאָמוניצע און מען שיט אויס דעם ערשטן עמער מיט אָפּפאַל. קאַראַצקע טרעט אָפּ און ריקעלע קריכט אַראָפּ פון בוים. ביינער און פיש־קעפּעלעך זיינען דאָ פאַרביידן. בורטשעט ער איבער זיין ביסן און זי מרוקעט איבער אירן. מען כאַפּט און מען לאָפּט דעם קבצנישן אָנבייסן. די הערצער קאָכן און די מיילער זשוואָקען.

איינמאָל אין דער פרי האָט זיך „קאַראַצקע״ שטאַרק באַנאַרישט, דהיינו: דעם אומבאַהאָלפענעם כעס, וואָס האָט אין אים געזאָטן אויף דער קאָנקורענטקע זיינער, וואָס זיצט אויף דער ווערבע און מאַכט פון אים חוזק, האָט ער אויסגעלאָזן צו אַ צען־יאָריקער מיידעלע. יענע איז זיך געקומען גאַנץ רואיק פון צווישן די אונטערבאַרגער הייזער, אויסגע־שאָטן אַ פולן עמער מיט אָפּפאַל פון קיך און געוואָלט אַוועקגיין. דאָ אָבער האָט זי דערזען די שוואַרצע ריקעלע אויפן בוים און צעלאַכט זיך. דאָס האָט דעם הונגעריקן כלב מוראדיק צערייצט. וואָס שטייט זי נאָך דאָ די צוויי־פיסיקע, באַוואונדערט זיין בלוטיקן שונא און לאָזט אים ניט צו־צוכאַפּן זיך צום ערשטן אָנבייסן!... ניט קלערנדיק קיין סך איז ער זי באַפאַלן, אָנגעכאַפּט ביים קליידעלע און אָפּגעריסן. די קליינע צוויי־פי־סיקע האָט געמאַכט אַ גוואַלד און אַנטלאָפן, נאָכשלעפנדיק נאָך זיך דאָס

שטיק פון אָפּגעריסענעם קליידעלע ווי אַן עק. אַפילו איר ליידיקן עמער האָט זי געלאָזן פאַלן פון האַנט, אַזוי דערשראָקן האָט זי זיך.

אַזאַ חוצפּה קעגן אַ צוויי־פיסיקער באַשעפעניש קען ניט פאַרביי־גיין אָן אַ געהעריקער שטראָף. זי איז אויך אָנגעקומען אויף קאַראַצקען, און אַ סך גיכער און גרויזאַמער ווי מען וואָלט געקענט רעכענען. אומגעפער אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך דאָס מיידעלע ווידער אַמאָל באַוויזן צווישן די טראָסטינעס. אָבער דאָס מאָל האָט זי באַגלייט דער טאַטע אירער — אַ הויכער פאַרשוין אין אַ פאַדיאָווקע, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. דער כעס פאַר זיין באַליידיקטער טעכטערל האָט אין זיי העליש געפייערט. ער האָט זיך אָבער, קענטיק, באַמיט צו באַהאַלטן דאָס אין זיך. אדרבא, ער האָט נאָך געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער לאַדט איין „קאַראַצקען" אויף אַ פרישן און גאַר געהויבענעם אָנבייסן. מיט אַ הייפל פעטע ביינער אין איין האַנט געפאַכעט צו אים און מיט די ליפּן געשמונצערט... די דאָזיקע ניט פאַרדינטע פריינדשאַפט איז ריקעלען אַ האָר ניט געפעלן געווען. און נאָך מער פאַרדאַכט האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ קופּערנער קרוג, וואָס דער מיידעלעס טאַטע האָט געהאַלטן אין דער צווייטער האַנט. די כלי איז געווען גוט צוגעדעקט מיט אַ פאַל־דעקל אויף זאַוויעסעס. פונ־דעסטוועגן האָט פון איר געזעצט אַ פאַרע. אַזעלכע הייסע פאַמונעס ברענגט מען קיין מאָל ניט אַהער אויף די קהלשע מיסטן.

דערשפּירט אַ סכנה, האָט ריקעלע גלייך איבערגעלאָזן איר ניט־פאַרענדיקטן אָנבייסן און אַרויף אויף דער הוילער ווערבע. פון דאָרטן, ווי פון אַן אויסקוק־טורעם, האָט זי געזען אַלץ וואָס קומט ווייטער פאָר, ווי ביי זיך אויף דער לאַפּקע.

— דער! דער! — האָט דאָס מיידעלע אָנגעוויזן מיט אַ ציטערדיקן פינגערל אויף „קאַראַצקען".

דער שוואַרצער ייד האָט גלייך געלאָזן פאַלן איין פעטן ביין פון זיין לינקער האַנט און נאָך פריינדלעכער גענומען פייפן צום געלן הונט. קום, הייסט דאָס, און האָב הנאה! אויף וואָס וואַרטסטו?

לכתחילה איז קאַראַצקע אָפּגעטראָטן מיט גרויס פאַרדאַכט. ער האָט נאָר געצויגן מיט דער שוואַרצער נאָז און באַלעקט זיך. דער מחיהדיקער ריח פון די פעטע ווייך־געקאָכטע ביינער איז אָבער געווען שטאַרקער ווי זיין הינטישער חוש. זיינע געשפּאַנטע ריפּן האָבן זיך אָפּגעלאָזן, זיין עק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, און, גיסנדיק מיט סליונע, האָט ער אונטערטעניק גענומען קריכן אויפן בויך צום געוואָרפענעם ביין, דערקליבן זיך, אַ קנאַק געטאָן מיט די ציין און איינגעשלונגען. נייך, אַזאַ מאכל האָט ער שוין ניט געהאַט אין פּיסק זינט ער איז פון די יידישע יאַטקעס פאַרטריבן געוואָרן! דאָס זיינען געווען די ווייכע צווישן־ביינער פון אַ פוסנאָהע, וואָס איז צעהאַקט

געוואָרן אויף פּעטשאַ, צעקאָכט זיינען די בענדלעך געווען, זאַפטיק און מיט זאַלץ און קנאָבל באַטעמט. מען בייסט זיי נאָר איין מיט די פּאַדערשטע ציין, שפּריצן זיי מיט פּעטס אויף דער צונג און גליטשן זיך אין האַלדז אַריין.

אַ באַנעמעניש איז אָנגעקומען אויף קאַראַצקען. ער האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן זיין הינטישן קאָפּ און ווייטער גענומען קריכן. דאָס מאָל — צום גאַנצן הייפל ביינער, וואָס דער פריינדלעכער מענטש האָט אויסגעשאָטן לעבן זיך. געקראָכן איז קאַראַצקע און געדרייט מיטן פליכעוואַטן עק. געהנפּעט זיך אויף שטום־לשון. איך ווייס דאָך, הייסט דאָס, אַז אַלע צוויי פיסיקע זיינען גוט און דו ביסט אויך אַ גוטער. און איך בין סתם אַזוי אַ הינקעדיקער הונט. אַ קרעציקער, אַן אויסגעהונגערטער. איך גלויב דיר, אַז דו ווילסט מיך נאָר מחיה־זיין. מיינסט ניט קיין שלעכטס. ניט דו, ניט דיין מיידעלע, וועלכע איך האָב אומגערן איבערגעשראָקן...

ער איז אַזוי צוגעקראָכן גאָר נאָענט צום מענטשנס שטיוול און אָנגעכאַפּט אַ צווייטעביינדל מיט די פאָדערשטע ציין. אין דער זעלבער רגע האָט זיך די קופּערנע כלי אין מענטשנס האַנט אַ דריי געגעבן. די פאַקרישקע אויף זאַוויעסעס האָט זיך געגעבן אַן עפן־אויף, און עס האָט אַ „בום"־געגעבן אין דער פּראַסטיקער לופט, ווי אַן אויפרייס; און אַ מוראדיקע, ווייסע פאַרע האָט אַרומגעכאַפּט אַלע דריי, ווי אַ פליענדיקער וואָלקן — דעם מענטשן, זיין טעכטערל און דעם זשעדנעם כלב.

אַ נאָך שרעקלעכער הינטישער גוואַלד האָט אויפגעשפּאַלטן דעם וואָלקן, און אַ טונקל־געלע, גרילציק־יאָמערנדיקע פּייל האָט פון אים אַרויסגעשאָסן. דאָס איז געווען קאַראַצקע. מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן צו זיין אָפּגעבריטן רוקן איז ער געפלויגן הענדום־פּענדום און, העצקענדיק זיך, מיט אַן אומגלויבלעכער פלינקייט, אויף זיינע דריי גאַנצע פיסלעך — אַוועקגעטראָגן זיך מיטן געפּרוירענעם אַזערע־שליאַך, מיט וועלכן ער קומט צולויפן אַלע אין דער פרי. דער גאַנצער פלאַך פון דעם געפרוירענעם וואַסער, דער נאָענטער וואַלד און די טראָסטינעס זיינען פאַרהילכט געוואָרן פון זיינע באַנומענע קולות. ריקעלע וואָלט קיין מאָל ניט געגלויבט, אַז אַזאַ בערך קליינע, אויסגעמאָגערטע חיה קאָן אַזוי שוידערלעך יאָמערן. זי האָט דאָס אָבער מיט אירע אייגענע קורצע אויערן געהערט און פעסטער איינגעקלעמט זיך אין דער ווערבע מיט אַלע נעגל, כדי ניט אַראָפּצוגליטשן זיך פאַר גרויס שרעק.

דער ווייסער וואָלקן, וואָס דער מענטש האָט אַרויסגעכישופט פון זיין קופּערנער כלי, איז דערווייל צעגאַנגען. טאַטע און טעכטערל זיינען געשטאַנען אין אַ שוואַרצער ראָד פון צעשמאָלצענעם שניי, ווי אין אַ צווי־בער־קרייז, וואָס האָט צו זיי די סכנה ניט צוגעלאָזן.ביידע האָבן זיי כאַ־

כאַטשעט. ער — מיטן פולן האַלדז און בויך, אַן אַ פּיצל רחמנות. און זי — צאַפּלדיק און שרעקעוודיק און טייטלענדיק מיט די שוואַכע פינגער־לעך נאָכן אַנטרונענעם כלב. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז זי איז בעצם צופרידן, וואָס דער טאַטע האָט זיך פאַר איר אָפּגערעכנט. נאָר דאָס הערצעלע קלעמט איר, וואָס דאָס אָפּרעכענען זיך איז געווען אַזוי אומ־ברחמנותדיק און אַזוי מוראדיק.

## אַכט און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# י אַ ו ו ד אָ כ ע

### 1

זינט מען האָט ריקעלעס הינקעדיקן קאָנקורענט אַזוי מערדערלעך באַשטראָפט, האָט ער אויפגעהערט צו קומען פון יענער זייט אָזערע, און ריקעלע איז געבליבן די איינציקע באַלעבאָסטע איבער אַלע אונטערבאַר־גער מיסטן. דאָס לעבן איז געוואָרן וואָלגאַטנער, זעטיקער, און זי האָט זיך אַ קאַפּעלע פּאַפּראַוועט אין געזונט.

זי האָט אַצינד געוואוסט די צייט ווען דער אַרויסגעוואָרפענער אָפּ־פאַל איז נאָך מער־וויניקער פריש און ניט געפרוירן; און איז אַצינד אַלע מאָל געקומען ניט צו פרי און ניט צו שפּעט. די קאַלטע און קורצע טעג און לאַנגע פראָסטיקע נעכט האָט זי פאַרבראַכט אין וואַרעמען היי אויפן בוידעמל, געאָטעמט מיט דער בהמהשער פּאַרע, וואָס זעצט פון דער אונטערשטער שטאַל און פאַרגעשטעלט זיך, אַז זי לעבט אין אַ היים, וואו צוויי־פיסיקע פּאַדיען אָרום, קאָכן מילך און הייצן...

דאָרטן, אויפן בוידעמל, האָט איר אַ פּאָר מאָל געטראָפן אַ גליק צו כאַפּן אַ לעבעדיקע מייזל, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט נאָכן וואַרעמען מילך־ריח, אָט־דער וואָס זעצט אַרויף פון די בהמהשע אייטער. דאָס פריש שטיקל פלייש האָט אַצינד געהאַט אַ געהויבענעם געשמאַק. דאָס וואָס איז אַמאָל, אין די גוטע צייטן פון זעט ביי שיינע־שרהן, געווען סתם אַזוי אַ שפּיל, אַ צייט־פאַרטרייב, אַ באַרימערײַ, אַז זי, ריקעלע, איז אַזאַ בריה, איז אַצינד געוואָרן אַ זעלטענע נאַשעריי, אויף וועלכער מען קוקט אויס די אויגן, אויף וועלכער מען טשאַטעוועט גאַנצענע טעג און נעכט...

מיט אַ כיטרעקייט פון אַ פוקס און מיט אַ געדולד וואָס דערגייט ביז צו שטאַרעניש, וואָס זי, די זשוואַווע ריקעלע, האָט נאָך קיין מאָל אין

איר לעבן ניט געקענט, פלעגט זי זיך אַצינד פאַרטאָיען שעהן־לאַנג אין איין בוידעם־ווינקעלע, אין דער האָפענונג, אַז אַ מאַגערינקע, פון האַרטן ווינטער אויסגעהונגערטע מייזעלע, מיט אַ בלאָסן עק, זאָל זיך אַהער פאַרבלאָנדזשען און אַריינפאַלן צווישן אירע נעגל. און ווען די גליקלעכע שטונדע האָט געשלאָגן — פלעגט זי דאָס אַ כאַפּ טאָן און פאַרשלינגען. ניט פאַרגונען זיך אַפילו די הנאה פריער אָנצושפּילן זיך מיטן קליינעם קרבן, אויפן קעצישן שטייגער...

נאָר אַזאַ זעלטענער, פרישער ביסן האָט איר געקלעקט אויף איין צאָן, און מיט דער זעלבער אומגעדולד האָט זי ווייטער געוואַרט אויף דער שטונדע, ווען די אונטערבאַרגער באַלעבאָסטעס הויבן אָן שלעפּן זייערע עמערס פּאָמונעס און זייערע צעבערס אָפּפאַל צו די געפּראָרענע ווערבעס ביי דער אָזערע.

און אייגמאָל אין דער פרי, גריזשענדיק דאָרטן אַ קאָפּ פון אַ פישל, האָט זי דערזען איר געוועזענעם קאָנקורענט. ניט ווייט פון איר באַ־העלטער, צווישן די טרוקענע טראָסטינעס, איז קאַראַצקע געשטאַנען אויף דריי לאַפּקעס, די קראַנקע — אונטערגעקאָרטשעט און באַהאַלטן אין די קאָלטונעוואַטע האָר פון בויך, ווי אין אַ מופטע, און מורא געהאַט צוצו־גיין נענטער. ער האָט נאָר זשעדנע געצויגן מיט דער שוואַרצער נאָז דעם ריח פון די פרישע פּאָמונעס און די סליונע האָט אים געצונעס און די פֿאָד גייען פון אָפּ־געהאַנגענעם פּיסק. מוראדיק מאָגער איז אַצינד קאַראַצקע געווען. דער אָפּגעבריטער אָרט אויף זיין רוקן איז געווען נאַקעט, אָן אַ סימן פון האָר. און מיט אַ בייזער רויטקייט האָט דער גאַנצער פליך געברענט, מיט אַ העלישער רויקייט פון אַ מאַוימדיק־גרויסער וואונד. גוואַלד, ווי קען מען דאָס גאָר אַריבערטראָגן אַזאַ שמאַרץ און בלייבן לעבן? אַפּנים קאַראַצקע איז אַ סך שטאַרקער ווי מען וואָלט געקענט מיינען. ער האַלט זיך נאָך פעסט אויף זיינע דריי גאַנצע פיסלעך און וויל עסן, וויל לעבן. כאָטש צוקוקן פון דער ווייטנס, ווי אַנדערע גליקלעכע חיות עסן און לעבן אויף דער וועלט... אין זיין גאַנצער האַלטונג איז געווען אַזוי פיל הכנעה און אין זיין אויסגעצויגענעם האַלדז אַזוי פיל בענקשאַפט צום ברודיקן גן־עדן, וואו ער האָט זיך פריער געשפּייזט אומזיסט־אומנישט... נאָר אָט! איין מאָל נאָר באַנאַרישט זיך, ניט־באַטראַכטערהייט פאַרזינדיקט זיך אָקעגן אַ צוויי־פיסיקן גאָט און איז פאַרטריבן געוואָרן. די שוואַרצע כאַליערע זיצט דאָרטן און פרעסט און ער מוז צוקוקן פון דערווייטנס. אַ לאַך אין האַרצן קריגט ער פון יעטוועדער קנאַק מיט די ווייסע ציין, וואָס די שוואַרצע מרשעת טוט. העך, העך, ווי זי באַאַרבעט דאָס פעטע פיש־קעפּל, אַ רוח אין איר טרפהנעם האַלדז אַריין! דעם גאַנצן גן־עדן אים אַוועקגענומען... פונדעסטוועגן — ער פון זיין זייט איז גרייט שלום צו מאַכן... ער —

פון זיין זייט. אַט ווײַדלט ער אַפילו מיטן אויסגעקראַכענעם עק! זאָל זיינס אַריבערגיין. ער וויל ניט שפּילן דעם בעל־גאווה...

אָבער ריקעלע האָט זיך גלייך אָנגעשפּיצט. זי איז אייפערזיכטיק געוואָרן אויף איר אומאָפּהענגיקייט, אויף איר זעט, אויף איר גלענצנדי־קער איינזאַמקייט. האָט זי אויסגעבויגן דעם רוקן און אַ סטראַשע־געגעבן מיט אַ שיפּעריי פון אַן אָנגעטראָטענער שלאַנג...

די ווירקונג האָט אַריבערגעטראָפן אַלע האָפענונגען. אַנשטאָט צו ענטפערן איר מיט אַ בילן און מיט אַ האַר־בערשטלען, ווי ריקעלע האָט זיך געריכט, האָט קאַראַצקע גלייך פאַרקירעוועט און געמאַכט פּיס און קולי־קולות; ענלעכע קולות — ווי נאָכן אָפּבריען אים... ריקעלעס אָנ־שילטן האָבן אים דייטלעך דערמאָנט דאָס, וואָס מיט אים האָט דאָ גע־טראָפן. און דאָס דערמאָנען זיך אַליין האָט אין זיין הינטישן מוח אַרויס־גערופן דעם אָפּקלאַנג פון יענעם שרעקלעכן ווייטיק, וועלכער האָט אויס־געפּרעסן דעם רויטן פּליך אויף זיין רוקן...

2

דער ווינטער איז זיך דערווייל געגאַנגען מיט זיין גאַנג. אין די שבט־פרעסט אַריינגעווייעט. און וואָס האַרטער עס איז געוואָרן ריקעלעס קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ, אַלץ ביטערער און פאַרווילדעוועטער איז זי געוואָרן; אַלץ שפּיציקער זיינען געוואָרן אירע אויגן און אויערן און אַלץ שאַרפער אירע נעגל און גרייטקייט אָפּצושלאָגן יעדע אַטאַקע אויף איר פעל און אויף איר אָרעם ביסל קעסט ביים ברעג אַזערע. יעדער מענטש אין הויזן פון אונטערבאַרג, אָדער מענטשיכע אין אַ קליידל, וואָס האָט זיך ווען ניט ווען דערמאָנט אָן איר, נענטער צוגעטראָטן און געוואָלט אַ גלעט טאָן, זאָגן אַ גוט־וואָרט, האָט ריקעלע באַגעגנט מיט אָנגעשפּיצטע וואָנסעס, מיט אַן אויסגעקרימטן רוקן און מיט אַ שפּייען און שיפּען. פון פרעמדע מענטשן — שוין אָפּגערעדט. איין כלל האָט זי זיך אַריינגענומען אין האַרטן באַוואָקסענעם שאַרבן: וואָס ווייטער, וואָס ווייטער פון די צווייפיסיקע! זייער אָפּפאַל אויפקלייבן — דאָס יאָ. אָבער פון זיי אַליין — וואָס ווייטער און פאַרזיכטיקער.

האָט זי דאָך אָבער אַ קעצישן זכרון. האָט זי איין מאָל פאַרגעסן איר חיהשע פאַרזיכטיקייט, געקראָגן צוטרוי צו דער מענטשישער פאַלש־קייט, און שיר ניט באַצאָלט מיטן לעבן דערפאַר.

די מעשה איז אַזוי געווען: אין עק אונטערבאַרג, דאָרטן וואו די הייזקעס ענדיקן זיך און אַ זאַמדיקער שטעג פאַרקערעוועט זיך צום פּראַנ־צאָווקער וואַלד, האָט געוואוינט אַן אַלטע קבצנטע — יאַוודאָכע די אַכע. יאַוודאָכע איז געווען איר גויישקער נאָמען, און „די אַכע" איז געווען איר

יידישער צונעמעניש, דערפֿאַר ווייל רק זי פּלעגט זיך אומעטום קלאָגן אויף אירע רומאַטעס. רק געריבן זיך די קניעלעך און רק גענודיעט מיט איר געבראָכענעם קולכל: „אַך, אַך, נאַזשקי מאָאי באַלעזניאַ!" מיינע קראַנקע פיסעלעך — הייסט דאָס. עפּעס ווי די פיסעלעך וואָלטן געוועזן ניט זי אַליין, נאָר אַ שכנס יתומימלעך, וואָס האָבן זיך אין איר איינגעגעסן און לאָזן זי ניט אָפּ. וואו זי גייט, און וואו זי שטייט באַמבלען זיי זיך אונטער אירע טראַנטעס און דערגייען איר די אַלטע יאָרן.

געוואוינט האָט זי, די אַכע, אין אַ כאַטקע, ניט פון בערווענעס געבויט, נאָר פון קרומע זייטל־ברעטער, מיט מאָך דורכגעשטאָפּט, מיט ליים פאַר־שמירט און האַלב־איינגעגראָבן אין דער ערד. אַנשטאָט פענצטער — איין פענצטערל מיט פיר שייבעלעך, צוויי גאַנצע און צוויי אויסגעזעצטע און פאַרשטאָפּט מיט וואַטאָווע שמאַטעס. און אַנשטאָט אַ קוימען — אַ בלע־כענע פושקע אָן אַ דנאָ, וואָס די באַלעבאַנדע פון פּאַלאַץ האָט מסתמא געפונען ערגעץ וואו אין אַ קאַנאַווע.

וואָס יאַוודאָכע די אַכע טוט און פון וואָס זי לעבט — האָט קיינער ניט געוואוסט. קיינעם איז דאָס אויך אין דער לינקער פּיאַטע ניט גע־לעגן. מען גייט שפּאַצירן צום פּראַנצאָווקער וואַלד, שטויסט מען זיך אָן אויף דער זעמליאַנקע, מיט דער בלעכענער גאַרניץ־פושקע *) אַנשטאָט אַ קוימען. גיט מען אַ הויב מיט אַ פּלייצע און מען גייט ווייטער. אונ־טערבאַרגער יידן קוקן יאָ אַ ביסעלע קרום אויף דער איינגעגראָבענער כאַלופּע. עפּעס מכשפיש זעט זי זיי אויס. מען שרעקט די קינדער, זיי זאָלן ווייכן פון דער ברעטער־הייזקע, אַזוי ווי פון דער, וועלכע וואוינט דאָרטן. אָבער באַקלאָגן זיך אויף יאַוודאָכען האָט זיך קיינער ניט באַ־קלאָגט. ניט זי בעט עפּעס, ניט מען גיט איר. זומער־צייט זיצט זי אָפּט־מאָל אויפן ערדענעם שוועל און זשוואָקעט פון אַ ליימענער שיסעלע. אָסיען־צייט איז דאָס טירעלע פאַרמאַכט און פון פושקע־קוימען ציט זיך אַ בלויער־רויכעלע... אָט, ווען עס קומען־אָן די ווינטערדיקע טעג, מיט די האַרטע פרעסט, באַווייזט זיך די שלעפּערקע אויף יידישע שוועלן. אין שמאַטעדיקע קליידלעך איז זי אַנגעפּעלצט. סיטץ איבער וואָל און וואַ־טאָווע שטעפּעכץ איבער רעשטלעך פון אַ קאָזשוך. קרוים איבערן ברוסט אַ שטריקעלע מיט אַ טאָרבעלע אויף איין זייט. און נאָך איידער אַ יידישע טיר עפנט זיך בוקט זיך שוין יאַוודאָכע און בויגט זיך ביזקל דער ערד. צום שוועל בוקט זי זיך און צלמט זיך, ווי צו אַן אָפּגאָט. עפנט עמי־צער אויף — בוקט זי זיך נאָך פלייסיקער. „כליעבאָצקי, באַרינקי!..."

---

*) אַ בלעכענע לאַנגע כלי, אין וועלכער מען מעסט אָפּ קאַרטאָפל, ציבעלעס וכד׳.

אַזוי בעט זי מיט אַ וויינענדיקער שטימעלע און ווייזט אויף דער טאַר־בעלע און אויפֿן מויל אָן ציין. ברויטעלע, הייסט עס, האַרעלעך, זאָל מען איר געבן, וואָרעם זי שטאַרבט עסן. און פּאַר יעדער לוסטע אָלט־געבאַקן ברויט אָדער חלה־אָקראַיטשיק בויגט זי זיך ווידער ביזקל דער ערד, צלמט זיך און בוקט זיך ווי צו אַן אָפּגאָט.

דערזעען דאָס יידן אַזאַ הכנעה און קערן אָפּ די קעפּ. זיי פאַרשע־מען זיך פאַר אַזאַ מענטשלעכער געפאַלנקייט. און ווען זי קריכט אַוועק, זאָגן זיי נאָך איר שבחים, ווי נאָך אַ טויטן.

— גיט נאָר אַ קוק, — זאָגן זיי, — אַן אונטערשייד אַ ביסל צווישן אַ גויישקער און יידישער קבצנטע! אַ יידישע קבצנטע וועט דיר קיין מאָל קיין דאַנק ניט זאָגן, וואָרעם די עולם־הבא פאַר דער מצווה האָסטו דאָך, ניט זי. האַלט זי גאָר, אַז זי איז די געבערין, ניט די נעמערין... און גויישע קבצנים — זעט נאָר ווי נעבעכדיק זיי בעטן, מיט וואָס פאַר אַ געפאַלנקייט זיי נעמען, און לויבן און דאַנקען און צלמען זיך. ווייל זיי ווייסן, אַז ס׳איז אַ שטראָף פון גאָט, אַ חרפה צו עסן געשענקטן ברויט. דערפאַר...

פון מאַכן אַזאַ אונטערשייד בלייבט איבער אַ געזאַלצענער געפיל צו „אייגענע״ און אַ רחמנות צו דער גויישער קבצנטע. ווען יאַוודאָכע באַ־ווייזט זיך נאָכאַמאָל און בוקט זיך צום שוועל — באַמיט מען זיך צו ריידן מיט איר ווי צו אַ מענטשן, זאָגן איר אַ גוט וואָרט. מען באַמערקט פלוצ־לונג, אַז זי גייט ווי אויף טשוועקעס און שפאַרט זיך אָן אויף אַ שטעקן פון אַן אַלטער מיעטלע.

גיט מען זי גוטמוטיק אַ פרעג:

— יאַוודאָכע, וואָס הינקסטו אַזוי?

— אָך־כאָ, — ענטפערט זי, — האַרעלעך, דאָס איז אַלץ פון מיין „האַרמאַטיזם״, דערבאַרעמדיקע! גאָט האָט מיך געשטראָפט...

— געדאַרפט גיין אין באָד, — גיט מען איר אַן עצה, — וועסטו זיך גוט אויספאַרען — וועט דיר לייכטער ווערן.

— וואו, — מאַכט זי, — האַרעלעך, וועל איך גיין אין באָד? ווער וועט דאָס אַריינלאָזן אַזאַ ברודיקע, ווי איך בין?

— נו, איז גיי אין „באַלניצע״. דער פערשעל וועט דיר עפּעס געבן...

— דער „כפערשעל״, דערבאַרעמדיקע, זאָגט, אַז די בעסטע זאַך איז צולייגן צו מיינע קראַנקע פיסעלעך, אַ פעלכל פון אַ קאַץ. אַ פעלכל פון אַ שוואַרצער קאַץ — איז בעסער. איינמאָל, זאָגט ער, צו איין קניעלע צולייגן, אַ צווייטן מאָל — צו דער אַנדערער, וועט דיר בעסער ווערן. האָב איך, האַרעלעך, געפרעגט אין „כאַפּטייק״... אָך־כאָ, מיינע זינד, מיינע זינד, דערבאַרעמדיקע! מיינע קראַנקע פיסעלעך...

— נו, איז וואָס האָט מען דיר אין אַפּטייק געזאָגט?

— אַך־כאַ, וואָס זאָלן זיי זאָגן? פינף גילדן ווילן זיי. ניט אַ גראָשן ווייניקער. וואו זאָל איך, אַזאַ אָרעמינקע ווי איך בין, נעמען אַזאַ הויפן געלט?

אויף אַזאַ שאלה האָבן די „האָרעלעך" און די „דערבאָרעמינקע" קיין באַזונדערן ענטפער ניט געהאַט. אַ שטיקל ברויט, אַן אָקראַיטשיק חלה — דאָס יאָ. אָבער פינף גילדן פאַר אַ קעצישע פעלכל — דערפאַר זאָלן יאַוודאָכעס לייבלעכע ברידער זאָרגן...

3

אויף איר וועג, פון היי־בוידעמל צו דער אַזערע און פון דער אַזערע צום בוידעם, פלעגט ריקעלע, ווען ניט ווען, באַגעגענען יאַוודאָכען און אָפּשפּרינגען אַן אַ זייט. לויט איר הילוך פלעגט איר די בעטלערקע דער־מאָנען קאַראַצקען, דעם דריי־פיסיקן קאָנקורענט. אמת, ניט אַזוי פלינק ווי קאַראַצקע. וואָרעם יאַוודאָכע פלעגט זיך אַלע מאָל שלעפּן פּאַמעלעכנס. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף איר מיעטלע־שטעקן, פלעגט זי זיך קרימען פאַר ווייטיק. און נאָך יעדע צוויי־דריי טריטעלעך — באַרופן זיך אויף אַלע גוישע הייליקע, געבעטן „יסוסע כריסטע" זאָל איר קומען צו הילף, „מי־קאָלאַ אוהאָדניק", „אַרכאַנגעל האַבריעל"...

ריקעלע פלעגט זיך יעטוועדער מאָל באַהאַלטן פון דער אַלטער און נאָכקוקן איר מיט קעצישער נייגעריקייט. ווערליק איר הילוך און אַכ־צעניש איז יאַוודאָכע געפערלעך ניט געווען. נאָר האַלטן זיך וואָס ווייטער פון אַזאַ מאָדנער טראָנטשיכע — איז גלייכער. יאַוודאָכע האָט זי, מיט אירע בלינדעוואַטע אויגן, אַפילו ניט באַמערקט. צופיל איז זי שטענדיק געווען פאַרנומען מיט אירע „קראַנקע פיסעלעך" און מיט אירע הייליקע. נאָר עפּעס איין מאָל, אין אַ זוניקן און אויסגעשנייטן פרימאָרגן, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף ריקעלען. אויפן בלאַנקן גרונט פון שנייאיקן שטעג איז ריקעלע געווען בולט־שוואַרץ. און דער שוואַרצער קאָנטראַסט האָט אַריינגעדרונגען אַפילו אין יאַוודאָכעס פאַרטרערטע און אָנגע־שוואָלענע אויגלעך. איז זי שטיין געבליבן, און אירע וואַסערדיקע קו־קערלעך האָבן זיך מאָדנע אויסגעקוילערט.

„לעיביכאָוואַ קיצקאַ?" — האָט זי צו זיך אַליין שליימיק אַ מורמל געטאָן — „דאַ ניאַושטאַ?..." דאָס הייסט: ניט שוין לעיביכעס קעצל זאָל דאָס זיין?

און באַלד האָט די טראַנטשיכע געמאַכט אַ זיס־זויערע מינעלע, אַריינגעצויגן די קוקערס אין זייערע צעקנייטשטע הייטלעך און גענומען מאַניען צו זיך ריקעלען מיט גוטע ריידעלעך:

— קיץ, קיץ, קיץ, סאַרדיעשנאַיאַ! *)

אָבער ריקעלע איז קנאַפּ נתפּעל געוואָרן פון יאַוודאָכעס געזאָלצענער זיסקייט, און מיט עטלעכע שפּרונג איז זי שוין געווען אויף איר וואַרעמען בוידעם.

אָבער פון דעמאָלט אָן פלעגט זי די טראַנטשיכע באַגעגענען אַ סך אָפטער, ווי פריער. יאַוודאָכע האָט אַפּנים דערשמעקט וואו ריקעלע נעכטיקט און וואו זי עסט אָנבייסן און וועטשערע און אָפּגעוואַרט זי אויפן שטעג, וואָס פירט פון היי־בוידעם צו די טראַסטינעס ביים ברעג אָזערע. יעטוועדער מאָל האָט זי, אַצינד, עפּעס מיטגעבראַכט: אַ ביינדל, אַ פיש־קעפּל, אַ שטיקל לונגען. געלאָזן פאַלן אויפן שנײ הינטער זיך, אַ מאַניע געטאָן: „קיץ, קיץ, סאַרדיעטשנאַיאַ!"... און אַוועקגעשלעפּט זיך.

מילא, ביינדלעך און פיש־קעפּלעך — אויף דעם וואָלט ריקעלע געקענט מוחל זיין. אַזעלכע פּאַטראַוועס געפינט זי גאַנץ אָפט ביים ברעג אָזערע, אין די אונטערבאַרגער מיסטן. אָבער לונגען, פרישע לונגען, בלוטרויטע, ניט־געקאָכטע, — דאָס איז געווען שטאַרקער פאַר איר. אַ קעצישער יצר־הרע איז דאָס געווען. אַ שטיק געזונט וואָס לאָזט זיך ניט אַוועקמאַכן מיט דער לאַפּקע. האָט זי דאָס איין מאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל — זשעדנע געוואָרן און געטשאַטעוועט אויף אַזאַ געשמאַקן ביסן. זי האָט אַפילו גענומען דערלויבן דער טראַנטשיכע, יענע זאָל זיך דערנענטערן צו איר. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט — ביז יאַוודאָכע האָט זיך איין מאָל דערלויבט אַראָפּצולאָזן אין קאַריאַווע הענטעלע איבער ריקעלעס רוקן, אַריינגעפּאַרן איר מיט די קרומע נעגל אין שוואַרצן פּעלץ אַריין:

— אָך־כאַ, וואָס פאַר אַ פּעלצעלע! — האָט יאַוודאָכע געזשוואַקעט אָן ציין.—פּונקט וואָס דער כפּערשעל האָט געזאָגט... פאַר מיינע פּיסעלעך, די קראַנקע...

און ריקעלע איז געווען אַזוי נאַריש, געלאָזן זיך טאַפּן און באַוואונדערן. ניט אויפגעשפּרונגען, ניט געשיפּעט ווי אַ שלאַנג, נאָר געמרוקעט און העפלעך געשאָקלט מיטן שפּיץ עק, ביז זי האָט אויפגענאַשט דעם גאַנצן שטיקל לונגען, וואָס די בעטלערקע האָט איר געבראַכט. אויפגענאַשט און אַוועקגעלאָפן.

אַ מין שיכרות איז דאָס געווען... אָבער שפּעטער אַ ביסל, ווען זי האָט זיך פאַרגראָבן אין היי אויפן בוידעמל, האָט זי זיך אויסגעניכטערט.

*) קום, קום, קום, האַרציקע!

דאָס טאָפּן, וואָס די אַלטע האָט זי געטאַפּט, איז איר עפּעס ניט געפעלן געוואָרן. די שליימיקע ריידעלעך אירע זיינען אויך געווען פאַרדעכטיק.

האָט זי דאָך, אָבער, ריקעלע, אַ קעציש זכרון, האָט זי שוין אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרגעסן. ווידער אויפגעקליבן יאַוודאָכעס כיבוד. און אין אַ וואָך אַרום געמאַכט אַ צווייטן פעלער און געלאָזן זיך פאַר־מאַניען פון דער טראַנטשיכע ביזקל איר כאַלופּע. יאַוודאָכע האָט איר באַוויזן אַ היפּשן שטיק קעלבערנע לונגען, פאַרבלוטיקט און מיט ווייסע אַפּעטיטלעכע אָדערלעך דורכגעוועבט. און ריקעלע האָט אויף אַזוי פיל פאַרלאָרן איר קעפּל, אַז זי האָט אויפגעהויבן איין לאַפּקע און אַריבער־געטראָטן דעם ערדענעם שוועל, אַ צווייטע לאַפּקע — און אַריבערגע־טראָטן...

ניט מיט גרויסן חשק האָט דאָס ריקעלע געטאָן. מען קען ניט זאָגן! ווי פון פעך אַרויס האָט זי געצויגן די לאַפּקעס און די אויגן האָבן דער־ביי שאַרף געלויערט. אַריבערגעטראָטן מיט די פאָדערשטע לאַפּקעס, האָט זי זיך אַ קאַפּעלע דערשראָקן און רחמנותדיק אַ קאַניוקע געגעבן צו יאַוודאָכען: „מיאַו?" — דאָס הייסט: „ביסטו טאַקע אַזאַ גוטע? וועסטו מיר קיין שלעכטס ניט טאָן?"

— קיץ, קיץ, סאַרדיעטשנאַיאַ! — האָט איר יאַוודאָכע גלייך פאַרזי־כערט. אויף מענטשלעכן לשון האָט דאָס געקאָנט הייסן: „קום, קום, האַרצעלע! ווי קום איך דיר צו טאָן שלעכטס? פאַר וואָס און פאַר ווען?" דערביי האָט זי מיט דער לינקער האַנט אָנגענומען עפּעס אַ שטריקעלע, וואָס וואַלגערט זיך אויפן ערדענעם פאַל, און מיט דער רעכטער האַנט צוגעטראָגן דאָס פאַרפירערישע שטיק לונגען צו ריקעלעס וואָנסעלעך, צוגעטראָגן און עס גלייך אַוועקגעכאַפּט.

דאָס האָט אַ צי געטאָן ווי אַ מאַגנעט, אַפּגערופן זיך מיט אַ זיסן קראַמף אין בייכל... פונדעסטוועגן האָט זיך ריקעלע אומגעקוקט אויף הינטן, צי ס'איז ניט קיין פּאַסטקע. די טירל פון דער כאַלופּע איז געווען ברייט אָפן. די קאַלטע לופט האָט אַריינגעשטראָמט אין ווייסע כוואַליעס. די אַלטיטשקע האָט דאָס ביסל וואַרעמקייט פון איר הייזקע ניט געזשאַ־לעוועט. אַבי, הייסט דאָס, גוט אויפגענומען אַ גאַסט, וואָס האָט ניט קיין צוטרוי... אויך דאָס האָט ביי ריקעלען געדאַרפט אַרויסרופן פאַרדאַכט. אָבער איר זשעדנעקייט האָט געברענט ווי אַ פייער; ווי דאָס רויטע שטיק לונגען אין יאַוודאָכעס האַנט. „אַך", גיט זיך ריקעלע אַ טראַכט „אויב וואָס־ווען, וועל איך נאָך אַלע מאָל באַוויזן אַרויסצולויפן. וואו וועט מיך אַזאַ „שלעפּעטראַנע" קענען כאַפּן?... אַ פאַרגליי'כעניש! מיינע פיר פלינקע לאַפּקעס און אירע צוויי קראַנקע..."

אַ טראַכט געגעבן און אַריבערגענומען די הינטערשטע לאַפּקעס

אויך... אָבער גלייך נאָך דעם האָט עפּעס שוּוער אַ זעץ געגעבן הינטער איר, ווי אַן איינגעפאַלענע וואַנט. שיר דעם שפּיץ עק איר ניט פאַרקלעמט. גיט זי זיך אַ מאָרדעווע, ריקעלע, און דערזעט, אַז די אָפענע טיר הינ־טער איר האָט זיך פאַרהאַקט ווי דורך אַ כישוף. ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט, אַז דאָס אומשולדיקע שטריקעלע, וואָס יאַוודאָכע האָט אויפגעהויבן פון ערדענעם פאָל, האָט עפּעס אַ שייכות צו דער טיר. דאָס שטריקעלע איז איצט געווען אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע. פון קליאַמקע ביז יאַוודאָכעס קאַריאַוּוער הענטעלע געווען אָנגעצויגן...

און ווען ריקעלע האָט זיך געכאַפּט וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט, איז שוין געווען צו שפּעט צוריק צולויפן. ווי אַ מויז אין פאַסטקע איז זי דאָ געווען געפאַנגען און איר גאַנצע פלינקייט האָט שוין מער קיין ווערט ניט געהאַט.

## ניין און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## פ אַ ר ו ו י ל ד ע ו ו ע ט

### 1

נאָכן ערשטן שפּרונג פון שרעק און עמפּערונג, וואָס פון אַ פרייער חיה האָט מען זי געמאַכט פאַר אַ געפאַנגענער, האָט ריקעלע פּאַוואָליע אַרויסגעקוקט פון אונטערן שמאַטע־געלעגער, וואו זי האָט זיך באַהאַלטן. זי האָט זיך אַרומגעזען.

אין יאַוודאָכעס כאַטקע איז געווען רויִק און פאַרנאַכטלעך־פינצ־טער. איין פענצטערל האָט געגרויט מיט די צוויי אויבערשטע שייבעלעך. די אונטערשטע זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט וואַטאָווע שמאַטעס. דאָס אַלץ איז געווען רויטלעך־באַלויכטן מיט אַ פייער פון אַ רויער ציגל־אויוועלע, מיט אַ בלעכענער טרובע, וואָס גייט אַרויס צום נידעריקן, ניט־געקאַלעכטן דעכל. דאָס ציגלנע אויוועלע האָט ריקעלען צוגעצויגן מער ווי אַלץ. וואָרעם די אַלטע בעטלערקע איז דאָרטן געשטאַנען איינ־געבויגענערהייט, און אַן די רויע ציגל געשאַרפט אַ לאַנגן, פאַרזשאַ־ווערטן מעסער. ראַץ אויף רעכטס און ראַץ אויף לינקס. און ביי יעטוועדער אומדריי האָט דער מעסער אָפּגעשפּיגלט דעם רויטן פלאַם אין אויוועלע. דאָס האָט ריקעלען אַזוי דערשראָקן, אַז זי האָט זיך ווידער באַהאַלטן אונטערן מיאוסן געלעגער און מער ניט געוואָלט אַרויסגיין, ביז דאָס שלייפן פון צעראַצטן מעסער איז פאַרשטומט געוואָרן.

און אויך דעמאָלט איז זי ניט אַרויס פון איר באַהעלטער, ביז אַ ריח פון פעטן קרופניק און געקאָכטע לונגען האָט דערגרייכט צו איר נעזל און יאָוודאָכעס זשוואָקענדיקער קולכל האָט זי ווידער גענומען מאַ־ניען און שמונצערן מיט אַ געמאַכטער זיסקייט.

— קיץ, קיץ, קיצינקאַ! קום, עס, האַרצעלע!

אזיפן ערדענעם פּאָל, לעבן הייסן אויווּעלע, האָט אַצינד געפּאַרעט אַ פולע שיסעלע. ניט אַנדערש אַ מאכל־מלכים! שוין פונדערווייטנס האָט דאָס באַטויבט מיטן מחיהדיקן ריח פון זעט און היימישקייט. זינט שיינע־שרה האָט זי אָוועקגעוואָרפן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן, האָט זי, ריקעלע, קיין טראָפּן געקעכץ אין פּיסק ניט געהאַט. אין דער פרי — געפּרוירענע ביינדלעך און פאַרנאַכט — קאַלטער אָפּפאַל. אַצינד האָט זי זיך דערמאָנט, אַז שיינע־שרה פלעגט, אָפּטמאָל, אויך שלייפן איר קיך־מעסער אָן פּריפּעטשאָק. און כמעט אַלע מאָל, נאָך אַזאַ שלייפן, פלעגט זי, ריקעלע, קריגן צוגעוואָרפן וואָס ניט איז. אַמאָל אַ פליישׁ־הייטל, אַן אַנדערש מאָל — אַ פּענכער פון אַ פיש. אויב אַזוי — האָט זי זיך דאָך אומזיסט דערשראָקן. דאָס שיסעלע מיט געקעכץ מוז אויך זיין אַ פּועל־יוצא פון שלייפן דעם מעסער אָן אויווּעלע...

געפונען אַזאַ פאַרגלייך — האָט זיך ריקעלע מער ניט געקענט איינהאַלטן און גענומען קריכן פון אונטערן געלעגער. איין שפּאַן פאָראויס, צוויי צוריק — ביז זי איז דערקראָכן און צוגעכאַפּט זיך צום געקעכץ. אַפריער — פאַרזיכטיק: אַ זליאַקע און אַ קער דעם קאָפּ אויף הינטן. דערנאָך — זשעדנע, ווי אַ פאַרפאַלענע שיכורטע, וואָס געוועלטיקט מער ניט איבער איר ליידנשאַפט; וואָס שענקט אָוועק איר גאַנצע דערפאַרנקייט און אַלע אירע פאַרדאַכטן פאַרן זויף... פאַרליר ניט דיין קאָפּ, ריקעלע! אָבער זי האָט שוין קיין קאָפּ מער ניט געהאַט, נאָר איין הייסן אימפּעט: וואָס גיכער אָנפילן די קישקע, וואָס מער אַריינבעמען אין זיך די גע־שמאַקע וואַרעמקייט. נאָך, נאָך!

און זי האָט אַזוי וויט פאַרלאָרן איר ווערדע, אַז זי האָט זיך גע־לאָזן אַ גלעט־טאָן פון יאָוודאָכעס קאַריאָווער הענטעלע, וועלכע זי האָט נאָך, מיט אַ וואָך צוריק, אָפּגעשטויסן און באַשפּייט; וועלכע האָט זי אַהער פאַרמאַניעט... דאָס פאַרדעכטיקע הענטעלע איז גלייך האָפּערדיקער געוואָרן, אויסגעשטרעקט צוויי ציטערדיקע פינגער און זיי אַריינגערוקט אין ווייכן פעלצל אויפן רזקו. און ריקעלע איז אויף אַזוי פיל נאַריש גע־ווען, אַז זי האָט זיך געלאָזן. זי האָט אַפילו פריינדלעך גענומען מאַכן מיטן שפּיץ עק.

אָבער די לאַשטשענדיקע פינגער זיינען פּלוצלונג קרום און שטייף

געוואָרן, אַ פּאָר געגעבן פון רוקן צום נאַקן און, ווי אַ צוואַנג, אָנגעכאַפּט זי אַרום פוטערנעם קאָלנערל.

ערשט אַצינד איז ריקעלע אַ פאַרציטערטע געוואָרן, אָפּגעלאָזן דעם קרופּניק און האַסטיק אַ קער־געגעבן איר קעפּל, מיט אַן אָפּענעם באַ־וואָנסנטן פּיסק פול מיט ווייסע נאָדלען; ווי אַ שלאַנג גענומען שיפּען און וואָרפן זיך. אָבער — אַ ביסעלע צו שפּעט. דאָס כיטרע אָנכאַפּן זי ביים קאָלנער, אַרום האַלדז, האָט איר גאַנצע קראַפט און בויגיקייט אַזוי גוט ווי פאַראַליזירט. אויך די מאַמע אירע, די געל־האָריקע גוטע קע־ציכע, אין האַפּיאַס הויז, פלעגט זי אַמאָל אַזוי אַריבערטראָגן פון אָרט צו אָרט. אָנכאַפּן ביים קאָלנער מיט אַלע ציין און אַריבערטראָגן. אַזוי פלעגט די מאַמע פאַרמיידן איר קליינע שטיפערקע, זאָל, בשעת־מעשה, ניט דראַפּען און מזיקן... אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך! ווי זיס און רחמנותדיק דער מאַמעס ציין זיינען געווען און ווי אַכזריותדיק און רוי די פרעמדע פינגער זיינען!... אין האַלדז האָט גענומען שטיקן פון אַזאַ פאַרציען די פעל אויפן נאַקן. די אויגן זיינען געקראָכן פון קאָפּ... פונ־דעסטוועגן האָט זיך ריקעלע געשליידערט מיט אַלע פיר לאַפּקעס מיטן עק און בייכל. און ס'איז איר געלונגען אַרויסצוציען אַ טייל פון נאַקן, אויס־קערעווען דעם פּיסק אויף אַ זייט. ערשט דאָ האָט זי דערזען, אַז יאָוו־דאָכעס פּנים איז מוראדיק צעקרימט און ברענט ביים רויטן אָפּשיין פון אויוועלע. מיט איין ציטערדיקער האַנט הויבט זי דעם אָנגעשאַרפטן מעסער, צילעוועט אים און ווייסט ניט וואו אַריינזעצן אין איר קרבן; אין דעם אָנגעצויגענעם האָריקן נאַקן, צי אין בייכל... אַ גיפטיקע סליונע טריפט איר דערביי איבער דער צעקנייטשטער גאָמבע. זי איז בייז וואָס די קאַץ לאָזט זיך ניט; און קאַליע מאַכן די פעל — וויל זי אויך ניט. וואָרטשעט זי דערפאַר, די מכשפה, מיט איר ציינלאָזן מויל: „אַך טי, סטיערוואַ, טרעקליאַטאַיאַ!...“ *)

מיט איין ניכטער־געוואָרענעם קוק האָט ריקעלע דערכאַפּט וואו זי איז דאָ אין דער וועלט, און אַ ווילדע אימה האָט זי דורכגענומען: „ראַ־טעווען זיך! ראַטעווען דאָס לעבן! מאַג דאָס קאָסטן וואָס עס וויל...“ און גיך־גיך ווי אַ מילעכל גענומען שלאָגן און דראַפּען מיט די הינטערשטע לאַפּ־קעס: דעם ערדענעם פאַל, דעם אַדערדיקן אָרעם, וואָס דריקט זי אַראָפּ, דעם שמאַטעדיקן אַרבל ביי דער מכשפה.

דאָס האָט געענדערט דעם ציל פון אויפגעהויבענעם מעסער און, אַנ־שטאָט אין האַלדז אָדער אין בייכל, האָט ער אַריינגעטראָפן אין דער אָנ־געצויגענער פעל פון איר ליטקע.

אַ שניידיקן ווייטיק האָט ריקעלע דערשפּירט. נאָר דאָס האָט פאַר־

*) אַך, דו, מכשפה פאַרשאָלטענע!

טאָפּלט אירע כוחות, איר פאַרצווייפלונג... האָט זי נאָך שטאַרקער אַ ריס געטאָן דעם קאָפּ. דער אַריינגעכאַפּטער קאָלנערל האָט זיך צום צווייטן מאָל אַ גליטש געטאָן אויף אַ זייט, און אַלע נאָדל־ציינער האָבן זיך אַריינגעביסן דער אַלטער אין געלענק פון האַנט, האַרט ביי דער דלאָניע. יאַוודאָכע האָט אַ געשריי געטאָן און אירע איינגעקלעמטע פינגער האָבן זיך אָפּגעלאָזן.

טריפנדיק מיט בלוט האָט זיך ריקעלע אַ וואָרף געגעבן אָן אַ זייט, אָפּגעשפּייט זיך און אָפּגעשיפּעט, ווי פון סם־המות. איר נאַטור־געפיל האָט איר אָנגעוויזן דעם שוואַכסטן פּונקט אין דער כאַלופּע... דאָס הייסט: די אונטערשטע שייבעלעך פון פענצטערל, וועלכע זיינען פאַר־שטאָפּט מיט ווייכע שמאַטעס, און זי האָט זיך פייל־פון־בויגן אַ וואָרף געגעבן צו זיי.

דאָס שלאָפן חדשים־לאַנג אין אַ הייל פון היי, אויף אַ בוידעם, האָט זי גוט אויסגעלערנט צו גראַבלען און אַרויסגראַבלען ווען עס איז נויטיק; מאַכן זיך אין איין מינוט אַ נייע נאָרע, ווען די אַלטע ווערט צעשטערט, ביים וואַרפן היי צו די קי אין שטאַל. דאָס איז איר, אַצינדער שטאַרק צוניץ־געקומען... גיך־גיך, ווי אַ באַנומענע, האָט זי גענומען אַרבעטן מיט ביידע פאָדערשטע לאַפּקעס. ווען זי וואָלט אין אַ פעסל פאַרעפּושטן ראָסל אַריינגעפאַלן, וואָלט זי פלינקער ניט געאַרבעט...

אין אַ האַלבער מינוט אַרום האָט זיך אַ ווייסע פאַרע אַריינגעריסן, פון קאַלטן דרויסן אין דער רויכיקער כאַטקע. און פאַרשלייערט אין ווייסן דאַמף, ווי מיט אַ וואָלקן אַרומגערינגלט, האָט זיך ריקעלע אַ ריס געגעבן און ניטאָ. אַריינגעפאַלן אין דער גרויסער נאַכט אַריין, ווי אין אַ תהום. אַ שוואַרצער, אַ קאַלטער תהום — אָבער אַ פרייער...

די אַלטע מכשפה האָט אַפילו ניט באַוויזן אויפצוהויבן דעם אָראָפּ־געפאַלענעם מעסער. פון נאָכלויפן אַזאַ שוואַרצן טייוול, ווי איר געפאַנגע־נע האָט זיך אַרויסגעוויזן — שוין אָפּגערעדט.

— אַך־כאַ, טאַטעלעך! — האָט זי נאָר פאַרצווייפלט נאָכגעקרעכצט און נאָכגעשאָלטן דער אַנטרונענער, — דו, דו סטיערוואַ! כאָלערע פיר־פּיסיקע! אַך־כאַ, דער „האַרמאַטיזם“ מיינער! גאָזשקי מאַאי באַלניע־באַ־ליעזניאַ!... מיינע קראַנקע פיסעלעך, הייסט דאָס.

דער פאַרדראָס פון פאַרלירן אַזאַ טייערע רפואה צו אירע ווייטיקן, ווי ריקעלעס שוואַרצע פעלכל, איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אויפן ביס פון דער אַנטלאָפענער, און ערשט שפּעטער אַ ווײַלע גענומען פינטלען מיט אירע בלינדעוואַטע אויגן אויפן געלענק פון איר מיאוסער הענטעלע. האַרט ביי דער דלאָניע איז די האַרטע שקורע געווען אין גאַנצן צעשונדן און פאַרגאָסן מיט שוואַרצע בלוט. געכאַפּט

זיך וואָס דאָס באַטייט — האָט יאַוודאָכע איבערגעביטן דעם מזמור, פאַרגעסן אויף אירע קראַנקע פיסעלעך און גענומען באַווייַנען איר נייעם ווייטיק:

— רוטשקי מאַאי באָלניע־באָלעזניאָ!... מיינע קראַנקינקע הענטע־לעך הייסט דאָס.

2

גערעטעוועט זיך פון יאַוודאָכעס מעסער און באַהאַלטן זיך אויף איר געטרייען היי־בוידעמל, האָט זיך ריקעלע לאַנג געלעקט די פאַרוואונ־דעטע ליטקע, ביז דאָס בלוט איז שטיין געבליבן. ניט לייכט איז איר דאָס אָנגעקומען. צוליב אַזאַ מאַסאַזש האָט זי געמוזט פאַרוואַרפן דאָס הינטער־שטע פיסל איבערן קאָפּ און צוזאַמענדרייען זיך ווי אַ בייגל. נאָר צוליב אַ רפואה טוט מען נאָך שווערערע זאַכן. האָט זי זיך אַזוי לאַנג געגלעט די וואונד, מיט שפּייעכץ פאַרגאָסן, געהיילט און געוואונדערט זיך, וואָס אויף דעם איין שלימזלדיקן אָרט גיסן זיך שטענדיק אויס אַלע מיני פורעניות. האַפּיאַ, וועלכע האָט זי צוערשט געוואָלט ממיתן, האָט איר אין דער זעלבער ליטקע, אַ ביסעלע העכער, אַריינגעטראָפן מיט דער קאָטשערע. משה־לייב — מיטן שטיוול; אַציקד יאַוודאָכע מיטן צעראַצטן מעסער.

דאָס בלוט איז שטיין געבליבן. ריקעלע האָט אָבער באַלד באַמערקט, אַז עס איז נאָר אויבנאויפלעך; און ווי נאָר זי מאַכט אַ צו שטאַרקע באַ־וועגונג — הויבט דאָס בלוט ווידער אָן צו טריפן. איז זי דערפאַר געבליבן ליגן אויפן בוידעם. קיין טראַט מער ניט געמאַכט. צוויי מעת־לעת נאָך אַנאַנד פאַרגראָבן זיך אין היי, אָן עסן און טרינקען, און געפּיבערט. מיט אַ געדולד, אויף וועלכער נאָר חיות זיינען פעאיק, אָפּגעוואַרט ביז די וואונד איז האַרט פאַרצויגן געוואָרן.

ערשט דעמאָלט האָט זי זיך גענומען אַרומזען. גיין, ווי אַ געזונטע קאַץ גייט, האָט זי פאַר שוואַכקייט ניט געקענט. זי איז געגאַנגען ווי אויף שטאָלצן. אַלע פיר קנאָכנס פון אירע פיסלעך האָבן זיך בולט דורכגע־שלאָגן דורך איר פעל. דער רוקן צווישן זיי איז איינגעפאַלן, ווי אַ טיפער זאָטל; און דאָס בייכל האָט זיך, אַזוי גוט ווי געשלעפּט אויף דער ערד. פונדעסטוועגן האָט איר אָפּגעגאָלטן צו כאַפּן אַ נאָך־שוואַכערע חיה, ווי זי אַליין. אַ קראַנקע מייזל איז דאָס געווען, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנ־קעט אויפן בוידעם, זוכנדיק דעם ריח פון מילך, וואָס זעצט אַרויף פון שטאַל... אַ בלאַסן דורכזיכטיקן עק, ווי אַ בולבע־וואָרצל, האָט דאָס מייזל געהאַט. געקראָכן און אַלע ווילע צוגעזעצט זיך פאַר שוואַכקייט. דער לאַנגער ווינטער האָט איר, ווייזט אויס, אויסגעזויגן דאָס ביסל חיות

פון די ביינדלעך... דערזען אָקעגן זיך אַ חיה, הונדערט מאָל גרעסער ווי זי, מיט אַ פּאָר פיבערדיקע, גרין־לויכטנדיקע אויגן, האָט זי אַפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן. נאָר פאַרמאַכט די בלאַסע אויגן־פּאַרטיכלעך — אַ טויט־מידע פון בידנעם לעבן, און געלאָזן זיך איינשלינגען ניט־טויט ניט־לעבעדיק.

אָטכאַיעט זיך מיט אַזאַ ביסן, האָט זיך ריקעלע ווידער אַמאָל פאַר־גראָבן אין איר היי־נאָרע. געוואָרט ביז עס וועט איר בעסער ווערן. וואָרעם די האַלב־פאַרהיילטע פעל, אויף איר צעשניטענער ליטקע, איז מאָדנע ענג־געוואָרן. געצויגן די אָדערן ביי יעדער באַוועגונג. ווי אַ געפּענטעטע האָט זי געשטעלט די פיס. אַלע עטלעכע שעה — אַ ביסעלע מער אָנ־געשטערענגט זיך, אַ גיכערע באַוועגונג געמאַכט. ביז די פאַרדאַרטע פעל האָט זיך ביסלעכווייז צעצויגן. די ווייטיקדיקע פּענטעס האָבן זי אָפּגע־לאָזן. און זי איז, צום ערשטן מאָל, נאָך דער שרעקלעכער נאַכט, ווידער אַראָפּ, איבערן בוידעם־לייטערל, צו דער געפרוירענער אונטערבאַרגער ערד.

אין איר געצוואונגענער איינזאַמקייט האָט זי געהאַט אַ סך פריי־צייט נאָכצוטראַכטן און באַטראַכטן אַלע מענטשישע שטיקלעך, מענטשישע פאַלשקייט, מענטשישע אומברחמנותדיקייט. און אירע פאַרדאַכטן צו פרעמ־דע טובות זיינען שאַרפער און פינצטערער געוואָרן. ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז אַזאַ הינקעדיקע בעל־רחמימטע, אַזאַ טראַנטשיכע, וואָס גיסט מיט זיסע ריידעלעך, זאָל פאַר אַ שטיקל לונגען, פאַר אַ ביסל הייסן קרופּ־ניק, וועלן, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי שניידן אַ פעל פון אַ לעבע־דיקן לייב? דאָס איז דאָך נאָך ערגער און זלידנער ווי דעם יידנס קו־פערנע כלי, מיט קאָכיקע וואַסער, מיט וועלכער ער האָט אַזוי אומברחמנות־דיק אָפּגעבריט דעם הונגעריקן קאַראַצקען...

אָצינד נאָך איר פרייוויליקער געפּענקעניש אויפן בוידעם, ווען זי האָט זיך ווידער אַוועקגעלאָזן זוכן חיונה אויף די קהלשע מיסטן, האָט ריקעלע עקשנותדיק אויסגעמידן צו באַגעגענען זיך מיט עמיצן פון די צוויי־פיסיקע. מעג דאָס זיין אַ קינד, אַן אַלטיטשקע, אַ באַבערדלטער מאַנסביל. אַלע זיינען זיי די זעלבע!... פלעגט זי דערפאַר אַרויסגיין זוכן פרנסה, ווען אַלע מיסט־עמערס זיינען שוין געווען אויסגעשאָטן אונטער די ווערבעס, ביים געפרוירענעם וואַסער. און אַפילו דעמאָלט, גייענדיק אַהין, האָט זי זיך געגנבעט מיט הינטער־שטעגעלעך, מיט שניי־פאַרווייטע אומוועגן, אַבי קיינער זאָל איר שוואַרצע פעל ניט באַמערקן אויפן ווייסן פלאַך פון ווינטער. און ווי נאָר זי האָט באַמערקט, אַז אַ צוויי־פיסיקער קומט אָן, איז גלייך אַ שפּרונג אַוועק, שיפּענדיק און שפּייענדיק און בערשטלענדיק דעם רוקן, און באַהאַלטן זיך. עס מאַכט ניט אויס וואו.

הורבעס שניי און מיסט האָבן זי מער ניט אָפּגעשראָקן. זי האָט ניט געזשאַלעוועט די סאַמעטענע לאַפּקעס אירע, דעם טייערן פעלצל ניט געשאַנעוועט; אַבי ניט צוזאַמענטרעפן זיך מיט די צוויי־פיסיקע פאַר־פאַלגער.

זי איז אַזוי אין גאַנצן פאַרווילדעוועט געוואָרן. אָפּגעריסן זיך פון מענטשן. אַפילו מיט די אונטערבאַרגער זאַטע קעץ ניט געחברט זיך. דעם ריח פון זייערע אויסגעוואַרעמטע פוטערלעך — ניט געקענט הערן. וואָרעם אויך דאָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מענטש, מיט היימישקייט, מיט קיך און מיט פאַרפרעסענער קנעכטשאַפט. זי האָט פיינט געקראָגן זייער פוצן און כאַליען זיך, זייער באַרשטן דעם כאָכעלטשיק מיט צו־געטעמפּטע נעגעלעך, זייער נאַרישע קאָקעטעווען, זייער היטן דאָס גע־זונטעלע און זויבערקייט: אַ שטרויעלע זאָל זיך חס־ושלום ניט צוקלעפּן צו זייער פולן בייכל, אַ פּיצעלע שניי זאָל, גאָט באַהיט, ניט צעגיין אונטער זייערע טרוקענע לאַפּקעס. דאָס איז געווען די זעלבע שנאה פון אַ פאַרוואָגלטער און דורכגעטריבענער יתומה צו די שטאָטישע אויסגע־פוצטע ווייבעלעך, וואָס טוען גאַרנישט און זוכן גאַרנישט, און רק זיי רכילותן און קליידן־זיך און וואַרטן אויף וואַרימעס און וועטשערע, וואָס אַנדערע קאָכן פאַר זיי...

ביים באַגעגענען זיך מיט אַזאַ קאַץ, צי מיט אַזאַ קאָטער, פלעגט ריקעלע אַצינד אויפעפענען אַ פּיסק מיט שאַרפע ציין און אויסדריקן איר פאַראַכטונג. „קסי־קסיו" פלעגט זי שיפּען און אָנשפּיזלען די וואָנסעס. אַ קעצישן שפּיי געגעבן און אַנטלאָפן צו איר נאָרע, אין היי, אויפן שטאָל־בוידעמל. דאָרטן, אין איר האַרטער איינזאַמקייט, איז זי אַלע מאָל געקומען צו זיך, און איר פאַרקאָכט הערצל איז רואיקער געוואָרן.

איר ווילדקייט איז געוואָרן איר וואָפן. איר בייזקייט האָט זי באַשיצט, ווי די שאַרפע האָר־נאָדלען באַשיצן אַ שטעך־חזירל; ווי דער שלעכטער ריח באַשיצט אַ טכויר... אַלע קינדער פון „אונטערבאַרג" האָבן פאַר איר מורא געקראָגן, געפנומען אַנטלויפן פון איר שלאַנגישן ניסן און שפּייען זיך, מאַמעס האָבן געוואָרנט זייערע שטיפערס, זיי זאָלן זיך פון דער שוואַרצער קאַץ האַלטן אָן אַ זייט. וואָרעם זי האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון מענטשן, אפשר משוגע געוואָרן...

ריקעלעס איינזאַמער לעבן האָט זיך אַזוי געצויגן פון טבת, זינט די באַלעבאַטים אירע, שיינע־שרה און משה־לייב, האָבן זי אַוועקגעוואָרפן, ביז העט־העט אָנהויב ניסן. נייע ווינטן האָבן אַ בלאָז געגעבן. דאָס וואָס איז געווען העל־ווייס איז גרוי געוואָרן, וואָס גרוי — שוואַרץ, און וואָס טרוקן — נאַס. דער וועג צו די מיסטן, אויפן ברעג אָזערע, איז

געוואָרן מוראַדיק קויטיק, אַז ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן פאַר קעצישע לאַפּקעס!... וואו אַ באַרג־אַראָפּ האָבן זיך באַוויזן גרינע פּלעקן. ניט־יונגינקער מאָך, ניט־פרישע גרעזעלעך. עס האָט אַ צי־געגעבן מיט ערד־ריחות, און דער ריח פון די קי־אייטער, וואָס זעצט אַרויף פון שטאָל צום היי־בוידעמל, איז אַ סך שטאַרקער געוואָרן. די קי אַליין זיינען עפּעס געוואָרן אומרואיק, גערעוועט, ניט מיר ניט דיר, אַפילו ווען זיי האָבן שוין אויסגעזליאָקעט זייער פּאַילע און אָנגעגאָסן די גרויסע בייכער מיט זעט. געבענקט, אַפּנים, נאָך העכערע זאַכן, געבענקט נאָך פעלד און ווינט, נאָך טויאיקע פּאַראַנקעס *) און נאָך די ניגונים פון דעם פּאַסטוכס טרובע...

ריקעלעס קעצישע האַרץ האָט עפּעס אויך גענומען נאָגן. איר שלאָף איז געוואָרן שיטערער. אויסטערלישע חלומות האָבן זיך איר אַצינד געחלומט: אַז זי האָלוביעט די אונטערבאַרגער אָפּגעפּרעסענע קעץ, און זיי, די יחסנטעס, האָלוביען זי. דאָס פּאַראַיאַריקע היי פון איר געלעגער איז עפּעס שטעכיק געוואָרן, און זיין לעקעכדיקער ריח — פּריקרע. און ריקעלע האָט אומקלאָר דערפילט, אַז אין איר לעבן מוז עפּעס געשען, עפּעס מוז זיך אומבייטן. אַזוי קען דאָס ווייטער ניט גיין. עפּעס וועט אָנ־קומען איבערן שינדל־דאַך פון בוידעם און וועט זי אַרויסשלעפּן פון איר פאַרביסענער איינזאַמקייט...

זיס געצויגענע טענער האָבן זי גערופן אין האַלבן דרימל. ניט שיינע־שרהס אַמאָליקער קול, ווען זי פלעגט איר געבן צו עסן, ניט קעצישע ברידערלעכע קולות. עפּעס ביידע מינים אויסגעמישטע צו־זאַמען: „קיץ, קיץ, קאַטינקע! מיאַו שוועסטערל, מיאַ־או!...“ און גיט זי זיך אַ ריס אויף — געפינט זי קיינעם ניט. דער היי־בוידעמל שווייגט גע־היימניספול אין דער גרויסער נאַכט. די קי זשוואַקען אונטן אין דעם פאַרעדיקן חושך...

## דרייסיקסטער קאַפּיטל

# קעצישע ליבע

1

אומגעריכטערהייט איז פון ריקעלעס טרוים געוואָרן אַווירקלעכקייט, פון די בענקענדיקע ווייטע רופן אין דער פאַרשטעלונג — קולות... אין

*) פּאַשע גאַנץ פרי, פאַר זון־אויפגאַנג.

איר הײ־נאָרע האָבן זי אײן מאָל, שפּעט בײנאַכט, אױפגעװעקט װײ־געשרײען פון עטלעכע קעץ. און איבערן קאָפּ, אױפן שינדל־דאַך, אַ גערודער. נעגל האָבן געדראַפּעט, לאַפּקעס האָבן אַרומעגטאַנצט. מען האָט געיאָמערט לאַכנדיק און געלאַכט מיט געצױגענע קלאָג־טענער: „װײ, װײ איז מיר! מײנסט איך װײן? איך לאַך דאָך!... מײנסט איך לאַך? איך קלאָג גאָר!... אַי, אַי, מאַמעלעך! װײ צו אונדזערע קעצישע יאָרעלעך. כאַ־כאַ!...“ נאַכט־טײװאָלים װאָלטן קײן שענערן קאָנצערט ניט געקענט צוקלערן...

ריקעלע האָט אָנגעשפּיצט בײדע קורצע אױערלעך, דער גענעץ פון אױפכאַפּן זיך איז איר געבליבן שטײן אין האַלדז. װי אַן אָפּקלאַנג פון אַן אַנדער װעלט האָט דאָס צו איר דערגרײכט. אַ פאַרגעסענע װעלט און פאָרט אַזאַ באַקאַנטע. װאו האָט זי דאָס געהערט אַזעלכע קולות? איצטער דערמאָנט זי זיך: בשעת אײנדרימלען האָט זי זײ שױן אַ פּאָר מאָל געהערט. אָבער װײט ניט אַזױ קלאָר; פאַרשװאומען. ניט ממשותדיק...

אָנשטאָט בײז צו װערן, װאָס מען האָט זי אַזױ אומפאַרשעמט אױפגעװעקט פון טיפן שלומער, און נאָך װאַרעמער פאַרגראָבן זיך אין הײ, איז ריקעלע אַרױסגעקראָכן פון איר נאָרע, געצױגן זיך אױף די הינטערשטע לאַפּקעס, געלאַסן אַװעקגעזעצט זיך, אַ האַלבן גופעלע אַרומגענומען מיטן אײגענעם פּוכיקן עק און געהאָרכט. די קעצישע מוזיק איז אַצינד געװען אַ געמיש פון קינדערשע תחנונים, װעלכע גײען איבער אין טענער פון פײנלעכער בענקשאַפט. אָט־אָ גײט עמיצן די נשמה אױס אױפן דאַך...

ריקעלעס אומרואיקײט איז געװאַקסן. זי האָט מער ניט געקענט אײנזיצן אױף אײן אָרט, אױפגעשטעלט זיך אױף אַלע פיר לאַפּקעס, דער גאַנצער קערפּער געשפּאַנט, װי צום שפּרונג, און געדרײט מיטן לאַנגן עק. צװײ באַזונדערע טענער האָט זי אַצינד דערכאַפּט אין דער קעצישער קאַקאָפאָניע: אַ קול פון אַן „ער“, װעלכער בעט זיך, דערנידעריקט זיך, חנפעט און זאָגט צו ס׳טעלערל פון הימל, אַבי מ׳זאָל צו אים גוט זײן. װאָס איז שײך? אַ האַלבע מלוכה אױפן דאַך איז ער גרײט אָפּצוגעבן. און אַ קאַפּריזנער קול פון אַ „זי“ — װאָס אָט זאָגט־זי־צו און אָט האָט זי חרטה; אָט מרוקעט זי פאַרליבטערהײט און אָט קװיטשעט זי מען זאָל זי ראַטעװען. אָט װײנט זי, אַז זי איז אַן עלנטע יתומה, און אָט שפּײט זי זיך און סטראַשעט די אױגן אױסצוקראַצן... און מען קען קײן טאָלק ניט דערגײן װאָס זי װיל. זי אַנטלױפט, כלומרשט, פון דאַך אַראָפּ און שרײט, אַז זי װיל קײן גראָבע רײד ניט הערן. און בלײבט פונ־

דעסטוועגן שטיין, טשאַטעוועט צי זי האָט דעם „גראָבן יונג" צופיל ניט אָפּגעשראָקן און דראַפּעט זיך אויף צוריק...

דער דאָזיקער דועט האָט אָבער אַזוי אַריינגעטראָפן אין ריקעלעס ווייבערישער זעל, אַזוי צערודערט איר אומשולדיקן געמיט, אַז זי אַליין האָט געגומען מיאַוקען און ציען די זעלבע טענער. אַליין ניט באַגרייפנדיק וואָס זי טוט האָט זי אויסגעזוכט דעם גרעסטן שפּאַלט אין שינדל־דאַך און, פאַררייסנדיק צו אים דעם קאָפּ, צוגעשטאַנען, ווי אַ נייער לעבעדיקער אינסטרומענט, צום ווילדן אָרקעסטער.

באַלד האָט, פונעם זעלבן שפּאַלט, אַ בליץ־געטאָן אַן אויגל, און אַ בעטנדיקער קול פון אַן „ער" האָט זי אַ רוף געגעבן: „מיאַו, שוועס־טערל! וואָס זיצסטו דאָרטן איינינקע אַליין? מיר וואָרטן דאָך אויף דיר... ק־ו־ם! אָהע־ער קום!

פון אַזאַ ליידנשאַפטלעכן אָפּרוף, וואָס איז צו איר ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, האָט זיך ריקעלע ניט אויף קאַטאָוועס דערשראָקן, אַ שפּרונג געגעבן און באַהאַלטן זיך אין איר טיפער נאָרע.

אָבער די שמעקעדיקע אָוונטן האָבן זיך געטאָן דאָס זייערע. די ווייסנע אומרואיקייט איז געוואַקסן אין די אָזערע־ברעגעס און אין נאָענטן פּראַנצאָווקער וואַלד. פישלעך זיינען געשפּרונגען האַרט ביי די אָפּגעלעבטע טראָסטינעס, די ערשטע קוקאָוועס האָבן געלאָזן הערן זייערע פיאַל־קולכער, און אַ יערונג איז אַוועק אין די קעצישע בלוטן, ביי גרויס און קליין. פונעם עלטסטן אונטערבאַרגער קאָטער, מיט איין אויג און מיט אַן אָפּגעריסענעם עק, ביז צום יינגסטן שנעק — אַסנע דער אַלמנהס צען־חדשימדיקן קאָטערל, וואָס וואוינט הינטער דער גרוי־סער מיל. דעם לעכערדיקן, אָפּגעלעגענעם און מיט גרינעם מאָך פאַר־וואַקסענעם דאַך פון שטאַל, איבער ריקעלעס אַכסניא, האָבן, דאַכט זיך, אַלע היגע קעץ אויסגעזוכט, אַלס דעם בעסטן און זיכערסטן אָרט פאַר חתן־כלה באַגעגענישן, קוויטש־קאָנצערטן און כאַפּינקעס... פון שלאָפן רואיק, ביז פאַרטאָג, האָט מער קיין רייד ניט געקענט זיין. מיט די ערשטע פאַרנאַכטיקע פייערלעך אונטערבאַרג האָט זיך דאָס אָנגעהויבן און מיט די לעצטע פאַרטאָגיקע שטערן אין הימל האָט דאָס אויפגעהערט.

און אַ מאָדנע זאַך אַ ביסל! ריקעלע, וועלכע האָט זיך חדשים־לאַנג געוואוינט צו זיין איינע אַליין און האָט ליב געהאַט די נאַכטיקע שטיל־קייט, איז פונעם קעצישן האַרמידער אַ האָר ניט גערייצט געוועזן. פאַר־קערט, פון נאַכט צו נאַכט זיינען איר די שדים־קאָנצערטן געוואָרן זיסער, דאָס ווילדע כאָכאַטשעניש און לויפעניש — ליבער. אַ נאַגנדיקע בענק־שאַפט האָט ביי איר אַרויסגערופן דאָס ליבע־געיאָמער, אַ סך אַ שטאַר־קערע — ווי דער ריח פון וואַלעריאַנע־טראָפּנס, וואָס שיינע־שרה האָט

אַמאָל אומגערן פֿאַרגאַסן. דעמאָלט האָט זי זיך, אַנציקטערהייט, גע־קייקלט אויף דער פּאָדלאָגע. אַצינד, צוהערנדיק זיך צו די קולות אויפֿן דאַך, האָט זי דאָס זעלבע געטאָן אין היי, נאָר מיט אַ סך מער באַגייסטע־רונג... געקייקלט זיך, אויפֿגעשפּרונגען און געכאַפּט נאָכיאָגן דעם איי־גענעם עק, געדרייט זיך אין קרייז, כדי אים אַ ביס צו טאָן. און אַליין ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איר...

איר פֿאַרטאַיעטע לעכצן נאָך דעם אַמאָליקן באַקוועמען לעבן, נאָך שיינע־שרהס גוטסקייט און נאָך אַ וואַרעמען ווינקל איז אין גאַנצן פֿאַר־שוואונדן געוואָרן. אַ גאַנץ אַנדער געפֿיל האָט אויסגעפֿילט די איבערגע־בליבענע פּוסטקייט. אַ קיצלדיקער הונגער איז דאָס געווען, וועלכער האָט טאָג און נאַכט באַאומרואיקט. אַ מאָדנער הונגער — וועלכער גייט פֿון קאָפּ, דורך דעם בויגיקן רוקן, און שלאָגט אָן אין שפּיץ עק מיט אַ ליידנשאַפֿטלעכן ציטער. און ער לאָזט זיך ניט שטילן, דער הונגער, מיט די פֿעטסטע שטיקער אָפּפֿאַל ביים ברעג אָזערע, מיט פֿיש־קעפּ, מיט געכאַפּטע מיאַוסקייטן אויפֿן היי־בוידעם...

און וואָס אַ נאַכט ווייטער, אַלץ געצויגענער און פֿאַרבענקטער האָט זי אָפּגעענטפֿערט אויפֿן קעצישן געוויין איבער איר קאָפּ. אַזוי לאַנג — ביז זי האָט זיך, איינמאָל, אָנגענומען מיט מוט, אַרויס דורך די קראָקווע־לעכער אויפֿן ברעג דאַך און געכאַפּט אַ קוק.

דאָס וואָס זי האָט דאָרטן דערזען האָט זי אין גאַנצן צעטומלט. ביי אַ זעקס־זיבן קעץ זיינען אין בלוילעכן לבנה־שיין געזעסן אויפֿן משופּע־דיקן דאַך, איינע אַקעגן דער אַנדערער, געפֿייערט מיט די אויגן, געבליאָס־קעט מיט די באַזילבערטע פֿעלצלעך, געמאַכט מיט די עקן און געצויגן טענער. דער אַלטער געלער קאָטער, מיטן אָפּגעביסענעם עק און אויס־געקראַצטן אויג, איז דאָ געווען און דער אלמנהס אַכט־חדשימדיקער שנעק — אויך.ביידע זיינען זיי דאָ געווען די גרעסטע קלאָגער און בעטער. פֿון דער הויט געקראָכן, געשאָקלט מיט די עקן און גענויגט מיט די פֿאַרליבטע קעפּ. איז ווילסטו ניט? האָבן די מאַנסבילן געיאָמערט צו זייערע קראַסאַוויצעס, ניין? ווײַ, ווײַ!... טאָקע ניט? זעט, זעט ווי מיר גייען אויס נאָך אייך...

— מיר ווילן ניט... ניי־ייך! — האָבן די יענטעוואַטע קעציכעס גע־ענטפֿערט מפֿונקדיק און געצויגן; שוין ניט איין מאָל — הונדערט מאָל גע־זאָגט אייך ניי־ן... ווײַ צו אייערע קעפּ!...

פּריצטעס זיינען זיי מיטאַמאָל געוואָרן אַלע אונטערבאַרגער קעצי־כעס מיט די אָפּגעהאַנגענע בייכער. באַזונדער הנאה־געהאַט צו ציען דעם מיאַאוקענדיקן אָפּזאָג און די אָדערן ביי זייערע פֿאַרליבטע קאַוואַליערן.

— וועלן מיר אייך דאָס לעבן נעמען! — האָבן די פֿאַרליבטע קאָ־

טערס געסטראַשעט, — ווײ, ווײ! בלוט וועט זיך דאָ היינט גיסן אויפן דאַך...

— און מיר וואָס? — האָבן חוזק געמאַכט די געליבטע, — שוין געזען אַזעלכע כוואַטן! מיע־או! קוקט אַקאָרשט אָן דעם געלן נואף, כע־כע...

— פּאַסקודע איינע! — ווערט בייז דער אַלטער קאַוואַליער מיטן אָפּגעריסענעם עק אויף זיין יפת־תואר. — זינט ווען ביסטו דאָס געוואָרן אַזאַ „ריר־מיך־ניט־אָן"?... פּססאַ, פּססאַ!...

— זינט מען האָט דיר אָן אויג אַרויסגענומען, אַלטער טשאָרט! — איז געווען דער ענטפער. — וואָלטסטו בעסער געבליבן ליגן ביי דיין באַלעבאָסטע אויפן אויוון...

— זע, זע, טייערינקע! — האָט זיך דער גאָר יונגער קאָטערל גענומען בעטן, — אָבער איך? ווײ, ווײ! קוק מיך כאָטש אָן...

— דו אויך? וועוויריק איינער, — האָט אים געמוסרט די אָנגעבעטענע קעציכע — דיין מאַמע וואָלט איך דאָך געקענט זיין...

— דיין באָבע! — האָט שפּייענדיק פאַרריכט דער אַלטער קאָטער, — דיין באָבע, האָט זי געוואָלט זאָגן...

— אַלטער הולטאַי!

— פליכעוואַטע יענטע! אַ פאַרוק האָסטו שוין געמאַגט אָנטאָן. גיי, גיי! צו יאַשקע דעם פאַבריקמאַכער גיי!...

און באַלד, נאָך אַזאַ היימישן צעווערטלען זיך, האָט אויסגעבראָכן דער אמתער קעצישער סקאַנדאַל. ווי אַ פונק אין אַ בוידעם מיט היי איז אַריינגעפאַלן דאָס לעצטע חוזק־וואָרט. ליידנשאַפטן און פאַרקאַכטע הערצער האָבן אויפגעפלאַמט. דער אַלטער דראַניצע־דאַך האָט אויפגעציטערט. עס איז איבער אים אַוועק איין ווירבל פון קוויטשעניש און שפּרינגעניש, אַכצעניש און שליידערניש, קושעניש און בייסעניש, געוויינען פון געשטיקטע קינדער און ניכפּהס פון באַפאַלענע ווייבער. ניט קיין דרך־ארץ פאַר אַלטע, ניט קיין רחמנות אויף יונגע. מיט איין וואָרט — סדום.

ריקעלע האָט שוין געווען געכאַפּט די לאַפּקעס אויף די פּלייצעס און געוואָלט אַנטלויפן. אָבער באַלד האָט זי חרטה־געקראַגן, פאַרשעמט זיך פאַר איר אייגענער שוואַכקייט: וואָס עפּעס אַנטלויפן גאָר? מיט איין זעץ פון איר נעגלדיקער פאָדער־פּיסל מאַכט זי פאַר אַ קדוש יעטוועדערן פון אָט די אויסגעפּאַשעטע שטשאָגילס מיט זיין היסטערישער נפקא צוזאַמען... אַדרבא, זאָל זיך נאָר דערוועגן צוטרעטן צו איר איינער פון אָט די וואַזשנע בחורעצן, וועט זי אים גלייך ווייזן וואו דער עק וואַקסט ביי אים...

באַשלאָסן, אויסגעצויגן זיך, ווי אַ קליינע שוואַרצע פּאַנטערע אויפן

שפּיץ דאַך, געבייטשט מיטן עק און, אַפּלאַכעריש, געהישעט און גע־שפּיט. אַרויסגערופן עמיצן פון די העלדן־אין־פּעלץ אויף אַ געשלעג. און אַ מאָדנע הנאה האָט זי געפּילט פון אַט די אַלע הפנות צו פּאַטשן זיך, דראַפּען, מזיקן. אויב שוין ניט שלאָפן היינטיקע נאַכט, טאָ זאָל זיין חי־געלעבט! פון אירטוועגן — כאָטש ביז מאָרגן פאַרטאָג...

2

לאַנג וואַרטן איז איר ניט אויסגעקומען. דערזען די אומבאַקאַנטע, שוואַרץ־חנוודיקע שטיפערקע אויפן שפּיץ דאַך, איז אויף איר נייגעריק געוואָרן אַ יונגער שיינער קאָטער, מיט אַ בלוי־גרויען געטיגערטן פּעלץ. אין מיטן פראַוועון חנדלעך מיט אַ באַיאַרנטער ווייסער קעציכע, איז ער נייגעריק געוואָרן און אָנגעשטעלט אויף ריקעלען אַ פּאָר לאַכנדיקע גרינע אויגן.

אַ זיסער פרעסטל איז איר דורכגעלאָפן אין רוקן פון דעם דאָזיקן קוק. ביז אַהער האָט זי דעם גרויען פראַנט געקענט נאָר פון דערווייטנס; אַלע מאָל אויסגעמידן אים, אַזוי ווי די אַלע אַנדערע פיר־פיסיקע און צוויי־פיסיקע אונטערבאַרגער באַשעפענישן. אַציגד איז ער איר דערשי־נען גרעסער, שענער, אינטערעסאַנטער... פונדעסטוועגן האָט זי גרינג־שאַציק אַ גענעץ געטאָן און אַראָפּגעלאָזן די מאָרדעלע צווישן די פאָדער־שטע לאַפּקעס. אויף קעציש האָט דאָס געזאָלט הייסן: „קוק וויפל דו ווילסט! מעגסט אויסגיין קוקנדיק, נישקשה"...

אָבער איר סאַמעט שוואַרצער פעלצל, וואָס איז באַזילבערט פון לבנה־שיין, איר פּאַרטאַיעטע געשפּאַנטקייט און איר גאַנצע ווייבערישע האַלטונג זיינען, הפנים, געווען מער איבערצייגנדיק ווי איר געמאַכטער גענעץ. וואָרעם דער יונגער קאַוואַלער האָט אין מיטן קאַקעטעווען פאַר־לאָזן זיין עלטערע ווייסע דאַמע, אַפילו ניט אַנטשולדיקט זיך פאַר איר, און, העפלעך־מיאַאוקענדיק, גענומען קריכן צו דער יונגער קראַסאַוויצע.

ריקעלע האָט ניט געוואַרט ביז דער יונגער ווייבערניק וועט קומען צו־נאָענט. זי האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, אָנגעשפּאַנט דעם רוקן ווי אַ בויגן, ווי אַ נעגלדיקע פייל אָנגעצילעוועט אַ באַוואָפנטע לאַפּקע, שאַרף און קורץ געוואָרנט דעם חצוף אויף ריין־קעציש:

— ששששאַדאַפּ! וואָרעם באַלד ביסטו אַ געדורסטער!

דער היציקער קאַוואַלער איז גלייך שטיין געבליבן, געקניט זיך אויף די פאָדערשטע לאַפּקעס, גענומען דרייען מיטן עק און קאַניזקען הויך־פּאָעטישע חניפות:

— אַז דו ביסט אַזוי שיין, דיינע אויגן לויכטן ווי שטערן, דיין סאַ־

מעטענער פעלץ איז איבערגעשאָטן מיט זילבערנע פונקען. דיין עק איז פאַרריסן ווי אַ פאָן פון ליבשאַפט. און דיין לאַפּקע צילעוועט גלייך אין האַרצן... אין מיין קראַנקן האַרצן...

— וואָס באַלעבעטשעסטו דאָרטן? — האָט אים ריקעלע, שיפּענדיק, איבערגעשלאָגן, — כ׳פאַרשטיי קיין וואָרט ניט. לאָז דאָס איבער פאַר דיינע אויסגעפּאַשעטע קעציכעס. איך האָב קיין היים ניט... וואָס ווילסטו?

— איך וויל... איך וואָלט נאָר געוואָלט באַקאַנט ווערן, — איז דער וואַזשנער קאַוואַלער אין גאַנצן קליין־געוואָרן.

— טאָ רייד אַזוי! באַקאַנט־ווערן איז באַקאַנט־ווערן. אָבער פּאַזשאַ־לעסטע — פון דערווייטן. נאָר פון דערווייטן.

אָפּגעשטעלט דעם מאַנסבילשן אימפּעט, האָט זיך ריקעלע צוריק אויסגעצויגן אויפן שפּיץ דאַך, לייכט געוויגט מיטן עק און אין האַרצן אַנגעקוואָלן, וואָס אַזאַ שיינער און אויסגעכאַליעטער קאַוואַלער האָט צו־ליב איר פאַרגעסן אַן אַנדער קעציכע — אַן אָסאָבע מיט פּעטע, קיילעכ־דיקע באַקעס; צוליב איר, וואָס איז אַזוי אויסגעמאָגערט, פאַרווילדעוועט און איינזאַם אויף דער וועלט...

דער קאַוואַלער האָט דאָס, אַפּנים, געשפּירט און ניט אָפּגעטראָטן... דער היציקער יונג, וואָס בייט אַזוי לייכט זיינע ליבשאַפטן, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי „מורילקע", דעם מילנערס יינגסטער קאָטער, פון אונטערבאַרג. קורצע, געשניצטע אויערן האָט ער געהאַט און וואונ־דערלעכע זילבערנע וואָנסעס. די פעל געפּאַסקעוועט אין גרוי און שוואַרץ, און דער עק פּוכקע — ווי ביי אַ פוקס. און אין גאַנצן איז דאָס געווען אַ צעלאָזענער לײדיקגייער; פאַרפּיעשטשעט, ווי אַ בן־יחיד, און בויגיק ווי אַ פרישע לאָזע. דערצו — אַ געניטער האַרץ־ברעכער... אַזאַ איינעם איז געווען שווער אָפּצונאַרן מיט ווייבערשער גלייכגילטיקייט און מיט צווײדײטיקע שטעך־ווערטלעך. ער האָט באַלד באַמערקט אַז די שיינע וואַגלערין, וואָס האָט קיין היים ניט און כראַבּרעט זיך אויפן שפּיץ דאַך, באַטראַכט אים צווישן די נעגל און באַוואונדערט זיין שיינקייט. האָט ער זיך געהאַלטן באַשיידן, העפלעך געמיאַאוקעט און אָנגעקוקט די ציגיינע־רין מיט בעטנדיקע אויגן. ער האָט געוואוסט ווי דאָס ווירקט. און ריקעלע האָט דאָס ווירקלעך לאַנג ניט געקענט אויסהאַלטן.

— איך קען דיך... — גיט זי פּלוצלונג אַ זאָג און באַלעקט זיך אַ קאַפּעלע פאַרלעגן, — ביסט דעם מילנערס.

ער האָט געוואָרט זי זאָל די ערשטע אָנהויבן ריידן און דערוואַרט זיך.

— אָך, זע נאָר, — מאַכט ער, — און איך קען דיך ניט, צום ערשטן מאָל זע איך דיך דאָ! קום!... קום אַ ביסעלע נענטער...

— ששששט! — גיט זי אויף אים שיפּענדיק אַ געשריי, — קענסט לאַנג וואַרטן.

— איז גוט, גוט, — מאַכט ער זיך תמעוואַטע, — וועל איך צוגיין צו דיר. טייערינקע, מען מאַג? מען מאַג?

— מאָרגן... — מאַכט זי שפּילעווודיק און רוקט זיך אָפּ, — ס'האָט צייט.

— מאָ־אָרגן? — ציט ער אויס אַן אַנטוישטער. — ווער האָט דאָס כוח צו בענקען ביז מאָרגן?

ער האָט האַסטיק אַ שפּרונג געטאָן צו איר, געוואָלט באַווייזן, ווי ער בענקט, גלייך אויף אַן אָרט. זי, אָבער, איז נאָך פלינקער געווען. מיט איין לויף־אַראָפּ איז זי שוין געשטאַנען ביים ברעג דאַך, אָנגעכאַפּט זיך מיט די נעגל און אַ רגעלע צוגעזעצט זיך, ווי איבער אַן אָפּגרונט. מז־רילקע, וועלכער איז געווען אַ סך שווערער, האָט זיך ניט דערוועגט נאָכצומאַכן אַזאַ קונץ. ריקעלע האָט אַ שיפּע־געטאָן און צעכיכיקעט זיך מיט הוילע סמכן:

— פּסס, פּסס! ביסט מיר אַ גרויסער גיבור! גיסט אַ נאָס און שפּרינגסט אַריבער...

אָפּגעלאַכט, אַ לאָז־געגעבן זיך צו די קראָקוועס, אונטער דער סטרע־כע, און אַריין צו זיך אין נאָרע. אויך דאָס האָט זי קונציק דורכגעפירט, ווי אַן אמתע קאָמעדיאַנשטשיצע.

פונדעסטוועגן, ווען דער צווייטער אָוונט איז געקומען, האָט זי זיך גענומען וואַשן, מאַכן גרויסן טואַלעט, ווי זי וואָלט זיך געקליבן גיין אויף אַ באַל. פלייסיק האָט זי געשפּייט אין נעגלדיקן קולאַקעלע און געבאַרשטן זיך דעם צעפּאַטלטן כאַכעלטשיק. אָנגעשפּייט און געבאַרשטן.

— וואָס פּוץ איך מיך אַזוי? — האָט זי זיך אַליין געוואונדערט, — מען וואָלט געקענט מיינען אַז איך בין געוואָרן אַ פּוסטעפּאַסניצע, אַ חונפטע אויף קעסט ביי אַן אונטערבאַרגער באַלעבאָסטע. אַ טעלער־לע־קערין...

אָבער איינהאַלטן אין זיך די תאווה פון פּוצן־זיך האָט זי מער ניט געקענט. ווייטער געוואַשן דאָס קעפּעלע און דעם האַריקן פּרצוף־פּנימל, אַרויסגעבאַרשטן אַלע הייעלעך פון פּעלץ, פּאַרלעקט די אויסגע־היילטע ליטקע, וואו די בייע האָר זיינען ניט רעגלמעסיק געוואַקסן. דער־נאָך אומגעדולדיק געצויגן זיך אויף די הינטערשטע לאַפּקעס, אויסגע־קוקט אויף די ערשטע שטערן צווישן די קראָקוועס, און ווייטער געכאַפּט אַ לעק און אַ באַרשט... יאָ, אַזאַ לוסט צו מאַכן זיך שיין האָט זי נאָך קיין מאָל ניט געהאַט. אָבער דער אונטערשייד צווישן איר און „מוריל־קען" איז פאַרט געווען צו גרויס. ער — אַן אַריסטאָקראַט, אַ לעב־יונג,

אַן אויסגעבאַליעטער שטשאַגיל, און זי אַ פאַרווילדעוועטע, אַן אָרעמע יתומה, אַן שום צוטרוי צו וועמען ניט איז, וואָס שפּייזט זיך אויף קהלשע מיסטן... אַך, יאָ, זי קען די אַריסטאָקראַטישע קעץ ניט אָנקוקן, אָבער באַוויזן זיך אויפן דאַך פון דער קבצנישער זייט וויל זי אויך ניט. זי וויל ניט מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן. זי וויל זיין אַזוי שיין ווי אַלע אַנדערע. און טאָמער וואָס־ווען — האָט זי אויך קיין מורא ניט. איר מיידלשן כבוד וועט זי אַלע מאָל קענען באַשיצן...

האָט זי זיך אַזוי לאַנג געפּוצט און געבאַרשטן און געלעקט, ביז דער אונטערשייד צווישן איר און איר פראַנטעוואַטן קאַוואַלער האָט זיך, לויט איר קעצישער מיינונג, געגומען אויסגלייכן. דערווייל־וואָס האָבן זיך אין ניסן־הימל צעפינקלט שטערן, אַריינגעוואונקען צווישן די אַלטע שינדלען און קראָקוועס. און ריקעלעס אויגן האָבן זיך אויך צעפינקלט... איר אומגעדולד איז געוואַקסן, און זי איז, איינע פון די ערשטע, אַרויס אויפן דאַך, אַ צוגעלעקטע, אַן אויסגעפּוצטע.

אָבער גיב נאָר אַ קוק! מורילקע, ווייזט אויס, איז געווען נאָך אומ־געדולדיקער. וואָרעם ער איז שוין דאָרטן געזעסן און געוואַרט אויף איר.

— מיאו! — האָט ער זי באַגעגנט מיט אַ פיינעם גוטנאַוונט און געשאָקלט צו איר מיטן פוכאַווען עק, — זעסט דאָך גאָר היינט אויס ווי אַ בת־מלכה, ווי איך בין אַ קאָטער!

— און נעכטן?

— נעכטן ביינאַכט האָב איך געמיינט... המ!

— וואָס האָסטו געמיינט?

— אַז... הכלל, ביסט נאָך היינט שענער ווי נעכטן.

— אַ דאַנק פאַר אַ קאָמפּלימענט!

— ווי הייסטו, שוואַרצינקע?

— איך? ריקעלע הייס איך.

— אַ מחיהדיקער נאָמען. קלינגט ווי אַ וואַסערל. און איך הייס „מורילקע“ — אַ פאַרגרייזטער נאָמען...

— גאָר אַזוי? ווער האָט דאָס פאַרגרייזט?

— דעם מילנערס קינדער. מיין באַלעבאָס' חדר־ייִנגלעך. אייגנט־לעך דאַרף איך הייסן: „מורליקע“. בורטשער הייסט דאָס... כאַטש וואו בורטשע איך? אַלע קאָטערס בורטשען...

— קיין גרויסע נפקא־מינה ניט וואָס מענטשן זאָגן! בפרט — מענטשעלעך...

— האָסט זיי ניט ליב?

— ליידן קען איך זיי ניט.

— היינט ווער קאָרמעט דיך?

פון אַזאַ ניט באַשיידענער פראַגע האָט זיך ריקעלע אין גאַנצן צוזאַ־מענגעקאָרטשעט. זי האָט אויסגעבויגן דעם רוקן און גענומען שיפּען מיט פאַראַכטונג: „קששי! קשי...‟ נאָר באַלד האָט זי צוריקבאַקומען איר מוט און נאָך גרעבער אָפּגעענטפערט:

— ניט דיין עסק, דו!

— טייערינקע, — האָט זי מורילקע גענומען איבערבעטן, — וואָס שעמסטו זיך אַזוי? ביסט, מסתמא, אַ יעגערקע. כאַפּסט מייז?...

— און אַז יאָ?

— אַדרבא, ס׳איז, זאָגט מען, אַ סך געזינטער ווי מענטשישע גע־קעכצן. ביסט טאַקע אַ סך פלינקער און געזינטער ווי אַנדערע קעצי־כעס. אַ מחיה צו קוקן ווי דו גייסט און ווי דו שפּרינגסט...

— כ׳האָב שוין געהערט.

— ריקעלע, זיי ניט ברוגז! ווילסט מיך פאָלגן?

— יאָ...

— קום אַוועק פון דאַנען. באַלד וועלן אַהער אָנקומען אַלע קאַלטער־נעוואַטע קאָטערס מיט זייערע אָפּגעקראַכענע קעציכעס. יעדערע פון זיי שוין אַוודאי פינף מאָל געלעגן אין קימפּעט...

— האָסט דאָך ליב אַזעלכע. כ׳האָב דאָך נעכטן געזען ווי דו האָסט אַרומגעפּאַדיעט אַרום אַזאַ איינער...

— די ווייסע? מיט די דיקע באַקעס?

— מיר דאַכט זיך אַזוי. האָסט צו איר גאַנץ פיין געמאַכט מיטן עק...

— אָט די יענטע וואָס שמעקט מיט זויערמילך? וואָס שפּילט די יונגינקע?

— ביסט מיר אַ וואַזשנער קאַוואַלער! אין די אויגן חנפעסטו און אונטער די אויגן מאַכסטו חוזק...

— טייערינקע, ווי קענסטו פאַרגלייכן? דו און זי...

— פאַררייד מיר נאָר ניט די ציין! ענטפער צו דער זאַך.

— אַז ס׳איז ניטאָ קיין לזנגען כאַפּט מען אַן אַלט־געבאַקענע קאַר־טאָפליע... קום, קום אַוועק פון דאַנען!

— גוט... — האָט ריקעלע מסכים געווען נאָך אַ רגעלע ישוב־הדעת, — וועסט אָבער זיין אָנשטענדיק?

— מיאַו. ביי דער לבנה שווער איך דיר! אָט גייט זי אויף, זעסטאַ

— איך זע. וועסט מיך, זאָגסטו, ניט טשעפּען?

— פאַרוואָס זאָל איך דיר עפּעס טשעפּען? מיר זיינען דאָךביידע יונג. פון איין עלטער דאַכט מיר. מיר פאַרשטייען זיך בעסער...

— ער האָט אַ שפּרונג געגעבן און זי — נאָך אים. זי אַ שפּרונג און ער נאָך איר. אומישנע צי ניט, נאָר פאַרלאָפן איז מען זיך צווישן

די אָפענע קראָקוועס, אונטער דער סטרעכע. דאָ איז מען שטיין־געבליבן און אָפּגעמאָסטן איינער דעם צווייטן מיט פייערדיקע אויגן.

— וואו וואוינסטו? — האָט מורילקע קורצאָטעמדיק אַ פרעג געגעבן. — דאָ?

— דאָ, אונטערן דאַך. אין היי...

— מעג מען אַ קוק טאָן?

— אויב דו ווילסט... נאָר געדענק!

— אויב איך געדענק? — קאָניוקעט ער צוקער־זיס און קריכט איר נאָך אין ווייכן היי אַריין, — וואָס דען, איך געדענק ניט? אַוודאי געדענק איך. איך טו איין זאַך: איך גיי דיר נאָך און געדענק...

מרוקענדיק אַזוי, אַז ער האַלט אין איין געדענקען, האָט ער אויף איר פלוצלונג אַ שפּרונג געגעבן און פעסט אַרומגענומען. זי האָט גלייך געכאַפּט דראַפּען און רייסן, געפּרואווט אַפילו איבערקוליען זיך מיט אים צוזאַמען און געמאַכט אַ גוואַלד. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַן אומזיסטע טרחה. זי האָט ניט געוואוסט ווי פלינק און געזונט מורילקע איז, און וואָס פאַר אַ כוח ער קריגט ווען ער איז הייס־פאַרליבט. זי — ווילד און אומגעלומפּערט, ער — אויסגערעכנט און פאַרזיכטיק. איר רייסן און דראַפּען זיך האָט ער לכתחילה אויפגענומען מיט אַ געוויסער גוטמוטיקייט. איין מאָל און צוויי מאָל געלאָזן זיך, ביז עס האָט אים דערעסן. אַלע אָדערן האָבן זיך ביי אים מיטאַמאָל אָנגעשפּאַנט אונטערן ווייכן פעלץ, און ער האָט אַ הויב געטאָן אַ געזונטע לאַפּע און געגעבן אַ זעץ...

און וואָס פאַר אַ זעץ! אין מיטן שאַרבן אַריין, צווישן די אויערן, אַזוי אַז דער גאַנצער בוידעם האָט גענומען גיין כאָדאָראָם פאַר ריקעלעס בייז־אויסגעקוילערטע אויגן. מיטן זעץ אַליין האָט ער זיך ניט באַנוגנט און גזלניש אָנגעכאַפּט זי מיט שאַרפע ציין פאַר איין אויער. דאָס האָט פראָסט און פשוט געהייסן: „מאַכסטו ווייטער קונצן — צערייס איך דיך ווי אַ הערינג! דו הערסט צי דו הערסט ניט? גענוג וועט זיין!...״

— ששט, ששט! — האָט זי געהישעט און געשפּייט, — לאָז מיך אָפּ, דו! גראָבער יונג איינער!...

— איך וועל ניט אָפּלאָזן! — האָט זי באַקומען אַ קורצאָטעמדיקן ענטפער.

— האָסט דאַך צוגעזאָגט, רוצח איינער! ווייבערניק! אויסוואורף!...

— איז רוף מיך זאָגער!... — האָט זי באַקומען אַ צווייטן, מיט חוזק און תאווה קאָכנדיקן ענטפער.

זי האָט דערשפּירט אַ ווייטן ריח פון וואַלעריאַנקע. פון וואַנען האָט דאָס פלוצלונג דערגרייכט צו איר? מיטן ווינטל צווישן קראָקוועס? פון

מורילקעס פּוכיקן פּעלץ איבער איר? אַ שכרות און אַ זיסע שוואַכקייט האָט דורכגענומען אַלע אירע יונגע אברים. ציטערנדיק האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַלע פיר לאַפּקעס, און איר האַרטער רוקן איז ווייך אַריינגעפאַלן צווישן זיי, ווי דעמאָלט, נאָך יאַוודאָכעס מעסער. ווען זי האָט דאָ, אויפן בוידעם, געליטן און געהיילט זיך אייגינקע אַליין.

## איין און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# אַ קעצישער מזל

1

איידער דער בראָך האָט זיך אויסגעגאָסן אויף משה־לייבן פלעגט ער, פון צייט־צו־צייט, אונטערבורטשען אויף ריקעלען:

— אָט, אַ טאָכטער פאַריאָגט פון מיין שטוב און אַריינגעבראַכט מיר אַ קאַץ...

דאָס זיינען, דאַכט זיך, געווען סתּם ווערטער, אָן אַ ווענדונג, אָבער אין דער אמתן — פול מיט טיפן שמערץ און אייפערזוכט. ער האָט פשוט ניט פאַרגונען דער שוואַרצער פיר־פיסיקער חיה, זי זאָל פאַרנעמען בייל־קעס פוסט געוואָרענעם אָרט. און געמיינט האָט דאָס אי שיינע־שרהן, זיין ווייב, וואָס איז באַשטאַנען אויף אָוועקשיקן די מיזינקע פון דער היים, אי האַפּיאַן, וועלכע האָט זייביידן באַגליקט מיט דער לעבעדיקער מציאה. דער עיקר — האַפּיאַן, פון וועמעס כאַטע עס שטאַמען אַלע צרות...

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עפּעס אַ וואָרזאָגערײ איז געלעגן אין משה־לייבס בורטשענדיקע סתּם־ווערטער. ביילקעס מזל האָט באַ־גלייט די פיר־פיסיקע האָדולקע אין טאַטנס שטוב. אָדער פאַרקערט... ניט אויף איין מאָל, נאָר ביסלעכווייז איז בולטער געוואָרן, אַז ריקעלעס לעבן און ביילקעס, להבדיל, האָבן זיך אויסגעגאָסן אין ענלעכע געשעע־נישן. ריקעלע איז געוואָרן אַ פאַבל פאַר ביילקען, און ביילקע — פאַר ריקעלען. ניט אַנדערש — אַ געהיימניספולער כוח האָט דאָ געהאַט אַ האַנט. האַפּיאַס כישוף אפשר. די אָפּשפּרעכענישן און וואַקס־אויסגיסונג איבער איר קראַנקן זונדל אויפן אויוון... יאָ, אָבער פריער מוז מען דאָך גלויבן, אַז אָפּשפּרעכענישן האָבן אין זיך אַזאַ כוח.

אַנטלאָפן איז ביילקע, פון איר שוועסטערס דירה אין מאָהילעוו, קיין מאַקאַראָווקי צו איר געוועזענער אַם און קומענדיקער שוויגער; גע־

לאָזן גרשון ווילענסקין, איר טרייען לערער און פאַרליבטן פריינד, מיט אַ נאָז. מיאוס, גאָר מיאוס אָפּגענאַרט אים, זיין גלויבן איר אויפן וואָרט, און קיין ריכטיקן חשבון, אין דעם וואָס זי טוט, זיך ניט אָפּגעגעבן. אַ ניט־געזונטער אימפּעט האָט זי דערצו געטריבן. אַלע חושים פאַרטומלט. ווילד געמאַכט און ליגנעריש.

נאָר ווען זי האָט זיך שוין געטראָגן, מיטן אויסגעבעטן שליטן, אין דער גויישער וועלט אַריין, מיט וואַנקען פון איין זייט און מיט אַפּאַנקען, זיין ברודער, פון דער צווייטער זייט, מיטן זעלבן שליטן, וואו זי האָט נעכטן ביינאַכט פאַרלאָרן דאָס, וואָס טאַטע־מאַמע און זי אַליין האָבן אַזוי שטרענג אָפּגעהיט, ערשט דעמאָלט האָט זי זיך פּלוצלונג אויסגעטשוכעט פון דעם פראָסטיקן ווינט, אַרומגעקוקט זיך, ווי אַ מענטש וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ שווערן שלאָף און צום טויט דערשראָקן זיך

— ניין, ניין, ניין! — האָט זי זיך געגומען רייסן. אויפגעשטעלט זיך אין שליטן און געשטרעקט די אָנגעפעלצטע הענט אין ווינט, ווי אַ פאַר־משפּטע צום טויט, וואָס וויל נאָך אָפּלייגן דעם אורטייל.

אָבער וואַנקע פון איין זייט און אַפּאַנקע, זיין ברודער, פון דער צווייטער זייט, האָבן זי אָנגעכאַפּט ביים גויישקן קאָזשוך, אין ווערלכן מען האָט זי אָנגעפעלצט פאַרן אַנטליפן, און מיט גוואַלד אַוועקגעזעצט אויף איר אָרט.

— ניאַ באַלוי! *) — האָט אויף איר וואַנקע קורץ און פויעריש אָנגעשריען, דערביי קאַלט אַ בליאַסק געטאָן מיט די אויגן און נאָך שטאַר־קער אַ שמיץ געטאָן דעם פערד.

פון אָט דעם קוק האָט זיך ביילקע נאָך מער דערשראָקן ווי פונעם אָנשרייען, פאַרלאָרן דעם לעצטן מוט אַנטקעגנצושטעלן זיך; אונטער־געקאָרטשעט די פיס און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. ווארעם דאָס איז מער ניט געווען דער אַמאָליקער קוק וואַנקעס, דער בליאַסק פון פייכטע קאָרן־בלומען, נאָר פון אַן אָנגעשלייפטער גויישער האַק אין אַ פראָסטיקן טאָג.

פייל פון בויגן איז דאָס שליטן אַריבערגעפלויגן דעם געפרוירענעם דניעפּר אין דער קרום, און דער סאָסנע־וואַלד, הינטערן שטאָט, איז אָנגעלאָפן: דער זעלבער וואַלד, וועלכער האָט, נעכטן ביינאַכט, אַריינגע־כאַפּט ביילקען, ווי אין אַ הייל פון רויבער, וואו וואַנקע אירער האָט זי געפּאַטשט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, געפּאַטשט און באַטויבט און געטאָן מיט איר וואָס ער האָט געוואָלט... די אָנגעלאָפענע גרינע פינצ־טערניש פון די סאָסנעס האָט זי אַצינד ווידער אויפגערעגט, און זי

*) שגץ ניט!

האָט זיך צום צווייטן מאָל אַ ריס געגעבן פון ענגן זיץ אין שליטן, אויס־געבראָכן מיט אַ געוויין:

— וואַניאַ, טייערער, וואוהין? אַפאַניאַ!... וואוהין פירט איר מיך?...

אָבער, אַפּנים, אַפאַנקע, וואַנקעס עלטערער ברודער, אַזוי ווי וואַנקע דער „טייערער" גופא, זיינען שוין געווען גרייט צו אַזעלכע קאַפּריזן פון דער יידישקע. צוויי אייזערנע אָרעמס האָבן זי אָנגעכאַפּט פון ביידע זייטן, אַרום די לענדן, איבערן שאַפּענעם קאָזשוך. דאָס מאָל — ניט דערלאָזן אַפילו זי זאָל אויפשפּרינגען.

—ניאַ סערטשאַי! — מאַכט צו איר וואַנקע, דאָס מאָל אַ ביסעלע ווייכער ווי פריער. קאָך זיך ניט אַזוי, הייסט דאָס.

נאָר אין דער כלומרשטער ווייכקייט איז אַצינד געלעגן מער וואָר־בונג. אַן אָנגעשאַרפטע האַק אונטער זיין פּעלץ איז דאָס געווען. זיץ, הייסט דאָס, רואיק, וועט זיין אַ סך גלייכער פאַר דיר!...

## 2

נאָך אַזאַ „ניאַ סערטשאַי" איז ביילקע אַריינגעפאַלן אין אַ טעמפּער מידקייט. דאָס ווייטערדיקע האָט זיך געצויגן ווי אַן אומגעלומפּערטער, פּיל־קאַלירטער חלום, פון וועלכן מען קען זיך, בשום אופן, ניט אויפכאַפּן. כאָטש בייס זיך די ליפּן ביז בלוט, כאָטש קנייפּ זיך דאָס פלייש פון לייב. ווי אין אַ בייזער ניט ווירקלעכקייט זיינען די בילדער געלאָפן און געביטן זיך: דאָס אָנקומען קיין מאַקאַראָווקי צו איר געוועזענער אַם, דער איבער־געטריבן־פריילעכער קוויטש, וואָס האַפּיאַ האָט אַרויסגעלאָזן, ציענדיק זי אַ האַלב־געחלשטע פון שליטן. דער אָנגעלאָף פון נייגעריקע שקצימלעך און זשעדנע פּויערטעס, זייער באַלאַבעטשען און טייטלען אויף איר מיט די פינגער. און ווען מען האָט יענע אין כאַטע ניט אַריינגעלאָזן האָבן זיי זיך איינגעקלעפּט אין די פענצטער־שייבלעך און געמאַכט דעכעלעך איבער די אויסגעקוילערטע אויגן, כדי בעסער צו זען ווי די זשידאָווסקע־שנור שעמט זיך... דערנאָך — דאָס באַהאַלטן זיך אין אַ פינצטערן אַלקערל, וואו ס'האָט געשמעקט מיט האָניק און מיט הערינג, כדי אויסוויינען זיך און קיינער זאָל ניט זען. דאָס האַלוביען זי וואָס האַפּיאַ האָט זי דאָרטן האַלוביעט, כדי צו באַרואיקן זי; איר זאַלציקע מיִנעלע און זיסע ריידעלעך וואָס זיינען געווען פריקרע, ווי דער ריח פון הערינג־ראָסל מיט האָניק אין טונקעלן אַלקערל; דער אָנגעדרולטער, טאָטערישער פּנים פון אַפאַנאַסן איר שווער, ווען ער איז געקומען פון שייער און איז ניט געווען צופרידן פון גאַנצן האַרמידער אין זיין כאַטע און פון פאַר־שפּעטיקטן קרופּניק, וואָס מ'האָט אים דערלאַנגט... דאָס לעבן, דערנאָך,

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ווי אין היפּהערפּלעט; די געצוואונגענע באַזוכן ביים פּאָפּ פּעאָפּיל, לעבן דאָרפישן קלויסטערל, כדי צו לערנען ביי אים די ערשטע גוישע דינים, וואָס אַ משומדתטע דאַרף וויסן; דאָס איבער־צלמען זי צום ערשטן מאָל און הייסן איר נאָכטאָן דאָס זעלבע — פיר טשוועקעס אַריינזעצן אין לעבעדיקן לייב: אין שטערן, אין ברוסט און אין ביידע אַקסלען... דאָס אָפּשפּריצן זי מיט „הייליקע וואַסער", ווי מיט נאַפט, כדי הייליקן זי, כדי אונטערצינדן זי דערנאָך מיט קלויסטער־ליכטלעך, זי זאָל ברענען, לעבעדיקערהייט, פאַר אַלעמען אין די אויגן...

שפּעטער דאָס העלפן אַנטאָן זיך, צו דער גויישער חופה, וואָס האַפּיאַ האָט איר געהאָלפן, מיט נאָך עפּעס אַ „קומיכע" *), אויפצונייען אירע נייע פּויערישע קליידער, צוליב דער חתונה, איז מער קיין צייט ניט געבליבן. מען האָט זיך געאײַלט. מען האָט אַלץ מורא געהאַט די שטאַרקע יידן פון „אונטערבאַרג" זאָלן ניט אַנלויפן און ניט אָפּנעמען די געשמדטע כלה... האָט מען דערפאַר אַנטליען, אויף דערוויי, די זונטאָג־מלבושים ביי אַ יונגער אויסגעלאָזענער „סאָלדאַטקע" **) אין דאָרף. פּעלאַהייע האָט זי געהייסן. אַ פאַרביק געפּאַסקעט קליידל פון וואָל איז דאָס געווען, אַן אויסגענייטע לייוונטענע בלוזע מיט ברייטע אַרבל, אַ געבלומטער קאָפּ־טוך און רויטע שטיוועלעך פון סאַפּיאַן. און, נאָך יעדן שטיק אַנטועכץ, האָט האַפּיאַ געהאַלטן אין איין שיטן מיט קלעפּיקע ריידעלעך איבער איר יידישער שנור, און מיט האַלב־וויינענדיקע ווינטשעוואַניעס, אויפן פּויערישן שטייגער: שמחה מיינע, לעבעדיקע! מיט הייליקע וואַסער שמעקסטו אַצינד, ווי אַ בלום אין פּעלד. אויסגעבאָדן דיך, אָפּגעוואַשן פון ניט־קריסטלעכן ברוד. צו מיין גליק און צו מיין וואַנקעס גליק האָסטו געזדיגן פון מיינע ווייסע׳ בריסט. מיין טאָכטער ביסטו שוין דעמאָלט גע־וואָרן, און איצטער — צום צווייטן מאָל... מיין זון וועט דיך ליב האָבן ווי זיין לעבן. און דו פאָלג אים, מיין טאָכטערל! ווען ער וועט בייז זיין — גלויב אים ניט. ווען ער וועט אויף דיר אַ האַנט אויפהויבן — שריי ניט צו הזיך. ווער עס שלאָגט ניט דער ליבט ניט. אַלע מאַנסבילן זיינען אַזוי. דאָס איז אונדזער ווייבערישע „דאָליע", האַרצעלע!

נאָך אַזאַ אַריינריידן אין איר און אַזאַ אויספּוצן, איז ביילקע געגאַנ־גען, ווי אין אַ פּורים־שפּיל, צו דער תליה... צום גויישן „אַלטאַר" הייסט דאָס. דאָס דאָרפישע קלויסטערל איז געווען פול מיט קודלאַטע פּויערים אין לאַפּטיעס, מיט צעהיצטע פּויערטעס און מיט ברוסט־קינדער

*) קרובֿטע.

**) אַ פּויערטע וואָס איר מאַן איז אַוועק דינען דעם צאַר־באַטיושקאַ.

אויף די הענט. עס האָט געשמעקט מיט דזיעגאַכץ און מיט ווייררויך. פּאַטערל פּעאַפּיל, וואָס האָט אַמאָל געלערנט „הראַמאַטע" מיט וואַנקען, איר מאַן, און אַצינד, מיט איר — די גויישקע דינים, האָט געהאַלטן אין איין פּרעפּלען און וויגן און טשאַדען מיט זיין מעשענער „קאַדילאַ"*) אויף לאַנגע קייטעלעך. ס'איז געווען דער זעלבער לאַוואַנד־רויך, ווי אַמאָל אין גרויסן מאָהילעווער קלויסטער. נאָר דאָרטן איז געווען מער לופט און דער ווייררויך — פיינער. ערשט איצטער האָט זי ווי אין אַ נעפּל באַגריפן, אַז יענער זונטאַגדיקער באַזוך אין אַלטן קלויסטער, צוזאַמען מיט גרשון ווילענסקין, האָט זי דערפירט ביז אַהער, ביז צום דאָרפישן „אַלטאַר" מיטן גראַב־אויסגעצייטן פּראַוואָסלאַוונעם צלם אויפן ביליקן בראַקאַט. שוין דעמאָלט האָט זי זיך אין האַרצן געשמדט. שוין דעמאָלט געלאָזן גיין איבער זיך „זייער" דאַוונען, זייער רויכערן. געלאָזן זיך צושטעלן „גויישע פּאָקן", כדי ניט קראַנק־ווערן אַצינד, כדי אין חלשות ניט פאַלן ווען די בייזע שעה וועט קומען... און אָט איז געקומען, די בייזע שעה, און זי, ביילקע, פאַלט ווירקלעך ניט אין חלשות און ווערט ניט קראַנק; כאָטש דאָס רויכערן און צלמען זיך און פּרעפּלען איז דאָ אַ סך האַמעטנער און ווידערלעכער ווי דאָרטן...

זי האָט נאָר די אויערן געשפּיצט אונטער הויך־אַנגעוויקלטער, גראַב־געבלומטער כוסטע. ניט ווילנדיק צוגעהערט זיך צום זשומזשענדיקן טומל. עפּעס האָט דאָ נאָך געפעלט... און אויך דאָס וואָס פעלט איז געקומען. די קלויסטער־גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען. אַפּריער איינער, זילבנוויין. דערנאָך צוויי. דערנאָך אַלע מיטאַמאָל. אָבער ווייט ניט אַזוי פאַרשיידנאַרטיק און זיכער, ווי אין דעם מאָהילעווער קלויסטער. ווי ליידיקע נאָפּטבלעכן האָבן געקלימפּערט די אָרעמע גלעקעלעך; און מיט תמימותדיקער שרייעריי, ווי קינדער וואָס שפּילן זיך אין אַ גויישקער חתונקע. גלין־גלין, גלין־גלאָן!... לאָמיר, הייסט דאָס, זיין פריילעך, מאַקאַראָווקער פּויערימלעך, לאָמיר זיך פרייען מיט אונדזער אונטערבאַרגער משומדתטע!... אָבער קיין שום שמחה איז דערפון ניט געוואָרן. גיכער האָבן די אָרעמע גלעקעלעך דערמאָנט מיט זייערע בלעכערנע קולכער גרשון ווילענסקיס פּאַנפּאָטע נאָכמאַכעניש: „אַ קרענקל, אַ קרענקל" — דין־קלימפּערנדיק, דערנאָך גרעבער — „דעם גלח, דעם גלח"...

האָט זי נאָך אין האַרצן געוואָרט, די ניי־געבאַקענע פּראַוואָסלאַוונע כלה, אויפן ברום פון גרעסטן גלאָק, וואָס שטימט מיט ווילענסקיס באַס, ביים פאַרענדיקן: „אין בויך! אין בבבויך!..." אָבער דאָס איז ניט געשען. אַזאַ געזונטער ברום־גלאָק איז דאָ גאָר ניט געווען בנמצא. און ביים „גלין־גלין" און „גלאָן־גלאָן" איז דאָס געבליבן...

---

*) רויכער־פאַן.

האָט זי פּאַוואָליע אַראָפּגעלאָזן איר אָנגעוויקלטן קאָפּ, כדי צו באַ־האַלטן די רויטקייט וואָס האָט איר אַ שאָס געגעבן אין פּנים; אַ ליפּ פאַרביסן און געלאָזן איבער זיך גיין פּאַטערל־פּעאָפּילס לעצטע חתונה־ברכה: „אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט... אָמען!“ *).

## 3

דאָס קאָשמאַרדיקע לעבן — אַ געמיש פון זיסקייט און ביטערניש, פון האַס און ליבשאַפט, פון גוישקייט מיט יידישער בענקשאַפט — האָט זיך אָנגעהויבן. און ביילקע האָט דאָס אַלץ אויפגענומען ווי אַ שיכורטע, וואָס ווייסט זייער גוט און פילט, ווי מיאוס דאָס איז און ווי שענדלעך... און כדי ניט צו ליידן און ניט נאָכטראַכטן — אַלץ מער און מער גע־טרונקען. באַנייט דאָס טרינקען אַזוי גיך ווי זי האָט זיך אַ קאַפּעלע אויס־געטשוכעט.

אויף דער זעלבער ליעזשאַנקע, געבעט מיט שטרוי און מיט שאָפּענע פעלצן, וואו וואַנקע איז פריער קראַנק געווען און אויסגעגאַנגען נאָך משה־לייבס מיזינקע, דאָרטן האָט ער אַצינד געוועלטיקט איבער איר, געווען איר באַפעלער. זיין גוישער כוח האָט זי געגעסן לעבעדיקערהייט און האָט זיך ניט געקענט אָנזעטיקן מיט איר איידעלער נאָכגיביקייט, מיט איר הייסער שוואַכקייט. ער האָט שוין מער ניט געהאָט יענעם ריח פון היי און זון און אָנגעוואָרעמטן פלאַקס, וואָס האָט זי אַמאָל אַזוי פאַר־פירט און פאַרליבט געמאַכט, אין היי־שפּייכלער ביים טאַטן און אין שניט־פעלד ביי מאַקאַראָווקי... אַצינד האָט ער זיך, כמעט אַלע מאָל, אָפּגע־געבן מיט איבערגעבראַכטן שנאַפּס, וואָס ער האָט אָפּטערס געטרונקען, און מיט ביטערן הויז־ביר, וואָס ער האָט אין זיך געגאָסן, כדי בעסער שפּילן די ראָל פון אַן אַכזריותדיקן ליבהאָבער. וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, לויט זיין מאַמעס אָנווייזונגען... זיינע וווּיכע פלאַקסענע האָר זיינען האַרטער געוואָרן, שטרויאיקער. די קאָרן־בלומען אויגן — מוטנע. און די פאַרגרעבטע פינגער — אויסגעבויגן, שטענדיק גרייט צו קנייפּן און ווערגן. „וואַניע, טייערער! כ׳האָב מורא...“ נעמט זי זיך אַפּטמאָל בעטן, זיין יונג ווייבל, ווען ער קומט אָן אויף איר צו האַסטיק און צו אומגע־צוימט.

— האָסט מורא? — נעמט ער זיך נאָך אומגעלומפּערט איזדיעקעווען, איכ׳ל דיר באַלד מאַכן אויס מורא! דיין עקשנות וועל איך דיר אַרויס־טרייבן. ווייך וועסטו ביי מיר ווערן, דו!

---

*) אָמן!

שוין אין דעם ערשטן חודש, נאָך דער אייליקער חתונה, האָט ער זיך, דאַכט זיך, געגעבן די גרעסטע מי אָפּצומעקן און מאַכן פאַרגעסן די גאַנצע צאַרטקייט און קינדערשע פאַרליבטקייט, וואָס האָט זיי ביידן פאַרבונדן אַ סך יאָרן נאָכאַנאַנד. זיין ליידנשאַפט איז געווען אויסגעמישט מיט אַן אויסטערלישער פאַרטאַיעטער שנאה, צו איר זיידיקער הויט, צו איר אויסגעכאַלעטקייט, צו איר איינזאַמקייט אינעם גוישקן אַרום, צו איר באַהאַלטענער בענקשאַפט נאָך טאַטע־מאַמע, וואָס ער האָט געפילט אין איר גאַנצן וועזן.

— וואָס? — פלעגט ער זיך נאַרוהאַיען, ווען זי האָט ניט אַזוי גיך געענטפערט — דיין מאַמעס פערינעס האָט זיך דיר פאַרגלוסט? פּוכענע קישעלעך, היגערשע יאַיכעלעך, פּלעצעלעך מיט צימרינגז?... ביי אונדז איז דאָס ניטאָ. וועסט זיך געוואוינען! וועסט שוין מוזן!...

און ווען זי פלעגט זיך צעוויינען פון זיינע שטעכיקע ווערטער, האָט ער זי אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן. אַן אַכזריותדיקע, בייסיקע נייגעריקייט געפילט דערביי. אָט, ווען ער האָט זי דערזען אין גאַנצן אומגליקלעך, צעטראָטן אונטער זיינע לאַפּטיעס, פאַרלאָרן אין דער גוישער וועלט, פלעגט ער נאָך הייסער צוכאַפּן זיך צו איר, טרייסטן זי און קושן אויף זיין פויערישן שטייגער.

שפּעטער, ווען זי האָט זיך געוואוינט דערצו, איז אים דאָס נאָרד־האַיען זיך איבער איר אויך געוואָרן ווייניק. פלעגט ער זוכן אַ צוטשעפּעניש כדי ממשותדיקער צו באַליידיקן זי, צו שלאָגן זי, איידער ער נעמט זי אַרום. צו אַזאַ ווידערלעכן פאַרשפּיל האָט זי זיך גיך אַזוי ניט געקענט געוואוינען. עס האָט איר דערמאָנט דאָס רויטינקע צוקערל, וואָס די מאַמע פלעגט איר קליינערהייט געבן, ווען זי איז עפּעס ניט געזונט געווען. אָבער פריער האָט זי געמוזט איינגעמען אַ גאַנצן לעפל ריצנאייל, ווערעמקרויט און נאָך ערגערע רפואות...

— וואַניע, מיין מאַן; פאַרוואָס שלאָגסטו מיך אַזוי? — פלעגט זי זיך בעטן און וויינען.

— פאַרוואָס? — פלעגט ער איבערפרעגן און קריצן מיט די ציין און אַן אומריינער פייער האָט אים געברענט אין די אויגן — ווייל דו ביסט... אַ ציטעריקע זאַך, ביסטו נאָך אַלץ! דיין מאַמינקע האָט דיך איינגערעדט. דיך האָט זי געכאַליעט און מיך — פון שטוב געיאָגט. מיט די שפּיזלען פון יידישן זאַק מיר נאָכגעטייטלט. מיין האַרץ צעשטאָכן, אויף שטיקער געריסן. מיך — וואַנקען, דיין מאַן, וואָס ליגט דאָ לעבן דיר אויף דער ליעזשאַנקע...

— אָבער וואָס בין איך שולדיק?

— איך ווייס ניט ווער עס איז שולדיק. איך וויל נאָר איצטער

מיינע קולאַקעס, אַזוי ווי מיין לעבצן נאָך דיר, זאָלן אין דיין ידישן לייב אַריין. אויסיידישן דיך וויל איך. זאָלסט זיי אַלעמען פאַרגעסן. זאָלסט ווערן אינגאַנצן אַן אונדזעריקע. אינגאַנצן מיינע זאָלסטו ווערן. דו הערסט? נאַ־דיר! און נאַ־דיר נאָך! אינגאַנצן מיינע זאָלסטו ווערן!...

— אָבער איך בין דאָך שוין געוואָרן אַזאַ... מיין מאַמען אָוועקגעוואָרפן. מיין טאַטן פאַרגעסן. מיין שוועסטער קיין „זיי געזונט" ניט געזאָגט. מיין ברודער — אויך ניט...

פון אַזעלכע האַרצרייסנדיקע ווערטער, באַגלייט פון טרערן, פלעגט ער זיך אַ ווײַלע פאַרשעמען. דער אַמאָליקער ניט־פאַרדאַרבענער וואַנקע פלעגט זיך אין אים אויפכאַפּן. און ער פלעגט אַראָפּלאָזן, איבער איר נאַקעטן געשלאָגענעם לייב, זיין קודלאַטן קאָפּ, פאַרענטפערן זיך אונטער זיינע צעפּלאָשעטע בלאָנדע האָר, ווי הינטער אַ פאַרהאַנג:

— זיי מיר מוחל, בעלקאַ גאָלדענע! אַ מוזשיק בין איך. אַ כאַם אַ פינצטערער. דיינע פיס דאַרף איך וואַשן און דאָס וואַסער טרינקען. אַ שלעכטן ביישפּיל האָב איך געהאַט — דאָ ביי אונדז אין כאַטקע. מיין מאַמע איז ניט אַזאַ גוטע ווי דו מיינסט. מיין באַטקע — אויך ניט. איך האָב אַ סך מאָל געהערט ווי מיין באַטקע באַליידיקט מיין מאַמען. באַליידיקט און שלאָגט. דיינע ברייטע ליטקעס, מאַכט ער, דעק מיר אויף, דיין ווייסן גוף פאַר מיינע טאַטערישע אויגן, מכשפה דו! איך בין, מאַכט ער, שוואַרץ ווי אַ האָלעוועשקע און דו ביסט ווייס ווי מילך. האָסט זיך אַמאָל נאַרוהאַיעט איבער מיר, ווען איך בין דיך נאָכגעלאָפן. אַ פייער האָט אין מיר געברענט און דו האָסט כיכיקעט. איז נאַ־דיר אַצינד! בויקערן און אַרומנעמען וויל איך דיך. דיין ווייבערשן כישוף פון דיר אַרויסזעצן. דו זויגסט נאָך איצטער אויך, מיין בלוט. יונגערהייט האָסטו געזויגן און זויגסט אַצינד...

— נו. און דיין מאַמע?

— זי לאַכט. זי לאַכט און וויינט. און דו, בעלקאַ, האָלסט אין איין וויינען...

אַ טיפער ווייבערישער רחמנות, ווי צו אַ פאַרבלאָנדזשעטן יתום, נעמט ביילקען אַרום פון אַזאַ אויסטערלישער ווידוי. זי ציט אים צו זיך און ער כליפּעט און לאָזט זיך ניט.

„קום, קום נעענטער צו מיר!" — אַזוי בעט זי זיך — איך וועל לאַכן, וואַניאַ. איך וועל מער ניט וויינען...

פון אַזאַ פלוצלעכער ליבשאַפט און פון אַזאַ רחמנות, ווי צו אַ קראַנקן יינגעלע, פאַרלירט ער אין גאַנצן זיין קודלאַטן קאָפּ. ער גיט אַ פאַל צו אירע פיס און קושט זיי קנעכטיש, ווי אַ פאַרמשפּטער פאַרברעכער, וועמען מען האָט דאָס לעבן געשענקט:

— דיין מינדסטן נאָגל בין איך ניט ווערט, בעלקאַ! אַ קייזערין ביסטו און איך — אַ הונט. און מיין מאַמע איז אַ מכשפה...

— רייד ניט אַזוי, וואַנקעלע, רייד ניט!

— אַ מכשפה זאָג איך דיר! קענסט זי ניט. ווי אַ הונט פון קייט האָט זי מיך אָפּגעבונדן און אָנגערייצט אויף דיר...

זיין בעטן מחילה איז פּונקט אַזוי ווילד און אומגעצוימט ווי זיין בייזע ליידנשאַפט, ווי זיין „אָפּרעכענען זיך" מיט איר איידלקייט. און דאָס שלום־מאַכן, נאָך אַזאַ אָנפאַל פון זעלבסט־דערנידעריקונג, צעגיסט זיך ווי אַ בוימאייל איבער איר אָנגעווייטיקט האַרץ, אַזוי ווי איבער זיין צערו־דערטער ליבשאַפט, איבער זיין קרענקלעכער אַכזריות. אַ געוויסע צייט נאָך דעם איז ער שטיל ווי אַ טויב. ער רעדט ניט, נאָר ער וואָרקעט צו זיין יונג ווייבל, אין כאַטע אַזוי ווי אין שייער. אָבער די קרומע נעגל פון אַ שפּאַרבער זיינען ביי אים באַהאַלטן טיף אין די פעדערן. ניט היינט איז מאָרגן — און ער וועט זיי ווידער באַווייזן.

## צוויי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# אין טומאה פאַרזונקען

### 1

דאָס וואָרקען צו זיין יידישקע און זיין חרטה־האָבן אויף זיינע ווילדע זינד גייט ביי וואַנקען גיך אַריבער. ער קען ניט צוזען ווי זי ווערט פויל פון צייט צו צייט, לויט איר אַלטער געוואוינהייט ביי דער מאַמען אין שטוב, און פּיעשטשעט זיך אַ ביסעלע. דאָס טרוימערישקייט פּאַסט זיך שלעכט אַריין אין האַרטן פּויערישן לעבן, אין ראַם פון דער פאַררויכערטער כאַטע. ביי די אַלטע לייט, דאָס הייסט, ביי אָפּאַנאַסן און האַפּיאַן, רופט דאָס אַרויס אַ דייטלעכע פאַראַכטונג, אַן אונטערווינקען און אַן אונטער־בורטשען. ביים שוואַך־קעפּיקן וואַנקען האָט דאָס לכתחילה אַרויסגערופן אַ כעס אויף זיינע אומצופרידענע עלטערן: וואָס ווילן זיי פון זיין בעלקאַן? וואָס טשעפּען זיי זיך?... דערנאָך האָט זיך זיין צערייצטקייט אַריבערגע־וואָרפן אויף זיין ווייבל גופא. ער האָט זיך אָנגענומען מיט זייער פּויערי־שער ניט־פאַרגינערישקייט, ווי מיטן ריח פון דזיעגאַכץ, בשעת שמירן די אַקסן... אים האָבן זיך ווידעראַמאָל געוואָלט אָפּשלוקערצן די טעג פון זעט ביי די אונטערבאַרגער יידן, זייער שטאָלצע אָפּגעזונדערטקייט, ווי

אים האָט זיך, קליינערהייט, אויסגעדוכט: דעמאָלט, ווען ער פלעגט זיך קוים איינבעטן דער טאַטע זאָל אים נעמען צו דער יידישער „מזמען" אונטערבאַרג... נאָר קומענדיק אַהין אַן אויסגעבענקטער, אַ צעשראָקענער פון גרויס דרך־ארץ, האָט אים די „מומע" אַפּילו אויפן שוועל ניט אַרויפ־געלאָזן. און כדי צו טרייסטן אים — אַרויסגעטראָגן אַ פּאַרלעגענע „גוטע זאַך", ווי אַ ביינדל פאַר אַ זאַיאַדלען הינטל. און ער — אַ באַליידיקטער, אַ לעכצנדיקער נאָךביילקען, זיין מילך־שוועסטערל, פלעגט דאָס אונ־טערגעשימלטע „גוטע זאַך" לאָזן ליגן אויף אַ טרעפּל פון יידישן גאַניק און אַנטלויפן. נאָך פיינלעכער איז געווען דאָס דערמאָנען זיך, ווי אַזוי שיינע־שרה האָט אים געכאַפּט איין וואַלד אַרומגענומען מיט ביילקען. און ער, שוין אַ דערוואַקסענער, געזונטער שגץ, איז אַנטלאָפן, ווי אַ האָז פאַר אַן אַלטן פוקס אַן ציין...

פון אַזאַ דערמאָנען זיך פלעגט אים דאָס האַרץ שווער ווערן ווי בליי. און אַ באַזונדערע הנאה האָט ער געהאַט, אין אַזאַ בייזער מינוט, צו צווינגען זיין אַמאָליקע מילך־שוועסטער און זיין איצטיקע „יידיש־קע", ווי מען רופט זי דאָ אין כאַטע, זי זאָל טאָן כל־ערליי, אָפּט־מאָל, אומריינע אַרבעט. ווי למשל: מעלקן די בהמות, אָנשניידן גראָז פאַר די ציגן און קראָפּעווע פאַר די חזירים, מאַכן פאַר זיי אַ „סיעטש־קע" געמישט מיט קלייען און קאָרמענעס. דאָס לעצטע איז איר גאַנץ דייטלעך שווער געווען און ווידערלעך אויף גאָר אַ באַזונדערן אופן. און מיט פּונקט אַזאַ באַזונדערער נייגעריקייט האָט דאָס וואַנקע צוגעזען...

קיין לייכטע מלאכה איז אויך ניט געווען דאָס איינמאַכן דעם שוואַרצן פּויעריש ברויט, וואָס וויפיל מען זאָל אים דערנאָך ניט באַקן, בלייבט ער נאָך אַלץ טייגיק און זויער. ביים שערן די שוויסיקע קאָלטונס פון די שעפּסן האָט זיך ביילקע אויך געעקלט. און ביים שפּינען פּאַדעם, אָן אַ סוף און אָן אַן עק, האָט זי זיך, גאַנץ דייטלעך, געגודיעט ביז צום חלשן.

און אַלע מאָל ווען זי איז אָפּגעשטאַנען און באַגאָסן זיך מיט שווייס האָט אַפאַנאַס געבורטשעט. און וואַנקע, אָנגעלאָדן ווי ער איז געווען, האָט אונטערגעהאָלפן הויך אויפן קול, בליאַסקענדיק מיט די בלויע קוקערס, ווי מיט מעסערס:

— ביי אונדז זיינען קיין ביעלאָ־רוטשקעס*) ניטאָ. ווער עס היט די הענטעלעך, עסט קיין ברויט ניט...

דער „ביי אונדז" האָט געהאַט אַ באַזונדערן ביי־געשמאַק. דאָס האָט באַדייט: ביי אונדז ניט־יידן, פּראַוואָסלאַוונע מענטשן. און מיט אַ נקמה־

---

*) ווייס-הענטיקע.

געפיל, וואָס האָט אים אי געגריזשעט, אי הנאה געטאָן, האָט ער צו־געזען, ווי אירע שיינע הענט ווערן פאַרגרעבט, די ראָזעווע נעגל — פלאַטשיק, דער שוואַרץ־חנוודיקער פּנים — חושכדיק און ווי די זון־קניטשעלעך, אַרום אירע מויל־ווינקלען און אויגן, מערן זיך פון טאָג צו טאָג...

די ערשטע צייט איז דאָס איר, דער אויסגעצאַליעטער מיזינקע, ווירקלעך אָנגעקומען שווער ווי קאַטאָרגע. נאָך ווייניק וואָס די גראָבע אַרבעט איז געווען ניט נאָך אירע כוחות, האָט זי געפילט אויף זיך דעם יאָך פון פרעמדן ווילן, ניט פון אייגענעם. זי איז געגאַנגען אין שפּאַן ווי אַ יונגע קליאַטשע און אומעטום אָנגעטריבן געוואָרן פון אירע נייע פּויערישע באַלעבאַטים, וואָס יעדע פרייע מינוט אירע, יעדער אָפּאָטע־מען האָט זיי אויסגעזען ווי וואַרפן געלט אין וואַסער אַריין. אין ווײַ־בערישע באַפרידיקונג האָט זי געהאַט: איר פּויעריש קליידל אין בלי־מעלעך, איר אויסגעצייטע בלוזע און איר אָנגעפּאַלדעוועטע כוסטע אויפן שוואַרצן קאָפּ האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן פון אַן איידעלער „ציהאַנקע", וואָס איז אַריינגעפאַלן צווישן גראָבע, ווייס־רוסישע פּויע־רים. זי האָט מיט איר שיינקייט געלויכטן, ווי אַ שוואַרצער ברילִיאַנט צווישן די וואָלוועלע פּאַטשערקעס, וואָס מען קויפט פאַר צוויי קאָפּיקעס אויף אַ גויישקן יאַריד. אָבער איר אויבנאויפיקער גלאַנץ איז ניט געווען גענוג צו שטאַרקן איר בערך־שוואַכן קערפּער. די קני האָבן איר געבראָכן פון די שווערע אַרבעטן, אַרום גאַרטל האָט איר וויי געטאָן און דער קאָפּ איז איר געווען באַנומען.

אין אַ שוואַכער מינוט, דערזעענדיק, אַז פון די האַרטע מאַנסבילן קען זי קיין גוט־האַרציקייט ניט דערוואַרטן, הויבט זי אויף אַ פּאָר בעטנ־דיקע פייכטע אויגן צו איר געוועזענער אַם און איצטיקער שוויגער. זי בעט זי מיטן שטומען בליק, און זעלטן־ווען מיט אַ שטילינקן קרעכץ, יענע זאָל איר קומען צו הילף.

אָבער אויך האַפּיאַ קערט אָפּ איר קיילעכדיקן, אָצינד שטאַרק־פאַרעלטערטן פּרצוף־פּנים, גיט אַ הויב מיט די פעטע פּלייצעס, ווי זי וואָלט איר שטום אַן עצה געגעבן; אַן עצה פון אַן אַלטער, אַ סך געשלאָ־גענער און געניטער פּויערטע:

„גיב נאָך! איך האָב אויך נאָכגעגעבן".

כאַפּט ביילקע אַ קוק פון דער זייט אויף איר מאַנדל, מיט די שטראָ־מע פּיס אין די לייוונטענע הויזן, וועלכער האָט זי פאַרפירט און אַראָפּ־געפירט אַהער, ווי אַ געפאַנגענע, אויף שווערער אַרבעט און אויף טונ־קעלער ליבשאַפט; וועלכער האָט זי אָפּגעריסן פון אַזאַ פרייען מיידלשן לעבן ביי צילען, איר שוועסטער; פון אַזאַ איידעלער פריינדשאַפט, מיט

וועלכער ווילענסקי האָט זי אַרומגערינגלט, און אַ שנאה צעברענט זיך ביי איר אין האַרצן. אָבער גלייכצייטיק, ווי מיד און פאַרדראָסיק זי זאָל ניט זיין, ברענט אין איר אַ העלישע ליידנשאַפט צו איר פאַרפירער. וועלכער האָט געהאַט די העזה צו טאָן אַזאַ זאַך; וועלכער גיט קיינעם קיין רעכענונג ניט אָפּ, שלאָגט זי און נעמט זי און שעמט זיך ניט. די ווילדע נקבה פון אַמאַליקע אור־וועלדער רעדט דאָס אין איר. און זי ווייסט ניט — די אומבאַשטימטע ווייבערשע זעל, וואָס איז אַמאָל באַהערשט געוואָרן פון דעם, וועלכער איז שטאַרקער, ברוטאַלישער און אומפאַרשעמטער, פאַר וואָס דאָס איז אַזוי. און זי ווייסט אַליין ניט מער וואו עס הויבט זיך ביי איר אָן די שנאה צו איר וואַניען און וואו עס ענדיקט זיך איר פאַרליבטקייט. זי רייסט זיך פון אירע ענגע פענטעס און האָט הנאה וואָס זיי שניידן אַזוי איר יונג לייב.

נאָך דייטלעכער ווי ביי טאָג דערפילט זי אָפּטמאָל די דאָזיקע צעריסנקייט ביינאַכט. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, נאָך אַן אָפּגעשטאַנענעם גראָבן געקעכץ, וואָס אין דער היים, ביי דער מאַמען, וואָלט מען דאָס דער קאַץ ניט געגעבן, הויבט זי אָן אויסצוטאָן זיך, וואַרפט מיט ווידערווילן אַראָפּ איר דורכגעשוויצטע העמד און דערפילט אַ ברעכן אין די היפטן, אַ ציעניש אין די פיס. זי האָט זיך פיינט אין אַזאַ מינוט. זי קען איר אייגענע נאַקעטקייט ניט אָנקוקן. אָבער גראָד אין אַזאַ האַלבקראַנקן צושטאַנד געפעלט זי איר פויערישן מאַן. ער ווערט אויפגעלייגט און שפּילעוודיק. זי שטויסט אים פון זיך אָפּ און קלאָגט זיך:

— איך וועל דאָס דאָ מער ניט אויסהאַלטן...

— ביעלאָרוטשענקאָ!...*) — מאַכט ער דערפון אַ שפּאַס און פאַרזוכט אַרומצונעמען זי.

שוימט זי אויף פאַר כעס, רייסט זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס און סטראַשעט:

— איך וועל פון דאַנען אַנטלויפן!

קוקט ער זי אַ ווײַלע אָן אַ דערשטוינטער, דערשטוינט דערפון, וואָס זי איז נאָך ווייט ניט געבראָכן, אַזוי ווי ער און אַלע זיינע פויערישע קרובים מיינען. דערנאָך עפנט ער אויף אַ מויל מיט ווייסע לאָכנדיקע ציין, און וואַרפט פון זיך אַראָפּ זיין לייוונטענע „רובאַשקע" **). זיין געזונטער יונגער גוף, ווייס ווי מילך און געשפּאַנט פון האַרטע אָדערן, בלייכט זיך אין דער האַלב־טונקלקייט, הינטערן גרויסן אויוון, וואו זיי שלאָפן. און זיינע שטאַרק אָפּגעברענטע הענט און קאָפּ זעען אויס ווי

*) ווייס־הענטעלע!

**) העמד איבער די הויזן.

קינסטלעך צוגעפּאַסט צו זיין ווייסן לייב. דער אונטערשייד איז אַזוי שאַרף און אַנציִענדיק, אַז עסווירקט ווי אַ הייסער געטראַנק, אין וועלכן די זיס־קייט און ברענענדיקע שטאַרקייט זיינען צוזאַמענגעמישט. ער ווייסט דאָס פון לאַנג אָן און באַנוצט זיך דערמיט אויך אַצינד:

— אַנטלויפן ווּעסטו, דו? פון מיר, דיין מאַן, ווּעסטו אַנטלויפן? קוק מיך אָן, בעלקאַ!

— ניין, ניין, ניין! — האָט זי באַלד חרטה און שטייט אַ פאַר־ליבטע, אַ פאַרגאַפטע פון דער נאַקעטער גבורה, וואָס איז צוזאַמענגעזעצט פון מילכיקער ווייסקייט און ערדיקער פעסטקייט. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן קוקט זי אים אַצינד אָן אַ פאַרחלומטע. זי פאַרגינט זיך ניט צו קוקן מיט אָפענע אויגן, טאָמער וועט דער חלום פאַרשווינדן, טאָמער וועט זיך אַרויסווייזן אַז עס איז אַ טעות, אַז דאָס אַלץ געהערט ניט איר. און באמת, צו וועמען וועט זי לויפן? צו די אונטערבאַרגער כּביאָקעס אפשר? צו זייערע אויסגעוויקטע חתנימלעך?...

— וואַניאַ, — הויבט זי זיך פלוצלונג אָן צו בעטן מיט פאַר־חלשטע ליפּן ווי אַ טויט־דורשטיקע, — נעם מיך אַרום. נאָך פעסטער. איך בין מיד! איך בין אַזוי מיד...

און ער לאָזט זיך אַ ווילע בעטן, רייצט זיך מיט איר פלוצלעכער פאַרליבטקייט, ביז ער כאַפּט זיך צו צו איר, ווי צו דער אַמאָליקער יידי־שער חלה, וואָס די אונטערבאַרגער יידישע „מומע" פלעגט אים אַרויס־טראָגן פון קיך, דעמאָלט, ווען ער איז נאָך קליין געווען און ניט געוואוסט, אַז די יידישע מומע האָט אים אַזוי פיינט...

## 2

און דאָס איז נאָך גאָלד אַנטקעגן דעם, וואָס קומט אָפטמאָל פאַר צווישן זיי, אין אַ סך אַ גרעבערער און אויסטערלישער סצענע, ווען זיי ביידע רייסן זיך, ווי צוויי קעץ אין איין זאַק, מיט חיהשער שנאה און פאַר־ליבטקייט צוזאַמען. מייסטנס קומט דאָס פאָר פאַר חגא, ווען אויסער דער שווערער אַרבעט אין פעלד און אין שטאַל און אין שייער, קומט נאָך אויס צו וואַשן און פּוצן און אויפראַמען די כאַטע, דאָס פירהויז, דעם שפייכלער. מען שטייט אויף פאַרטאָג און מען לייגט זיך שפּעט בייינאַכט. טאָמער ווייניק — הויבט זיך נאָך אָן אַ הריגה אין חזיר־שטעלכל און אויפן שוועל פון שטוב. אַפאַנאַס, באַוואָפנט מיט אַ דעמבענער בולאַווע, הרגעט חזירים אויף יום־טוב, זעצט זיי איבערן קאָפּ צווישן די אויערן, און די חזירישע גסיסה־קולות גייען אין הימל אַריין. די שוויגער, האַפּיאַ, שלאָפט אויך ניט. אויפן שוועל פון שטוב, ווי אויף אַן עשאַפאָט, קעפּט

זי שטוב־עופות מיט דעם מאַנס האַק. הינער פלאַטערן און פאַלן אַראָפּ־שוועל. קאַטשקעס פליען אָן קעפּ און זייערע אויסגעשטרעקטע העלדזער־כאַרכלען און שפּייען מיט בלוט. וואָס ביי יידן — אין דער שטיל, פאַר־שעמטערהייט, אין קוילער־שטיבל הינטער דער שטאָט און מיט אַ־זוי באַשאָטן, דאָ — גראָב און אָפן, מיט פויערישן געפילדער. יעטוועדער איז דאָ אַ קוילער און יעטוועדער — אַ שינדער. אַלע קענען די מלאכה... דערנאָך הויבט זיך אָן אַ פליקעניש פון חזיר־האָר און פעדערן, אַ האַקע־ניש און סמאַלעניש, אַ מוראדיקער טשאַד פילט אָן די כאַטע, דאָס פירהויז, אַפילו דעם שפּייכלער אין הויף, און פאַרסמט די גאַנצע גאַס. אין קיין יידישער קיך אין דער וועלט איז אַזאַ שווערער ריח ניט מעגלעך. מעג דאָרטן אַפילו געסמאַליעט און געהאַקט ווערן אויף אַ גרויסער גבירישער חתונה...

פילט זיך דעמאָלט ביילקע פאַרלוירן, ווי אין אַ גוישן גיהנום, וואו זי ווערט געבערענט און געבראָטן, לעבעדיקערהייט, פאַר איר'ע גרויסע זינד, פאַר איר פאַרלאָזן טאַטע און מאַמע, פאַר איר שמד, פאַר איר זיין אַזוי קנעכטיש פאַרליבט אין דעם דאָרפישן גויעץ. די אַרבעט פאַלט איר פון די הענט, אויפן האַרצן איז שפל, אין די שלייפן זעצן האַמערס. נאָך אַזאַ טאָג פאַלט זי אַנידער אויף איר האַרטן געלעגער אין גאַנצן אַ צעבראָכענע, אַ צעדריקטע, בשעת אַפאַנאַס און זיינע בנים, וואַניע און אַפאָנקע, שטאַרקן זיך מיט אַ גלעזל געפעפערטן בראָנפן. אַ האַלב־שיכורער טרעט דערנאָך צו, צו־איר, איר פויערישער מאַן. גראָד איר ווייבערישע מידקייט, איר געבראָכענע שטים רייצן אַצינד זיין מאַנס־בילשע בייגעריקייט. ער איז, פון קינדוויז אָן, געוואוינט צו דער בלוטיקער הריגה אין שטעלכל און אויפן שוועל פון דער כאַטע. אים האָט דאָס ניט צעמישט, נאָר אויפגערעגט. און די פאָדערונגען פון אַ געזעצלעכן מזון זיינען ביי אים היינט נאָך שטאַרקער ווי אין אַ געוויינטלעכן אָוונט. בעט זי זיך ביי אים ער זאָל זי צורו לאָזן. מיט אַ קול פון אַ קראַנקער בעט זי זיך. אָבער אָנשטאָט צו מאַכן אים ווייך, ווי זי מיינט, צערייצט זי אים גאָר. אַלע זיינע גראָבע כוחות שפּאַנען זיך אָן, זיינע פליישן פרייגן זיך אונטער זיין לייוונטענעם אָנטועכץ מיט אַ באַזונדער עקשנות. ער גיט דאָס איר צו פילן, כדי צו באַטויבן זי. זי קריגט מורא און באַוואונדערט זיין אַפּעטיט אין אַזאַ שפּעטלעכער שעה, נאָך אַזאַ שווערן טאָג. עס קערט איר צו דער גאַל, ווי אין פיבער, ווען אַ געזונטער קייט און סמאַקעוועט לעבן בעט.

— איז ווילסטו ניט?! — שרייט ער מיטאַמאָל אויף הייזעריק און צערייצט. — וואַרט, דו!

און ניט וואַרטנדיק ביז זי וועט צוקלערן אַ נייעם תירוץ, הויבט ער

אויף אַ לאַפּע און לאָזט אַראָפּ. דער גאַנצער אויוון מיטן באַלקן מיטן געלעגער הויבן אָן גייִן כאַדאָראָם פאַר אירע אויגן. שרייט זי — איז נאָך ערגער. דער צוויטער זעץ איז נאָך שווערער און פיינדלעכער. ניט איינמאָל רייסט ער פון איר אַראָפּ דאָס העמד, מיט איין צי, און פליקט עס אויף שטיקער. ער לאָזט אויס זיין צאָרן צום פויערישן געוועב, ווי צו אַ לעבעדיקער זאַך.

— וואַניאַ! — שפּרינגט זי אויף אַ כליפּענדיקע, אַ געשלאָגענע, אַ נאַקעטע און פאַלט אים אויפן האַלדז. — וואָס טוסטו מיט מיר? איך בין דאָך דיינע. אַלע מאָל דיינע. איך בין נאָר מיד געווען...

אָבער ער האָט שוין פאַרלאָרן דעם קאָפּ. דער יעגער פון אַמאָליקע סלאַווישע ווילדער צעשפּילט זיך אין אים. די פאַרבאָרגענע שנאה צו ביילקעס אָפּשטאַמונג גיט צו זיין צעיושעטקייט אַ באַזונדערן ברען. אין דער געשטאַלט פון זיין געשמדטער ווייבל רעכנט ער זיך אָפּ מיט אַלע יידן, וועלכע עסן ווייסע חלה, שלאָפן צו־ווייך, טרינקען צו־זיס און דאַוונען אין געפּאַסקעוועטע פלאַכטעס מיט לאַנגע פּאַדימענע פרענדז... פון זיי שטאַמט זי דאָך. טאָ זאָל זי וויסן, אַז דאָ, ביי אַפאַנאַסן אין כאַטע, איז ניט דאָרטן!... און וואָס שוואַכער זי ווערט, וואָס נאָכגיביקער און אומבאַהאָלפענער, אַלץ גרויזאַמער ווערט ער און ווילדעוועט:

— אַהאַ, איצטער ביסטו שוין מיינע? מיינע, אַ? חרטה געקראָגן? מיט גוטן האָסטו ניט געוואָלט? דערשראָקן זיך! טאָ נאָ דיר! איך ווייס אַז אין האַרצן האָסטו מיך פיינט. צו דיינע יידעלעך גלוסט זיך דיר. פון דיין מאַהילעווער לערערל, וועמען איך האָב דערלאַנגט אין מאָרדע, טראַכטסטו... איצטער פאַרזוך דאָס זעלבע! ניין, ניין, איך וועל ניט אויפהערן! דעם „דוך״ דעם זשידאָווסקן וועל איך פון דיר אַרויסשלאָגן איידער דו וועסט... איידער דו... ששש! שוויג, זאָג איך דיר! וועק מיין מאַמען ניט אויף. אירע בריסט האָסטו דאָך געזויגן, מעגסטו זי שאַנעווען! ציץ, ציץ *), זאָג איך דיר!

און דאָס טוט זי אויך. וואָס ברוטאַלישער ער שלאָגט, אַלץ פאַרביסענער ווערט זי, אַלץ טעמפּער ווערט זי צו זיינע קלעפּ. איר מאָדנער שווייגן שטעלט אָפּ סוף־כל־סוף זיין ווילדקייט. און זי לאָזט זיך איבערבעטן פון דער זעלבער האַנט און פון די זעלבע ליפּן, וועלכע האָבן זי אַקערשט אַזוי באַליידיקט.

ביסלעכווייז געוואוינט זי זיך צו צו איר גויישן מזל, וועלכן זי אַליין האָט אויסגעקליבן, און קיין מאָל ניט געטראַכט אַפילו, אַז ער וועט זיין אַזוי ניט־ענלעך צו אַ יידישן. זי באַליידיקט זיך מער ניט אַזוי טיף, ווי פריער, ניט פון שווער, ניט פון דער שוויגער און ניט פון אייגענעם

*) שוויג, שוויג!

מאַן, זי ליידט מער ניט פון זייערע פאַרוואורפן, אַז זי איז פויל, אַז זי האָט מורא קאַליע צו מאַכן אירע געכאַליעטע הענטעלעך. סיידן איר מאַנדלס פויסט מיט זיין ספּעציעלער ליבשאַפט לאָזן זיך איבער איר אַראָפּ. און אויך דאָס פאַרשאַפט איר מער ניט די פריערדיקע יסורים. יונג און אומדערפאַרן ווי זי איז, גלויבט זי ווירקלעך אין דעם, וואָס האַפּיאַ האָט איר שוין ניט איין מאָל אַ וואונק־געגעבן, אַז אַזוי און ניט אַנדערש לעבן צווישן זיך אַלע הייס־בלוטיקע מענער און ווייבער. און בכלל — אַלע ביידע מינים אויף דער גאָרער וועלט. דער האָן בייסט דעם קאָם ביי דער הון; דער קאָטער דראַפּעט די קאַץ, און דער אָקס אין פעלד סטראַשעט די קו מיט זיינע הערנער... אמת, ביי טאַטע־מאַמע, אין דער אונטערבאַרגער היים, האָט זי קיין מאָל אַזעלכע סצענעס ניט געזען. נאָר פון זיי איז קיין ראיה ניט. זיי זיינען דאָך שוין אַלטע לייט. זינט זי, ביילקע, געדענקט, זיינען זיי פאַרגרויט און פאַרזאָרגט. וואָס ווייסן אַזעלכע, וואָס יונגע לייט לעבן איבער? וואָס פאַרשטייען זיי פון ליבע, צוליב וועלכער מען וואַרפט אַוועק טאַטע און מאַמע און מען שמדט זיך אָפּ און מען אַרבעט ערגער ווי אַ דינסט?... די שנאה, וואָס וואַנקע, איר מאַן, לאָזט אָפּטמאָל אויס צו איר יידישער איידלקייט, צו איר זייי־דיקן ניט־גוישן ליב, האָבן אין זיך באַזונדערע רייצן. ווער אַזוי ווי זי פילט אין זיינע באַליידיקונגען דעם הייסן ציטער פון אַ פאַרליבטן, די פאַרצווייפלונג פון אַ האַרץ וואָס קען זיך ניט אָנזעטיקן, דאָס צאַפּלען פון אַ ליידנשאַפט וואָס קען זיך מיט געוויינלעכע ווערטער ניט אויסדריקן?

מיט דער צייט הויבט זי אָן צו באַמערקן, אַז זי אַליין וואַרט אָפּט־מאָל אויף וואַניעס ברוטאַלישע שטיק, אויף זיין ברומען איבער איר ווי אַ חיה, אויף זיין שווערער האַנט. און ווען דאָס קומט ניט אַזוי גיך, אָדער ניט אין דער געשטאַלטונג און מאָס, ווי זי האָט געוואָרט, באַמיט זי זיך דאָס אַרויסצורופן, מיט געמאַכטער קאַלטקייט, מיט ניט־נאָכגעבן; כדי מיט אַ טאָפּלטן פייער, אין מיטן שלאָגן און באַליידיקן זי, אַרומכאַפּן זיין גלאַטן אָפּגעברענטן קאַרק און וויינען אויף זיין ברוסט, וואָס איז, אין קעגנזאַץ צו זיין קאַרק און הענט, ווייס אַזוי ווי מילך, ניט באַרירט פון ווינט און זון, ווי ביי אַ קינד...

זיי ביידע זיינען אַצינד ווי צוויי יונגע באַשעפענישן פון דער קע־צישער משפחה, אַ יונגע טיגער־פּאָר, וואָס מוטשען איינער דעם צווייטן און רייסן איינער ביים אַנדערן שטיקער לייב מיט ציין און נעגל, כדי צו ליבן זיך דערנאָך נאָך פייערדיקער ווי פריער, נאָך אויסטערלישער ווי אַלע אַנדערע חיות.

נאָר גאַנץ זעלטן, נאָך אַ ווילדער סצענע, וואָס איז אַ געמיש פון עקסטאַז און יסורים, פון שלעגערייען און שלום־טרערן, ווען זי בלייבט

אַליין און פילט אין גאַנצן קערפּער די נאָכווייענישן פון אַזאַ האַמעטנער ליבשאַפט, טשוכעט זי זיך פלוצלונג אויס, ווי פון אַ בייזן חלום: גוואַלד געשריען, וואו בין איך דאָס אויף דער וועלט? וואָס טוט זיך דאָס מיט מיר? בין איך דאָס טאַקע ביילקע שיינע־שרהס? ווי קום איך אַהער? מען קאָרמעט מיך ווי אַ בהמה, מען צלמט מיך ווי אַ גויע, מען שלאָגט מיך ווי אַן אָרעסטאַנטקע, מען נעמט מיך ווי אַ שאַנד־מיידל... וואו זיינען דאָס מיין טאַטע און מאַמע? מיין ברודער און שוועסטער? פאַרוואָס קומען זיי ניט? פאַרוואָס ראַטעווען זיי מיך ניט אַרויס?

צעוויינט זי זיך ביטער און גריבלט ווי צו אַנטלויפן פון אַזאַ גיהנום. מאַהילעוו איז דאָך ניט אַזוי ווייט. און אַנטלויפן, צו צילען, איר שוועס־טער, איז ניט אַזוי שווער. ווי איינצושפּאַנען אַ וועגל האָט זי זיך שוין אויסגעלערנט. זי האָט שוין מער קיין מורא ניט פאַרן פּערדס היגטערש־טע קאָפּיטעס, ווי ביים טאַטן אין שטוב... דאָס גלייכסטע איז: אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך ביי צילען. דאָרטן אויסקרענקען, איינע אַליין, דאָס לעצטע ביסל בענקשאַפט נאָכן שייגעץ. אַ שוועסטער איז ניט קיין פרומע מאַמע. צילע וועט גיכער מוחל זיין, וועט זי באַהאַלטן, קיינעם ניט צו־לאָזן צו איר... אַנטלויפן, אַנטלויפן! אַרויס פון דעם גאַנצן גויישן שמוץ, וואָס איז אויף איר אָנגעוואַקסן, פון דעם גראָבן לעבן, וואָס האָט אַזוי קאַליע געמאַכט אירע שיינע הענט און פאַרעלטערט איר האַרץ. אויסבאָדן זיך, ווי אין אַ הייסער וואַנע, אין יידישקייט, אין קרובהשאַפט, אין אמתער פריינדשאַפט. אַ בריוו שרייבן, אַ בוך לייענען...

אָבער די דאָזיקע פאַרלאַנגען ווערן לייכט צעשטערט, ווען וואַנ־קע, איר מאַן, קומט אויף איר אָן מיט זיין לייוונטענער העמד איבער די הויזן, מיט די שטראָמע פיס אין נייע ליקענע לאַפּטיעס, מיטן בלויען גאַרטל אַרום די לענדן, וואָס מאַכט בולטער די אַמאָליקע בלוי־קייט פון זיינע אויגן... וואונדערט זי זיך אַליין, וואָס דער גן־עדן בליט אַזוי נאָענט לעבן גיהנום. כמעט איין און דעם זעלבן איינגאַנג האָבן זיי. לאָזט זי אַראָפּ דעם שוואַרצן קאָפּ אירן. אַ טרייע, אַ געשלאָגענע, אַ גרייטע ווידער אַמאָל געשלאָגן און געליבט צו ווערן. אַלע אירע באַפרייאונגס־פלענער צעפליען זיך, ווי שפּינוועבס אין ווינט. קיינער פון דער אַמאָליקער היים וויל פון איר ניט וויסן, און זי פון זיי — אויך ניט. דאָס קליגסטע איז: אָפּצומעקן יעדן סליאַד צום פריערדיקן לעבן, און וואָס טיפער פאַר־זינקען אין דעם נייעם. מער קיין צוריק זאָל גאָר ניט זיין מעגלעך.

## דריי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# אויפֿן יאַריד

1

טיף ליגטביילקע אין גויישן זומפּ, פֿאַרגרעבט און פֿאַרגעסן. זי שיכורט זיך אָן מיט וואָנקעס אויסטערלישער ליבשאַפֿט, כדי ווידער אויסטשוכען זיך, טאָפּלט צעבראָכן און דערנידעריקט, ביי די נייע קרובים אין כאַטע, אַזוי ווי ביי זיך אַליין; און, כדי צו פֿאַרגעסן זיך, אָבער־אַמאָל צו זויפֿן דעם זעלביקן גיפֿטיקן געטראַנק...

פֿון איין זאַך קען זי זיך אינגאַנצן ניט באַפֿרייען: פֿון איר באַהאַלטע־נעם לעכצן אָנצוקוקן דעם יידישן „אונטערבאַרג", וואו זי איז געבוירן געוואָרן; דעם מעשענעם האָן אויף דער גרויסער מיל, וואָס דרייט זיך וואוהין דער ווינט בלאָזט; כאָטש נאָכאַמאָל אָננעמען די אַלטע אויסגע־גלעטע קליאַמקע פֿון טאַטנס הויז, דערהערן איר באַזונדער קלימפּערן, וואָס האָט זיך איינגעשניטן אין זכרון ווי אַ ליבלעכער ניגון... זי ווייסט, אַז דעם טאַטנס שטוב שטייט געשלאָסן, די לאָדנס — פֿאַרהאַקט מיט זשאַווערדיקע אייזנס. די אונטערבאַרגער מעקלערס, וואָס קומען אין מאַקאַראָווקי אויפֿצוקויפֿן אייער און חזיר־האָר און קעלבערנע פֿעלכלעך און פֿלאַקס, האָבן שוין לאַנג געבראַכט די טרויעריקע נייס, באַלד נאָכ־דעם, ווי זי, ביילקע, האָט זיך דאָ אָפּגעשמדט אין פּויערישן קלויסטערל. אָבער עפּעס גלויבט זיך איר ניט. זי מאַכט זיך האַרץ און וויל די אַמאָ־ליקע יידישע שכנים ניט טרויען. זי ווייסט, אַז זיי אַלע פֿאַראַכטן זי. זי האָט מורא פֿאַר זיי, ווי פֿאַר פֿאַרשטעלטע משולחים, וואָס קומען, כלומרשט, איינצוהאַנדלען דאָרפֿישע סחורות, און אין דער אמתן — כדי איבערצוּוואַוינקען זיך איבער איר פֿאַרפֿאַלנקייט, כדי צו צאַפּן איר דאָס בלוט...

דערזעט זי פֿון דערווייטנס אַ יידיש פּורל — באַהאַלט זי זיך אויס וואו נאָר זי קען: אין שייער, אין כאַטע הינטערן אויוון, אין קאָרן. זי מיידט אויס אַלע זייערע יידישע שטיקלעך. און אַריינצוקוקן איר, דער יונגער משומדתטע, אין די אויגן מיט זייער אויסגעקוילערטן, אָפּלאָכערישן קוק, געלינגט זיי כמעט קיינמאָל ניט...

פֿאַרנאַכט, נאָך אַזאַ אויסבאַהאַלטן זיך, דערגרייכן צו אירע אויערן די אָפּקלאַנגען פֿון אַזאַ יידישן באַזוך. מען רעדט אין כאַטע וועגן איר טאַטע און מאַמע מיט האַלבע פֿאַרשוואומענע ווערטער, ווי וועגן טויטע. און זי הערט, אַז זייער שטוב איז ווירקלעך געשלאָסן, אַז פֿון קוימען

גייט קיין רויך ניט, און שטיקער אויסגעשווענקטע ציגל פאַלן פון אים אַראָפּ אויפן דאַך... שווער און שוויגער קוקן זיך דערביי איבער מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע אין די אויגן, וואָס דער נצחון איז אויף זייער זייט; וואָס די ייִדישע איינגעשפּאַרטקייט האָט נאָכגעגעבן און אַנטלאָפן אין אַן אַנדער שטאָט. מען קעמפט אַפילו ניט קעגן זיי — די דאָרפישע כאַפּערס; מען לאָזט זיי צורו... דאָס צעקאָכט אין ביילקען דאָס בלוט, וואַרפט זי אַריין אין אַ טיפער פאַרצווייפלונג. זי פאַרלירט איר גוטן אַפּעטיט נאָך אַ טאָג אַרבעט. זי מאַכט זיך קראַנק און אַפּהענטיק. אָפּ־הענטיקער ווי זי איז אין דער אמתן. זי ליגט און וויינט שטילערהייט נאָך שטוב און עלטערן, ווי נאָך אָפּגעברענטע און געשטאָרבענע, וואָס זי וועט שוין מער קיינמאָל ניט זען; וואָס קען גאָר ניט געמאָלט זיין, אַז זי זאָל זיי נאָכאַמאָל זען...

איר באַהאַלטענע בענקשאַפט, צו קומען אין באַרירונג מיטן געבורטס־אָרט, איז געוואָרן ממשותדיקער „טראַיצע"־צייט, באַלד נאָכן ייִדישן שבועות. דער זומערדיקער יאַריד אין שקלאָוו איז נעענטער געוואָרן און די „מאַלאַדקעס" *) פון מאַקאַראָווקי האָבן זיך גענומען גרייטן, קלייבן קאָפּיקע צו קאָפּיקע, כדי איינצוקויפן זיסע געבעקס, קאָפּ־כוסטעס און כל־ערליי שמאַכטעס, וואָס ווערן אין דאָרף ניט געמאַכט. אָרעמע פּויערטעס, וואָס האָבן קיין גראָשן ניט ביי דער נשמה, האָבן געקליבן שוועמלעך, געטריקנט און געקראַנצט, אויסגענייט ביז שפּעט אין דער נאַכט שמאָלע פּאָסן לייוונט, כדי צו פאַרקויפן דאָס אויפן יאַריד, און גלייך אויפן אָרט איינהאַנדלען זאַלץ און צוקער פאַר דער אָרעמינקער באַלעבאַטישקייט.

מער ווי אַלע יונגע פּויערטעס האָט זיך געגרייט פּעלאַהייע „די סאָלדאַטקע" — אַ שיינע כוואַטסקע גויע, וואָס איר מאַן דינט אין קיעוו און פון וועלכער מען רעדט, אַז זי פאַרטאַכלעוועט דעם מאַנס איבערגעלאָזענע פּראַצע און אַז קיין גרויסע צנועה איז זי אויך ניט...

האָבן די יונגע שיקסעס און מאַלאַדקעס גענומען צושטיין צו בעלקאַן, זי זאָל אויך פאָרן אויפן יאַריד. מען האָט זי נאָך אַלץ באַטראַכט אַלס די שענסטע אין דאָרף; און, ווי דער שטייגער איז ביי יונגע ווייבלעך, אי מקנא געווען, אי געטוליעט זיך צו איר פרעמדער, שוואַרץ־האָריקער שיינקייט. איר אַנטלויפן פון דער היים און אָפּשמדן זיך פאַר אַ „זייעריקע" האָט עפּעס אויך געהאַט וואָס צו זאָגן. עס האָט גערייצט די ווייבערישע נייגעריקייט, געצויגן ווי אַ מאַגנעט...

לכתחילה האָט זיך ביילקע אָוועקגעמאַכט, ניט געוואָלט, געבאַקט

---

*) יונגע ווייבלעך.

תירוצים. דערנאָך איז איר איינגעפאַלן, אַז אַצינד האָט זי אַ גוטע געלעגנהייט פאַרבייצופאָרן דעם „אונטערבאַרג", אָנקוקן דעם טאַטנס פאַרלאָזענע שטוב מיט אירע אויגן. וואָרעם קיין אַנדער וועג, פון מאָקאַראָווקי ביז שקלאָוו, איז ניטאָ. פאָרט מען מיטן אָקס, ניט מיטן דניעפּר, מוז מען פאַרבייפאָרן די גרויסע מיל און די אונטערבאַרגער הייזער, צי מען וויל, צי מען וויל ניט... אויסער דעם, אין דעם טומל פון גוישקע פורן, וועט זי זיך קיינעם ניט וואַרפן אין די אויגן. אַ סך יונגע פויערטעס פאָרן — פאָרט נאָך איינע. הינטער פלייצעס און קאָפּטיכער וועט זי זיך באַהאַלטן און טשאַטעווען און קיינער וועט זיך אויף איר ניט אומקוקן...

און ווען עס איז געקומען דער טאָג פון יאַריד — אַ זוניקער, אַ פרישער, — האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אַ הייס־אויפגערעגטע, אַ צאַפּלדיקע: „זי פאָרט! זי פאָרט!" און כדי נייגעריקע יידן זאָלן זי ניט דערקענען, האָט זי זיך אויסגעפוצט אין אירע בעסטע חגא־קליידער. אַ קווייטלדיקע בלוזע מיט הענגענדיקע אַרבל אָנגעטאָן אויף זיך, אַ פאַרביק־געפּאַסקעטן קליידל, נייע לאַפּטיעלעך; און אויפן שוואַרצן קאָפּ האָר אָנגעדרייט אַ גאַנצן טורעם פון כוסטקעס — בלאַסע מאָן־בלומען אויף אַ שוואַרצן גרונט. דאָס שוואַרצע געוועב זאָל אין גאַנצן פאַרדעקן די טשיקאַווע טונקלקייט פון אירע האָר. דעם פּנים האָט זי פאַרשטויבט מיט קאַרענע מעל, כדי צו פאַרווישן די ברוינקייט פון איר הויט. די יונגע שיקסעס האָבן אַזש אַ שלוקערץ געטאָן פון פאַרוואונדערונג, ווען זיי האָבן זי דערזען. אַלע אויף איין מאָל האָבן גענומען באַלאַבאַטשען און פאַרזיכערן, אַז אַזוי שיין איז זי נאָך קיינמאָל ניט געווען, אַז זי זעט אַצינד אויס ווי אַן אמתע פּראַוואָסלאַוונע, אַ „זייעריקע" מיט אַלע פּליטערלעך...

## 2

ניט פאַרגונען איר שיינקייט האָט נאָר פעלאַהייע „די סאָלדאַטקע". דערזען זי אַזאַ בליאַסקענדיקע אין איר דאַרפישן חן, האָט פעלאַהייע אויפגעריסן אַ פּאָר גרויסע אויגן און זיך צווייִדייטיק צעלאַכט:

— ערשט איצט זעט מען וואָס פאַר אַ שיינע יידישקע דו ביסט!

ביילקען האָט אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. דאָס „גוט וואָרט" און געזאָלצענע געלעכטערל האָבן געהאַט אַ טעם פון האָניק מיט הערינג־ראָסל. אויסער דער דייטלעכער ניט פאַרגינערישקייט, האָט זי דאָ דערפילט אַ באַהאַלטענע פאַלשקייט אויך, און ניט באַגריפן פון וואַנען דאָס שטאַמט. דער זוניקער פרימאָרגן איז פּלוצלונג אויסגעלאָשן געוואָרן, די הייסע אויפרעגונג האָט אָפּגעלאָזן און אַ שלאַבעריקייט האָט

זיך צעגאָסן איבער די הענט און פיס. זי האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן דעם חשק צו פאָרן, מיט אַזאַ פּעלאַהייקען, אין איין און דעם זעלבן וועג, אין איין וואָגן...

עס איז אָבער געווען שפּעט חרטה צו האָבן. אַפּאַנאַסעס פּאַדוואָדע איז געשטאַנען געשפּאַנט, אויסגעבעט מיט פרישע היי פון היי־יאָריקן ערשטן שניט. די גאַנצע משפחה האָט זיך, טומלענדיק, אויסגעזעצט פון ביידע זייטן וואָגן, די פיס מיט די לאַפּטיעס אַרויסגעהאַנגען. אַ פּאָר שכנישע מאַלאַדקעס האָבן זיך אויך אַריינגעשטופּט און ביילקען אַריינגענומען אין מיטן. ווי אַ גרויסע לעבעדיקע בלום האָט זי זיך צעלויכטן צווישן די פויערישע פּנימער. מילכיק־בלויע אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט אַרום איר. ביילקע האָט דאָס דערפילט, פאַררויטלט זיך און געמאַכט זיך קלענער ווי זי איז.

די פור האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט, די אַראָפּהענגענדיקע פיס און לאַפּטיעס האָבן זיך צעבאָמבלט, די מאַלאַדקעס האָבן זיך צעכיכיקעט. קיין האַלבן וויאָרסט פון מאַקאַראָווקי איז מען נאָך ניט אָפּגעפאָרן און אַלע האָבן, אויף איין מאָל, באַקומען דעם גאָר גרויסן אַפּעטיט. אַלע כלאָפּאָטעס האָבן זיך געענדיקט און די טיפע מאָגנס האָבן זיך צעשריען. פולע טאָרבעס האָבן זיך אויפגעבונדן און ווייסע ציין האָבן זיך איינגעגראָבן אין שוואַרצע ברויט־לוסטעס מיט „סאַלאָ" *) באַלייגט. מען האָט זיך ניט געאיילט. געמאָלן ווי געזונטע פערד ביים פולן זאַשיק. קיין ברעקעלע ניט געלאָזן פאַלן. מיט פאַרמאַזאָליעטע הענט אונטערגעכאַפּט, ווי טייערע פּערל, און קונציק געוואָרפן אין די פולע מיילער... ביילקע האָט זיי נאָכגעטאָן. דאָס האָט אַ ביסל פאַרשלייערט איר פאַרגאַנגענהייט, אירע יידישע אויגן, איר ברוינע שיינקייט, וואָס שלאָגט דורך איר פויערישן אָנטועכץ. כדי נאָך מער פאַרמאַסקירן איר גלאַנצנדיקע איינזאַמקייט, האָט זי זיך געמאַכט, אַז זי עסט נאָך זשעדנער און גרעבער ווי די דאָרפישע לייט אַרום איר. די אָנגעפּאָלדעוועטע כוסטע — נאָך טיפער אַראָפּגערוקט איבער די שוואַרצע אויגן... האָט מען אַזוי געבאָמבלט מיט די לאַפּטיעס אַראָפּ וואָגן, געשאָקלט זיך און געאַכלט און געלאַכט פון די פולע בייכער אַרויס צוועלף וויאָרסט נאָכאַנאַנד, ביזקל ליימיקן באַרג אַראָפּ; ביז דער מעשענער האָן אויפן שפּיץ פון דער גרויסער מיל האָט זיך אַ דריי־געגעבן אין ווינט און אַפּלאַכעריש־שטום צעקרייט זיך איבערן מזל פון אַן אונטערבאַרגער יידישער טאָכטער...

ביילקען האָט שטאַרק געגומען קלאַפּן דאָס האַרץ און דאָס פויערישע עסן איז איר פּלוצלונג שטיין געבליבן אין האַלדז. היימישע ריחות האָבן אויף איר אַ וויי געגעבן און פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט. פון שוואַרצן ברויט

*) חזיר־פעטס.

איז אַרויסגעקראָכן דאָס פערדן־מיסט אויפן פעלד, און פון שטיק פעטס — דער חזיר...

וואַנקע, ביילקעס מאַן, איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף די קני, דאָרטן, וואו די קעלניע געפינט זיך אין אַ שטאַטישן וואָגן, דאָס הייסט: הינטערן פערדס עק, און האָט אָנגעטריבן. מיט איין האַנט געשטופּט אין מויל אַריין און מיט דער צווייטער — געצויגן די שטריקענע לייצעס. דערנענטערט זיך צום „אונטערבאַרג" און דערזען פון דערווייטנס דאָס ווענדל, וואו שיינע־שרה, זיין יידישע שוויגער, האָט אים אַמאָל געכאַפּט מיט זיין מילך־שוועסטער, זיין איצטיקע ווייבל, האָט ער אַ קער־גע־טאָן אַ מויל מיט לאַכנדיקע ווייסע ציין צו ביילקען און אונטערגעוואונקען איר מיט איין אויג:

— בעלקאַ, געדענקסט?

אַליין איז ער געווען בלאָסלעך, אַ קאַפּעלע פאַרלעגן. ער האָט זיך נאָך איצטער געשעמט פאַר דער פּחדנות, וואָס ער האָט דעמאָלט אַרויס־געוויזן און וואָס ער איז אַזוי מיאוס אַנטלאָפן פאַר דער אַלטער יידענע...

צי זי, ביילקע, געדענקט, פרעגט ער!... זייער גוט געדענקט זי דאָס. דער אָנגעלאָפענער ווענדל האָט זי דערשראָקן ווי אַ רוח. און פאַר־געסנדיק אויף אַלע גויישע קרובים, וואָס הערן זיך צו און קוקן זי אָן, האָט זי אָנגעכאַפּט וואַנקען, איר מאַן, פאַרן בלויען גאַרטל, גענומען ציען און בעטן:

— טרייב גיכער, וואַניאַ, גיכער! בלייב ניט שטיין!

די משפחה האָט זיך איבערגעקוקט. פעלאַהייע, די סאָלדאַטקע, האָט אַ כיכיקע געטאָן און אַפּאַנאַסעס טאַטערישע אויגן האָבן זיך קרום צע־שמייכלט:

— טשאַהאָ פּוהאַטסיאַ? וואָס, הייסט דאָס, איז דאָ, וואָס מורא צו האָבן?

ער האָט דאָס אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין און געמיינט זיין יידישע שנור... דערזען, אַז זי קוקט זיך אַפילו ניט אום אויף זיין פּויערישער חכמהלע, האָט ער צוגעגעבן אַ ביסל שטילער און ערנסטער:

— זיי זיינען דאָך אַלע אַוועקגעפאָרן!

ווער די „זיי אַלע" זיינען האָט ביילקע אויך פאַרשטאַנען. פונדעסט־וועגן האָט זי ניט אויפגעהערט צו ציען איר מאַן פאַרן גאַרטל:

— טרייב, וואַנקעלע, איך בעט דיך! טרייב גיכער!

דאָס מאָל האָט וואַנקע געפאָלגט. ער האָט דערזען אין זיין ווייבס אויגן יענע שרעק, וואָס ער אַליין פלעגט אַמאָל באַקומען, דערנענטערנדיק זיך צום יידישן „אונטערבאַרג", צו דער „מומען" מיט די שפּיזלען... אַצינד האָבן זיך די ראָלן געביטן. ער איז דער האָפערדיקער, ביילקע —

די שרעקעוודיקע. וויבאַלד אַזוי — טאָ זאָל ז י י נ ס אַריבערגיין. „היניאַ, סיווקאָ!...“ האָט ער פריילעך אַ שמיץ אין אַ שמונצער־געטאָן צום ווייסן פערדל אין שפּאַן, און אַוועקגעטראָגן זיך באַרג־אַראָפּ מיט דער גאַנצער כאַפּטע אין וואָגן.

פול באַזעצט מיט קאָלירטע כוסטעס און שוואַרצע קאַרטוזן, האָט זיך אַפּאַנאַסעס פּאַדוואָדע געטראָגן אין גאַלאָפּ צווישן די אונטערבאַרגער שטיבער. פענצטער האָבן זיך אויפגעריסן און נייגעריקע האָבן געמאַכט דעכלעך איבער די שטערנס, כדי בעסער צו זען וואָס איז דאָ דער מער מיט דער דאָזיקער פּויערישער פור, ווי מיט אַנדערע פורן... און פּאָר ביילקעס צעשראָקענע אויגן האָבן זיך גיך פאַרבייגעטראָגן: אַפּריער אַ צוויי־דריי נידעריקע שייערן, דערנאָך — יאַוודאָכעס כאַלופּע, מיט אַ פּאָר־זשאַווערטער קוואַרט־פּושקע אַנשטאָט אַ קוימען. נאָך איר — דאָס אונטערבאַרגיקע בית־מדרשל, די ערשטע שכנישע הייזער, דעם טאַטנס הויז... „האַלט!“ — האָט זי האַלב־געחלשט אַ קוויטש געגעבן און, מיט קראַמפּנדיקע פינגער, אָנגעכאַפּט דעם מאַנס לייוונטענעם אַרבל. אַצינד האָט איר שוין מוראדיק באַנג־געטאָן וואָס מען פאָרט אַזוי גיך, וואָס זי אַליין האָט דאָס געהייסן... אָבער אָפּצושטעלן דעם שווערן צעלאָפּענעם וואָגן איז שוין מער ניט געווען מעגלעך. זי האָט נאָר קוים צייט געהאַט צו באַמערקן דעם גרויסן שלאָס, וואָס הענגט אויפן טויער, דעם פאַר־רעגנטן גאַניק מיט גרויע שימל־פלעקן, די אייזערנע פרענטן, וואָס ליגן קרום איבער די פאַרהאַקטע לאָדנס — און באַלד איז אויסגעוואַקסן די גרויסע מיל איבערן הרעבליע־בריקל און אין גאַנצן פאַרשטעלט די ליבלעכע, אין האַרצן־איינגעבאַקענע און אַצינד אַזוי פאַריתומטע שטוב.

אַ דערשלאָגענע, מיט אַן אַראָפּגערוקטער כוסטע איבער די אויגן, איז זי געבליבן זיצן אין טראַסקענדיקן וואָגן. דאָס בערווענע בריקל אי־בער דער הרעבליע האָט זיך צעברומט ווי אַ באַראַבאַן. האַפּיאַ, איר שווי־גער, האָט עפּעס גערעדט צו איר, נאָר זי, ביילקע, האָט גאָרניט באַגריפן. און מער ווי ניט באַגריפן — געמאַכט זיך, אַז זי הערט ניט, אַז זי פאַר־שטייט ניט...

3

אויפן שקלאָווער יאַריד, אינעם הו־האַ פון מענטשן און פערד, פון אויפגעשטעלטע האַלאַבליעס און אָנגעצויגענע ביידלעך, אינעם טומל פון באַלאַבאָטשענדיקע מיילער און פאַכנדיקע הענט — איז ביילקען גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. זי האָט זיך אויסגעמישט צווישן די שיקסעס פון זייער דאָרף, אויף אַ לכתחילה אָפּגערעדטן אָרט, געמאַכט זיך לוסטיק און געלאַכט, הויך אויפן קול גערעדט פּויעריש מיט אַן איבערגעטריבענער

ווייס־רוסישער אויסשפּראַך: מיטן „האַ" און מיטן „טשאַ" און מיטן „איטש", וואָס דערמאָנט די פּאַליעסער זומפּן, ווען מען טיאָפּעט אין זיי. מען וואָלט באמת געקאָנט מיינען, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל קיין וואָרט יידיש אין מויל ניט געהאַט... זי האָט אַפילו געגומען אַ גלעזל בראָנפן מיט דער גאַנצער „משפחה" אין וואָגן און פאַרביסן מיט הערינג. ניט געשניטן, נאָר געריסן מיט די פינגער אויפן פּוי־ערישן שטייגער. דערנאָך געוואַשן זיך לעבן ברונעם פון דער פּאַזשאַרנער קאָמאַנדע, געשפּריצט זיך מיט וואַסער און געשטיפּט מיט די מאַלאַטקעס.

און וואַנקע, איר מאַן, האָט זיך אויך צעלאָזן, צעגאַרטלט זיך און געקויפט גאַנצע צוויי לעקעכלעך, מיט גרינעם צוקער באַצאַצקעט. איינעם פאַר איר און דעם צווייטן לעקעכל — ניט פאַר דער מאַמען און ניט פאַר זיין ברודערס כלה, נאָר פאַר פעלאַהייען — דער סאָלדאַטקע.

דאָס האָט ביילקען שטאַרק פאַרדראָסן. האָט זי געזאָגט, אַז איצטער גלוסט זיך איר ניט צו עסן לעקעך. און זי האָט דעם מאַנס מתנה באַהאַלטן אין בוזעם, אויך — ווי אַן אמתע פּויערטע פון דאָרף. אין דער זעלבער צייט האָט פעלאַהייע געכראָמשקעט דאָס געשענקטע לעקעכל מיט גע־זונטע ציין; חוצפּהדיק איבערגעקוקט זיך מיט וואַנקען און געכאָכאָטשעט. כאָטש קיינער האָט זי ניט געקיצלט און קיינער האָט דאָ קיין גלייכווערטל ניט געזאָגט.

וואָס ביי ביילקען אויפן האַרצן — איז איין זאַך. אָבער אויבנאויפלעך איז זי כמעט קיינעם ניט אויפגעפאַלן מיטן באַזונדערן גלאַנץ פון די שוואַרצן אויגן, מיטן באַזונדערן אויסדרוק פון ניט־פּויערישן געזיכט. דער טאָג איז אַריבער ווי אין אַ שיכרות. און ווי אין אַ פאַרביקן קאַרע־האָד האָבן זיך געדרייט אַרום איר מענטשן, בהמות, סחורות, וועגענער. ערשט פאַרנאַכט, ווען מ'האָט זיך גענומען קלייבן צוריק אַהיים, איז זי אַ ווײַלע געבליבן איינע אַליין לעבן וואָגן. געהיט די איינקויפעכצן, וואָס די גאַנצע משפחה האָט געמאַכט. דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן איר אויסגעוויזן באַקאַנט. זי האָט אַ קנייטש־געטאָן דעם באַטיכלטן שטערן און זיך דערמאָנט, אַז אַזעלכע אויגן און אַזאַ קרומע נאָז צווישן זיי האָט ניט קיין אַנדערער ווי ניאָמע, ניאָמע דער בשמים־קרעמערל, ביי וועלכן זי פלעגט קליינערהייט קויפן צוקערלעך אָדער כאַלוואַ פאַר אַ קאָפּיקע, ווען זי איז געפאָרן אין שטאָט אַריין מיטן טאַטן. ניאָמעס אויגן האָבן זי אויך אָנגעקוקט... און ווי אָנגעקוקט! מיט אויסגעקוילערטע ווייסלען און מיט עכטער קליינשטעטלדיקער ביי־געריקייט. נעמט זי און דרייט זיך אויס און מאַכט זיך ניט זעענדיק. פוילט זיך אָבער ניאָמע דער בשמים־קרעמער אויך ניט, זוכט זי אויף פון

צווייטן זייט וואָגן און שטעלט אויף איר אָן די זעלבע נאָז און פּאָר אויגן. זי דרייט זיך און יענער דרייט זיך אויך. זי באַהאַלט דעם פּנים און יענער וויל דווקא אַריינקוקן אין אים. מיטאַמאָל הערט ער אויף צו שפּילן קאַץ און מויז, גיט אַ טראַט־צו נענטער, קוקט זיך אַרום און גיט געהיימניספול אַ שעפּטשע:

— ע... ביסט מיר עפּעס באַקאַנט.

— טשאַהאַ? — גיט ביילקע בייז אַ פרעג און דווקא הויך אויפן קול. אַ בעל־גופס אַ טאַכטער, וואָס פאַרשטייט קיין שייטל ייִדיש ניט, וואָלט דאָס בעסער ניט געמאַכט.

אָבער ניאָמע דער בשמים־קרעמער דערשרעקט זיך אַ האָר ניט פונעם פויערישן „טשאַהאַ“, און גיט אַ פרעג גאַנץ קלאָר און גאַנץ דייטלעך און גאַנץ ייִדישלעך אויך:

— ניט משה־לייבס טאָכטער?

אַזאַ אומפאַרשעמטקייט האָט אין איר אויפגעקאָכט דאָס בלוט. איר בענקשאַפט נאָך אירע אַמאָליקע יאָרן האָט זיך גלייך אויסגעוועפּט. זי האָט זיך אַצינד געמוזט אָנטאָן אַ כוח ניט אויסצושרייען, ניט אויסצוזידלען זיך אויף עכט־גוייש: „זשיד, טשאַהאַ פריסטאַל?“ *)

אַרויסגעראַטעוועט האָט זי האַפּיאַ, וועלכע איז אָנגעקומען מיט פּעקלעך אונטער ביידע אָרעמס. לאָזט ביילקע איבער, אין רעכטן מיטן כעס, דעם בשמים־קרעמער, לויפט דער שוויגער אַקעגן און פאָכעט צו איר, מכלומרשט זייער דערפרייט, מיט ביידע הענט:

— איז פאָרן מיר? מיר פאָרן? וואו איז דער שווער?

— קודיזש טאַם! **) — סאָפּעט האַפּיאַ און שטופּט זיך דורכן עולם מיט אירע פּעק — זאָלץ קויפט ער איץ. געלאָזן אַלץ אויף דער לעצטער מינוט, ווי אַלע מאָל. אוף!

— און וואַניאַ וואו איז?

— ווער ווייסט אים! לעבן מאַנאָפּאָל שטייט ער. וואָס מ׳האָט געטרונקען דאָ ביים צובייסן איז אים ווייניק...

דערזעט ניאָמע באַשיינפּערלעך, אַז ער איז דאָ איצטער ניט אויף אָן אָרט און אַז אויף זיינע שאלות וועט ער אַצינד קיין ענטפער ניט באַקומען. טרעט ער אָפּ פון וואָגן און הויבט מיט איין פּלייצע האַלב־אָפּלאָכעריש, האַלב מסופּהדיק, ווי אַ מענטש, וואָס איז ניט גאַנץ זיכער צי האָט ער גע־טראָפן, צי ניט. מילא, הייסט דאָס, אַ טעות־געהאַט און פאַרפאַלן.

אָבער גראָד דעם בשמים־קרעמערס קווענקלען רופט אַרויס ביי בייל־קען אַ פאַרקערטן געפיל. אַ שטילע חרטה קען מען זאָגן. איר אויסגעבענקט

*) ייִד, וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט?

**) וואו דאָרטן?

האַרץ הויבט אָן צו ציען. איר דאַכט זיך, אַז ניאָמע איז פון עמיצן אונ־טערגעשיקט געוואָרן, כדי איבערצורײַדן מיט איר שטילערהייט. אפשר האָט אים דער טאַטע געבעטן? אפשר די מאַמע?...

אן אומרואיקייט האָט זי אָנגעכאַפּט. נאָך איין רגעלע און דעם בשמים־קרעמערס באַבערדלטער קאָפּ וועַרט פאַרשוואונדן אינעם געדראַנג פון מענטשן און פערד.

— ביי וועמען קויפט־איין דער שווער? — גיט ביילקע גיך אַ פרעג.

— אַט דאָ ניט ווייט, ביי מאָרדקען... — סאָפּעט די שוויגער — אויף יענעם זייט קאַנאַווע.

— כ׳וועל אים גיין העלפן! — מאַכט ביילקע, און וואַרט ניט ביז די שוויגער וועט איר דערלויבן. זי גיט אַ שפרונג מיט אירע לײַכטע פיס און לאָזט איבער האָפּיאָן און אירע פּעקלעך איינע אַליין ביים וואָגן.

4

נאָר אָנשטאָט אַוועקצוגיין איבערן קאַנאַווע־בריקל, אַזוי ווי האָפּיאָ האָט איר אָנגעוויזן, גייט ביילקע אַוועק גלייך צו יענעם אָרט, וואו ניאָמע דעם בשמים־קרעמערס קאָפּ איז אָקערשט פאַרשוואונדן געוואָרן. זי שטופּט זיך און מען שטופּט זי. זי גייט אין האַלב־קרייז, דרייט זיך אום און שטויסט זיך אָן פּנים־אל־פּנים מיטן נייגעריקן יידן. איצטער גייט זי אויף אים אָן און ער מאַכט אַ טראָט צוריק. איצטער לויפן ביי אים אַרום די אויגן און אירע זיינען רואיק.

— איר האָט מיר עפּעס געוואָלט זאָגן? — מאַכט זי אָן שום הקדמות און אויף אַ גוטן אונטערבאַרגער יידיש.

— איך? — פרעגט ער איבער און די אויגן לויפן ביי אים אַרום

— איך — ניט...

— און איך האָב געמיינט איר ווילט מיר עפּעס זאָגן... וועגן מיין מאַמען אפשר?

ניאָמע דער בשמים־טרעגער טראַכט אַ ווײַלעטשקע:

— וועגן דיין מאַמען? המ... יאָ, כ׳האָב געהערט, אַז זי איז מאָהי־לעוו. דיין טאַטע — אויך אין מאָהילעוו. דיין מאַמע איז עפּעס ניט אינ־גאַנצן...

— ניט אינגאַנצן? — כאַפּט אים אָן ביילקע פאַרן אַרבל און ווערט בלאַס — וואָס הייסט ניט אינגאַנצן? זאָגט, זאָגט!

— עפּעס מיט איר האַרץ האָט זי צו טאָן. המ... ניט קיין חידוש.

— ניט קיין חידוש... — חזרט זי איבער שעפּטשענדיק נאָך אים, ווי אַ צעשטרויטע שילערין נאָכן לערער, און טרערן קאַפּען איר פון די אויגן. נאָר זי ווישט זיי ניט. זי לאָזט זיי קאַפּען. זי קימערט זיך אַפילו

ביט וואָס אַזוי פיל פרעמדע מענטשן ווימלען אַרום איר. איבעריקנס — קיינער קוקט זי דאָ ניט אָן. אין דער האַלב־טונקלקייט פון צוגעפּאַלענעם פאַרנאַכט, אינעם טומל פון סוף יאַריד און אײַלן זיך אַהיים, איז יעדער איינער פאַרנומען מיט זיך אַליין.

— אויב איר וועט זי זען... — שטאַרקט זי זיך און בײַסט אַרײַן אין דער אונטערשטער ליפּ — אויב א י י ך וועט אויסקומען, זאָגט איר — מײַן מאַמען... זאָגט איר, אַז איך...

און אין מיטן זוכן ווערטער פאַרלירט זי זיך אין גאַנצן, דרייט זיך אויס אויף אירע לאַפּטיעלעך און אַנטלויפט. זי אַנטלויפט אַזוי גיך, ווי עס לאָזט זיך אינעם מיש־מאַש פון שפּאַנען פערד און אויסקערעווען באַ־לאָדענע פורן. זי שטויסט זיך אָן אויף האַלאַבליעס, שפּרינגט איבער דער קאַנאַווע און זוכט איר שוועסטער לעבן מאַרדקעס קראָם, ווי אין חלום. זי גע־פינט אים שוין ניט און לויפט צוריק צו דער שוויגער...

לעבן היימישן וואָגן געפינט זי אַלעמען: דעם מאַן אירן, אַפּאַנאַסן מיט אַ זעקל זאַלץ, אַפּאַנקען, איר שוואָגער מיט זיין כלה, פּעלעהייען — די סאַלדאַטקע.

— און איך האָב אייך געזוכט ביי מאַרדקען! — רעדט זי צום שווער און איר קול ציטערט. און ניט וואַרטנדיק וואָס אַפּאַנאַס וועט אויף דעם זאָגן, הויבט זי אָן צו טאַרמאָשען וואַנקען, איר מאַן, צו שלעפּן אים אומגעדולדיק ביים אַרבל, אַזוי ווי זי האָט היינט אין דער פרי געטאָן, פאַר דעם אַריינפאָרן אין „אונטערבאַרג":

— איז פאָרן מיר, וואַניאַ? קום! גיכער! גיכער!...

— אַי ליו! *) — מאַכט וואַנקע גאַנץ רואיק און קוקט זי עפּעס מאָדנע אָן — האָסט שוין ווידער קיין צייט ניט, אַ? אַ פליג האָט דיך געביסן, אָדער וואָס?

ער באַטאָנט די „פליג" און סקאַליעט אויס זיינע ווייסע ציין. דאָס זעלבע טוט פּעלאַהייע, די סאַלדאַטקע.

— אַהיים, אַהיים! — ווערט ביילקע צערייצט און כאַפּט אָן איר מאַן ביים בלויען אַרבל — אַהיים זאָל מען פאָרן!

ער דרייט זיך פון איר אַוועק און פאַרקוועטשט איין אויג צו פּע־לאַהייקען:

— מיר דאַכט אַ פליג מיט פּאותן איז דאָס געווען... איז אַט! האָט זי זיך ווייטער דערשראָקן.

— האַ־האַ! — עפּנט פּעלאַהייקע אויף אַ מויל, — ווי אַ חזירטע מיט אַ לאַכנדיקן שנוק זעט זי אַציַנד ביילקען אויס.

כאַפּט זי אַ קוק אויף איר מאַן און אויף דער סאַלדאַטקע און ווידער

*) אַזוי גאָר!

אויף איר מאַן און דערזעט, אַז בײדע זײַנען שיכּורלעך, בײדע רײדן זיך איבער אויף שטום־לשון און מאַכן פון איר חוזק.

— איר האָט מיר נאָכגעקוקט? — שטויסט זי זיך אָן.

בײדע באַהאַלטן די מײלער אין די אַרבל, עס זאָל ניט שפּריצן, און פאַרגײען זיך אין אַ פויעריש־גראָבן געלעכטערל:

— קכי־כי־כי!

— איר קוקט שוין מיר נאָך? — פאַרלירט בײלקע דעם קאָפּ אינ־גאַנצן, — דאָס אויך? דאָס אויך? איך טאָר שוין מיט קײנעם קײן וואָרט ניט רײדן? דו! איר!... פאַרוואָס קוק איך דיר ניט נאָך ווען דו זויפסט מיט פעלאַהײקען לעבן מאַנאָפּאָל?... פון אײן פלעשל... טפו זאָלט איר ווערן! פאַרוואָס זאָג איך גאָרניט ווען דו קויפסט איר לעקעכלעך — דײַן סאָל־דאַטקע? דעם זעלבן לעקעכל וואָס מיר, דו! דעם זעלבן לעקעכל וואָס מיר...

און צעקאָכט ווי זי איז, כאַפּט זי אַרויס דעם ניט־געגעסענעם לע־קעכל פון בוזעם, וואַרפט אים און טרעט מיט די לאַפּטיעלעך — דאָס יאַריד־לעקעכל, וואַנקעס מתּנה, וואָס איז באַצאַצקעט מיט גרינעם און רויטן צוקער.

וואַנקע גיט צו איר האַסטיק אַ טראָט. ער איז בלאַס ווי קרײַד. די באַקן־בײנער סטאַרטשען בײ אים פון ווילדער פאַרביסנקײט. זײַן פויסט איז געקלעמט. זײַן סאָפּענדיקער אָטעם גיט זיך אָפּ מיט איבערגעבראָכענעם בראַנפן. אַצינד, ווען ער איז אַזוי נאָענט און אויפגערעגט, שפּירט דאָס בײלקע דײטלעכער ווי פריער. זי ווײסט אויך, אַז ער איז אַצינד קאַפּאַבל אויף אַלץ און טרעט פונדעסטוועגן ניט אָפּ. פאַרקערט, זי בויגט צו נאָך נעענטער איר צעפלאָמט געזיכט, אירע ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. זי וואַרפט אים בײזע ווערטער אין פּנים אַרײן און טאָפּטשעט־צו מיט איר לאַפּטיעלע:

— אָט וואָס איך טו מיט דײַן „האָסטיניעץ"! אָט האָסטו דײַן האָס־טיניעץ *).

האַפּיאַ גיט זיך אַ וואָרף, מיט איר צעשוואָומענעם גוף, צווישן זײ בײדן, נאָר וואַנקע, איר תּכשיט, איז פלינקער. זײַן האַרטער קולאַק לאָזט זיך אַראָפּ איבער בײלקעס שטאָלצן קאָפּ. דער פאַרביקער טורעם פון כוס־טעס פאַלט אײַן, ברעכט זיך איבער, און פון זײַן אָנגעפּאַלדעוועטער חורבה שפּאַרן אַרויס שוואַרצע, גלאַנציקע קודלעס האָר און צעפּאַטלען־זיך אויף בײלקעס פּלײצעס. עס זעט אויס ווי אַ באַהאַלטענער יידישער יאָדער, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער גויִשער שאָלעכץ און אַנטפּלעקט

*) מתּנהלע.

זיך מיט זיין גאַנצער פרעמדקייט צווישן די האַלב־שיכורע פּויערים, מיט זייערע ברודיק־לייַנענע האָר און קורנאָסע פּרצוף־פּנימער. דער ווייטיק פון האַרטן פויסט איז גרויס און די חרפּה — נאָך גרעסער. באָר ביילקע שרייט ניט. זי לאָזט נאָר אַרויס אַ דערשטיקטן „אָי" און פאַלט איין, ווי אַן אונטערגעשניטענע. די געפּאַסקעטע קליידלעך אירע בלאָזן זיך אָן אַרום איר, ווי אַ קיילעכדיקע כוואַליע. דער לעצטער איינדרוק אירער, איידער זי חלשט אַוועק, דאָס זיינען פעלאַהייקעס שיכור־לאַכנדיקע ציין. איר קאָנקורענטקע האָט דערגרייכט דאָס וואָס זי האָט געוואָלט. דערלעבט די שיינע יידישקע זאָל געשלאָגן ווערן אין מיטן יאַריד און באַגראָבן ווערן לעבעדיקערהייט צווישן אירע צעקנייטשטע קליידלעך. און זי, די סאָלדאַטקע, שטייט איבער דער פרישער קבורה און קוועלט...

## פיר און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער איבערבראָך

1

דאָס שלאָגן ביילקען אין מיטן מאַרק אויפן יאַריד, פאַר אירע גוישקע קרובים און פאַר פרעמדע אין די אויגן, האָט איר סוף־כל־סוף געמאַכט אַ ריס אין האַרצן, וועלכער האָט זיך שוין מער ניט פאַרהיילט. דאָס האָט זי איר גוישן מאַנדל מער ניט געקענט מוחל זיין. און מיט פעלאַהייקען, וועלכע האָט מער ווי אַלע פּויערטעס הנאה געהאַט פון דער מיאוסער סצענע, האָט זי מער ניט גערעדט און אויסגעמידן זי, וואו נאָר זי האָט געקענט.

פונדעסטוועגן איז געשען דאָס, וואָס געשעט אַלע מאָל צווישן מאַן און ווייב, וועלכע זיינען צעריסן און פאַרבונדן אין איין און דער זעלבער צייט. דאָס באַליידיקן זיין ווייב צווישן אַזוי פיל פרעמדע האָט אויך גע־בראַכט דערצו, אַז וואַנקע זאָל זיך, באַלד נאָכן אויסטשוכען זיך, חרטה האָבן, פאַלן איר צו די פיס, שלאָגן מיטן שטערן די ערד, אַזוי ווי זיינע זיידעס האָבן דאָס אין די פאַנשטשינע־צייטן געטאָן ביים פּריץ... און גע־בראַכט האָט דאָס צו טרערן אויסגעמישט מיט ליידנשאַפטן; און צו יסורים אויסגעמישט מיט עקסטאַז האָט דאָס געבראַכט. אַזוי ווייט, אַז די אַלטע לייט אין שטוב, דאָס הייסט: האַפּקאַ און אַפאַנאַס, האָבן אויף זייביידן געמוזט אָנשרייען, זיי זאָלן זיך אויפפירן ווי פּראַוואָסלאַוונע מענטשן, ניט

ווי „ניעכריסטן“, געצנדינער־אומריינע... אַזאַ מוסר־השכל האָט מען אין אַפּאַנאַסעס כאַטע זעלטן ווען געהערט; אין דער האַלב־טונקעלער כאַטע, מיט מוטנע פענצטערלעך, וואו מען האָט אויף די באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב געקוקט, ווי אויף אַ נאַטירלעכער באַדערפעניש: ווי טרינקען קוואַס, ווען עס איז הייס, און ציגל־טיי — ווען עס איז קאַלט. מעגן אַפילו די דאָזיקע באַציאונגען זיין ווילד, ווי ביי חיות אין פעלד...

אַ געוויסע צייט נאָך דעם האָט ביילקע דערפילט אַ באַזונדערע שוואַכ־קייט אין די פיס, אַ ניט־גוטקייט פאַר וואַרימעס עסן און אַ גלוסטעניש נאָך זויערס און געזאַלצנס אין דער פרי און פאַרנאַכט, אַפילו אין מיטן דער נאַכט ווען זי כאַפּט זיך אויף... האַפּיאַ האָט איר דערקלערט וואָס דאָס באַדייט. און מיט וואַנקען, איר זונדל, האָט זי אויך איבערגערעדט. פון דעמאָלט אָן איז ער צו זיין ווייבל געוואָרן אַ ביסל נאָכגיביקער, און זי צו אים — אויך.

איצטער, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ לעבעדיקער נפש צאַפּלט ביי איר אין לייב, האָט זי ערשט רעכט דערפילט איר עלנטקייט, די פרעמד־קייט פון די האַלב־ווילדע, וואָס רינגלען זי אַרום. ווי פאַרלוירן אין אַ וואַלד און געפאַנגען ביי וואַלד־מענטשן איז זי זיך אַליין פאָרגעקומען. מען האָט זי געשאַנעוועט אַ סך ווייניקער ווי זי האָט גערעכנט, אַז פויערים זיינען פעאיק צו שאַנעווען. זי האָט געמוזט אַרבעטן אַזוי ווי פריער. און איז איר ניט־גוט געוואָרן, האָט מען איר געגעבן אַ הייפעלע זאַלץ אַראָפּ־צושלינגען, אָדער זויערן קוואַס אַ טרונק צו טאָן, און מער האָט מען זיך ניט געקימערט איבער איר געזונט. ערשט דעמאָלט, ווען זי איז געקומען אין די הויכע חדשים, האָט מען זי געלאָזן צורו.

געלעגן איז זי געוואָרן ניט סוף ווינטער, אָדער אָנהויב וויעסנע, ווי געזונטע דאָרפישע גויעס האָבן אָפּ. אויך דאָס איז געקומען יידישלעך־קאַפּויער, אין מיטן הייסן זומער, ווען די אַרבעט קאָכט אויף די פעלדער. אויך דערפון איז מען אין דער שוויגערס כאַטע ניט געווען צופרידן. עפּעס ווי זי, די פרעמדע שנור פון „אונטערבאַרג“, וואָלט אומישנע אי־בערגעקערט דעם גאַנצן סדר פון דאָרפישן לעבן. ניין, ניט אַזוי פירן זיך אויף אמתע „מאָלאָדקעס“ פון פויערישער אָפּשטאַמונג!...

האַפּיאַ האָט זיך מיט איר, דערפאַר, באַשעפטיקט נאָר די ערשטע פאַר טעג. דערנאָך איבערגעלאָזן זי מיט איר עופעלע אונטער דער אויפ־זיכט פון אַן אַלטער זשוואַקענדיקער באַבקע, אָן ציין, און אַ בלינדעוואַ־טע דערצו — אויך. „קרופּניטשיכע“ האָט מען זי אין דאָרף גערופן, ווייל מער ווי קרופּניק מיט אָנגעבראָקטן ברויט האָט זי גאָרניט געקענט עסן מיט אירע נאַקעטע יאַסלעס. די דאָזיקע קרופּניטשיכע האָט האַפּיאַן גע־האָלפן די ערשטע נאַכט, ביי ביילקעס געלעגן ווערן. אַצינד האָט זי אַלע

צוויי־דריי שעה דערלאַנגט דאָס קינד צום ברוסט, געשטופּט דאָס שרייענ־דיקע מיילכל צו די אָנגעדראָלענע בריסט־וואָרצלען, און קיינמאָל ריכ־טיק ניט געטראָפן. ווי אַ בלינדער — מיטן שליסל...

דאָס האָט ביילקען געגעבן אַ פאַרגעשמאַק פון אַ נעבעכדיקן מוטער־לעבן, וואָס זי האָט דאָ צו פירן. און דאָס וואָלגערן זיך איינע אַליין אויף שטרוי האָט איר געגעבן אַ געלעגנהייט צו טראַכטן און איבער־טראַכטן און דערמאָנענען זיך אַלע איינצלהייטן פון צילעס קימפּעט... פאַר צילען, איר שוועסטער, האָט מען שוין געזאָרגט אַ פּאָר חדשים פריער, פּ אָ ר איר געלעגן־ווערן, נאָך איידער מען האָט זי אַריינגעבראַכט אין קליניק. מיט וואָס פאַר אַן איידלקייט מען האָט זי געהיט און געכאַליעט! און ווען די צייט איז געקומען, האָבן מאַן און ברודער ניט געגעסן און ניט געשלאָפן, אַלע ווילע געלאָפן זען וואָס צילע מאַכט, איינגעמאַכץ גע־טראָגן איר און ווייַן און מאַראַנצן. די גאַנצע דירה איבערגעלאָזן אויף דער מיזינקע און אויף איר פאַראַנטוואָרטונג. און זי, די מיזיניקע, די ייִנגערע שוועסטער, האָט דאָס גאַנץ אַנדערש אויסגענוצט. זי האָט דאָס אויסגענוצט צו פּראָווען הוליאַנקעס אין גויִשן שליטן, צו אַנט־לויפן מיט איר געליבטן; צו אָפּנאַרן אירע נאָענטסטע; צו אָפּנאַרן ווי־לענסקין, איר לערער און באַשיצער, און אָט! אָפּגענאַרט זיך אַליין... אַ ייִדי־שע קו, ווען זי קעלבט זיך אָפּ, האָט דאָס בעסער, ווי זי דאָ, ביים מאַן און שווער, אין דער אָנגערויכערטער כאַטע. אַפילו האַפּיאַס פּויערישע רחמנות — די ערשטע פּאָר טעג — האָט זיך באַלד אויך אויסגעוועפּט. די שוויגער איז גיך מיד געוואָרן פון איר געפּיעשטשעטער שנור, פון איר ייִדישלע־כער שוואַכקייט, פון איר וויינען אָן אַ גרונט. די היי־לאַנקעס האָבן זי שטאַרקער געזופן צו זיך; שטאַרקער ווי די קימפּעטאַרין, ווי איר אייניקל. די אַרבעט אין שניט־פעלד איז דאָ געשטאַנען העכער ווי אַ מענטשלעך לעבן, ווי דער נייער דור וואָס וואַקסט אין דער רויכיקער כאַטע...

ווי אַנדערש האָט איר, ביילקען, אַמאָל אויסגעזען דאָס שניט־פעלד הינטער מאַקאַראָווקי! דעמאָלט, ווען זי איז אַהער געקומען צו גאַסט מיט איר טאַטן, און וואַנקע, איר איצטיקער מאַן, האָט זי געלערנט שניידן קאָרן מיטן סערפּ... הינטער אָט דעם גאָלדענעם פעלד און בלויע קאָרן־בלומען, ווי הינטער אַן אויסגענייטן פאַראַוואַן, ליגט אַ שוואַרץ לעבן, אַן האַרציקייט און אָן רחמנות; אַ לעבן פון קראַטן, וואָס גראָבן זיך, דור־איין דור־אויס, אין דער פייכטער ערד. קעמף פאַר דיין זויערן שטיקל ברויט, פאַרן טריפהן שטיקל חזיר־פליייש! קעמף, אָדער גיי־אויס...

און זי האָט באַשלאָסן ווייטער צו קעמפן און בשום־אופן ניט אויס־גיין. ניט אַזוי צוליב זיך, ווי צוליב איר עופעלע, וואָס וויגט זיך אין דער הענגענדיקער „ליולקע" — אַ גויִישע וויגעלע אויף פיר שטריקלעך, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון פאַררויכערטן באַלקן...

## 2

אָבער שוין דער אָנהויב קאַמף האָט זיך איר ניט איינגעגעבן... דאָס ערשטע אָפּהאָבן, וואָס איז ניט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק, ווי ביי די געזונטע דאָרפישע ווייבער, האָט זי אָפּגעשוואַכט אויף אַזוי פיל, אַז זי איז געלעגן מער ווי אַ וואָך, מער ווי צען טעג און נאָך אַלץ ניט געקענט האַלטן זיך אויף די פיס. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַרטאַיעטע אומצופרידנקייט מיט דער „ביעלאָרוטשקאַ איז פּאָד הורי״, דאָס הייסט: מיט דער געפּיעשטשעטער פון אונטערבאַרג. בעיקר אין אַזאַ אַרבעטס־צייט אויף די פעלדער. די אומצופרידנקייט איז איבערגעגאַנגען אין אַ בורטשעניש, ביז אַפאַנאַס האָט גאַנץ אָפן דערציילט, אַז ז י י ן מאַטקע, אין ז י י נ ע צ י י ט ן, פלעגט זיך נאָך אַ קימפּעט אויפהויבן אויפן זיבעטן טאָג און אַרבעטן אין שטוב און אין שפּייכלער... וואָס רעדט ער — אין שפּייכלער? אין פעלד אויך. בינדן די גאַרבן, צום ביישפּיל...

די שוויגער האָט זיך יאָ געפּרואווט איינשטעלן פאַר דער קימפּעטאָרין: „אַנדערע מענטשן געווען, אַנדערע כוחות...״ און ווען קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט, האָט זי זיך שטילערהייט געווענדט צו איר שנור — מחמת גוט־פריינדשאַפט, האָט דאָס געהייסן:

— פונדעסטוועגן, טאָכטערקע, פּיעשטשע זיך ניט צופיל! הויב אָן אויפצושטיין. געוואוין זיך.

מיט אַ טאָג שפּעטער, ווען ביילקע האָט געמאַכט דעם ערשטן פּרווו אויפצושטיין און, מיט אַ שווינדלדיקן קאָפּ, אָנהאַלטנדיק זיך ביי די רויע ווענט, דורכגעגאַנגען זיך איבער דער כאַטע, איז וואַנקע, איר מאַן, אָנגעקומען פון פעלד, אַ קוק טאָן וואָס זיין ווייבל מאַכט, האָט דאָס געהייסן. איבעריק גליקלעך פון איר אויסזען, אַזוי ווי פון אירע בלאָנדזשענדיקע טריט, איז ער, ווייזט אויס, ניט געוואָרן. ער האָט זיך אַפילו אַ ביסעלע פאַרקרימט.

— און מיר — מאַכט ער — האָבן געמיינט, אַז דו וועסט שוין היינטמאָרגן קומען אין פעלד, העלפן אַ גאַרב־פאַרבינדן, דאָס, יענס...

— איך האָב דען כוח? — האָט זיך ביילקע שוואַך פאַרענטפערט מיט אַ וויינענדיקן קול, און בעטנדיקע אויגן אָנגעשטעלט אויף איר פרישן און געזונטן מאַנדל.

ער האָט ניט געענטפערט, נאָר אַריינגעקוקט אין דער ליולקע, וואָס הענגט אויף שטריקעלעך אין מיטן כאַטע:

— אַ שטיקל רוי פלייש, פאַרגיב מיר גאָט! אויך מיר אַ מענטש! רויט ווי אַ ראַק און גיט זיך אָפּ מיט סצאַקעס...

— וואָס רעדסטו?! — האָט זיך ביילקע טיף באַליידיקט און גלייך גענומען וויינען, — ער האָט דאָך דיינע אויגן, דיין נאָז, דיינע —

— אָדנאָ סלאָוואָ! — האָט ער זי אומבארחמנותדיק איבערגעשלאָגן, — פּאָמיראַניעץ! *)

און איז אָן אַ גלעט צו טאָן זיין יונג ווייבל, אַוועק פון שטוב. צוריק אין פעלד אַוועקגעגאַנגען.

ביילקעס ווייטערדיקע באַמיאונגען אויפצושטיין און אַרבעטן, אַזוי ווי אַפּאַנאַסעס „מאַטקע" האָט געאַרבעט נאָך אַ קימפּעט, האָבן איר יעט־וועדער מאָל אַרויסגערופן אַ שטאַרקע ברעכעניש אין רוקן, בלוט פאַר־לוסטן. זי האָט זיך ווידער געמוזט לייגן און טרייסטן זיך מיט איר עופעלע, וועלכן דער אַלטער פּאָפּ פעאָפיל האָט שוין אָפּגעטויפט אין הייליקע וואַסער און אַ נאָמען געגעבן „פיאָדאָר איוואַנאָוויטש".

— פעדינקאָ, — האָט זי צו אים שטיל געמורמלט — דו וועדסט שע־נער פון טאָג צו טאָג! באַלד וועט דיין טאַטינקע קומען פון פעלד, וועט ער זען ווי שיין דו ביסט געוואָרן...

דאָס איז געווען דער פופצנטער טאָג פון פעדקעס געבוירן ווערן. די מוטנע אויגלעך זיינען קלאָרער געוואָרן. אויף די ליפּעלעך האָט גענומען דורכלויפן דער ערשטער קינדערישער שמייכל... אָבער גראָד דאָס מאָל איז דער „טאַטינקע" געקומען פון פעלד ניט גלייך מיט אַלע־מען, נאָר אַ סך שפּעטער. אַ ביסל שיכורלעך און צעשטרייט איז ער אויך געווען. און ניט נאָר ער האָט זיין פעדקאָן ניט אָנגעקוקט, נאָר אַפילו צו זיין ווייבס געלעגער ניט צוגעגאַנגען. ער האָט זיך נאָר אַוועקגעזעצט אויף אַ נידעריקן בענקעלע, דעם צעפּאַטלטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, קרום געשמייכלט צו זיך אַליין און בייזלעך געמורמלט:

— ליגסט, אַ? טאַק אי יעסט! **) ליגסט נאָך אַלץ. ליג, ליג! מען וועט שוין אָן דיר אויסקומען...

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַטראַכט זיינע געזונטע, פון זון פאַרברענטע לאַפּעס:

— ניאַ דאָזשדאַליס! — מאַכט ער מיט אַ כיכיקעדיקן קולכל, — ניט דערוואַרט זיך אויף דיר, טייערינקע. נו, אי סניוכאַליס... ***)

— וואָס רעדסטו? — האָט ביילקע אויפגעקוואַקטשעט ווי אַ דער־שראָקענע הון, און מיטן קינד ביים ברוסט אַוועקגעזעצט זיך אויף איר געלעגער, — פון וועמען רעדסטו דאָ? ווער מיט וועמען האָט זיך צוזאַ־מענגעשמעקט?...

---

*) מיט איין וואָרט — אַ מאָראַנץ!

**) אַזוי איז דאָס!

***) נו, האָט מען זיך צוזאַמענגעשמעקט...

— ווי אַלע אַנדערע כלאַפּצעס... — כיכיקעט וואַנקע און דרייט מיטן שיכורן קאָפּ, די סאָלדאַטקע איז אַן אַ מאַן, איך — אָן אַ ווייב. אַ גלייכע פּאָר...

ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַ ביס געגעבן. זי האָט געמאַכט אַ בייע אָנשטרענגונג און אויפגעשטעלט זיך. נאָך אַן אָנשטרענגונג — צוגעלאָפן און געכאַפּט אים רייסן פאַרן אַרבל:

— וואָס באַלאַבעטשעסטו דאָ, וואַניע? דו ביסט שיכור! מיט וועל־כער סאָלדאַטקע?

— מיט יענער, דער זעלבער... — האָט ער טעמפּ געדרייט מיטן קאָפּ, פּעלאַהייע וועט זיין איר נאָמען... מיר האָבן אַלע געוואָרט אויף דיר און געוואָרט. מען פירט שוין די סנאָפּעס אין שייער. אַלע כלאַפּצעס מיט זייערע כלות און אַלע יונגעלייט מיט זייערע ווייבער — און איך וועל שוויגן? ניין, טייערינקע! דאָס קענען מיר ניט. ניט קיין הייליקע זיינען מיר...

ביילקע האָט דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, געפיבערט, געוואָרפן זיך, געהאַלטן זיך ביי די אָנגעשוואָלענע בריסט. אין דער פרי האָט דער קליינער פּעדקע אויך גענומען וויינען און מער ניט אויפגעהערט. ביי זיין מוטער איז די מילך קאַליע־געוואָרן און ביי אים — דאָס בייכל...

אַלע באַבסקע רפואות פון „קרופּניטשיכען" און אַלע אָפּשפּרעכעניש פון דער שוויגער האַפּיאַ האָבן קנאַפּ וואָס געהאָלפן. דעם קליינעם איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרן. ער האָט געשריען גאַנצענע נעכט, באַ־קומען געשוואָלענע אויגן־לעפּלעך און שטרויענע פּיסלעך. ביז האַפּיאַ האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז קיין תכלית ניט און, מיט אַ פינצטערער מינע, געהייסן ביילקען אויפּעפענען דעם בוזעם און האָט באַטאַפּט אירע ברוינע בריסט מיט האַרטע פינגער, געפּרואווט די אָנגעשפּאָלטענע וואָרצ־לען, ביז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז די מילך איז איבערגעבערענט און עס איז קיין אַנדער עצה ניטאָ, ווי קאָרמענען דעם יאָטל מיט אַ ראָזשיק.

נאָר גיי און קריג אַ גומענעם ראָזשיק אין מאַקאַראָווקי! צוליב דעם אַליין מוז מען פאַרלירן אַ טאָג אַרבעט, פון אַ מענטש און פערד צוזאַמען, און אַראָפּפאָרן קיין שקלאָוו אָדער מאָהילעוו. האָט מען געטאָן דאָס וואָס די באַבעס האָבן אַמאָל געטאָן אין דאָרף: אָנגעבונדן אַ לייוונטענע שמאַט־קעלע איבער אַ העלדזל פון אַ סאָטקענער־פלעשעלע מיט מילך און גע־געבן פּעדקען צו זויגן. דורך דעם לייוונט איז אָבער די מילך געגאַנגען ניט־רעגלמעסיק, און דער קליינער האָט זיך פאַרכליניעט, אָדער אומ־זיסט געאַרבעט מיט דעם מיילעכל. אָדער ניט־דערעסן, אָדער צופיל גע־געסן. דאָס האָט אינגאַנצן צערודערט דעם קינדס לעצט ביסל געזונט. זיין קולכל איז שוואַך געוואָרן. ער האָט מער ניט געשריען, נאָר געמיאַו־

קעט ווי אַ בלינדע קעצל. די מוטנע־געוואָרענע אויגלעך — קוים געקענט עפענען.

מיד פון דער שווערער פּראַצע אין פעלד און פון דער אומאָרדע־נונג אין שטוב, האָט האַפּיאַ איין מאָל אַריינגעוואָרפן איר שנור אַזאַ וואָרט:

— יאָ, טאַכטערקע, דיר ביי  מ י י ן  ברוסט איז אַמאָל געווען בעסער, ווי פעדקען...

דאָס מאָל האָט ביילקע ניט פאַרשוויגן און גלייך אויף אַן אָרט גע־געבן אויסגאָב:

— און אייך, שוויגער, ביי  מ י י ן  מאַמען איז אַמאָל אויך געווען בעסער...

אויף דעם האָט האַפּיאַ גאָרניט געענטפערט, נאָר אַ ליפּ פאַרביסן. זי האָט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס די שנור האָט ניט דערזאָגט: „ווי מיר— אין אייער כאַטע"... זי האָט אָבער אין נאָענטסטן דאָרף  ק ו פּ י אַ ל  געשיקט נאָך אַ געניטער באַבקע און זי אָראָפּגעבראַכט קיין מאַקאַראָווקי אַ קוק צו טאָן וואָס מיטן קינד טוט זיך, ווארעם עס גייט אויס ווי אַ ליכט.

איז די געניטע באַבקע געקומען, אַ טאַפּ געטאָן דאָס בייכל ביים קינד, אַריינגעקוקט אין די וויקעלעך און אַנטשלאָסן אויסגעווישט די נאָז מיטן פאַרטוך:

— טשיסטאַ שצאָוועל!... — מאַכט זי, דאָס קינד הייסט דאָס, גייט אויס אין די וויקעלעך מיט גרינעם שצאָוועל; ס'איז זייַער קראַנק.

דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן ביילקעס טרערן, אַ מורמלען פון די אַלטע לייט, אַ לויפעניש נאָך ראַמאַשקע און מיאַטע, אַ צולייגעניש פון וואַרעמע קאָמפּרעסן צו פעדקעס בייכל. כדי אויסמיידן אַזאַ ניט־אַנגענעמען טומל, פלעגט וואַנקע כמעט אַלע אָוונט פאַרפאַלן ווערן ביז שפּעט אין דער נאַכט. און צומאָרגן פלעגט זיך מיט אים אַפּאַנאַס קריגן פאַר די אומזיסטע, שוואַער־פאַרדינטע „הראַשי" *), וואָס יענער גיט אויס. מען האָט אים גאַנץ אָפּן אויפגעוואָרפן, אַז ער שלעפּט זיך אַרום מיט דער סאָל־דאַטקע. מען האָט זיי בײדן געזען אין אַ שייער טרינקענדיק פון איין פלעשל...

מיט באַטויבטע אויערן האָט דאָס אַצינד ביילקע דערכאַפּט. נאָר קיין איבעריקן איינדרוק האָט דאָס שוין אויף איר ניט געמאַכט. דער ווייַ־טיק פון פעדקעס אויסגיין האָט געשטיקט די ברענענדיקע אייפערזוכט. דאָס לעבן איז איר אין גאַנצן נמאס געוואָרן. דאָס קינד האָט שוואַך גע־קוויטשעט, ווי אַ פויגעלע וואָס איז פון נעסט אַרויסגעפאַלן. און זי האָט דאָס אָנגעקוקט מיט שמאַכטנדיקע אויגן, געשטופּט אין פּיסקל דעם ברודנעם ראָזשיק מיט דער שמאַטקעלע, געגעבן צו סמאָטשקען געפּאַרעטע

*) קופּער-געלט.

מילך, געמישט מיט מיאַטע, און געטענהט צו אים אין דער שטיל: „צו־ליב וואָס, פּעדינקע, ביסטו געקומען אויף דער וועלט? וואָס מוטשעסטו מיך און אַלעמען און זיך אַליין?...“

קיין ענטפער אויף דעם האָט זי ניט באַקומען, נאָר אַ קוויטש פון אַ קראַנק פויגעלע, וואָס איז פון נעסט אַרויסגעפאַלן.

3

און געקומען איז דער קילבלעכער אלול־פרימאָרגן, אוןביילקע האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ־אויף, ווי עמיצער וואָלט זי איבערגעשראָקן אין מיטן שיטערינקן שלאָף... זי גיט אַ קוק אין דער הענגענדיקער „ליולקע“ — פּעדקעלע שווייגט... זי גיט אים אַ טאַרמאָשע — עס פּיפּסט ניט מער... ביי דער טריבער באַלויכטונג, וואָס זייט זיך דורכן נעפּל, איז דעם קינדס אָפּגעצערט פּנימל געוועזן גרין, אַזוי ווי די פּלעקן וואָס ער מאַכט אין די וויקעלעך... „טשיסטאָ שצאָוועל“... האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם פאַרגלייך פון דער קופּיאָלער „באַבקע“.

דעם טויטן קערפּערל האָט זי, ווי אַ געריריטע, אַריינגענומען אין ביידע אָרעמס און קיינעם ניט געלאָזן אָנרירן. און ווען מען האָט דאָס געפּרואווט אָוועקנעמען פון איר, האָט זי מוראדיק געשריען. ניט אַנדערש איר האָט זיך געדוכט, אַז מען וויל פון איר אָפּרייסן אַ שטיק לייב מיט איי־זערנע צוואַנגען. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז דער „זוואָנאַר“*) פון דאָרפישן קלויסטערל איז געקומען; דער גויעצל, וואָס איז אי אָן אויפ־ראַמער, אי דער קברן פון קליינע קינדער... מיט אַ לענגלעכן שוואַרצן קעסטעלע אונטערן אָרעם איז ער געקומען, ענלעך צו דעם, אין וועלכן ער זאַמלט ביי די פּויערים חלבנע ליכטלעך פאַר אַ חגא. אויפן דעקל פון קעסטעלע איז נאָר דאָס מאָל געווען אויפגעמאָלט מיט קרייד אַ ווייסער פּראַוואָסלאַוונער צלם. דערזען דעם סוקעוואַטן צלם אויפן שוואַרצן דעקל, האָט ביילקע צום לעצטן מאָל אַ געשריי געטאָן און געלאָזן אַרויסנעמען דעם קליינעם מת פון אירע אָפּגעחלשטע אָרעמס. עפּעס ווי דער גוישער מלאך־המות אַליין וואָלט אַריין אין כאַטע און באַפוילן...

און צומאָרגן איז אין כאַטע אַלץ אָוועק מיטן אַלטן שטייגער, פּונקט ווי ס'איז גאָרנישט געשען און קיין פּעדקע וואָלט קיינמאָל אויף דער ווייַ־סער וועלט ניט געווען. אַפאַנאַס האָט זיך געקריגט מיט האַפּיאַן איידער אָוועקגיין אין שייער; וואַנקע האָט מיט גרויס אַפּעטיט, געגעסן געבאַק־טע בולבעס מיט ברויט. אַפאַנקע, דער שוואָגער, האָט מיט טיפער כוונה פאַרריכט אַ צעשנאָפּערטע לאַפּטיע...

---

*) דער שמשל ביי די קלויסטער־גלאָקן.

ווי אַ צעטראָטענע, פון אונטער אַ שווערן וואָגן אַרויסגענומען, איז בײלקע געלעגן אויף איר שטרויענעם געלעגער, מיט אַ טיפן ווידערווילן אָנגעקוקט דאָס, וואָס אין כאַטע גייט פאָר און ניט פאַרשטאַנען; מיט איר אויסגעאיידלטן חוש ניט משיג־געווען, אַז די דאָרפישע געזונטע לייט זיינען אַנדערע, ווי זי, ווי אירע עלטערן און עלטער־עלטערן. אַז דער איבערגאַנג פון לעבן צום טויט, און פון טויט צום לעבן, מאַכט אויף די דאָרפישע קיין באַזונדערן איינדרוק ניט. צופיל זיינען זיי געוואוינט צו זען דאָס זעלבע אין פלאַנצן און זוימען. דאָס וואָס מיינט ביי שטאָטישע לייט — טויט, הייסט ביי פויערים — צייטיק־ווערן. און באַגראָבט מען דאָס צייטיקע אין דער פייכטער ערד, הייסט דאָס: פאַרזייען אויף שפעטער... אַ קינד מיט ערד באַשאָטן איז ווי אַן אָנגעווייקטע פאַסאָליע אַריינגעשטעקט אין בייט־גריבעלע. אפשר וועט דערפון עפעס אויסוואַקסן, אפשר ניט. ס'איז אַ גאָט־זאַך... און צייט איבערצוגעבן זיך דער גריבלעריי און זעלבסט־פייניקונגען, האָבן זיי אויך ניט.

אַן אומזיסטער, אַ ביסל פאַרשפעטיקטער כליפ האָט זיך ביי בײלקען אַרויסגעריסן פון האַרצן, פרעמד און ניט פאַסיק אָפגעקלונגען אין דער גלייכגילטיקייט פון דעמבעבנע הערצער און ערדישע געצנדינער אַרום איר. איין אָפאָנקע, איר שוואָגער, האָט זיך אויפן כליפ אָפגערופן. ער האָט אויפגעהויבן זיינע פאַרזאָרגטע אויגן פון דער געפלאַצטער לאָפטיע און געפרואווט טרייסטן זיין שוועגערין:

— דאָשיץ, מאָלאָדקאַ!... — דאָס הייסט גענוג וועט דיר זיין — אַזאַ יונג ווייבל ווי דו ביסט!

די אַנדערע אין שטוב האָבן זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. האַפּקאַ האָט געהאַקט שפענער ביים גרויסן אויוון; וואַנקע, איר מאַן, האָט ווייטער געטונקט די געבאַקענע קאַלטע בולבעס אין זאַלץ און אַפעטיטלעך געקייט מיט שוואַרצן ברויט...

אַ טאָג שפעטער איז אַפילו אויף אָפאָנקעס קיילעכדיקן פנים קיין סימן פון מיטגעפיל ניט געבליבן. צופיל איז ער געווען פאַרנומען מיט זיין שיקסע, צו וועלכער ער האָט זיך געשדכנט און דערוויל־וואָס געלעבט מיט איר...

און ווידער האָבן אַלע אין כאַטע גענומען קוקן אויף בײלקעס דערשלאָגנקייט, אויף איר פאַרצרהטן פנים, ווי אויף אַ שטערונג, ווי אויף אַ קראַנקער זעל, וואָס האַלט־אָפ דעם גאַנג פון פויערישן טאָג־טעגלעכן לעבן, פילט־אויס די ענגע שטוב־לופט מיט קאַפריזן, וואָס האָבן דאָ קיין אָרט ניט און זיינען דאָ אינגאַנצן איבעריק.

די יונגע חברטעס פון דאָרף, וועלכע האָבן זיך, ביז דאָ ניט לאַנג, געדרייט אַרום איר, געלעכצט נאָך איר און מקנא געווען איר ניט־

פויערישע שיינקייט, — אַפילו זיי האָבן, דאַכט זיך, דערפילט, אַז זי איז ניט „אַ זייעריקע“, אַז זי איז דאָס ניט געווען און וועט דאָס קיינמאָל ניט זיין, און האָבן זי גענומען אויסמיידן, דערווייטערן זיך פון איר; מיט אַראָפּגעלאָזענע וויעס באַגעגנט זיך מיט איר, אָדער מיט אַ קרומען קוק פון אונטער די קאָפּ־כוסטעס. פּעלאַהייע די סאָלדאַטקע איז געווען די אָנפירערין פון דער שטילער פאַרשווערונג, די הויפּט־שעפּטשערקע און פינגער־טייטלערקע. און ווען ביילקע, מיט אירע טרויעריקע אויגן, פלעגט פלוצלונג אָנקומען, פלעגט מען מאָדנע גיך אַנטשוויגן ווערן...

און ווידער איז אָנגעקומען „טראָיצע“, מיטן זומערדיקן יאַריד אין די נאָענטע שטעט. מאַקאַראָווקי, וועלכע געפינט זיך אויפן מיטן וועג צווישן מאָהילעוו און שקלאָוו, האָט דאָס מאָל אַויסגעקליבן מאָהילעוו. די מאָלאָדקעס האָבן גענומען פוצן די חגא־מלבושים, גרייטן זיך. אָן ביילקען האָט מען אין גאַנצן פאַרגעסן. דערשלאָגן ווי זי איז געווען האָט דאָס איר פונדעסטוועגן שטאַרק פאַרדראָסן. און זי האָט גענומען איינריידן וואַנקען, איר מאַן, און אַפּאָנקען, איר שוואָגער, מען זאָל דאָס מאָל אויך פאָרן אויפן שקלאָווער יאַריד... וואַנקען איז דאָס אויפגעפאַלן.

— טשודנאַיאַ טי! — מאַכט ער — ביסט אַ מאָדנע, — פאָרט מען קיין שקלאָוו, יאָגסטו מען זאָל אַנטלויפן, האָסט פיינט די „דייניקע“... פאָרט מען קיין מאָהילעוו — גלוסט זיך דיר שקלאָוו...

— ווי דו ווילסט... — ווערט זי פינצטער און פאַרעקשנט, — קיין מאָהילעוו פאָר איך ניט.

— הלאַדי!*) די דייניקע וועלן זיך ווייטער צוטשעפּען. ווייסט דאָך...

אויב זי ווייסט!... די באַגעגעניש מיט ניאָמע דעם בשמים־קרעמער געדענקט זי זייער גוט. און די מיאוסע סצענע פון שלאָגן זי, נ א ד דער באַגעגעניש, אין מיטן מאַרק געדענקט זי אַוודאי... האָט זי זיך אָפּגעקערט מיט פאַראַכטונג און אַ בורטשע געגעבן, אַז זי פאָרט אין גאַנצן ניט. די יאַרידים זיינען איר מיאוס און מאָוס געוואָרן. זי בלייבט מיט דער שוויגער אין שטוב.

האָרט פאַרן יאַריד, ווען די פור איז שוין געשטאַנען אַ געשפּאַנטע, האָט ביילקע חרטה געקראָגן... אַזוי, ווייניקסטנס, האָט דאָס אויסגעזען, די שטוביקע לייט. זי האָט איבערגעקלערט, מאַכט זי. וואָס וועט זי דאָ בלייבן איינינקע אַליין? זי פאָרט. זאָל זיין מאָהילעוו. איר איז אַלץ איינס...

די מינע, וואָס זי האָט דערביי געמאַכט, איז אָבער כלל ניט געווען פאַרלעגן, ווי ביי איינער, וואָס בעט מען זאָל זי צוריק אַריינעמען אין

*) קוק נאָר!

קאָמפּאַניע. אירע אויגן זיינען געווען שטאַר און פינצטער, די ליפּן פאַר־ביסן.

וואַנקע, איר מאַן, האָט זיך אַנגעשפּיצט: צי קלייבט זי זיך ניט אַרויסצואוואַרפן עפּעס אַ ניי שטיקל? ווידער אַמאָל וועט זי אים אָפּשפּילן אַ סצענע אין מיטן מאַרק. און כדי „באַרואיקן" זי, וועט מען זי ווידער מוזן שלאָגן...

— האָסט איבערגעקלערט? — מאַכט ער, און קוקט זי אָן מיט פאַר־דאַכט, — ווי אַ הונט אַ ביין דרייסטו מיך. אַמאָל אַהער, אַמאָל אַהין... וואָס ווילסטו פון מיר?

— איך וויל אויך פאָרן... — האָט זי דייטלעך און עקשנותדיק איבערגעחזרט.

— וועסט זיך ניט טשעפּען? — האָט זיך וואַנקע געקראַצט אין פּאַטילניצע, — זי וועט אפשר אויך זיין... פּעלאַהייקע, מיין איך.

— אָ, — הויבטביילקע מיט די פּלייצעס, — דאָס אַרט מיך ניט. אַבי ניט אין איין וואָגן.

— ניין, דאָס ניט. צוויי קעץ אין איין זאַק... ניין! דאָס וויל זי אַליין ניט. נאָר אויפן יאַריד...

— דער יאַריד איז גרויס. וועמען אַרט דאָס?

שטייט ער אַ ווילע און באַטראַכט זיינע נייע לאַפּטיעס:

— עפּעס האָסטן אין זינען, בעלקאָ! זע, זע, ברענג מיך אין כעס ניט אַריין. בעסער פאָר אונדז ביידן...

— אַך, וואָס כעס! — גיט זי אַ וואָרף מיט אַ פּלייצע, — קום, קום! מיר פאָרן.

און לויפט, אין אירע רויטע סאַפּיאַן־שטיוועלעך, צום וואָגן.

4

געפאָרן איז דאָס מאָל נאָר יונגוואַרג: ביילקע מיט איר מאַן, אַפּאַנ־קע מיט זיין כלה, אַ פּאָר באַקאַנטע מאַלאַדקעס פון דאָרף. די אַלטע לייט זיינען געבליבן אין שטוב. זאָלן זיך די יונגע געוואוינען אויסקומען אַליין, האָט דאָס געהייסן.

זיי זיינען ווירקלעך גאַנץ גוט אויסגעקומען אָן די אַלטע לייט. מען האָט געזונגען, געלאַכט, צוגעביסן און, אויפן פויערישן שטייגער, געקיצלט זיך אונטער די פּאַכוועס... נאָר פאַר איין ביילקען איז דער גאַנצער וועג, פון מאַקאַראָווקי ביז מאָהילעוו, געווען אַ וועג פון יסורים. מיטן זעלבן וועג איז זי דאָך אַנטלאָפן פון איר שוועסטערס היים. נאָר דע־מאָלט, ווען וואַנקע און זיין ברודער האָבן זי אָוועקגעפירט ווי אַ געפאַנ־

גענע, איז דער וועג געווען  ז ו י י ס  פון שניי. אַצינד איז ער געווען שטויביק־רויט, און ווי אַ בלויע גאַס האָט זיך געצויגן דער הימל צווישן די גרינע בוימער־קרוינען, ברוקירט מיט זומערדיקע אָנגעבלאָזענע וואָלקנד־לעך. אַלץ וואָס זי האָט דאָ אַמאָל איבערגעלעבט האָט זיך אַצינד אי־בערגעחזרט, נאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג... דאָס האַרץ האָט גע־נאָגט און געצאַפּלט אונטער איר וויִס־רוסישן שיקסע־אַנטועכץ. שיין איז אויך איר געזעסן די קאַצאַווייקע פון טונקל־בלויען סאַמעט מיט פּערלמוטערנע קנעפּ און מיט גרינע שטערנדלעך אויסגענייט. די בריי־טע אַראָפּגעהאַנגענע אַרבל פון איר לייוונטענער קאָפטע, מיט פאַרביקן וואָל באַהאָפטן, האָבן אירע באַוועגונגען צוגעגעבן אַ שוועבנדיקע ווייכ־קייט. די שיינע אָנגעפּאָלדעוועטע כוסטע האָט געשטראַלט ווי אַ רויטע קרוין אויפן קאָפּ. אָבער דעם אומעט פון די שוואַרצע אויגן האָבן די אַלע פריילעכע קאָלירן ניט פאַרשלונגען. און דאָס נאָגן אין האַרצן — אַוודאי ניט. די מאָלאָדקעס אין וואָגן האָבן דאָס באַמערקט און גע־מאַכט זיך ניט־זעענדיק. אין דאָרף האָט מען שוין, זינט אַ געוויסער צייט, באַשלאָסן, אַז האַפּיאַס שנור פון „יידישן אונטערבאַרג״ וועט שוין קיינמאָל אַ „זייעריקע״ ניט זיין. און דערביי איז דאָס געבליבן...

נאָך אָנדערהאַלבן שעה פאָרן און טרייסלען זיך אין פול־געפּאַקטן וואָגן, האָבן זיך פון דערווייטנס באַוויזן די פיר־עקיקע קעפּ און טור־רעמס פון אַלטן מאָהילעווער מאָנאַסטיר אין עק שטאָט. און שפּעטער איז פון בלוילעכן שטאָט־נעפּל אַרויסגעשוואומען דער גרויסער קלויסטער. אויפן גרונט פון הימל האָבן די גאָלדענע צלמים געבליאַסקעט איבער די גרינע ציבעלע־קעפּ און דורכגעשטאָכן ביילקען מיט זייערע בליצן. וואָ־רעם דאָרטן האָט זי, אין גרשון ווילענסקיס באַגלייטונג, געזען און גע־הערט, צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, ווי „זיי״ דאַווענען, אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין צוגעגרייט זיך צו דער ראָל פון אַ משומדתטע, ווי זי איז אַצינד...

דערנאָך איז מען אַריבערגעפאָרן דעם דניעפּר מיטן פּאַראָם און אַריינגעפאַלן אינעם הו־האַ פון יאַריד, אינעם מיש־מאַש פון האַלאַבליעס, אויסגעשפּאַנטע פערד און ביידלעך מיט כל־ערליי סחורות, גאַלעגאַטשענ־דיקע קולות פון יידן און גויים. ניט קיין סך אַנדערש ווי דער שקלאָווער יאַריד, נאָר צענפאַך טומלדיקער און גרעסער איז דער מאָהילעווער געווען.

כדי ניט צו פאַרנעמען צופיל אָרט, האָט וואַנקע אויסגעשפּאַנט דעם פערד, אונטערגעבונדן אים אַ זעקל האָבער ביז איבער דער מאָרדע. אַפאַנקע מיט זיין כלה און די מאָלאָדקעס זיינען זיך נייגעריק צעלאָפן איבער די

ביידלעך מיט קאָלירטע שמאַכטעס; אַן דער „ביט זייעריקער" אינגאַנצן פאַרגעסן — איבערגעלאָזן זי מיט איר מאַן ביים אויסגעשפּאַנטן וואָגן.

אומבאַהאָלפן און דערדריקט האָט זיך ביילקע אַרומגעקוקט. ווי אַ געפאַנגענער, וועלכער עס האָט זיך געחלומט, אַז זי איז פריי, האָט איר דער גאַנצער יאַריד אויסגעזען. לעבעדיקע גראַטעס האָבן זי אַרומגערינגלט און קיין אויסגאַנג זעט זי דאָ ניט... כדי זאָגן וואָס ניט איז, מאַכט זי צו וואַנקען:

— איז גייען מיר אויך?

— איך גיי, — ענטפערט ער געלאַסן, — דו בלייבסט דאָ דערווייל ביים וואָגן.

— וואָס וועל איך דאָ טאָן אייבע אַליין?

— אונזער פלאַקס היטן, די חזיר־האָר.

— און וואָס וואָלטסטו געטאָן, ווען איך פאָר ניט?

— אַפּאַנקע וואָלט דאָ געבליבן.

— און זאַלץ און זייף, וואָס די שוויגער האָט געהייסן קויפן? צוקער און שוועבעלעך — אויך...

— אַפּריער... — באַלערנט זי וואַנקע, מיט אַ פאַרוויכטיקטער מינע פון אַ בעל־גוף, אַ מינע וואָס ער האָט איבערגענומען פון טאַטן, — אַפּריער פאַר קויפן, דערנאָך — קויפן. כדי קויפן, — האָט ער איר געגעבן צו פאַרשטיין, — מוז מען האָבן „ה ר אָ ש י" *). און „הראָשי" האָט מען, ווען מען פאַרקויפט. איז בלייבסטו דאָ ביים וואָגן, און איך לויף צו צו דעם, צו יענעם. אַ יידישן מעקלער ברענגען. צוויי — זיינען בעסער.

— פאַרוואָס — בעסער?

— איינער וויל אויסכאַפּן ביים צווייטן. און איך קוק און שווייג. איך האַלט מיין פרייז...

ביילקע האָט זיך אָנגעכמורעט. אַן אָפּקלאַנג פון אַ פאַרבאַרגענער שנאה האָט זי דערהערט אין וואַנקעס סוחרישער חכמה. דאָס איז געווען די חכמה פון אַ פאַרדאַרבענעם פויער... און פון וואַנען האָט זיך דאָס צו אים גענומען? ער קען נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן, ווייזט דאָס אויס, אַז די מאַמע אירע האָט אים אַמאָל אויפן שוועל ניט געוואָלט אַרויפלאָזן.

— ניט צוליב דעם בין איך געפאָרן!... — שניידט זי אָפּ קורץ און קערט אַוועק דעם קאָפּ.

— נאָר צוליב וואָס? — ווערט ער נייגעריק און זוכט אירע אויגן,

— צוליב וואָס?

זיין נאָכפרעגן זיך שפּיצט זי אָן. צי פאַרדעכטיקט ער ניט דאָס, וואָס

---

*) געלט.

זי וויל אים אָפּטאָן? שוין ביים אָפּפּאָרן פון מאַקאַראָווקי האָט ער זי געוואָרנט: „הליאַדי, בעלקאָ! דו האָסט עפּעס אין זינען. זע, ברענג מיך אין כעס ניט אַריין..." אפשר ד ע ר פ א ר וויל ער זי דאָ צובינדן, ווי אַ צויג אַ לויפערקע...

— צוליב גאָרנישט! — ענטפערט זי האַסטיק אָפּ. — דיין הונט וועסטו צום וואָגן צובינדן, ניט מיך.

וואַנקע פאַרקריצט די ציין אַזוי שטאַרק, אַז די באַקן-ביינער ווערן ביי אים בלאָס. ער גיט אַ טראָט צו צו איר מיט אַ באַזונדערער אַנטשלאָסנקייט, הינטער וועלכער זי דערפילט אַ האַרט-פאַרקלעמטן קולאַק.

— הויבסט שוין ווייטער אָן? — גיט ער אַ פרעג שטיל און הייזעריק.

נאָר מיטאַמאָל בייט ער זיך איבער. רויטע פלעקן גיבן אים אַ שאָס אין בלאַסן פּנים. די קאַלטע אויגן צעשמייכלען זיך.

— נאַ, זע! — מאַכט ער מיט גאָר אַן אַנדער קול. — אָט גייט אַהער פעלאַהייע. וועט דיר ניט זיין אַזוי אומעטיק...

איצט צינדט זיך ביילקע אָן. קלאָר ווערט איר, אַז פעלאַהייקעס קומען אַהער איז ניט קיין צופאַל, נאָר אַן אָפּגערעדטע זאַך צווישן איר און וואַנקען. נאָר באַלד דערמאָנט זי זיך וואָס זי אַליין האָט באַשלאָסן און מאַכט אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל:

— אַך, פעלאַהייע?... וועט טאַקע זיין פריילעכער... גיי! גיי!...

וואַנקע פינטלט אַ ווײלע מיט זיינע מילכיק-בלויע קוקערס. ער איז ניט זיכער צי זיין ווייבל מיינט דאָס מיט אַן אמת, צי זי מאַכט חוזק. ער ווייסט דאָך, אַז זיי ביידע האָבן זיך ליב ווי אַ קאַץ מיט אַ הונט. נאָר ביילקעס ליפּן שמייכלען אַזוי זיס און אירע אויגן גלאַנצן. גיט ער אַ הויב מיט אַ פּלייצע, זאָגט, אַז ער וועט באַלד קומען צוריק מיט אַ „קופּיעץ" און גייט אַוועק.

פעלאַהייע, די סאָלדאַטקע, גלויבט אויך ניט. זי שעמט זיך קוקן ביילקען אין די אויגן. זי וואונדערט זיך אויך וואָס די „יידישקע פון אונטערבאַרג" האָט חרטה געקראָגן און איז יאָ געקומען אויפן יאַריד. מסתמא — דערשמעקט, אַז זי האָט דאָ זיך אָפּגערעדט מיט איר מאַן. איז זי געקומען טשאַטעווען, מאַכן סקאַנדאַלן, אַזוי ווי זי האָט פאַראַיאָרן געטאָן...

כדי צו פאַרבאָרגן איר פאַרלעגנהייט נעמט זי, די סאָלדאַטקע, אַרויס פון בוזעם אַ הויפן „סעמיטשקעס", קנאַקט איינס נאָך איינס און באַט אָן ביילקען אויך. זי באַט אָן און שרעקט זיך אַ ביסעלע, אַ קשיא אויף דער אונטערבאַרגער יידישקע! זי קען נאָך איר אַ וואָרף טאָן די סעמיטשקעס אין פּנים אַריין...

צו איר גרויסער איבעראַשונג נעמט ביילקע דעם כיבוד אָן מיט אַ צוקער־זיסן שמייכעלע. זי איז אַפּנים אַ האָר ניט אין כעס. פאַרקערט, זי קנאַקט, דאַכט זיך, מיט גרויס הנאה איין סעמיעטשקע, אַ צווייטע, אַ דריטע. דערנאָך אַלץ גיכער און גיכער, ווי זי וואָלט זיך געבריהט: אַנו, לאָמיר זען ווער ס'איז פלינקער?...

נאָר מיטאַמאָל בלייבט זי שטיין. איר דלאָניע מאַכט זיך אויף און די סעמיעטשקעס שיטן זיך צווישן אירע פינגער. זי האָט אויף זיי אין־גאַנצן פאַרגעסן.

— פעלאַהייע, — מאַכט זי מיט אַ געהיימניספולן שמייכעלע — איך מוז דאָ צוגיין אין אַ בודקע, איין ווײלעטשקע נאָר...

— אַ?

— קויפן אַ „האַסטיניעץ“ *) פאַר אַפאַנקעס כלה. — פאַרטייטשט איר ביילקע — זאָג דערווייל קיינעם ניט!... פאַרשטייסט?

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי! אַפּריער ניט אויסזאָגן... דאָס טוט מען ניט...

— אַט, אַט!... ווילסטו דאָ אַ ווייל אַכטונג געבן?

— איך וועל אַכטונג געבן, טייערינקע! אייל זיך ניט...

„כדי בלייבן מיט וואַניען אויג אויף אויג און וואָס לענגער“... האָט זיך ביילקען געגלוסט אונטערזאָגן. נאָר זי האָט דאָס ניט געטאָן. זי האָט נאָך זיסער צעצויגן די דיקלעכע ליפּן אין אַ שטאַרן שמייכל.

אין אַ מינוט אַרום איז שוין איר רויט־שטראַלנדיקע כוסטע אַוועקגע־שוואומען אינעם ים פון קעפּ, האַלאַבליעס און אויסגעשפּאַנטע וועגענער.

## פינף און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דאָס תשובה־טאָן פון אַ שוואַכן

1

דער זעץ אין קיך, וואָס גרשון ווילענקסי האָט באַקומען פון וואַנקען, אין יענער ניט־גוטער ווינטער־נאַכט, ביים שטאָט־גאָרטן, איז פאַר אים געווען אַ גוטע לעקציע. און דאָס פאַרלאָזן זיך אויף ביילקעס וואָרט, אַז זי וועט שוין זיין גוט און פרום און דערנאָך — איר פלוצלעכער אַנט־לויפן, איז פאַר אים געווען אַ צווייטע לעקציע. דאָס האָט אים אויס־

*) אַ מתנהלע.

געהיילט פון אַ סך שוואַכקייטן, אויסגעשפּאָלטן אין אים נייע קוואַלן פון מוט און לעבן.

ווען ער איז דערנאָך געלעגן ביי זיך אין קאַמער, עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד, אַ צעשלאָגענער, אַ צערודערטער, פון דעם וואָס ער האָט קערפּער־לעך און גייסטיק איבערגעלעבט אין איין אויסגעשנייטער נאַכט, האָט ער געהאַט אַ סך צייט צו קלערן און איבערצוקלערן. און ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווי יעדער באַלעבאַטישער בחור פון אַלטן שניט, וואָס זוכט אַ תכלית, האָט ער אַלע מאָל צופיל געזאָרגט פאַר זיינע גייס־טיקע באַדערפעניש; און זיין אייגענעם גוף—דעם יסוד פון אַלץ וואָס איז „גייסטיק" — אין גאַנצן פאַרזען. נאָכמער: אַלס אַן איצטיקער שילער און שפּעטערדיקער וועטערינאַר זוכט ער דאָך צו פאַרבעסערן דעם געזונט און ראַסע פון קי און פערד און ציגן, און וועגן זיין אייגענער ראַסע, וועגן זיין אייגענעם דעגענערירטן לייב האָט ער אַפילו קיין מאָל ניט גע־טראַכט. ער אַליין, ווי זיינע עלטערן און עלטער־עלטערן, איז געבליבן אַ שוואַכלינג, אַ טרוימער פון בהמהשן געזונט; און דערלאָזן די גראָבע, האָמעטנע קראַפט זאָל אַרויסרייסן פון זיינע דאַרע הענט זיין תלמידקע, זיין אוצר, וועלכן ער האָט אַזוי ישיבה־בחוריש אָפּגעהיט. מיט שיינע ווערטער היט מען ניט אַזאַ טייערע זאַך. דערפאַר איז די „זאַך" אַזוי ביליק געוואָרן פאַר זיינע אויגן, אַזוי פאַרשוועכט געוואָרן... ער אַליין איז געבליבן זיצן אין שניי מיט אַן אונטערגעשלאָגענער באַק און געוואַרט אויף ביילקען, ביז זי האָט זיך אומגעקערט אַ דערנידעריקטע, אַ פאַר־אומרייניקטע, ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

אָ, ווען ער וואָלט אין יענעם קריטישן מאָמענט געהאַט גענוג פי־זישן כוח צו ענטפערן וואַנקען און געבן אים דעם געהעריקן אויסגאָב אויף אַן אָרט... פּשוט גערעדט: ווען אויסער דאָס היטעלע פון וועטערי־נאַר־שול און אויסערן אוניפאָרם מיט די ציגל־רויטע לאַצן און „קעלבערנע" לאַמפּאַסן, וואָלט ער נאָך געהאַט געזונטע קולאַקעס אויך, דעמאָלט וואָלט דאָס ווייטערדיקע אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער ריכטונג. וואַנקע דער כאַלאַפּ וואָלט ביילקען ניט אָוועקגעריסן און זי וואָלט געבליבן ביי אים. צי זי וויל, צי זי וויל ניט, וואָלט זי געבליבן אונטער זיין שוץ... צעשלאָגן און באַטויבט ווי ער, ווילענסקי, איז דעמאָלט געווען, איז, פונדעסטוועגן, ניט פאַרשוואונדן־געגאַנגען פון זיינע אויגן, מיט וועלכער פּאַרטאַיִשער באַגייסטערונג און ווייבערישער נייגעריקייט ביילקע האָט דעמאָלט אויפ־גענומען וואַנקעס פּויערישע קראַפט, זיין אַנטשלאָסענע גראָבקייט. זי איז דאָך אויך אַ טאָכטער פון מאַרטירער, פון צעבראָכענע יידעלעך, אין וועלכע עס איז דורות־לאַנג איינגעפלאַנצט אַ טיפע מורא פאַר דעם פּריצעס הינט, אַן אונטערטעניקייט צו דער גויישער שווערער פויסט, ווי צום

שיקזאַל. די אור־אַלטע נקבה האָט זיך אין ביילקען אָפּגערופן, די נקבה פון ווילדע פאַרצייטן, ווען דער שטאַרקסטער מאַנסביל איז אויך געווען דער שענערער, און דער ברוטאַלישסטער — דער געוואונטשענער ליב־האָבער. האָט זי זיך אונטערגעגעבן איר ווייבערישן גורל, אַליין ניט־וויסנדיק, אַז זי פאַראַכט אַזוי אַלע צעקראַכענע, שוואַכינקע... און אים, ווילענסקין, מיט די „קעלבערנע לאַצן" — אין כלל גענומען.

אָ, אין דער מאַגנעטישער ציאונג פון ראַסע צו ראַסע, פון שוואַרץ צו ווייס, פון קאָכיקן בלוט צו קילער ליבשאַפט — אין דעם אַלעם דרעמלט נאָך אַזאַ ניט געמיינערטע ירושה־קראַפט, וואָס קיין קולטור אין דער וועלט קען זי פאַרניכטן. אפשר נאָר — איינשלעפערן... און ווען זי כאַפּט זיך אויף איז זי מוראדיק ווי אַ געוויסער, וואָס רייסט אָפּ די הרעבליע; ווי אַ פייער וואָס ברעכט אויס אין אַ היי־שפּייכלער. ניט האַלב־געביל־דעטע, געפּיעשטשעטע טעכטערלעך, וועלכע זיינען אויסגעהאָדעוועט אויף ווייכע פעדערן און היגערשע יאַיכלעך, זיינען די ריכטיקע נאַטורן צו צוי־מען אַזאַ ברענענדיקע בענקשאַפט. דווקא ווייל ביילקע די מיזינקע איז געווען אַזוי צאַרט, אַזוי אָפּגעהיט ווי אַן אתרוגל אין פּאַקליע, איז אין אירע פול־בלוטיקע און פאַרבאָרגענע ליידנשאַפטן געקומען צו אַזאַ אויפ־רייס. דווקא דערפאַר האָט זי אַזוי דעם קאָפּ פאַרלוירן, ווען זי איז גע־קומען אין באַרירונג מיטן ערד־מענטשן, מיט דער פּויערישער זאַפטיקייט, מיטן פּרימיטיוון וואַנקען, וועלכער דעקט צו זיין געזונטן גוף מיט גראָ־בע לייוונטן; וועלכער אַקערט די ברייטע פעלדער און באַפּרוכפּערט אַרומגעצוימטע גערטנער; וועלכער עסט שוואַרץ־ברויט מיט אוגערקעס און טרינקט זויערן קוואַס און איז פונדעסטוועגן קרעפטיקער און מונ־טערער ווי אַלע אונטערבאַרגער בחורימלעך, וואָס קאָרמענען זיך מיט מילכיקע פּלעצלעך און מיט זיסן טייעלע, און שאָקלען זיך טאָג־איין טאָג־אויס איבער חומשימלעך, גמראַלעך, לערנביכעלעך...

וואָס ווייטער און טיפער ווילענסקי האָט זיך אין דעם אַריינגעטראַכט, אַלץ מער איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער האָט אָנגעטאַפּט דעם ווייטיקדיקסטן נערוו אין דער גאַנצער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגע־שפּילט אַזוי בליץ־שנעל פאַר זיינע אויגן, אין וועלכער ער אַליין האָט, ניט־ווילנדיק, גענומען אַזאַ אָנטייל... ניט לאַנגע דרשות וועגן קלויסטער און בית־מדרש האָט ער געדאַרפט דרשנען אין ביילקעס טעמפּע אויערן, נאָר אַרויסווייזן זיך פלינק און קרעפטיק און מוטיק. חוצפּהדיק — אַפילו; אַ גלייכגעוויכט שאַפן צווישן זיין אָפּגעשוואַכטן ישיבה־בחורישן קער־פּער און צופיל אַנטוויקלטן גייסט. טאַנצן פירן זי האָט ער געדאַרפט, אַט די צעלאָזענע „אונטערבאַרגער באַרישניע"; שווימען לערנען זי. צירק און טעאַטער באַזוכן מיט איר צוזאַמען. שיינע באַוועגונגען האָט זי

געזאָלט זען, און הערן — שיינע ווערטער. דורך אַזאַ פאַרגרעסער־גלאָז וואָלט זי אים דעמאָלט גאַנץ אַנדערש געזען און אַנדערש וואָלט זי זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. זי וואָלט אים געגלויבט און אַליין וואָלט זי איר וואָרט ניט געבראָכן... קורץ: אויסער דעם אָרעמינקן נדן זיינעם פון אַ קליינשטעטלדיקן אינטעליגענט האָט ער געדאַרפט אָנבאָטן זיין פיזישע שטיק, זיין פלינקייט, זיין קערפּערלעכע פרישקייט, נאָך וועלכער זי, ביילקע, האָט שטילערהייט געבענקט פון קינדווייז אָן. וואָרעם דער, וועל־כער האָט אין זיך איין מאָל אַריינגענומען דעם ריח פון פעלדער און היי, פון געאַקערט ערד און פריש־אויסגעבאַקטן קימל־ברויט, קען דאָס מער קיין מאָל ניט פאַרגעסן. דאָס יערט אין בלוט און זוכט אַן אויסגאַנג: אַוועק, אַוועק פון די ברוקירטע גאַסן און געלע מויערן מיט אָפּגעפאַלענער טינקע!

איז ער, גרשון ווילענסקי, אַליין אין די קינדער־יאָרן ניט געווען פאַר־ליבט אין יונגע גויעס, וועלכע זייען און יעטן די יידישע גערטנער אין שקלאָוו? זייער לאַכן, זייער זינגען, זייער גוטער אַפּעטיט, זייערע פרײ־שע מיילער און בלאַנקע ציין!... אפשר דערפאַר האָט ער אַזוי לייכט אַוועק־געוואָרפן זיין קאַריערע פון אַ דאָקטאָר און אַוועק היילן בהמות און פערד און הינט. דאָ האָבן אויך צוגעהאָלפן די ערד־ריחות און בענקשאַפט נאָך פרייע פעלדער, וועלכע יערן אין אים און ציִען אים צו זיך פון קינד־ווייז אָן.

זיינע מחשבות, וועלכע האָבן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַריינגע־טראָפן אין דעם ווייטיקדיקסטן פינטל, האָבן אים אַזוי צערייצט, אַז ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אויף זיין צעשלאָגענעם קין. האָט ער פּלוצלונג אַ ריס געגעבן פון געזיכט דעם קאָמפּרעס מיט צינק־וואַסער און איז אויפ־געשפּרונגען. מיט זיינע צעשויבערטע האָר, פיבערדיקע אויגן און בלוי־רויטע צייכנס אויף איין באַק, האָט ער זיך האַלב־נאַקעט אָנגעקוקט אין שפּיגל־אַלמער, ווי גרויס ער איז, און דערפילט אַ טיפן עקל צו זיך אַליין. אַ, דער סטוטולער רוקן, די שפּיציקע לאָפּעטקעס וואָס קריכן אַרויס פון הויט, די ריפּן וועלכע לאָזן זיך ציילן, די איינגעפאַלענע ברוסט, די אַראָפּפאַלנדיקע פּלייצעס פון אַ יינגל, די דאַרע קני, די האָריקע, דינע אָרעמס מיט רויט־סטאַרטשענדיקע אומגעלומפּערטע איילנבויגנס!... און אָט דאָס אַלץ האָט ער געוואָלט אונטערטראָגן אַזאַ יונגער קראַסאַוויצע ווי ביילקע איז! ז י זאָל ליבן אַזאַ גופעלע, זי זאָל אויף אים אויסבייטן אירע שיינע גלידער, זי זאָל דאָס קושן און האַלדזן און ווערן אַ געטרייע פרוי און אַ גוטע מאַמע...

קלאָרער ווי אַלע מאָל האָט ער אַצינד דערזען ביילקעס זאָל; איר גע־זונטן מיידלשן פאַרלאַנג אָפּגעוואויגן, פאַרוואוירפן, ווי שטיינער, האָט

ער געשליידערט זיך אַליין אין צעשפּאָלטענעם קאָפּ. די באַלעבאַטישע איינגעגעסענע מיינונגען געריסן פון זיך ווי שטיקער לייב. דעם אמת ווי הייסע פונקען, געוואָרפן זיך אַליין אין די אַנגעשוואָלענע אויגן אַריין:

— ווען דו אַליין וואָלטסט געווען זיין ביילקע, געהאַט איר שיינעם וואוקס, איר קאָכיק בלוט, איר צו פרי צייטיק־געוואָרענעם געשלעכטלעכן אַפּעטיט, און מען וואָלט אַוועקגעשטעלט דיך און דעם שייגעץ פון מאַ־קאַראָווקי אין איין ריי, אָדם־נאַקעט, ווי אין אַמאָליקן גריכישן צירק.. וועמען וואָלטסטו, ביילקע־גרשון, אויסגעקליבן, אַ? זאָג, זאָג, אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין! דעם אמת זאָלסטו זאָגן! ערלעך זאָלסטו זיין!

ער האָט זיך האַסטיק אָפּגעקערט פון שפּיגל, אויסגעמידן צו ענט־פערן זיך אַליין. צו פרעגן — געהאַט כוח, צו ענטפערן — ניט געהאַט. נאָר מיט פאַרלאָפּענע טיף־פאַרשעמטע אויגן אַריינגעוואָרפן זיך צוריק אין זיין אָפּגעקילטן געלעגער, אַריבערגעדעקט זיך איבערן קאָפּ מיטן ליילעך און געביסן זיך די ליפּן.

— דו, דו! — האָט ער בייז געמורמלט צו זיך אַליין — דו, גרשון ווילענסקי, האָסט קיין מוט ניט צו זאָגן זיך דעם גאַנצן אמת. די קליינע אונטערבאַרגער ביילקע האָט דאָס יאָ געהאַט. זי האָט געהאַט כוח צו ברעכן אַלע טראַדיציעס, ווייל זי האָט ליב דעם קערפּער מער ווי דו, ווייל זי האָט וואָס ליב צו האָבן. איר קערפּער איז ווערט מען זאָל אים ליב האָבן, מען זאָל זיך אָפּגעבן מיט אים, מען זאָל אים האַלוביען... און דו, וואָס? אַ באַנק־קוועטשער פון דורי־דורות ביסטו? גייסט, גייסט און ווידער־אַמאָל גייסט. אַלטע יידן האָבן דאָס אין דיר אַריינגעטענהט און דו האָסט געגלויבט, אַזוי ווי דיין טאַטע האָט געגלויבט, אַזוי ווי דיין זיידע... אָבער אויף אונדזער מינדסטן נאָגל האָט די נאַטור געאַרבעט מיליאָנען יאָרן ביז זי האָט עס פאַרפּולקאָמט און צוגעגעבן אַ גלאַנץ פון ראָזעווען פּערל־מוטער... די גאַנצע מענטשלעכע קולטור אויף וועלכער דו, שלימזלניק, שטיצסט זיך און נאָך אַזעלכע שלימזלניקעס ווי דו, ווי אַלט איז זי? אין גאַנצן אַ וועלכע פינף זעקס טויזנט יאָר, שוין אַריינגערעכנט עגיפּטן, כאַלדייע, די כעטיטן, און דער רוח ווייסט זיי וועמען נאָך!... וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס? שווער צו איבערצייגן דערמיט אַ טראַדיציע פון מיליאָנען יאָר. מען שטיקט זי און מען בויגט זי, און מיטאַמאָל שפּרינגט זי אויף און צעוואָרפט אַלע אָנשטרענגונגען ווי אַ קאָרטן־שטיבעלע. אַזוי און ניט אַנדערש האָט דאָס געטאָן ביילקעס נאַטור. און דו וואָס?

— גייסט, גייסט און ווידעראַמאָל גייסט! — האָט זיך ווילענסקי ווי אַ צעטראָטענער וואָרעם געקאָרטשעט אונטערן ליילעך — פאַרן גוף, וועל־כער טראָגט אין זיך דעם גייסט, האָסטו קיין מאָל ניט געזאָרגט. ניט דו, ניט דיינע עלטערן, ניט דיינע עלטער־עלטערן. פון דעם שטאַמט דער

תליה־הומאָר צו זיך אַליין, דער עקל פון אַלעמען — צו אונדז. אונדזער אייביקער חנפענען דעם שטאַרקערן...

— טפו־טפו־טפו! — האָט ווילענסקי געפּרוּווט אויסשפּייען דעם שפּלדיקן געפיל צו זיך אַליין, אַזוי ווי מען שפּייט אויס אַ שרץ. אָבער אין גאַנצן אויסשפּייען ניט געקענט. אין קאָפּ האָט זיך אים געפּלאָנטערט. אין האַלדז איז געווען טרוקן. ער האָט געפיבערט.

2

ווען ווילענסקי איז שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג, געקומען צו זיך און דער בייל אויפן קין האָט זיך אויך געגומען פאַרהיילן, האָט ער זיך אומגעקערט אין זיין וועטערינאַר־שול, מיט קיינעם ניט גערעדט און מיט דער פריערדיקער התמדה מער ניט געקענט לערנען. ער האָט מער ניט געגלויבט אין זיין אויפגאַבע. די פלענער פון זעלבשטענדיקייט האָבן פאַרלוירן זייער צויבער. ניט־ממשותדיק איז אַלץ געוואָרן. עס האָט זיך מער ניט געגלוסט צו מאַטערן דעם זכרון, זאַמלען וויסנשאַפט, מאַכן נאָטיצן. געזוכט האָט ער אַ גלייכגעוויכט צווישן קערפּער און זעל און ניט געוואוסט ווי אָנצוהויבן. אַ סך לעקציעס האָט ער אין גאַנצן דורכגעלאָזן און געשליאָנדערט איבער די פאַרשנייטע מאָהילעווער גאַסן, אַריינגעכאַפּט זיך אָפּטמאָל אין טעאַטער, באַזוכט דעם צירק. רק געזוכט צו צעשטרייען זיך, און די אמתע צעשטרייאונג ניט געפונען.

איינמאָל, אין אַ פּראַסטיקער נאַכט, האָט ער אָנגעטראָפן אין צירק אויף אַ נייעם נומער: ו ו אַ ל ק ע ס. דער באַרימטער אַטלעט לוריך אַ ברוין־הויטיקער, אַדערדיקער יונג, וועלכער האָט באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר דער שיינקייט פון קערפּער, האָט זיך געבאַרעט מיט אַ מגושמדיקן פראַנצויז — סאַבאַטיע. די שלאַנגישע באַוועגונגען פון די צוויי איבער־געזונטע נאַקעטע גופים, דער טאַנץ פון זייערע געשפּאַנטע מוסקולן, האָבן אויף ווילענסקין געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דער בערך־מאַגערער און שלאַנקער לוריך האָט, נאָך אַ צען־מינוטיקן שיינעם קאַמף, אָוועקגעלייגט דעם שווערן ריז אויף ביידע לאָפּעטקעס... אַ שטורעם פון בראַוואָ־פּאַטשעריי האָט דעם יונגן זיגער אַ הויב געגעבן פון זיין באַזיגטן קעגנער אויפן קאַרפּעט... לוריך איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ טיגער, וואָס האָט זיך אַ שטעל־געגעבן אויף צוויי פיס און וויַיזט מיט שטאָלץ זיין אויסגעהאַמערטן, ווי מיט בראָנז באַגאָסענעם נאַקעטן קערפּער. ער האָט זיך געבויגט אויף רעכטס און לינקס. זיין יונגער פּנים האָט געשטראַלט און די ווייסע ציין האָבן לאַכנדיק געבלישטשעט. די ווייבער זיינען שיר פון זינען ניט אַראָפּ. געפּאַטשט אין די הענטלעך און געשריען. די מענער זיינען מיטגעריסן געוואָרן. אייפערזיכטיק ווי זיי זיינען

געווען, האָבן זיי, פונדעסטוועגן, געהאָלפן קלאַטשען און שטורעמען. גרשון ווילענסקי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער אַליין מאַכט נאָך דעם נאַקעטן זיגער און פאַרנויגט זיך אויך, אַז ער פּאַטשט בראַוואָ און נויגט זיך אויף רעכטס און לינקס.

ווי אַ ייִנגעלע, וועלכן מען כאַפּט ביי דער האַנט, בשעת ער גנבעט צוקער, אַזוי האָט זיך ווילענסקי פאַרשעמט, פאַרגעסן אויף אַלע ווייטער־דיקע צירק־נומערן און אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. אַ זיס־אויפגערעגטער האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן בלאָנדזשען איבער דער פּראַסטיקער שטאָט. באַקן און אויערן האָבן ביי אים געברענט פאַר קעלט און קינדישער חרפּה. אָט, הייסט דאָס, וואו דער שליסל שטעקט! אָט פון וואַנען ס'נעמט זיך דער קולט פון דער אַנטיקער וועלט, דער רענעסאַנס נאָכן מיטלאַלטער... דאָס קריסטנטום האָט נאָר געטאָן און באַהאַלטן אין גראָבע קליידער־פאַלדן דאָס, וואָס די גריכן און רוימער האָבן שטאָלץ אַרויסגעשטעלט אין דער עפנטלעכקייט און אַוועקגעזעצט אין דער ערשטער שורה... די ייִדן, ווי זייער שטייגער איז, זיינען דאָך אַלע מאָל און אומעטום געווען פּויפּסטלעכער ווי דער פּויפּסט. האָבן זיי אויך דאָס איבערגעטריבן און איבערגעזאָלצן. דאָס שעמען זיך מיטן אייגענעם קערפּער איז ביי זיי דער־גאַנגען ביזקל אַבסורד. און קנאַפּע פופצן הונדערט יאָר האָבן פעלקער באַהאַלטן זייער נאַקעטקייט, ווי זינד און חרפּות באַהאַלטן אין טיפן רע־ליגיעזן חושך, ביז אַ שטיקל רענעסאַנס איז ג ע װ א ָ ר ן מ ע ג ל ע ך. ביז די גרעסטע קינסטלער, מיט מיקל אַנדזשעלאָ אין דער שפּיץ, האָבן גענומען ברעכן צוימען און געמאַכט אויפלעבן דעם דרך־ארץ פאַרן נאַ־קעטן מענטשלעכן קערפּער...

— אַ רענעסאַנס? איז ווילענסקי פּלוצים שטיין געבליבן לעבן אַ גע־פּראַרענער הורבע שניי אויף אַ פּוסטן פּלאַץ, און פאַרוואָס ניט אַ רענע־סאַנס אין אַ קליין־פאַרמאָט? אַ רענעסאַנס פון אייגענעם אָרעמען קערפּער... יאָ, יאָ, יעדערער וועלכער וויל נאָר, וועלכער האָט קראַפט צו וועלן, קען אַליין ווערן אַ קליינער מיקל אַנדזשעלאָ, אַ ראַפאַעלי פאַר זיך אַליין. נאָר ניט אָפּלייגן, ניט פאַרלאָזן זיך אויף קיינעם.

אַ ווילדע שמחה האָט אים פּלוצלונג אָנגענומען און ער האָט געגנור־מען טאַנצן אין דער שניי־הורבע. ניט געשעמט זיך מער, ניט געווען פאַר וועמען צו שעמען זיך. פּוסט איז געווען דער פּלאַץ און קיין איין ביי־געריק אויג האָט ווילענסקין ניט געשטערט.

די גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. פונדעסטוועגן איז ער אי־בעריק מיד ניט געווען, ווען ער האָט זיך פאַרטאָג אַ כאַפּ געגעבן פון דעם שיטערינקן דרימל. און ניט אין שול האָט ער זיך געאיילט, נאָר געלאָפן און איינגעהאַנדלט עטלעכע ביכלעך און בראָשורן וועגן קערפּער־קולטור.

מילערס סיסטעם און זאַנדאָפס. אַ פּאָר אייזערנע געוויכטן מיט הענטלעך האָט ער אויך געקויפט, אַ האַרטע הענטשקע אָפּצורייבן זיך מיט קעלניש וואַסער...

נאָר ווי יעדער ניילינג, האָט ער זיך גלייך צוגעכאַפּט צו גימנאַסטיק. צו שטאַרק צוגעכאַפּט זיך. צו פרי אויפגעשטאַנען, צו פיל אָפּגעמאַטערט זיך מיט די גומענע און אייזערנע אַפּאַראַטן, צו קאַלט און צו פלייסיק געריבן דעם מאַגערן קערפּער.

דאָס האָט אים די ערשטע טעג מיד און מאַט געמאַכט, דעם קאָפּ פאַרדולט. אויף וואַסער וועלט ער איז האָט ער ניט געוואוסט. אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך געפילט קראַנק און צעבראָכן, ווי איבערגעפאָרן פון אַ שווער־באַלאָדענעם וואָגן. ער האָט זיך אָוועקגעלייגט און אָפּגעלעגן צוויי טעג ביז אים איז לייכטער געוואָרן. דאָס האָט אים אָנגעשפּיצט פאַרזיכטיק צו זיין, ניט פאַרלאָזן זיך מער אויף די ביכלעך מיט די צייכענונגען פון אַלערליי גימנאַסטישע פּאָזן. ער האָט זיך געווענדט צום לערער פון קער־פּער־קולטור אין זיין שול און באַשטעלט ביי אים פּריוואַטע לעקציעס. דער לערער האָט אים אויסגעהערט, אונטערזוכט און געפונען אַז דאָס האַרץ איז אָפּגעשוואַכט, די הויט ניט אָפּגעהאַרטעוועט. האָט ער אים געהייסן אין גאַנצן אָפּלאָזן די גומענע און אייזערנע אַפּאַראַטן, נאָר אָפּרייבן זיך צוויי מאָל אַ טאָג מיט אַ שוואַכער מישונג פון וואַסער מיט אָדעקאָלאָן און גוט אויסרוען זיך נאָך יעדער אָפּרייבונג. שפּעטער מיט אַ וואָך האָט ער מיט אים גענומען מאַכן גימנאַסטיק, נאָר ניט מער ווי צען־פופצן מינוט יעדער מאָל, און געלערנט אים ריכטיק אָטעמען: פריער מיטן בויך, דערנאָך מיט דער ברוסט. דאָס האָט באַלד פאַרבעסערט ווילענסקיס גע־פאַלענע שטימונג, אָבער פריש און מונטער ווי ער האָט זיך געריכט האָט ער זיך פאָרט ניט געפילט. דער קאָפּ איז געווען פוסט. די לעקציעס אין שול האָבן זיך ניט פאַטופּיעט אין מוח. דער פון דורי־דורות שלאָבעריקער גוף, דער שוואַכער בלוט־אומלויף און גערייצטע נערוון האָבן זיך אַקעגנ־געשטעלט, ניט אויסגעהאַלטן אַפילו אַזאַ גערעגלטע אָנשטרענגונג. עס האָט געצויגן צום בעט, צום פוילן זיך. „לאָז אונדז צורו!‟ האָבן, דאַכט זיך, געבעטן אַלע שווער־געוואָרענע אברים, וואָס ווילסטו פון אונדז? מיר קענען ניט מער... מיר ווילן ניט... אפשר שפּעטער... שפּעטער!‟

און ער האָט אויף זיי אָנגעשריען, אַזוי ווי מען שרייט אָן אויף פרעמדע פאַרשלאָפענע ווענזנס: „ניין, איך וועל אייך צו־רו נ י ט לאָזן!‟ דאָס האַרץ האָט ביי אַזעלכע אָנשטרענגונגען מוראדיק געקלאַפּט, איך ברוסט האָט געדריקט, אין די אויערן האָט געזשומעט. אַ ניט־גוטקייט און קאָפּ־שווינדל — ענלעך צו דער ים־קראַנקהייט — איז אים אָפּטמאָל באַפאַלן. דאָס עסן איז אין האַלדז ניט געקראָכן, די צונג האָט געטריקנט.

און ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: „קראַפּירט, אָדער פּאַלגט! עס וועט אייך גאָרנישט־ניט העלפן!...“

3

דער קאַמף מיטן שלאַבערדיקן גוף האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ גוטע פּאָר חדשים. אין לויף פון דער זעלבער צייט האָט ער זיך שלעכט געלערנט. פון ערשטן שילער האָט ער זיך אַראָפּגערוקט אויפן דריטן גראַד. די שול־לערער האָבן זיך געוואונדערט, געהויבן מיט די פּלייצעס. געפרעגט צי ער איז געזונט. בשעת דער מיטאָג־שטונדע, אין הויף פון דער וועטע־רינאַר־שול, האָט זיך אַרום אים געשאַפן אַ פּוסטקייט. די שול־חברים האָבן אַ ביסל מורא געקראָגן פאַר זיין שוויגן, געהאַלטן זיך אָן אַ זייט; געשעפּטשעט צווישן זיך, אַז דאָס אַלץ איז אים, אַפּנים, געקומען פון זיין אומגליקלעכער פאַרליבעניש, וועלכע האָט זיך אַזוי מיאוס אויסגעלאָזן...

צו צילען — ביילקעס שוועסטער — איז ער אַצינד זעלטן ווען גע־גאַנגען. געשעמט זיך קוקן איר אין די אויגן. געהיט זיך זאָגן אַן איבעריקן וואָרט נתנען—איר מאַן, יעקבן—איר ברודער. עפּעס ווי ער און נאָר ער אַליין וואָלט דאָ געווען שולדיק. אונטערגענומען זיך, הייסט דאָס, היטן ביילקען פון דאָרפישן שגץ און ניט אויסגעהיט...

נאָך שווערער איז אים געוואָרן יעדער באַזוך ביי צילען, ווען אירע עלטערן האָבן זיך דאָרט באַוויזן. די ערשטע צייט, נאָך זייער אַנטלויפן פונעם „אונטערבאַרג“ קיין מאָהילעוו, האָבן זיי זיך אין צילעס הויז גע־האַלטן איינגעשלאָסן. אויפן שטערן, האָט זיך זיי געדאַכט, איז ביי זיי אָנגע־שריבן, אַז זייער מיזינקע האָט זיך געשמדט... דערנאָך איז שיינע־שרה — ביילקעס מוטער — די ערשטע אַרויסגעקראָכן פון איר פינצטערן אַלקערל, וואוהין זי האָט זיך פאַרקליבן. אַליין פינצטער ווי די ערד אין אַ טונקעלער פאַטשיילע, האָט זי זיך פאַרזיכטיק דערנעענטערט צו ווילענ־סקין. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט—ביז זי איז אַרויס מיט קלאָגן און יאָמערן און מיט הונדערטער ביטערע פראַגן. און גרשון ווילענסקי האָט געמוזט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערדערציילן, ווי אַזוי און וואו און ווען ער האָט ביילקען באַגלייט צום לעצטן מאָל. ווי אַזוי זי האָט זיך אויפגעפירט; ווי אַזוי דער שגץ איז אָנגעקומען אין שליטן און ווי אַזוי ער האָט זיך געשלאָגן... שיינע־שרה האָט דערביי אויסגעזען ווי א י ו ב, וועלכער קראַצט זיך די קוים פאַרצויגענע מכות. און דאָס שערבל, מיט וועלכער זי קראַצט, איז קיין אַנדערער ווי ע ר  אַ ל י י ן — ביילקעס געוועזענער לערער און באַשיצער, ווילענסקי.

בשעת אַזאַ פיינלעכן קראַצן־זיך איז איין מאָל אַרויסגעלאָפן דער אַלט־געוואָרענער און געבראָכענער משה־לייב פון ז י י ן  באַהעלטערל

און גענומען שרייען אויף שיינע־שרהן זי זאָל שווייגן. שוויגן זאָל זי און ניט פאַרגעסן, זי איז שוין אָפּגעזעסן שבעה נאָך איר משומדתטע. גע־שטאָרבן איז זי!! פאַרשאָטן... שיינע־שרה האָט זיך נאָך פינצטערער פאַר־וויקלט אין איר פאַטשיילע און פאַרגאַנגען זיך אין שלוכצן.

דאָס האָט ווילענסקין אַזוי דערשיטערט, אַז ער אַליין האָט זיך אַ צוויי טעג איינגעשלאָסן ביי זיך אין קאַמער. און דערנאָך אין גאַנצן אויפגעהערט צו גיין צו צילעס הויז. באַגעגנט יעקבן, איר ברודער, אָדער נתנען, איר מאַן, פלעגט ער נאָר שעמעוודיק אַ שאָקל־טאָן מיטן קאָפּ און פונקט אַזוי האָבן אים יענע געענטפערט. ניט געוואונדערט זיך און ניט געפרעגט פאַרוואָס ער קומט ניט. די איינזאַמקייט אַרום אים איז געוואַקסן. די פוסט־קייט איז הילכיקער געוואָרן ווי אין אַ חורבה. יעדער איבעריקער קול האָט אים געשטערט און ווי־געטאָן אין אָנגעשטרענגטן קאָפּ.

כדי צו דערשטיקן אַזאַ איינזאַמקייט האָט ער נאָך עקשנותדיקער און נאָך מעטאָדישער גענומען מאַטערן זיין גוף מיט נייערע און קונציקערע גימנאַסטישע אָנשטרענגונגען, מיט נאָך קעלטערע און האַרטערע אָפּריי־בונגען; און אָפּטמאָל געפילט, אַז זיינע דינע ביינער און שוואַכע מוסקולן שמאַרצן און ציען, ווי ביי אַ רעווומאַטיש־קראַנקן, אונטער די פליכטן וואָס ער האָט אויף זיך גענומען: צו שטאַרקן זיי און צו איבעראַנדערשן. ער האָט זייער גוט געוואוסט, אַז ניט אין איין טאָג וואַקסט אויס אַ בוים, און אַז ביי קעלבער וואַקסן ניט אַזוי גיך אויס הערנער פון אַ ביק. און אַ פאַר־וועלקטער גוף, וואָס שטאַמט פון לאַנגע דורות באַנק־קוועטשער און ליע־זשאַנקע־חכמים, קען ניט אויפבליען אין צוויי־דריי חדשים... אָבער יעדער מאָל, ווען ער האָט דערפילט, אַז דער ווילן פאַלט און די כוחות גייען אויס, פלעגט ער פאַרבייסן די ציין און, ווי פון אַ פּעכיקן זומפּ, אַרויסגעצויגן זיינע מאַטע גלידער: „געדולד! עס וועט באַלד לייכטער ווערן".

און ס'איז איםווירקלעך לייכטער געוואָרן... ביסלעכווייז, ווי פון אַ ווייכער פלאַנץ ווערט אַ האַלציקער שטאַם און פון בליעכץ — אויבסט, אַזוי איז אָנגעוואַקסן זיין קראַפט. די גימנאַסטישע קונצן און די טיפע אָטעמונגען האָבן אים, אין דער פרי, מער ניט מיד געמאַכט, נאָר אָפּ־געפרישט; און די קילע פאַרפיומירטע אָפּרייבונגען האָבן אין אים אַריינ־געבלאָזן אַ נייע נשמה. מיט גרויס אַפּעטיט פלעגט ער אַצינד פרישטיקן. אַ געזונטע פאַרב האָט זיך גענומען דורכשלאָגן דורך זיינע בלאַס־געלע באַקן. און פינף מאָנאַטן שפּעטער האָט ער באַמערקט, אַז די אָרעמס גיסן זיך אים אָן מיט אייזן און די פלייצעס ווערן ברייטער און קיילעכדיקער. דער ווילן צו גייסטיקער און פיזישער אַרבעט איז געוואָרן שאַרפער. עס האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו שפּאַצירן שטונדן־לאַנג, צו שווימען, צו שיפן זיך. דער אָנגעקומענער זומער און דער וואַרעם־

געוואָרענער דניעפּער־שטראָם האָבן אים צוגעהאָלפן אין אַלע ספּאָרטן; געלאָפן, דאַכט זיך, וועט־געלויף מיט אים... די ערד איז גרינגער געוואָרן אונטער די שטראַמע פיס און דאָס לעבן פריידיקער. ניט־ממשותדיקע פליגלען זיינען אויסגעוואַקסן הינטער די אויסגעגלייכטע לאָפּעטקעס.

די קרענקלעכע שיטערקייט אין קאָפּ איז פאַרשוואונדן, דער זכרון איז געוואָרן קלאָרער. און ער האָט ווידער פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין דער ווטערינאַר־שול. די לופט אַרום אים איז געוואָרן וואַרעמער, פריינד־לעכער און די געוועזענע שול־חברים האָבן זיך ווידער גענומען דער־נענטערן צו אים.

ער האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו אָנשטרענגען די אויגן פאַרן שלאָף, פאַרוואָרפן די שלעכטע געוואוינהייט צו לייענען ליגנדיקערהייט. ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעטאָן און געלייגט איז ער קרעפּטיק איינגע־שלאָפן, אָן וואַרפעניש, אָן חלומות. און אין דער פרי, מיטן ערשטן בלויען אויף טאָג, אויפגעכאַפּט זיך פריש און מונטער. פון גרויס שמחה וואָס ער איז אַזוי גוט געשלאָפן, האָט ער ניט איין מאָל געכאַפּט קושן זיין ווייסן צוקאָפּנס, וועלכן די מאַמע האָט אים געשיקט פון דער היים, וועלכער האָט אים אַזוי זיס און ליבלעך אַרומגענומען דעם מידן קאָפּ אַ גאַנצע נאַכט און באַנייט זיינע יונגע כוחות.

ערגעץ־וואו אין אַ טונקעלן ווינקל פון זיין אָפּגעפרישטער נשמה האָט נאָך געדרימלט אַ צער, וועלכער פלעגט זיך פון צייט צו צייט אויפ־כאַפּן און ציען ווי אַן איינגעשלאָפענער צאָן־ווייטיק. ביילקעס שוואַרצע צעפּ מיטן איינגעפלאָכטענעם רויטן בענדל פלעגן אַרויסשווימען פון נעפּל און ווי שלאַנגען איינזויגן זיך אין לייכט־פאַרהיילטן, נאָך זייער צאַפּלדיקן אָרט. אָבער מיט פונקט אַזאַ האַסטיקער אָנשטרענגונג פון ווילן פלעגט ער די שוואַרצע שלאַנג, מיטן רויטן בענדל, אָפּרייסן פון האַרצן און אַריינ־וואַרפן צוריק אין תהום אַריין, אין דער פאַרגעסנהייט, פון וואַנעט זי איז שיפּענדיק אַרויסגעשפּרונגען. ווי אַזוי האָט משה־לייב אָנגעשריען אויף שיינע־שרהן זיין ווייב? „געשטאָרבן די משומדתטע! פאַרשאָטן. שוין לאַנג אָפּגעזעסן שבעה נאָך איר"...

## זעקס און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# אַ ציגיינערישע סגולה

1

נאָך ביילקעס אַנטלויפן מיט איר גוי, האָט זיך צילע, איר שוועס־טער, געטרייסט מיט איר ערשטלינג, וואָס זי האָט געבוירן—אַברעמעלע

איז געוואַקסן ווי אויף הייוון, געהאַט שוין פיר ציינדלעך אין מויל, גע־זויגן דעם גראָבן פינגער פון פוס, ווען ער האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. געפּלאַפּלט „טאַטע" און „מאַמע", ווען ס'איז אים געווען גוט אויפן האַרצן... יעקב, איר ברודער, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין לערנען מיטן גאַנצן האַרצוויטיק און בענקשאַפט נאָך זיין יינגערער שוועסטער, וועלכע ער האָט אַזוי מיאוס פאַרלאָרן. אַזוי, אַז גאָר אין גיכן האָט ער אין דער פעלדשער־שול פאַרנומען דעם ערשטן אָרט, און די לערער־דאָקטוירים האָבן אים אומעטום מיטגענומען אויף פּראַקטישער אַרבעט אין די אַרומיקע דער־פער, ווי אַ זייעריקן.

אַ סך ערגער איז געגאַנגען די אַלטע לייט, וועלכע זיינען אַנטלאָפן צו צילען קיין מאָהילעוו, כדי צו לעשן דאָרטן זייער ברענענדיקן ווייטיק. אויסגעריסן מיט די אַלטע וואָרצלען פון זייער אונטערבאַרגער הויז, האָבן זיי זיך אין מאָהילעווער לעבן ניט געקאָנט אַריינפּאַסן. כאָטש קנאָפּע דרייסיק וויאָרסט אין גאַנצן האָט זיי אָפּגעטיילט פון זייער ליבן „אונ־טערבאַרג".

צוליב יוצא־וועגן, כדי צו פּטרן די לאַנגע טעג און ניט לעבן אויף צילעס חשבון, האָט זיך משה־לייב צוגעכאַפּט צו זיין תבואה־מעקלעריי. נאָר דאָס געשעפט, אין וועלכן ער איז אין דער היים געווען אַזוי באַ־האַוונט, האָט זיך דאָ, „אין דער פרעמד", ניט געקלעפּט. פּרנסה איז גע־ווען קנאַפּ. איז ער די גאַנצע פרייע צייט געזעסן אין חסידישן קלויז, תהילים געזאָגט און גרויער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

די איינציקע, וועלכע האָט אין גאַנצן קיין רו ניט געהאַט און קיין טרייסט ניט באַקומען, אַפילו ניט פון אַברעמעלען, איר ערשטן אייניקל, דאָס איז געווען שיינע־שרה. קיין תחינות־זאָגן האָט איר ניט געהאָלפן און קיין ראָמאַשקע־טיי האָט זי ניט דערוואָרעמט. זי, די אונטערבאַרגער חכמה, וואָס האָט די ערשטע געגעבן אַזאַ קלוגע עצה: אָפּצושיקן ביילקען וואָס ווייטער פון שגץ און דורכדעם — אויך ווייטער פון טאַטע־מאַמעס אויפזיכט, זי איז דאָ אין מאָהילעוו מאָדנע־נאַריש געוואָרן, אָפּהענטיק און פאַרצווייפלט. אייגנטלעך — ניט ערגער ווי אַלע אַנדערע ווייבער, ווען אַ בראָך גיסט זיך אויף זיי אויס. נאָר איר האָט זיך פאַרט געדוכט, אַז זי איז די ערגסטע, די נאַרישסטע, אַז זי האָט די גאַנצע צרה געבראַכט אויף איר מאַן און קינדער און אויף זיך אַליין.

כדי צו פאַרריכטן דאָס, וואָס זי האָט קאַליע געמאַכט, איז זי, די ערשטע צייט, געלאָפן צו מאָהילעווער אַדוואָקאַטן, פאַרלאָזן זיך אויף זייער יושר, געטראָגן זיי גאָלדערנע פינפערלעך פאַר זייערע עצות. דער־נאָך, אַז זיי האָבן אויך ניט געהאָלפן, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו גוטע יידן. פון די גוטע־יידן האָט זי זיך שטילערהייט אַוועקגעגנבעט צו אָפּ־

שפּרעכערקעס און צו זנאַכערס... די מיטלען אומצוקערן די פאַרלוירענע טאָכטער זיינען, אַזוי אָרוּם, געפאַלן אין ווערדע פון מאָל צו מאָל. און פּונקט אַזוי פיל איז שיינע־שרה געפאַלן ביי זיך אַליין.

נאָר וואָס אומבאַהאָלפענער און אויסטערלישער די מיטלען און די עצה־געבער זיינען געוואָרן, אַלץ היציקער האָט זי זיי דורכגעפירט. פון די דאָרפישע „זנאַכערס" האָט זי אָראָפּגענידערט צו אַ ציגיינער מיט איין אויג — יאָכימקע האָט ער געהייסן. יענער האָט איר, אין זיין ברוּדיקן געצעלט הינטערן שטאָט, געפּראַוועט כישוף, געקוקט אין אַ פאַרהאַנגענעם שפּיגל, געפּרעפּלט, געמאַכט הוויות און לסוף געזאָגט, אַז ער זעט זי, די אומטרייע אַנטלאָפענע טאָכטער; אַז זי איז פאַרקלאַפּט אין איר געליבטן, ווי אַ שליסל אין אַ שלאָס; אַז די טריפהנע בלוט קאָכט נאָך אין איר, און ס'איז קיין אַנדער עצה ניטאָ... ווי דאָס... ער ווייסט נאָר ניט צי די „ניעשטשאַסטנע" מאַמע וועט דאָס קענען „דאַקאַזשען"... אויב זי קען זיך איר באַווייזן מיט אָפענע בריסט... די בריסט, וועלכע האָבן איר קליינערהייט געגעבן צו זויגן... דעמאָלט...

אַ פאַרצאַפּלטע און אַ דערשיטערטע האָט זיך שיינע־שרה מודה געוועזן פאַרן איין־אויגיקן ציגיינער, מיט האַלבע ווערטער מודה־געוועזן זיך:

— אָבער איך האָב איר קיין מאָל... קיין מאָל ניט געגעבן צו זויגן... קראַנק געווען... מיין מילך האָב איך פאַרלאָרן... אַן אַם, איר איצטיקע שוויגער, האָט זי געקאָרמעט...

דער אַלטער ציגיינער האָט שלאַנגיש אַ בליץ געגעבן מיט זיין איינציקן אויג:

— אַ, אַ, האַרציקע! זעסטו? אין דעם ליגט איר כוח. מיט דעם כוח פון אירע פאַהאַנע בריסט האָט זי דיין טאָכטער אָוועקגעשלעפּט. איר פאַהאַנעם זון אַוועקגעשענקט זי. דיין קראַסאַוויצע אין זיין פויערישן שויס געלייגט. אָט!

— ס'איז אַן אמת, אַן אמת! — האָט שיינע־שרה פאַנאַטיש צוגעשאָקלט מיט איר פאַרדולטן קאָפּ. — זי, זי!... מער ווי דער זונדל אירער איז זי שולדיק...

דער ציגיינער האָט גלייך ניט געענטפערט, נאָר געשעפּטשעט צום פאַרהאַנגענעם שפּיגל... דערנאָך האָט ער טיפזיניק גערעדט צו זיין קליענטקע:

— פונדעסטוועגן, פּרואוו. עס קען אַמאָל העלפן. אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע. אפשר וועט זיך איר שלעכט האַרץ אומדרייען. וועט זי דיר נאָכלויפן ווי אַ ציגעלע נאָך אַ ציג...

דער פאַרגלייך מיט אַ ציג איז געווען ניט זייער יידישלעך, און

בכבודיק — אָוודאי ניט; אָבער שיינע־שרה האָט אין איר פאַרצווייפלונג און אָבערגלויבערישקייט אויך דאָס אָראָפּגעשלונגען און באַצאָלט דעם אַלטן ציגיינער דעם האַלבן קערבל, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פאַר זיין כישוף.

פון דעמאָלט אָן איז שיינע־שרה אַרומגעגאַנגען אָן אַ לייבל, נאָר אין בלויזן העמד אונטער דער קאָפּטע. אַלץ געהאָפט צו באַגעגענען איר פאַרבלאָנדזשעטע טאָכטער און אַנטבלויזן פאַר אירע געשמדטע אויגן די פאַרגעסענע, איינגעפאַלענע מוטער־בריסט... וואָס אַ שטייגער זי, שיינע־שרה, וועט טאָן מיט איר משומדתטע, אַפילו ווען יענע וועט קומען, וועט נאָכגעבן דעם כישוף און וועט נאָכלויפן דער מאַמען, ווי דער ציגיינער האָט איר אַזוי איידל פאַרזיכערט: „ווי אַ ציגעלע נאָך אַ ציג"?... וועגן דעם האָט זיך שיינע־שרה קיין קלאָרן חשבון ניט אָפּגעגעבן. ווי אַזוי זי וועט פון ביילקען אָפּרייניקן דעם שמד, אַריינפירן זי אין משה־לייבס שטוב, וואו ער איז נאָך איר „שבעה" אָפּגעזעסן, ווי נאָך אַ געשטאָרבענער, און ראַטעווען זי דערנאָך פון די גויישקע הענט און פון דעם גוישן געזעץ? — פון דעם האָט זי אַפילו ניט געוואָלט טראַכטן. דער עיקר איז יענע זאָל קומען, זאָל זיך מיט איר באַגעגענען און זאָל געטראָפן ווערן פון דער אַנטבלויזטער מוטערלעכער ברוסט ווי פון אַ בליץ...

ביי יעדער אָנקומען פון אַ יונגער פּויערטע אויף דער גאַס האָט ביי שיינע־שרהן געקלאַפּט דאָס האַרץ. ביי יעדער קונציק־אויסגעבונדענער קאָפּ־כוסטע אויף אַ וואָגן מיט היי פלעגט זי זיך כאַפּן ביי די פערלמוטערנע קנעפּ אויף איר לויזער קאָפּטע, כדי צו געבן דעם כישוף אַ פרייען וועג... דווקא דאָס ניט־יידישלעכע, אויסטערלישע, כמעט געצנדינערישע, וואָס איז געלעגן אין דעם ציגיינערס סגולה, האָט שיינע־שרהן קרענקלעך איינגעשמועסט, אַז דאָס איז דער זיכערסטער און לעצטער מיטל. און אויב ניט דאָס, וועט שוין קיין אַנדער זאַך אין דער וועלט מער ניט העלפן.

2

משה־לייב האָט גאָרנישט ניט געוואוסט פון אַלע באַבסקע סגולות, מיט וועלכע שיינע־שרה באַשעפטיקט זיך. וואָלט ער געוואוסט — וואָלט ער געוויס אָנגעשריען אויף איר, אָן איבעריקן מאָל... פאַר אים איז ביילקע געווען געשטאָרבן. און אַלע מיטלען, וואָס מען זוכט פאַר אַ זאַ איינער, קענען דאָך איר העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס.

האָט ער זיך אַרומגעטריבן אין מאָהילעווער פרעמדן מאַרק און פאַרנאַכט געבראָקט תהילים אין קלויז. פון קיין שום ווייטערדיקע פּלענער — מיט קיינעם ניט גערעדט, ניט מיט נתנען, זיין איידעם, און ניט מיט זיין אייגענער ווייב.

אין זיינע קאַרגע, האַלב־ווערטערדיקע געשפּרעכן מיט שיינע־שׂרהן האָט ער נאָר איין מאָל געגומען אַריינמישן אומבאַקאַנטע זאַכן: אַדעס... אַקרענט... ארץ־ישׂראל... כותל־המערבי...

האָט זיך שיינע־שׂרה אָנגעשפּיצט און איבערגעפרעגט:

— וואָס זיינען דאָס עפּעס פאַר אַ מאָדנע ווערטער אַזעלכע?...

נו, נו, האָט זי שוין מער ניט געדאַרפט האָבן. משה־לייב איז אַן אויפגעקאָכטער געוואָרן.

— מאָדנע ווערטער? — האָט ער כעסדיק גענומען קייען און אײַ־בערקייען. — דאָס זיינען, מאָל דיר אויס, גאָרניט קיין מאָדנע ווערטער. מאָדנע ווערטער זיינען האַפּיאַ, אַפּאַנאַס, וואַנקע... ד אָ ס זיינען מאָדנע ווערטער! ווי אַזוי אַ ז ע ל כ ע ווערטער האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין אונדזער לשון — ד אָ ס איז אַ קשיא.

בקיצור, משה־לייב האָט זיך צוגעטשעפּעט און אַזוי לאַנג געמוטשעט שיינע־שׂרהן מיט די „מאָדנע ווערטער״, ביז זי האָט געמאַכט אַ ווייגענ־דיקן פּנים. דעמאָלט האָט ער זיך אַ ביסל אָפּגעקילט און קלאָר אַרויס־גערעדט דאָס וואָס אים קוועטשט. ער האָט אָפן דערקלערט, אַז ער האָט דאָ מער ניט וואָס צו טאָן און וויל דאָ מער ניט זיצן אויף קעסט ביי זיין טאָכטער; אַז ער טראַכט גאָר אַוועקצופאָרן קיין... ארץ־ישׂראל, דאָרטן אויסלעבן דאָס ביסל יאָרן וואָס אים איז נאָך באַשערט. נאָר פריער מוז מען פאַרקויפן די בעבעכעס, וואָס מען האָט איבערגעלאָזן „אונטערבאַרג״ — די שטוב, דעם פערד און וואָגן, די קו...

שיינע־שׂרה האָט גלייך פאַרגעסן, אַז זי האָט זיך געקליבן אָנהויבן וויינען. זי איז געבליבן זיצן אַ פאַרגאַפּטע. דערנאָך אַטשוכעט זיך און קוים־אָטעמענדיק אַרויסגערעדט:

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל? נתן האָט דיר עפּעס געזאָגט? צי אפשר צילע, חס־ושלום? איבעריק זיינען מיר זיי געוואָרן?

— גאָרנישט, — מאַכט משה־לייב, — האָט אים דער איידעם גע־זאָגט. צילע — אויך ניט. נאָר ס׳איז קיין נפקא־מינה ניט. ער ווייסט, איין זאַך ווייסט ער: איין טאַטע קען אויסהאַלטן צען קינדער און צען קינדער קענען ניט אויסהאַלטן איין טאַטן. גענוג וועט זיין.

און איז אַוועק אין קלויז דאַוונען מנחה.

ניט דערזאָגט האָט ער נאָר, משה־לייב, אַז דעם געדאַנק וועגן ארץ־ישׂראל האָט אים אַריינגעוואָרפן גרשון ווילענסקי, וועלכער האָט צו צילען אין שטוב אין גאַנצן אויפגעהערט צו גיין. ער האָט אים נאָר באַגעגנט ערגעץ־וואו אין מאַרק אויף אַ ראָג מיט אַ פּאַק שול־ביכער אונטער דער פּאַכווע. „גוט מאָרגן! גוט יאָר!״... און עס האָט זיך פאַרבונדן אַ געשפּרעך, אין וועלכן ווילענסקי האָט גערעדט אַפּריער שטאַמלענדיק, דערנאָך —

קלאָרע ווערטער, אַז ער, אויף משה־לייבס אָרט, וואָלט אַ מאָל געטאָן אויף אַלץ מיט דער האַנט און וואָלט זיך אַוועקגעלאָזן קיין ארץ־ישראל. אָקערן און זייען איז פאַר אים צו־שפּעט. אָבער האָדעווען בהמות, הינער... מען וועט ניט פאַרפאַלן ווערן. ער, ווילענסקי אַליין, אַז ער וועט ענדיקן די וועטערינאַר־שול, קלערט צו טאָן דאָס זעלבע. צוליב וואָס זאָל ער היילן גוייִשע בהמות? ער וועט בעסער היילן ייִדישע. ביי משה־לייבן וועט ער קיין געלט ניט נעמען. אַ קו, חס־ושלום, וועט ביי אים קראַנק־ווערן, וועט ער זי היילן אומזיסט...

דאָס איז געווען געזאָגט אויף איין פוס, האַלב־שפּאַסיק האַלב־ערנסט. פונדעסטוועגן איז משה־לייב אַוועק אַ פאַרטראַכטער. ווילענסקיס ווערטער האָבן אין אים געעיערט אַ טאָג און אַ נאַכט, ביז ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט שיינע־שרהן, זיין ווייב.

פון דענסטמאָל אָן האָט ער כמעט אין יעדן ערנסטן געשפּרעך מיט שיינע־שרהן פאַרוואָרפן אַ וואָרט וועגן ארץ־ישראל. דאָס האָט מער קיין סוד ניט געקענט בלייבן פאַר די קינדער.

נתן, זיין איידעם און צילע זיין טאָכטער, זיינען שוין אין האַרצן ווירקלעך מיד געווען פון משה־לייבס ביטערן שווייגן און פון שיינע־שרהס אייביקע קינות. זיי האָבן אָבער מיט קיינעם ניט גערעדט דער־פון, אַ קרומע מינע ניט געמאַכט. אַצינד זעט דאָס אויס, אַז די אַלטע לייט האָבן עפּעס יאָ דערשמעקט און ווילן פון זיי אויך אַנטלויפן, פונקט אַזוי ווי זיי זיינען שוין איין מאָל אַנטלאָפן פון די חרפּות אין דעם אונ־טערבאַרגער ישוב... האָט נתן גענומען ריידן און איבעררייידן מיט שווער און שוויגער, זיי זאָלן אַזאַ זאַך ניט טאָן. וואוהין וועלן זיי גיין שלעפּן זיך אויף די עלטערע יאָרן? ארץ־ישראל איז אָן עסק פאַר צדיקים און גוטע־יידן... אָבער אויב זיי ווילן פאַרט אַוועקפאָרן, איז דאָך בעסער אומצוקערן זיך אַהיים, צום אייגענעם הויז און גאָרטן. אויסגעווייִנט זיך, אויסגעטרויערט זיך און גענוג וועט זיין.

— און לייט וואָס וועלן זאָגן? — האָט שיינע־שרה גלייך גענומען וויינען אין פאַרטוך. — ווי אַזוי וועל איך די אונטערבאַרגער שכנים קוקן גלייך אין די אויגן?

— ווער זיינען דאָס די לייט? — האָט נתן אונטערגעשמייכלט. — אויב די לייט זיינען זעליק דער גלעזער, ליאַנקע דער בייגל־בעקער, שליאַמקע דער שמש פון דער אונטערבאַרגער שולכל און, להבדיל, יאַוו־דאָכע די בעטלערקע — האָבן זיי דאָס שוין לאַנג פאַרגעסן. יעטוועדער האָט זיך זיינע דאגות. אַ פּעלער צו אַ שידוך וועט דאָס מער אויך ניט זיין. די שוויגער האָט דאָך מער ניט קיין טעכטער אויסצוגעבן... פאַר־קערט, איך בין זיכער, אַז די אונטערבאַרגער שכנים וועלן זיך מיט אייך

דערפרייען, וועלן אייך העלפן שטעלן זיך צוריק אויף די פיס, אָפּפרישן די חרובע באַלעבאַטישקייט. זיי זאָלן נאָר ניט מיינען, חס־ושלום, אַז מען יאָגט זיי פון דאַנען... זאָלן זיי זיך דאָ לעבן געזונטערהייט און זיך שפּילן מיטן אייניקל וויפל זייער האַרץ געלוסט.

3

יאָ, ביי שיינע־שרהן האָט נתן געפּועלט, אָבער ניט ביי אַזאַ עקשן אַ ייד ווי משה־לייב איז. משה־לייב דער אונטערבאַרגער וועט זיך אייך ניט אַזוי גיך מודה זיין אויף אַ גלייכע זאַך. נאָר ביסלעכווייז איז דאָס אַריינגעדרונגען אויך אין משה־לייבס האַרטן קאָפּ. המ... ארץ־ישראל איז ווייט און דער „אונטערבאַרג" איז נאָענט. און איבערלאָזן אַלץ אויף גאָטס באַראָט און פאָרן „אויף באַרג" קען מען דאָך אויך ניט. אַי, וואָס וועט גרשון ווילענסקי זאָגן? זאָל ער זאָגן וואָס ער וויל! ווילענסקי איז דאָך אַלע מאָל געווען אַ לעקיש, אַ בעל־חלומות. ער גלויבט אַלץ און אַלעמען. ער האָט אַפילו געגלויבט אין ביילקען, נאָך דעם ווי זי איז אַזוי מיאוס געפאַלן, ניט געהיט זי אַפילו נאָך דעם וואָס מיט אים און מיט איר איז געשען...

האָט משה־לייב דאָך געפונען אַ תירוץ. פון ארץ־ישראל זאָגט ער זיך ניט אָפּ. עס איז ניט זיין טבע צו האָבן חרטה. און אויב ער פאָרט צוריק צום „אונטערבאַרג", איז נאָר כדי צו פאַרקויפן די שטוב, די בע־בעכעס און מאַכן אַלץ צו געלט. אַפּצולייגן האָט ער אויך פיינט. איז אָט נעמט ער און פאָרט צו אַ קוק טאָן וואָס מאַכט די בהמה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן ביי אַ שכן „אויף קעסט"; זען צי דער קוימען איז ניט איינגעפאַלן, צי דער דאַך רינט ניט...

אַזוי איז, נאָך זיבן חדשים זיצן אין מאַהילעוו, געקומען דער פאַרטאָג, ווען משה־לייב האָט איינגעשפּאַנט זיין אויסגעריוטן פערדל און זיך אָוועק־געלאָזן מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אויפן שקלאָווער טראַקט, וועלכער פירט פאַרביי „אונטערבאַרג".

געקומען איז ער צוריק מיט אַ צוויי טעג שפּעטער, אַ מידער אָבער אַ בערך־צופרידענער, און דערציילט שיינע־שרהן, אַז דער קוימען איז גאַנץ, דער דאַך פון שטוב רינט ניט, נאָר די אייזערנע פרענטן אויף די לאָדנס זיינען פאַרזשאַווערט געוואָרן און דער ניט פאַרזייטער קרויט־גאָרטן איז פאַרווילדעוועט. די בהמה ביים שכן זעט אויך גוט אויס. דער שכן האָט אַפילו אָנגעקליבן אַ גוזמא מיט גאָמולקעס פון דער בהמהס מילך, וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרקויפן. און ווען שיינע־שרה וועט קומען צוריק, קען זי זיי נעמען. נו, די שכנים גופא האָבן אים אַליין אויפגענומען מיט גרויס דרך־ארץ. קיין וואָרט פון קיין זאַך ניט גערעדט...

שיינע־שרה האָט געהאָרכט, געווישט זיך די אויגן מיטן פאַרטוך; און ווען משה־לייב איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זי שעמעוודיק אַ פרעג געטאָן:

— נו, און ריקעלע?

האָט אויף איר משה־לייב אַנגעשטעלט אַ פּאָר שוועהר־באַברעמטע אויגן:

— וועמען מיינסטו?

— אונדזער קעצל... — האָט זיך שיינע־שרה אין גאַנצן פאַרשעמט. ווי אַ קליין מיידעלע רויט געוואָרן.

— וואָס ד י ר ליגט איך קאָפּ... — האָט משה־לייב קאַלט אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס. נאָר דערזען שיינע־שרהס רויטקייט, איז ער ווייכער געוואָרן:

— אַך, יאָ... זי?! האַפּיאַס מתנה. געזען האָב איך זי נ י ט . נאָר די שכנים האָבן מיר עפּעס דערציילט. יאָ, אַצינד דערמאָן איך זיך: נאָך אונדזער אַוועקפאָרן האָט ריקעלע געמיאַוקעט אויפן שוועל פון טיר, אויפן גאַניק, ניט געוואָלט אַפּטרעטן גאַנצענע טעג. האָט מען זי געפּרואווט פאַרמאַניען אין אַן אַנדער הויז. אַ צער־בעל־חיים געווען... נאָר די שוואַרצע חיה האָט זיך ניט געלאָזן. פאַרווילדעוועט געוואָרן. יאַוודאָכע די אַלטע האָט זי געפּרואווט אַריינגעמען אין איר כאַלופּע, געגעבן איר צו עסן און צו טרינקען. נעמט די פיינע אורחטע און בייסט איר איין אַ האַנט. יאַוודאָכע האָט דערנאָך געוויזן אַ צעביסענע דלאָניע, געדראָלן ווי אַ טייגעכץ. וואָס זאָגסטו עפּעס אַצינד צו דיין ריקעלען?...

אַלע קאָלירן האָבן זיך געביטן אין שיינע־שרהס פאַרוועלקטן פּנים.

— ריקעלע, זאָגסטו? — האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון אויפרעגונג. — זי זאָל טאָן אַזאַ זאַך? אַ טרייע באַשעפעניש... גלויב ניט, משה־לייב! יאַוודאָכע די גנבטע האָט דאָס געזאָגט? געפונען וועמען צו גלויבן...

— שאַ, שאַ! — האָט אויף איר משה־לייב געפּרואווט אַנשרייען. — ווילסט אפשר יאַוודאָכען לאָדן צום „מיראַוואַי־סוד"? אַן עסק האָסטו...

אָבער שיינע־שרה איז נאָך אויפגערעגטער געוואָרן פון אַזאַ אַפּלאָכערישן שרייען, אין גאַנצן צולאָזן זיך.

— איך האָב ניט צו וועמען צו פאָרן... — האָט זי געיאָמערט. — איך האָב דאָרטן מער קיינעם ניט. שונאים, שונאים...

פונדעסטוועגן האָט זי זיך געלאָזן איינריידן. און סוף זומער פאַר די ימים־נוראים האָט זי זיך פאַרוויקלט אין פאַטשיילע, אַריינגעזעצט זיך אין משה־לייבס געשפּאַנטן וואָגן אויף די עטלעכע שיטערע פעקלעך, וואָס זיי האָבן אַמאָל אין איילעניש אַרויסגעכאַפּט פון פאַראומגליקטן הויז, און אַ פאַרוויינטע, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, אַוועקגעהעצקעט זיך צוריק

אויפֿן באַקאַנטן שליאַך. אומעטיק אויפֿן האַרצן איז געווען ווי דעמאָלט, מיט קנאַפּע אַכט חדשים צוריק. נאָר דעמאָלט איז דער שליאַך געווען פֿאַר־ווייעט מיט שניי, אַצינד — מיט געלע האַרבסט־בלעטער. פֿאַראַבלט איז מען געקומען קיין מאַהילעוו, פֿאַראַבלט פֿאָרט מען צוריק.

צומאַרגנס האָט זיך דער „אונטערבאַרגער" ישוב אויפֿגעכאַפּט און דערזען, אַז דער זשאַווערדיקער שלאָס פֿון משה־לייבס טויער איז אַראָפּ־גענומען, די לאָדנס זײַנען אָפֿן און אַ ביסל האָבער איז צעשאָטן לעבן גאַ־ניק. הפּנים משה־לייבס פֿערד האָט דאָס פֿאַרשאַטן, פֿרעסנדיק פֿון אַ צו־פֿולער טאָרבע...

4

וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן? אין אַ באַלעבאַטישקייט, וואָס איז אָפּ־געלאָזן קנאַפּע אַכט חדשים, איז דאָ אַ סך מער אַרבעט, ווי אַרײַנצוקלייבן זיך אין אַ נייער דירה. אין אַ נייער דירה דאַרף מען נאָר אַרײַנטראָגן; אין אַ פֿאַרלאָזענער, דורכגעשימלטער — דאַרף מען פֿריער אַלץ אַרויס־טראָגן, רייניקן און פּוצן און קאַלכן און ערשט דערנאָך אַרײַנטראָגן צוריק... דאָ האָט זיך אָפּגעקלעפּט, דאָ איז די טינקע אָפּגעפּאַלן, דער אויוון רויכערט, אַ האַלבער פֿענצטער פֿאַרשליסט זיך ניט. האָט זיך שיינע־שרה אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט, ווי אין אַ שכרות. דאָס האָט איר קיין צייט ניט געלאָזן צו טראַכטן וועגן זיך, וועגן דעם וואָס דאָ, אין שטוב, איז געשען און וואָס ווייטער וועט זײַן. האָט זי פֿאַרביסן די ציין און געאַרבעט פֿון אין דער פֿרי ביז בײַנאַכט. אויף פֿראַגן פֿון בייגעריקע שכנים האָט זי געענטפֿערט קורץ און פֿאַרלעגן. צו גאַסט ניט געגאַנגען.

דאָס האָט גלייך געשאַפֿן אַ גלײַכגעוויכט צווישן שטוב און גאַס. אַ בעטן אַן ווערטער איז דאָס געווען: „יידן, שיט מיר ניט קיין זאַלץ אויף די וואונדן".

האָט מען זי געלאָזן צורו. נאָר פֿון דער ווייטנס געשושקעט זיך. ניט בייזוויליק, חלילה; פֿאַרקערט — מיט רחמנות און מיט מיטלייד. עס איז אָבער קיין נפֿקא־מינה ניט, ווי אַזוי מען שיט זאַלץ אויף אַן אָפֿענער וואונד: פֿון דער נאָענטן, צי פֿון דער ווייטן. דער ווייטיק איז דער זעל־בער... שיינע־שרה האָט דאָס באַמערקט, נאָך שטאַרקער פֿאַרביסן די ציין און געאַרבעט. משה־לייב האָט געהאַוועט אין מאַרק, אַרום זײַן פֿערד און וואָגן, און נאָך מער  ג ע מ אַ כ ט  ז י ך  אַז ער איז פֿאַרהאַ־וועט. זײַן מיזינקעס נאָמען — קיין מאָל פֿאַר מענטשן ניט דערמאָנט. גערעדט נאָר פֿון צילען, זײַן עלטערער טאָכטער; פֿון זײַן איידעם, פֿון זײַן אייניקל, פֿון יעקבן זײַן גראָטענעם בן־יחיד. אַזוי האָט מען דאָס שווערע

לעבן געשטופּט באַרג־אַרויף און איבערגעשטופּט ביז איבער די ימים־טובים.

די מאַרודנע אַרבעט צו ברענגען די שטוב אין אָרדענונג האָט זיך געענדיקט. די שכנים זיינען מיד געוואָרן צו שעפּטשען זיך. לעקעך דער־עסט אויך. די חרפּה פון דער געשמדטער טאָכטער האָט זיך גענומען אויסוועפּן ווי אָפּענער כריין... און דווקא אַצינד האָט זיך ביי שיינע־שרהן אין האַרצן אויפגעכאַפּט דער איינגעשלאָפענער ווייטיק פון פאַרלאָזנ־קייט, געברענט ווי אַן אָפּגעריסענער שטיק לייב. שיינע־שרה האָט אָפּגע־שלאָסן ביילקעס געוועזענעם קאַמערל און קיין מאָל ניט אַריינגעקוקט אַהין. דאָס האָט אָבער געהאָלפן, ווי אַוועקצוקוקן פון אַן אייגענער וואונד אָן אַ זייט... אין יעדן ווינקעלע, אין יעדן שופלאַד, אויף יעדער פּאָליצע האָט זי זיך אָנגעשטויסן, אויף וואָס ניט איז, וואָס דערמאָנט איר די מיזינקע. איר קינדהייט, איר אויסוואַקסן, איר אַוועקפאָרן קיין מאָהילעוו, איר פאַרפאַלן ווערן. דאָ געפינט זיך ביילקעס אַ האָר־סטענגע, דאָרטן — אַ קנעפּל, אַ פאַרצירעוועטע זאָק, אַן אויסגענייט טישטעכל...

די עצה פון דעם איין־אויגיקן ציגיינער האָט ווידער באַקומען אַ באַ־דייטונג. און ווידער האָט שיינע־שרה גענומען מאַכן אירע פּריערדיקע פּראָבעס, וואָס זי האָט געמאַכט ביי צילען אין הויז. ווי נאָר משה־לייב גייט אַוועק און זי בלייבט אַליין, פאַרריגלט זי די טיר, לויפט צום שפּיגל און מאַכט לויז איר קאַפּטע, איר לייבל. די הענט ציטערן איר דערביי, ווי ביי אַ ניט־כשרער זאַך. דאָס טויג ניט. ווען זי וועט ערגעץ־וואו אָנ־טרעפן איר מיזינקע, וועט זי דאָס מוזן מאַכן נאָך גיכער, מיט איין צי. ווי פון אַ בליץ מוז ביילקע געטראָפן ווערן פון דער מאַמעס נאַקעטער ברוסט, און אַ פאַרחלשטע, קוים־אָטעמדיקע — אַוועקגעצויגן ווערן פון איר טריפהנער פאַרליבעניש, פון שמד...

אָבער פאַרוועלקט פון דער פּריצייטיקן עלטער און פון צרות זיינען די מוטערלעכע גלידער, מיט בלויע ניט־געזונטע אָדערלעך זיינען זיי דורכגעוועבט. ווי געבראָכענע צווייגן הענגען זיי אַראָפּ, אומבאַהאָלפענע, אָפּגעלעבטע...

פון אַזאַ אָנבליק אין שפּיגל באַפאַלט שיינע־שרהן אַ פאַרצווייפלונג און אַ ווידערווילן צו זיך אַליין: אָט די־אָ וועלן דאָס האָבן דעם כוח אַוועקצורייסן ביילקען פון איר געזונטן גויעץ, פון וואַנקען. וועלכער איז שוין געוואָרן אַ גרויסער איוואַן און געוועלטיקט איבער איר לייב און זעל און איבער איר יידישקייט?...

און זי פאַרלירט איר האָפנונג, שיינע־שרה, צו באַגעגענען די מיזינ־קע אויף איר טרויעריקן מאַמע־וועג. און איר בלינדן גלויבן אין דעם

כיטרען ציגיינער פֿאַרלירט זי. וואַרפֿט זי זיך אַריין אין איר פֿאַרבעטן געלעגער און וויינט. מער בלייבט איר גאָרניט ווי וויינען און אויסוויינען איר ביטער האַרץ ווען קיינער זעט ניט.

## זיבן און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# ג ר ו י ק ע

### 1

איינמאָל ראַנעטשקע, ווען משה־לייב איז אַוועק דאַוונען צום ערשטן מנין, און דער ערשטער חשוון־פֿרעסטל האָט באַזילבערט דעם גאַנצן „אונטערבאַרג", איז שיינע־שרה אַרויס אָנשעפּן וואַסער. זי איז געגאַנגען אַרויף גאַס און געשטעמפּלט די קלעפּיקע ווייסקייט מיט אירע שקראַ־בעס. גייענדיק צוריק פֿון ברונעם מיט אַ פֿולן עמער וואַסער, האָט זי מיט אַ זיסן פֿרימאָרגנדיקן אומעט, באַטראַכט די שוואַרצע טריט־סימנים, וואָס זי האָט אָקערשט איבערגעלאָזן נאָך זיך אויף די באַזילבערטע קלאַט־קעס. יאָ, זי שלאָפֿט שלעכט, און כמעט אַלע מאָל איז זי די ערשטע צו שעפּן פֿרישע וואַסער צום אָנבייסן. היינט נאָר האָט דער פֿראָסט פֿאַרשריבן, שוואַרץ אויף ווייס, די וואַקלענדיקע טריט אירע, די טראָפּנס פֿון פֿולן עמער...

מיטאַמאָל דערזעט זי ווי פֿון אַ היי־בוידעמל, איבער אַ שטאָל ביי אַ שכן, קריכן צוויי קעץ. זיי קריכן פֿאַרזיכטיק אַראָפּ אַ לייטערל, וואָס איז דאָרטן צוגעשטעלט אין דער קרום. נאָר דערזען — אַ מענטש גייט — זיינען ביידע קעץ געבליבן שטיין אויפֿן מיטן לייטער און קווענקלען: אַראָפּגיין אויף דער ערד, צי אַרויפֿדראַפּען זיך צוריק?

איין קאַץ איז נאָך אַ גאַנץ יונגע, גרוי ווי אַש און טונקל געפּאַסקע־וועט ווי אַ טיגער. די צווייטע איז אַן עלטערע, אַ דיקערע, שוואַרץ ווי סאַמעט — די מאַמע ווייזט אויס. און ביידע האָבן אויף דער אָנקומענדיקער יידענע אָנגעשטעלט גרינע אויגן פֿול מיט קעצישן פֿאַרדאַכט.

דערנענטערט זיך מיטן פֿולן עמער און דערכאַפּט דעם קוק פֿון דער עלטערער קאַץ, האָט שיינע־שרהן אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן: זי וואָלט געקענט שווערן... ניין! עס קען ניט זיין. די ש ו ו אַ ר צ ע איז זייער ענלעך צו איר פֿאַרלאָרן־געגאַנגענער ריקעלע. אמת, די — דאָ, אויפֿן לייטער, איז גרעסער און די פֿעל אירע איז ניט אַזוי גלאַנציק

ווי ביי ריקעלען, נאָר קאַלטונעוואַטע, מיט הייעלעך אַנגעפּיקעוועט. אָבער דער קוק! דער קוק!...

די שוואַרצע קאַץ אויפן לייטער איז עפּעס אויך געוואָרן ניט־מיט־אַלעמען. וואָרעם זי האָט אויפגעעפנט אַ רויטן פּיסק און פאַרבענקט אַ מיאַוקע געטאָן, געבליבן הענגען אין מיטן שרעקעוודיקן שפּרונג און דער קעצישער קוק איז געוואָרן ברייטער, פאַרשנדיקער.

שיינע־שרהס האַרץ האָט זיך אַזוי צעפּויקט, אַז זי האָט מער קיין כוח ניט געהאַט צו האַלטן אין איין האַנט די משא פון פולן בלעכענעם עמער. האָט זי זיך צוגעהאַלפן מיט דער צווייטער האַנט און באַלד אין גאַנצן אַראָפּגעשטעלט די משא אויף דער געפּרוּירענער ערד און אויסשטרעקנדיק ביידע אָרעמס, אַ רוף געגעבן מיט אַ פרעגנדיקער, ניט־זיכערער שטימעלע:

— רי־קע־לע?

מיטאַמאָל איז געשען אַ נס. די חיה האָט באַקומען לשון. געגומען דרייען מיטן עק און ענטפערן מיט אַ וויינענדיקן „איך, אי־יך“. נאָר אַזוי ווי קיין מענטשלעכע ווערטער האָט זי ניט געהאַט, איז ביי איר אַרויס־געקומען אַ געצויגענער האַרצרייסנדיקער „מיאַ־מיאַו“. מיט דעם אַליין האָט זי זיך ניט באַנוגנט, נאָר גענומען שפּרינגען אַראָפּ די לייטער־שטאַפּלען מיט הכנעהדיקע באַוועגונגען פון אַ פאַרזינדיקטער נשמה. אַ שפּרונג איבער אַ שטאַפּל און אַ קאַניוקע־געגעבן, אַ שפּרונג און אַ קאַ־ניוקע־געגעבן, ביז זי איז אין גאַנצן אַראָפּ אויף דער ערד. דאָ האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן בייכל, עפּעס ווי אַלע פיר לאַפּקעס וואָלטן זיך איר אונטערגעבראָכן. און ניט אַראָפּנעמענדיק די גרינע אויפגעריסענע אויגן פון שיינע־שרהס פּנים, גענומען קריכן צו איר געוועזענער באַלעבאָסטע, ביז זי איז דערקראָכן און, קעציש־וויינענדיק, אַרויפגעלייגט די מאָרדעלע אויף שיינע־שרהס אַלטע שקראַבעס:

— מיאַו, מיאַו... דאָס ביסטו? דאָס ביסטו, באַלעבאָסטעטשקע? דאָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? וואָלטסטו וויסן וואָס איך האָב דאָ דורכגעלעבט אָן דיר... וויי, וויי...

שיינע־שרהס אויגן־לעפּלעך זיינען פול געוואָרן מיט זודיקע טרערן, און באַלד האָט זי דערפילט ווי זיי בריען אירע פאַרוועלקטע באַקן. קאַפּענ־דיק מיט ביידע אויגן האָט זי זיך אַראָפּגעבויגן צו איר צוריק־געפונענער האַדולקע און גענומען גלעטן איר ניט־זויבערע פאַרסאַרעטע פוטערל, פון קעפּל ביז צום עק אַראָפּ. די פאַרזינדיקטע ריקעלע האָט דאָס אויפ־גענומען מיט אַ טיפן ציטערן. אַלע ביינדעלעך זיינען ביי איר, דאַכט זיך, ווייך געוואָרן ווי וואַקס. און ווי אַ פלאַך־אויסגעשטאָפּטע פעלכל, פול מיט

חרטה און ליבשאַפט, אַזוי האָט זי זיך אויסגעבעט צו שיינע־שרהס פיס. און ווען די גלעטנדיקע מענטשלעכע האַנט האָט זיך אומגעקערט צו איר קעפּל, האָט זי אַ לעק־געטאָן שיינע־שרהס גראָבן פינגער מיט אַ שאָרסקן צינגל, איין מאָל און צוויי מאָל; ניט ווי אַן ערנסטע בכבודיקע קאַץ, וואָס האָט שוין אויפגעשטעלט אַ נייעם דור, נאָר ווי אַ צוציק, וואָס דאַנקט דעם באַלעבאָס פאַר אַ קאַפּעלע סמעטענע, און בעט נ אָ ך...

— און דאָס איז דיין זון? דיין טעכטערל? — אַזוי האָט צו איר שיינע־שרה, וויינענדיק, גערעדט, ווי צו אַ מענטשלעכן ווען, אַנווייזנדיק אויפן גרויען, געפּאַסקעטן נפשל אויפן לייטער.

נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, אַז ריקעלע וויל אפשר ענטפערן ווי אַ מענטש, נאָר זי קען ניט... האָט זי דעם קליינעם חברה־מאַן אַליין אַ מאָניע־געגעבן צו זיך:

— קאַצי־קצי, טייערינקע! קום, קום נעענטער! האָב קיין מורא ניט... קאַצי־קצי־קצי!

נאָר דעם גרויאינקן בעל־דבר איז אַפילו אין שפּיץ־לאַפּקע ניט גע־לעגן צו פאָלגן דער פרעמדער יידענע מיט דעם נאַסן פאַרטוך. אַפּגע־זונדערט און פול מיט פאַרדאַכטן, ווי אַן אַרעסטאַנטל, וואָס איז אָקערשט אַנטלאָפן פון אָסטראָג, אַזוי איז ער, אין זיין געפּאַסקעטן פעלצל, געבליבן זיצן אויפן מיטלסטן שטאַפּל פון בוידעם־לייטער און אָפּלאַכעריש באַ־טראַכט די גאַנצע סענטימענטאַלע סצענע... דעם פריינדלעכן „קאַצי־קצי־קצי" פון דער וויינענדיקער יידענע האָט ער אָנגענומען ווי אַן אַרויס־פאָדערונג: ער זאָל זיך אויך אַראָפּלאָזן צו די אַלטע שקראַבעס און זיך וואַלגערן אין פּראָסטיקן שטויב... אויף אַזאַ חוצפּה האָט ער גלייך אויפן אָרט אָפּגעענטפערט מיט אַ בייזלעכן קורצן וואָרטשען, און דער קעצישער האָנאָר האָט זיך ביי אים צעקאָכט אין האָריקן בייכל:

„גרוי־גררי"... דאָס הייסט: זי מיינט אָפּנים די צווייפיסיקע יענטע, אַז זי האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פיר־פיסיקן שטוב־געבאָרענעם כניאָק, וואָס לויפט אויפן ערשטן רוף, אויף יעדן געוואָרפענעם פענכער פון אַ פישל און חנפעט מיטן עק? ס'אַ טעות! אַן אומאָפּהענגיקער קאָטערל איז ער. אויף אַ פרייען היי־בוידעם איז ער געבאָרן געוואָרן. און עסן עסט ער וואָס גאָט גיט, אויפן ברעג אָזערע, אויף די קהלשע מיסטן צווישן די טראָסטינעס. און יידענעס מיט נאַסע פאַרטיכער און נאַסע אויגן אָנער־קענט ער ניט און גלויבט זיי ניט פון דאַנען אַהער. פאַרקערט, ער וואונ־דערט זיך אַפילו וואָס די מאַמע זיינע מיטן שוואַרצן פעלץ, וואָס איז פריי אַזוי ווי ער, און עסט ניט קיין קעסט ביי מענטשן, וואַלגערט זיך אַצינד צופוסן ביי דער יידענע מיטן פאַרטוך און לעקט איר אַ פינגער... סטייטש,

זי, די מאַמע זיינע אַליין, האָט דאָך אים געלערנט, אַז מען דאַרף אַנט־לויפֿן פֿון מענטשן, ווי פֿון אַ סכנה. זי אַליין...

און כדי צו באַשטעטיקן זיין געדעכטן כעס און אַנטשלאָסנקייט, האָט ער זיך פֿלינק אומגעדרייט אויף אַלע לאַפּקעס, געלאָזן דעם עק אַראָפּ־העגנען און, גרייט יעדע סעקונדע אַרויפֿצושפּרינגען צוריק אויפֿן היי־בוידעם, האָט ער די שאַרפֿע אויגן ניט אַראָפּגענומען פֿון דער פֿרעמדער יידענע, געהיט יעדע באַוועגונג אירע.

דערזען וואָס פֿאַר אַ חברה־מאַן דאָס איז, האָט שיינע־שרה פֿאַרבויגן איר מענטשלעכן כבוד, אַ טראָט געגעבן צום קאָטערל, גרייט צו גלעטן אויך אים איבערן רוקן.

אָבער דער יונגער בעל־דבר איז דערפֿון נאָך מער צעקאָכט געוואָרן. אויף אַנטלויפֿן צום בוידעם האָט ער אין גאַנצן פֿאַרגעסן. נאָר ווידער אומגעדרייט זיך אויפֿן שמאָלן שטאַפּל, אויסגעבויגן דעם רוקן, ווי ער וואָלט קעגן זיך דערזען אַ הונט, להבדיל, אָנגעבערשטלט דעם קראַגן, צעשיפּעט זיך ווי אַ שלאַנג און גענומען שפּייען זיך פֿון צווישן די אָנגע־שפּיזלטע וואָנסעלעך:

— קכס, פּסס!... מוחל, הייסט דאָס, דיין מענטשלעכע שלעכטסקייט מיט דיין גוטסקייט צוזאַמען. אַוועק מיט די הראַבליע־הענט!

דער וויכּוח צווישן שיינע־שרהן און ריקעלעס תכשיט האָט זיך, אַזוי אַרום, אַ ביסעלע פֿאַרצויגן. זי וויל אים איינשמועסן, אַז זי האָט אים ליב, און ער לאָזט זיך ניט... האָבן דאָס שכנים דערזען פֿון די פֿאַרטויעטע פֿענצטערלעך, זיינען זיי אַרויס אויף דער גאַס אַ קוק־טאָן.

— זי האָט דאָך מיך דערקענט... — האָט זיך שיינע־שרה ניט גע־שעמט צו וויינען מיט לאַכנדיקע אויגן, — וואָס זאָגט איר אויף דעם? נאָך אַ קנאַפּן יאָר האָט מיך מיין ריקעלע דערקענט... נאָר אָט! דער בן־יחיד אירער בלאָזט זיך נאָך...

— אָ, דאָס איז טאַקע א י י ע ר ע? — האָבן זיך שכנים געוואונ־דערט, — מען האָט זי דאָך געפּרואוווט אַריינבנעמען אין אַ שטוב, האָט זי זיך ניט געלאָזן, אָפּגעשלאָגן זיך פֿון מענטשן...

— קאַציק־ציק, ריקעלע! — האָט שיינע־שרה אַ מאַניע געגעבן איר פֿאַרווילדעוועטע שטוב־חיה און אַ נעם געטאָן איר עמער וואַסער. דער כּוח אין די הענט האָט זיך אומגעקערט, די משא איז מער ניט אַזוי שווער געווען.

און ריקעלע האָט געפֿאָלגט. זי האָט פֿאַרגעסן איר שנאה צו מענטשן און איז נאָכגעגאַנגען, קריכנדיק און קוויטשענדיק פֿאַרבענקט, נאָך איר אַלטער באַלעבאָסטע. זי האָט אַפֿילו ניט געזשאַלעוועט איר שיינעם עק.

אונטערטעניק געווידלט מיט אים איבער דער פּראַסטיקער ערד; אַזוי באַנומען איז זי געווען... נאָר דער גרויער קאַטערל האָט זיך געהאַלטן אויף אַ בכבודיקן מהלך פון זיין מאַמען. נאָכגיין איז ער נאָכגעגאַנגען, נאָר מיט אַ פּאַרריסענעם עק. ווי אַ פּאָן פון פּערזענלעכער פרייהייט האָט ער אים געהאַלטן הויך; און ביי יעדער פּאָר טריטעלעך אַרויסגעלאָזט פון פּיסקל אַ פאַרוואונדערטן קוויטשל, ווי ער וואָלט זי געוואָרנט, די צעיאָכמערטע מאַמע זיינע:

— זע, זע, דו גייסט איר טאַקע נאָך? גיי ניט, מאַמע! גלויב ניט קיין צוויי־פּיסיקע. האָסט דאָך מיך אַליין געלערנט...

האָבן שכנים נאָכגעקוקט און נאָכגעשאָקלט מיט די קעפּ. אַלטע ווייבער האָבן זיך אַריינגעזעצט צוויי פינגער אין באַק:

— אַ כפּרה — די משומדתטע אין מאַקאַראָווקי!... אַ קאַץ וואָס מ'האָט אָוועקגעוואָרפן, האָט זיך דערמאָנט און לויפט נאָך, און אַ מיזינקע וואָס מ'האָט געקיכלט זיבעצן יאָר, איז ווי אין וואַסער אַריין. אין גאַנצן פּופּצן וויאָרסט פון דאַנען, און איר פאַלט ניט איין קומען אַ קוק טאָן אויף דער מאַמען, אויפן טאַטנס שטוב. כאָטש פון דערווייטנס... טפו, טפו זאָל זי ווערן!

**2**

האַלב־קריכנדיק אַזוי איז ריקעלע דערגאַנגען ביזקל משה־לייבס הויז און איז אַרויף אויפן גאַניק, אויפן אַלט־באַקאַנטן גאַניק... ביים שוועל פון טיר איז זי אַ ווײַלע שטיין געבליבן, מיישב געווען זיך, געמיאַוקעט, געפרעגט אַן עצה ביי איר איינגעשפּאַרטן בן־יחיד: וואָס, אַ שטייגער, זאָגט ע ר צו אַזאַ באַזוך?... אָבער דער גרויאינקער תכשיט האָט זיך אַלץ געהאַלטן פון דער ווייטן. ער האָט אַפילו אויפן גאַניק ניט געוואָלט אַרויפגיין.

שיינע־שרה איז געוואָרן רירעוודיק, גלייך אָנגעגאָסן הייסע מילך אין אַ טעצל. און נאָך איידער זי האָט דאָס אַראָפּגעשטעלט, נאָענט צו דער אָפענער טיר, האָט דאָס שוין ריקעלע דערשמעקט מיט איר שאַרפן, פאַר־ווילדעוועטן חוש־הריח. אַ באַנעמעניש האָט זי אָנגענומען. איז זי מיאַו־קענדיק אַריינגעקראָכן אין שטוב צו איר אַמאָליקער באַלעבאָסטע און צוגעכאַפּט זיך צום טעצל ווי אַ שיכורע.

האָט שיינע־שרה געפּרואווט די זעלבע זאַך מיטן בחורעצל אונטערן גאַניק, אַראָפּגעשטעלט אים הייסע מילך, און ס'האָט זיך איר ניט איינגע־געבן. דער גרויער תכשיט האָט זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס.

באַלד איז משה־לייב אָנגעקומען פון ערשטן מנין מיטן טלית־זעקל אונטער דער פּאַכווע. דערזען אין שטוב־ווינקל וואָס פאַר אַ גאַסט ער האָט, איז ער געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער.

— אָ, — מאַכט ער. — ס'איז זי?...

— האָסט זי דערקענט? — דערפרייט זיך שיינע־שרה.

— מילא... — גיט משה־לייב אַ בורטשע און גייט זיך וואַשן די הענט צום אָנבייסן.

נאָך „המוציא"־מאַכן הערט ער אויס שיינע־שרהס באַריכט, ווי אַזוי זי האָט געפונען איר האַדולקע און ווי אַזוי יענע איז איר געפאַלן צו די פיס און געלעקט איר די הענט. דאָס צענעמט משה־לייבס אַלט־געבאַקענע האַרץ און אַ שמייכל צעבליט זיך אים אונטער די פאַרגרויטע וואָנסעס.

— אַבי — מאַכט ער — מען זאָגט, אַ קאַץ האָט קיין זכרון ניט. „אַ קעצישער קאָפּ" זאָגט מען.

נאָכן אָנבייסן מאַכט ער אַפילו אַ פאַרזוך אַריינצומאַניען ריקעלעס בן־יחיד אין וואַרעמען שטוב אַריין. יענער דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום גאַניק, פרירט און לאָזט צו זיך ניט צו. האָט אים משה־לייב געוואָלט אונטערקויפן מיט אַ קעפּל פון אַ טאַראַנקע, וואָס איז אים געבליבן פון אָנבייסן. אָבער דער קליינער פּוסטאָפּאָסניק, אין זיין געפּאַסקעטן פעלצל האָט זיך צעשיפּעט, ווי זיין שטייגער איז, געטומען שפּייען דורך די וואָנסעס און איז אַנטלאָפן.

— איז גיי אין דער אדמה! — האָט אים משה־לייב נאָכגעשאָלטן מיט פאַרדראָס. — הען אַ פאַרד!...

האָט ריקעלע, די מאַמע זיינע, געפּרואווט פאַרענטפערן איר בן־יחיד, געריבן זיך אַרום משה־לייבס שטיוול, געמרוקעט אַז ער איז נאָך אַ קינד, אַז ער וועט בעסער ווערן. אָבער משה־לייב האָט, הפנים, ניט פאַרשטאַנען וואָס די חיה רעדט צו אים, וואָרעם ער האָט זי גראָבלעך אָפּגעטריבן פון זיך: „מילך האָסטו שוין געזליאַקעט? טאָ גיי, גיי!"

מילא, האָט ריקעלע געכאַפּט און אַליין אויפגענאַשט דאָס טאַראַנקע־קעפּל, וואָס משה־לייב האָט אומזיסט אַרויסגעוואָרפן פאַר איר שקאָץ. אפשר, האָט זי געטראַכט, וועט דאָס באַרואיקן דעם באַליידיקטן באַלעבאָס.

ריקעלע גופא האָט זיך בכלל ניט געלאָזן בעטן. ניט געמאַכט קיין שטיק פון אַן אורחטע ביים כיבוד. מילך איז מילך, קרופּניק איז קרופּניק, אַ ביינדל — איז אַוודאי גוט. אָבער איר מאַמע־האַרץ איז פאַרט געווען צעריסן צווישן איר יונגן תכשיט, וואָס וויל אויף זיך בשום אופן ניט נעמען דעם יאָך פון מענטשן, און צווישן אירע אַלטע באַלעבאַטים, צו וועמען איר פאַרגעסענע צוגעבונדנקייט עס האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ נייער קראַפט. בייטאָג דרייט זי זיך אַרום אין שטוב, מאַכט מיטן עק, שמעקט אין אַלע לעכער, כאַפּט איבער דאָס האַרץ און רייבט זיך אַרום

שיינע־שרהס קלײדל. און נעכטיקן לויפט זי צו איר זונדל אויפן הײ־
בוידעם. אין דער פרי שלעפט זי אים מיט. לערנט אים שטאַט. בעט אים
ער זאָל פאַרגעסן איר אַמאָליקע לערע און געװאוינען זיך צו מענטשן.

ביזקל משה־לייבס גאַניק גייט דאָס ווי ניט איז. דאָ בלייבט אָבער
דער תכשיט אַלע מאָל שטיין, הויבט זיך אָן רוקן אויף צוריק. און ווי נאָר
ער דערהערט שיינע־שרהס קול, הויבט ער אָן הוסטן און שפּייען: „קככי״
און „פססי״ און מאַכט פּיס.

דאָס געדויערט אַזוי לאַנג ביז ער דערוועגט זיך אַרויפצוגיין אויפן
גאַניק און כאַפּט אַ לעק פון אַ ביסעלע מילכיקס, וואָס שטייט גרייט פאַר
אים אַזוי ווי פאַר זיין מאַמען. אָבער שיינע־שרה טאָר ניט אַרויסגיין,
זי טאָר אַפילו ניט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אַ קוק טאָן. דאָס מאַכט אים
גלייך קאַליע דעם אַפּעטיט. אַזוי שטאַרק איז ביי אים די שנאה צו מענטשן...
אָבער דערצו געוואוינט ער זיך אויך סוף־כל־סוף. ער מוז זיך געוואוינען.
די נויט איז האַרטער ווי די געפילן. דער ווינטער איז קאַלט. די מילך אין
שיסעלע — וואַרעם און זעטיק און שמעקט מחיהדיק. דאָס פאַרווילדעוועטע
הערצעלע שמעלצט זיך אין אים, ווערט אַלץ ווייכער און ווייכער פון דער
זיסער פעטקייט... עס דערגייט אַזוי ווייט, ביז דער בן־יחיד טרעט אַריי־
בער שיינע־שרהס שוועל און שפּאַצירט אַריין אין שטוב צוגלייך מיט זיין
מאַמען. ריקעלע מרוקעט פאַר וואוילטאָג, רייבט זיך אַרום דעם זוים פון
שיינע־שרהס שטוב־קלייד: „זעסט, באַלעבאַסטע, ער איז בעסער געוואָרן״...

נו, שיינע־שרה איז ניט משה־לייב. זי פאַרשטייט וואָס די חיה רעדט
צו איר. בויגט זי זיך איין איבערן גרויען קאָטערל און פרואווט אים
אַ גלעט טאָן.

— נו, גיט זי אים דערביי אַ פרעג, נו... ג ר ז י ק ע , ביסט שוין
טאַקע בעסער געוואָרן?

ריקעלעס בן־יחיד שיפּעט נאָך אַלץ און שפּייט זיך: „ביין, ד אָ ס
ניט! אַזעלכע נאָענטע קרובים זיינען מיר נאָך ניט געוואָרן״... שיינע־
שרהס גלעט בלייבט הענגען אין דער לופטן, אָבער אַ נאָמען האָט דער
בן־יחיד פאָרט באַקומען. פון היינט אָן הייסט ער, אין שטוב און אויף
דער גאַס, „גרויקע״. און דאָס פּאַסט אים זייער גוט, אַזוי ווי די טונקעלע
פּאַסקעס פּאַסן צו זיין גרויען עק און פעלצל, אַזוי ווי די קורצע, פעסטע
אויערלעך צו זיין שיינעם קעפּל.

נאָך עטלעכע קאַפּריזנע שטיק, געוואוינט ער זיך צו שיינע־שרהס
האַנט, וואָס האָט אים פריער אויסגעזען ווי אַ האַרטע קורצע הראַבליע.
עס הויבט אים אַפילו אָן צו געפעלן ווערן. ווער וואָלט דאָס געקענט
גלויבן, אַז די משונהדיקע מענטשלעכע פינגער קענען זיך אַזוי ליבלעך
גליטשן פון קעפּל־אַראָפּ איבערן רוקן. מררו, מררו!... ס'איז טאַקע

אַ דערקוויקעניש. די מאַמע איז גערעכט... אַצינד, אַז ער דערפילט שיינע־שרהס וואַרעמע האַנט, בויגט ער איין דעם רוקן ווי אַ זאַטל, כדי דער גלעט זאָל זיין לענגער און דער זיסער ציטער אין די זיידענע האָר זאָל דערגיין ביזן עק און זאָל דורכשטראָמען אַלע ביינדלעך...

מיטאַמאָל האָבן די גלעטענישן אויפגעהערט... גראָד דעמאָלט ווען די זיסקייט פון דער באַלעבאָסטעס האַנט איז דערגאַנגען צום העכסטן גראַד, ווען גרויקע האָט אויף דעם געוואַרט אַלע אין דער פרי ווי אויפן גוטן אָנבייסן — האָט דאָס אויפגעהערט. דער וואַרעמער אָנבייסן שטייט גרייט פאַר אים און פאַר ריקעלען—זיין מאַמען, אין פירהויז, אָבער די וואַרעמע האַנט איז ניטאָ. ניט היינט, ניט מאָרגן...

האָט זיך גרויקע ניט געפוילט און אַליין געגאַנגען זוכן שיינע־שרהן. געמרוקעט און געגעבן איר אַ קעצישע אָנצוהערעניש אַז ער איז דאָ אין קיך, גאָר נאָענט איז ער. און אויב די באַלעבאָסטע וויל, קען זי זיך אַראָפּבויגן און געבן אַ גלעט... אָבער שיינע־שרה האָט מיט אים אַצינד אַפילו ריידן ניט געוואָלט. אַלע מאָל איז זי אַצינד געווען פאַרשלאָסן, די אויגן פאַר־וויינט. האָט ער געפרואווט צושטיין, רייבן אַ זייטל אָן אירע שקראַבעס, האָט ער, מאָלט אייך אויס, באַקומען אָן אומגעדולדיקן שטויס־אָוועק מיט אַ „פסיק, פסיק", אַז ער האָט געכאַפּט די לאַפּקעס אויף די פלייצעס און איז אַנטלאָפן צוריק אין פירהויז. „העז, העז!", האָט ער זיך געטראַכט און געלעקט דעם געשטורכעטן זייטל, די צוויי־פיסיקע קענען דאָך די מלאכה: אַזוי גוט ווי מיר! זיי קענען שיפּען און שפּייען דורך די ציין. אָבי ער, גרויקע, האָט געמיינט, אַז דאָס קענען נאָר קעץ, אַז נאָר זיי שרעקן דער־מיט אַלעמען מיט סכנות־נפשות...

גרויקע האָט פּשוט ניט געוואוסט וואָס ביי שיינע־שרהן קומט פאָר. ער האָט דאָך ניט געקאָנט וויסן, אַז די באַלעבאָסטע האָט פון הינטן־אַרום און מיט האַלבע ווערטער און ווינקען באַקומען אַ ידיעה פון מאַקאַראָווקע, אַז איר געשמדטע טאָכטער איז טראַגעדיק... טראַגעדיק פון איר גוי, און אַז אָט, אָט...

מענטשן וואָס האָבן געבראַכט די ידיעה, האָבן ניט דערזאָגט וואָס עס מיינט „אָט, אָט..." אָבער מען האָט ניט געדאַרפט האָבן קיין באַ־זונדער שכל צו פאַרשטיין אַז „אָט, אָט" וועט ביילקע האָבן אַ ממזר. א י ר ביילקע, א י ר געכאַליעטע מיזינקע... אמת, ניט אַזוי גיך טראָגט זיך ווי עס רעדט זיך און ניט אַזוי גיך האָט זיך ווי עס ווילט זיך. אַפילו ס'איז שוין קענטיק, מוז נאָך געדויערן אַ פינף־זעקס חדשים... די בייזע צינגער — ז י י האָבן קיין צייט ניט, ווילן דער ממזר זאָל שוין קומען אויף דער וועלט. עס זאָל זיין וואָס צו באַריידן... פונדעסטוועגן האָט שוין שיינע־שרה געזאָרגט, איר בענקשאַפט האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי אַן אויפ־

געריסענע וואונד: ווער גיט אויף ביילקען אַכטונג? ווער גרייט צו פאַר איר איינגעמאַכץ? ווער טוט פאַר איר די שווערע אַרבעט אין האָפּיאָס כאַטע? קיינער ניט מסתמא. גויישע הענט און גויישע הערצער...

אויסער דעם האָט שיינע־שרה שטאַרק געגומען צווייפלען אין יאַ־כימקעס סגולה. זי האָט ווידער אַזוי גוט ווי אויפגעגעבן די האָפענונג אַוועקצורייסן ביילקען פון גוי מיט דעם ציגיינערס כישוף. זי אַליין איז דאָך געווען אַ מוטער. זי ווייסט וואָס עס הייסט שוואַנגערן, זיין שטענדיק מאַט און אומבאַהאָלפן. שווער אָפּצורייסן פון אַ מאַן אין אַזאַ צושטאַנד, זייער שווער.

האָט זיך איר, אין איר אַנטוישטן גלויבן געגומען דוכטן, אַז זי האָט ביילקען צום צווייטן מאָל פאַרלאָרן, און דאָס מאָל אויף אייביק. האָט זי צוריק פאַרצויגן דעם ענגן, שטייף־געקנעפּלטן לייבל אַרום איר אָפּגעלאָזענער ברוסט און צוריק געגומען וויינען. ביינאַכט, ווען משה־לייב הערט ניט, און בייטאָג — ווען ער איז אין שטוב ניטאָ.

3

דאָס אומעטיקע לעבן אין אָפּגעפרישטן הויז גייט מיט זיין גאַנג. די שוואַרצע ערד־פלעקן, וואָס די אָטליע *) האָט געמאַכט אין שניי, ווערן צוריק פאַרצויגן מיט אייז און פאַרוויט מיט קאַלטן פוך; און די רויע פלעקן, וואָס די נייסן פון מאַקאַראָווקע האָבן אויסגעסמאַליעט אין האַרצן, ווערן אויך פאַרוויט מיט געוואוינהייטן, מיט שטוב־אַרבעט, מיט דער אייבי־קער נייגעריקייט: וואָס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג?

פאַרנאַכט, אין דער שעה פון רחמנות אויף זיך אַליין און אויף דער גאָרער וועלט, אין דער שעה פון אָפּגעבן זיך חשבון, בלייבט שיינע־שרה איינע אַליין אין שטוב אָן אַ באַזונדער אַרבעט און וואַרט משה־לייב זאָל אָנפאָרן פון מאַרק מיט זיין פורל. זיצט זי לעבן פענצטער פאַרטראַכ־טערהייט אין איר בענקשאַפט נאָך איר פאַרלאָרענער מיזינקע, מישט זיך מיט די שאָטנס. געהיימע פעדימער ציען זיך אין אַזאַ שעה צווישן מענטש און שטוב־חיה.

ריקעלע דערפילט פלוצלונג איר באַלעבאָסטעס האַרץ, ווערט צו־געצויגן, דערנענטערט זיך און רייבט איר קלוגע מאָרדעלע אָן שיינע־שרהס פיס מיט אַ באַזונדער פאַרנאַכטיקער צאַרטקייט. איר קאַניוקען באַקומט אַ מעלאַדישן קלאַנג אין דער האַלב־טונקלקייט און איר פולער בייכעלע ברומט ווי אַ קליינע באַנדורע. מיט דער דאַזיקער מוזיקאַלישער באַגלייטונג פון אַ פיר־פיסיקן טרובאַדור גיסט זי אויס איר קעצישע

*) טוי־וועטער.

הארץ, דערציילט איר באַלעבאָסטע צום זיבעטן און צום צענטן מאָל: ווי שלעכט איר איז דאָ געגאַנגען, ווען זי איז דאָ, אונטערבאַרג, געבליבן איינינקע אַליין... אויף קהלשע מיסטן האָט זי זיך געשפּייזט און מיט קרע־ציקע הינט געשלאָגן זיך ביז זי האָט זיך דורכגעשלאָגן און געוואָרן זעלבשטענדיק. קיינער קען איר גאָרניט ניט אויפוואַרפן. צו שכנים איז זי ניט געגאַנגען, קיין פליייש פון זאַלץ־ברעטלעך ניט געלאַטכנט, קיין סמעטענע פון פרעמדע האַלאַטשיקעס ניט געלעקט. ניין! דערנאָך האָט זי זיך פאַרליבט צום ערשטן מאָל. מורילקע, איר חתן, האָט זי פאַרפירט און פאַרלאָזן. פאַלש און אויסגעלאַזן איז ער געווען ווי אַלע אַנדערע פיר־פיסיקע מאַנסבילן... איינע אַליין האָט זי זיך אָפּגעקעצלט אויפן היי־בוידעם. ניט געווען ווער עס זאָל אַ טראָפּן מילך דערלאַנגען אין איר שווערן קימפּעט. אָבער זי האָט דאָס אויך איבערגעטראָגן. פיר בלינדע קינדערלעך געגעבן צו זויגן. גאַנצע פיר, איינער שענער און שטיפערישער פאַר דעם אַנדערן. אָבער ווי נאָר זייערע אייגעלעך האָבן זיך געעפנט און זיי האָבן גענומען אַרומלויפן, האָט זי זיי אָנגעהויבן פאַרלירן. ניט דאָ געדאַכט. פאַר קיין מאַמע געדאַכט... איינעם האָט אַ יאַגד־הונט אויפ־געפרעסן אויף דער גאַס, פאַר אירע אויגן. אַ צווייטן האָט מען אַריינגע־כאַפּט אין אַ זאַק און אַוועקגעטראָגן. זי ווייסט ניט וואוהין. אַ דריטער איז סתם פאַרפאַלן געוואָרן. אַרויס אויף אַ וויילעטשקע און איז מער צוריק ניט געקומען. געבליבן איז איר נאָר איין איינציקער — גרויקע, ווײַסע פעלצל און מאַרדעלע עס זיינען אַזוי ענלעך צו מורילקען. אַ קראַ־סאַוועץ, ווי דער טאַטע זיינער, אָבער ניט אַזוי שלעכט ווי ער. ער איז נאָר צעפּיעשטשעט. די באַלעבאָסטע זאָל אויף אים קיין פאַריבל ניט האָבן. זי איז דאָך, להבדיל, אויך אַ מאַמע, וועט זי פאַרשטיין. אַ בן־יחיד איז ביי אַלעמען גלייך. ביי צוויי־פיסיקע, צי ביי פיר־פיסיקע. נאָר ער וועט זיך נאָך מירצעשעם אויסמענטשלען און ווערן אַ לייט.

שיינע־שרה הערט זיך צו צו די געצויגענע ברומענדיקע און מיאַו־קענדיקע טענער, און פאַרשטייט. אירע אויגן פילן זיך אָן מיט הייסע טרערן, ווי דעמאָלט אין פראָסטיקן פרימאָרגן, ווען זי, די פאַרלאָרענע ריקעלע, איז איר געפאַלן צו די פיס. איר גלעטנדיקע האַנט טריפט מיט טרייסט און רחמנות:

— יאָ, יאָ, ריקעלע, באַרואיק זיך! באַלד וועט משה־לייב קומען פון מאַרק, וועט מען עסן וועטשערע...

דאָס צענעמט ריקעלען אַזוי, אַז זי לייגט זיך אַוועק אויפן רוקן, פאַרוואַרפט אַ לאַפּקע און גיט שיינע־שרהן צו פאַרשטיין, אַז יענע ווייסט נאָך ניט אַלץ... זאָל זיך נאָר די באַלעבאָסטע מטריח זיין און אַ קוק טאָן. נאָר איין מאָל זאָל זי זיך איינבויגן און אָנטאַפּן — וועט זי וויסן... פון

הונגער און קעלט און געבורט־ווייטיקן רעדט זי ניט. אַט דאָ־אָ האָט זי אַ פאַרהיילטע וואונד, אַ טיפן שניט אין ליטקע...

פאָלגט שיינע־שרה און זוכט אין די זיידיקע האָר ביי איר האַדולקע, ביז זי טאַפּט אָן אַ פאַסיקל הוילע פעל. דאָס פאַסיקל איז האַרט, שפּיציק און אין גאַנצן אָן האָר. און ווען זי גיט דאָס קוים־קוים אַ דריק, גיט ריקעלע אַ קוויטש און שפּרינגט אויף.

— יאָ, יאָ, מאַכט שיינע־שרה, איך זע שוין! מען האָט דיר שלעכטס געטאָן. עס טוט נאָך וויי... אָבער ווער? אַ מענטש? אַ הונט? זאָג, זאָג!...

ריקעלע ענטפערט עפּעס אָפּ, ציט אַ יאָמערדיקן טאָנעלע, באַגלייט פון איר באַנדורע אין בייכל... אָבער ווער דאָס האָט געטאָן אַזאַ זאַך קען שיינע־שרה פאָרט ניט דערגיין. אַזוי ווייט דערגרייכן ניט אירע קענטעענישן אין דעם קעצישן ווערטער־בוך.

דעם אינטימען שמועס צווישן זיין ווייב און איר שטוב־חיה שלאָגט אָלע מאָל איבער משה־לייב. ער פאָרט אָן פון מאַרק, ווען עס איז שוין גוט טונקל, בינדט צו דעם פערד און שטעלט זיך גלייך דאַווענען מנחה און מעריב — אויף איין מאָל. שיינע־שרה דערלאַנגט דעם פערד זיין פאַרציע האָבער אין אַ שעפל, גרייט צום טיש און דאָס איינטאָניקע לעבן פליסט ווייטער אין זיין אויסגעשווענקטער רינע, ביז מאָרגן, ביז איבערמאָרגן.

ערגער איז, ווען דאָס אומעטיקע פליסן ווערט שטורעמדיק און הויבט אָן שוימען... דעמאָלט פאָרט אָן משה־לייב פון מאַרק אומדערוואַרט, ניט אין דער צייט, ווען קיין שטערן איז נאָך אין הימל ניטאָ און דער שניי, מיט אַ רעשט פון קורצן ווינטער־טאָג, בלייבן זיך נאָך אין די קליינע פענצטער. משה־לייבס פּנים איז דעמאָלט כמורנע און אונטער די אַראָפּגעהאַנגענע שווערע ברעמען גליט אַ בייז פייערל פון נקמה. אָבער ער האַלט זיך איין, שטיקט זיין קאָכיקן כעס ביז שיינע־שרה קוקט זיך אום און גיט אַ פרעג:

— נו, וואָס איז שוין ווייטער?

— אָלע מאָל דאָס זעלבע, — בורטשעט ער אָפּ. — געזען דעם „מחותן".

שיינע־שרה שווייגט און משה־לייב שפּייט אויס מיט האַרץ און ברומט ווייטער:

— ער האָט מיר אַ וואונק געטאָן מיט די טאַטערישע אויגן, מיט זיינע. ער האָט, הייסט דאָס, וואָס צו ריידן מיט מיר. געוואָלט, מסתמא, איבער־געבן אַ גרוס... האָב איך גלייך פאַרקירעוועט דעם פערדל. פאַרשפּאָרט אַפּאַנאַסן אַ טרחה און מיר — האַרצווייטיק.

און מיטאַמאָל דערזעט ער מיט זיינע שוואַרץ־פלאַקערנדיקע אויגן ריקעלען, מיט איר גרויאינקן בנאַק און וויזט אויף זיי אָן מיט זיין אויס־געהאָרעוועטער האַנט:

— געגנבעט ביי אונדז אַ טאָכטער און געשענקט אונדז אַט די דאָ. נאָר מיך אַרט דאָס ניט מער...

און כדי שיינע־שרה זאָל אים בעסער גלויבן, שפּייט ער נאָך דעם אויס און שווערט זיך:

— ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן! ריקעלע מיט א י ר קליינעם ליגן מיר מער אין קאָפּ...

שיינע־שרה גלויבט אים ניט... נאָר אירע אויגן רייסן זיך פונדעסט־וועגן אויף. זי דערזעט, און ניט אָן שרעק, אין ריקעלען און אין איר קליינעם — ביילקען און ד ע ם וואָס דאַרף נאָך געבוירן ווערן; אָן אמתן גלגול פון טאָכטער און גויישן איניקל; אַ פאַרזעצונג פון האָפיאָס כישוף, פון וועלכן מען קען ניט פּטור ווערן... נאָך אַזאַ אָנפאַל פון קרענק־לעכער איינבילדונג ברויזט אויף שיינע־שרהס בענקשאַפט מיט טאָפּלטער קראַפט, און ווען משה־לייב זעט ניט, וויינט זי און לאַשטשעט ביידע קעץ און מיינט, אַז דאָס טוט זי מיט איר פאַרלאָרענער מיזינקע און מיט דעם וואָס דאַרף נאָך קומען אויף דער וועלט.

4

אַזאַ ליבשאַפט ווי שיינע־שרה וויזט אַרויס אירע שטוב־חיות, אַ ליב־שאַפט, וואָס מעקט אָפּ יעדן אונטערשייד צווישן מענטשן און פיר־פיסיקן, קען ניט גיין פאַרלאָרן. ריקעלע פילט דאָס און קלעפּט זיך צו איר באַלעבאָסטע, וואָס אַ טאָג אַלץ מער. ווען שיינע־שרה גייט שעפּן וואַסער — לויפט איר ריקעלע נאָך ווי אַ הונט. מעג עס אין שטוב זיין אָנגעהייצט און אין דרויסן — קאַלט און נאַס. אָפּטמאָל פאַרלויפט נאָך ריקעלע פאָראויס, וואַרפט זיך אין שניי וואו טרוקענער און רייבט זיך די אויערן פון גרויס איבערגעבנקייט. דאָס זעלבע טוט־נאָך דער גרויאינ־קער בן־יחיד מיטן געטיגערטן עק. „איר וועט זיך דאָך פאַרקילן"... וואָרנט זיי שיינע־שרה. „גענוג צו שטיפן!"... אָבער מאַמע און זונדל זיינען זיך מוסר־נפש, קייקלען זיך און רייבן די אויערן אָן שניי אויף וואָס די וועלט שטייט.

דערזעען דאָס שכנים פון די האַלב־געפרוירענע פענצטער, לאַכן זיי: „נאַ, שוין ווייטער שיינע־שרה מיט אירע קעץ"... נאָר די, וועלכע פאַרשטייען אַ זאַך אַ ביסעלע טיפער, שאָקלען צו מיטן קאָפּ און באַ־דויערן:

— אַ מאַמע, נעבעך... טרייסט זיך נאָך איר משומדתטע...

און ווידער איז געוואָרן וואַרעם. אַ פסח איז אַוועק, אַ זומער האָט זיך צעבליט. נאָר שיינע־שרה וועלקט אַלץ מער און מער. די אויגן זיי־

נען איר אין גאַנצן אַריין אין קאָפּ. די אָפּגעאַרעדישע ליבשאַפט צו די שטוב־חיות קען אַ קראַנקע זעל ניט שפּייזן און אַ שוואַכן גוף — אַוודאי ניט. ס׳איז ווי קייען ציבעלע־שאָלעכץ ווען קיין פרישע אויבסט איז ניטאָ.

איינמאָל אין דער פרי פעלן שיינע־שרהן אַ פּאָר שפּענער איינצו־הייצן. לאָזט זי זיך אַוועק נאָך אָפּפאַל פון טרוקענע צווייגן אין באָענטן וועלדל. זי שטייגט פּאַוואָלינקע באַרג־אַרויף און די קעץ אירע לויפן איר נאָך און מאַכן קאָזשעלקעס. אין עק „אונטערבאַרג״, דאָרטן וואו פון גאַס פאַרנעמט זיך דאָס שוואַך־באַגראָזטע וואַלד־שטעגעלע, שטויסט זיך שיינע־שרה אָן אויף דער גויישער בעטלערקע, אויף דער הינקעדיקער יאַוודאָכען. יענע שטייט אָנגעלענט אויף איר רויען שטעקן, פון אַלטן בעזים אַרויס־געצויגן, און נעמט דורך שיינע־שרהן מיט ניט־גוטע אויגן. דערנאָך באַ־טראַכט זי די צוויי קעץ, וואָס קייקלען זיך אין גראָז און מאַכן קונצ־שטיקלעך.

מיטאַמאָל איז עפּעס געשען אַ מאָדנע זאַך, גאָר אַ מאָדנע זאַך: ווי נאָר ריקעלע איז צוגעקומען נעענטער און דערזען די אַלטע גויע מיט איר בעזים־שטעקן, האָט זי געגעבן אַ שפּרונג אין דער לופטן, גענומען שיפּען און שפּייען און אַנטלאָפן באַרג־אַראָפּ, ווי פון אַ מגפה; און גרויקע, דער זונדל אירער, — נאָך איר.

איז שיינע־שרה געבליבן אויג אויף אויג מיט דער מיאוסער בעט־לערקע און אָפּגעמאָסטן זי מיטן קוק. אַ ווייטער פאַרדאַכט האָט איר אַ טאָרע געטאָן אין האַרצן.

— לעיבּיכאָ, — זשוואַקעט יאַוודאָכע און ווייזט־אָן מיטן שפּיץ פון איר בעזים־שטעקן אויף די אַנטלאָפענע חיות, — דיין קיצקע? די שוואַר־צע . . .

— מיינע. דו קענסט זי?

— און נאָך ווי!... — מאַכט יאַוודאָכע אַ ווייעגדיקן פּנים, — אַריינ־גענומען זי אין מיין כאַלופּקע; אַ דערפראָרענע איז זי געווען; אָנגעקאָרמעט זי, געכאָליעט. און זי —

— און זי?

— איינגעביסן מיר די דלאָניע, אָט דאָ־אָ, מיט אַלע פאַהאַנע ציין איינגעביסן זיך. אַ גאַנציקע וואָך, האַרציקע, מיט דער האַנט ניט געקענט אַ ריר־טאָן...

— מיין ריקעלע? — צווייפלט שיינע־שרה, — עס קען ניט זיין; גלאָט אַזוי?

— וואָט טיע כרעסט!... ביים צלם, הייסט דאָס, שווערט זי איר די בעטלערקע.

— עס קען ניט זיין! — ווערט שיינע־שרה איינגעשפאַרטער, — האָסט איר קיין שלעכטס ניט געטאָן?

און מיטאַמאָל דערמאָנט זי זיך אָן דער פאַרהיילטער שניט־וואונד אויף ריקעלעס ליטקע. ווי אַ פונק אין בעפּל גיט דאָס אַ שימער. און שיינע־שרה שטעלט־אָן אויף יאַוודאָכען אירע אומעטיקע אויגן און פאָרשט:

— זאָג נאָר, דו, און ווער האָט דאָס איר געמאַכט דעם שניט אין ליטקע? ניט דו?

— מיקאָלאַי אוהאָדניק! *) — דערשרעקט זיך יאַוודאָכע און הויבט זיך אָן אָפּצוטראָגן אַראָפּ דעם וואַלד־וועג צום „אונטערבאַרג". זי העצקעט זיך און שווערט זיך, — ווי קום איך, טייערינקע? איך — געשניטן? זאָל איך קרענקען... אַך־אַך, נאָזשקי מאַאי באָלניע באָלעזניע!... מיינע קראַנקע, ווייטיקדיקע פיסעלעך, הייסט דאָס.

אָבער שיינע־שרה ווערט ניט נתפּעל פאַר יאַוודאָכעס קרעכצעניש און שווערניש. זי גייט איר נאָך. דאָס פונקעלע, וואָס האָט אַ שימער־געטאָן אין איר מידן קאָפּ, גייט־אויף ווי אַ ליכט, צעשפּרייט זיך ווי אַ העל־זעעריי. זי איז אַצינד זיכער, אַז זי האָט געכאַפּט דעם אמתן פאָדעם, וואָס פירט צו ריקעלעס פאַרהיילטער וואונד, צו ריקעלעס קלאָגן זיך אין די פאַרנאַכטן, צו איר אַנטלויפן, דערזעענדיק די מערדערין...

פוילט זי זיך ניט, שיינע־שרה, פאַרגעסט אויף די טרוקענע צווייגן און אויף איינהייצן דעם אויוון און גייט־נאָך. יאַוודאָכע העצקעט זיך אַראָפּ־גאַס און שיינע־שרה גייט איר נאָך, ווי אַ לעבעדיקער געוויסן, און זידלט זי:

— אַך, דו טראַנטשיכע איינע! דו האָסט נאָך אַ העזה צו קלאָגן זיך אויף מיין ריקעלען! דאָס ה אָ ס ט ו זי צעקאַליעטשעט מיט... מיט אַ מעסער, אַ? איך ווייס, מיט אַ מעסער...

— ניע, ניע, — הינקט יאַוודאָכע און כניקעט, — יאַק באָך ס'וויאַט! באָזשאַ מאָי! **).

זי רופט גאָט צו הילף, צלמט זיך און כאַפּט אַלע ווײַלע אַ קוק אויף דער יידישקע, וואָס ברענט איר די טריט. איר דוכט זיך שוין, אַז יענע האָט אַלץ געזען, פון ווייטע מיילן געזען דאָס, וואָס זי האָט אין דער ווינטער־נאַכט געוואָלט אָפּטאָן מיט דער פאַרנאַרטער קאַץ. אַן אמתע מכשפה איז די יידישקע...

— די פּעל געוואָלט איר אַראָפּנעמען... — שרייט איר די יידישקע

*) מיקאָלאַי דער צדיק! באַשיצער פון פּראַוואָסלאַוונעם פאָלק.
**) ניין, ניין, — ווי גאָט איז אייך הייליק! גאָט, מיין גאָט!

אין אויער, — אַראָפּגענומען געוואָלט און פֿאַרקויפֿן דעם אַפּטייקער, אַז זאָג, זאָג אַקאָרשט, טראַנטשיכע!

שיינע־שרהן ווערט אַלץ קלאָרער אין קאָפּ. זי זעט דאָס ניט־געזעענע. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן וואָלט זי דאָס אויך געקענט זען. זי באַשול־דיקט, זי פֿאַרטרעט ריקעלען, די פּיר־פּיסיקע, וועלכע האָט קיין צונג ניט. ריקעלע האָט זי באַפּולמעכטיקט אַנצוקלאָגן, אויף אַ מענטשלעכער שפּראַך, און אַט קלאָגט זי אַן. געפּאַקט די מערדערין.

און באַלד דוכט זיך איר שוין, שיינע־שרהן, אַז עס האַנדלט זיך גאָרניט וועגן אַ קאַץ, נאָר וועגן אַ טאָכטער, וואָס גויים האָבן פֿאַרנאַרט און געוואָלט אומברענגען. איר פֿאַרוועלקטער פּנים פֿלאַמט, אירע איינ־געזונקענע אויגן ברענען מיט אַן אומהיימלעכן פֿייער.

— ניע, ניע!!! — העצקעט זיך יאַוודאָכע אַלץ גיכער און גיכער. איר פּחד וואַקסט, די קני ברעכן זיך, פּרוּווט זי אַרויסרופֿן רחמנות מיט אַ האַלב־געמאַכטן, האַלב־אמתן כליפּען:

— אָך, נאַזשקי מאַאי סטוזשאַניאַ! מיינע פֿאַרקילטע פּיסעלעך, דער „האַרמאַטיזם״ מיינער!

אָבער דאָס פֿאַרערגערט נאָך איר לאַגע. די יידישע „מכשפה״ שטויסט זיך אָן אויף נאָך מיאוסערע איינצלהייטן:

— אַ־אַ! דיין „האַרמאַטיזם״... דערפֿאַר האָסטו געוואָלט ריקעלעס פֿעל? פֿאַר דיינע קראַנקע פּיסעלעך געוואָלט זי אָפּשינדן... טרעקליאַטע דו!

יאַוודאָכע הינקט מיט די לעצטע כוחות, שוויצט און כניקעט. אָבער שיינע־שרה האָט קיין פּיצל רחמנות ניט. ווי אַ האַרבער שופֿט, מיט אַ שאַרפֿער האַק, גייט זי נאָך און שילט, און אָט־אָט טוט זי איר אַ מעשה אָן . . .

אַ נס, וואָס משה־לייב איז מיטאַמאָל אָנגעקומען. פֿון דער אונטער־באַרגער שולעכל, נאָכן ערשטן דאַווגען, איז ער אַרויסגעגאַנגען און דער־זען די אויסטערלישע סצענע.

— וואָס איז דאָ? — לויפֿט ער צו צו שיינע־שרהן, — פֿאַרוואָס קריגסטו זיך מיט איר?

ערשט דאָ האָט זיך שיינע־שרה אויסגעטשוכעט פֿון איר העלזעריי, ווי פֿון אַ שיכרות, און געבליבן שטיין אַ פֿאַרשעמטע, אַן אָפּהענטיקע. יאַוודאָכע האָט דאָס גלייך אויסגענוצט, אָפּגעטראָגן זיך צו דער גרויסער מיל צו, איבער דער הרעבליע, כניקענדיק און שילטנדיק אַוועקגעהינקט.

— גאָרנישט, גאָרנישט... — מאַכט שיינע־שרה, ווען זי קומט צו זיך, — דו הערסט דאָך, די טראַנטשיכע האָט געוואָלט אָפּשינדן אונדזער ריקעלען.

— ווען? אַצינדער?

— ניין. ווען מיר זיינען דאָ ניט געווען. פאַריקן ווינטער.

— און פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— פון וואַנען?

שיינע־שרה שטייט אַ צעטומלטע און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. באמת, פון וואַנען ווייסט זי? אַ געדאַנק אַזאַ איז אין איר אַריין. אָבער דעם אָנהויב און סוף פון געדאַנק ווייסט זי אַליין ניט. און דאָ שטייט נאָך משה־לייב, איר אייגענער מאַן, און מאַכט פון איר חוזק:

— איז ווער־זשע האָט דיר פאַרט דערציילט, די קאַץ?

שיינע־שרה טראַכט אַ רגעלע. דערנאָך רעדט זי קוים אַרויס:

— זי האָט אַ שניט אויף איין ליטקע, ריקעלע...

אַפּנים זי האָט דאָס מאָדנע אַרויסגערעדט. וואָרעם משה־לייב גיט אויף איר שאַרף אַ קוק, און באַלד נעמט ער זיך איילן. ציט זיין ווייב פאַר איר אַפּגעלאָזענעם אָרעם:

— קום, קום אַהיים, שיינע־שרה! וואָס באַלאַבעטשעסטו? לייט זאָלן נאָר דערהערן...

אַך, וואָס לייט וועלן דערצו זאָגן — אַרט שיינע־שרהן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. זיי האָבן שוין אַ סך געזאָגט. אַ ביסעלע צופיל גע־מישט זיך אין איר אומגליק. פונדעסטוועגן לאָזט זי זיך פירן פון משה־לייבס קרעפטיקער האַנט אין שטוב אַריין. זי איז ניט אין גאַנצן, זי פילט אַ ביטערן געשמאַק אין מויל, אַ שווערקייט אין אַלע גלידער.

ביינאַכט חלומט זיך איר אַ שלעכטער חלום. זי כאַפּט זיך אויף מיט אַ גוואַלד:

— מען קוילעט זי! גוואַלד געשריען, מען וויל זי הרגענען!...

משה־לייב שטייט איבער איר בעט אין איין העמד און יאַרמלקע און בעט זיך ביי איר:

— ששש! באַרואיק זיך שוין אַמאָל! ווער טשעפּעט דיין קאַץ? קיינער טשעפּעט זי ניט...

— ניין, ניין, ניט די קאַץ. ביילקען!...

— אַך, זי? — ווערט משה־לייב אין כעס, — זי מיינסטו גאָר? וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט — זאָלסט איר נאָמען ניט דערמאָנען?... דאָ ביי מיר אין שטוב? ניין! געשטאָרבן איז זי. דו הערסט? באַגראָבן!

## אַכט און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# דער צוריקגעצאָלטער קלאַפּ

### 1

פֿאַר איר טאַטן איז ביילקע געווען טויט, אָבער ניט פֿאַר זיך אַליין. דאָס לעבן וואָס איז איר נמאס געוואָרן, איז געווען שטאַרקער פֿאַר איר און האָט זי געטריבן צו טאָן זאַכן, אויף וועלכע אַ יידישע טאָכטער איז ניט פֿעאיק, אויף וועלכע ניט אַלע משומדתטעס אַפּילו זיינען פֿעאיק.

אָנדערטהאַלבן יאָר זיינען פֿאַרלאָפֿן זינט גרשון ווילענסקי האָט תשובה געטאָן אויף זיין קערפּערלעכער שוואַכקייט... פֿאַר דער צייט איז ער שטאַרק געוואָרן, בויגיק און פֿלינק. זיין שלאַבערדיק לייב האָט זיך אָנגעגאָסן מיט האַרטע פֿליישן. מיט אַ רעגלמאַסיקער אָנשטרענגונג אַלע אין דער פֿרי און אַלע פֿרייע טעג, וועלכע ער האָט פֿאַרבראַכט אין טורנען, שווימען, שיפֿן זיך, האָט ער מער־ווייניקער דערגרייכט יענעם גלייכגעוויכט, צווישן קערפּער און גייסט, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט. די פּעולה פֿון זיינע פֿיזישע אָנשטרענגונגען, קאַלטע אָפּרייבונגען און ספּאָרט־שפּילערייען איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט ליב געקראָגן זיין אייגענעם קערפּער, וועלכן ער האָט פֿריער אַפּילו ניט געקענט. נאָענט און ליב איז ער זיך אַליין געוואָרן. און אין דער וועטערינאַר־שול איז ער אָנערקענט געוואָרן ניט נאָר אַלס איינער פֿון די בעסטע שילער, נאָר אויך אַלס אַ פֿלינקער יונג: אַ קעמפֿער און אַ שווימער און אַ לויפֿער. אין דער פּראַקטיק איז דאָס אים אויך צוניץ־געקומען. אָנכאַפּן אַ פֿאַר־עקשנטע קו פֿאַר די הערנער, אָדער אונטערבינדן אַ פֿערד די הינטערשטע פֿיס און אומוואַרפֿן, דאָס איז ביי אים געווען פֿון די לייכטע זאַכן. ביי אַזעלכע און ענלעכע אָפּעראַציעס האָבן אים געדינט, ניט אַזוי די פֿיזישע קראַפֿט, וועלכע האָט נאָך ניט דערגרייכט איר הויך־פּונקט, ווי די פֿלינקייט זיינע, די שפּילעוודיקע בויגיקייט. און די האָט ער גלייכמאָסיק אַריינגענומען אין אַלע גלידער, אין זיין עקשנותדיקן טאָג־טעגלעכן אויסנוצן יעדע פֿרייע שטונדע אויף ספּאָרט און פֿרייע באַוועגונגען אין דער פֿרישער לופֿט און אין וואַסער.

אין איין הייסן זומער־פֿאַרמיטאָג, נאָך די יערלעכע עקזאַמענס אין וועטערינאַר־שול, ווען ווילענסקי האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצופֿאָרן, מיטן פֿאַראַכאַד, אַהיים צום טאַטן אויף וואַקאַציע, איז ער געשטאַנען אין מיטן קאַמער אַ האַלב־נאַקעטער אין לייכטע ספּאָרט־הייזלעך און געמאַכט גימנאַסטיק, דורך אַ שטריקל געשפּרונגען. אויף די הענט געשטעלט

זיך; און מיט אַ פרישער פרייד, וועלכע עס קענען נאָר ספּאָרט־יונגעלייט, האָט ער צוגעזען אין שפּיגל, ווי אַזוי ער צווינגט, מיט איין אָנשטרענגונג פון ווילן, אַלע אָדערדיקע, פאַרהאַרטעוועטע פליישן, אונטער דער גלאַטער הויט, זאָלן זיך באַוועגן ווי באַזונדערע לעבעדיקע וועזנס, אָדער בקאָמ־פּאַניע, און זאָלן פאָלגן זיין קלענסטן פאַרלאַנג. פון די שפּיצן באָרוועסע פיס ביזקל שטראָמען האַלדז באַוועגן זיי זיך אַלע אַזוי ריטמיש און שיין. און די ברוסט אָטעמט טיף און פריי. המ!... האָט ער זיך דערביי שמייכ־לענדיק געטראַכט, ווען דער טאַטע וואָלט געזען ווי איך מאַך זיך נאַריש, וואָס אַ שטייגער וואָלט ער געזאָגט? „אַ מין געצנדינערייַ, רחמנא־ליצלן!... גויישקע קונצן!" מערקווירדיק איז ווי יידן האָבן פיינט דעם אייגענעם נאַקעטן קערפּער, קוקן אים אָן מיט ווידערווילן, ווי נבלות און טרפות...

ער האָט זיך געגעבן אַ ציִ־אויס אויפן אויסגעשפּרייטן קאָרפּעטל און געמאַכט נאָכאַנאַנד פינף־און־צוואַנציק בויך־אָנשטרענגונגען. דאָס הייסט: ניט רירנדיק די אויסגעשטרעקטע הענט און פיס אויפגעשטעלט דעם אויבערשטן טייל פון גוף, ביזקל גאַרטל, פינף־און־צוואַנציק מאָל נאָכאַנאַנד. דערנאָך האָט ער טיף און שווער אָפּגעאָטעמט. אָ, דאָס איז אַ סך שווערער ווי דערלאַנגען אַ פּלוצלעכן זעץ אין קין... וואַנקע זאָל דאָס גע־ווען פאַרזוכן — וואָלט ער ניט געקענט. יאָ, פון אויפהויבן אַ צווייטן מאָל אַ קולאַק, וואָלט ער זיך אַצינד אויך געמוזט היטן...

ווי אַ גוטע באַלוינונג פאַר אַזאַ אָנשטרענגען זיך איז געקומען די קאַלטע אָפּרייבונג. מיט צאַפּלדיקער הנאה, וואָס שוואַכלייביקע קענען דאָס אָפּילו ניט, האָט אויף זיך ווילענסקי דערפילט די האַרטקייט פון דער פּראָטיור־הענטשקע, געמאַכט פון פערדישע האָר, און די נאַסקייט פון קאַלטן וואַסער, וועלכע טריקנט באַלד נאָכן ערשטן אויפציטערן פון דער הויט און רופט אַרויס אַ געזונטע רויטקייט און אַ זיסע וואַרעמקייט אין גאַנצן גוף.

אַזוי האָט ער זיך געריבן און געצויגן אין זיך די פרישע זומער־לופט, וואָס שטראָמט אין אָפענעם פענצטער. פון דעם זעלבן פענצטער, אויפן אויבערשטן שטאָק, וואו זיין דירה געפינט זיך, האָט ער, אין עק שטאָט, געזען דעם בלויען דניעפּער־שטראָם איינגעפאַסט אין גרינע גערטנער פון דער זייט; און פון יענער זייט — אין זאַמדיקע פּליאַזשע־פלעקן, אין נייע ביידלעך, ברעטער־באַראַקן און אויסגעשפּאַנטע וועגענער. דאָרטן האָט דאָס געווימלט מיט פאַרביקע מענטשן־קעפּ, קי און פערד. פון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן אַ ווייטער פריילעכער הו־האַ — די אָפּ־קלאַנגען פונעם זומערדיקן יאַריד, וואָס קומט אַצינד פאָר אין מאָהילעוו. דאָס האָט זיין קאַלטן אָפּרייבן זיך צוגעגעבן מער טעם. דאָס האָט שוין געשמעקט מיט זומערדיקע וואַקאַציעס, מיטן פאָרן אַהיים צום טאַטן, מיטן

ליבן געראוש פון די פאַרעכאַד־רעדער איבערן וואַסער. העט־העט ביזקל שקלאָווער פריסטאַן...

נאָר ער האָט זיין אָפּרייבונג ניט דערפירט ביזן סוף. אַ קלימפּערן, מיט דער קליאַמקע פון טיר, האָט אים איבערגעשלאָגן. און אויף זיין האַסטיקן רוף: „ווער איז דאָס?" האָט אים פון דרויסן אָפּגעענטפערט אַ פאַרזיכטיקער קול:

— ע... איר? ווילענסקי?

אַ ווײַלע איז ער שטיין געבליבן ווי פאַרגליווערט. דער קול האָט זיך אָנגעהערט מאָדנע־באַקאַנט, אַזוי באַקאַנט, אַז דאָס האַרץ האָט זיך גלייך צעקלאַפּט ווי ביי דער שווערסטער אָנשטרענגונג בשעת מאַכן גימ־נאַסטיק.

— ווער איז דאָרטן? — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט. אָבער דאָס מאָל הייזעריקלעך און אַ סך שטילער.

קיין ענטפער האָט ניט געפאָלגט. אָבער ער אַליין האָט אויף אַן ענט־פער מער ניט געוואַרט, נאָר גיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיך זיין שטוב־כאַלאַט, פאַרגאַרטלט זיך און אויפגעמאַכט.

2

ווי אַ ריזיקע מאָן־בלום, האָט זיך אין דער טיר־עפענונג אַריינגערוקט אַ שיינער קאָפּ פון אַ יונגער שוואַרץ־חנוודיקער פויערטע, מיט אַ רויטער געפּאַלדעווועטער כוסטע באַקרוינט, מיט קרעלן אויפן האַלדז; די אויגן, מיט לאַנגע און שוואַרצע וויעס, אַראָפּגעלאָזן...

— דאָס בין איך... — האָט זי קורץ־אָטעמדיק אַ זאָג געגעבן, באַ־טראַכטנדיק דעם שוועל און, ניט וואַרטנדיק מען זאָל זי בעטן, אַליין אַריינגעכאַפּט זיך אין קאַמער, אַ ביסעלע צו איילִיק. מען וואָלט געקענט זאָגן: אַריינגעלאָפן און אַליין פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— ביילקע? — האָבן ביי ווילענסקין אויפגעציטערט די ליפּן. קיין קול פון זיי האָט ער ניט געקענט אַרויסברענגען.

— ניט ביילקע... — איז געווען דער ענטפער, — נאָר דאַריאַ. אַזוי האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן, ביים שמדן זיך... נאָר עס מאַכט ניט אויס. זאָל זיין — ביילקע.

— אַנטשולדיקט... — האָט ער געמורמלט ניט צו דער זאַך, — איך בין נאָך ניט אָנגעטאָן...

— עס מאַכט ניט אויס, פאַר אַ גויע איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך... נו, געלויבט איז גאָט!

אַצינד ערשט האָט ער דערזען אירע ביידע טרויעריק־לאַכנדיקע אויגן. זיי זיינען אויף אים נייגעריק געווען אָנגעשטעלט:

— פאַרוואָס לויבסטו גאָט? — פרעגט ער.

— כ'האָב זיך ניט געריכט, אַז דו וואוינסט נאָך אויף דיין אַלטער דירה. כ'האָב גערעכנט אַ פרעג טאָן אונטן, ביי דער באַלעבאָסטע. איז זי שוין אַוועק אין מאַרק. בין איך אַליין שטילערהייט אַרויף און אָנגעקלאַפּט. און אָט! ביסט ניט אין כעס?

— ניין. זעץ זיך.

— זעצן זיך? — האָט זי פאַרטראַכטערהייט איבערגעפרעגט, — דאָ?

מיטאַמאָל איז זי בלאַס געוואָרן. און ווי דערשראָקן פאַר איר אייגענער רואיקייט, גענומען טומלען זיך:

— ניין, ניין! זיצן? איך האָב קיין צייט ניט צו זיצן. איך בין געקומען... געקומען נאָר...

זי האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און, ווי אין שווינדלעניש, געמאַכט אַ קרומען טראָט. גרשון ווילענסקי האָט זי אונטערגעכאַפּט, מיט איין פעסטן אָרעם אונטערגעלענט זי העפלעך־קיל. נאָר דאָ האָט זיין קאַלטע דלאָניע דערפילט די ליבלעכע וואַרעמקייט פון איר גוף. אונטערן דאַרפישן לייוונט האָט זיך דאָס אָנגעצונדן מיט אַ באַזונדער זיסקייט, אַ סמאַליע־געגעבן די אַסקעטישע, נאָך צערטלעכקייט־אויסגעהונגערטע, פינגער... און כדי ניט געניסן די הנאה פון אַזאַ ניט־ווילנדיקער באַרירונג, האָט ער זיין אורחטע צו־האַסטיק אַוועקגעזעצט אויף זיין קאַנאַפּע, און דערצו נאָך אַ ביסעלע שטרענג אַ פרעג געגעבן:

— וואָס איז מיט דיר?

אַצינד האָט זי אים רואיקער אָנגעקוקט. זי איז געזעסן אין אירע פויעריש־קאָלירטע קליידלעך, און ער איז געשטאַנען אין זיין לאַנגן כאַלאַט פון אַ פּרוש. איר קוק איז געגאַנגען פון אונטן אַרויף, ווי אַ געבעט.

— האָסט זיך געענדערט, — מאַכט זי, — ביסט שענער געוואָרן.

— דו — אויך, — גיט ער שעמעוודיק אַ שמייכל, — כ'האָב דיך קוים דערקענט.

— ביסט שטאַרקער געוואָרן, — באַטראַכט זי אים מיט אָפענער נייגעריקייט — אָ, אָ, אַ סך שטאַרקער.

און מיטאַמאָל גיבן אירע פולע ליפּן אַ צי־טער. זיי פאַרקרימען זיך, ווי ביי אַ קינד צום וויינען:

— איצטער... אויב דו קענסט... ראַטעווע מיך!

— ראַ־טע־ווען? — האָט ער איבערגעפרעגט און דערפילט אַ שוואַכקייט אין די קני. — איך — דיך? אַ ביסל צו שפּעט...

— צו שפּעט... האָט זי איבערגעחזרט מיט אַן אומפאַרביקן קול. און גלייך נאָכדעם אַרויס מיט אַ געוויין. שטיל אָבער האַרצרייסנדיק:

— און וואו איז מיין מאַמע? דער טאַטע? ווייסט ניט? זיי האָבן דאָך געוואוינט ביי צילען...

— אָ, זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. שוין מיט אַ צייט צוריק. האָסט ניט געהערט?

אים האָט זיך ניט געגלויבט, אַז זי ווייסט טאַקע ניט. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס מאַכט זי זיך אַזוי, כדי נאָך מער אויפצוואַועקן זיין רחמנות.

— מאַקאַראָווקי... — קוקט ער איר אַריין אין די פאַרווייניטע אויגן.

— דיין מאַקאַראָווקי איז דאָך גאָר ניט אַזוי ווייט פון „אונטערבאַרג". איך מיין: אַ סך נעענטער ווי אַהער.

זי צעטומלט זיך. זי הערט אַפילו אויף צו וויינען.

— כ'האָב געהערט... — איז זי זיך מודה. — כ'האָב נאָר געמיינט, אַז זיי זיינען געפאָרן אַהיים נאָר אויף אַ ווייל... אַז זיי זיינען שוין דאָ צוריק. צופיל חרפות האָב איך זיי איבערגעלאָזן אין אונדזער „אונטערבאַרג".

— ניין — שניידט ער קיל אָפּ, — ד אָ זיינען זיי איצט ניטאָ.

נאָר באַלד גיט ער צו אַ ביסל וואַרעמער:

— יאָ, נאָר אין אַ פּאָר טעג אַרום קלער איך אַליין פאָרן אַהיים. וואַקאַציעס, ווייסטו. פאָר איך צום טאַטן אין שקלאָוו. וועל איך זיי געוויס זען...

— יאָ, יאָ, — באַהאַלט זי בײדע אויגן אין די דלאָניעס און צעוויינט זיך ווידעראַמאָל. — אויב דו וועסט זיי זען, זאָג זיי... דער מ אַ מ ע ן זאָג. זאָג איר — איך האָב זיך אַקעגנגעשטעלט. געקעמפט האָב איך. אָבער אַ נ י ט ־ ג ו ט ע ר האָט זיך אין מיר איינגעגעסן. ער... ער... אָ!

— גוט. איך וועל זאָגן.

— דער מאַמען... איר אַליין. טרייסט זי. איך האָב געהערט, אַז זי איז עפּעס ניט אין גאַנצן. דאָס האַרץ — זאָגט מען... מיין טייערע מאַמינקע. מיין גאָלדענע...

אַ מאָדנע זאַך! דאָס דערמאָנען זיך פּלוצלונג אָן דער מאַמען, וואָסביילקע האָט זיך דערמאָנט, דאָס צערטלען זי פון דערווייטנס מיט אַזעלכע ליבלעכע נעמען און דאָס פאַרגעסן אויף א י ם אין גאַנצן, אויף ז י י ן היים, דאָס פאַרגעסן אַפילו אויף ז י י ן קינד, וואָס מען האָט אים צעשלאָגן איבער איר — דאָס אַלץ האָט אים עפּעס פּלוצלונג אַנטוישט. מען וואָלט געקענט זאָגן — אַרויסגערופן אַ ביטערן געפיל. וואָס קען דאָס זיין? איבערטריבענע זעלבסטליבע? אייפערזוכט?... איבער דעם האָט ער זיך אין דעם מאָמענט ניט פאַרטראַכט. ס'האָט אים פאַרדראָסן און — אַ סוף. און זיין פאַרדרוס האָט ער מער ניט געקענט איינהאַלטן אין זיך.

— איך בין נאָר אַ וועטערינאַר, — מאַכט ער און פאַרציט נאָך

שטאַרקער דעם גאַרטל פון זיין כאַלאַט — בהמות הייל איך נאַר...

ער האָט אַ ווייל געשוויגן און נאָך גראָבער צוגעגעבן:

— וועגן דיין מאַמעס האַרץ — ווענד זיך צו אַ דאָקטאָר. איך נעם זיך ניט אונטער...

— גרשון! — האָט ביילקע אויפגעשריען.

— איך בין ניט גרשון — האָט ער איר פאַרריכט — איך בין הער ווילענסקי...

3

מיט אַ לייכטקייט, אויף וועלכער ער האָט זיך ניט גערעכנט אין איר נידערשלאָגנקייט, איז זי אויפגעשפרונגען פון קאַנאַפּע און פאַרצווייפלט־דרייסט אַ טראָט געטאָן צו אים. אירע קרעלן האָבן זיך צעקלימפּערט. אירע אָנגעפּאַלדעוועטע פּויערישע קליידלעך האָבן זיך צערוישט ווי אין אַ טאַנץ.

— אַמאָל — האָט זי אים אָנגעכאַפּט פאַר אַן אָרעם — אַמאָל האָסטו אַנדערש גערעדט צו מיר. דעמאָלט האָסטו מיך ליב געהאַט. האָסט אַפילו דערלאָזן מען זאָל דיך שלאָגן איבער מיר...

— פון דעמאָלט אָן — האָט ער אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ — האָב איך זיך געהיילט און אויסגעהיילט זיך. און ניט נאָר פון זעץ אין קין...

ער האָט אַ ריס געטאָן דעם אָנגעכאַפּטן אָרעם און מיט אַ שטייגנדיקן צאָרן גענומען איבערחזרן:

— פון דיר אויך, פון דיר אויך, פון דיר!...

— גרשון!... ווילענסקי!...

— דו האָסט מיך אָפּגענאַרט. און נאָך אַמאָל אָפּגענאַרט. איצטער אויך. איצטער נאַרסטו אויך. דיין מאַכן זיך, אַז דו ווייסט ניט וואו דיינע עלטערן זיינען. דיין וויינען איבער דיין מאַמעס געזונט...

— רעד ניט אַזוי! — איז זי צו אים פלוצלונג צוגעפאַלן מיט איר גאַנצן שוַינעם גוף, אַרומגענומען, צוגעדריקט זיך צו אים — דו זאָלסט מיך ראַטעווען, הערסט? דו קענסט מיך ניט לאָזן אַזוי...

איצטער האָט ער דערפילט די גאַנצע שטאַרקייט פון איר יונגן קערפּער, וועלכער האָט אַזוי פיל געליטן און איז דאָך געבליבן בויגיק און פריש. מען קען זאָגן: פרישער און שטאַרקער געוואָרן פון פעלד־אַרבעט. די ברוסט אירע האָט זיך האַרט געפרייגט אונטער איר אויס־גענייטן זומערדיקן לייוונט, געשטאָכן אים, זיסן גיפט אַריינגעלאָזן אין זיין בלוט... ניט וויסנדיק וואָס ער טוט, האָט ער נאָכגעגעבן. די אָרעמס האָבן זיך אויפגעהויבן פון זיך אַליין, אַרומגעכאַפּט איר האַלדז. זיין נאַקעטער גוף אונטער דעם לייכטן זומער־כאַלאַט, דער בחוריש־אַסקעטישער גוף, וואָס האָט זיך פון קינדוויז אָן געהאַלטן ווייט פון ליידנשאַפטן, האָט ווי

אַ טרוקענע שוואַם אײַנגעזויגן אין זיך די אַזוי נאָענט־צוגעטראָגענע ווייב־לעכקייט, די אומבאַקאַנטע ווייכקייט. דער אויפגעקאָכטער צאָרן איז זיך צעגאַנגען אין אַ בוימלדיקער זיסקייט.

— ביילינקע... — האָט ער זיך ציטערדיק אַראָפּגעבויגן צו אירע פּולע ליפּן, מיטן אַלטן ליבן נאָמען — וואָס האָסטו געטאָן מיט מיר? מיט זיך אַליין?...

— איך ווייס אַליין ניט — האָט זי הייס געשעפּטשעט — ער גע־וועלטיקט איבער מיר. ער שלאָגט מיך און איך האָב אים ליב. וואָס מער ער שלאָגט — אַלץ מער גיב איך אים נאָך. אָן קלעפּ קען איך זיך אים מער ניט אָפּגעבן. אָט וואָס פון מיר איז געוואָרן...

— ביסט קראַנק, ביילינקע, ניט אַנדערש.

— אויב דאָס הייסט קראַנק זיין... איך ווייס אַליין ניט ווי דאָס הייסט. זיין מאַמע האָט אים געלערנט טאָן אַזוי. ער האָט דאָס מיר אַליין געזאָגט. מיין אַמאָליקע אַם...

— האָפּיאַ?

— זי!... מיט געוואַלט האָט ער מיך גענומען. מיט געוואַלט אָפּגע־שמדט. מיט געוואַלט געמאַכט מיר אַ קינד.

— דאָס קינד איז דאָך געשטאָרבן... איך האָב געהערט.

— פּעדינקע... — האָט זי אַ כליפּ געגעבן און אָפּגעלאָזן די פאַר־קלעמטע אָרעמס.

נאָר באַלד האָט זי זיך נאָך שטאַרקער צוגעדריקט צו אים, איינגע־קלאַמערט זיך ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך:

— געשטאָרבן פּעדינקע. דערפאַר האָב איך געקראָגן כוח אַרויס־צערייסן זיך... ראַטעווע מיך! אַ משומדתטע בין איך... איך קען ניט מער...

— אומגליקלעכע מיינע, טייערינקע... דאָס גויישע האָט זיך דיר פאַרגלוסט. דווקא ווייל ס'איז אַן אָפּגרונט האָט זיך דיר פאַרגלוסט אַריינצו־שפּרינגען. דווקא ווייל ס'איז בהמהש — פאַרזוכן... ביסט קראַנק געווען. געדענקסט דעם קלויסטער? ביסט נאָך איצטער אויך קראַנק...

— נאָר דו... דו אַליין קענסט מיך אויסהיילן...

— ווי אַזוי, ביילינקע? זאָג.

— נעם מיך — האָט זי זיך גענומען בעטן און אירע אויגן האָבן באַקומען אַ ווילדן גלאַנץ — שלאָג מיך, אויב דו ווילסט. שלאָג מיך... אַזוי ווי ע ר . . .

— ביי־לינ־קע... — איז ער בלאַס געוואָרן. איר ווילדקייט האָט זיך אים איבערגעגעבן. זיינע אויגן האָבן זיך אויפגעריסן מיט הייסער ניי־געריקייט פון אַ יינגל, וואָס דערזעט צום ערשטן מאָל די געהיימניס־

פולע נאָקעטקייט פון אַ פרוי, און באַלד האָבן זיי זיך ביי אים האַלב פאַרמאַכט, ווי פון אַ פּלוצלעכער ליכטיקייט געטראָפן. די אַרומגעמענ־דיקע הענט האָבן זיך פאַרקראַמפּט אַרום איר נאַכגיביקן גוף אַזוי, אַז ער האָט זי לייכט געגעבן אַ הויב־אויף פון דער ערד, ווי מען הויבט אויף אַן אַראָפּגעפאַלענע שווערע פרוכט, וואָס פלאַצט פון זאַפט און צייטיקייט.

— ביילינקע, ביילינקע... — האָט ער איר, ווי אַ באַנומענער, גע־שעפּטשעט אויפן אויער און מיט די ליפּן אָפּגערוקט איר פויערישע קאָפּ־כוסטקע, כדי זי זאָל בעסער הערן. דערביי אַ טראָט געגעבן מיט דער לע־בעדיקער משא אויף די אָרעמס און נאָך אַ טראָט געמאַכט. נאָר איין שפּאַן האָט זיי אַציגד אָפּגעטיילט פון דער ברייטער קאַנאַפּע און באַלד איז ער אַריינגעפאַלן אין איר נאַכגיביקן פלאַך, ווי אין אַ גרוב.

— אַ, אַ, — האָט זי אַנטציקט געמורמלט — ווי שטאַרק דו ביסט געוואָרן. אַן אַנדערער. אין גאַנצן אַן אַנדערער. דריק מיך שטאַרקער עס זאָל וויי טאָן. שאַנעווע מיך ניט. איך האָב ליב אַז עס טוט וויי.

נאָר ער האָט נאָך אַלץ קיין מוט ניט געהאַט. צו האַסטיק איז געווען דער ליידנשאַפטלעכער איבערגאַנג פאַר אַזאַ צוריקגעהאַלטענער נאַטור ווי ער איז אַלע מאָל געווען. האָט ער זיך נאָר איינגעזויגן אין אירע הייסע ליפּן ווי אַ טויט־דורשטיקער, וואָס וויל אַפילו ניט טראַכטן צי דער קוואַל איז ריין אָדער פאַרסמט.

און ס׳איז געווען גלייכער. וואָרעם הינטער דער טיר, אויף די טרעפּ, האָט זיך דערהערט אַ גערויש. דערנאָך — אַ קלאַפּן פון שווערע שטיוול. און באַלד האָט דאָרטן אויסגעבראָכן אַ טומל און אַ זידלעריי.

גרשון ווילענסקי האָט דערקענט דעם קוויטשענדיקן קול פון זיין באַלעבאָסטע און נאָך עפּעס אַ קול—אַ גראָב־ברומענדיקער, מיט אַ פויערי־שער אויסשפּראַך:

— פושצאַי, האָוואַריו! *)

— קודי? קודי־זש־טי? **)

— האָוואַריו טאַביע, טוטאַשקי יענאַ! ***)

דער הייסער דורשט האָט אָפּגעלאָזן... ווילענסקי האָט זיך אויסגע־טשוכעט. אָבער נאָך איידער ער האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט, האָט שוין ביילקע געגומען ציטערן און וויינען:

— דאָס איז ער! ער!... ער איז דאָ... ער וועט מיך שלאָגן. ער וועט מיך באַלד שלאָגן...

---

*) לאָז, זאָג איך!

**) וואוהין? וואוהין קריכסטו?

***) מען זאָגט דיר, דאָ איז זי!

— האָב נאָר קיין מורא ניט! — האָט ער זי געפּרואווט באַרואיקן — ביי מיר שלאָגט מען ניט...

— איך האָב קיין מורא ניט... — איז זי אויפגעשפּרונגען פון קאַנאַפּע און מיט איין רוק פאַרריכט די כוסטקע אויפן קאָפּ. איר אָקערשטציטערדיקער קול איז פעסט געוואָרן. אירע פאַרטרערטע אויגן האָבן באַקומען אַ גלאַנץ פון נייגעריקייט.

— ער וועט שלאָגן... — האָט זי ווי אַ שיכורע געמורמלט, ניט צו ווילענסקין, ניט צו זיך אַליין — ער וועט שלאָגן און נעמען מיך מיט געוואַלט. ער איז אַ שטאַרקער. ער איז שטאַרקער ווי דו מיינסט. ער לאַכט זיך אויס פון אַלעמען....

אַ פאַרוואונדערטער האָט אויף איר ווילענסקי אָנגעשטעלט בײדע אויגן. „וואָס באַלעבעטשעסטו דאָ?“ — האָט ער אומגעדולדיק אַ הויב געטאָן מיט דער פּלייצע און אַ וואָרף געגעבן זיך צו דער טיר.

4

געוואַלט, אַפּנים, אָפּשליסן זי און ניט באַווייזן. די קליאַמקע האָט אַ בראַזג געגעבן, די טיר האָט מען אַ ריס געטאָן פון דרויסן און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן די באַלעבאָסטע מיט אַ פולן קאָשיק. דער פּנים אויפגערעגט און די אויגן לויפן אום.

— אַ דאָרף־מאַן איז דאָ... — האָט זי אָנגעוויזן אויף אַ יונגן פויער הינטער זיך. — ער זאָגט — זיין... זיין ווייב איז דאָ... אַ־אַ! האָט זי שטיל און פילדייטיק אויפגעשריען, ווען זי האָט הינטער איר קוואַרטיראַנט דערזען די קאַלירטע שמאַכטעס פון זיין אורחטע. — נו, אויב אַזוי...

פון הינטער איר צעפלאַטערטער פאַטשיילע מיטן קאָשיק האָט זיך אַצינד באַוויזן וואַניע. דער פויערישער קאַרטוז אַנטשלאָסן אָנגערוקט איבער דער קוטשמע בלאָנדע האָר. די גרויע אויגן בייז־צעפלאַקערט. אויסער זיין גערעכטן כעס, האָט ער שוין אַפּנים אַריינגעגאָסן „אין לאָמפּ“ אויך, נאָך פאַר וואַרימעס . . . די פאַרלעגענע באַלעבאָסטע האָט ער לייכט אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט און בריטלעך אַריינגעשפּרייזט אין ווילענסקיס קאַמער, ווי צו אַ טאַטן אין ווינגאָרטן.

— זונה! — האָט ער קורץ און אָן שום הקדמות אַ ביל־געגעבן. ער האָט פונקט אַזוי קורץ אָנגעקוקט ביילקען און זאַפטיק אויסגעשפּיגט. — ביסטו, הייסט עס, פון יאַריד אַנטלאָפן צו דיין ליובאָווניק?... לאַדנאָ *) צו דיין מאַמעס שאַנד!...

— אַ!... — האָט די באַלעבאָסטע אַ קוויטש געגעבן, ווי זי וואָלט

*) גוט.

ערשט אַצינד דערפילט וואַנקעס שטויס און, מורמלענדיק, אַוועקגעמאַכט זיך אַראָפּ די טרעפּ. זאָלן, הייסט דאָס, בײדע מאַנסבילן מאַכן דעם חשבון אַליין. ניט איר עסק...

דערזען, אַז קיינער מישט זיך ניט מער, איז וואַנקעס אויסדרוק גע־וואָרן נאָך האַרטער. בײלנדיק אַ פויסט, האָט ער נאָך דראָענדיקער אַ טראָט געגעבן צוי ביילקען:

— פּעלאַהייקען האָסטו געזאָגט — אַ האָסטיניעץ גייסטו קויפן פאַר אַפּאַנקעס כלה, אַ? איז דער דאָזיקער דאָ דיין האָסטיניעץ? *) אָט דער זשידאָק?

— פּאַרמאַך דיין פּיסק!... — האָט זיך אים ווילענסקי אַ שטעל גע־געבן אין וועג. בלאָס אָבער רואיק איז ער געווען.

וואַנקע האָט אים שפּאַטיש און פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. אויף אַזאַ דרייסטקייט פונעם אַמאָל געשלאָגענעם בחורל האָט ער זיך, ווייזט אויס, ניט גערעכנט.

— דו?—מאַכט ער מיט אַן אַפּלאַכערישן וואָרף־טאָן דעם פויערישן קאָפּ, — ווייטער דו? אַ וו' מאָרדו ניאַ כאַצישי? **)

אָבער אין די אָנגעשטעלטע און טרויעריקע אויגן פון זיין אַמאָליקן, שוואַך־לייביקן קאָנקורענט, האָט ער פלוצלונג באַמערקט אַ נייעם, גע־פערלעכן פונקעלע, און באַצייטנס אַ טראָט געגעבן אויף צוריק. ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם יידישן יאָלד, אין לאַנגן שטוב־כאַלאַט, וועלכער מאַכט זיין גאַנצן גוף נאָך דאַרער און יאָלדישער ווי ער איז, צוריק באַקומען חוצפה און אויפגעעפנט אַ מויל מיט הפקריש־לאַכנדיקע ווייסע ציין.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — מאַכט ווילענסקי דעם זעלבן טראָט צו אים — כאָם! ווי?...

— וו... וו.... מ...מאָרדו... — האָט זיך וואַנקע דאָס מאָל פאַרזאַיקעט.

ער האָט נאָך ניט אַרויסגעשטאַמלט זיין שוואַך־געוואָרענע דראָאונג און באַקומען אַ וואַגיקן און פלינקן זעץ פון אַ האַרט־פאַרקלעמטן קולאַק, ווי מיט אַ ביינערנעם האַמער אין באַקן־ביין אַריין. פון דער שאַרפער באַ־וועגונג האָט זיך נאָר ווילענסקיס כאַלאַט אויפגעמאַכט און זיין מאָגערער, אָבער אַדערדיקער גוף האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר וואַנקעס פאַרלאָפענע אויגן אין אַ מיש־מאַש פון גרינע־און רויטע פונקען.

— אַי־אַי! — האָט עמעצער גאָר נאָענט אויפגעשריען.

גרייט איבערצוחזרן דעם קלאַפּ, האָט ווילענסקי גיך אַ קער־געגעבן דעם קאָפּ: ניט דער געשלאָגענער, נאָר דעם געשלאָגענעמס ווייב

---

*) דיין מתנהלע?

**) און אין מאָרדע, ווילסטו ניט!

האָט דאָס געשריען. ווילענסקיס פויסט איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

— ניין, ניין! — האָט זיך אים ביילקע אָנגעהאַנגען אויפן אויסגע־שטרעקטן אָרעם, — טשעפּע אים ניט מער!

דעם האַמערדיקן זעץ אין באַקן־ביין, אַזוי ווי די איבעראַשונג, האָט וואַנקע ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט גענומען זיך וואַקלען, איין רגעלע גע־דרייט מיטן קודלאַטן קאָפּ אויף „ניין, ניין" און אַראָפּגעלאָזן זיך אויף דער פּאָדלאָגע. „באָזשאַ, באָזשאַ" *) האָט ער נאָר געמרוקעט ווי אַ שיכורער אין קאַנאַווע.

מיט אַ צעקרימטן פּנים און מיט אַ באַוועגונג פון עקל האָט ווילענ־סקי אָפּגעטרייסלט, פון זיין שטאַרקן אָרעם, די ווייבערישע משא, וואָס האָט זיך אויף אים אָנגעהאַנגען. און ביילקע — זאָל דאָס איר אַפילו אָרן! אָט די זעלבע צעיאָכמערטע יידישע פויערטע, וועלכע האָט זיך אָקערשט געבעטן מען זאָל זי אַרויסראַטעווען פון פויערישע הענט, האָט זיך אַ וואָרף געגעבן צו איר אַנידערגעפאַלענעם מאַנדל, האָט זיך הינטיש אַראָפּגעלאָזן לעבן אים אויף די קני, צוגעקראָכן, אַרומגענומען:

— וואַניטשקאַ, עס טוט דיר וויי? וואו טוט דיר וויי?

גרשון ווילענסקי האָט פינצטער באַטראַכט די פּריקרע סצענע און אַנטשלאָסן פאַרצויגן דעם גאַרטל אַרום כאַלאַט. אַ הויב געטאָן מיט איין פּלייצע, מיט דער צווייטער און געוואַרט.

וואַנקע האָט זיך גענומען אויסטשוכען פון זיין שווינדלעניש, גע־ריבן זיך די צעשלאָגענע באַק, מיט ביילקעס הילף אויפגעשטעלט זיך אויף די קני, און גלייך אויף זיך אָנגעטראָפן ווילענסקיס קאַלטע אויגן און ניט ווייניקער קאַלטע און קלאָרע ווערטער:

— צו מיר אין שטוב קומסטו זיך שלאָגן? כאַם!

— איך... אָט... — שטאַמלט וואַנקע און דרייט מיטן צעפּאַטלטן קאָפּ. מער ווי דאָס קען ער פון די פאַרקלעמטע ציין ניט אַרויסברענגען. מיט איין פרייען האַנט שאַרט ער פאַרלעגענערהייט אַרום זיך, זוכט דעם פויערישן קאַרטוז, וועלכער האָט זיך פונעם באַקומענעם קלאַפּ אַוועק־געקייקלט.

— אייגנטלעך בין איך דיר שולדיק נאָך אַ זעץ, — רעדט ווי־לענסקי ווייטער מיטן זעלבן אייזיקן קול, — פון פאַר אַנדערטהאַלבן יאָר... געדענקסט? לעבן שטאָט־גאַרטן, נאָר אָט! מען לאָזט מיר ניט צו... פאַר שלאָגן אַ ווייב האָט מען דיר אויך געדאַרפט מכבד זיין...

— מיש זיך ניט! מיש זיך ניט — האָט ביילקע, קריכנדיק אויף די קני, באַשיצט איר מאַנדל. מיט ברוסט און אָרעמס באַשיצט אים.

---

*) גאָט, גאָט!

— ווי? — האָט ווילענסקי איבערגעפרעגט, מיש זיך ניט? און מיט פינף מינוט פריער האָסטו עפּעס אַנדערש געבעטן... דו!

ער האָט אַ ווײַלע געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער דער קניענדיקער, אַרומגענומענער גרופּע פון מאַן און ווײַב.

— איך זע שוין, — האָט ער קרום געשמייכלט, — איך זע. האָסט זיך ווידער פאַרבענקט נאָך זײַנע לאַפּעס. אַך, דו! איר! איר ביידע...

— איך וויל ניט זאָלסט אים שלאָגן! — האָט ביילקע געכליפּעט.

— איך וויל ניט! איך... איך האָב אים נאָך ליב. איך קען דאָס ניט צוזען. קום, וואַניטשקע! קום, לאָמיר אַוועקגיין...

זי האָט איר מאַנדל געהאָלפן אויפשטיין, אָנשפּאַרן זיך אויף איר פּלייצע. אָבער ווי נאָר ער האָט דערפילט איר, פון אים אַזוי פיל מאָל געשלאָגענעם און געקושטן לייב, האָט ער צוריק באַקומען זײַן פויערישן כוח, די גרויזאַמקייט פון אַן אייפערזיכטיקן הערשער. איז ער איר גלייך אַרײַנגעפאָרן אונטער דער קאָפּ־כוסטע מיט אַלע זײַנע פינף האַרטע פינגער און ברודיקע נעגל, אָנגעכאַפּט דאָרטן אַ בינטל שוואַרצע קרויזן און אַרויס־געשלעפּט זיי אויפן שטערן, ווי אַ צייטיקן הענגל ווײַנטרויבן.

— שליוכאַ! *) — האָט ער זי פויעריש גראָב און שומענדיק פאַר כעס גענומען זידלען און שלאָגן מיט דער פרייער האַנט, — אין דיר און אין דײַן מאַמעס פאַרפאַלענע נשמות אַרײַן!

זי האָט דערשטיקט געשריען אונטער די קורצע, שטורכענדיקע קלעפּ, און פונדעסטוועגן ניט געפּרואווט אַפילו צו באַפרייען זיך. פאַר־קערט, זי האָט זיך נאָך פעסטער אײַנגעקלעמט אין איר ווילד־געוואָרענעם מאַן, מיט אַלע אירע פולע און נאַכגיביק־געוואָרענע גלידער נאָכגעטאָן און אויסגעפילט אַלע זײַנע באַוועגונגען. עפּעס ווי איר וואָלט זיך געגלוסט אויפצושמעלצן זיך אין זײַן כעס, ווי איבערגעגליטע אײַזן אָננעמען אַלע זײַנע בייזע פאָרמען, אונטער די האַמערדיקע קלעפּ זײַנע... נאָך מער, זי האָט נאָך דערביי באַוויזן צו געבן ווילענסקין ניט־צוויידייטיקע צייכנס. מיט די אויגן און מיט פרייע פינגער געוואונקען אים ער זאָל זיך ניט אַרײַנמישן און לאָזן איר טײַערן וואַנקען אויסצוגיסן זײַן פויערישן צאָרן ביזקל סוף. קושנדיק אים אין צעהיצטן האַלדז און אין פּלייצע, האָט זי זיך, שרײַענדיק, געבעטן:

— וואַניטשקאַ, ראַדנאַי! קום אַוועק פון דאַנען. קום אַהיים! איך גיי מיט דיר, טײַערינקער! איך גיי וואוהין דו ווילסט...

גרשון ווילענסקי האָט זיך אין גאַנצן צעטומלט פון אַזאַ משוגענער סצענע. ווי אַרום אַ הייסן טאָפּ, וואָס קאָכט מיט פעך און שוועבל און

*) לויפערקע!

טומאה, אזוי האָט ער זיך אַ ווײַלע געדרייט אַרום דעם צאַפּלדיקן נכפּה־פּאַרל און ניט געוואוסט פון וואַנען אַנצוהויבן, וואו אַ פינגער אַרייַנצו־שטעקן. אפשר זייַנען זיי בײדע אַראָפּ פון זינען? פון אַ דול־הויז געקומען צולויפן אַהער?...

נאָר באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אַ פאַרזעצונג פון דעם, וואָס ביילקע אַליין האָט אים מיט אַ צען מינוט צוריק דערציילט, אַרומנעמענדיק אים, בעטנדיק הילף: „ער שלאָגט מיך און איך האָב אים ליב... אָן קלעפּ קען איך זיך אים מער ניט אָפּגעבן. אָט וואָס פון מיר איז געוואָרן!...“

האָט ער אַנטשלאָסן אויסגעשטרעקט אַ האַנט, כדי אַ סוף מאַכן צום גאַנצן ניט־זויבערן תאווה־שפּיל, וואָס האָט זיך אַרייַנגעריסן אין זיין אייַנ־זאַמען קאַמער, און איז גלייך אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק. וואָרעם ביילקעס געזיכט האָט זיך משונהדיק צעקרימט, ווי ביי אַ באַנומענער; און איר קייכנדיקער קול האָט באַקומען אַ שאַרפן גרילץ — אַ טאָן פון אַ צעוויל־דעוועטער קאַץ:

— לאָז אָפּ, הערסטו? לאָז אונדז צורו! מיר וועלן זיך אַליין אַן עצה געבן! קום אַהיים, וואַניטשקע, קום!

דאָס גאַנצע בלוט האָט ווילענסקין אַ זעץ געגעבן אין בלאַסן געזיכט. ער האָט, ברומענדיק, אַ שפּרונג־געגעבן, אָנגעכאַפּט די קליאַמקע און ברייט אויפגעעפנט די טיר.

— אַרויס! — האָט ער זיך הייזעריק צעשריען, — ביידע אַרויס! איר הערט? חזירים!

און ווען דער צוזאַמענגעהאַלטענער און פאַרביסענער קנויל פון אויסטערלישן פּאַר־פּאַלק האָט זיך אַרויסגעמאַכט, האָט ער דראָענדיק פאַרהאַקט זיין קאַמער־טיר, צוויי מאָל אומגעדרייט דעם שליסל און הויך אויפן קול אויסגעשפּיַיט:

— טפו זאָל דאָס ווערן!

אָבער גלייך, נאָך אַזאַ אויסברוך פון כעס און אַנטשלאָסנקייט, איז אים באַפאַלן אַ שווינדלעניש און אַ געוויין־קראַמף. דער קורצער שטורעם פון הייסער ליידנשאַפט און ביטערער אַנטוישונג, וואָס האָט זיך דאָ, אין זיין קילן קאַמער, אַריבערגעטראָגן איבער זיין יונגן קאָפּ, האָט אים אויסגעטרייסלט דעם רעשט פון אַלע זיינע קינדערשע טרערן, וואָס ער האָט שוין לאַנג באַהאַלטן אין זיך, ווי אין אַן אַרכיוו, און געמיינט, אַז ער וועט זיי קיין מאָל מער ניט באַנוצן. און אָט! אַ טעות געהאַט...

— וואָס טוט זיך מיט איר? — איז ער צוגעפאַלן צו דער קאַנאַפּע, וואו זי איז אָקערשט געלעגן אַ גרייטע אויף אַלץ, אַ נאָכגיביקע, אַ פאַר־

ליבטע, — וואָס טוט זיך דאָס מיט איר? — האָט ער וויינענדיק איבער־געחזרט, — ווי קען מען אַזוי טאָן? זי וועט דאָך פון זינען אַראָפּגיין...

אין דעם אויסגעניטן קאָפּ־קישעלע, צו וועלכער ער האָט זיך גע־טוליעט, האָט ער דערשפּירט דעם ריח פון ביילקעס קאַלירטער קאָפּ־כוסטע, פון אירע האָר, און מיט ווידערווילן אַ שליידער געגעבן דאָס קי־שעלע אויף דער פּאָדלאָגע.

## ניין און דרייסיקסטער קאַפּיטל

# שיינע־שרהס העל־זעעריי

1

נאָכן דערוויסן זיך, ריכטיקער געזאָגט: נאָכן דערזען ווי אין חלום וואָס מיט איר ריקעלען איז געשען און נאָכן אויסזידלען די אַלטע יאָוו־דאָכע אין מיטן גאָס, האָט זיך שיינע־שרה אַליין געוואונדערט, ווי אַזוי עס איז איר איינגעפאַלן אַזאַ פּאַרדאַכט? ווי אַזוי צעזייטע און צעשפּרייטע פּינטעלעך זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן, ביי איר אין קאָפּ, אין איין בילד? עפּעס טאַקע ווי נאָך אַ פּאָר אויגן וואָלטן זיך איר אויפגעמאַכט און וואָלטן העל־זעעריש געזען דאָס, וואָס ס'איז געשען, מיט חדשים צוריק, הינטער ווענט...

האָבן דערביי געווירקט די אָנגעשפּאַנטע, אויסגעווייטיקטע נערוון? איר טיפע בענקשאַפט נאָך דער טאָכטער? דער פּועל־יוצא איז דער זעלבער. מאָג זיך משה־לייב טראַכטן וואָס ער וויל. זי ווייסט אויף געוויס וואָס מיט איר ריקעלען איז געשען, פון וואַנען עס שטאַמט די פּאַרהיילטע וואונד אויף איר ליטקעלע. זי זעט אַן אָנגעגליטע אויוועלע, אַ שיסעלע מיט הייסע געקעכץ צו פּאַרמאַניען די קאַץ. אַ מעסער זעט זי אויך...

זינט דעמאָלט איז איר ריקעלע נאָך טייערער און נענטער געוואָרן, ווי אַ געפּיעשטשעטע קינד וואָס האָט געליטן צוליב איר, געוועזן אין טויט־געפאַר און זיך אַרויסגעראַטעוועט. און ריקעלע האָט דאָס אויך געשפּירט און געקומען רייבן זיך צו דער באַלעבאָסטעס פיס, ווי נאָר יענע איז געבליבן אַליין אין שטוב; אויסגעדריקט איר צוגעבונדנקייט מיט אַ באַזונדער געצויגן־וויינענדיקן זמרל. אַ פּלייט האָט ביי איר געשפּילט אין האַלדז און אַ קליינע באַנדורע אין בייכל. און די גרינע אויגן האָבן געלויכטן מיט דאַנקבאַרקייט. „כ'האָב דיך האָלט"... האָט דאָס געזאַנגעלע

באַדייט, „כ׳האָב דיך האַלט, באַלעבאָסטעטשקע, מער ווי אַלע מאָל, מער ווי אַט דעם בן־יחיד מײַנעם—גרויקען. אַט זיצט ער דער שטשאָגל אין ווינקל און פּוצט זיך. און זאָל זיך אים אַפילו ווען זאָגן דיר אַ דאַנק פאַר אַלץ וואָס דו טוסט פאַר אים... אַ מאַנסביל וואַקסט דאָס ווי אַלע מאַנסבילן. אַלע ווײַבער זײַנען זיי עפּעס שולדיק. זיי — קיינעם ניט. אָבער איך בין אַליין אַ מאַמע און קען דאָס האַרץ פון אַלע מאַמעס אין דער וועלט, מאָגן דאָס זײַן פיר־פיסיקע אָדער צוויי־פיסיקע. ס׳איז אַלץ איינס"... אַ באַזונדער גענוס האָט שיינע־שרה געהאַט צו גלעטן, בשעת אַזאַ שטילינקן קאָנצערט, דעם רוקן פון איר זינגענדיקער האָדולקע און, הויפּטזעכלעך, דעם פאַרהיילטן אָרט אויף איר זײַדיקער ליטקע.

איין מאָל פאַרנאַכט, באַלד נאָך דעם טראַיצאַ־יאַריד איז דאָס געשען, איז שיינע־שרה געזעסן לעבן פענצטער און געגלעט ריקעלען, וועלכע זינגט צו אירע פיס, און גערעדט צו איר האָט זי ווי צו אַ מענטשן:

— וואו איז דאָס גרויקע דײַן זונעלע? מען זעט אים עפּעס ניט. לאָזסט אים שוין אַליין? טרײַבסט אים פון זיך? ער איז נאָך ניט גענוג דערוואַקסן. עס שאַדט ניט זאָלסט אויף אים אַכטונג געבן. ער שליאָנדערט צופיל אַרום דײַן קליינער פוסטאָפּאָסניק. מייז וויל ער נאָך ניט כאַפּן און צו מיר איז ער אויך ניט צוגעבונדן. זאָג אים אַז איך האָב אים, פונדעסטוועגן, ליב אַזוי ווי דיך... איך האָב אַזוי ליב געהאַט מײַן טאָכטערס קינד אויך. נאָר מען האָט ניט געטאָרט. איך האָב דאָס אַפילו פון מויל ניט געטאָרט אַרויסלאָזן. משה־לייב מײַנער זאָל זיך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ. איצטער, זאָגט מען, איז ער געשטאָרבן, אויסגעגאַנגען אין אַ פויערישׁ וויגעלע, וואָס הענגט אויף שטריק, ווי אויף אַ תליה... ביילקע, מײַן טאָכטער, איז ווײַטער עלנט ווי אַ שטיין. מען זאָגט מיר, זי איז שוואַרץ ווי די ערד. זי חלומט זיך מיר אַלע נאַכט ביי אַ ליידיקער וויגעלע. איך האָב מורא זי זאָל זיך אַ מעשה ניט אָנטאָן. נאָר אַפילו דאָס טאָר איך ניט זאָגן. אַ וואָרט ניט. מײַן משה־לייב עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ. ער זאָגט, אַז פאַר אים איז זי אויך געשטאָרבן, פּונקט ווי איר שייגעצל... ווי איר קינד, מײַן איך. ער שרײַט, אַז איך זאָג עפּעס ניט אַזוי ווי ער וויל...

— ריידנדיק אַזוי צו איר חיה, פאַלט שיינע־שרהן איין צום צענטן מאָל, אַז ריקעלעס מזל, להבדיל, איז דער זעלבער ווי דער מזל פון איר ביילקען. אַז ריקעלע, גאָט באַהיט, איז עפּעס אַ מין גלגול. און אַז משה־לייב איז גערעכט. האַפּיאַ פון מאַקאַראָווקי האָט זי אויסגעביטן אויף ביילקען. קאַץ און טאָכטער אויסגעמישט, כדי פאַרטומלען אַלעמענס קעפּ, כדי איר כישוף זאָל שטאַרקער זײַן, כדי די מאַמע זאָל אַזוי די וועלט ניט איינרייסן; און כדי —

דער אָטעם בלייבט ביי שיינע־שרהן שטיין. די צווייטע פּאָר אויגן, וועלכע האָבן זיך ביי איר אַזוי קרענקלעך אויפגעשפּאָלטן, דעמאָלט, ווען זי איז נאָכגעלאָפן יאַוודאָכען און געזידלט זי פּאָר וועלן הרגענען רי־קעלען, די זעלבע אויגן האָבן זיך אַצינד אַ סך ברייטער אויפגעעפנט. ווי געהיימניספולע פענצטערלעך אין איר אומרואיקער זעל אויפגעעפנט זיך. און זי האָט פּלוצלונג דערזען, פון דערווייטנס, אַזביילקע אין האַפּיאָס כאַטע איז געווען אין דער זעלבער געפאַר, ווי ריקעלע — אין יאַוודאָכעס כאַלופּע... און ניט נאָר געווען, נאָר איצטער אויך... מען וויל זי דאָרטן אומברענגען. אַ האַק אַ גויישער שוועבט איבער איר און זי שרייט „מאַמע"! זי רופט נאָך הילף...

דאָס איז געווען אַזוי העל־זעעריש קלאָר... אין די אָוונט־שאָטנס, אַזוי אויסגעפּרייגט, אַז ריקעלע ביי שיינע־שרהס מאָגערע פיס האָט פּלוצ־לונג פאַרלאָרן איר חיהשע געשטאַלט, צעוואַקסן זיך אַזוי גרויס, ווי די געשמדטע טאָכטער. אָט ליגט זי אויסגעצויגן, אויף דער פּאַדלאָגע, צווישן אירע שטוב־שיך; וויינט און בעט מען זאָל איר מוחל זיין...

— אָי! — האָט זיך שיינע־שרה געגעבן אַ שטעל־אויף און אָנגע־כאַפּט זיך ביים האַרצן.

זי איז אַ ווילע געשטאַנען ווי אין אַ הינהער־פלעט, די אויסגעהאָרע־וועטע פינגער איינגעקלעמט אין דער לינקער ברוסט. דערנאָך האָט זי געמאַכט אַ פּאָר וואַקלדיקע טריט און צוגעשפּאַרט זיך צו אַ וואַנט. ריקעלע איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ פאַררייסענעם עק און טרויעריק־אומבאַהאָלפן געמיאַוקעט: „באַלעבאָסטע, וואָס איז מיט אייך?"

משה־לייב איז אָנגעפאָרן פון מאַרק, פאַרוואונדערט זיך אַפּנים, וואָס ער זעט קיין ליכט ניט אין די פענצטערלעך. וואָרעם, ניט אויסשפּאַנענדיק דעם פערד, איז ער גלייך אַריין אין שטוב, מיטן בייטש אין גאַרטל, און געפונען שיינע־שרהן, ווי זי שטייט אין אַ מאָדנעם פאַרגליווערטן צו־שטאַנד, מיטן קאָפּ צוגעשפּאַרט צום וואַנט...

— שיינע־שרה! — כאַפּט ער זי אָן פאַר אַ ביינערדיקער פּלייצע, — וואָס איז מיט דיר?

פון משה־לייבס קול קומט שיינע־שרה צו זיך און הויבט־אָן שרייען ווי אַ באַנומענע:

— מען פייניקט זי דאָרטן, משה־לייב! מען ממיתט זי. מען וויל זי הרגענען...

אַזאַ פּלוצלעכער איבערגאַנג, פון פאַרגליווערונג צו געשריי, דערשי־טערט משה־לייבן אַזוי, אַז ער אַליין פאַרגעסט דאָס, וואָס ער האָט פאַר־באָטן. ער האָט דאָך פאַרבאָטן צו דערמאָנען אַפילו, אַז ביילקע לעבט אויף דער וועלט... און שרייט צוריק:

— זי מיינסטו? ווער האָט דיר געזאָגט?

— ווער געזאָגט?

און ווידער איז שיינע־שרה געבליבן שטיין אַ פאַרלאָרענע, אָן אָפּ־הענטיקע, ווי דעמאָלט, ווען משה־לייב האָט זי געכאַפּט ביי נאָכלויפן און שילטן יאַוודאָכען. אויך אַצינד האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו ענט־פערן.

— המ... — האָט משה־לייב נערוועאיש אַ הוסט געגעבן, — ביסט עפּעס ניט... ניט... ווי זאָל איך דיר זאָגן? איך האָב מורא מען וועט מוזן גיין מיט דיר צום דאָקטאָר... גיי, גיי, שיינע־שרהלע! לייג זיך.

— ניין, ניין! — האָט זיך שיינע־שרה גענומען וואַרפן און שרייען, ביז ער האָט זי אָפּגעלאָזן, — איך וועל ניט ליגן, איך וועל ניט שלאָפן, ווען זי... ווען אונדזער טאָכטער... אָ־אָ!

דאָ אָבער איז שוין משה־לייב געקומען צו זיך. דערמאָנט זיך אָן זיין שבעה־זיצן נאָך יענער, וועלכע איז אַצינד אין געפאַר. האָט ער קאַלט געפּסקנט:

— און אפילו ס׳איז אָן אמת — אַרט מיך אויך ניט. דער הונט איז ווערט דעם שטעקן. און מער רייד מיט מיר ניט פון איר!

2

אַז אַרן אַרט אים אַ קאַפּעלע מער ווי ער זאָגט — האָט שיינע־שרה אַלע מאָל געוואוסט. און קלאָרער איז דאָס געוואָרן מיט עטלעכע טעג שפּע־טער, נאָך שיינע־שרהס ספּאַזמעס. אַריינגעפאַלן איז ער פּלוצלונג אין שטוב מיט אַ מאָדנעם אימפּעט, אַ כאַפּ־געגעבן די גרויסע נטילת־ידים־קוואָרט פון וואַסער־פּאַס, פאַר ביידע הענטלעך, און פאַרגאַנגען זיך אין טרינקען, אָן אַ ברכה אַפילו, עפּעס ווי ער וואָלט געלאָשן אַ שרפה אין די געדערים.

אַצינד האָט זיך שיינע־שרה דערשראָקן פאַר זיין געזונט, פונקט ווי ער, משה־לייב, האָט זיך, מיט עטלעכע טעג צוריק, דערשראָקן פאַר איר געזונט. האָט זי געלאָזן שטיין איר קאָכיקן טאָפּ און צוגעלאָפן צום מאַן:

— משה־לייב, וואָס שוין ווייטער? גאָט איז מיט דיר!

ער האָט קוים אָפּגעאָטעמט נאָך דעם ווילדן טרינקען, אָפּגעווישט די גרויע וואָנסעס און געענטפערט מיט אַן אומנאַטירלעכן שמייכעלע און מיט פונקט אַזאַ אומנאַטירלעכער אויפגעבונדנקייט. נאָר פון אַ שאָפּאָט־אַראָפּ לאָזט זיך אַזוי שמייכלען און אַזוי ריידן:

— דו הערסט דאָך, אַ? אַ חוצפה האָט דאָס. אַזאַ חוצפה! וואָס... ווי זאָל איך דיר זאָגן, שיינע־שרה? צו זוכן מיט ליכט, זאָג איך דיר...

— פון וועמען רעדסטו דאָס?

— פון איר... זי האָט זיך צוגעטשעפּעט...

— משה־לייב צי מיר ניט די אָדערן!

— צעקייען דאַרף איך דיר? די משומדתטע. אַנגעטאָן אין עסיק און אין האָניק, אַ נייע כוסטע, אַ נייע אויסגעניייטע קאַצאַווייקע. ווי פון אַ גויי־שער חתונה געקומען. און דער פּנים שוואַרץ ווי די ערד, און קיין בושה האָט דאָס ניט, און קיין חרפּה. אין מיטן מאַרק צוגעלאָפן צו מיר, פאַר אַלעמען אין די אויגן...

שיינע־שרהן האָבן זיך אונטערגעבראָכן די פיס פון משה־לייבס כלומרשטער אויפגעלייגטקייט. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן אים אויף אַ בענקעלע:

— נו, נו!

— זי? — איז משה־לייב כלומרשט נאָך פריילעכער געוואָרן, — זי איז מיר אַ ווײַלע נאָכגעלאָפן. געוואָלט אָנכאַפּן אַ לייצע. ביז זי איז מיד געוואָרן און אָפּגעשטאַנען...

— ווי קען מען דאָס זיין אַזאַ גזלן? — שרייט שיינע־שרה אויף — ווי קען מען דאָס גאָר?

איר אייגענער געשריי באַלעבט זי. שפּרינגט זי אויף פון בענקעלע, גיט אַ לויף צום קאָכעדיקן טאָפּ, בלייבט שטיין, פאַרדעקט זיך דעם פּנים מיט איר פאַרטוך, ווי מיט אַ פאָרהאַנג, און וויינט. אין דער פינצטערניש פון גראָבן פאַרטוך, וואָס כאַפּט זי אַרום, דערזעט זי אַפּנים דאָס, וואָס לויכט איר אַזוי אָפּטערס אויף די לעצטע צייט, אין איר קרענקלעכער פאָרשטעלונג. וואָרעם זי שרייט ווידער אויף, ווי אַ מענטש וואָס דערזעט אַ שלאַנג:

— מען שלאָגט זי, משה־לייב! מען ממיתט זי דאָרטן! זי איז אין סכנה. ד אָ ס האָט זי דיר געוואָלט דערציילן. און דו... אַ שטיינערנע האַרץ האָסטו!

— שיינע־שרה! — האָבן זיך משה־לייבן איבערגעגעבן אירע ספּאַז־מעס, און ער אַליין האָט גענומען שרייען מיט אַ באַנומענעם קול צום פאַרטוך, — זאָלסט אויפהערן, זאָלסטו! דו הערסט? וואָרעם איך בין אויך ניט פון אייזן. איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן. פון זינען וועל איך אַראָפּ...

דער פאַרטוך איז צוריק אַראָפּגעפאַלן אויף שיינע־שרהס איינגעפאַ־לענעם בויך, און אירע פאַרווייינטע אויגן האָבן דערזען אַן אַנדער משה־לייבן, גאָר אַן אַנדערן: אַ טאַטן וואָס ליידט ניט ווייניקער ווי זי אַליין. ער שעמט זיך נאָר זאָגן דעם אמת, אַפילו זיין אייגענער ווייב... אָבער צוליב וואָס און צוליב ווען מאַכט ער אַזעלכע מאַנסבילשע אָנשטעלן? איז דען ניט גלייכער אויסצוגיסן איינער פאַרן צווייטן דאָס ביטערע האַרץ?

פון דעמאָלט אָן איז שיינע־שרה פרייער געוואָרן אין איר טרויער און זי האָט מער ניט געזוכט צו מאַסקירן איר בענקשאַפט נאָך דער אומגליקלעכער מיזינקע. דאָס וואָס ביילקע איז צוגעלאָפן צום טאַטנס וואָגן, האָט איר נאָר באַשטעטיקט איר העל־זעעריי, איר זען פון דער־ווייטנס, אַז ביילקע איז עלנט ווי אַ שטיין צווישן די גראָבע גויים און אַז אַ געפאַר שוועבט איבער איר, אַ גרויסע געפאַר. ניט אומ־זיסט האָט זי פאַרגעסן יעדע בושה און נאָכגעלאָפן נאָכן טאַטנס וואָגן אין מיטן מאַרק, נאָך אַ טאַטן, וואָס וויל פון איר ניט וויסן, וואָס וויל אַפילו איר נאָמען ניט דערמאָנען. עס מוז דאָרטן האַלטן זייער שלעכט — אין מאַקאַראָווקי... מיטן טאַטן האָט זיך ניט איינגעגעבן, וועט זי קומען צו דער מאַמען. זי מוז קומען. אויב ניט היינט, איז מאָרגן. דעם פאַרצווייפלטן פאַרזוך אירן וועט זי אַוודאי נאָך אַמאָל מאַכן...

שיינע־שרהס קרענקלעכע אַזוי ווי לאַגישע איבערצייגונג, אַז דאָס מוז געשען, איז אַצינד געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. יעדער שאָרך אַרום פענצטער, ווען זי בלייבט אַליין אין שטוב, שפּיצט זי אָן, און ביי יעדן אָנרירן די קליאַמקע פון טיר גייט איר דורך אַ שוידער דורכן רוקן. ריקעלעס מיאַוקען הערט זיך איר אָן ווי אַ ווייטער געוויין פון אַ יידיש קינד, וואָס בעט הילף. און ווען די זעלבע ריקעלע לייגט זיך צו אירע פיס און מרוקעט, קען דאָס שיינע־שרה מער ניט אויסהאַלטן. זי שטייט אויף און פאַכעט אויף זיך אַליין מיטן פאַרטוך. איר פאַרפעלט לופט.

— טאַכטערקע... — אַזוי רעדט זי צו עמיצן, וועלכער איז גאָר אין שטוב ניטאָ, — מוטשע מיך ניט מער!... קום אויב דו קומסט... מוטשע ניט...

און ווידער האָט די סגולה פון אַלטן ציגיינער באַקומען אַ נייע באַדייטונג: „באַוויז איר אַקאָרשט דיין נאַקעטע מאַמע־ברוסט. ווי נאָר דו דערזעסט זי. טאַק אי זאַמאַניש, טאַק, סערדעטשנאַיאַ, אי זאַמאַניש“...*) ביים טונקעלן שפּיגל, פאַרנאַכט־צייט, האָט זי דאָס אויסגעפּרואווט. און ביינאַכט — אויפן פינצטערן שטוב־גאַניק.

די שלעכטע אָסיען־וועטערן האָבן זיך דאָס יאָר איינגעשטעלט פאַר פרי. שוין חול־המועד סוכות האָט געגאָסן אַ רעגן מיט אַ נאַסן שניי אויסגעמישט. די בלאָטעס אין ליימיקן „אונטערבאַרג“ זיינען געוואַקסן און פון די סטרעכעס האָט נודנע געקאַפּעט דורך די נעכט און ניט גע־לאָזן שלאָפן... שלאָפט נאָר משה־לייב. אים אַרט דאָס ניט. ער איז איבערגעהאָרעוועט און כראָפּעט ווי אַ קראַנקער פערד, להבדיל. האַלט דאָס שיינע־שרה אָפּטמאָל ניט אויס. אינעם וואָיען פון ווינט אין קוימען

*) אַזוי וועסטו זי פאַרמאַניען. אַזוי, האַרציקע, וועסטו פאַרמאַניען.

און אינעם קלונג פון רעגן איבער דער סטרעכע הערט זי אַ באַקאַנטן, ווייטן קול. עמיצער רופט זי וויינענדיק, פאַרכליניעט זיך און רופט. שטייט זי פּאַוואָלינקע אויף, כאַפּט אַרויף אויף זיך דאָס וואָס זי טאַפּט אָן אין דער פינצטער: אַ זשאַקעט, אַ פּאַטשיילע, די טיפע לעדערנע קאַ־לאָשן. אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט ציט זי. און לייכט, ווי אַ לבנה־קראַנקע, גנבעט זי זיך אַרויס אויפן גאַניק און אַנטבלויזט איר איינגע־פאַלענע ברוסט. עס פליוכעט און עס בלעזלט און עס פייפט אַרום גאַניק. אַ געטאַנץ פון רעגן און גייסטער און ווינט... די נאַסקייט און קעלט נעמט דורך שיינע־שרהס מאַגערן לייב און זי פילט דאָס ניט. פון די טיפענישן פון איר קראַנקער זעל רופט זי אין ווינט אַריין: „קום, מיין טאָכטער! קום גיכער צו דיין מאַמען. איידער ס׳איז ניט שפּעט... איך ווייס, אַז איך וועל אין גיכן שטאַרבן... דו הערסט? איך ווייס דאָס אויף געוויס. איך זע דאָס אַזוי קלאָר ווי איך זע די צרות דיינע“...

דער לעצטער פּרואוו אַזאַ, אויפן פינצטערן גאַניק, איז שיינע־שרהן גלאַטיק ניט אָפּגעלאָפן. לכתחילה האָט זי זיך סתם אַזוי צוגעקילט און באַקומען אַ קאַטער. דערנאָך האָט איר גענומען ברעכן אין רוקן, שטעכן אין אַ זייט און אַ טרוקן הוסטעלע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין ברוסט.

די ערשטע פּאָר טעג האָט זי דאָס ניט גענומען ערנסט און ווייטער געאַרבעט אין שטוב און אין הויף. נאָר שפּעטן וואַסער פון ברונעם האָט זי מער ניט געקענט. דאָס האָט פאַר איר משה־לייב געטאָן אין דער פרי און פאַרנאַכט. אָבער די שטעכענישן אין זייט זיינען שאַרפער געוואָרן און דאָס באַוועגן זיך איבערן שטוב זיינען איר אויך שווער געוואָרן. ווען משה־לייב האָט דאָס דערזען האָט ער זי געצוואונגען לייגן זיך אין בעט, אַוועקגעלאָפן אין שטאָט און געבראַכט צופירן אין אייגענעם וועגל גיטל־באַשע די רופאטע מיט אירע באַנקעס, מיטן סטאַטשעק און מיט איר גאַנצן קלאַפּערגעצייג.

שיינע־שרה אַליין איז געווען מאָדנע גלייכגילטיק סיי צו איר קראַנק־הייט, סיי צו די רפואות, וואָס מען ברענגט איר פון שטאָט. אָפּגעפּטרט גיטל־באַשען מיט אירע באַנקעס, האָט זי זיך אַ טויט־מידע אומגעדרייט צום וואַנט און גערעדט צו משה־לייבן, ניט קוקנדיק אפילו אין זיין זייט; מיט אַ קול וואָס קומט ווי פון דערווייטנס גערעדט צו אים:

— ס׳איז אַן אומזיסטע טרחה, משה־לייב! סיי־ווי־סיי וועל איך שוין לאַנג ניט לעבן. היינטיקן יום־כיפּור האָב איך דאָס שוין געוואוסט. איצט ווייס איך דאָס אויף געוויס...

## פערציקסטער קאַפּיטל

# אין אַ נעפּלדיקער נאַכט

1

די דערשיטערונג, וואָס גרשון ווילענסקי האָט באַקומען פוןביילקעס באַזוך, איז ניט אַזוי לייכט אַריבערגעגאַנגען ווי ער האָט גערעכנט. ער איז געוואָרן אַפּאַטיש, פאַרלאָרן דעם חשק אויפצושטיין און אָפּפרישן זיך מיט גימנאַסטיק און קילע אָפּרייבונגען. דער אַפּעטיט איז שוואַך געוואָרן. עס האָט זיך אים געגומען דוכטן, אַז צו דעם איין־און־איינציקן קלאַפּ, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין וואַנקען, האָט ער זיך, מיט אַלע כוחות, געגרייט אַנדערטהאַלבן יאָר נאָכאַנאַנד. וויבאַלד דער ציל איז דערגרייכט און וואַנקען האָט ער אָוועקגעלייגט, זיינען די ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען מער ניט נויטיק. די כוחות האָבן טאַקע נאָכגעגעבן און די פרייליכקייט פון טרייבן ספּאָרט האָט זיך אויסגעוועפּט. אַפילו די ליבלעכע פאַרעכאַד־רייזע, צום טאַטן אויף יום־טוב, האָט זיך עפּעס אָפּגערוקט אַן אַ זייט. עס האָבן אים גענומען שרעקן די ניט־געוואונטשענע באַגעגענישן מיט ביילקעס יידישע קרובים אינעם שקלאָווער „אונטערבאַרג" און מיט אירע גויישע נאָענטע לייט — פון מאַקאַראָווקי...

אָבער דער סקאַנדאַל, אין זיין מאַהילעווער דירה, מיט ביילקען און די שלעגעריי זיינע מיט איר גויישן מאַן, האָבן קאַליע געמאַכט ווילענסקיס גוטן נאָמען אינעם גאַנצן הויז, וואו ער האָט געוואוינט זינט ער איז אָנגעקומען אין וועטערינאַר־שול, ביי דער אַלטער באַלעבאָסטע — הויפּטזעכלעך. איז אים סוף־כל־סוף מער ניט געבליבן ווי פּאַקן דעם פּעקל און פאָרן אַהיים צו טאַטע און מאַמע אויף די האַרבסט ימים־טובים.

די יום־טובדיקע גוטע זאַכן אין טאַטנס הויז, דער אַמאָליקער צימער מיט די קינדערשע פאַרגעסענע ביכלעך, דעם טאַטנס אויפשטיין אין דער פרי און זיין לערנען משניות מיט אַ טרויעריקן ניגון — קורץ, דאָס אַלץ וואָס ער, גרשון ווילענסקי, האָט אַזוי ליב געהאַט, אין דער היים, פון קינדווייז־אָן, האָט אויך ניט צעטריבן זיין מרה־שחורה. ער האָט זיך פרי געלייגט, שפּעט אויפגעשטאַנען. און די קורץ־געוואָרענע טעג האָבן זיך מוראדיק לאַנג געצויגן.

ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט ער זיך, גלייך נאָך די ימים־טובים, קיין מאַהילעוו ניט אומגעקערט. ער האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג די פאָרבאַרייטונגען צום נייעם לערניאָר אין מאַהילעוו: זוכן אַן אַנדער דירה, איינקויפן נייע ביכער, איינשרייבן זיך אויף די לעקציעס. געבליבן

איז ער זיצן אין טאַטנס אויסגעוואָרעמטן הויז, געגריבלט און ניט געוואָלט מודה זיין זיך אַליין, אַז ער האָט נאָךביילקען ליב. מער אַפילו ווי אַמאָל... די קורצע באַרירונג מיט איר זינדיקן לייב האָבן אין אים געמאַכט אויפֿברויזן דאָס גאַנצע הייוון פון זיין צוריקגעהאַלטענער נאַטור. זיין גאַנצע אַסקעטישע רואיקייט איז מוטנע געוואָרן, גענומען יערן און ווייגעטאָן מיט איר שיכורער שטאַרקייט. דעם געדאַנק, אַז ביילקע געפֿינט זיך אין אַזעלכע ברוטאַלישע הענט, ווערט געשלאָגן און זיך שוין צוגעוואוינט צו די קלעפּ—האָט ער ניט געקענט אַריבערטראָגן. אים האָט זיך שוין גענומען דאַכטן, אַז מיט זיין קווענקלען, ווען זי איז צו אים געקומען בעטן הילף, איז ער באַגאַנגען אַ נאַרישן פעלער. צוריקצאַלן וואַנקען דעם אַלטן „חוב", מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ, און אַרויסטרייבן זיי ביידן פון שטוב — איז קיין גרויסע גבורה ניט געווען. אַ גבורה וואָלט געווען אָפּצוררייסן זי. אָפּצורייסן אין גאַנצן. געדאַרפט זי נעמען ווי אַ מאַן נעמט אַ ווייב. וואַנקען אַרויסוואַרפֿן און זי איבערלאָזן ביי זיך. באַשיצן זי ביז זי וועט זיך געוואוינען צו אַ ריינערן לעבן, צו אַ געזינטערער ליבשאַפֿט. דעמאָלט —

וואָס דעמאָלט? וועגן דעם איז ניט נויטיק צו קלערן; וועגן דעם האָט ער ניט געוואָלט קלערן, וויבאַלד די זאַך איז שוין איין מאָל געשען און דעם געמאַכטן פעלער איז מער ניט צוריקצוכאַפּן, ניט צו פאַרריכטן... אין גאַנצן ניט? היינט פאַרוואָס טאָרעט דאָס נאָך אַזוי? פאַרוואָס קערן זיך די בילדער אום און פייניקן? יעדער בילד אַ פאַרוואורף, יעדע באַוועגונג — אַ שטאָך אין ריפּ. אפשר דערפאַר, ווייל טיף אין האַרצן גלויבט ער נאָך אַלץ, אַז עס קען אַנדערש ווערן?

די געשיכטע פון ביילקעס פלוצלעכן באַזוך אין זיין מאָהילעווער דירה, און די שלעגעריי מיט איר מאַנדל, איז דערוויילע־וואָס דערגאַנגען צו די אויערן פון טאַטן און מאַמען. האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן פון וואַנען עס שטאַמט זייער גרשונס מרה־שחורה און זיין אָפּהענטיקייט. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז ער איז אַמאָל געווען ניט גלייכגילטיק צו משה־לייבס מיזינקע פון „אונטערבאַרג" — צו דער יידישער ביילקען. אָבער, אַז ער וועט דאָס אַריבערטראָגן אויף דער משומדתטע פון מאַקאַראָווקי — האָבן זיי זיך ניט גערעכנט. זיי האָט זיך דאָס גאָר אויפן זינען ניט געלייגט. „סטייטש", האָט דער אַלטער טאַטע געטענהט און די ווייסע באָרד האָט ביי אים געציטערט, „ווי קומסטו צו איר?" „איך וואונדער זיך אויף דיר", האָט די אַלטע מאַמע געמוסרט פון אונטער איר אַנגערוקטן פאַרוק און אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

פאַר דער מאַמען האָט זיך ווילענסקי ניט אַזוי געשעמט ווי פאַר דעם טאַטן, און אין אַ שוואַכער מינוט אויסגעגאָסן פאַר איר דאָס האַרץ:

— מאַמע, דו וואָלסט וויסן... אַזאַ פּערל אין דאָרפישן מיסט. אַזאַ אומגליקלעך קינד צווישן די פויערישע לאָפּעס...

— אַ שיינע פּערל און אַ שיין קינד... — מאַכט די מאַמע אַ פריקרע מינע פון פאַראַכטונג און לאָזט אַראָפּ די אויגן. און דערביי איז דאָס געבליבן.

כדי צו צעשטרייען זיך, ווי ניט איז, האָט גרשון ווילענסקי גענומען מאַכן לאַנגע שפּאַצירגאַנגען, אויסגעמיטן דעם „אונטערבאַרג" און דעם פראַנצאָווקער וואַלד, כדי ניט באַגעגענען זיך מיט ביילקעס עלטערן און מיט „אונטערבאַרגער" נייגעריקע לייט, וועלכע האָבן שוין אַמאָל געהאַט באַשלאָסן, אַז ער און ביילקע זיינען אַ גלייכער שידוך... אַוועקגעשפּאַצירט האָט ער ווייט־ווייט אַראָפּ די שקלאָווער קרעמלעך, פאַרביי וואָיעקעס סעדער אַרויף דעם דניעפּר. ער פלעגט אַזוי אָפּמאַרשירן עטלעכע שעה אַהין און צוריק און דאָס האָט אים געגעבן אַ בעסערן שלאָף און אַ לויטערן קאָפּ ביים אויפכאַפּן זיך. אָבער די מאַמע זיינע איז דערפון געוואָרן נאָך מער אומרואיק. ווארעם אַוועקגיין פון שטוב פלעגט ער אין אַ לייכטן מאַנטל און צוריקקומען שפּעט ביינאַכט. אָפטמאָל אַפילו וועטשערע דורכגעלאָזן און באַנוגנט זיך מיט אַ קאַלטן ביסן, ווען אַלע שלאָפן שוין.

נאָך איינעם אַזאַ לאַנגן שפּאַציר האָט ער זיך, שפּעט אין אָוונט, אומגעקערט אַ טויט־מידער און אַוועקגעזעצט זיך אויסרוען אויפן פינצטערן שטוב־גאַניק. ער האָט זיך ניט געאיילט אַריינצוגיין, כאָטש געוואוסט האָט ער, אַז זיין קאַלט עסן וואַרט שוין אויף אים אויפן ברעג־טיש, אונטערן האַלב־פאַרדרייטן הענג־לאָמפּ. די אַלטע לייט אין שטוב זיינען שוין געשלאָפן, אָדער געמאַכט זיך אַז זיי שלאָפן. די שווערע לאָדנס זיינען געווען פאַרהאַקט. נאָר איין געלער שטראַל האָט זיך דורכגעשלאָגן פון אַ שפּאַרונקע אין אַ לאָדן און באַלויכטן דעם גאַניק מיט אַ מוטנעם שיין. נאָך די שנייאיקע רעגנס פון דעם פריצייטיקן אָסיען איז ווידער געוואָרן וואַרעמער און אַ לינדער נעפּל האָט פאַרצויגן די אַרומיקע בערוועגע הייזער, דעם נאָענטן מאַרק און גוישן קלויסטער אויפן ראָג. און דעם טאַטנס גאַניק איינגעוויקלט אין אַ מין וואָליקער, האַלב־דורכזיכטיקער מאַסע פון שוועבנדיקע נעצן... דאָס האָט ווילענסקין פאַרוויגט, דורכגענומען מיט אַ מאָדנער זיסקייט. און אַ שלעפערדיקייט איז אים באַפאַלן.

מיטאַמאָל דוכט זיך אים אויס, אַז ער הערט וווייכע טריט אין לאָפּטיעלעך. די טרעפּלעך פון גאַניק קנאַקן. אַ פויערטע גייט אַרויס פון לייכטן נעפּל, בויגט זיך איין איבער אים, בלאָזט זיך אָן, ווערט גרויס און אָטעמט אויף אים מיט וואַרעמקייט פון אַ שאָפּענעם פעלץ... און איידער ער גיט זיך אָפּ רעכענונג, צי ס׳איז חלום צי ס׳איז וואָר, פאַלט צו אים די יונגע

פויערטע צו, ווערט ממשותדיק, נעמט אים אַרום דעם האַלדז, מיט צוויי אַנגעפּעלצטע אָרעמס, און בלייבט זיצן אויף זיינע קני.

— ווער איז דאָס? — גיט ער דערשטיקט אַ געשריי און פילט דער־ביי ווי אַ זיסקייט צעגיסט זיך אים איבערן אויסגעקילטן גוף, ווי בשעת אַן איבערברוך נאָך אַ גרויסער קראַנקהייט.

נאָר יענע, וועלכע איז אַרויס פון חלום און זיך פאַרוואַנדלט אין וואָר, ענטפערט ניט. זי פאַרמאַכט אים נאָר דעם מויל מיט אַ קליינער פאַר־האַרטעוועטער דלאָניע און וויינט. און ווידער דערשפּירט ער דעם ריח פון היי, פון שאָפענעם פעלץ און צעוואַרעמטן יונגן לייב. אַזאַ ריח האָט ער שוין איין מאָל געשפּירט פון קאָפּ־קישעלע, וועלכן ער האָט, מיט אַ געוויסער צייט צוריק, אַ שליידער געטאָן אָן דער ערד, דאָרטן... אויף דער מאָהילעווער דירה, נאָכן אַרויסטרייבן דעם דאָרפישן פאָרל...

מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ רייסט ער זי פון זיך אָפּ און קוקט זיך איין אין איר פּנים. ביים מוטנעם ליכט־שטראַל, וואָס שניידט זיך דורך אַ שפּאַ־רונקע אין לאָדן, דערזעט ער שוואַרצע צייכנס אויף איר שטערן און באַקן.

— דו ביסט... מיר דוכט דו ביסט פאַרוואונדעט... — מאַכט ער זייער שטיל און גיט איר אַ צייכן, זי זאָל פונקט אַזוי שטיל ענטפערן.

— יאָ, יאָ... — שעפּטשעט זי, — פאַרטריקנטע בלוט. מיין גאַנצער לייב טוט מיר וויי.

— ווייטער ער? — גיט ווילענסקי אַ קריץ מיט די ציין.

— ווער דען? נאָר אַמאָל האָט ער געשלאָגן, ווייל ער האָט מיך ליב געהאַט. איצטער — ווייל ער האָט מיך פיינט. אַמאָל האָט ער געשלאָגן און איך בין אים געווען טריי —

— און איצטער?

— איצטער האָב איך אים פיינט ווי אַ שפּין. נאָך ערגער. נאָך מער ווי ער — מיך. אַזאַ... אַזאַ....

— ווי געפעלן דו ביסט! — קערט ווילענסקי אָפּ דעם קאָפּ פון איר און וויל באַפרייען די אָרעמס.

אָבער זי כאַפּט אים ווידער אַרום, נאָך שטאַרקער ווי פריער. מיט אַלע נעגל כאַפּט זי אָן זיין מאַנטל, ווי אַ קאַץ וואָס האָט מורא פאַר וואַסער.

— שטויס מיך ניט אָפּ, גרשון! ראַטעווע מיך! איצטער — אויף אַן אמת. ער שלאָגט מיך ווי אַ בלוטיקער שונא. ער ממיתט מיך. ער וועט מיך נאָך הרגענען... מיט אַ האַק. ער אַליין סטראַשעט אַז ער וועט דאָס טאָן. ווען ניט מיין שוויגער — האָפּיאַ וויל איך זאָגן... ניט איין מאָל האָט זי מיך אָפּגעשריען...

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל? משוגע איז ער?

— זינט דעמאָלט... אין מאָהילעוו. עס ברענט אין אים וואָס ער האָט מיך געטראָפן ביי דיר, אין דיין דירה. ער איז זיכער אַז דו... אַז איך בין געווען דיינע. דאָס גאַנצע דאָרף האָט ער אויפגערודערט קעגן מיר. אַלע טייטלען אויף מיר מיט די פינגער. אַלע רופן מיך אַזוי ווי ער, ווען ער איז שיכור... און שיכור איז ער אַלע טאָג...

— דאָס אויך? אַ פּיאַניצע?

— ניט אַלע מאָל איז ער דאָס געווען. פריער פלעגט ער נאָר טרינקען פון צייט צו צייט. ווען די „סאָלדאַטקע" האָט אים דעם קאָפּ פאַרדרייט.

— אַ סאָלדאַטקע?

— אַ געליבטע זיינע, פעלאַהייקע. דער מאַן אירער דינט און זי הולטאַיעוועט. ווען איך בין געלעגן אין קימפּעט און דערנאָך קראַנק געווען, האָט ער זיך מיט איר צוזאַמענגעשמעקט. נאָר פריער האָט דאָס מיך פאַרדראָסן. איצטער אַרט מיך ניט. פאַרקערט, איצטער האָב איך געוואָלט, ער זאָל לעבן מיט איר און מיך לאָזן צורו. נאָר זינט ער האָט מיך געכאַפּט ביי דיר, ברענט אין אים אַ פייער. ער האָט זיין פעלאַהייקען אַוועקגעוואָרפן און גענומען זיך צו מיר. נאָר צו מיר. און כדי מאַכן זיך האַרץ — געוואָרפן זיך אויפן טרונק. ער הערט ניט אויף צו טרינקען. זינט דעמאָלט...

— ששש!... — האָט זי ווילענסקי איבערגעשלאָגן.

אין שטוב, הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס, האָט עפּעס אַ שאָרך געטאָן, און ער האָט דערקענט דער מאַמעס טריט אין אירע שטוב־שיך. אַפּנים זי האָט עפּעס דערהערט.

— קום, קום אַוועק! — האָט ער אָנגעכאַפּט זיין אורחטע ביים פּעלץ, — צום מאַרק צו! צום אָרשער שליאַך.

2

אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער, אונטער אַן אַלטן אָפּגעבלעטערטן לינדנבוים, האָבן זיי זיך צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, און זי האָט זיך נאָך מער אַראָפּגערעדט פון האַרצן. ווי אַ וויינענדיקער ווידוי האָט זיך דאָס ווילענסקין אָנגעהערט:

— ווען דו האָסט אים מכבד געווען און אונדזביידן אַרויסגעטריבן פון שטוב, האָט ער קודם־כל געקויפט אַ קוואָרט בראַנפן, אַריינגעשטופּט אין שטרוי פון וואָגן און געשוויגן. יאָגנדיק דערנאָך אונדזער פערדל אַהיים, האָט ער מיך פונדעסטוועגן צוגעהאַלטן מיט איין האַנט, פעסט

צוגעהאַלטן... טאָמער פאַרגלוסט זיך מיר אַנטלויפן. אַ קשיא אויף אַזאַ ווי איך? אָט אַנטלויף איך מיט אַ גוי; אָט לויף איך צוריק צו אַ יידן... אָבער אַנטלויפן האָב איך דאָס מאָל גאָר ניט געוואָלט. וואַניעס צע־שלאָגענע באַק האָט מיך צענומען. כ'האָב אויף אים געהאַט רחמנות. עפּעס אַ מאָדנער רחמנות איז דאָס געווען, אויסגעמישט מיט באַגער. נאָר אַפילו אַ גלעט צו טאָן אים האָב איך מורא געהאַט. איך האָב זיך געפילט שולדיק און געשראָקן זיך פאַר זיין גראָבקייט. „וואַניאַ" האָב איך נאָר איין מאָל געפּרואווט אַ פרעג טאָן, „וואָס שווייגסטו אַזוי? איך האָב מורא פאַר דיר!... אָבער ער האָט נאָר פאַרביסן די ציינער אַזוי אַז די געשוואָלענע באַק איז ביי אים שפּיציק געוואָרן און האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט נאָר בייזער אַ יאָג געגעבן דעם פערד און עקשנותדיק געקוקט אויף זיינע ליטקעס, ווי זיי שאָקלען זיך ביים לויפן, און זיינע אויגן זיינען ביי אים געווען בלוי־פאַרשטאַרט, ווי ביי אַ בלינדן.

עטלעכע וויאָרסט פאַר מאַקאַראָווקי האָט ער זיך אָפּנים איבערצייגט, אַז איך טראַכט גאָרניט צו אַנטלויפן. ווארעם ער האָט באַפרייט מיין אָרעם, אויפגעפּראָבקעוועט די פלאַש בראָנפן און גענומען ציען פון העלדזל אין האַלדז אַריין. איין מאָל און צוויי מאָל און אַ סך מאָל. מיר האָט ער דערפון אַ טראָפּן ניט אָנגעבאָטן. כאָטש מיר האָט זיך שטאַרק געגלוסט. צום ערשטן מאָל אפשר אין מיין לעבן — אָנטרינקען זיך און פאַרגעסן אַלץ וואָס איז געשען, דעם גאַנצן יאַריד, דאָס אַנטלויפן צו דיר, דאָס געשלעג...

אָנגעקומען אין דאָרף איז שוין וואַנקע געווען נישקשהדיק שיכור. „טו זיך אויס!" מאַכט ער צו מיר, קריצנדיק מיט די ציין, ווי נאָר מיר זיינען אַריין אין כאַטע. „דיין העמד אויך. אַלץ!" האָט ער באַפוילן, און איך האָב געפאָלגט. איך בין שוין געווען געוואוינט צו זיינע משוגעתן. געמיינט, ער וועט זיך באַפרידיקן מיט אַ פּאָר קלעפּ, מיט אַ שמיץ, און דערנאָך וועט ער מיר פאַלן צו די פיס, וועט זיך שלאָגן מיטן פויסט אין האַרצן, וועט גלאָצן אויף מיר, מיט ביידע אויגן, ווי אויף אַן „איקאָנע" און וועט זיך באַרואיקן. אָבער דאָס מאָל האָט ער זיך אויפגעפירט גאָר אַנדערש. דאָס מאָל האָט ער מיך צוגעבונדן צום סלופּ אין כאַטע... פאַראַן אַזאַ אָפּגעקאַלכטער סלופּ אין האַפּיאַס כאַטע, הינטערן גרויסן אויוון. ער לענט אונטער דעם אַלטן באַלקן. דאָרטן איז אַלע מאָל פינצטערלעך און פאַרשטעלט פון נייגעריקע אויגן. צו אָט דעם סלופּ האָט מיך מיין באַשערטער צוגעבונדן און גענומען מיך פּאַסעווען מיט דער בייטש, אָן רחמנות. די בייטש איז אָבער געווען צו לאַנג. האָט ער זי אָפּגעהאַקט אין מיטן שמייסן, מיט אַ שווערן מעסער אויף דער העלפט און ווייטער גע־

שלאָגן; נאָך דער אָפּעראַציע — אַ סך באַקוועמער און שאַרפער. מיינע געשרייען האָבן ניט געהאָלפן. האַפּיאַ איז אַנגעלאָפן פון גאַס, געוואָלט מיך ראַטעווען פון זיינע הענט. האָט ער זיך אויף איר צעפּאַכעט מיט דער בייטש. ניט צוגעלאָזן און געשריען: „ווילסט זי באַשיצן, די זונה? איך האָב זי היינט אין שטאָט געכאַפּט מיט איר ליובאָווניק... אָט וואָס?...״ און נאָך שטאַרקער געשלאָגן.

„אויב אַזוי״, האָט זיך מיין שוויגער אַנגעברוגזט, „אויב אַזוי האָט זי דאָך פאַרדינט... איז גיב איר, גיב איר, מיין זון! זאָל זי טאַקע געדענקען.״

און כדי צו שטאַרקן זיך דאָס האַרץ, עס זאָל מער קיין רחמנות ניט האָבן, האָט האַפּיאַ אויך געכאַפּט טרינקען פון פלעשל. זי אַ טרונק, ער אַ טרונק, ביז פון קוואַרט בראָנפן איז מער קיין טראָפּן ניט געבליבן. די מאַמע וואָרעמט אונטער דעם זון און דער זון פּלייסט זיך און קאַטעוועט, ביז... אים איז גוט הייס געוואָרן פון דער שווערער אַרבעט.

— מאַטקאַ — מאַכט ער צו איר מיט אַ שיכורן שלוקערץ — ברענג מיר אַקאַרשט אַריין אַ קאַלטן טרונק. קוואַס ברענג מיר אַריין!

האָט די טייערע מאַמע געפאָלגט דעם טייערן זון. געלאָפן אין דער פינצטערער קלייט הינטערן שטוב, און בשעת זי האָט זיך דאָרט געזאַמט, אויפצומאַכן דעם פאַרבונדענעם שפּונט און אָנצאַפּן אין קוואַרט, האָט דער זון מיך אָפּגעבונדן און גענומען.

— וואָס הייסט גענומען?

— ווי אַ מאַן אַ ווייב.

— אין מיטן שלאָגן זיך? און דו האָסט דאָס דערלאָזן?

— נ י ט צו דערלאָזן האָב איך קיין כוח ניט געהאַט. ברוין און בלוי בין איך געווען פון די שמיץ. געפיבערט האָב איך. און, פיבערנדיק, האָט זיך מיר נאָך אַלץ געדוכט, אַז טוען טוט ער דאָס פון פלוצלעכער ליבשאַפט, אַזוי ווי ער האָט דאָס אַ סך מאָל געטאָן אין מיטן פּייניקן מיך... דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין ליבשאַפט איז אויס, אַז ד אָ ס מ אָ ל האָט ער דאָס געטאָן פון פיינטשאַפט, כדי מיך אין גאַנצן צו דער־נידעריקן, צעטרעטן אונטער זיינע לאַפּטיעס. וואָרעם צו דער אַריינגעבראַכטער קוואָרט מיט קאַלטן קוואַס, האָט ער זיך צוגעכאַפּט, ווי נאָך אַ היץ־קרענק, אַנגעזשליאָקעט זיך, און מיט מער פרישקייט גענומען שלאָגן מיך: מיט די לאַפּעס איבערן געזיכט, מיט די פויסטן אין די זייטן. ביז האַפּיאַ, מיין געוועזענע אָם, האָט דערזען, אַז איר מיזיניק גייט אַריבער יעדן גרענעץ און גענומען קריגן זיך מיט אים: „גענוג וועט זיין, דו אַזוינער און אַזעלכער! וועסט זי נאָך דערהרגענען און גיין אין סיביר... אָט לויף איך צום סטאַראָסטע מען זאָל דיך בינדן...״ אַפּאַנקע, מיין שוואָגער

און זיין כלה זיינען, צום גליק, אָנגעקומען פון מאָהילעווער יאַריד, און אַלע דריי בקאָמפּאַניע האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר מיר און ניט דער־לאָזן. נאָך מער. אַפּאַנקע האָט זיך צעהיצט פון גרויס רחמנות, און דער־לאַנגט זיין שיכורן ברודער אין באַק. ס'איז געוואָרן אַ מהומה. שכנים זיינען אָנגעלאָפן. און האַפּיאַ, מיין שוויגער, איז נאָך געווען געגוג איידל צו סטראַשען מיר מיטן קולאַק:

— אוי־אוי, סטיערוואַ! זעסט? אַלץ איבער דיר...

פון דעמאָלט אָן איז אין וואַניען אַריין אַ גלגול מיט אַ רציחה. ער הויבט אָן קריצן מיט די ציין ווי נאָר ער דערזעט מיך. ער סטראַשעט, אַז ער וועט מיך דערהרגענען מיט דער האַק, אַז ער וועט מיך קוילענען מיטן שינד־מעסער. און איך גלויב, אַז ער וועט דאָס טאָן אויב מען וועט דערלאָזן. וואָרעם ער ווייסט און פילט שוין אַליין, אַז איך האָב אים פיינט אויף אַן אמת; אַז איך לאָז איבער מיר טאָן וואָס ער וויל און טראַכטן טראַכט איך פון דיר. נאָר פון דיר.

— ביילינקע, דו זאָגסט נאָר אַזוי...

— איך שווער דיר!... פון האַרצווייטיק טרינקט ער און פון פאַרדראָס. לויפט שלום־מאַכן מיט דער סאָלדאַטקע, אָבער יענע טרייבט אים אַרויס ווי אַ הונט. זי האָט שוין אַן אַנדערן. קומט ער צוריק אַהיים און גיסט אויס דעם כעס אויף מיר. מאַכט סקאַנדאַלן. ברעכט אַלץ וואָס אים מאַכט זיך אונטער די הענט. און אַפּאַנאַס, מיין שווער, און האַפּיאַ, מיין שוויגער ברעכן אים דערפאַר די ביינער, און אָפּטמאָל — מיר אויך. אַ גיהנום איז געוואָרן אין דער מאַקאַראָווקער כאַטע. און צום סוף פון יעדן אַזאַ טומל וואַרפט מען נאָך די שולד אויף דער „פּאַהאַנער זשידאָווקאַ", אויף דער „וויכרעסטקע". דאָס הייסט — אויף מיר. ווען ניט איך, אַזוי שרייען זיי, וואָלטן אַזעלכע צרות ניט געווען. אַפּאַנקען, זייער על־טערן זון, און מאַריאַן, זיין כלה, וועלכע האָבן זיך פאַר מיר פריער איינגע־שטעלט, האָט דאָס שוין אויך דערעסן. זיי מאַכן זיך אַצינד אַוועק, ווי נאָר זיי דערזעען, אַז אַ נייער סקאַנדאַלכעלע רוקט זיך אָן. און אַלע צוזאַמען פאַרגינען מיר ניט מער דאָס שוואַרץ ברויט און זויערע אוגער־קע, וואָס איך עס. וואָרעם איך בין שטענדיק צעקיילט און צעביילט, שעם איך זיך אַרויסצוגיין אין גאַס, און האָב קיין כוח ניט צו אַרבעטן אין שטוב. בין איך אַצינד אַנטלאָפן אין גאַנצן. צו דיר אַנטלאָפן.

— יאָ... — באַפרייט זיך ווילענסקי פון אירע אָרעמס, — אָבער פון וואַנען האָסטו געוואוסט, אַז דו וועסט מיר טרעפן דאָ? איך מיין: ביים טאַטן אויפן גאַניק...

— איך האָב ניט געוואוסט. איך האָב נאָר גערעכנט און אָפּגע־

װאָרט. גוטע צװיי שעה האָב איך אויף דיר געטשאַטעװעט. פֿון הינטער אַ ראָג אַרויסגעקוקט.

— און װען איך װאָלט שוין געלעגן אין בעט?

— װאָלט איך אַ גאַנצע נאַכט געװאַרט. כ׳װאָלט אפשר אַנגעקלאַפּט.

— און װען מען װאָלט דיך ניט אַריינגעלאָזן?

— װאָלט איך געלאָפֿן טרינקען זיך...

— נאַרישקייטן. דאָס פֿאַרשפּעטיקט מען קיין מאָל ניט.

— כ׳האָב שוין איין מאָל פֿאַרשפּעטיקט. געדאַרפֿט דאָס טאָן נאָך דעמאָלט, נאָך מאָהילעװ, נאָכן צובינדן מיך װי אַ חיה צום סלופּ...

— יאָ, — צופּט זיך װילענסקי אַ האָר פֿון זיין שיטערער װאָנסעלע, — ביי האָפּיאַן קענסטו מער ניט בלייבן. דאָס איז קלאָר. די פֿראַגע איז נאָר: װאָס זאָל איך אַצינד טאָן? איך?

— דו? — האָט זי זיך צו אים הייס געטוליעט, — נעם מיך אַװעק, נעם מיך אַזוי װי איך בין. כאָטש איין מאָל נעם מיך אין גאַנצן. ביזקל גרונט... איך און נאָר איך בין שולדיק אין אַלץ. איך װעל מיין שולד באַצאָלן. װעסט זען װי איך קען זיין טריי. דיינע פֿיס װעל איך װאַשן און דאָס װאַסער טרינקען.

— רייד ניט אַזוי! פֿויערטעס זאָגן דאָס...

— געשלאָגענע פֿויערטעס — װילסטו זאָגן.

— נאָר אויף איין פֿראַגע ענטפֿער מיר, איך בעט דיך: פֿאַרװאָס עפּעס ביסטו געלאָפֿן גלייך צו מיר? דו האָסט דאָך בילכערע פֿאַר מיר — דיינע אַלטע לייט פֿון „אונטערבאַרג״. נעענטער צו מאַקאַראָװקי איז דאָס אויך...

— רייד ניט, — האָט ביילקע אויפֿגעציטערט, — רייד מיט מיר ניט פֿון זיי. װאָלטסט װיסן װאָס היינט איז געשען. געלאָפֿן בין איך טאַקע צו זיי. זייער גאַניק איז געװען דער ערשטער... אַ קראַנקע בין איך פֿון דאָרטן אַװעק. מיין מאַמע... איך האָב דאָס מורא פֿון מויל אַרויסצוריידן: זי איז, דוכט מיר, ניט ביים זינען...

— ביין, ביין!

— יאָ, זאָג איך דיר. איך האָב געציטערט און נאָר איין מאָל אָנגעקלאַפּט. קוים־קוים, דאַכט זיך. און די מאַמע מיינע האָט שוין דערהערט און איז אַרויסגעלאָפֿן. עפּעס װי זי װאָלט אויסגעקוקט אויף מיר. גע־װאוסט, אַז איך װעל קומען און גראָד היינט... װעסט ניט גלויבן? איך בין נאָך אַצינד זיכער, אַז זי האָט זיך פֿאַרטאַיעט הינטער דער גאַניק־טיר און געװאַרט... אַרויסגעלאָפֿן איז זי אַ צעפּאַטלטע, אַ קייכנדיקע, מיט װילד־אויפֿגעריסענע אויגן, מיט אַן אויפֿגעקנעפּלטער קאָפֿטע און מיט

אַנטבלויזטע בריסט, ווי אַ שטאָט־משוגענע. אַ פאַרצאַפּלטע בין איך געוואָרן, די צונג האָט מיך אָפּגענומען. „קוק", מאַכט זי, „טאָכטערקע! קוק גוט! ניט־געזויגן האָסטו זי, אָבער דײַן מאַמע בין איך פאָרט"...

— עס קען ניט זײַן! וואָס זײַנען דאָס פאַר אַ ווערטער?

— אָט דאָס פרעג איך דאָך אויך.

— אין שטוב גאָרניט אַרײַנגעבעטן דיך?

— אַך, וואָס שטוב! זי האָט דען געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איר, וואָס זי וויל פון מיר און וואָס זי רעדט? זי האָט געהוסט און געוויינט און געלאַכט אַלץ אויף איין מאָל... בין איך צו איר צוגעפאַלן. „מאַמעלע", זאָג איך, „פאַרקנעפּל זיך! ווערסט זיך נאָך פאַרקילן". און זי וויינט און לאַכט: „שוין צוגעקילט זיך, טאָכטערקע! צוגעקילט זיך אויף אייביק"... איך וויל עפּעס זאָגן, און זי לייגט מיר צו אַ הייסן פינגער צום מויל, אַ פיבערדיקן פינגער: „שאַ, שטילער! דער טאַטע קען זיך נאָך אויפכאַפּן"... און מיטאַמאָל גיט זי אַ פאַל אַנידער... איך גיב, ניט־ווילנדיק, אַ געשריי, שלעפּ זי, זי זאָל אויפשטיין. אָבער דאָ לויפט דער טאַטע אַרויס פון שטוב. נאָך שרעקלעכער ווי די מאַמע זעט ער אויס. אינגאַנצן אין ווייסן. אַ האַלב־נאַקעטער. דער פּנים און באָרד — ווייס, ווי זײַן העמד, ווי זײַנע זאָקן אָן שטיוול. שוואַרץ איז נאָר זײַן יאַרמלקע, זײַן מויל. די אויגן — ווי ביי אַ טויטן שאַרבן. צוויי שוואַרצע לעכער. „אַוועק פון דאַנען!" — טופּעט ער מיט די זאָקן אינעם ברעטער־פאָל פון גאַניק, — „דײַן זוואַניע, משומדתטע, זאָל דאָ ניט זײַן! דײַן קאָפּ וועל איך דיר שפּאַלטן! דײַן קאָפּ"... און קייכנדיק און טופּענדיק אַזוי, האָט ער מײַן געחלשטע מאַמען אַרײַנגעשלעפּט צוריק אין שטוב, די גאַניק־טיר פאַרהאַקט, די אינעווייניקסטע לאָדן פאַרשלאָסן. גוט, אַ?

— זייער גוט, ניטאָ וואָס צו ריידן.

אין הרעבליע פון מיל האָב איך מיך געוואָלט אַרײַנוואַרפן. נאָר דערמאָנט זיך אָן דיר. און אָט... קענסטו מיך ראַטעווען? ווילסט?

— געוויס, — האָט זיך ווילענסקי אַנטשלאָסן אַ הויב־געגעבן, כאָטש אין רוקן האָט אים קאַלט געשווידערט, — נאָר... ביי אונדז אין שטוב קענסטו אויך ניט זײַן. איך האָב אויך אַ טאַטע און אַ מאַמע. זיי זײַנען אויך פרום און גרויזאַם אַזוי ווי דײַנע... קום!

— וואוהין? זיי וועלן מיך אומעטום זוכן. די לייט פון האַפּיאַס כאַטע; דער סטאַראָסטע וועט זיי העלפן; דער גלח.

— איין אָרט איז דאָ. אין דער ווייבערישער שול. דער שמש וועט דיך באַהאַלטן. ער קען מיך. זײַן טאָכטער וועט דיר שענקען אַ קליידל; איך וועל דיר טראָגן עסן. קום, קום, ביילינקע! און וויין ניט מער און רייד ניט. איך ווייס שוין אַלץ אַליין וואָס איך האָב צו טאָן.

## איין און פערציקסטער קאַפּיטל

# אין דער ווייבערישער שול איינגעשלאָסן

### 1

אין שקלאָוווער פאַרשטאָט פון מאַהילעווער זייט, דאָס הייסט: אין יידישן אונטערבאַרג, האָבן די געשעעענישן אָנגענומען אַ פיבערדיקן גאַנג. דאָס אַרויסלויפן, קראַנקערהייט, דער טאָכטער אַקעגן, מיט אַ נאַקעטער ברוסט, לויט דעם ווי יאָכימקע דער ציגיינער האָט איר געהייסן, האָט אויף שיינע־שרהן געהאַט די זעלבע ווירקונג, ווי אַ קאַלטער גוס וואַסער אויף אַן אָנגעגליטער כלי פון פאַרצעלייַ: עס האָט געפּלאַצט...

פונעם לייכטן שטעכן אין איין זייט איז געוואָרן אַ שניידנדיקער ווייטיק אויף בײדע זייטן און ביי יעדער אויפאָטעמען; און פון דעם טרו־קענעם הוסטעלע — אַ שווערער הוסט, באַגלייט פון אַ ברוינלעכער לייכע. שיינע־שרה האָט באַקומען הויכע היץ, פאַרגלאָצטע אויגן און האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער.

אויף גיטל־באַשעס באַנקעס און אויף אַנדערע היימישע סגולות האָט מען זיך מער ניט געקענט פאַרלאָזן. און קראַל דעם דאָקטאָר, וועלכן מען האָט אַרויסגערופן פון שטאָט, איז ניט שווער געווען פעסטצושטעלן, אַז דאָס איז אַן אָנהויב פון אַ שווערער אָנצינדונג אין דער לינקער אַזוי ווי אין דער רעכטער לונג גלייכצייטיק. ער האָט אַפילו מער ניט געוואַרט מען זאָל אים איינלאַדן אַ צווייטן מאָל, און צומאָרגן איז ער אַליין געקו־מען פון שטאָט, אָנגעפּאַרן מיט זיין פּאַיעטאָן און גלעקלעך אונטער דער דוהע און מיט אַלע אינסטרומענטן. איבערמאָרגן איז ער שוין געקומען צוויי מאָל אין איין טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט. און זיין פליישיקער פּנים האָט אויסגעזען זייער פאַרזאָרגט.

דער ווייבס קראַנקהייט, וואָס איז, ווי אַ ציגל פון אַ דאַך, אַראָפּ־געפאַלן אויף משה־לייבס מידן קאָפּ, האָט אים אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט אַזוי גוט ווי פאַרגעסן אויף זיין אומגליקלעכער מיזינקע, וואָס איז ביינאַכט געקומען קלאַפּן אין טיר. און פּונקט אַזוי געמאַכט זיך פאַרגעסן די אַכזריותדיקע סצענע, וואָס ער האָט אָפּגעשפּילט אויפן פּינצטערן גאַניק. ווי אין אַ תהום־אַריין האָט ער זיך, מיט לייב און לעבן, אַריינגע־וואָרפן אין דער נייער געפאַר, גענומען אויף זיך אַלע האַרצקלאַפּעענישן און לויפענישן און וואַרטענישן, וואָס זיינען אַלע מאָל פאַרבונדן מיט אַ חולה־מסוכן אין שטוב. אויסער דער טיפער זאָרג פאַר שיינע־שרהס לעבן איז דאָס אויך געווען אַן אויסרייד פאַרן אייגענעם געוויסן: ניט צו עוסקן

זיך מיט אַ משומדתטע, ווען אַ כשרע ווייב, מיט וועלכער מען האָט אָפּ־געלעבט מער ווי דרייסיק יאָר, ליגט אין שטוב אַ פּאַרבייאַיקע...

אין זיינע איילענישן און טומלענישן, פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און דורך דער נאַכט, איז מיטאַמאָל אַרויסגעשוואומען דער געוועזענער לערער פון זיין טאָכטער אין מאָהילעוו. דאָס הייסט: גרשון ווילענסקי. זינט יענער איז געקומען, אויף די ימים־טובים צו זיין טאַטן און מאַמען, האָט ער זיך געהאַלטן ווייט פונעם „אונטערבאַרג" און פון זיינע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע וואוינען דאָרטן... באַוויזן האָט ער זיך ערשט אַצינד, ווען שיינע־שרה איז אַזוי שווער קראַנק געוואָרן. משה־לייב האָט זיך אַוודאי אַנגעשטויסן, אַז דאָס מיינט ער ניט אַזוי די מצווה פון „ביקור חולים", ווי עפּעס אַן אַנדער זאַך. נאָר געמאַכט האָט ער זיך, אַז ער פאַרשטייט ניט. און אין קאָפּ איז דאָס אים אויך ניט געלעגן. אין האַרצן האָט ער דעם געוועזענעם לערער פון פריער אַן געהאַלטן פאַר אַ שטיקל שלימזל. ווייל אין מאָהילעוו האָט ער זיך, אַמאָל, אויפגעפירט ניט מאַנסביליש, ביילקען ניט באַשיצט ווי געהעריק פון דעם מאַקאַראָווקער שגץ. און גרשון ווילענסקי האָט דאָס מער ווייניקער געוואוסט. אַצינד אָבער,נאָכן איינשליסן די געשמדטע שילערין אין דער פּוסטער ווייבער־שול און ניט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, האָט ער פאַרבויגן זיין האָנאָר און איז שוין אַ פּאָר מאָל געקומען זען וואָס שיינע־שרה מאַכט און, אגב, דערכאַפּן די ריכטיקע מינוט און דורכריידן זיך מיט ביילקעס פאַרביסענעם טאַטן; איבערגעבן אים ווי זי גאַרט צוריק צו ווערן אַ יידישע טאָכטער, בעטן הילף און רחמנות פאַר דער, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק געליטן און האָט אַזוי שטאַרק חרטה...

ער האָט אָבער דאָ, אינעם אומאויפהערלעכן טומל פון זאָרג און געפּאַר, ניט געפונען די פּאַסיקע מינוט. פאַרקערט, משה־לייבס באַנעמען זיך האָט אים יעטוועדער מאָל אָפּגעשראָקן. וואָרעם ווי נאָר משה־לייב דערזעט אים, אַזוי שטעלט ער אויף אים אַן אַ פּאָר פינצטערע אויגן און גיט פונקט אַזוי פינצטער אַ פרעג: „גוט?" דער מאַמעס־מוטערס מילך פאַלט ווילענסקין איין. וואָרעם די קורצע און האַרטע פראַגעלע האָט אין זיך כלערליי ביטער־געזאַלצענע טעמים. „אָט, הייסט דאָס, וואָס די משומדת־טע האָט מיר אָנגעטאָן! טאָמער ווייניק די חרפּות און בושות, איז זי נאָך געקומען און דערהרגעט די מאַמען. און דו, לעקיש, שטעלסט זיך נאָך איין און קומסט בעטן פאַר איר"...

נאָך אַזאַ פיל־דייטיקן ברוך־הבא, האָט זיך שוין ביי ווילענסקין מער דער מויל ניט אויפגעמאַכט. ער האָט מורא געהאַט אַרויפצולייגן אויפן, אַזוי אויך געבראָכענעם, יידן אַ נייעם יאָך. עס וואָלט געווען אַצינד ניט־מענטשלעך אָנצוהענגען אויף אים די זאָרגן פאַר אַ געשמדטער

טאָכטער, ווען זיין שיינע־שרה ליגט אַזוי מסוכן קראַנק. האָט ער דאָס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן.

נאָר מאָרגן און איבערמאָרגן איז דער קראַנקער געגאַנגען נאָך ערגער. און, מיט אַ שווערן געמיט, האָט זיך ווילענסקי צוויי מאָל אומגעקערט צו ביילקען אין איר באַהעלטער, וואו זי האָט אויף אים געוואַרט מיט קרענקלעכער אומגעדולד. און אונטער אירע טרערן און שלוכצן, איבערגעגעבן איר, אַז דערווייל איז שלעכט, זייער שלעכט... וואָס הייסט זייער שלעכט? דאָ האָט ער נאָך געמוזט פאַרשווייגן די שווערע קראַנקהייט פון דער מאַמען, דערציילן, אַז זי איז סתם אַזוי קראַנק, און אָנהענגען די גאַנצע שולד אויף איר טאַטן. הכלל, ער, ווילענסקי, האָט נאָך דערווייל גאָרנישט געפועלט...

נאָר דער שמש פון גרינעם מתנגדישן בית־מדרש, אויפן ברעג אַזערע, האָט געוואוסט וואו ביילקע געפינט זיך. גרשון ווילענסקי האָט דעם דאָזיקן בית־מדרש אויסגעקליבן דערפאַר, ווייל ער איז כמעט פוסט אַ גאַנצע וואָך, אויסער פרייטיק־צונאַכט און שבת. און די ווייבער־שול זיינע ליגט מיט אַ טרעפּל העכער, אָן אַ זייט, און איז אָפּגעטיילט פון די מאַנסבילן מיט געדיכטע הילצערנע גראַטעס.

און נאָך איינער האָט זיך דערוואוסט... ריכטיקער געזאָגט: דערשמעקט ווער עס האַלט זיך אויף אין גרינעם בית־מדרש. דאָס איז געווען ניאָמע דער בשמים־קרעמער, וועלכער האָט געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט צו שטופּן די שאַרפע נאָז זיינע אין אַלערליי געווירצן, און פאַר איינע הוצאות — אין אַלעמענס געשעפטן אויך. ס'איז געווען דער זעלבער ניאָמע, וועלכער האָט צום ערשטן מאָל דערקענט ביילקען, נאָך איר שמדן זיך, אויפן שקלאָווער יאַריד, צווישן הונדערטער פאַרפּוצטע גויות, און זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי פאַרשטייט קיין יידיש ניט, אַ געשריי געטאָן אויף אים „טשאַהאָ״? *) און דערנאָך איז זי געלאָפן זוכן אים און אויספרעגן: צי ווייסט ער עפּעס ניט וועגן איר מאַמען?... דאָס האָט אויף אים דעמאָלט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און ער האָט געוואוסט, אַז ניט פריער־שפּעטער, וועט זיך די דאָזיקע פאַרשטעלטע גויע אומקערן צו יידן און צו יידישקייט...

ניאָמע דער בשמים־קרעמער איז געווען פון די פרי־דאַוונער אין גרינעם בית־מדרש, ליב געהאַט ווי דאָס חיות צו זיין פון די ערשטע ביים תהילים־טיש, לעבן דער וואַרעמער הרובע. האָט ער, מיט איין אויער, גלייך דערכאַפּט אַ פאַרדעכטיקן שאָרך, וואָס קומט פון דער קאַלטער ווייבער־שול. פוילט ער זיך ניט, ר׳ ניאָמע, שטייגט אַרויף אין טלית צום עזרת־נשים־צו, גיט אַ נישטער און געפינט...

*) וואָס איז?

— ע... — מאַכט ער פונקט אַזוי נייגעריק און שטיל, ווי דעמאָלט אויפן יאַריד, — ביסט מיר עפּעס באַקאַנט. ניט משה־לייבס טאָכטער?

די זעלבע פראַגע און די זעלבע ווערטער... נאָר דאָס מאָל, אין דער פוסטער ווייבער־שול, מאַכט זיך ניט שוין ניט ביילקע, אַז זי פאַרשטייט ניט קיין שייטל יידיש. זי גיט שוין מער ניט בייז אַ פרעג „טשאָהאָ?”, נאָר זי ברעכט אויס מיט אַ שטילן געוויין און בעט מען זאָל זי ניט אומגליקלעך מאַכן...

— אומגליקלעך מאַכן? ווי קומט ער, ניאָמע דער בשמים־קרעמער, עמיצן אומגליקלעך צו מאַכן?...

און באַלד דערוויסט ער זיך וועגן וואָס, בעצם, דאָ האַנדלט זיך. און ער שווערט איר, ניאָמע דער בשמים־קרעמער,ביים טלית שווערט ער איר, אַז ניט נאָר עמיצער וועט זיך עפּעס דערוויסן פון אים... אדרבא! ער וועט איר נאָך, מיט גאָטס הילף, דינען ביז מען וועט געפינען אַן אויסוועג ווי צו ראַטעווען זי.

און זיין שבועה האָט ער געהאַלטן. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער איר אַלע אין דער פרי ברענגען וואָס ניט איז. אונטער איין פאַכווע דעם טלית און תפילין — פאַר זיך אַליין, און אונטער דער צווייטער פאַכווע — אַ פעקעלע פאַר דער פאַרוואָגלטער יידישער נשמה אין דער ווייבערישער שול. איין מאָל עסנוואַרג, אַ צווייטן מאָל אַן אַלטע פאַטשיילע צוצודעקן זיך. ער האָט מקיים־געווען, ניאָמע דער בשמים־קרעמער, דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל אין גמרא געלערנט: דער, וואָס דערהאַלט ביים לעבן איין יידישע זעל, איז אַזוי גוט ווי ער וואָלט די גאַנצע וועלט דערהאַלטן...

2

מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז דער שמש ר׳ שליאָמע, פון דעם זעלבן גרינעם בית־מדרש, האָט געהאַט די זעלבע מיינונג און אַז ער איז געווען שטאַרק צופרידן פון דער געשמדטער שכנטע, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין דירה־געלט, אין עזרת־נשים... ער האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, פאַר אַנגעבלאָזענע באַלעבאַטים. און מער ווי פאַר אַלעמען האָט ער געציטערט פאַרן פריסטאַוו מיט זיינע דעסיאַטניקעס... ער האָט שוין גרשון ווילענסקין ניט איין מאָל געגעבן אַנצוהערעניש, אַז ס׳איז צייט ער זאָל די משומדתטע אַוועקנעמען. איבערגענעכטיקט אַ פאָר נעכט און געַנוג. ער האָט דאָך לכתחילה געמיינט — איין מעת־לעת... פון דעם מעת־לעת איז שוין, גע־לויבט דער אויבערשטער, געוואָרן דריי נעכט און דריי טעג, און ניאָמע דער בשמים־קרעמער ווייסט דאָס שוין אויך. ער טראָגט איר פעקעלעך עסן אַלע אין דער פרי... אמת, ער ברענגט דאָס אין אַן אַלטן טלית־זעקל. עס קען אָבער פאַרט אויפפאַלן...

גרשון ווילענסקי האָט זיך אַזוי אַרום דערזען פאַרפּלאָנטערט און געדריקט פון אַלע זייטן. און טאָמער ווייניק דער „אונטערבאַרג“ מיט ר׳ שליאָמעס שרעקן זיך, האָבן זיך נאָך זיינע אייגענע עלטערן איינגעגעסן און אים ניט געלאָזן צורו. ער האָט זיין מאַמען קיין מאָל קיין ליגן ניט געזאָגט און געמוזט איר פאַרטרויען וואו ער איז מיט אַ פּאָר נעכט צוריק „פאַרפאַלן געוואָרן“ אין איין לייכטן מאַנטל, און פאַרוואָס ער האָט די קאַלטע וועטשערע געלאָזן שטיין אויפן טיש און ניט אָנגערירט... נו־נו, האָט זיך דאָס אַ ביסל אָנגעהויבן. די אַלטע לייט האָבן זיך דערשראָקן נאָך מער ווי דער שמש פון גרינעם בית־המדרש. זיי האָבן זיך מיט גרשונען געקריגט און געוואַרנט, אַז עס קען דערגיין צו „פּראַוויטעלסטווע“. פּראַ־וויטעלסטווע קען זיך צו אים צוטשעפּען, אַז ער וויל אָפּרייסן פון קלויס־טער אַזאַ מציאה ווי משה־לייבס משומדתטע איז... הכלל, וואָס־זשע זאָל ער טאָן? ער זאָל פּראָסט און פּשוט נעמען און אָפּשיקן ביילקען צו אירע גויים און זאָלן ז י י זיך מיט איר ניאַנטשען. און אויב זי וויל ניט — זאָל ער וואָס גיכער אָפּציען צוריק קיין מאַהילעוו. שאַ, אויב ער וויל, קען ער דאָרטן צו וויסן געבן צילען איר שוועסטער, נתנען איר שוואָגער. זיי זיינען נעענטער צו אַזאַ זאַך און זיי וועלן זיך שוין אַליין אַן עצה געבן. פאַר אים, פאַר גרשונען, איז אַ סך גלייכער ער זאָל וואָס גיכער צוריק אַריין אין זיין וועטערינאַר־שול און אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ס׳איז דאָ אַ געשמדטע ביילקע אויף דער וועלט. זי האָט חרטה, זאָגט ער? חרטה איז ניט מעשה סוחר. זי וועט נאָך אַ סך מאָל חרטה האָבן... היינט — אויף איר שמדן זיך, מאָרגן — אויף איר יידישן זיך.

לויפנדיק אַזוי און אַנטלויפנדיק פון איין נגישה צו דער צווייטער: פון דעם טאַטנס קלוגן מוסר צו ביילקעס טרערן, און פון ביילקעס טרערן צו איר קראַנקער מאַמען „אונטערבאַרג“, האָט נאָך גרשון ווילענסקי גע־מוזט זיין פאַרזיכטיק, ניט צו וואַרפן זיך צופיל אין די אויגן מיט זיין פאַרהאַוועטקייט און מיט זיין שתדלנות. וואָרעם עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער שמש פון גרינעם בית־מדרש האָט ניט אומזיסט מורא, און אַז די אַלטע לייט, טאַטע און מאַמע, זאָרגן זיך ניט סתם אַזוי. דער שקלאָווער פּריסטאַוו מיט זיינע אָפּגעריסענע דעסיאַטניקעס האָבן שוין, קענטיק, עפּעס דערשמעקט. אָפּאָנקע, וואַנקעס ברודער, האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אין שטעטל, געבישטערט אַ האַלבן טאָג און איז ווידער פאַרשוואונדן געוואָרן. גלייך נאָך דעם איז אויפן מאַרק אַרויס אַ קלאַנג, און ניט קיין אַנדערע ווי די מאַקאַראָווקער פּויערים האָבן דאָס פאַרברייט, אַז די יידן ווילן אָפּיידישן אַ פּראַוואָסלאַוונע. דערוויילע־וואָס האָט מען זי אָפּגערעדט פון מאַן און פאַרבאַהאַלטן. ווער עס זאָגט — אין דער יידי־

שער באַד, ווער עס דערציילט — אויף זייער „מאָהילניק" *).

האָבן זיך די אָפּגעשליסענע דעסיאַטניקעס ניט געפּוילט, אַריינגע־קוקט אין באַד, אַוועקגעלאָזן זיך צום קברות־מאַן אין רישקאָקי, אויסגע־פרעגט אים און געזוכט צווישן די מצבות. דערהערט אַזאַ זאַך — האָט זיך שליאָמקע, דער שמש פון גרינעם בית־מדרש, געפּעדערט, געקומען צולויפן צו גרשון ווילענסקין פאַרן דאַוונען, געבעטן רחמים, געסטראַשעט, געדונגען זיך און לסוף אָפּגעלייגט ביילקעס גירוש אויף איין נאַכט. נאָך איין נאַכט, הייסט דאָס, קען יענע איבערנעכטיקן און מער ניט. מאָרגן פאַרטאָג מוז מען זי אַוועקפירן וואוהין מען וויל...

מען האָט זיך געמוזט צוויילן. נאָר גיי איַיל זיך, אַז זיינע אייגענע טאַטע־און־מאַמע זיינען מיט אים ברוגז. און אינעם „אונטערבאַרג" איז ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן, און דער שמש און אַפילו ביאָמע דער בשמים־קרעמער שרעקן זיך ווי די האָזן. און דער סוד ווערט אַ געהיי־מעניש פאַר גאַנץ בראָד... גיי ראַטעווע אַ יידישע נשמה מיט אַזעלכע העלפער! ניט היינט־מאָרגן וועלן זי די פויערישע הענט דערטאַפּן און אַוועקנעמען. און זיין, ווילענסקיס לעצטע האָפענונג — מיט איר צו־זאַמען...

אין ווייבער־שול פון דעם גרינעם בית־מדרש ווערט אים אויך ניט לייכטער אויפן האַרצן. אויב ביילקע וויינט ניט — שווייגט זי. איר אומ־מעטיקער שווייגן איז נאָך שווערער ווי איר וויינען. אָן אירע קאָלירטע קליידער פון אַ פויערטע, וואָס זי האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, אין אַן אַלטן קליידל פון ביאָמע דעם בשמים־קרעמערס הויז, מיט אַ פּראָסט טיכל אויפן קאָפּ, זעט זי אויס עלטער, קלענער און דערשלאָגענער. פאַר די עט־לעכע טעג און נעכט, וואָס זי וואַלגערט זיך דאָ אַרום, האָט זי אין זיך אַריינגענומען, דאַכט זיך, די גאַנצע אָפּגעלאָזנקייט און אומהיימישקייט פון דער פוסטער ווייבער־שול, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט אַ ריח פון טאָרבע און שטויב. זי איז דאָ אַלע מאָל מיד, די אָרעמע ביילקע, און ניט אויס־געשלאָפן. גייט אום, ווי אַ פאַרוואָגלטע נשמה, פון ווינקל צו ווינקל מיט פאַרזיכטיקע טריטעלעך. און ווען זי ווערט מיד, רוקט זי פּאַוואָליע צו דעם בענקל פון דער „זאָגערקע" צו איינעם פון די פענצטערלעך. דאָס בענקל פון דער זאָגערקע איז אויך דאָס העכסטע שטאַפּל אין דער פוסטער וויי־בער־שול. קריכט זי אויף דעם אַרויף, קוקט אַרויס און דערזעט אַלע מאָל די נאָענטע אָזערע, וועלכע איז אָסיענדיק גרוי און קנייטשט זיך פאַר קעלט. וויל איינפרירן און קען ניט... אַפילו די קאַטשקעס טרויען זיך

*) בית עולם.

ניט אַרומצושווימען מער ווי אַ פערטל שעה איבער איר קאַלטן פלאַך. זיי גיבן זיך אַ באָד אָפּ, שרייען זיך איבער און גייען אַרויס פון טבילה.

קוקט זי, ביילקע, אויף דעם שטיקל וואַסער, וואָס גרויט צו איר אַרויף, אינעם הויכן שול־פענצטערל, און אַ טאָפּלטער אומעט עסט זי ווי זשאַווער. וואָרעם די זעלבע אָזערע, וואָס זי זעט דאָ, דערגרייכט דאָך ביזקל דער גרויסער מיל, ביזקל „אונטערבאַרג״, וואו די מאַמע אירע ליגט קראַנק און וואו דער ברוגזער טאַטע היט זי און לאָזט צו איר ניט צו . . .

דאָס דערמאָנט איר די בייזע סצענע וואָס דער זעלבער טאַטע האָט איר אָפּגעשפּילט, מיט עטלעכע טעג צוריק, אויפן פינצטערן גאַניק... ספּאַזמעס כאַפּן זי אָן ביים האַלדז. און אַ וויינענדיקע, אַ פאַרבלענדעטע פון טרערן, קריכט זי קוים אַראָפּ פון הויכן בענקל, זעצט זיך ווי אַן אבל אויפן אומריינעם פּאָל און שלוכצט. אַ געפאַלענע יידישע טאָכטער, וועל־כע מען האָט אַמאָל פאַרטריבן אין גלות, וועלכע איז געזעסן אויף דער ערד און „איכה״ געזאָגט, האָט, אַוודאי, ניט טרויעריקער אויסגעזען.

די איין איינציקע טרייסט אירע איז אָציגד ווילענסקי. אויף אים קוקט זי אויס אירע שיינע אויגן, מיט פיינלעכער בענקשאַפט און אומגע־דולד וואַרט זי אויף אים אין איר שטוביקן באַהעלטער. זי וואַרט אויף נייס פון דער קראַנקער מאַמען: צי איר איז בעסער געוואָרן, צי דער טאַטע לאָזט זיך מען זאָל מיט אים רעדן. אָבער ווילענסקי קומט זעלטן און אַלע מאָל — אומגעריכטערהייט. ער קלאַפּט אָן אויף אַ באַזונדער אופן: צוויי קלעפּלעך נאָכאַנאַנד. דערנאָך ערשט קומט אַ דריטער קלאַפּ, אַ שטאַר־קערער. נאָר אויף אַזאַ צייכן ענטפערט זי שטיל אָפּ און ריגלט אויף.

ער האָט אַלע מאָל אַ פריילעכע מינע, גרשון ווילענסקי, ווען ער קומט אַריין, כדי צוצוגעבן איר מוט. אַ ליכטיקייט גייט מיט אים אַלע מאָל אַריין אין דער פּוסטער ווייבער־שול. אָבער ווי נאָר ער הויבט אָן דערציילן, אַזוי הויבט זיך אָן דאָס ליכט אויסצולעשן. ביילקעס מוט פאַלט, אירע הענט לאָזן זיך אָפּ. און ווען ער גייט אַרויס, אַזוי ווי ער איז געקו־מען, איז ווידער פינצטער. פינצטער און פּוסט. עס שמעקט מיט שטויב און מיט טאָרבע. און דאָס עסן, וואָס ניאָמע דער בשמים־קרעמער האָט איר געבראַכט אין דער פרי, פאַרלירט דעם טעם. דער ברויט איז זויער, און דאָס שטיקל הערינג האָט אין זיך אַ געזאַלצנקייט פון טרערן.

דאָס מאָל איז ווילענסקי אַריין אָפילו אָן זיין געוויינלעכער גוטער מינע; פאַרזיכטיקער ווי אַלע מאָל, פאַרזאָרגטער ווי אַלע מאָל. אין בייל־קעס עלנטקייט האָט ער איר פאַרט געלויכטן. אַ פריינדשאַפט איז מיט אים אַריין און אַ ליבע וואַרעמקייט. איז זי אים, שלוכצנדיק, געפאַלן אויפן האַלדז און אַרומגענומען. אָבער ער האָט זייער ווייך און אויך

אַנטשלאָסן אַראָפּגענומען פון זיך אירע אָרעמס, ווי אַ יאָך אויסגעטאָן זיי.

— איך מוז זיך — מאַכט ער — מיט דיר דורכריידן.

— די מאַמע? — גיט זי היסטעריש אַ געשריי און בלייבט שטיין מיט פאַרגליווערט־דערשראָקענע אויגן, גרייט צו דערהערן דאָס שרעק־לעכסטע — זאָג שוין!... זי איז גאַנץ?

— יאָ, — ענטפערט ער אָפּ ניט זיכער און קוקט אַוועק אָן אַ זייט — דיין מאַמע איז גאַנץ. אַפילו שטאַרק קראַנק, נאָר... ניט צוליב דעם בין איך געקומען. דו קענסט דאָ מער ניט בלייבן. דער שמש האָט מורא. און איך אויך. די דעסיאַטניקעס נישטערן אין גאַנץ שטאָט. גויים וואַרטשען, אַז יידן האָבן דיך אַוועקגעגנבעט. דו מוזט היינט אַוועקפאָרן. איך האָב שוין באַשטעלט אַ בויד...

— וואוהין?

— צו דער באָן אין אָרשע. איך וועל קומען אָפּנעמען דיך. ווי נאָר עס וועט פינצטער ווערן...

— ניין, ניין! — האָט ביילקע אויפגעשריען אַזוי, אַז ווילענסקי האָט איר געמוזט פאַרמאַכן דעם מויל מיט זיין דלאָניע — איך מוז פריער זען די מאַמע מיינע. מיין מאַמען... אָן איר וועל איך ניט פאָרן. אָן איר ברכה אָדער קללה... איך ווייס, אַז איך וועל זי שוין מער ניט זען... גרשון, טו דאָס ניט!...

אַ לייכטע זאַך: „טו דאָס ניט״. טו דאָס ניט, ווען דער חלף ליגט אויפן האַלדז... אָבער ווילענסקי האָט פאַר זיך דערזען ספּאַזמעס פון אַן אויסגעמוטשעטער זעל, וועלכע עס וועט שווער זיין צו באַצווינגען אַצינד, און נאָך שווערער — שפּעטער אין דער נאַכט, ווען מען וועט מוזן אַנט־לויפן מיט דער בויד, אויב מען וועט איר דאָס ביסל ניט נאָכגעבן. און רחמנות אויף איר האָט ער אויך געהאַט. האָט ער נאָכגעגעבן... דאָס הייסט: דערוויל געגומען אויף זיך די שווערע אויפגאַבע אָפּבעטן זיך ביים שמש אויף נאָך אַ נאַכט. אָפּלייגן די בויד אויף שפּעטער און דער עיקר איבעררעדן מיט משה־לייבן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד שיינע־שרה, זיין ווייב, זאָל זיך ניט געפינען. אָפּלייגן אַ ז אַ זאַך קען מען ניט מער. דער זייגער האָט שוין פינף מינוט פאַר צוועלף. פאַר אים קלאַפּט באַלד די שעה אַזוי ווי פאַר ביילקען...

## צוויי און פערציקסטער קאַפּיטל

# אויך אַ פּרעטענזיע . . .

### 1

פון דער ביטערער סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען אויף משה־לייבס גאַניק, איידער שיינע־שרה איז אַנידערגעפאַלן קראַנק, האָט אַזוי גוט ווי קיינער ניט געוואוסט. אפשר נאָר איין שכן אָדער צוויי, וועלכע האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון גערויש, האָבן עפּעס אומקלאָר געהערט דורכן שלאָף און ניט געוואוסט וואָס זיי הערן.

נאָר באַלד האָט דאָס, ווי אַן אָנגעשפּאַרט וואַסער דורך אַ שפּאַלט אין הרעבליע, געגומען רינען, שפּריצן, דערנאָך — ברויזן. ביז עס האָט זיך דורכגעשלאָגן, צעגאָסן זיך און פאַרפלייצט דעם „אונטערבאַרגער״ ישוב, פון מאַהילעווער שליאַך ביזקל דער גרויסער מיל. און, מיט אַ קאַלטן שוידער אין רוקן, האָט מען גענומען שעפּטשען זיך, אַז די משומדתטע איז ביינאַכט געקומען קלאַפּן אין טאַטנס טיר; אַז שיינע־שרה איז אַרויס־געלאָפן אַ האַלב־נאַקעטע און געוואָלט אַריינגעמען זי אין שטוב, נאָר משה־לייב האָט ניט דערלאָזן, אַרויסגעוואָרפן זיין געשמדטע מיזינקע און פאַרהאַקט טיר און לאָדן... און אָט, דאָס אַמפּערן זיך, וואָס מאַן און ווייב האָבן זיך אַזוי געאַמפּערט, איבער זייער טאָכטער אויפן קאַלטן גאַניק, האָט שיינע־שרהן אַזוי דערהיצט. אַלע קנעפּלעך פון איר נאַכט־קאַפּטע האָט זי פאַרלאָרן אין דער פינצטער און פאַרקילט זיך, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, אויף טויט פאַרקילט זיך.

האָט מען שיינע־שרהס אויפפירן זיך, אַזוי ווי משה־לייבס, אויס־געטייטשט אויף אַלערליי אופנים. אַזוי און אויך אַנדערש. דער גאַנצער „אונטערבאַרג״ האָט זיך צעטיילט. און, ווי דער שטייגער איז אויף דער וועלט, האָבן די מאַמעס געהאַלטן מיט דער מאַמען און די טאַטעס מיטן טאַטן. דער גרעסטער טייל איז אָבער פאָרט געווען פאַר דער מאַמען. געדאַרפט, הייסט דאָס, רחמנות האָבן, געדאַרפט אַריינלאָזן אַ פאַרוואָגל־טע נשמה. ניט לאָזן זי אין דער אָסיען־קעלט אויף דער גאַס...

נאָר וואָס קומט אַרויס פון האַלטן מיט שיינע־שרהן? אַז די היץ, באַהיט זאָל מען ווערן, איז איר, פון צרות און פאַרקילונג, געשטיגן אין שוואַכן קאָפּ. אַ פאַרבייאיקע איז זי געלעגן און גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. עפּעס מאָדנע ווערטער האָט זי גערעדט: פון אַ קאַץ, וואָס מ׳האָט אַריינגעגעבן אין איר שטוב אַנשטאָט דער געגנבעטער טאָכטער... און פון עפּעס אַ „זנאַכער״ מיט איין אויג האָט זי געמורמלט,

וואָס האָט איר געהייסן אַנטפּלעקן די בריסט פאַר דער געשמדטער...
„טאַק אי זאַמאַניש"!... *) האָט ער געזאָגט. „טאַק אי זאַמאַניש". כאַ־כאַ! עס האָט ניט געהאָלפן. האַפּיאַ האָט איר געגעבן צו זויגן און האַפּיאַ האָט איר פאַרמאַניעט אין קלויסטער אַריין, אין דאָרפישן קלויסטערל. דאָרטן...
דער זנאַכער האָט אָבער געזאָגט... ער האָט געזאָגט...

— פון וועלכן זנאַכער רעדט זי דאָס? — האָבן שכנטעס געפרעגט מיט ברענענדיקער נייגעריקייט און מיט אַ שוידער אין רוקן. אָבער משה־לייב האָט נאָר געהויבן מיט סוטולע פּלייצעס: „עפּעס אַ ציגיינער מיט איין אויג האָט איר דעם קאָפּ פאַרדרייט".

די פאַרזעצונג פון שיינע־שרהס פלאַפּלערײַ איז שוין ניט אויסגעקומען צו הערן. ווארעם די היץ איז ביי איר שטאַרקער געשטיגן און קראָל דער דאָקטאָר האָט שטרענג אָנגעזאָגט: מען זאָל מער קיינעם צום בעט פון דער קראַנקער ניט צולאָזן, סיידן די גאָר נאָענטע מענטשן.

דער גאָר נאָענטער מענטש איז געווען איין משה־לייב. האָט ער דערזען אַז ס'איז שלעכט, נעמט ער און שרייבט אַוועק אַן „אָטקריטקע" **) מיט עטלעכע פּאַרזיכטיקע שורהלעך צו זיין עלטערער טאָכטער אין מאָ־הילעוו: אַזוי און אַזוי, צילינקע... די מאַמע איז עפּעס ניט געזונט. אַוועקגעלייגט זיך. אויסער מיר און אַן אַלטער שכנטע, איז ניטאָ ווער עס זאָל אַ יאַיכל אָפּקאָכן. איז אויב דו קענסט...

דעם גאַנצן אמת האָט ער ניט געשריבן. מורא געהאַט אָפּצושרעקן. אַ טאַטע!... איז דאָס טאַקע געווען אַ ביסל צו פאַרזיכטיק. וואָרעם אַנשטאָט צילען, איז צו מאָרגן פאַרנאַכט אָנגעקומען צוריק אַן „אָטקריטקע", געשריבן פון נתנען זיין איידעם, און אויך זייער פאַרזיכטיק: אַזוי און אַזוי... צילע האָט ניט אויף ווען איבערצולאָזן דעם קליינעם אברעמעלען וועלכער איז נאָך קיין צוויי יאָר ניט אַלט. און יעקב דער וואָגער און ער אַליין, נתן, וויסן ניט וואו זיך אַהינצוטאָן, וואו וואָרימעס עסן. דעריבער בעט ער, אין אַלעמענס נאָמען, דער שווער זאָל קיין פּאַראיבל ניט האָבן וואָס צילע קען גלייך ניט קומען. סיידן, גאָט באַהיט, מען וועט פון „אונטערבאַרג" קלאַפּן אַ טעלעגראַמע... זיי אַלע האָפן אָבער אַז ס'איז אַן סכנה און דער שווער וועט זיך אַרומזען נאָך אַ „שרות" ***).

וואָס איז משה־לייבן געבליבן צו טאָן? האָט ער דערוויל געמוזט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ טאָכטער און אַ זון אין מאָהילעוו און להבדיל, אַ פערד אין שטאַל און תבואה־מעקלערײַ אין מאַרק. און איז אַליין גע־

*) אַזוי וועסטו פאַרמאַניען.
**) אַ פּאָסט־קאַרטל.
***) אַ באַדינערין.

וואָרן אַ „שרות" און זיצערקע ביי דער קראַנקער. בייטאָג און דורך דער נאַכט אויך. געדרעמלט האָט ער זיצנדיק אויף אַ שטול, און אויפגעכאַפּט זיך אין דער פרי מיט אַ דולן קאָפּ, געשטעלט דעם סאַמאָוואַר בשעת זאָגן „ברכות" און געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן דאָקטאָרס פּאַ־יעטאָן מיט די גלעקלעך: וואָס פאַר אַ מינע וועט היינט מאַכן קראָל דער דאָקטאָר? וואָס וועט ער זאָגן וועגן דער פאַרבייאַיקער שיינע־שרהן?... און די משומדתטע... וועגן איר וויל ער אַפילו ניט קלערן. ניין! אָבער עס קלערט זיך פאַרט...

איז דאָך, דאַכט זיך, גענוג פאַר איין מענטשן? דאַרף זיך נאָך צו־טשעפּען די פויערישע „שוויגער" אויך... ווי פון אַ תליה האָט זי זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן. אָנגעקומען פון מאַקאַראָוועקי אַ פאַרחושטע, אָן אַכצענדיקע און קרעכצנדיקע מיט אַלע אירע זעקס פודן פלייש און פעטס, מיט אַ קראַנץ געטריקנטע שוועמלעך אויפן האַלדז און מיט אַ טאָפּ פרישן האָניק אין אָרעם — אַ „האָסטיניעץ" פאַר דער קראַנקער שיינע־שרהן. זאָל זי, הייסט דאָס, עסן און געזונט ווערן. קיין לייכטערע זאַך פאַר אַ מסוכן־קראַנקער ווי געטריקנטע שוועמלעך און האָניק האָט זי, מיט איר פויערישן קאָפּ, ניט געקענט צוקלערן...

אין שטוב האָט מען זי ניט אַריינגעלאָזן. נאָר אַז משה־לייב איז אַליין אַרויס צו זיין גויישקער „שוויגער", אַ פינצטערער ווי די נאַכט, מיט אַ קוים־קוים ציטערדיקער גרזיער באָרד, האָט ער זיך, ווי אַ לעבעדיקע דראָאונג, געשטעלט אויף זיין אָפּגעלאָזענעם, פון רעגן טריפנדיקן, גאַניק.

— המ... וואָס אַ שטייגער וויל זי דאָ? — גיט ער קורץ אַ ברום.

און האַפּיאַ בוקט זיך צום גאַניק, קריכט אַרויף איין טרעפּל און בוקט זיך, אַ צווייטן טרעפּל — און בוקט זיך. זי שטעלט אַראָפּ דעם טאָפּ האָ־ניק משה־לייבן צו די פיס, און אַליין גיט זי אַ פאַל אַנידער פאַר אים אויף די קני, אַזוי ווי איר באָבע די כאָלאָפּקע — אַמאָליקע צייטן — פאַרן פריץ, און דעם קראַנץ שוועמלעך טוט זי אויס פון האַלדז און בעט דאָס אויס צו זיינע פיס, ווי אונטער אַ מצבה. און אירע בלויע ליפּן פּרעפּ־לען אַ געבעט:

— ראַטוי, קום ראַדנענקאַי!... ראַטעווע, הייסט דאָס, קרובל טייערער.

2

גיט משה־לייב אַ הויב אויף און אַ לאָז אַראָפּ די פינצטערע ברעמען זיינע, שטויסט אָפּ, מיטן שוין לאַנג ניט געפּוצטן שטיוול, דעם בכבודיקן קראַנץ שוועמלעך און גיט שטרענג אַ פרעג:

— וואָס פאַר אַ „קום" בין איך דיר? און וואָס פאַר אַ „ראַדנענקאַי"?

— ראַטעווע! — כריפּעט האַפּיאַ און שטרעקט צו אים בײדע הענט, װי צו אַן אָפּגאָט, — מײנע אָפּשפּערעכענישן העלפן מיר ניט מער. מײן זון גײט פון זינען אַראָפּ. ער הערט ניט אויף צו טרינקען...

— אָך, ער טרינקט? ער טרינקט? — שאָקלט משה־לײב מיטן קאָפּ און ציט זיך שפּאָטיש אַ גרזיע האָר פון באָרד, — ער האָט נאָך דורשט?

און מיטאַמאָל קאָכט ער אויף װי אַ גזלן:

— ער טרינקט נאָך, אַ? און מײן בלוט װאָס ער האָט זיך אָנגעטרונקען איז אים ניט גענוג? שײנע־שרהס בלוט — ניט גענוג? איצטער ליגט זי. אָ, רצחנים!

— אָ, זי ליגט? — פרעגט איבער האַפּיאַ פּויעריש־טעמפּ און פאַר־שטײט אַפילו ניט קלאָר װי מען זידלט זי דאָ. זי איז צופיל פאַרנומען מיט איר אײגענער צרה. בוקט זי זיך נאָך טיפער און בעט רחמים־תחנונים:

— מיטן שטערן קלאַפּ איך דעם פאָל... װי גאָט איז דיר הײליק — קער אונדז אום דײן טאָכטער!

— מײן טאָכטער? — װוערט משה־לײב בלאָס פאַר אויפרעגונג — איך האָב ניט מער קײן טאָכטער. זי איז ניט מער מײנע...

— דײן בעלקאַ... די קראַסאַװיצע... בײ דיר...

— פון דײן קאָפּ זאָלסטו אַזוי װיסן, װי איך װײס װאו די משומדת־טע איז... גײ, גײ!

— טײערינקער, יאָג מיך ניט! ער סטראַשעט מיך מיט אַ האַק. ער איז ניט בײם זינען...

— װער סטראַשעט?

— װאַנקע מײנער...

— זאָל ער! גאַנץ גוט! װעמען אַרט דאָס?

און מיטאַמאָל קאָכט משה־לײב װידער אַמאָל אויף:

— זאָג נאָר, דו! צוליב װאָס דאַרף איך דאָס אַלץ װיסן? צוליב װען? אַ פאַרבײאיקע ליגט בײ מיר אין שטוב. גײ, גײ, פון װאַנען דו ביסט גע־קומען!

האַפּיאַ שטײט שװער אויף פון די קני, אָכצנדיק און קרעכצנדיק. נאָר משה־לײב רירט זיך ניט פון אָרט. ער שטײט פעסט מיט בײדע שטיװל אויפן גאַניק און דער פּנים איז בײ אים האַרט און פינצטער. ער גיט דערמיט, זײן גױישער שװיגער, אַ שטומען צײכן, אַז ער שטײט דאָ נאָך אַלץ אויף דער װאַך און אַז אין שטוב צו אים קען זי ניט אַרײנגײן.

אויפן לײכטן טומל איז נאָר ריקעלע אַרויס אויפן גאַניק, פון הינ־טער משה־לײבן פאַרגנבעט זיך, אויפגעהויבן דעם שװאַרצן עק, געגומען דרײבן זיך צו זײנע פיס און מרוקען. עפּעס װי זי װאָלט דאָ געװאָלט

שלום־מאַכן צווישן יידן און דער גויע, צווישן איר ערשטער באַלעבאָסטע און לעצטן באַלעבאָס.

דערקענט איר אַמאָליקע „קיצקע“, וואָס איז אַזוי אויסגעוואַקסן, פאַרקרימט האַפּיאַ איר פליישיקן פּרצוף־פּנים פאַר גרויס ליבשאַפט. ווי ביי יעדער ארורה איז ביי איר דער איבערגאַנג פון איין געפיל צום צווייטן זייער לייכט. אַ ברוזיקן פאַרטוך איז איר שווערער צו בייטן.

— קיצקאַ מאָיאַ! — צעיאַכמערט זי זיך פלוצלונג און רופט זי צו הילף. — קעצעלע מיינע, קום, קום! האָסט רחמנות מער ווי מענטשן. ביסט בעסער. האָסט מער האַרץ...

און דרשנענדיק אַזוי, שטרעקט זי אויס איר פאַרמאַזאָליעטע האַנט, כדי אַ גלעט צו געבן איר אַמאָליקער האָדולקע, וועלכע זי האָט דאָ אַוועק־געשענקט, אַ יידן, און וועלכע האָט מער האַרץ ווי דער ייד...

נאָר דאָ קומט מיט ריקעלעך פאַר די זעלבע ענדערונג, ווי דעמאָלט אין וועלדל, ווען זי האָט דערקענט יאַוודאָכען די בעטלערקע... האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם פרענט אייזן, וואָס האַפּיאַ האָט איר אַמאָל, אין מאַקאַראָווקי, געוואָרפן פאַר אויפנאַשן די טאַראַנקע? צי סתם אַזוי, ווייל זי האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון פרעמדע מענטשן? קיין נפקא מינה ניט! אַבי זי האָט אַצינד דעם סאַמעטענעם רוקן אויסגעבויגן ווי אַ פּאָדקאָווע, צע־שיפּעט זיך ווי אַ שלאַנג און פאַרשפּייט די אייגענע וואָנסעלעך פאַר כעס: „מוחל, הייסט דאָס, דיין ליבשאַפט! לאָז דאָס איבער פאַר אַנדערע“...

די צוקערדיקע מינע פאַרשווינדט פון האַפּיאַס פעטן פּנים. די באַקן ציען זיך איר אויס.

— פאַרגיב מיר, לעיבאַ!... — מאַכט זי פלוצלונג מיט אַ מאָדנעם כניקען פון אַ פּויערטע, וואָס נעמט אַ פרעמדן פאַרברעכן אויף זיך און גיט זיך אָן פאַר אַ קרבן.

משה־לייב ווערט אַ האָר ניט נתפּעל פון עם נייעם מזמור. ער כמורעט זיך ווי פריער:

— איך האָב פאַר דיר מער קיין צייט ניט! דער דאָקטאָר דאַרף באַלד קומען. מענטשן קלייבן זיך אַרום גאַניק...

אָבער האַפּיאַס עקשנות פון אַ פרייוויליקן קרבן וואַקסט. זי פאַר־כליניעט זיך אין איר פּויערישער באַגייסטערונג:

— לעיבאַ, לעיבאַ! וואַניאַ מיינער איז דאָך גאָר ניט שולדיק. א י ך בין שולדיק. דאָס האָב איך אים אַלץ געהייסן. געכישופט האָב איך. פאַר־כישופט האָב איך אים...

— איך ווייס, — מאַכט משה־לייב קורץ און קאַלט.

— דאָס האָב איך אין אייער שטוב אַריינגעבראַכט די קיצקע, אַנ־שטאָט אייער טאָכטער. בעלקאַ זאָל א י י ך פאַרגעסן. איר זאָלט ז י פאַרגעסן...

— טוסט מיר קיין נייס ניט אויף! — קוקט זי משה־לייב אָן פינצ־טער און מיט טיפער פאַראַכטונג. — כ'האָב דאָס שוין שיינע־שרהן לאַנג געזאָגט. זי האָט ניט געגלויבט...

— טיאָפּעראַ וואַשאַ בראַלאַ!... *) איך האָב גאָרניט אויסגעפירט. איר זייט שטאַרקער... אָבער וואָס איז ע ר שולדיק? מיין וואַניע... ראַ־טעוועט, גוטער מענטש! אָן בעלקאַן איז זיין לעבן קיין לעבן ניט...

— אייך פאַר א ו נ ד ז ע ר לעבן האָט געאַרט? גיי!

— איך האָב ניט וואוהין צו גיין. אָן איר קען איך ניט...

— כ'האָב דיר שוין געזאָגט: ביי מיר איז זי ניטאָ און וועט ניט זיין. גיי, גיי, זוך זי!

— איך האָב קיין אַנדער אָרט ניט וואו צו זוכן זי. איך האָב מורא אומצוקערן זיך אין כאַטע אָן איר. וואַנקע מיינער איז שרעקלעך. אַז אומרייינער „דוך" איז אין אים אַריין. ווען ער טרינקט ניט, וויינט ער אויף מיין קאָפּ. אָט, מאַכט ער, גיי איך און וואַרף מיך אין דניעפּר אַריין. נאָר פריער וועל איך אייך, מאַכט ער, הרגענען מיט אַ האַק. אַלעמען, ווען איר „פּאַפּט", מאַכט ער. כ'האָב אַפילו אַפּאַנאַסן ניט דערציילט. ער וועט אים ממיתן...

— מילאַ, פּאַרפאַלן.

— לעיבאַ!

אַ קלימפּערן פון גלעקלעך האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט פון הרעבליע־בריקל, אַריינגעפאַלן ווי אַ שטיפעריש געלעכטערל אינעם בייזן אַמפּערן זיך פון ייד און גויע. משה־לייב גיט אַ קוק און דערזעט אַז דעם דאָקטאָרס בריטשקע קומט אָן. און מיטן דאָקטאָר צוזאַמען, איינגעדעקט מיטן שוואַרצן שאָפּענעם צודעק, זיצט נאָך עמיצער — אַ באַקאַנטער פּנים. ער וואָלט געקענט שווערן — גרשון ווילענסקי. וואָס דען! טאַקע ער מיטן אויס־געוויקטן פּנים... וואָס פאַר אַ מחותנים זיינען דאָקטאָר קראָל מיטן כניאַק פון וועטערינאַר־שול? עפּעס אַ נייע צרה, מסתמא. ווייטער זי... ער פאַר־שטייט שוין...

דאָס צעטומלט משה־לייבן אַזוי, אַז ער פאַרלירט זיין לעצט ביסל געדולד צו זיין גויישער מחותנתטע. ער גיט ווידער אַ שטויס דעם גע־בראַכטן קראַנץ שוועמלעך, וואַרפט אים אַראָפּ פון די גאַניק־טרעפּלעך און צעשרייט זיך, ניט מיט זיין באַסאָוון ברום־קול, נאָר מיט עפּעס אַ וויי־בערישן קוויטש פון אַ מאַרק־יידענע, וואָס ווערט אין כעס אויף אַ גוי:

— האָסט נאָך פּרעטענזיעס? דו! אַוועק מיט דיינע מתנות! איך דאַרף

*) איצט האָט איר געוואונען!

זיי ניט. דער דאָכטור *) קומט אָן... דו זעסט דאָך אַליין. דו הערסט דאָך! אַוועק, אַוועק!

## דריי און פערציקסטער קאַפּיטל

## גרויקעס סוף

1

בשעת משה־לייב האָט זיך, מיט האַפּיאַן געאָמפּערט אויף זיין גאַניק איז שיינע־שרהן זיין ווייב אַ סך ערגער געוואָרן. אַ נס נאָך וואָס ער האָט די זאַיאַדלע גויע אין שטוב ניט אַריינגעלאָזן. אַז ניט וואָלט ער דערנאָך געזאָגט: איר בייז אויג האָט דאָ פאַרשאַט...

די היץ ביי דער קראַנקער איז געשטיגן און דאָס האַרץ איז שוואַכער געוואָרן. און דאָקטאָר קראַל, אָנשטאָט צו פאַרשרייבן, אַמאָל אין אַ נאָ־ווינע, אַ נייע רפואה האָט אָפּגערופן משה־לייבן אָן אַ זייט און גענומען בעקען און מעקען, אַז... עס הייסט אויב ער, ר׳ משה־לייב, האָט קינדער אין דער פרעמד איז בעסער זיי זאָלן קומען, וואָרעם... הכלל, וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן?...

וואָס דאָס באַדייט האָט מען משה־לייבן ניט געדאַרפט צעקייען. מיט אַ פערטל שעה צוריק האָט ער אויף האַפּיאַן אָנגעשריען ווי אַ יידענע. אַצינד האָט ער פון פאַרצווייפלונג אַ פאַטש־געטאָן מיט ביידע הענט — אויך ווי אַ יידענע:

— גוואַלד, וואָס טוט מען?

גרשון ווילענסקי, וועלכער איז געקומען צופאָרן מיטן דאָקטאָר צוזאַמען, האָט זיך אָפּגערופן גלייך אויף אָן אָרט: משה־לייב זאָל זיך נאָר ניט זאָרגן. ער, ווילענסקי, וויל אים באַהילפיק זיין. ער פאָרט גלייך אין שטאָט אַריין מיטן דאָקטאָר צוזאַמען און קלאַפּט אַ טעלעגראַמע צילען זיין טאָכטער און יעקבן זיין זון. זייער אַדרעס ווייסט ער דאָך פון לאַנג אָן. אין דער טעלעגראַמע וועט ער שרייבן, אַז די מאַמע איז שוואַך אין געזונט און וויל זיי זען. וועלן זיי אַליין פאַרשטיין... יאָ, וואָס נאָך האָט ער, ווילענסקי, געוואָלט זאָגן? עס וואָלט געווען אַ יושר ר׳ משה־לייב זאָל אין אַזאַ... אין אַזאַ שעה פון נסיון, וויל ער זאָגן, זאָל ער ניט זיין אַזוי האַרט. ביילקען מוז מען אויך געבן צו וויסן. זי איז מער ניט דאָס וואָס געוועזן. זי וויל צוריק ווערן אַ יידיש־קינד. קראַל דער דאָקטאָר מיינט אויך אַזוי...

---

*) דאָקטאָר.

— גאָספּאָדין ווילענסקי איז גערעכט!—האָט דער דאָקטאָר פייערלעך אַ בליאַסק געגעבן מיט די שפּאָקולן.

משה־לייב האָט זייביידן אַרומגעכאַפּט מיט אַ שווערן קוק, וואָס זעט אַלץ, פון וועלכן עס ווערט קאַלעמוטנע. דער דאָקטאָר און ווילענסקי האָבן אים אויסגעזען ווי צוויי פאַרשווערער, וואָס האָבן שוין פריער אָפּגעמאַכט צו צווינגען אים ער זאָל מוחל זיין, ער זאָל רחמנות האָבן...

האָט ער דערפאַר גאַנץ קיל אָפּגעענטפערט זיי ביידן:

— אַפריער, — די אמתע קינדער. זי י קען וואַרטן...

— ר׳ משה־לייב, — האָט ווילענסקי געמאַכט אַן אומגליקלעכן פּנים, זי קען ניט וואַרטן. זי קען דאָ מער ניט בלייבן. זי מוז אַוועק פון די גויישע הענט. מען זוכט זי...

משה־לייב האָט אַנטשלאָסן צעשאָקלט דעם קאָפּ אויף „ניין״.

— נאָר ניט זי די ערשטע! — האָט ער נאָך האַרטער געשניטן ווערטער — צילע און יעקב זיינען בילכער. דערנאָך אפשר...

ווי ניט־היימיש עס איז דאָ געווען און ווי פינצטער משה־לייבס פּנים האָט ניט אויסגעזען, איז ווילענסקין פּאַרט געוואָרן ליכטיקער אין די אויגן: דער אייז איז דורכגעבראָכן. דער עקשן גיט נאָך. אַ ביסל פריער, אָדער אַ ביסל שפּעטער — דאָס אוממעגלעכע איז געוואָרן מעגלעך.

— קומט, קומט, דאָקטאָר! — האָט זיך גרשון ווילענסקי גענומען טומלען — זייט אַזוי גוט און פירט מיך אָפּ צו דער פּאָטשט...

קלאָר אַצינד ווי דער טאָג: דער דאָקטאָר פון מענטשן און דער קומענדיקער דאָקטאָר פון בהמות, להבדיל, האָבן דאָס אַלץ אָפּגערעדט צווישן זיך. אפשר שטייט נאָך מיט שיינע־שרהן ניט אַזוי שלעכט. המ... אפשר וויל מען אים נאָר אָנשרעקן? גאָט קען נאָך העלפן...

די גלעקלעך פונעם דאָקטאָרס אַוועקגעפאָרענער בריטשקע האָבן זיך דראָבנע צעלאַכט איבערן הערבליע־בריקל: „כי־כי־כי! מען האָט דיר גוט אָנגעפּייפט, וואָס?״ ס׳איז געווען זייער ניט וואַרשיינלעך אַ דאָקטאָר זאָל דאָס טאָן אויפן חשבון פון אַ שווער קראַנקער... אָבער משה־לייב האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך — אָן אַ שטרוי. און מיט נייעם בטחון אַ וואָרף געגעבן זיך צו דער קראַנקער ווייב, בייטן די קאַלטע קאָמפּרעסן אויפן הייסן קאָפּ, דערלאַנגען צו דער מינוט די פריקרע רפואות וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אַפּטייק און מיט קבר. גאָט קען נאָך העלפן.

2

גרשון ווילענסקי האָט, ווייזט אויס, פּינקטלעך אויסגעפירט זיין שליחות. וואָרעם דעם זעלבן טאָג, שפּעטלעך אין אָוונט, זיינען שוין די ניט־פריילעכע געסט אָנגעפאָרן פון מאָהילעוו אין אַ פיר־זיציקן פאַיעטאָן.

צילע מיט אַברעמעלען איר קינד אויפן הויפט־זיץ און נתן איר מאַן און יעקב איר ברודער — אַקעגן זיי ביידן. משה־לייבס פרייע האַלבע שטוב איז גלייך פול געוואָרן מיט האַרמידער, מיט דערשטיקטע געוויינען, אַנט־ציקטע אויסגעשרייען און מיט אַברעמעלעס פלאַפלעריי. ערשט שפעטער ווען דאָס קינד האָט אָפגעגעסן און איז איינגעשלאָפן, האָבן זיך די שווער־מוטיקע אורחים אַריינגעלאָזן צו דער מאַמען און שוויגער אין שלאָפצימער. אַריין איז מען אויף די שפיצן פינגער, כדי וואָס ווייניקער אויפרעגן די שווער־קראַנקע. געפונען האָבן זיי זי אָבער אין אַ צושטאַנד, ניט אַזוי ווי משה־לייב האָט זיך געוואָלט איינשמועסן, נאָר אין אַ הינהער־פלעט פון אַן אמתער פאַרבייאיקער, וועלכער שטייט שוין מיט איין פוס איבערן שוועל פון ד ע ר וועלט, מיט אַ גרויסן פענכער אייז אויפן קאָפ און מיט פערציק גראַד פיבער. ביידע אויגן פאַרגלאָצט. מער ווייסל ווי שוואַרצאַפל, וועלכע קוקן פון אונטן אַרויף און ווייסן ניט וואָס זיי זעען. שיינע־שרה האָט אַפילו אירע אייגענע קינדער ניט דערקענט, נאָר געמורמלט, אָנ־ווייזנדיק מיט אַ שוואַכן פינגער אויף יעקבן איר זון:

— טרייבט ניט אַוועק דעם ציגיינער... ער איז גערעכט. איך האָב זי טאַקע פאַרמאַגיעט אויפן גאַניק. אויף מיין גאַניק. אָנגעקלאָפט האָט זי. געקומען... טאָכטער, קוק אָן מיין ברוסט!... משה־לייב, גזלן איינער! פאַר־וואָס האָסטו זי פאַרטריבן? צוריק צו האָפיאַן איז זי אַוועק. ווי און ווינד איז מיר! צוריק צו דער מכשפה. ניט אין אַ גוטער שעה האָסטו זי גע־בראַכט צו מיר אין שטוב. מיין ביילקען האָט זי ניט געגעבן צו זויגן. אויסגעזויגן דאָס בלוט האָט זי איר. מיר אויך. אונדז אַלעמען. פאַר דאָס ביסל גוישע מילך די נשמה אויסגעזויגן. אָפגעשמדט...

און מיט אַמאָל האָט זי זיך אַ הויב געטאָן אין בעט, אַראָפגעריסן דעם אייז־פענכער פון קאָפ און צעכריפעט זיך:

— צוריק ברענגט זי מיר! איר הערט? צוריק... גזלנים!

— איך וועל פון זינען אַראָפ! — האָט זיך משה־לייב געכאַפט פאַר ביידע שלייפן — איך וועל דאָס מער ניט אויסהאַלטן. קינדער! אין מענטש קען דאָס גאָר ניט אויסהאַלטן...

די קינדער, אויסגעמאַטערט פון וועג און פון זאָרגן ווי זיי זיינען געווען, האָבן אויך קיין באַזונדערע מיטלען ניט געהאַט, צו באַרואיקן דעם פאַרצווייפלטן טאַטן און שווער. ניט באַרואיקט האָבן זיי משה־לייבן, נאָר נאָך מער צעטומלט מיט זייער געוויין, מיט זייער אָכצן און גרימאַסן. דער האַרמידער אין שטוב איז נאָך גרעסער געוואָרן. די לופט ענגער. די גע־מיטער — שווערער. שלעכט האָבן אַלע דורכגעשטופט די לאַנגע נאַכט, און נאָך ערגער—דעם פרימאָרגן, ווען מען איז אויפגעשטאַנען ניט אויס־געשלאָפענע. אַברעמעלע האָט געשריען, און געוואַרט האָט מען אויפן דאָקטאָר און אויף דאָס ערגסטע וואָס מוז נאָך קומען...

אין אָט דער ניט־געזוזנטער אומרואיקייט, אין אַ שטוב וואָס איז שוין זינט אַ לאַנגער צייט ניט געוואוינט צו אַזוי פיל מענטשן מיטאַמאָל, זייַנען ריקעלע און גרויקע איר בן־יחיד אַרומגעגאַנגען ווי צוויי פאַרלוירענע נשמות. זיי האָבן געקאַניוקעט, געבעטן רחמים, געריבן זיך אַרום אומגעדולדיקע מענטשישע פיס. אָבער ווער וועט דאָס רחמנות האָבן אויף פיר־פיסיקע, בשעת צוויי־פיסיקע זייַנען אין סכנה? משה־לייבס שוין לאַנג ניט געפּוצטע שטיוול זייַנען ווידער גראָב געוואָרן, געוואָרן אומברחמנות־דיק... ווען ריקעלע און איר תכשיט האָבן געפּרוּווט אָנקלאַפּן, מיט זייערע האַרטע עקן, אין משה־לייבס כאַליאַוועס, ווי אין אַ טויער פון גנאָד, האָבן די אַבצאַסן ווידעראַמאָל גענומען אַרבעטן אויף רעכטס און לינקס, כדי פּטור צו ווערן פון די איבעריקע אורחים, צו וועלכע מען מוז זיך אַראָפּ־בויגן, וועלכע פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס מיט זייערע קעצישע וועדלען. איינמאָל אַפילו האָט משה־לייב שטאַרק אַ שטויס געגעבן גרויקען און אויסגערופן מיט כעס:

— טאָמער נאָך ווייניק די קאַץ, דאַרף מען נאָך האָבן איר ממזר אויך...

יעקב און צילע, זייַנע קינדער, האָבן זיך, נאָך אַזאַ צאָרנדיקן אויס־רוף, איבערגעקוקט. זיי האָבן דערפילט אַז דער טאַטע מיינט דאָ ניט אַזוי די קאַץ, ווי זיין ביילקען מיט איר ממזר, וואָס זי האָט געבוירן אין דאָרף. זיי ביידע האָבן מער ־ווייניקער געוואוסט, אַז ריקעלע האָט דאָ פאַרנומען איר אָרט, אָנגענומען איר געשטאַלט... אמת, ביילקעס שייגעצל איז שוין געשטאָרבן און באַגראָבן, אָבער אַפילו דער ליידיקער אָרט זייַנער אויף דער וועלט זיצט ווי אַ לאָך אין משה־לייבס האַרץ. עס איז פּוסט און עס שמאַרצט. גיסט ער דערפאַר אויס זיין ווייטיק אויף דעם טאַטערס גילגול אין שטוב — אויף ריקעלען איר אָפּבילד...

מיט אָט דער מהומה אין משה־לייבס הויז, מיט דער נייגעריקייט פון זייַנע שכנים — דרויסן, און מיט דער פאַרשטויסנקייט פון צוויי פיר־פיסיקע חיות, האָט זיך באַנוצט יאַוודאָכע די בעטלערקע. איר צייט איז ווידער געקומען...

ווי אַן אַלטע צויג האָט זי דערשמעקט, אַז איר פאַרביסענער שונא — שיינע־שרה — ליגט אַ פאַרבייאיקע און, אַז קיינעם, אין איר הויז, ליגט מער אין קאָפּ ניט אומצוקוקן זיך אויף אירע קעץ. האָט זי זיך, נאָך לאַנגע חדשים פון אויסבאַהאַלטן זיך, ווידער באַוויזן. אַראָפּגעגנידערט האָט זי פון איר כאַלופּע לעבן וועלדל, אָנגעשפּאַרט אויף איר רויען מיטעלע־שטעקן און אויף איין ווײַלינקע שטיין־געבליבן ביי משה־לייבס גאַניק. אַ צוויי־דריי מאָל אַרומגעהינקט און ווייטער שטיין־געבליבן...

ביי משה־לייבס הויז האָט אַצינד, כמעט אַלע מאָל, עמיצער געהינעט:

אַ נייגעריקער שכן, אַ גוטהאַרציקע שכנטע. אַלעמען פון „אונטערבאַרג" האָט זיך געגלוסט וויסן וואָס שיינע־שרה מאַכט, וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט און וואָס אירע אָנגעפּאָרענע קינדער טוען.. בלייבט יאַוודאָכע שטיין און גיט תמעוואַטע אַ פרעג: פאַרוואָס מען קוקט דאָ אַזוי? און פאַר־וואָס עפּעס, ביי לעיבאַן, זיינען די לאָדן פון אַ האַלבער שטוב פאַר־מאַכט?... האָט מען זיך געוואונדערט: סטייטש, זי וואוינט דאָך אַזוי נאָענט און ווייסט ניט אַז לעיבּיכאַ ליגט אַ פאַרבייאיקע, מיט אייז אויפן קאָפּ? שוין באַלד אַ וואָך אַז זי ליגט...

— לעיבּיכאַ, די האַרציקע, ליגט? — האָט זיך יאַוודאָכע גאָטס־פאַרכטיק געגומען צלמען, זי ליגט גאָר? אָך־טיעך־טיע!...

און מיטאַמאָל פאַרגעסט זי אין גאַנצן אויף דער קראַנקער שכנטע און צעזיפּצט זיך עובר־בטלדיק אויף אירע אייגענע „ראַמאַטעס":

— און איך אַליין, גוטע מענטשן, האַלט זיך דאָך אויך קוים אויף מיינע פיסעלעך! אָך נאָזשקי, מאָאי סטודיאָניאַ, באָלעזניאָ!... מיינע פאַר־קילטע, קראַנקע פיסעלעך הייסט דאָס.

און באַקלאָגנדיק זיך אַזוי אויף אירע ווייטיקן הינקט זי אַוועק צו דעם הרעבליע־בריקל, לעבן דער גרויסער מיל, אָדער אַרויף — צו איר כאַלופּע לעבן וועלדל. הינקט און שאָקלט מיט איר באַטיכלטן קעפּעלע ביי יעטוועדן טראָט.

צומאָרגן קומט זי ווידער, מאַכט זיך געפּגרט, פרעגט די זעלבע קשיות, קלאָגט זיך אויף אירע פיסעלעך, און אירע אייטערדיקע אויגלעך זוכן עמיצן, טשאַטעוועז רעכטס און כאַפּן אַ קוק לינקס, ביז זי דערזעט לייביכעס צוויי הונגעריקע קעץ, ווי זיי דרייען זיך דאָ, אַרום דעם אָפּ־געלאָזענעם גאַניק, רייבן זיך די אויערן אָן ראָג און קאַניוקען פון הונגער. אמתע צוויי יתומים!

האָט יאַוודאָכע פאַוואָלינקע אָפּגעוואַרט און, ווען קיינער זעט ניט, געפּרואווט אַ מאַניע־טאָן די קעץ צו זיך. אַ פעט ביינדעלע האָט זי אַרויס־געשלעפּט פון איר טאָרבע. און שליימיק־זיס גערופן זיי: „קאָציק־ציק־ציק, טייערינקע"!... אַ מאָדנע זאַך! גראָד אַזאַ ווייכע ביינדעלע האָט זיך ביי איר אין טאָרבע פאַרוואַלגערט...

ריקעלע האָט גלייך דערקענט די אַלטע בעל־טובהטע, אַ שיפּע־געגעבן ווי אַ שלאַנג און אַנטלאָפן. און דווקא דער געכאַליעטער בנאָק אירער — גרויקע־גנב, וועלכער האָט נאָך אַלץ פיינט געהאַט פרעמדע מענטשן און געטראָגן אין זיך אַ חשד אויף אַלע צוויי־פיסיקע, גראָד ער האָט זיך געלאָזן איבעררײדן און צוגעכאַפּט זיך צום ברודנעם ביסן, וואָס יאַוודאָכע האָט אים צוגעוואָרפן, געגלדיבט איר פאַלשער גוטהאַרציקייט, איר פאַרשליימטן ציינגל...

און יאַוודאָכע האָט אָנגעקוקט מיט איין בלינדוואָטן אויגל ריקעלעס בן־יחיד, געקייט די שליימיקע ליפּן און אַ געזאַלצן שמייכעלע געשטרויט איבער זיי:

— דער „כּפּערשעל" האָט געזאָגט אַז פאַר „הארמאַטיזם" איז אַ שוואַרצע קאַצענע פעלכל בעסער ווי אַלע אַנדערע... אָבער די מאַמע דיי־נע די שוואַרצע „סטיערוווע" אַנטלויפט פון מיר, וועט מען זיך דערוויל, מיט גאָטס הילף, באַנוגענען מיט דיין גרויען פעלצעלע, כי־כי!... „ניטשאַ־וואַשינקי!" *) מירן זיך נאָך, אַז מירן לעבן, דערקלייבן צו דיין מאַמעס שקורעלע אויך... פרעס, פרעס, טייערינקער! איך פיל שוין ווי דיין פייכט פעלצעלע כאַפּט אַרום מיינע קראַנקע קניעלעך און אַ מחיהדיקייט צעגייט זיך איבער מיינע גלידער. פרעס, פרעס, גרויאינקער! דאָס ווייך ביינדעלע וועט דיר אויספּאַלן באָקאָם. ספּאָס **) האָט אונדז געגעבן ברויט צום גריזשען אויף די עלטערע יאָרן און קעצענע פעלעכלעך צו וואַרעמען אונדזערע קראַנקע פיסעלעך. קראַנקע פיסעלעך מיינע, אָרעמינקע, קאַל־טינקע!...

און גרויקע הערט און עסט. איין מאָל צוגעכאַפּט זיך צו יאַוודאָכעס פאַרדעכטיקע מתּנות, אַ צווייטן מאָל... און ביים דריטן מאָל געלאָזן זיך פאַרמאַגיען אַלץ ווייטער און ווייטער פון משה־לייבס שטוב. אין מיטן וועג האָט ער אַפילו געזומען קווענקלען. נאָר צוליב אַ רוי שטיקל לונגען, וואָס יאַוודאָכע האָט אים צוגעטראָגן צום זשעדנעם נעזל, האָט ער פאַרגעסן דאָס לעצט ביסל פאַרזיכטיקייט וואָס די קלוגע מאַמע זיינע האָט אים אַמאָל געלערנט. אַלץ ווייטער און ווייטער איז ער אַוועק נאָך זיין הינ־קעדיקער בעל־רחמימטע, ביז ער איז דערגאַנגען צום אָפּגעבלעטערטן וועלדל. און נאָך אַ סך ישוב־הדעת — אַ טראָט פאָראויס און צוויי צוריק — איז ער אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון דער כאַלופּע מיט דער בלע־כענער פושקע אָן אַ דנאָ — אָנשטאָט אַ קוימען.

פון דאָרטן איז ער שוין מער קיין מאָל צוריק ניט אַרויסגעגאַנגען.

3

אַ גאַנצן טאָג האָט אים די מאַמע זיינע געזוכט אַרום משה־לייבס שטוב, אין הויף ביים שפּייכלער, אין פירהויז, אין קיך אונטערן מילכיקן אַלמערל און אונטערן טריפה־בענקל. אין קיין אָרט איז ער ניט געווען.

פאַרנאַכט איז ריקעלע אומרואיק געוואָרן און אַוועק זוכן אים ביים שכן אויפן היי־בוידעמל, וואו זי האָט אים, קליינערהייט, געגעבן צו זויגן און וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין ערשטע יוגנט.

---

*) נישקשהטשקע!

**) קריסטוס.

דאָרטן האָט, ווי אַלע מאָל, געשמעקט מיט היי און מיט אויסגע־וואַרעמטע קו־אײַטער און מיסט — אַ פֿאַרעדיקער ריח פֿון זעט, וואָס שטייגט פֿון שטאָל אַרויף און מישט זיך אויס מיטן ריח פֿון היי. אָבער גרויקע איז אויך דאָ ניט געווען. זי האָט אים געפּרואווט אַ רוף טאָן מיט אַ קורצן ווייַנעדיקן קאַניוקען. ער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן.

איז זי צוריק אַראָפּ פֿון לייטערל אויף דער שוואַך־באַשנייטער ערד. אויפֿן לעצטן שטאַפּל איז זי נאָר אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַ פֿאַרטראַכטע, אַ קאַם־געגעבן דעם כאַכעלטשיק, אַ קראַץ געטאָן זיך אונטער איין אויערל און דערנאָך אַנטשלאָסן אַוועקגעלאָזן זיך זוכן אים אַרויף־גאַס.

דער קעציטשער חוש אירער האָט זי אַוועקגעפֿירט ביז צום וועלדל און דערנאָך — צו יאַוודאָכעס כאַלופּע. פֿון אַ דערבייאיאיקן בערגל מיסט און אַש האָט צו איר נעזל דערגרייכט אַ ריח פֿון פֿריש בלוט און פֿלייש, וואָס זי האָט שוין לאַנג ניט פֿאַרזוכט. זינט איר באַלעבאָסטע האָט זיך אַנידערגעלייגט קראַנק. דער ריח האָט זיך דורכגעזייט דורכן שניי, מיט וועלכן דאָס מיסט־בערגל איז געווען פֿאַרווייסט. נאָר עפּעס איז איגעם ריח געווען אַזוינס, וואָס האָט זי אָפּגעשטויסן. עטוואָס פֿריקרע־אייגנס ווי דער אַמאָליקער לייכטער געשטאַנק פֿון איר אייגענער וואונד אין ליטקע, וואָס די אַלטע בעטלערקע האָט איר געמאַכט און וועלכן זי האָט געלעקט און אַליין געהיילט אויפֿן היי־בוידעם.

פּונדעסטוועגן האָט זי פֿלינק געגומען גראַבלען מיט די פֿאָדערשטע לאַפּקעס. דער ווייסער שניי־צודעק האָט זיך אויפֿגעריסן ווי אַ הויט, און אַרויסגעקייקלט האָט זיך אַ פֿאַרברודיקטער, פֿאַר־אַשטער פּגר פֿון אַן אומבאַקאַנטער קליינער חיה — ניט אַ קראַליקל, ניט אַ קעצל. נאַקעט אָפּגעשונדן איז דער פּגרל געווען מיט אַ ציין־פֿאַרסקאַליעטן רויטן שאַרבן, מיט לעכלעך אַנשטאָט אויערן און מיט אַנגעבלאָזענע הוילע אויגן אַן לעפֿלעך.

ריקעלעס קוקערס האָבן זיך קיילעכדיק אויפֿגעריסן פֿאַר אימה. און אָנגעצונדן האָבן זיי זיך מיט אַ גרינעם פֿייער. איר זע־קראַפֿט האָט זיך פֿאַרטאָפּלט, ווי אַלע מאָל ווען זי ווערט געררייצט פֿון אַ וועלכן־ניט־איז שטאַרקן געפֿיל: שרעק, האָס, נייגעריקייט, געפֿאַר. אין דעם מאָמענט האָבן זיך ביי איר פֿאַראייניקט עטלעכע אַזעלכע געפֿילן אויף איין מאָל... די שיטערע פֿאַרנאַכטיקע פֿינצטערניש איז נאָר געווען ווי אַ לייכ־טער שלייער, וועלכער שטערט אַ ביסל צו זען די קליינע איינצלהייטן. דערפֿון איז, אָבער, דאָס אויסגעגראָבענע בילד נאָך שרעקלעכער גע־וואָרן, די צעשוואומענע שטריכן — פֿאַנטאַסטישער. אויף די אַרומגע־שניטענע לאַפּקעס פֿון פּגר איז די פֿעל מיט די זיידיקע האָר געבליבן

גאַנץ, ווי נעגלדיקע הענטשקעס אָנגעטאָן. און דער גאַנצער אָפּגעשונדענער קערפּערל, מיט די פוטערדיקע הענטשיקלעך, איז דערפון געוואָרן אַזוי אויסטערליש־פּאַצעטיש, אַזוי גרויזאַם־עלעגאַנט, אַז ריקעלע איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן אויף די הינטערשטע לאַפּקעס. אין בײַכל האָט איר פּאַרקוועטשט. דער גרינער פײַער אין די אויגן איז פאַרשטאַרט געוואָרן.

— גרוי־קע! — האָט זי אַ רוף געגעבן אָן אָטעם, נאָר באַקומען האָט זיך בײַ איר אַ ווייך־ציטערדיק מיאַוקען.

דערהערט איר אייגענע שטים — האָט, דאַכט זיך, אונטער איר קעציש שאַרבן, אַ מין טונקעלער שלייער אויפגעציטערט, צעגאַנגען זיך... אַ פאַרגעסענע בילד איז אויפגעשוואומען, שטאַר־באַלויכטן, אַזוי ווי אירע אויגן אין דער טונקלקייט: אַ שיסעלע מיט הייסן קרופּניק... אַ רויטער אָפּשײַן פון אַן אויוועלע... אַ גלאַנץ פון אַן אָנגעשאַרפטן מעסער וואָס פליט אויף... אַ שרעקלעך געזיכט פון אַן אַלטיטשקער. פונקט אַזאַ בילד ווי דעמאָלט, ווען יאַוודאָכע האָט זי פאַרמאַניעט און, מיט אַ צי־שטריקעלע, פאַרהאַקט די טיר הינטער איר.

— גרויקע!... — האָט ריקעלע שטאַרקער אַ קאַניוקע־געטאָן. וואָרנען און וועקן האָט זי דערמיט געוואָלט, רופן צו הילף... אַצינד איז שוין אַרויס אַ וויי־געשריי, געצויגן און קלאָגנדיק: „מיאַו־אַי־אַי־אַי!‟

דאָס טירל פון דער נאָענטער כאַלופּקע האָט זיך האַלב־אויפגעעפנט און אַן אַרומגעבונדן ווייבעריש קעפּל האָט זיך פון דאָרטן אַרויסגערוקט. צוויי בלינדעוואַטע אויגלעך זײַנען זיך צעלאָפן אין דער שניי־בלאַסלעכער טונקלקייט. אַ קוק אַהער און אַ קוק אַהין, ביז זיי זײַנען שטיין געבליבן אויף דער קלאָגנדיקער שוואַרצער קאַץ...

יאַוודאָכעס צעשראָקן קעפּל איז דאָס געווען. ניט אַנדערש איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס קערפּערל פון קליינעם קאָטער, וואָס זי האָט הײַנט אָפּגעשונדן און פאַרגראָבן אין מיסט, האָט אויפגעלעבט, אַרויס פון אַש און אָנגעפּאַלענעם שניי און וואָיעט אַצינד אויפן פאַרברעכן וואָס מען איז באַגאַנגען איבער זײַן יונגן לעבן... דאָס אויוועלע אין כאַלופּע האָט געגליט, ווי אַמאָל ווען יאַוודאָכע האָט געוואָלט שינדן גרויקעס מאַמע. דער רויטער אָפּשײַן איז געפאַלן איבער איר בעטלער־קאָפּ, אויסגעצויגן איר שאָטן ביזקל בערגל מיסט, ביזקל ריקעלען מיטן פגר פון איר זון בײַ אירע לאַפּקעס...

דערזען אַז ס'איז די מאַמע פון געשונדענעם, די געפּערלעכע שוואַרצע מאַמע זײַנע, מיט וועלכער זי, יאַוודאָכע, האָט אַלטע חשבונות, האָט זי שרעקעוודיק צוריק פאַרהאַקט די כאַלופּע־טירל, פאַרהאַקט און פאַרריגלט. אָפּילו די אויסגעבראָכענע שייבל אין פענצטערל האָט זי האַרטער

פאַרשטאָפּט מיט נאָך אַ שמאַטע, אַ קשיא אויף אַ מעשה. אָך־טיעך־טיע!... לעיביכאַס שוואַרצע קאַץ איז אויף אַלץ קאַפּאַבל. מיט יידישן כישוף איז זי אָנגעלאָדן...

אין אַ מינוט אַרום איז שוין יאַוודאָכע ווידער געלעגן אונטער אירע וואַטאָווע שמאַטעס. און דאָס רויע פוטערל פון געשונדענעם גרויקען האָט קלעפּיק און וואַרעם אַרומגעכאַפּט אירע שפּיציקע קניעלעך. אַ בלוטיקער און מחיהדיקער קאָמפּרעס איז דאָס געווען פאַר אירע ווייטיקן; אַ היילונג — פאַר איר איינגעגעסענע ראַמאַטעס. אַזוי וויניקסטנס האָט זיך איר אויסגעדוכט... ריקעלעס באַווייַנען איר בן־יחיד האָט זיך דאָ אָנגעהערט טויבלעך און ווייט, ווי פון אַ קבר אַרויס. דאָס האָט געשראָקן, און הנאה־געטאָן האָט דאָס אויך: ווער ווייסט וואָס אַזאַ שוואַרצער כאַלערע קען זיך פאַרגלוסטן? זי קען זיך אַ וואַרף טאָן אין אויסגעבראָכענעם פענצטערל, אַרויסגראַבלען די שמאַטעס, ווי זי האָט דאָס שוין אַמאָל געטאָן, אַריינשפּרינגען און איינקלעמען זיך אין האַלדז מיט אַלע נעגל... אָך־טיעך־טיע! אָבער סוף־כל־סוף האָט זי, יאַוודאָכע, זיך גוט אָפּגערעכנט מיט איר פאַרן ביס אין האַנט און פאַר לייביכעס קללות... איבער דער גאַנצער גאַס איז איר די יידישע מכשפה נאָכגעלאָפן, געשאָלטן און געזידלט. אַצינד ליגט זי אין קרענק, האַלט ביים שטאַרבן און זי, יאַוודאָכע, ליגט געזונטשיקער־הייט און היילט אירע קראַנקע פיסעלעך. נאָר די פיסעלעך זיינען ביי איר ניט אין גאַנצן... איצטער, געלויבט דער אויבערשטער, האָט זי דערטאַפּט די אמתע רפואה. זי וועט זיי נאָך, מיט גאָטס הילף, אויסהיילן און ווייטער אַרומהינקען אויף דער וועלט. אַ קאַפּעלע צוהינקען מאַכט ניט אויס...

— קוויטשע, קוויטשע, טרעקלאַטאַיאַ! — האָט זי שלעפערדיק געשאָלטן, צוהערנדיק זיך צו ריקעלעס ווייטן געיאָמער, — האָסט ניט געלאָזן נעמען ד י י ן פאַהאַנע פעל האָב איך גענומען דאָס פעלכל פון דיין זונעלע. נאָך אַ וויכערע שקורע, אַ ייִנגערע. סאַמעט און פוך — ניט קיין פעל... אָך, טייערינקע! נאַזשקי מאַאי סטודיאַניאַ, באַלעזניאַ... דאָס הייסט: מיינע פאַרקילטע, קראַנקינקע פיסעלעך!...

## פיר און פערציקסטער קאַפּיטל

## שיינע-שרהס אָפּשייד

### 1

איבערן פגר פון איר געשונדענעם בן־יחיד איז נאָך ריקעלע געשטאַנען אַ ווייילינקע, געקלאָגט און געפּאָרעט מיט איין לאַפּקע, געפּרואווט

אים אויפוועקן... נאָר איר קלאָג־ליד איז באַלד אויסגעגאַנגען, דער־שטיקט געוואָרן אונטער דער משא פון איר שווער געמיט.

האָט זי אַ פּוץ געגעבן די וואַנסעלעך, מיט וועלכע זי האָט אָנגע־רירט דעם פּגר, אַזוי ווי אַ מייסטער, נאָך אַ ניט־געלונגענער אָפּעראַציע פּוצט אָפּ דעם פיינסטן אינסטרומענט זיינעם. דערנאָך האָט זי אַ גראַבל געגעבן, מיט די הינטערשטע לאַפּקעס אויף צוריק, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרדעקן די מיאוסע מעשה, וואָס מענטשישע רשעות האָט דאָ אָפּגעטאָן... איר גלויבן אין מענטשן, פאַר איינע הוצאות, אויך פאַרשאָטן; און, פאַר־טראַכטערהייט, איז זי פון בערגל אַראָפּ צוריק צום אונטערבאַרג.

איר קעציש הערצל איז געווען פאַרשטיינערט. דער שאַרפער הונגער איז צוגעטעמפּט געוואָרן. דער אינטערעס צו היימישקייט און באַקוועמ־לעכקייט — שטאַרק געפאַלן. און כדי אויסלעבן איר צער איז זי ניט געלאָפן צו משה־לייבס הויז, וואו קיינער האָט פון איר מער ניט געוואָלט וויסן, קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוגעבן איר איין מינוט און קיין גוטן ווילן — צו דערלאַנגען איר אַ ביסעלע געקעכץ; נאָר זי האָט פון דאָס ניי אויפגעזוכט דעם אַלטן אָרט פון איר איינזאַמקייט, וואו זי האָט געלעבט נאָך איידער זי האָט זיך פאַרליבט אין מורילקען, נאָך איידער זי האָט געגעבן צו זויגן פיר קינדער, פון וועלכע עס איז אַצינד קיין איינציקער מער ניט געבליבן... צום שכנישן היי־בוידעם, איבער דער שטאַל פון קי, איז זי אַנטלאָפן, צום זעלבן בוידעם וואו זי האָט געלעבט ווי אַ פרייע חיה, אָן מענטשישן יאָך; די גאַנצע צייט ווען שיינע־שרהס הויז האָט גע־פּוסטעוועט.

אַ גאַנצע נאַכט איז זי שלעכט געשלאָפן אין איר אַלט־נייעם היי־באַהעלטער, פּונקט אַזוי ווי ביילקע — אין איר באַהעלטער, אין דער ווייַ־בערישער שול פון גרינעם בית־מדרש, צי אין אַן אַנדער אָרט. ביידע — כדי אויסצובאַהאַלטן זיך פון בייזע מענטשן. זייער ביידנס מזל האָט זיך ווידער אויסגעגליכט. ריקעלע האָט פאַרלאָרן איר עלטסטן און לעצטן זונדל — דאָס וואָס מיט ביילקען איז שוין פריער געשען... איין אומרואי־קייט האָט זיי אַצינד פאַרבונדן דורך דער קאַלטער נאַכט. פון אונטער־באַרגער היי־בוידעם איז די אומרואיקייט געגאַנגען ביזקל דער ווייבערישער שול אין שטאָט. אָדער פאַרקערט...

איין אונטערשיד נאָר איז געווען צווישן זיי ביידן: ביילקען איז דאָס האַרץ אויסגעגאַנגען צו קושן און אויסקושן דער מאַמעס הענט, פאַלן דעם טאַטן צו די פיס — ער זאָל איר מוחל זיין. און ריקעלעס הערצל איז געווען פאַרביטערט אויף די זעלבע צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זי צום צווייטן מאָל פאַרגעסן און איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט... גרוי־קעס שרעקלעכער טויט האָט אין איר אויפגעוועקט די פאַרגעסענע שנאה,

איר אַלטע אַנטוישונג. אַבי זי איז נאָך געווען אַזוי לייכטזיניק אַראָפּצו־שלעפּן איר בן־יחיד פון פרייען בוידעם און איבערגעגעבן אים מענטשן אין די הענט! געלאָזן אים אונטער זייער אויפזיכט, געהייסן אים פאַר־געסן אַלץ וואָס זי האָט מיט אים פריער געלערנט און האָבן צוטרוי צו די צוויי־פיסיקע. און אָט וואָס דערפון האָט זיך אויסגעלאָזן! הינטער גרוי־קעס נייעם גלויבן האָט זיך פאַרטאַיעט דער טויט מיט אַ שינד־מעסער אין האַנט. נאָר די פּוטערנע הענטשקעלעך זיינען ביי אים געבליבן אויף די לאַפּקעס. דער אַמאַליקער יאַוודאַכעס מעסער האָט דאָס געטאָן...

און אירע, ריקעלעס, אייגענע באַלעבאַטים, צו וועלכע זי האָט זיך אַזוי צוגעבונדן, זיינען זיי דען בעסער? צוויי מאָל האָבן זיי זי שוין אָפּ־געגנאַרט... מען קען בכלל קיין טאָלק ניט דערגיין: ווער זיי זיינען און וואָס זיי ווילן? אָט פאָרן זיי אַוועק און לאָזן זי איבער אייינקע אַליין אויף דער וועלט, און אָט קומען זיי צוריק און פאַרמאַניען זיי ווידער מיט אַ שיסעלע מילך. אָט זיינען זיי גוט און ברייטהאַרציק, און אָט — שלעכט און קאַרג. אָט גלעטן זיי און האַלוביען מיט אַ מענטשישער וואונדערלע־כער האַנט, וואָס רופט אַרויס אַ זיסן ציטער אין אַלע גלידער, און אָט שטויסן זיי אַוועק מיט אַ ברודיקן שטיוול, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אַלטן דזיעגאַכץ. אָט איז ביי זיי אַלץ געאָרדנט: פרישטיק, וואַרימעס און וועטשערע. און אָט — אַ מיש־מאַש, אַ האַרמידער. עס שטינקט מיט רפואות און איין צוויי־פיסיקער ווייסט ניט פון צווייטן. ניין, ניין. אַוועק מוז מען פון זיי אַלעמען!...

דער מאָרגנדיקער טאָג איז אויפגעשטאַנען אַ מוטנער און אַ מידער. פונעם נעכטיקן לייכטן שניי איז מער קיין זכר ניט געבליבן. נאָר אַ קאַל־טע פאַרע איז נאָך אים געשטאַנען אין דער לופטן. דאָס האָט ריקעלען דערמאָנט איר האַלב־ווילדן לעבן, ווען משה־לייבס שטוב איז געווען גע־שלאָסן. דער פאַרגעסענער געפיל פון אומאָפּהענגיקייט, אין גוטן צי אין שלעכטן וועטער, האָט זי אויפגעהויבן אויף אַלע פיר לאַפּקעס. אָפּגעגע־נעצט און גיך פאַרבאָרשטן דעם כאָכעלטשיק צווישן די אויערן, איז זי רירעווודיק אַראָפּ פון משופּעדיקן לייטערל און אַוועק, מיט הינטער־סטיעזשקעס, כדי ניט צו באַגעגענען קיין מענטשישן ווען פון די אונ־טערבאַרגער לייט. צו די אַלטע פּרנסה־ערטער איז זי אַוועק, צו די קהלשע מיסטן אויפן ברעג אַזערע, וועלכע זיינען פאַרשטעלט און באַ־שאָטנט מיט די הויכע טראָסטינעס. אַלץ איז דאָ געווען אַזוי ווי אין די גוטע צייטן פון איר מוטיקער יוגנט און פרייוויליקער ווילדקייט.

דער ערשטער פון די פיר־פיסיקע, וועלכן זי האָט דאָ באַגעגנט, איז געווען ק אַ ר אַ צ ק ע, דער הינקעדיקער כלב מיטן אָפּגעבריטן רוקן. אויפן אָרט, וואו דאָס קאָכעדיקע שטראָף־וואַסער האָט אים געטראָפן,

איז נאָך אַלץ קיין האָר ניט געוואַקסן. אָבער אויך רוי און רויט איז דאָס מער ניט געווען, נאָר שוואַרץ און געקנייטשט, ווי דאָס לעדער פון אַן אַרויסגעוואָרפענעם שוך, וואָס וואַלגערט זיך דאָ, ווען־ניט־ווען, אויף אַ קהלשן מיסט. קאַראַצקעס הינטישער שנוק איז פאַר דער צייט אויך אַלט געוואָרן. די פּיסק־ווינקלען זיינען ביי אים אַצינד אַראָפּגעהאָנגען. די אויערן זיינען געווען אויסגעצויגן.

ווי נאָר קאַראַצקע האָט דערזען זיין אַלטע קאָנקורענטקע, האָט ער אָנגעשטעלט די רעשטלעך האָרטע האָר אויף זיין קאַרק און גענומען קנור־רען. אָבער באַלד, הפּנים, האָט ער זיך דערמאָנט צו וואָס די פאַרבי־טערטקייט פון אַ וואָגל־הונט און זיין איבערגעטריבענע זשעדנעקייט האָבן אים אַמאָל געבראַכט. עס האָט געבראַכט דערצו, ער זאָל אָנפאַלן אויף אַ קינד פון די צוויי־פּיסיקע און אָפּרייסן אַ שטיק קלייד, וואָס קיין אַנדער חיה אין דער וועלט טראָגט דאָס ניט, וואָס איז הייליק און געהיימניספול. דערפאַר האָט זיך דער צוויי־פּיסיקער טאַטע פון קינד מיט אים אָפּגערעכנט אויף ד ע ר וועלט, אויף טויט אָפּגעבריט אים מיט אַ טאָג שפּעטער. דעם מוראדיקן טעם געדענקט ער נאָך ביז צום היינטיקן טאָג...

דערמאָנט זיך — איז קאַראַצקע אַנטשוויגן געוואָרן און מיט אַ באַ־שיידענער באַוועגונג צוריק גענומען גריזשען דאָס אויסגעקאָכטע פּיס־נאָהע־ביין, וואָס ער האָט געפונען. ער האָט אַפילו העפלעך אַ ווידל־געגעבן מיט דעם אויסגעקראָכענעם עק, אַהער און אַהין. אַ צייכן פאַר ריקעלען, אַז ער, קאַראַצקע דער שלעפּער, נעמט צוריק זיין ניט־פאַרגינערישן וואָר־טשען און פון היינט־אָן וועט זיין שלום. ער שטערט איר ניט. זי זאָל אים אויך ניט שטערן.

האָט ריקעלע נאָר איין מאָל אַ מרוקע געטאָן. סתם אַזוי פון יוצא־וועגן. קאַראַצקע זאָל געדענקען וואָס ער זאָגט דאָ צו, ער זאָל ניט פאַר־געסן, אַז קען לאָזן זיך אויך ניט שפּייען אין דער קאַשע... דערנאָך האָט זי אָפּגעגעסן פרישטיק. אַ קישקעלע פון אַ הון האָט איר דער אויבערשטער צוגעשיקט, אַ קעפּל פון אַ פלאָטקע *), אַ פאָר געפּרעגלטע מילכיקע לאָקשן. מען קען ניט זאָגן, אַז דאָס ברודיקע עסן איז געווען זייער געשמאַק. פאַר־פּיעשטשעט, אין שיינע־שרהס הויז, ווי זי איז געוואָרן די לעצטע צייט, האָט זי דאָס האַלב־אַראָפּגעוואָרגן, אָנגעטאָן זיך אַ כוח, כדי ניט צו פאַלן איבער די אָפּגעשוואַכטע לאַפּקעס... אָבי ס'איז געווען אַ סעודה אויף דער פריי, אָן טובות און אָן שטויסן מיט אַן אָפּצאַס, ווי משה־לייב איז זיך נוהג, ווען אים איז שלעכט אויפן האַרצן.

---

*) אַ ביליקער סאָרט פישל.

מיטן זעלבן געפיל פון אַ באַנייטער אומאָפּהענגיקייט האָט זי זיך אומגעקערט צוריק צו איר היי־בוידעם און איינגעאָרדנט זיך אין אַ וואַ־רעמער מאָכרעסדיקער נאָרע, ווי אַמאָל.

פון דעמאָלט אָן איז זי צוריק געוואָרן אַ טרעמפּ, אַ באָסיאַצקע, וואָס האָט קיין מורא ניט איינצונעצן אירע לאַפּקעס אין שניי אָדער אין בלאָטע, וואָס לעבט זיך אויס אין איר אייגענער פרייהייט, אויף אייגענע אַחריות און גיט קיינעם קיין חשבון ניט אָפּ פון איר טאָג און נאַכט. אין משה־לייבס קאַפּריזנעם הויז האָט זי זיך מער ניט אומגעקערט, און קיינער פון דעם זעלבן הויז איז ניט געקומען זוכן זי. זייערע וועגן זיינען זיך צעגאַנגען. זי לינקס — צו די טראָסטינעס און צום היי־בוידעם, און די איינוואוינער פון משה־לייבס הויז — רעכטס, צו דער גרויסער מיל און אין שטאָט אַריין...

נאָר עפּעס איין מאָל, מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער, איז ריקעלען אויס־געקומען פאַרבייצוגיין לעבן משה־לייבס גאַניק. און ווידער האָט זי גע־פונען דאָס הויז געשלאָסן און איבער די פאַרמאַכטע לאָדנס, אין־דער־קרום, אייזערנע פרענטן. אויפן טויער איז געהאַנגען אַ גרויסער זשאַווער־דיקער שלאָס.

וואָס, אַ שטייגער, קען דאָס זיין? צי האָט דאָס ניט צו טאָן מיט אַ טומל, וואָס זי, ריקעלע, האָט דאָ אַנומלטן, נאָכן אַנבייסן, דערהערט אין איר היי־נאָרע? עפּעס האָבן ווייבער געוויינט. אַ פּושקע האָט פלייסיק געקלימ־פּערט און שווערע פּיס, וואָס טראָגן אויף זיך אַ משא, האָבן געטאָפּטשעט און אַוועקגעטאָפּטשעט איבערן קלינגענדיקן הרעבליע־בריקל...

אַ סך נאָכצוטראַכטן האָט זי זיך דאָס מאָל געפּוילט. וואָס איז די נפקא־מינה? זי האָט אויך מער ניט געמיאוקעט פאַרבענקטערהייט, ווי אַמאָל אויפן זעלבן גאַניק. דאָס קעצישע הערצל איז געבליבן פאַרשלאָסן, אַזוי ווי דער טויער פון פאַרלאָזענעם הויז. זי איז נאָר אַ ווײַלע געשטאַנען אונטער דער גאַניק־סטרעכע, גלייכגילטיק אַ ווידל־געטאָן מיטן עק, אַ גע־נעץ־געגעבן, אויסגעצויגן די פאָדערשטע לאַפּקע, ווי צום אָפּשייד, און איז אַוועק... אַוועק כדי מער ניט אומצוקערן זיך אַהער. די רעשטלעך פון דער מענטשישער הערשאַפט איבער איר האָבן פאַרלאָרן יעדן ווערט און — אויף אייביק.

## 2

און ריקעלע האָט גוט געטאָן וואָס זי האָט זיך באַצייטנס פאַרלאָזן אויף איר חיהשן געפיל און ניט אומגעקערט זיך מער אין משה־לייבס שטוב. איר חוש איז געווען שטאַרקער פאַר דער מענטשישער גערעכ־טיקייט, נאָך וועלכער זיי אַליין יאָגן זיך, כלומרשט, נאָך, קענען ניט

דערגרייכן און בלייבן פאַלש צו זיך אַליין, צו אַנדערע צוויי־פּיסיקע, און צו פיר־פיסיקע חיות — אַוודאי און אַוודאי.

טאָקע ניט געוועז צו ז ו ע מ ע ן אומצוקערן זיך. וואָרעם אויפן זיבעטן טאָג פון שיינע־שרהס לונגען־אָנצינדונג האָט זי מיטאַמאָל דער־פילט אַ געוויסע דערלייכטערונג און איז אָפּגעגאַנגען מיט שווייס. דאָקטאָר קראַל איז געוואָרן מלא שמחה. זיינע שפּאָקולן און זיין פליישיקער שטערן האָבן זיך צעשטראַלט. „איצטער", מאַכט ער, „איז אייער מאַמע אַרויס פון אחריות".

צו שיינע־שרהס מאַטע אויערן האָט דערגרייכט דער פריידיקער טומל פון די קינדער. אָבער זי אַליין איז עפּעס געבליבן גלייכגילטיק און אָפּגעלאָזן, ווי קיין מאָל ניט פריער. אַ גרינלעכע בלאַסקייט פון אַ מת איז געווען אויסגעגאָסן אויף איר פּנים און הענט. אומרואיקער און באַ־לעבטער אַ ביסל איז זי געוואָרן נאָר דעמאָלט, ווען די גלעקלעך פון דאָק־טאָר קראַלס אָוועקגעפאָרענעם פאַיעטאָן זיינען פאַרשטומט געוואָרן היב־טערן שטוב. מיט אַ שוואַכער שטים, ווי פון אַ קבר אַרויס, האָט זי צו איר בעט צוגערופן משה־לייבן, דערנאָך — די קינדער און אייניקל און געזאָגט אַזוי:

— לאָזט מיך אייך אָנקוקן... איך וועל מער ניט לעבן.

האָט מען דאָך אויף איר אָנגעשריען: „סטייטש, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ווערטער? דאָקטאָר קראַל האָט דאָך געזאָגט, אַז—"... אָבער די קראַנקע האָט זיך נאָר שוואַך אַ קרים געטאָן, דעם שטערן אָנגעקנייטשט פון קרענקלעכער אומגעדולד:

— איך ווייס בעסער, קינדערלעך. איך פיל אַט־דאָ־אָ! דאָס האַרץ... ניט לאַנג נאָך...

מיט אַ בלאָס־גרינעם שמייכל האָט זי אָצינד באַטראַכט יעקבן, איר זון, צילען, איר טאָכטער, מיטן אייניקל אויף די הענט, נתנען, איר איי־דעם, און אָפּגעשטעלט האָט זיך איר בליק אויף משה־לייבן. דער איז געשטאַנען ווי אַ גרויסער יתום, אַ ביסל שעמעוודיק, מיט אַ פאַרבלאָסטער באָרד, און די לאַנגע ברעמען האָבן באַשאָטנט דעם טיפן צער אין זיינע אויגן. אַ גרויסער רחמנות איז אויף אים געווען, אַ סך מער, ווי אויף די דערוואַקסענע קינדער. און ד אָ ס האָט זיך שיינע־שרה באַמיט אויסצודריקן מיט איר קוק, ווי שווער דאָס איז איר אָצינד ניט אָנ־געקומען.

מיטאַמאָל איז זי אומרואיק געוואָרן, ווידער פאַרקנייטשט דעם שטערן און געגומען זוכן מיט די אויגן.

— ווּעמען זוכסטו — האָט זיך צו איר משה־לייב אָראָפּגעבויגן, כדי ער זאָל קאָנען ריידן וואָס שטילער.

— וואו איז זי? — האָט שיינע־שרה שוואַך אַ פרעג געגעבן מיט טרוקענע ליפּן, — האָב אויף מיר רחמנות, משה־לייב! אַ לעצטן מאָל...

— דו ווייסט דאָך... — פּרוּווט משה־לייב אָפּצוזיפּצן זיך און לאָזט אַראָפּ די אויגן, ווי אַ פאַרזינדיקטער יינגעלע.

— זי וויל צוריק ווערן אַ יידיש קינד... — שעפּטשעט עקשנותדיק די קראַנקע, און נעמט אים דורך מיטן אויסגעלאָשענעם קוק, — זיי איר מוחל, משה־לייב! דו הערסט? לאָז זי קומען אַהער איידער... איידער... דו ווייסט שוין אַליין וואָס...

איר שעפּטשען איז אויסגעגאַנגען פון מאַטקייט. די אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט, און די גרינלעכע בלאַסקייט האָט פאַרגאָסן אירע געשלאָסענע לעפּלעך אויך.

צילע און יעקב האָבן שוין געוואוסט פון גרשון ווילענסקיס בויד, וואָס ער האָט באַשטעלט, און פון אַ ווייבערישער־שול ערגעץ־וואו, אין וועלכער ער באַהאַלט זייער שוועסטער; און פון פּריסטאַוו מיט זיינע דעסיאַטניקלעך, וועלכע נישטערן אין שטאָט... האָבן זיי אָצינד קיין איבעריקע מינוט ניט געוואַרט, און נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת מיט נתנען, געשיקט נאָך ביילקעס געוועזענעם לערער און איצטערדיקן באַשיצער. יעקב אַליין האָט דעם טאַטנס פּורל געשפּאַנט און געלאָזן זיך אין שטאָט אַריין.

גרשון ווילענסקי האָט זיך ניט געלאָזן בעטן. פיבערנדיק און אַנטשלאָסן האָט ער דאָ געמוזט האַנדלען און זייער פאַרזיכטיק — אויך. די אָפענע פּורל משה־לייבס האָט ער אָפּגעשיקט צוריק צום „אונטערבאַרג״. אַליין האָט ער שטילערהייט געפּאַקט דעם פּעקל און אַוועקגעלאָפן צו ר׳ ישראל כאַדאַק דעם באַלעגאָלע, יענער זאָל שפּאַנען די בויד, וועלכע ער, ווילענסקי, האָט שוין צוויי מאָל באַשטעלט און אָפּבאַשטעלט. און געוואָרנט האָט ער ר׳ ישראלן, די בויד זאָל זיין פון פאַרנט אויך באַהאַנגען מיט ראָגאָזשעס, קיין נייגעריקע אויג זאָל ניט קענען זען וואָס אינעווייניק טוט זיך; און צופאָרן זאָל ער, ניט צום גרינעם בית־מדרש, נאָר צו ניאָמע דעם בשמים־קרעמער אין עק שטאָט, לעבן אָזערע. וואָרעם דאָרטן און ניט אין דער ווייבער־שול זיצט שוין די בעל־דברטע און וואַרט. אין דער ווייבער־שול איז געוואָרן ניט זיכער...

פרי פאַלט־צו, אין שפּעט־האַרבסט, דער אָוונט. זייגער פיר נאָכמיטאָג האָט שוין געגרויט. און אַ קאַלטע פאַרע האָט געזעצט פון אָזערע און פאַרהילט דעם גאַנצן „אונטערבאַרג״. אין דער זעלבער צייט איז ר׳ ישראל כאַדאַקס בויד אָנגעפאָרן און ווי אַ כמאַרע פאַרשטעלט משה־לייבס גאַניק, אָפּגעשניטן אים פון נייגעריקע אויגן.

די גאַנצע צייט וואָס ביילקע איז געפאָרן, פון ניאָמע דעם בשמים־קרעמערס דירה ביזקל דעם טאַטנס הויז, האָט זי שטיל געכליפּעט אין

דער פּאַטשיילע, וואָס זי האָט אויסגעביטן אויף דער גוישער קאַצאַווייקע. און ווען מען איז צוגעפאָרן און ווילענסקי האָט איר געגעבן אַ צייכן, אַז מען מוז אַרויס פון בויד, האָט זי אויפגעשריען, ווי ער וואָלט איר אַ פּלאַס־טער פון אַ וואונד אַ ריס־געגעבן.

אַ געבראָכענע, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף ווילענסקיס אָרעם און פאַר־וויקלט ביז איבערן קאָפּ, אַזוי איז זי אַריין אין טאַטנס שטוב איבערן גאַניק און דורך דער זעלבער טיר, אין וועלכער זי האָט אַזוי אומגליקלעך אָנגעקלאַפּט מיט אַ וואָך צוריק, פון וועלכער דער אייגענער טאַטע האָט זי אַוועקגעיאָגט. דאָ האָבן זיך איר די פיס אין גאַנצן אונטערגעבראָכן, און יעקב, איר ברודער, האָט זי געמוזט נעמען אונטערן צווייטן אָרעם, כדי צו דערפירן זי ביזקל דער מאַמעס בעט, אונטערן פאָרהאַנג.

אויף די קני איז ביילקע געפאַלן לעבן בעט, ווי פאַר אַ הייליקטום, און דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן טיפער און טיפער, ביז זי האָט אים אַוועק־געלייגט אין דער מאַמעס שויס. קיינער איז דערביי ניט געשטאַנען, ווען די קראַנקע מאַמע און די פאַרבלאָנדזשעטע טאָכטער האָבן זיך איבערגע־בעטן; וואָרעם שיינע־שרה האָט שוין פריער אַ וואונק געגעבן — אַלע זאָלן אַרויסגיין.

3

באַפרייט אין גרינלעכע האַנט פון אונטער דער דעקע, האָט שיינע־שרה קוים אויפגעהויבן די שוואַכע דלאָניע און באַלד אַראָפּגעלאָזן אויף ביילקעס צעפּאַטלטן קאָפּ אין איר שויס.

— ביילינקע, — מאַכט זי און באַמיט זיך אַ שמייכל צו טאָן, — איצטער וועל איך שטאַרבן רואיקערהייט.

— ניין, ניין! — האָט ביילקע אויפגעשריען.

— ווועסט מיך ניט אַפּשרייען, טאָכטער, איך ווייס וואָס איך זאָג.

— צוליב מיר, מאַמע, האָסטו זיך פאַרקילט. אַלץ צוליב מיר. אָבער צוליב וואָס האָסטו מיר די ברוסט אָנטבלויזט?... אין אַזאַ קעלט... וואָס האָסטו דערמיט געוואָלט?...

— פאַר אַ קרבן, טאָכטערקע, האָב איך מיך געבראַכט, און... און אויסגעפירט... אַט ביסטו טאַקע ביי מיר, אומגעקערט זיך.

שיינע־שרה האָט דערביי קורץ און מאָדנע אַ לאַך־געגעבן. ביילקע האָט זיך אויף איר דערשראָקן אומגעקוקט. זי האָט געמיינט, אַז די מאַמע איז ניט ביים פולן זינען:

— איך פאַרשטיי דיך ניט, מאַמע.

— ניט נויטיק, טאָכטערקע, דו זאָלסט פאַרשטיין. אַבי דו ביסט

צוריקגעקומען. צו מיר... איצט דאַרפסטו נאָר אומקערן זיך צו אונדזער גאָט אויך... זאָג מיר צו!

— שוין אומגעקערט זיך, מאַמעלע, אומגעקערט זיך...

— און אַוועקגיין פון דיין גוי אין גאַנצן. וואָס ווייטער פון זיי אַלעמען.

— שוין אַוועקגעגאַנגען, מאַמעלע, שוין אַוועקגעגאַנגען...

— מאָרגן... מאָרגן נאָך, ניט וואַרטן.

— ניט מאָרגן, מאַמעלע. היינט. מיין פעקל ליגט גרייט אין בויד. ווען ניט דו — וואָלט איך שוין מיט צוויי טעג צוריק אַנטלאָפן.

— אַזוי איז גוט, טאָכטערקע. אַנטלויף ווי אַ פויגל פון שטייג, ווי אַ פיש פון נעץ. אין טייטש־חומש שטייט אַזוי... וואַרט ניט אויף מיין לוויה.

— מאַמע! — האָטביילקע ווידער אויפגעשריען.

— שריי ניט אַזוי, טאָכטער! איך קען קיין געשריי ניט פאַרטראָגן. שטיל זאָלסטו מיר ריידן. ווי איך — מיט דיר. ווי איך...

— איך וועל שטיל זיין, מאַמעלע, גאַנץ שטיל.

— אַזוי איז גוט... אַ יידישן קליידל טראָגסטו שוין, טאָכטער, ניט אַ פויערישן. דיין טריפהנע כוסטע פון קאָפּ אַראָפּגעוואָרפן. דיין גויי־שע קאַצאַווייקע, וואָס דו האָסט דעמאָלט ביינאַכט געטראָגן, איז אויך ניטאָ. איך זע שוין. ביסט צוריק געוואָרן אַ יידיש קינד. איצטער וויז מיר דיין ליכטיקן פנים, ביילינקע. באַהאַלטסט אים פון מיר די גאַנצע צייט. שעמסט זיך. באַוויז!... אַי, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ סיניאַקעס? אויפן שטערן אַ פאַרהיילטע וואונד... ביסט געפאַלן, טאָכטערקע?

— אָ, מאַמע! טיף געפאַלן... דערפאַר אַזוי צעקלאַפּט זיך...

— ניין, טאָכטערקע, — האָט שיינע־שרה געפּרואווט אויפהויבן דעם שוואַכן קאָפּ, — ניט געפאַלן ביסטו, ע ר, ער האָט דאָס געטאָן!

— רעג זיך ניט אויף, מאַמע!

— די גויישע לאַפּעס זאָלן אים אָפּדאַרן... אָ!

— גוט אַזוי, מאַמעלע, ס'איז אַן אַפּקומעניש פאַר מיינע זינד.

— ווי אַ יידישע טאָכטער רעדסטו. אַזוי איז גוט. איצטער מאָגסטו שוין געבענטשט זיין... ווי רחל אונדזער מוטער... וואָס יעקב האָט ליב געהאַט... שטאַרק ליב געהאַט..

די לעצטע ווערטער האָט שוין שיינע־שרה געמורמלט, קוים צו הערן. די אויגן פאַרמאַכט פון מאַטקייט.

— מאַמע, וואָס איז מיט דיר? — איז ביילקע אויפגעשפּרונגען.

— גאָרנישט... — ענטפערט שיינע־שרה מיט פאַרמאַכטע אויגן, און איר שוואַכער קול הערט זיך אַן ווי פון אַ גרוב־אַרויס, — זאָג, זאָג בעסער צו וועמען פאָרסטו? מיט וועמען?

— צו וועמען?... וואַרט מאַמעלע! גרשון, גרשון קום אַהער! אַהער קום!

גרשון ווילענסקי איז מיט ווייכע טריט צוגעלאָפן צו שיינע־שרהס בעט און נאָך ווייכער איז געווען זיין קול:

— באַרואיקט זיך, שיינע־שרה! איך האָב געהערט... איך נעם אויף מיר די אַחריות. זי וועט גאַנץ זיין.

און, איינבויגנדיק זיך איבער שיינע־שרהס קאָפּ, האָט ער נאָך שטילער צוגעגעבן:

— מיינע וועט זי זיין. מיין ווייב.

צוויי ליכטיקע שפּעלטעלעך האָבן זיך אויפגעמאַכט אין שיינע־שרהס געשלאָסענע אויגן:

— גיט מיר די הענט, קינדער!

גרשון ווילענסקי אוןביילקע האָבן געפאָלגט. ביידע פאַרשעמטע און צעטומלטע אָנגענומען זי פאַר די קילע פינגער.

— איצט איז גוט, קינדערלעך. אַלץ איז גוט.

זי האָט דאָס אַרויסגערעדט ווי אַ מענטש וואָס האַלט ביים איינשלאָפן. אַ מאָדנע שטילקייט האָט זיך צעשפּרייט אין שלאָף־צימער. פון דאָרטן האָט זיך די שטילקייט וויטער צעגאָסן און געמאַכט גליווערן אַלעמענס הערצער אין צווייטן צימער. צילע און יעקב, איר ברודער, האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. נתן האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מיילכל פון אַברעמעלען זיין זון ער זאָל אויך שווייגן.

די דאָזיקע שטילקייט האָט אין משה־לייב ניט געקענט מער אויס־האַלטן. אַ קוק רעכטס, אַ קוק לינקס און אַריינגעפּראַלט אין קאַמער צו זיין קראַנקער ווייב:

— שיינע־שרה! שיינע־שרהלע!

אָבער זי האָט אים ניט געענטפערט, אַפילו ניט אָנגעקוקט. קיין כוח מער ניט געהאַט, נאָר קוים־קוים אַ שמייכל געטאָן, ניט צו אים, ניט צו זיך אַליין. אַפּנים צו אַ געשטאַלט וואָס געפינט זיך ניט דאָ, נאָר אויף יענעם זייט לעבן.

## פינף און פערציקסטער קאַפּיטל

## אין „עין־חרוד"

### עפּילאָג

1

אַז די מאַמע שטאַרבט האָט ביילקע געזען מיט אירע אויגן. אַז די מאַמע איז געשטאָרבן און געבראַכט געוואָרן צו קבורה — וועגן דעם

האָט זי זיך דערוואוסט שפּעטער, נאָך איר אַנטלויפן צום באַן אין אָרשע. זי האָט געפאָלגט דער מאַמעס לעבעדיקע צוואה. אויף איר לוויה ניט גע־וואָרט... צו הייס איז די אונטערבאַרגער ערד געוואָרן אונטער די פיס, וועלכע האָבן אָקערשט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פויערישע לאַפּטיעלעך... אַנטלאָפן איז זי, און גרשון ווילענסקי — מיט איר צוזאַמען.

נאָך די „שלשים“ האָבן זיי שטילערהייט חתונה געהאַט, ערגעץ־וואו אין אַ גרענעץ־שטעטל, ביי ווייטע קרובים. און נאָך אַ סך וואָגלענישן דערקליבן זיך ביז מאַרסעל, און פון דאָרטן אַוועק מיט אַ שיף קיין ארץ־ישראל.

אַ סך קירצער און ביליקער וואָלט דער וועג געווען דורך אָדעסער האַפן. אָבער אָן אַ פּאַס האָבן זיי דאָס ניט געקענט טאָן. האָבן זיי קודם־כל געמוזט שוואַרצן דעם גרענעץ, און פון דאָרטן דורכשלאָגן זיך, אָן די נויטיקע שפּראַכן און מיטלען, דורך דייטשלאַנד, בעלגיע און פראַנקרייך.

גרשון ווילענסקיס ווערטער וועגן ארץ־ישראל, וועלכע האָבן אַמאָל אַרויסגערופן בייביילקען אַן אָפּלאַכערישע מינע און צוויי־דייטיקע שטעך־ווערטלעך, זיינען איצטער געוואָרן פאַר איר, אַזוי ווי פאַר אים, דער יסוד פון אַ נייעם לעבן. געזאָגט האָט ער איר דאָס אַמאָל, בשעת איינע פון די ערשטע שפּאַצירונגען אויפן מאָהילעווער טראָטואַר. ער האָט צו איר דעמאָלט, אַ פאַרליבטער, גערעדט, אַז ער גרייט זיך צום דאָרפישן לעבן מער ווי צום שטאָטישן, און אַז לעבעדיקע געגנדן, וואָס גייען אין אַ שערענגע, צו דער סאָזשעלקע, געפעלן אים בעסער ווי גע־שאָכטענע אויף חנוכה. אַז זינט מען האָט אים אָפּגעזאָגט אָנצוקומען אין גוידישן אוניווערסיטעט, האָט זיך אים פאַרגלוסט שלאָגן וואָרצלען, איינ־בייסן זיך אין דער ערד מיט ציין און נעגל. און ניט דווקא אין דער ערד אויף וועלכער ער, ווילענסקי, איז געבאָרן געוואָרן. אדרבא, וואָס ווייטער פון דער גוישקייט. דאָס הייסט: אין אַן אַרגענטינישער קאָלאָניע. אין ארץ־ישראל — איז נאָך בעסער...

האָט זי, ביילקע, אים דעמאָלט איבערגעריסן מיט אַ דערשטיקטן געגעניך: אין ארץ־ישראל גאָר? און זי האָט געמיינט, אַז ארץ־ישראל גע־פינט זיך נאָר אין סידור, אין דער מאַמעס סידור מיט עברי־טייטש...

דאָ אין דער אוראַלטער היים, אין איינער פון די ערשטע עמק־קאָ־לאָניעס, האָט ווילענסקי דערזען זיין ציל אַ סך גיכער ווי ער האָט גע־האָפט. ער האָט ליב געהאַט זיין פאַך און אַלע מאָל געהאַלטן, אַז אַן גע־זונטע שטוב־חיות און עופות זיינען קיין געזונטע מענטשן ניטאָ, קיין פלייסיקע אַרבעט, קיין גוט־פאַרזייטע פעלדער, קיין געשמאַקע עסנס פאַר קינדער, קיין וואָל...

די איינוואוינער פון די ערשטע ברעטער־הייזקעס אין „עין־חרוד“ האָבן געהאַט די זעלבע מיינונג. פריער פאַר אַלעמען האָט מען דאָ געזאָרגט פאַר די קי און הינער. פאַר זיי — צוערשט געבויט גערוימע שטאַלן און זויבערע שטייגן. אין דער צווייטער ריי זיינען געשטאַנען די קליינע מענטשן־קינדער, די מוטערס, וואָס קאָרמענען מיט דער ברוסט, און אַלטע לייט. מענטשן, אַזוי האָט דאָס געהייסן, ווי שוואַך און אומבאַהאָלפן זיי זאָלן ניט זיין, קענען זיך נאָך אַלץ אַ סך גיכער אַן עצה געבן ווי די שטומע פיר־פיסיקע און ווי עופות, וועלכע קענען ווייט ניט פליען... צולעצט האָט מען דאָ געזאָרגט פאַר די דערוואַקסענע. צוזאַמענגעשלאָגן צריפים פון ברעטער, באַשאָטנט זיי מיט בלעכערנע דעכער — אַ שטיקל כשר־פאַרדינטן מקום מנוחה פאַר זיך אַליין אויסגעבויט, נאָך אַזוי פיל מי און גויט.

די קאָמונע פון אידעאַליסטן אין „עין־חרוד“ האָט דאָס יונגע פאַרוואָלטע פאָרל אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. זיי האָבן זיך זייער גוט געטויגט איינער פאַרן אַנדערן. דער יונגערמאַן, אַזוי ווי זיין יונגע ווייבל, האָבן דאָ געהאַט גענוג וואָס צו טאָן. זי — קאָרמענען און מעלקן די קי; ער — אַכטונג געבן און היילן דעם לעבעדיקן אינווענטאַר. אמת, גרשון ווילענסקיס פריערדיקע ידיעות וועגן בהמהשע קראַנקהייטן און וועגן היגיענע פון עופות האָבן דאָ, אינעם סוב־טראָפּישן קלימאַט, זייער ווייניק גענוצט. אַנדערע בהמות זיינען דאָ געווען, די פּאַשע — אַן אַנדערע. ער האָט געמוזט פאַרגעסן זיין גאַנצע פּראַקטיק אין די רוסישע דערפער אַרום מאָהילעוו אויפן דניעפּר און אָנהויבן אַלץ פון דאָס ניי. ער האָט דאָס אָבער ביסלעכווייז געלערנט, בייגעקומען אַלע שוועריקייטן, ניט געשעמט זיך פרעגן. ניט איין מאָל צוגעפאָרן אין פּתח־תקווה און אין ראשון לציון, צו באַראַטן זיך מיט עלטערע און געניטערע קאָלעגן.

דערפאַר, אָבער, זיינען דאָ ביילקעס פּראַקטישע ידיעות געווען אויף אַן אָרט פון ערשטן מאָמענט אָן. די דאַיאָנקעס די זעלבע, די קורצינקע בענקעלעך די זעלבע. די בהמהשע אייטערס אויך די זעלבע. פּונקט אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, ביים טאַטן אין הויף. מיט איין אונטערשייד וואָס דאָ איז אַלץ געווען אַ סך זויבערער, נייער, פּראַקטישער. און אָנשטאָט איין קו, ביים טאַטן אין שטאַל — דאָ, אויף איר חלק אַרבעט, גאַנצע זעקס. די ערשטע צייט נאָר האָט דאָס שרעקלעך מיד געמאַכט. די פּלייצעס האָבן וויי־געטאָן, די פינגער זיינען געווען אָנגעשוואָלן. דערנאָך איז דאָס געגאַנגען אַ גאַנג. כמעט אַלע יידישע ווייבלעך פון דער יונגער קאָלאָניע האָבן פּונקט אַזוי פלייסיק געמאָלקן ווי זי, און פאַרנאַכט און אין דער פרי איז דאָס געווען אַן אמתער רעגן פון מילך וואָס זידט און קלינגט אין די, ווי זילבער אויסגעשייערטע, דאַיאָנקעס פון אַלומינום.

2

די קאָלאָניע „עין־חרוד" האָט זיך נאָך מיט אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר צוריק געפונען אין עמק, אויף דער רעכטער זייט פון באַרג תבור. דאָס הייסט: האַרט אונטערן באַרג גלבוע, וואו שאול מיט זיינע זין זיי־נען אומגעקומען פון די פלשתים. די הייזקעס פון דעם קליינעם יידישן ישוב זיינען דאָ געווען צעוואָרפן אַרום קוואַל עין־חרוד, וואו דער שופט גדעון האָט אַמאָל צוזאַמענגעצויגן די ערשטע יידישע טרופּן.

זיי האָבן זיך שלעכט דערגנערט, די ערשטע איינוואוינער פון עין־חרוד. געלעבט אין קאָמונע. געליטן בחברותא פון מאַלאַריע און גע־אַרבעט פון אין דער פרי ביז פאַרנאַכט.

דאָס איז געווען איינע פון די ערשטע פּיאָנערן־קאָמונעס, וואָס האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דעמאָלט קראַנקן עמק אים געזונט צו מאַכן, אים פרוכטבאַר צו מאַכן. און מיט זייערע לייבער און לעבנס אויסגעפלאַס־טערט אַ וועג פאַר אַ נייעם דור חלוצים.

ערשט שפּעטער, ווען די קאָמונע איז אויסגעוואַקסן, האָט זי, מיט טרערן אין די אויגן, פאַרלאָזן אירע אויסגעוואָרעמטע נעסטן און זיך אַריבערגעטראָגן קעגנאיבער, איבערן קוואַל עין־חרוד און איבערן שליאַך און אייזנבאַן־וועג, נעענטער צום הר־המורים. דאָרטן איז די לופט טריקע־נער, ווייטער פון קראַנקן וואַסער, וואָס פאַרשפּרייט מאַלאַריע; ווייטער פון שאָטן אונטערן הר־הגלבוע, וועלכער וואַרפט אָן אימה מיט זיינע רוי־בער, וואָס טשאַטעווען דאָרטן און שיסן אין רוקן...

מען האָט נאָך פליסיקער געאַרבעט און מען איז רייכער געוואָרן. מען האָט אָנגעהויבן בעסער צו עסן. אויף די טישן האָבן זיך באַוויזן פרישע אייער, אַ לעפל פּוטער צו די געקאַכטע פּאַסאָליעס, אַ שטיקל הון — פאַר שוואַכע. מען האָט אויסגעשריבן די אַלטיטשקע לייט, וועל־כע זיינען נאָך געבליבן אין דער אַלטער היים. די מאַמעס האָבן גענייט העמדער, די באָבעס האָבן געצירעוועט זאָקן. די טאַטעס האָבן צוגעהאָלפן אין שייער און די זיידעס האָבן געלערנט משניות אין די הילצערנע בנינים, וואָס מען האָט פאַר זיי אויסגעבויט.

ווען ביילקע איז אַהער אָנגעקומען, איז זי נאָך געווען קערפּערלעך און גייסטיק געבראָכן. זי האָט זיך נאָך אַלץ געפילט באַשמוצט און אומ־ווירדיק נאָך דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דער אַלטער היים. דאָס פרידלעכע לעבן פון דער האַלב־הייליקער קאָמונע האָט זי געשראָקן. גרשון ווילענסקיס ליבשאַפט האָט זי אויך געשראָקן. זי איז ניט געווען געוואוינט צו דער גלייכמאָסיקער וואַרעמקייט, וואָס האָט זי דאָ אַרומגע־רינגלט פון אַלע זייטן; צו אַזאַ טאָג־טעגלעכער זיכערקייט ניט געווען

געוואוינט, צו אַזאַ חברשער פריינדלעכקייט, וועלכע ברענט ווי אַ נר־תמיד.

— מיר איז צו גוט... — האָט זי זיך אַפּטמאָל געקלאָגט פאַר גרשונען, איר מאַן. אין לעבן איז קיין מאָל ניט אַזוי. אַז מיר איז צו גוט, האָב איך מורא, דער מאָרגנדיקער טאָג זאָל מיר ניט ברענגען עפּעס אַן אומגליק...

— פוסטע מעשיות! — האָט ער זי געפּרואווט באַרואיקן מיט אַ פּסוק פון קהלת. די זון פאַרגייט און קערט זיך אום אויפן זעלבן אָרט. דער ווינט דרייט זיך און דרייט זיך —

אָבער זי האָט אים איבערגעשלאָגן, שאָקלענדיק מיטן שוואַרצן קאָפּ:

— יאָ. אויב קיין כמאָרע קומט ניט אָן... איך האָב מורא.

ניט איין מאָל איז איר אומרואיקייט דערגאַנגען ביז צום העכסטן פּונקט און אירע אַלטע משוגעתן זיינען זי באַפאַלן.

— זידל מיך גוט אויס! — האָט זי זיך ביי גרשונען געבעטן. — שלאָג מיך אָן, אויב דו ווילסט!... האָב קיין מורא ניט... פאַרוואָס שלאָגסטו מיך ניט? מיט ווערטער וועסטו גאָרניט מאַכן...

כדי צו באַרואיקן זי, פלעגט ער איר געבן אַ שפּילעוודיקן פּעטשל אויפן באַק. דערפון אָבער איז זי ניט געווען צופרידן:

— שטאַרקער שלאָג! דאָס איז גאָרנישט...

האָט ער שוין אויף איר געמוזט אָנשרייען פאַר אַזעלכע ווערטער. און כמעט אַלע מאָל האָט זי זיך צעוויינט נאָך אַזאַ אָנשרייען.

3

עס האָט נאָך גענומען אַ שטיק צייט ביז זי האָט אויפגעהערט צו לעבן אין דער פאַרגאַנגענהייט. אין די בעסטע מינוטן, ווען זי איז געלעגן אין איר מאַנס אָרעמס, האָט זי זיך נאָך אַלץ ניט געקענט באַפרייען פון דער איינבילדונג, אַז דאָס איז דער געוועזענער הערשער אירער, דער ברוטאַלער פויער, וועמעס זעל עס איז אַזוי שוואַרץ ווי די ערד, וואָס זי האָט פאַרלאָזן; וועמעס האָר — אַזוי בלאָנד, ווי דער צייטיקער קאָרן אויף מאַקאַראָווקער פעלדער. אין די שענסטע מינוטן פון פאַרגעסנהייט האָט זי נאָך אַלץ געוואָרט מען זאָל איר וויי טאָן, מען זאָל זי באַליידיקן. גרשונס צאַרטקייט איז איר געווען פאַרעוו, אָן זאַלץ... ערשט שפּעטער פלעגט זי זיך כאַפּן, אַז דאָס איז ניט נאָרמאַל. פלעגט זי אויפשטיין אין דער פרי אַ מידע, אַ מרה־שחורהדיקע, פלעגט בעטן אויף זיך אַ שווערע קראַנקהייט און טראַכטן פון באַגיין זעלבסטמאָרד...

לאַנגזאַם, ווי יעדע גייסטיקע קראַנקהייט, איז דאָס אַוועק, צעגאַנגען ווי אַ נעפּל אין דער זון. די ברידערלעכע וואַרעמקייט אַרום איר האָט זיך

באַרואיקט, די וואונדערלעכע פּאַרנאַכטן אין עמק האָבן געהיילט איר קראַנקן געמיט. גלייכצייטיק איז איר געזונט אויך בעסער געוואָרן. די אָרעמס האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט קראַפט, דער איבערגעשראָקענער בליק איז געוואָרן ווייך און פריינדלעך, די הויט האָט זיך פאַרברוינט ווי אַ ציי־טיקער נוס און דאָס האָט גוט געפּאַסט צו דער בלווילעכער שוואַרצקייט פון אירע האָר און אויגן.

מיט טיפער פרייד האָט גרשון ווילענסקי צוגעזען, ווי זיין יונג ווייבל צעבליט זיך פון טאָג צו טאָג. און ער האָט ניט פאַרגעסן צו דער־מאָנען איר, ביי יעדער געלעגנהייט, אַז דאָס לעבן דאָ איז ניט דאָס זעל־בע וואָס אין דער אַלטער היים; אַז דער הייסער קלימאַט איז אַ סם פאַר די, וועלכע זיינען צו אים ניט געוואוינט און אַרבעטן איבער די כוחות; אַז מען מוז דאָ אַלע מאָל זיין אויף דער וואָך, צופיל ניט נאָכגעבן דעם דורשט און דעם גוטן אַפּעטיט אַפילו, ניט טרינקען רויע וואַסער און ניט עסן אומגעוואַשענע אויבסט.

זיין אייגענע פליסיקייט, אין די שטאַלן און אין די הינער־שטייגן, האָט געבראַכט דערצו, אַז די קי זיינען פעטער געוואָרן, דאָס מילך — רייכער, די הינער — שווערער און די אייער — גרעסער. ער האָט זיך פאַר־לייגט אויף נייע פּאַראָדעס אין דער לעבעדיקערווירטשאַפט. די קי און די עופות זאָלן האָבן דעם ווידערשטאַנד פון די סוב־טראָפּישע שטוב־חיות און די פרוכטבאַרקייט פון די אייראָפּעאישע. האָט ער געקרייצט גאַלאַגאַנע הענער מיט עגיפּטישע הינער, דעם האָלענדישן ביק מיט דער אַראַבישער בופלאָקס־קו און געוואָרט אויף גוטע רעזולטאַטן.

אַ פריילעך־אויפגערעגטער און גוט אויפגעלייגטער פלעגט ער זיך אומקערן אַהיים נאָך אַזעלכע עקספּערימענטן.

— געדענקסט, ביילינקע? — אַזוי פלעגט ער זיך ווענדן צו זיין יונג ווייבל. — געדענקסט אפשר, וואָס איך האָב דיר אַמאָל דערציילט: ניט איין ייד האָט שוין געפּרוּווט מאַכן טשאָלנט אין מיטן וואָך: האָט זיך דאָס קיין מאָל ניט איינגעגעבן. ניט דער זעלבער טעם און דער זעלבער ריח... קי־ווירטשאַפט אויף אַ פרעמדער ערד, דאָס איז אַ טשאָלנט אין מיטן וואָך. דער עיקר פעלט. דאָ איז עפּעס אַנדערש. דאָ, ביי אונדז, איז דאָס דער אמתער שבתדיקער טשאָלנט. ווייניקסטנס איך פיל דאָס אַזוי.

ביילקע פלעגט זיך צעלאַכן און פאַלן אים אויפן האַלדז. זי האָט אים אין אַזעלכע מאָמענטן באַזונדערס ליב געהאַט. אַ באַזונדער בליאַסק האָט ער געהאַט אין די אויגן און מער ווי אַלע מאָל אָפּגעגעבן זיך מיט ערד און שטאַל. דאָס האָט אין איר נאָך אַצינד געמאַכט אויפברויזן איר הייס בלוט. אירע ערשטע ליידנשאַפטן דערמאָנט איר...

— דו ווערסט שענער פון טאָג צו טאָג... — האָט זי אַנטציקט געמורמלט, קושנדיק און האַלדזנדיק אים. — דו ווערסט אַזאַ מאַן! אַן אמתער מאַן... אַזוי מונטער ביסטו, אַזוי פרישו

און גרשון האָט זייער גוט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, פון וואַנען אַזאַ פלוצלעכע פאַרליבטקייט שטאַמט.

— דיר צו פאַרדאַנקען! — האָט ער אין אַזאַ מאָמענט, שפּילעוודיק געלאַכט אין אירע אויגן אַריין. — ריכטיקער געזאָגט: דער קלאַפּ, וואָס איך האָב צוליב דיר באַקומען, האָט געטאָן וואונדער... איידער דעם זעץ אין קין, האָב איך שטענדיק געזאָרגט אַז קי און עופות זאָלן זיין געזינטער, זאָלן געבן מער מילך און לייגן מער אייער. אויף זיך אַליין פאַרגעסן. דאָס איז געווען מיין גרעסטער פעלער. דאָס האָט געבראַכט דערצו, צו וואָס עס האָט געמוזט ברענגען: צום שטאַרקערן מאַנסביל ביסטו אַוועק.

— ששש! — האָט זי אים דעם מויל פאַרמאַכט מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער זיך אַליין די אויגן פאַרדעקט.

— קורץ און גוט, — האָט ער לאַכנדיק זיך באַפרייט פון אירע אָרעמס, — דו האָסט מיט מיר געלערנט אַ וויכטיקן קאַפּיטל אין ליבע־וויסנשאַפט, אַזוי ווי איך מיט דיר אין מילך־ווירטשאַפט... אַ דאַנק!

4

אַזעלכע אינטימע סצענקעס פלעגן אַמאָל אַפּלויפן אין גוטן מוט און אַן באַהאַלטענע אייפערזוכט פון אַ מאַן, וואָס פאַרגינט קיין מאָל ניט די פאַרגאַנגענהייט זיין אייגענער פרוי, ווי ליב ער זאָל זי ניט האָבן. פאַרקערט, וואָס מער ער איז פאַרליבט, אַלץ ווייניקער גלייכגילטיק איז ער צו איר פאַרגאַנגענהייט... דאָס מיינט אָבער ניט, אַז צווישן יונגן פּאָרל איז קיין מאָל קיין אייפערזוכט ניט געווען. אָט, למשל, האָט זיך איין מאָל פאַרוויקלט אַן ענלעכע שווערע שטימונג צווישן זיי ביידן, ווען פון יעקבן, ביילקעס ברודער, איז אָנגעקומען אַ געדיכט־געשריבענער בריוו, אַדרעסירט אויף גרשונס נאָמען.

דער בריוו איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון מאַהילעוו, וואו יעקב האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן זיין פעלדשער־שול. און דערלאַנגט האָט מען דאָס גרשון ווילענסקין אין גרויסן היבער־שטייג, לעבן דעם נייעם אינקובאַטאָר *), וואו ער האָט געאַרבעט פון אין דער פרי אָן. אין בריוו איז אויספירלעך געווען געשריבן, אַז האַפּיאַס מיזיניק, ביילקעס געוועזע־נער מאַן, האָט זיך דאָס לעבן גענומען און ווי אַזוי דאָס איז געשען.

---

*) אַ מאַשין אויסצופירן פּיסקליאַטעס.

פריער האָט וואַנקע זיין אייגענער מאַמען געסטראַשעט מיט דער האַק. ווען קיינער איז אין כאַטע ניט געווען, איז ער זי באַפאַלן און באַשולדיקט זי אין אַלע צרות וואָס ער האָט אויסצושטיין. „דו, מכשפה! — מאַכט ער. — דו האָסט מיך די ערשטע געלערנט שלאָגן ווייבער! אַז מען שלאָגט זיי ניט, האָסטו געזאָגט, ליבן זיי ניט... און אָט וואָס פון מיר איז געוואָרן! איינער אַליין בין איך געבליבן אויף דער וועלט, עלנט ווי אַ שטיין. אַ טויט וועט אונדז איצטערביידן זיין!...“

האַפּיאַן האָט אָפּגעגליקט. זי איז ניט אויפגעשפּרונגען, ניט געשריען נאָך הילף, נאָר רואיק געבליבן זיצן. דאָס האָט זי געראַטעוועט פון וואַנקעס וואָפן.

— ניט מיין שולד, סינאָק! **) — מאַכט זי צו אים מיט אַ זיפצעלע. — די יידישקעס זיינען אַנדערש. יידישע ווייבער לאָזן זיך ניט שלאָגן... צום שוואַרץ־יאָר שיק זיי אַלעמען אַוועק.

— דו זאָגסט ליגן! — שרייט וואַנקע. — פעלאַהייע די סאָלדאַטקע לאָזט זיך אויך ניט... פון שטוב האָט זי מיך אַרויסגעטריבן, אויפן שוועל לאָזט זי מיך מער ניט אַרויף.

— דאָס איז אַלץ דער יידישער כישוף! — מאַכט האַפּיאַ מיט דער זעלבער מינע. — דיר פריער דאָס האַרץ צוגענומען, אַצינד פעלאַהייען אַנגערייצט...

— און דו, וואָס שווייגסטו? די אמתע מכשפה ביסטו דאָך געווען. דו! דו האָסט די ערשטע אָנגעהויבן...

— און איך וועל אויך אויסלאָזן, סינאָק! אַ פייער גרייט איך פאַר זיי.

זי האָט זיך אַזוי באַרימט, האַפּיאַ, אונטער דער מורא פון דער האַק געכראַבּרעט זיך. אָבער וואַנקע האָט ניט פאַרשטאַנען קיין חכמות.

— אַ פייער? — האָט ער ווילד אויסגעשריען. — גוט! איצטער ווייס איך! ווען דעם האָב איך אַליין געטראַכט. איך אַליין ווייס דאָס, טרעקלאַטאַיאַ דו!

ער האָט, שרייענדיק אַזוי, אַ וואָרף געטאָן די האַק צו אירע פיס און איז אַנטלאָפן פון דאָרף.

געלאָפן איז ער ווי אַ באַנומענער, גאַנצע פופצן וויאָרסט, ביז צום „אונטערבאַרג“, און זיין ווילדן כעס ניט אויסגעלאָדן... די שטוב פון ביילקעס טאַטן האָט ער געפונען פאַרלאָדנט און פאַרשלאָסן. וואָרעם דער טאַטע, משה־לייב, איז שוין לאַנג צוריק אַוועק קיין מאַהילעוו. באַלד נאָך שיינע־שרהס טויט איז ער אַוועק אָפּזיצן „שבעה“. געוואוינט דאָרטן ביי צילען, מיט אים, מיט יעקבן, זיין זון, צוזאַמען. געזוכט אַ קונה פאַר זיין אונטערבאַרגער שטוב, אָבער קיין בעלנים האָט ער ניט געפונען.

---

**) זונדל.

אַ שלעכטן נאָמען האָט זיין שטוב באַקומען נאָכדעם ווי ער איז פון איר צום צווייטן מאָל אַוועק. אַ ניט־גוטער, אַזוי האָט מען זיך געשושקעט, איז דאָרטן אַריין וואוינען, זינט די מיזינקע האָט טאָטן און מאַמען אָפּגע־טאָן די שיינע מעשה... אַ באַלעבאָס, אַז ער אַנטלויפט פון אַ שטוב צוויי מאָל, איז דאָס ניט גלאַטיק... עס האָבן זיך אַפילו געפונען עדות וואָס האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן, מיט זייערע אייגענע אויגן, געזען אַ פייערל הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס, און אַז עמיצער קריכט אַרום איבער די אַלטע דראַניצעס פון דאַך, קוויטשעט אויפן גאַניק. און גיי ווייס, צי ס׳איז אַ קאַץ, צי, שונאי־ישראל, אַ רוח...

וואַנקע איז אַנגעלאָפן ביינאַכט, ווען אַלע אונטערבאַרגער איינוואוי־נער זיינען שוין געשלאָפן. געפונען די גאַניק־טיר פאַרלאָדנט און גע־שלאָסן, האָט ער נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס חלומט זיך אים ניט. ווי אַ הונט האָט ער געוואָיעט, מען זאָל אים עפענען און אַרויסגעבן ביילקען. ז י י ן ביילקען. געטראַסקעט מיטביידע קולאַקעס אין די לאָדנס דערנאָך, און אַז עס האָט ניט געהאָלפן, האָט ער זיך מיישב גע־ווען און גאָר צעלייגט אַ פייער אויפן גאַניק...

אויפגעשראָקענע שכנים האָבן אים געכאַפּט, געבונדן די הענט אויפן רוקן, איינגעלאָשן דעם פייער און דעם אונטערצינדער באַוואַכט ביזקל אין דער פרי. ראַנעטשקע האָט מען אים געוואָלט פירן אין סטאַן. דער פריסטאַוו זאָל מיט אים מאַכן אַ טאַלק. נאָר ביי דער גרויסער מיל, אויף דעם בריקל, האָט ער זיך אַ ריס געגעבן פון די יידישע גבורים און, געבונדן מיט די הענט אויפן רוקן ווי ער איז געווען, אַריינגעוואָרפן זיך קאַפּ־אַראָפּ אין דער קאָכעדיקער הרעבליע אַריין...

דעם געשוואָלענעם גוף זיינעם האָט מען ערשט דריי טעג שפּעטער אַרויסגעפישט לעבן „קופּיאַל". מיט דעם דניעפּר־שטראָם אַראָפּ איז ער דריי טעג געשוואומען אַ דערטרונקענער. אין דער מאָהילעווער צייטונג איז וועגן דעם געווען געשריבן. פון דאַנען האָט זיך דאָס צילעס מאָן דערוואוסט, ביי זיך אין קאָנטאָר *) און דערנאָך אַלעמען דערציילט אין דער היים.

צום סוף בריוו בעט יעקב מען זאָל זיין פאַרזיכטיק מיט ביילקען, זיין שוועסטער. מען זאָל דאָס איר ניט אָנזאָגן מיטאָמאָל.

---

*) אָפּיס.

## 5

אויף גרשון ווילענסקין האָט דער בריוו געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. און ווי אַן ערלעכער מאַן, געגומען גריבלען אין קאָנטראָלירן זיך אַליין: צי האָט ער נקמה אין וואַנקעס ביטערן טויט, צי ניט?...

געקומען אַהיים צו מיטאָג, איז ער געווען פאַרטראַכט, ניט געזען וואָס ער עסט, וואָס ער טרינקט. ביילקע האָט דאָס גלייך באַמערקט, גע־נומען שרעקן זיך.

— עפּעס פון דער היים? — האָט זי אים גענומען אויספרעגן. — דער טאַטע, חס־ושלום, איז ניט אינגאַנצן?...

גרשון האָט מער ניט געקענט באַהאַלטן דאָס וואָס ער ווייסט און גענומען שטאַמלען:

— ניין. דער טאַטע דיינער איז גאַנץ. אַלע זיינען גאַנץ. נאָר אָט, דער וועלכער האָט דיר אַזוי שיין באַהאַנדלט...

און ער האָט איר איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון בריוו, שווינענדיק זי ווי נאָר מעגלעך.

אָבער דער איינדרוק איז פאַרט געווען שטאַרק. אַ סך שטאַרקער, ווי ער האָט גערעכנט. זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געוויין. ביים טיש אַפילו ניט געבליבן זיצן, נאָר אַנטלאָפן צו זיך אין שלאָף־צימערל, באַגראָבן דעם פּנים אין בעט און געיאָמערט מיט אַ כליפּען און מיט אַ פאַרגיין זיך, ווי אין די ביטערסטע מאָמענטן, וועלכע ער, ווילענסקי, האָט מיט איר דורכגעמאַכט.

דאָס האָט אים פאַרדראָסן. און ער האָט אַפילו קיין פאַרזוך ניט גע־מאַכט צו באַרואיקן זי. „באַכדעם וואָס איז געשען — אַזאַ געוויין? דאַכט זיך, נאָך דער מאַמען אירער האָט זי אַזוי ניט געקלאָגט"...

ער האָט געוואָלט אַוועקגיין צו זיין אַרבעט אָן „אַ גוטן טאָג". אָבער ביילקע איז פּלוצלונג אַרויסגעלאָפן און אים נאָכגעשריען: „גרשון, גרשון! דעם בריוו לאָז מיר איבער! האָב קיין מורא ניט! איך וויל אַלץ איבער־לייענען"... ניט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער איר דערלאַנגט יעקבס בריוו און איז אַוועק.

פאַרנאַכט, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זי געפונען באַ־שעפטיקט מיט מאַכן אָונט־ברויט, אַזוי ווי אַלע מאָל. נאָר די אויגן אירע זיינען נאָך געווען גוט רויט, די לעפּלעך — געשוואָלן פון טרערן. ער האָט ניט געמאַכט קיין שום פאַרזוך צו ריידן מיט איר, און זי — צו פאַר־ענטפערן זיך. שטום, ווי אבלים, האָט מען אָפּגעגעסן וועטשערע. און איינער אַליין איז ער דערנאָך אַרויס צו כאַפּן אַ שפּאַציר אויפן שליאַך פון עמק. אַ ניט־גוטער געפיל האָט אים געדריקט אין האַרצן, אַ נאָגנדיקער

פאַרדראָס. „בין איך ניט אייפערזיכטיק?“ האָט ער זיך אַליין געשטעלט די פראַגע. „ניין, ניט אייפערזיכטיק. ווי קען מען זיין אייפערזיכטיק אויף אַ טויטן? אַפילו ווען ע ר האָט געלעבט, בין איך דאָס ניט געווען“... און פונדעסטוועגן איז פאַרט געווען פאַרדראָסיק. אַ ניט־גוטע שווערקייט האָט געדריקט אין האַרצן.

ווען ער האָט זיך אויסגעטאָן און געלייגט זיך אין בעט, איז צו אים ביילקע, זיין ווייב, געקומען אין העמד, געזעצט זיך אויפן ראַנד פון זיין געלעגער און גערעדט צו אים אין דער פינצטער אַזוי:

— זיי אויף מיר ניט ברוגז, גרשון. איך בין דאָך ניט מער ווי אַ פרוי.

— מ... יאָ, — האָט ער קורץ אָפּגעמעקעט.

— ווייסט, גרשון, וועגן וואָס איך האָב אָקערשט געטראַכט? איך האָב געטראַכט, אַז אויף דער וועלט זיינען דאָ נאָר מ ע נ ע ר און ו ו י י ב ע ר. דאָס איבעריקע איז אַלץ פוסטע מעשיות.

— וואָס, אַ שטייגער, ווילסטו דערמיט זאָגן? — האָט ער הייזעריק־לעך אַ פרעג געגעבן.

— איך וויל זאָגן, אַז דאָס געפיל איז שטאַרקער פאַר אַלע געשריבענע ביכער, פאַר אַלע קידושין־פינגערלעך, פאַר אַלע געזעצן...

— מיט אַנדערע ווערטער, — מאַכט גרשון מיט שטעכיקער איראָ־ניע, כאָטש פילן פילט ער, אַז איר טוט אַזוי אויך ווי, — מיט אַנדערע ווערטער, מיין טייער ווייב, ע ר ליגט דיר נאָך אין בלוט. טיף אין בלוט ליגט ער דיר. דאָס איז אַלץ. דאָס איבעריקע איז קידושין־פינגערלעך, געזעצן, געשריבענע ביכער...

— געוויס! — האָט זי זיך אַ האַר ניט דערשראָקן פאַר זיין טיפזי־ניקער באַמערקונג, — איך בין דאָך געווען זיינע. און ווי געווען!... עס איז גאַנץ נאַטירלעך.

גרשון איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן ליגן. ער איז נתפּעל געוואָרן פון ביילקעס מוט, פון איר זעלטענער אויפריכטיקייט, און געפילט, אַז ער, מיט זיין פאַרשפּעטיקטער אייפערזוכט, איז אי נאַריש, אי קליינלעך אַקעגן איר. נאָר מער האָט ער זיך שוין ניט געקענט צוריקהאַלטן. ער איז אַפילו גראָבלעך געוואָרן אין זיין ענטפער:

— קיין בעסערן מליץ־יושר ווי דו וועט ער שוין אויף ד ע ר וועלט ניט געפינען... הלוואי אויף י ע נ ע ר וועלט!

— ווען ער האָט געלעבט, האָב איך ערגערע זאַכן געטאָן צוליב אים. געלאָזן זיך טרעטן פון זיינע לאַפּטיעס. געבוירן אים אַ קינד...

— יאָ, יאָ, געוויס... גיי אַצינד לייג זיך שלאָפן! גיי, ביילינקע!

— ניין, גרשון — האָט זי זיך גענומען טוליען צו אים, — טרייב

מיך ניט אָוועק! איצטער, נאָר איצטער איז מיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט אָוועק ווי אַ רויך. דערטרונקען אין רוסישן דניעפּר מיט אים צוזאַמען. איצטער ערשט ווייס איך ווי ליב איך האָב דיך. וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר. קיין שאָטן שטייט מער ניט צווישן אונדז. ווי אַזוי פאַרשטייסטו דאָס ניט?

זיי האָבן שלום געמאַכט, און ווי יעדער שלום צווישן מאַן און ווייב, נאָך אַ ברוגז, איז עס נאָך שטאַרקער געווען, נאָך זיסער, ווי די פריערדיקע ליבשאַפט.

## 6

פונדעסטוועגן, אין אַ צען חדשים אַרום, ווען ביילקע האָט אים מיט מזל געשענקט אַ זון, און דאָס זונעלע איז געווען בלוי־אויגיק און בלאָנד, ווי ציייטיקער קאָרן, איז ער, גרשון, עפּעס ווידער געוואָרן פאַרדראָסיק, כדי ניט צו זאָגן: אייפערזיכטיק. אויף ביילקעס אינערלעכער וועלט אייפערזיכטיק און אויף איר פאַרשטעלונג...

אַז דאָס איז  ז י י ן  אייגענער זון האָט ער ניט געקענט צווייפלען. נאָר אַז די בלאָנדקייט זיינע קומט דערפון, וואָס די מאַמע האָט נאָך שטענדיק אין זין אַן אַנדער געשטאַלט, אין דעם האָט ער אויך ניט געצווייפלט. „דער מאַקאַראָווקער גוי ליגט איר נאָך אין בלוט!” האָט ער מיט ביטערניש געטראַכט, און אַ ווידערווילן, געמישט מיט רחמנות, געפילט דערביי צו דער קימפּעטאָרין, אַזוי ווי צום ניי־געבוירענעם.

ערשט שפּעטער אַ ביסל, ווען דער קליינער  ג ד ע ו ן,  ווי מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן אין עין־חרוד, איז איבערגעגאַנגען אינעם רשות פון דער קאָמונע, אַזוי ווי אַלע אַנדערע זויג־קינדער, כדי די מוטער זאָל זיין פריי פאַר איר טאָג־טעגלעכער אַרבעט, ערשט דעמאָלט האָט זיך גרשון גענומען באַרואיקן, און זיינע לעצטע פאַרדאַכטן זיינען אָוועק. און אָוועק זיינען זיי דערפאַר, ווייל ער האָט אין אַנשטאַלט געזען נאָך אַנדערע קאָרן־בלאָנדע זויג־קינדער, כאָטש זיי שטאַמען פון יידיש־ברוינע עלטערן, אַזוי ווי זיין אייגענער בחורעץ.

ווי געלינקע פּיסקליאַטעס אין מענטשן־שטייגן, געמאַכט פון דינדראָטענע נעצן, אַזוי זיינען די קינדערלעך געלעגן אויף דער פרייער לופט, אין האַלב־שאָטן, וועלכער איז אין ארץ־ישראל ליכטיקער ווי די רוסישע זון. וואונדערלעכע צוויי־פּיסיקע פּיסקליאַטעס, רואיקע און געדולדיקע, וואָס הויבן נייגעריק אויף די קעפּלעך ווען מען גייט אַדורך... ניט צוליב שיינקייט־וועגן, אויף אַ קינדער־אויסשטעלונג, זיינען דאָ אַזעלכע שטייגן איינגעפירט געוואָרן, נאָר איינפאַך, כדי צו פאַרהיטן די קינדער פון פליגן און פון אַלע געפערלעכע קראַנקהייטן, וואָס די זומער־פליגן ברענ־

גען מיט. און ווען איז אין עמק ניט קיין זומער? דאָ ווערן די קינדער געפּילנעוועט אַ גאַנצן טאָג פון יונגע שוועסטערס אָנגעטאָן אין בלאַנקווייסע קליידער. די מוטערס קומען נאָר צו געבן זיי די ברוסט אין געווויסע שטונדן. און פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, נעמען זיי זיי מיט אַהיים.

— ווי קומט דאָס? הם... — אַזוי האָט גרשון ווילענסקי זייער פאַרזיכטיק אויסגעפרעגט די יונגע שוועסטער, — ווי קומט דאָס, אייגנטלעך, וואָס די קינדער, וועלכע שטאַמען פון יידישע עלטערן, זיינען דאָ אַזוי גוייש־בלאָנד?...

— מען רעכנט, — איז געווען דער ענטפער, — עס נעמט זיך דערפון, וואָס די עלטערן פון די קינדער ערנערן זיך הויפּטזעכלעך מיט גרינסן און מיט אַ סך געקאָכטע געוויקסן. שפּעטער אָבער ווערן די קינדער טונקל. די האָר און אויגן בייטן זיך ביי זיי.

— עס הייסט... זיי האָבן נאָך גענוג צייט פאַרשוואַרצט צו ווערן שפּעטער, — אַזוי האָט די עלטערע שוועסטער צוגעשאָקלט מיטן געניטן קאָפּ, — דערווייל מעגן זיי זיין בלאָנד. נישקשה.

נאָך אַזאַ לעקציע האָט זיך גרשון ווילענסקי דערפילט דערנידעריקט און אויסגעלאַכט אין זיינע פאַרדאַכטן. פריער ווי אַלע מאָל איז ער היינט געלאָפן אַהיים, אַרומגענומען זיין יונג ווייב, געקושט איר די הענט, פאַרזיכערט איר, אַז זי איז בעסער ווי ער, אַ סך בעסער. און פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי צעוואַרעמט האָט זי ביי אים בשום אופן ניט געקענט אַרויסבאַקומען.

אָפּנים, כדי די שמחה אין ברעטער־שטיבל זאָל זיין באַטעמטער, האָט גאָט פון ישראל געהאָלפן און עס איז, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אָנגעקומען אַ בריוו פון מאָהילעוו. דאָס מאָל האָט דעם בריוו געשריבן ניט נתן, דער שוואָגער, און ניט יעקב, דער ברודער, נאָר משה־לייב אַליין, מיט זיין אייגענער האַנט און מיט זיין אייגענעם כבוד. ביילקע האָט זיך אַמאָל אין אַ נאָווינע צעוויינט, דערזעענדיק דעם טאַטנס האַנטשריפט. וואָרעם ס'איז געווען דער ערשטער בריוו זיינער, זינט די מאַמע איז געשטאָרבן און זינט דאָס יונגע פּאָר איז אַנטלאָפן פון דער אַלטער היים. ביז איצטער האָט משה־לייב געשיקט נאָר לעבלעכע גרוסן. אַמאָל דורך צילען, זיין טאָכטער, אַמאָל דורך זיין איידעם. אַליין קיין מאָל אַ וואָרט ניט צוגעשריבן. און אָט, דער אַלטער אייז האָט זיך אויך אַ ריר געטאָן, דער אַלט־געבאַקענער עקשן איז ווייך־געוואָרן.

דער בריוו מיטן דראָבנעם און שטעכיקן כתב, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ ברייטן מזל־טוב, צום געבורט פון זיין נייעם אייניקל; און פאַרענדיקט האָט ער זיך מיט אַ בשורה, אַז ער, משה־לייב, דער גליקלעכער זיידע, האָט שוין, געלויבט דער אויבערשטער, געפונען אַ קונה פאַר

זײַן אונטערבאַרגער שטוב, וועלכע האָט געקראָגן אַ שלעכטן נאָמען... אַ צענערל אַרויף, אַ צענערל אַרונטער, אַבי אַראָפּ פון מאַרק מיט אַלע בעבעכעס, פערד־און־וואָגן און באַבסקע מעבל־שטיקער. צונויפגענומען האָט זיך אַ נישקשהדיקע מטבעלע. אַצינד קלערט ער, משה־לייב, צו פאָלגן דאָס, וואָס גרשון ווילענסקי האָט אים אַמאָל, אין די שלעכטע מאָהילעווער צייטן, אַן עצה־געגעבן: צו פאָרן און באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל... ווי קלערט ער, גרשון, אַצינד ווען ער איז געוואָרן זיין איידעם? אַז ביילקע, זיין טאָכטער, איז מסכים — אין דעם איז ביי אים, משה־לייבן, קיין ספק ניטאָ.

די דאָזיקע ידיעה האָט געבראַכט צו אַ פריילעכן טומל אין דער קליינער פאַמיליע. אויסטערליש אַ ביסל האָט זיך געלייענט דאָס, וואָס איז ווייטער געווען צוגעשריבן, שוין נאָך דעם טאַטנס אונטערשריפט, אינעם אייביקן „עיקר שכחתי“—דעם עיקר האָב איך פאַרגעסן.—דאָרטן איז שוואַרץ אויף ווייס געווען געשריבן, אַז בשעת פאַרקויפן די שטוב און אונטערשרייבן דעם קויפערס אַקטן, האָט ער, משה־לייב, געמוזט אַראָפּ־קומען פון מאָהילעוו און זיך אויפהאַלטן, אַ פּאָר טעג, ביי אַן אונטער־באַרגער שכן. איז אָט, דעם צווייטן טאָג, גייענדיק גאַנץ פרי צום ערשטן מנין, באַגעגנט ער דאָס באַשעפעניש, וואָס האָט זיך אַ פּאָר יאָר אויפגע־האַלטן ביי שיינע־שרהן, עליה־השלום, אין קאָך־שטוב. ריקעלען האָט ער באַגעגנט... ער האָט זי דערקענט און געפּרואווט אַ מאַניע־טאָן צו זיך. אָבער יענע האָט אים געמאַכט אַ ווילדן קבלת־פּנים: אויסגעבויגן דעם רוקן, אָנגעשטעלט די נעגל און צעכעסט זיך, מיט אַ שיפּען און מיט אַ כאָרכלען. דערנאָך איז זי אין גאַנצן אַנטלאָפן.

„זי איז אפשר גערעכט“, איז אין „עיקר־שכחתי“ ווייטער געווען געשריבן, „את חטאי אַני מזכיר *)... איך האָב זי אַמאָל שלעכט באַהאַנדלט. געזען אין איר אַ שטיק פון האַפּיאַס בייזן ווילן... אַצינד האָב איך באמת רחמנות־געקראָגן אויף שיינע־שרהס האָדולקע. נאָר זי האָט שוין פון מיר מער ניט געוואָלט וויסן... פאַרפאַלן! הלוואי זאָל נאָר ביילקע, מיין טאָכטער, אויף מיר קיין האַרץ ניט טראָגן“...

רירנדיק איז דאָס געווען, אָבער אויך מאָדנע — וואָס דעם אַלטן עקשן ליגן אין קאָפּ אַזעלכע זאַכן. און דאָס וואָס ער האָט זיך אויף דעם אַזוי אויספירלעך אָפּגעשטעלט און געצויגן אַ פאַרגלייך צווישן קאַץ און טאָכטער — איז געווען נאָך אויסטערלישער. דאָס האָט געבראַכט צו אַ לייכטן ציען מיט די פּלייצעס אינעם ברעטער־צריף פון דער קליינער, פריילעך־צעטומלטער פאַמיליע. ניט ביילקע און ניט גרשון, איר מאַן,

*) מיינע זינד דערמאָן איך אַליין.

האָבן אַזוי גוט ווי קיין פאַרדאַכט ניט געהאַט, אַז דאָס איז נאָר אַ לעצטער שמיר מיטן פּענדזל אויף אַ פאַרענדיקט בילד. אַ לעצטער פּינטל, וואָס שליסט־אָפּ אַ קרייז...

אַ מין סימבאָל איז דאָך ריקעלע געווען אין משה־לייבס הויז, זינט די מיזינקע האָט אים פאַרלאָזן און אַוועקגעפאָרן צו דער שוועסטער. אַ סימבאָל איז זי געווען אויך אַצינד, וועןביילקע איז אַוועק פון דער אַלטער היים אין אַ לאַנד פון דעם טאַטנס סידור, פון דער מאַמעס טייטש־חומש...

ריקעלע האָט פאַרלאָזן דאָס הויז פון אירע יידישע באַלעבאַטים, און ביילקע — דאָס הויז פון אירע גוייִשע הערשער. און ביידע, להבדיל, האָבן דאָס געטאָן דעמאָלט, ווען זיי האָבן פאַרלאָרן דאָס, וואָס האָט זיי צוזאַמענגעבונדן מיטן פריערדיקן לעבן: ביילקע — ווען זי האָט פאַרלאָרן איר גוייִש קינד; און ריקעלע — איר „גרויקען".

די ראָד פון ביילקעס מזל, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטוב־חיה, האָט זיך נאָר אומגעקערט צו איר אויסגאַנג־פּונקט און, אַנשטאָט אַ צעטעלע פון וואָר־זאַגעריי, אַראָפּגעוואָרפן משה־לייבס בריוו מיט אַן „עיקר־שכחתי" וועגן ריקעלען. און אַלץ איז פאַרפּולקאָמט און פאַרקיילעכ־דיקט געוואָרן.

די לייכטע פאַרלעגנהייט אין דער קליינער עמק־פאַמיליע האָט אָבער אַ האָר ניט געשטערט, אַז דער תשובה־בריוו, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צום אַלטן טאַטן, זאָל זיין רירנדיק און וואַרעם. מען האָט דעם אַלטן געדאַנקט דערפאַר, וואָס ער האָט מוחל געווען און פאַרגעסן אַלץ וואָס איז אַמאָל געשען... און אַ פריילעכער רוף האָט אויפגעשאַלט פון די וויי־טערע שורות, ווי אין כרשעס צייטן:

— טאַטע, ווי קענסטו אַפילו טראַכטן, אַז מיין גרשון קען דיר אַצינד געבן אַן אַנדער עצה ווי אַמאָל. וואָס ווילסטו דאָרטן זיצן אין דער פרעמד אין קאַלטן לאַנד? פּאַק דיינע פּעקלעך און קום גלייך צופאָרן צו אונדז! אויף דיר וואַרט דאָ אַ נייע, וואַרעמע זון, אַ נייער משניות צו לערנען אַלע אין דער פרי, ווי דו האָסט ליב געהאַט. און עס וואַרט אויף דיר אַ נייער אייניקל, אויף וועלכן דו האָסט זיך ניט גערעכנט, זיך צו שפּילן מיט אים.

ע נ ד.

# אינהאַלט: